# אינהאַלט

קאַפּיטל איינס

# די ארץ־ישראל־עקסקורסיע

די לעצטע יאָרן האָבן די ענגלישע שיף־געזעלשאַפטן אָנגעהויבן אײַנ־ריכטן פרילינג־עקסקורסיעס פון ניו־יאָרק צו די ברעגן פונעם מיטל־ים, וואָס ציען זיך ביי די זע־ווירדיקע האַפן־שטעט פון דריי וועלט־טיילן. אויף דער אָפיציעלער געשעפט־שפּראַך האָט דאָס געהייסן, אַז עס ווערט גע־געבן דעם פאַרמעגלעכן אַמעריקאַנער עולם די געלעגנהייט צו מאַכן אין די קאַלטע חדשים פון סוף ווינטער און אָנהייב פרילינג פאַרגעניגן־רייזעס צו די וואַרעמע מזרח־לענדער, אײַנגעשלאָסן אויך „דאָס הייליקע לאַנד״ — פאַלעסטינע. אין גרונט אָבער האָט מען דערמיט געהאַט אין זינען מער פון אַלץ טאַקע דאָס קליינע הייליקע לאַנד, ווייל די הויפּט־פּאַסאַזשירן אויף די דאָזיקע שיפן זענען געווען די אַמעריקאַנער יידן, פאַר וועמען ארץ־ישראל האָט וואָס ווייטער באַקומען אַלץ מער אינטערעס; זיי האָבן אָנגעפילט דעם גרעסטן טייל קאַבינעס פון די אונטערשטע קלאַסן, און ביי זיי אַליין האָבן די פאַרגעניגן־רייזעס איבערן מיטל־ים ניט געהאַט קיין אַנדער נאָמען, נאָר „ארץ־ישראל־עקסקורסיעס״.

נאָך איין ווינטער האָבן די שיף־געזעלשאַפטן אויסגעלאָזט די דאָזיקע עקסקורסיעס — דאָס איז געווען דער ווינטער נאָכן פּאָגראָם, וואָס די אַראַבער האָבן געמאַכט אויף יידן אין ארץ־ישראל, נאָכן ווילדן איבערפאַל אויף די אַלטע אומבאַשיצטע יידישע ישובים אין חברון, צפת און ירושלים. די באַריכטן פון דעם אומגליק, וואָס האָבן דערציילט אין אַ שטאַרק־איבערגעטריבענער מאָס וועגן אַ פולשטענדיקן חורבן פון די יידישע האָ־פענונגען אין דעם ערשט־אויפגעשפּראָצטן „נאַציאָנאַלן היימלאַנד״, האָבן אַרויסגערופן ביי די אַמעריקאַנער יידן, ווי ביי די יידן פון דער גאַנצער וועלט, אי ביטערע פאַרצווייפלונג, אי שאַרפן צאָרן קעגן גרויס־בריטאַניע, וואָס האָט דערלאָזט אונטער איר הערשאַפט אַזאַ נידערטרעכטיקייט, און דערמיט פאַרשוועכט איר פאַרפליכטונג צו שיצן און שיצן דאָס קליינע אָרעמע יידישע „היימלאַנד״. דער צאָרן איז געוואַקסן נאָך מער, ווען דער

בריטישער דזשענטלמאַן, אַנשטאָט איבערצובעטן דעם פּאַרווייטאָגטן יידישן יִשוב אין ארץ־ישראל און באַהאַנדלען אים אין אַזאַ פאַל מיט דער געהעריקער מענטשלעכקייט, האָט, דורך כלומרשטע אויספאָרשונג־קאָמיסיעס און דורך בייזע גזירות, אויסגעשפּאָט די לעצטע האָפענונג פון אַן אַלטן פאָלק. ביי אַזאַ צושטאַנד האָבן די ענגלישע שיף־געזעלשאַפטן ניט געהאַט דעם מוט פאַרצולייגן די אַמעריקאַנער יידן עקסקורסיעס צום באַליידיקטן יידישן „היימלאַנד", בפרט אַז דאָס פּראַקטישע אַמעריקאַנער יידנטום האָט שיר אַליין ניט אויפגעגעבן דאָס גלויבן אין דעם גאַנצן ענין און אָנגעהויבן קוקן אויף דעם, ווי אויף אַ שיינער דורכגעפאַלענער פאַנטאַזיע.

גאַנץ אַנדערש האָט זיך צו דער לאַגע באַצויגן דער קליינער יידישער יִשוב אין ארץ־ישראל. דאָרט האָט מען מיט פאַרביסענע הערצער אָראָפּגעשלונגען די ביטערע עוולה און געגעבן צו וויסן דער וועלט, אַז מע גייט־אָן מיט דער אַרבעט ווייטער. און ניט נאָר מע האָט גערעדט — מע האָט אויך געטאָן. אין מיטן די ווילדע העצערייען און בייזוויליקע באַגרענעצונגען פון אינוויייניק און פון דרויסן האָט מען מיט פאַרטאָפּלטער ענערגיע, וואָס איר קוואַל איז דאָס אַלטע יידישע עקשנות פאַר גערעכטיקייט, גענומען צוריק אויפשטעלן די צעשטערטע נעסטן און פאָרזעצן די אָנגעהויבענע אַרבעט — צו פאַרוואַנדלען אַ מדבר אין אַ מענטשלעכן יִשוב. וואָס ווייטער איז פון דאָרט דערגאַנגען אַלץ פריילעכערע ידיעות, אַז דער יִדישער יִשוב האָט אינגאַנצן אָפּגעשאָקלט פון זיך די מרה שחורה און האָט זיך ווידער אָנגעצונדן מיט אַ נייעם ברען צו בויען זיך און צו וואַקסן: תל־אָביב בויט זיך, ירושלים ווערט גרעסער און שענער, חיפה גרייט זיך צו אַ גרויסער צוקונפט. עס צעבליען זיך אויך די אַלטע און נייע דערפער; די יידישע „פּרדסים", די אָרגאַניזאַציע־פּלאַנטאַציעס, צעוואַקסן זיך אַלץ אויף גרעסערע שטרעקעס לאַנד, די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אַנטוויקלען זיך מער און מער, און עס הייבט שוין אָן צו שמעקן מיט פּרנסה און וווילזיין אין דעם אָרעמען יידישן היימלאַנד. און אַ שטילער, נאָר אַ זיכערער רוף האָט זיך גענומען טראָגן פון ארץ־ישראל צום גלות: ווער עס קאָן נאָר קומען — זאָל קומען און צולייגן אַ האַנט. די געשיכטע האָט געקלונגען כמעט ווי אומגלייבלעך; עס זענען אָבער געקומען באַגלייבטע מענטשן פון דאָרטן, אייגענע און פרעמדע, און האָבן עדות געזאָגט, אַז ס'איז אמת: דווקא נאָכן פּאָגראָם האָט ארץ־ישראל אָפּ־

געלעבט! אין אַמעריקע האָט מען דאָס אויפגענומען מיט באַזונדערע גע־פילן: די אַמעריקאַנער יידן, וואָס זענען לייכט אויף צו בייטן זייערע שטימונגען און האָבן דערביי אַ היפּש ביסל געגאַשט פון דעם יונגן ספּאָר־טישן גייסט פון זייער נייעם לאַנד — זיי איז באַזונדער געפעלן געוואָרן דער פּיאָנערן־מוט פון זייערע ברידער אינעם אַלטן לאַנד, און גאָר גיך האָט ביי זיי אויפגעלעבט פונדאַסניי די אמונה אין ארץ־ישראל, אַז עפּעס וועט דערפון פאָרט אַרויסקומען. דערצו איז דאָס אויסגעפאַלן אין דער צייט, ווען אין אַמעריקע גופא האָט זיך אָנגעהויבן אַן עקאָנאָמישער קריי־זיס, וואָל־סטריט האָט דורכגעמאַכט אַ גרויסן קראַך, בענק האָבן געפּלאַצט, „ריעל־עסטעיט״ איז טיף געפאַלן, רייכע לייט זענען איבער איין נאַכט אָרעם געוואָרן, — האָט דאָס משיחישע ליכט פונעם קליינעם ארץ־ישראל דאָ באַקומען אַ גאַנץ פּראַקטישן שיין.

די ענגלישע שיף־געזעלשאַפטן האָבן דאָס, דורך זייערע פיפיקע יידישע אַגענטן, גלייך דערשמעקט, און צום צווייטן פרילינג נאָכן פּאָגראָם האָבן זיי באַנייט די עקסקורסיעס „צו די מיטל־ים־ברעגן און צום הייליקן לאַנד״ מיט מער פרישקייט. איין שיף האָט זיך געפעדערט און געגעבן צו וויסן דעם עולם, אַז זי וועט זיין די ערשטע אין דער ריי — זי וועט אָפּ־שווימען פון ניו־יאָרק אַזש אין אָנהייב יאַנואַר. און אין פאַרלויף פון איין חודש איז איר טוריסטן־קלאַס אָנגעפילט געוואָרן מיט יידישע פּאַסאַזשירן פון אַלע עקן לאַנד.

דאָס איז געווען אַ טשיקאַווער געמיש פון פּאַרשוינען, אַ מין ערב־רב פון אַלערליי אַמעריקאַנער און קאַנאַדער יידן, וואָס נאָר איין גאָט ווייסט, ווי אַזוי, דורך וועלכע וועגן, זיי זענען זיך דאָ צוזאַמענגעקומען צו איין ציל. מע האָט דאָ געקאָנט טרעפן פון דעם אַלטן אידעאַליסטישן ציוניסט, וואָס דאָס באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל איז פאַר אים געווען דער לעצטער סך־הכל פון זיינע שטרעבונגען און ווונטשן אין לעבן, ביז דעם געוויינ־לעכן אויפגעקומענעם יידישן באַלעבאָס פון אַ גאַנץ יאָר, ביי וועמען די ציוניסטן האָבן אין די גוטע יאָרן געריסן „דאָניישאָנס״ (נדבות) פאַרן „יידישן היימלאַנד״, און אַצינד, אַז ער איז געווען געצווונגען אַרויסציען זיין געלט פון די אומזיכערע בענק און ס'איז אים באַפאַלן אַ פּחד פאַר די טאָג־טעגלעכע „האָלד־אַפּס״, — האָט ער זיין פאַרמעגן געפּירט פאַר־שטעקן ערגעץ אויף אַ גוטן אָרט אין יענעם באַרימטן „היימלאַנד״, וווּ ער האָט אויך אַ שטיקל חלק. מע האָט דאָ באַגעגנט סיי דעם ערלעכן

פאַרוואָרפענעם פראָווינציעלן יידן, וואָס לעכצט נאָך אַ ביסל יידישקייט, ווען די רייזנדע ציוניסטישע פראָפּאַגאַנדיסטן האָבן אַזוי לאַנג געוואַרעמט מיט זייערע דרשות, ביז זיי האָבן אים ענדלעך דערוואָרעמט, סיי דעם לייכטזיניקן לופט־מענטש, וואָס האָט שוין איבערגעפּרוווט אין אַמעריקע אַלערליי לייכטע פרנסות, און איצט, אַז דער קריזיס האָט פאַר אים פאַרשטעלט אַלע וועגן, האָט ער זיך מיישב געווען — אפשר איז אָט דאָס ארץ־ישראל אַן ערטל אויף פאַר אַזעלכע, ווי ער? עס האָבן זיך דאָ אומגעדרייט באַרדיקע אָרטאָדאָקסישע יידן אין יאַרמלקעס און אין שוואַרצע שבתדיקע סורדוטן, און געגאָלטע יידן אין רייזע־היטלעך און אין קורצע הויזן מיט וואָלענע זאָקן. מע האָט דאָ געקאָנט זען אַפילו אַ גרופּע חלוצים — די ערשטע אמתע אַמעריקאַנער חלוצים, דווקא פון אַ ווייטער פּראָווינץ־שטאָט, אַלע האָפערדיקע און גלייביקע „צעירי־ציון”, צווישן זיי אויך עטלעכע יונגעטשקע קליינגעוויקסיקע מיידלעך, ערשט פון האַי־סקול און פון דער מאַמעס פאַרטוך, וואָס האָבן אין דער ערשטער נאַכט זיך פאַרקליבן אויפן סאַמע שפּיץ שיף, געטאַנצט אַ „האָראַ” און געזונגען צו דער פולער לבנה „וטהר לבנו”.

די שיף איז גראָד געווען אַ שפּאָגל־נייע, אַ ליכטיקע, אַ מאָדערן־געבויטע „מאַסאַר־וועססעל”, וואָס האָט געבלאַנקט אין אַלע ווינקלען מיט פרישער ווייסקייט און זויבערקייט, געשטאַנען גרייט און גאַסטפריינדלעך פאַר די אַריינשטראָמענדיקע פּאַסאַזשירן מיט נייע, ליכטיקע, קאָמפאָרטאַבעלע קאַבינעס און זאַלן, אַזוי אַז דאָס האָט געווירקט אויפן יידישן עולם ווי באַרוישנד. אַ סך פון זיי האָבן נאָך געדענקט דעם טעם פון זייער ערשטער נסיעה אויפן ים, ווען זיי זענען געווען דעק־פּאַסאַזשירן אויף די אַלטע עמיגראַנטן־שיפן פון אייראָפּע קיין אַמעריקע, — האָט מען זיך דאָ דערפילט גאָר געהויבן, באַטראַכט איינס דאָס אַנדערע ווי צונויפגעפאָרענע מחותנים אויף אַ פריילעכער חתונה, וואָס כאָטש מען איז נאָך צווישן זיך ניט באַקאַנט, איז אָבער די חתונה אַלעמענס שמחה, וואָס וועט צום סוף זיי פאַרבינדן אין איין קרובישן בונד. דערווייל איז מען אַרומגעלאָפן פאַרשמייעטע, ווי אין אַ פריילעכן עולם־התוהו, ניט געקאָנט איינזיצן אויף איין אָרט, זיך געשטופּט אין די קאָרידאָרן, אין די טירן פון די זאַלן, אין די אַרויסגאַנגען צו די דעקן, פאַרשטופּט אַן אַ זייט דאָס ביסל פאַרווירטע, צעטומלטע ניט־יידישע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן געשיינט צו זיין ניט פון דעם עכט־אַמעריקאַנישן, אָדער אַמעריקאַניזירטן עלעמענט;

דאָס זענען געווען, צום מיינסטן, איטאַליענער, גריכן און סירישע אַראַ־
בער, וואָס זענען געלאָפן צוריק אין זייערע היימלענדער פון דעם אַמעריי־
קאַנער קריזיס. די שיף־דינערשאַפט, אַ יונגע, אַ טשיקאַווע און אַ העפ־
לעכע, ווייזט אויס אַ ניי־געקליבענע, וואָס האָט אפשר צום ערשטן מאָל
געזען פאַר זיך אַזוי פיל יידן אויף איין פלאַץ, האָט מיט נאַאיוון דרך־
ארץ באַטראַכט דעם דאָזיקן פרעמד־פאַלקישן רירעוודיקן קיבוץ, וועלכער
קערט זיך אום צוריק מיט גרויס טומל צו זיין אַלטן ביבלישן ווינקל, און
פון וועלכן עס שניידן זיך שאַרף אויס אַזעלכע שוואַרצע ביבלישע בערד,
אין חשובע שוואַרצע סורדוטן און מיט השובע פינצטער־פאַרטראַכטע
יידישע פנימער. אַז די ים־עקסקורסיע איז ספּעציעל אַראַנזשירט פאַר די
דאָזיקע אויסטערלישע לייט פונעם אַלטן פאָלק — דאָס האָבן די רויט־
האָריקע סטיוּאַרדס געוווּסט פון דער באַזונדערער קיך, וואָס די שיף־
געזעלשאַפט האָט פאַר זיי איינגעריכט, מיט די באַזונדערע פּאַטראָוועס,
וואָס מע קאָכט פאַר זיי, אַפילו מיט אַ באַזונדערן גאַנג געשיר, אויף
וועלכן ס'איז ספּעציעל אויסגעמאָלט זייער אַלטע זעקס־שפּיציקע נאַציאָ־
נאַלע עמבלעם, מיט אַ העברעאישן שפּרוך־וואָרט אינמיטן, — און דאָס
האָט געוועקט פאַר זיי נאָך טיפערן רעספּעקט.

די ערשטע באַרוישונג האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט, און פון דעם
מענטשלעכן כאַאָס האָט זיך אָנגעהויבן אויספאָרמירן אַ קליין וועלטל מיט
פאַרשוינען, וואָס צייכענען זיך אויס מיט באַשטימטע געשטאַלטן, טראָגן
באַשטימטע נעמען און רופן אַרויס אַ באַשטימטן אינטערעס. דער עולם
איז צווישן זיך אַלץ מער באַקאַנט געוואָרן, זיך גרופּירט אין גרופּעס, פאַר־
פירט שמועסן. מע האָט אָנגעהויבן פאָרשן און טאַפּן, געזוכט איינס ביים
אַנדערן דערמוטיקונג, געוואָלט וויסן דעם עיקר: נאָך וואָס, אַשטייגער,
פאָרט יענער קיין ארץ־ישראל? וויבאַלד ניט איך אַליין האָב זיך באַ־
שלאָסן אויף דעם, נאָר יענער אויך, איז דאָך עס אַ סימן, אַז ס'איז ניט
קיין קינדערשפּיל!... מענטשן, וואָס ביי אַנדערע אומשטענדן וואָלטן זיי
זיך ניט געאיילט אויפצודעקן פאַר פרעמדע זייערע פּריוואַטע ענינים,
זענען דאָ געוואָרן צוגעלאָזט און אָפנהאַרציק: מע האָט זיך דערפילט ווי
שותפים פון איין נייער רייצנדיקער אונטערנעמונג, וואָס איז נאָך אָבער
דערווייל אומקלאָר, פאַרנעבלט אין אַ ראָזעווען נעבל פון דער צוקונפט. עס
האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אַ היפּשער טייל פון די טוריסטן איז גע־
טריבן געוואָרן צו דער דאָזיקער רייזע דורך אַ שטאַרקן ווונטש ניט נאָר

צו זען ארץ־ישראל פון פאַרגעניגן וועגן, נאָר אויך צו פאַרבלייבן דאָרט און באַהעפטן זיך אין דעם דאָרטיקן נייעם יידישן לעבן. ווי אַזוי די זאַך וועט אַרויסקומען — דאָס וועט מען זען ערשט דאָרטן, אין תל־אָביב, אין דעם נייעם מאַגנעטישן יידישן פונקט, וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט און זיך צעוואַקסן ווי אַ וווּנדער אין אַ צייט, ווען וווּנדער געשעען שוין ניט.

די אָנפירער פון די דאָזיקע שמועסן זענען געווען די אָפּגעקליבענע גליקלעכע ציוניסטן, וואָס זענען דאָ גלייך אַרויסגעשווומען אויף דער אויבערפלאַך און זיך דערפילט, ווי די הויפּט־מחותנים פון דער שמחה. זיי זענען געזעסן אויף די דעק־שטולן און אויף די ווייכע קאַנאַפּעס אין די זאַלן אויבנאָן, און דער איבעריקער גרויער עולם איז געשטאַנען אַרום זיי אין רעדלעך, מיט אויסגעצויגענע העלדזער און אָנגעשטרענגטע פּנימער, און געהאָרכט. דאָ, אַרום די דאָזיקע אויסדערוויילטע, האָט געשלאָגן דער פּולס פון דעם גאַנצן יידישן פּאַסאַזשירנטום, אַהער זענען געבראַכט געוואָרן אַלע טשיקאַווע קלאַנגען און חידושים, וואָס נייגעריקע מענטשן האָבן אויפגעכאַפּט אין אַלע ווינקלען פונעם שיף. און ס'איז געווען אויף וואָס צו חידושן זיך. מע האָט געשמועסט, אַז אויף דער שיף געפינען זיך אַזעלכע לייט, וואָס אויב זיי האָבן זיך אומגעקוקט אויף ארץ־ישראל, איז שוין עק וועלט! איינער האָט דערציילט, אַז מיט אים אין איין קאַבינע פאָרט אַ געוועזענער ריעל־עסטעיט־מאַן, וואָס וויינט און קלאָגט, אַז ערשט מיט אַ האַלב יאָר צוריק וואָלט ער געקאָנט אָפּקויפן האַלב פּאַלעסטינע; איצט איז ער אַן עני ואביון און פרעגט זיך שטאַרק נאָך, צי וועט ער מיט זיינע לעצטע פופציק טויזנט דאָלער זיך קאָנען איינשאַפן אין תל־אָביב עפּעס אַ קליין טענעמענט־הויז אויף צו מאַכן אַן אָרעם לעבן?... האָט אַ צווייטער דערציילט, אַז ער ווייסט פון אַ זיכערן קוואַל, אַז דאָרט אויבן, אינעם ערשטן קלאַס, פאָרן גאָר גרויסע בערן: לויטער געפּלאַצטע באַנקירן, פּעטערסאָנער זייד־פאַבריקאַנטן, געוועזענע מאַגנאַטן, און אַלע ווילן זיך ראַטעווען אין ארץ־ישראל. איינער אַ זייד־פאַבריקאַנט, זאָגט מען, פירט שוין מיט זיך קיין תל־אָביב אַפילו די מאַשינען פון זיין פאַבריק. האָט דערציילט אַ דריטער, אַז ער ווידער האָט געהערט אויך פון אַ זיכערן קוואַל, אַז צווישן די דאָזיקע באַנקירן געפינט זיך אויך די איינציקע טאָכטער פון אַ געוועזענעם מולטי־מיליאָנער, וואָס האָט אין דעם גרויסן קראַך פאַרלאָרן ניט מער און ניט ווייניקער ווי הונדערט מיליאָן. דער פאָטער אַליין, אַ דייטשער „יאַהודי", האָט ביז אַהער גאָרניט

געוואָלט הערן פון יידן; נאָר איצט, אַז ס'איז אים געוואָרן שלעכט, איז אים דאָס האַרץ, זאָגט מען, ווייך געוואָרן, און ער שיקט זיין בת יחידה קיין ארץ־ישראל, און וועט דערנאָך מסתמא אַליין אויך קומען. רופט זיך אָן נאָך איינער: „וואָס טויג אַייך אַ מולטי־מיליאָנערס אַ טאָכטער? אָט דרייט זיך דאָ אום אויפן דעק אַ דראָגיסט, אַ פּראָסטער אַפּטייקער, וואָס דערציילט אויף זיך אַליין, אַז ווען מע זאָגט אים פאַראַיאָרן, אַז ער וועט אַמאָל פאָרן קיין ארץ־ישראל, וואָלט ער זיך אויסגעלאַכט. ער האָט גאָר בסך־הכל געמיינט, אַז ארץ־ישראל איז אַ לעגענדע, וואָס געפינט זיך נאָר אין חומש. האָט זיך מיט אים פאַרלאָפן אַ געשיכטע, זיין ווייב איז פון אים אַוועק צו אַן אַנדער דראָגיסט, אַזוי אַז ער האָט שוין געטראַכט פון זעלבסטמאָרד. האָט ער זיך אָבער מיישב געווען, אַז שטאַרבן וועט ער קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן, און אַזוי ווי זיינער אַ פריינד, אַ ציוניסט, האָט אים געעפנט די אויגן וועגן ארץ־ישראל, האָט ער פאַרקויפט זיין אַפּטייק און פאָרט קיין תל־אביב אָנהייבן פון דאָס ניי, עפענען דאָרט אַן אַפּטייק.

— הכלל, קינדערלעך, וואָס איז דאָ פאַראַן לאַנג צו רעדן — מיר האָבן פאָרט דערלעבט משיחס צייטן!...

אַזאַ סך־הכל פונעם געשפּרעך האָט אַרויסגעטראָגן איינער פון די גליקלעכע, וואָס זיצן אויבנאָן, אפשר דער סאַמע גליקלעכער צווישן די פּאַסאַזשירן, וואָס אַלע האָבן שוין געוווּסט ווער ער איז און וואָס ער איז: אַליין איז ער געווען אַ העברעאישער לערער, דאָס הייסט, אַ מלמד אין אַ ניו־יאָרקער תלמוד־תורה, הייסן הייסט ער מיסטער צעדערבוים, און זיין גליק באַשטייט אין דעם, וואָס אין די גוטע יאָרן האָט ער שכל געהאַט צו באַזאָרגן זיך פון דער ווייטן מיט אַ נחלה אין ארץ־ישראל, געלאָזט דאָרט פלאַנצן, ערגעץ אין אַ קאָלאָניע, אַ פּרדס, וואָס וועט שוין אָט באַלד געבן פּרוכט, און דאָס פאָרט ער איצט אַהין מיטן ווייב און מיט אַ יונג טעכטערל אויפן גרייטן. דערצו איז ער אויף דער שיף דער איינציקער, וואָס רעדט מיט זיין פאַמיליע העברעאיש, און דווקא מיט אַלע פּליטערלעך, מיט דער אמתער ספרדישער אויסשפּראַך — אַ פאַרטיקער ארץ־ישראל־ייד. זיצנדיק אין זאַל ביי אַ טישל, אַרומגערינגלט פון אַ דאָרשטיק־האָרכנדיקן עולם, אַ ליכטיקער, אַ גוט־אויפגעלייגטער, אין אַ היפּשן וואָלענעם רייזע־היטל און אין אַ פיינעם וואָלענעם ווייסן סוועטער, האָט ער שיר ניט גע־כאַפּט דעם אָנבליק פון אַ צופרידענעם „אָלראַיטניק״; ער האָט אָבער אָפּט

זיך צעוואַרעמט, אַרויפגערוקט דאָס היטל אַרויף און אַנטפּלעקט אַ ווייך, באַהאַרצט בלאָנד פּנים, מיט שמייכלענדיקע גוטע אויגן און מיט טיפע ווינקלען אויפן הויכן, שוין געקאַרבטן, לומדישן שטערן. דערביי האָט ער זיך אַלץ געריבן מיט די הענט די קני און זיך געשאָקלט איבערן טיש, ווי איבער אַ גמרא. ער איז דאָ געווען דער ראש־המדברים און דער אינ־פאָרמאַציע־געבער וועגן ארץ־ישראל, אין וועלכן ער האָט אַרויסבאַוויזן גרויסע געניטשאַפט נאָך איידער ער האָט עס אַליין געזען, געוווּסט אויף אויסווייניק תּל־אביב מיט איר נייעם ווונדערלעכן לעבנסשטייגער, אין וועלכן עס האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן דער גאולה־גייסט פון עזרא און נחמיהס צייטן מיטן מאָדערנעם אָרגאַנזשן־אויפּבלי פון אונדזער קאַליפאָרניע... ער האָט דערפון גערעדט מיט אַזאַ הייסן אָטעם און אַזוי באַטעמט, אַז זיינע צוהערער זענען געשטאַנען אַרום אים ווי געפּלעפּטע, מיט פאַרנעבלטע אויגן. ער האָט אויך באַרואיקט די שרעקעדיקע פּאַסאַזשירן וועגן דער אומזיכערער לאַגע דאָרטן, אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט די אַראַבישע אָנפאַלן, געהאַלטן אַ גאַנצע לעקציע וועגן פּאָגראָמען אין גלות און פּאָג־ראָמען אין ארץ־ישראל, געבראַכט אַ באַוויז פון דער אַמעריקאַנער גע־שיכטע, אַז ווען די ערשטע אַמעריקאַנער קאָלאָניסטן זענען געקומען בויען דאָס לאַנד, זענען זיי ניט נתפּעל געוואָרן פון די ווילדע אינדיאַנישע אָנ־פאַלן. מיר אין ארץ־ישראל ווערן אויך ניט נתפּעל פון אַזעלכע זאַכן. אין תּל־אביב איז די יוגנט דעם ערשטן שמחת־תורה נאָכן פּאָגראָם אַרויס אין די גאַסן מיט פריילעכן העברעאישן געזאַנג און געטאַנצט אַ „האָראַ", און אויף מאָרגן נאָך יום־טוב האָט מען זיך גלייך געשטעלט ווייטער בויען און פלאַנצן. וואָס דאַרף מען מער? איינער זייער אַן אַנגעזעענער און קלוגער אַראַבער — ער געדענקט ניט זיין נאָמען — האָט אַליין געזאָגט, אַז די ערשטע אַראַבישע פּאָגראָמען אין ארץ־ישראל האָבן אויפגעבויט פאַר די יידן אַ שטאָט תּל־אביב, און דער לעצטער פּאָגראָם, האָט ער מורא, וועט פאַר זיי אויפבויען אַ גאַנץ לאַנד...

— וואָס איז דער שכל? — פרעגט איינער פון די שטייענדיקע צו־הערער, אַ הויכער, שטאַרקער פּראָווינץ־ייִד פון דעם ווייטן צפון אין קאַ־נאַדע, אַ שטילער גלויביקער ציוניסט און אַן ערלעכער פּראָסטאַק, וואָס האָט פאַרברענט הינטער זיך אַלע בריקן און פאָרט מיט ווייב און קינדער זיך „סעטלען" אין ארץ־ישראל.

— דער שכל — דערקלערט מיסטער צעדערבוים מיט גרויס חשק און

רוקט אַרויף דאָס היטל אויפן הויכן באַגייסטערטן שטערן — איז אַן אַלטער שכל. עס שטייט נאָך געשריבן ביי אונדז אינעם אַלטן חומש: „וכאשר יענו אותו, כן ירבה וכן יפרוץ״...

— וואָס זשע איז די טייטש דערפון? — שעמט זיך ניט דער קאַנאַדער ייד מודה זיין זיך, אַז ער איז אַ פּראָסטאַק.

— איר ווילט וויסן די טייטש אויך? — פאַלט שוין אַריין מיסטער צעדערבוים אין אַ שפּילעוודיקן טאָן, מעשה אויפגעלייגטער מלמד. — אָט אַזעלכע יינגלעך, וואָס לאָזן זיך ניט נאַרן, האָב איך ליב!... די טייטש דערפון, מיין ליבער, טייערער ייד, האָט מען אונדז געלערנט אין חדר אַזוי: „וכאשר — און אַזוי ווי, יענו אותו — מע טוט אים טאָן פּייניקן, דעם יידן הייסט עס, כן ירבה — אַזוי טוט ער זיך מערן, וכן יפרוץ — און אַזוי טוט ער זיך שטאַרקן״... פאַרשטאַנען, קינדערלעך? עס וועלן ניט העלפן די אַראַבער קיין פּאָגראָמען און די ענגלענדער קיין גזירות — מיר וועלן ארץ־ישראל אויפבויען, וואָרים אַזוי האָט גאָט געהייסן!... מיר וועלן נאָך זוכה זיין צו זען חיפה ווי אַ מין ניו־יאָרק, און תל־אביב ווי אַ מין סאַן־פראַנציסקאָ! און טאָמער וועלן מיר אַליין ניט זוכה זיין דערצו, וועלן אונדזערע קינדער דאָס געוויס דערלעבן!...

אַ געשטאַרקטער און דערהויבענער פון זיינע אייגענע רייד, שטייט־אויף מיסטער צעדערבוים פון זיין אויבנאָן, לאָזט איבער דאָס געזעמל יידן אין טיפער פאַרטראַכטקייט, גייט זיך דורך איבערן וואַקלדיקן זאַל מיט פעסטע ענערגישע טריט, שטעלט זיך אָפּ ביים גרויסן שפּיגל און ציט זיך אויס שטייף, מיט אַ קאָפּ העכער פון זיין קורץ־געוואַקסענער פיגור. ער איז שוין ניט קיין יונגערמאַן, שוין אַ פערציקער, נאָר דאָ אויף דער שיף האָט ער זיך דערפילט מאָדנע יונג און פריש, אָנגעגאָסן פול מיט נייע כוחות, ווי ערב אַ ניי לעבן. פונעם שפּיגל קוקן אויף אים זיין רייזע־היטל און דער ווייסער סוועטער מיט אַ ליכטיקן, רייצנדיקן צוזאָג אויף דער נאָענטער צוקונפט: זיי האָבן ביי אים אָוועקגענומען דעם מלמדישן „צלם אלוקים״ און צוגעגעבן דאָס אויסזען פון אַ פאַרמער, און דערמאָנען אים, אַז אָט־אָט, נאָך אַ וואָך און נאָך אַ וואָך, וועט ער ענדלעך דערגרייכן זיין העכסטן ווונטש אין לעבן, וואָס גליט ביי אים טיף אין האַרצן זינט די סאַמע יינגלשע יאָרן, בשעת ער האָט זיך, נאָך אין דער ישיבה, אָנגעצונדן פון די פלאַמענדיקע ציוניסטישע זעאונגען — ער וועט ווערן אַן ערד־אַרבעטער אין ארץ־ישראל, אַ באַזיצער פון אַן אייגענער נחלה אויף דעם

באָדן פון די אַלטע אָבות, אונטער זייער שטראַלנדיקן געטלעכן הימל. זיין צוגעגרייטער פּרדס דאַרטן מאַלט זיך אים, ווי אַ צויבערלעכער חלום אויף דער וואָר, ווי אַ שטיק גן־עדן אויף דער ערד: גאָלדענע פּרוכט אויף גאָלדענעם זאַמד אונטער אַ גאָלדענער זון. און דאָס אַלץ איז איינגעוויקלט אין אַ וואַרעמען נעבל פון יונגן, ניט־געפּרווּווטן גליק. טראַכטנדיק פון דעם, באַפאַלן אים זיסע אַנגסטן, דאָס האַרץ ווערט אים פאַרשטאַרבן אין זיסער אומגעדולדיקער דערוואַרטונג. אַזאַ זיס געפיל האָט ער געהאַט נאָר איין מאָל אין לעבן, אין די גליקלעכסטע טעג פון זיין יוגנט, ערב זיין חתונה, בשעת ער, אַ פּיזיש־ריינער יונגערמאַן, אַן אָפּגעהיטער פון בחורשע שטרויכלונגען, האָט זיך געגרייט באַרירן און דערקענען די אויסדער־ווײלטע פון זיין האַרצן...

קאַפּיטל צוויי

# אַמעריקאַנער קינדער

אַז די „ארץ־ישראל־עקסקורסיע״ האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט פאַר די יידישע פּאַסאַזשירן פונעם טוריסטן־קלאַס עפּעס מער ווי אַ געוויינלעכע עקסקורסיע — דערויף האָט עדות געזאָגט אויך די היפּשע צאָל קינדער, וואָס זענען דאָ מיטגעפאָרן מיט די עלטערן. קינדער דערוואַקסענע און קלענערע האָבן באַלעבט אַלע ווינקלען פון דער שיף, פריילעך געפּילדערט ביי די טישן אין עס־זאַל, אַרומגעלאָפן בקאָמפּאַניע, גענומען אַ הייסן אָנטייל אין די ספּאָרט־שפּילן אויפן דעק, אַרויסבאַוויזן דערביי זייער איבערגעטריבענעם יידישן ספּאָרטישן ברען פאַר די רואיקע און קילע, הגם נייגעריקע און העפלעכע ענגלישע מאַטראָסן. דאָס איז געווען אַ יונג־וואַרג, וואָס איז שוין געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע, דערצויגן געוואָרן אין אַמעריקאַנישן גייסט און אויף אַמעריקאַנישע באַגריפן, געוואַקסן גלייך, פריי, זאָרגלאָז און לייכטזיניק, אָן באַזונדערע פאַרביטערטע יידישע קנייטשן. דער ענין ארץ־ישראל האָט פאַר זיי געשיינט צו זיין פרעמדלעך, אַ זאַך וואָס געהערט זיך אָן ניט מיט זיי, נאָר מיט די „אַלטע לייט״, מיט די טאַטעס און מאַמעס. ס'איז סתם געווען אַ פריילעכער ענין: מע פאָרט ערגעץ ווייט, אין אַ נייער וועלט, ווו מע וועט זיך אָנזען אַלערליי נייע,

טשיקאַווע זאַכן. אַ טייל פון זיי, צום מייניסטן פון די קלענערע, זענען געפאָרן נאָר מיט די מוטערס: די פאָטערס, געטרייע ציוניסטן, נאָר פאַר־זיכטיקע מענטשן, האָבן געשיקט דערווייל די קינדער אויף יידישער דער־ציאונג. נאָר פאַראייניונגס האָבן די מוטערס שוין אויך באַדאַרפט אויס־פרווון דאָס יידישע היימלאַנד, צי ס'איז טאַקע אַזוי גוט, ווי מע זאָגט, און צי עס לוינט זיך אויסבייטן אַמעריקע אויף דעם. עס האָבן זיך דאָ אויך געפונען עטלעכע בר־מצוה־יינגלעך, וועמען די עלטערן, פאַרמעגלעכע לייט פון דעם אָרטאָדאָקסיש־ציוניסטישן שניט, האָבן געפירט קיין ירו־שלים, צו פראַוועון דאָרט זייער בר־מצוה, לויט דער שפּאָגל־נייער אַמע־ריקאַנישער מאָדע, דווקא אין דער אַלטער ירושלימער שול, אין דער „חורבה" פון רבי יהודה החסיד. אַרום און אַרום איז דאָס געווען אַ גרויע קינדער־מאַסע, וואָס האָט אין זיך פאַרמאָגט זייער ווייניק פון דעם אַלטן פייער, וואָס טליעט נאָך ביי די עלטערן.

נאָר צוויי קינדער זענען דאָ געווען, וואָס האָבן זיך שטאַרק אויס־געטיילט פון דעם פאַרבלאָזן אַמעריקאַנישן יונגוואַרג, און ניט נאָר מיט זייער כאַראַקטער און באַזונדערער האַלטונג — אַפילו אויך מיט זייערע נעמען. איינס איז געווען דאָס פערצן־יאָריקע טעכטערל פון דעם העברע־אישן לערער, מיסטער צעדערבוים, וואָס האָט געהייסן מיטן אמתן שיר־השירימדיקן נאָמען שולמית. און דאָס צווייטע — אַ יונג בחורל פון אַ יאָר זיבעצן, דאָס עלטסטע קינד פון איינעם אַ פּראָווינץ־יידן, מיסטער דובראָוו, וואָס איז געפאָרן מיט דער גאַנצער פאַמיליע קיין ארץ־ישראל אויף זיכער — זיך דאָרט באַזעצן. דאָס בחורל האָט געטראָגן שוין גאָר אַ זעלטענעם נאָמען פון תנ"ך, אַזאַ וואָס מע הערט גאָרניט צווישן היינ־טיקע יידן — ער האָט געהייסן עמוס.

שולמית איז געווען „דעם טאַטנס טאָכטער". ניט האָבנדיק קיין האָפע־נונג, מחמת זיין פרויס שוואַכן געזונט, אויף נאָך קינדער, האָט מיסטער צעדערבוים אַוועקגעלייגט דאָס גאַנצע לעבן צו מאַכן פון דער בת־יחידה זיין אמתע גייסטיקע נאָכפאָלגערין, זי זאָל אים זיין אי אַ טאָכטער, אי אַ זון. אַחוץ וואָס ער האָט אויף זיך אַ נדר גענומען ניט צו רעדן מיט איר קיין אַנדער שפּראַך, נאָר העברעאיש, אום צוצוגרייטן זי פאַר דער ליכטיקער צוקונפט אין ארץ־ישראל, האָט ער זי דערצויגן אויף די זעלבע לימודים און אין דער זעלבער אַטמאָספער, אין וועלכער ער אַליין איז דורכגעגאַנגען זיינע קינדער־יאָרן; ער האָט מיט איר געלערנט אַפילו

חומש מיט רש״י און אַפילו גמרא, הגם ער האָט דאָס דורכגעזיפּט אויף אַ מאָדערנעם אופן, אויסגעקליבן דערפון די סאַמע בעסטע קערנער. ער האָט דערביי געהאַט אויסצושטיין אַ קאַמף מצד זיין פרוי, וועלכע איז אַליין געווען אַ שוואַכע העברעערין און האָט מער חשק געהאַט צו דער־ציען דאָס קינד אויפן געוויינלעכן אַמעריקאַנישן שטייגער. יענע האָט דאָ אַרויסגעשטעלט גאָר אַ באַזונדער טענה: זי האָט מורא געהאַט, דאָס קינד זאָל ניט אויסוואַקסן אַ „חצי־זכר״, אַ „העברעאיש מיידל״, אויף וועמען קיין מאַנספּאַרשוין וועט זיך ניט וועלן אומקוקן, ווייל די „העב־רעאישע מיידלעך״, האָבן אַ שם אויף דער וועלט, ווי מ׳אויסקייטן. מיסטער צעדערבוים האָט זיך דערפון אויסגעלאַכט און איז באַשטאַנען אויף זיינס: ער האָט זיין טאָכטער דורכגעפירט, אין שטייגנדיקן עקסטאַז, דורך אַלע וועגן פון דער העברעאישער גייסטיקער וועלט, געלערנט מיט איר גרינט־לעך די העברעאישע ליטעראַטור און דערפירט זי צו דרייצן יאָר — צו איר „בר־מצוה״ — ביז צו לייענען אַליין ביאַליקן און אחד־העמען — די העכסטע שטופע פון זיין אידעאַל, מיט וואָס ער האָט שטאָלצירט אין דעם ענגן קרייז פון זיינע חברים, די העברעאישע לערער. ער האָט דערוויזן נאָך עפּעס: ניט געקוקט אויף די אַלע זאַכן, איז שולמית געוואַקסן אַ שיין קינד, מיט אַ באַחנטן בלאָנדן געגרייזלטן קאָפּ, מיט בלויע פאַרחלומטע אויגן, אַ שלאַנקע, גאָר אַ בלייכע, אַ שטילע, אַ פאַרטיפטע אין זיך — איינ־גאַנצן אַן איידעלע פלאַנץ, אויסגעוואַרעמט און אָפּגעהיט פון דער פרעמ־דער קאַלטער סביבה אונטער גלאָז, אין אַ וואַרעמער העברעאישער אָראַנ־זשעריע. זי איז געווען פאַרליבט אין איר פאָטער, אין דעם פאָטערס אידעאַלן, אין זיין טיפער באַגייסטערונג פאַר דער שיינער יידישער וועלט, וואָס איז געווען אַמאָל און וועט ווידער אויפלעבן אין דער צוקונפט — זי האָט דאָס אַלץ איינגעזאַפּט אין זיך אין דער שטיל, מיט נאַאיוון, האַר־ציקן קינדערשן גלויבן. און כאָטש זי האָט באַוויזן אויסגעצייכנטע פעאי־קייטן אויך אין די ענגלישע לימודים, געווען געריממט פון די לערער פאַר איר פיינעם ליטעראַרישן ענגליש, צו צוועלף יאָר געענדיקט פּאַבליק סקול, באַערט געוואָרן צו דער גראַדיואיישאַן־צערעמאָניע צו זיין די „וואַ־לעדיקטאָריאַן״, צו האַלטן די סיום־רעדע, באַקומען דערביי אַ גאָלדענעם מעדאַל, פון וואָס די מוטער איז געווען אויסער זיך פון גליק — איז אָבער איר וועלט געווען דעם פאָטערס וועלט. עס האָט זי שטענדיק גע־צויגן צום פאָטערס צימער, צו די הויכע פּאָליצעס פון זיין ביבליאָטעק,

וואָס זענען געווען פאַרשטעלט מיט העברעאישע ספרים, אַלטע און נייע, באַפּוצט מיט אַ גרויסן אַלטן ש״ס, מיט גרויסע אַלטע „יורה־דעהס״, פון וועלכע עס האָט אָפּגעגעבן מיט טיפער אַלטער קלוגשאַפט און געלייטערטער שטרענגער ערלעכקייט. אין די שבתים, ווען ביים פאָטער אין צימער פלעגן זיך צונויפקומען זיינע חברים און זיך אַמפּערן וועגן הויכע ענינים, וועגן ארץ־ישראל, וועגן קינדער־דערציאונג, וועגן דער העברעאישער ליטעראַטור — איז זי געזעסן צווישן זיי, אַ שטילע, אַ שווייגנדיקע, אַ פאַרחלומטע, און געהאָרכט, געוויקט זיך אין יידישקייט.

אויף דער שיף האָט שולמית געבערענט מיט דעם זעלבן העלישן פייער, וואָס איר פאָטער. זי איז געשוווּמען אַלץ נענטער און נְענטער צו דעם אויסגעחלומטן ברעג. אַלע אירע פערצן יאָר, וואָס דער פאָטער האָט זי געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון דעם אַרומיקן ממשותדיקן לעבן צוליב עפּעס אַ געהויבענעם, נאָר ניט־ממשותדיקן צוועק, זענען איצט פול געוואָרן מיט הייסן, לעבעדיקן אינהאַלט. מע פירט זי ענדלעך צו איר אייגענער נאָך ניט־געזעענער וועלט, צו איר לאַנג־געגאַרטער, ווּנדערלעכער, באַזונגענער היים, ווו זי וועט ערשט אויף אַן אמת געבוירן ווערן, מיט אַ מאָל באַקומען אַזוי פיל נאָענטע חברים און חברטעס, אָנהייבן לעבן פריילעך און אינטערעסאַנט, ווי אַלע יונגע לעבעדיקע קינדער. זי איז געווען די גאַנצע צייט ווי באַרוישט, זיך געטוליעט צום פאָטער מיט גרויס פאַרליבטקייט און דאַנקבאַרקייט, וואָס זיין נביאות ווערט מקוים, ניט אָפּגעטראָטן פון אים, געזעסן מיט אים ביז שפּעט אין אָוונט אין דעם געזעמל פון די פּאַסאַזשירן, געשלונגען דאָרשטיק, גלייך מיט אַלע צוהערער, זיינע באַגייסטערטע דרשות, זיך פאַרגעשטעלט, פונקט ווי ער, אַז דאָס חזרט זיך איבער די ווּנדער־צייט פון עזרא און נחמיה, עס קערן זיך אום די פאַרטריבענע פון יהודה צוריק צו זייער ערד, און זי איז די געפאַנגענע „בת־ציון״, וואָס וועט באַלד באַפרייט ווערן.

פון אַ גאַנץ אַנדער וועלט איז געקומען עמוס. זיין פאָטער, פּיניע דובראָוו, האָט געהערט צו דעם טיפּ מענטשן, וואָס מע רופט זיי געוויינלעך „וואַנדערנדיקע נאַטורן״. אַחוץ וואָס ער האָט לאַנג ניט געקאָנט איינזיצן אויף איין אָרט און זיך האַלטן ביי איין באַשעפטיקונג, האָט ער אויך אין זיינע העכערע, גייסטיקע פאַרשטעלונגען אָפט געשפּרונגען פון איין אידעיע צו דער אַנדערער. בטבע אַן ענטוזיאַסט, אַ ריזיקאַנט, פול מיט טעמפּעראַמענט און ענערגיע, נאָר אַן געדולד און אויסדויער, דערצו מיט

אַ שטאַרקער נייגונג צו אָריגינעלע פאַנטאַזיעס, צו זיין אַנדערש ווי אַלע — האָט ער שטענדיק גיך פאַרנוצט זיין ברען־שטאָף און געהאַלטן אין איין פאַנאַנדערלייגן נייע פייערן. גאָר אין דער פריער יוגנט איז ער פון דער ישיבה גלייך אַריינגעשפרונגען אין דעם „בונד", זיך אויסגעצייכנט מיט געוואַגטע מעשים, פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, פון וואַנען ער האָט ביי דער ערשטער מעגלעכקייט זיך געלאָזט לויפן קיין אַמעריקע און איז אַריינגעפאַלן קיין ניו־יאָרק. אין ניו־יאָרק איז ער פון דעם בונדיזם אַריבער צו אַ מער ראָמאַנטישער אידעיע — צום אַנאַרכיזם, און אום צו פאַרדינען אויף ברויט, איז ער ניט געגאַנגען גלייך מיט אַלעמען אַרבעטן אין אַ פאַר־שלאָסענעם שאַפּ, נאָר ער האָט אָ היפשע צייט „אַרומגעטרעמפּעוועט" אויף דער פרייער לופט, געאַרבעט אויפן פאַרט, אויפן גרינס־מאַרק, אַפילו באַ־שטעלט זיך ערגעץ פאַר אַ „בוטשער־באַי" (אַ קצב־יינגל) — אויף צו להכעיס זיינע באַלעבאַטישע ניו־יאָרקער קרובים און דעם גאַנצן סאָציאַלן געבוי פונעם אַמעריקאַנישן לעבן. דער אַנאַרכיזם איז פאַר אים אָבער אויך גיך אויסגעוועפּט געוואָרן, איז ער אַוועק צו די פועלי־ציון, זיך דאָרט באַ־פריינדט מיט אַ מיידל אַ חברטע, אַ צוגעלאָזטע, אַ האַרציקע, אַ סענטימענ־טאַלע, וואָס האָט זיך הייס פאַרליבט אין דעם אויסערגעוויינלעכן אינטעלי־גענטן „בוטשער־באַי" מיטן אַנטשלאָסענעם גלאַנץ אין די שמייכלענדיקע גרויע אויגן, און זיי האָבן חתונה געהאַט. נאָך דער חתונה איז ער געוואָרן אַ בעל־תּכלית: ער האָט באַשלאָסן זיך אַוועקצולאָזן מיט זיין אויסדערוויי־טער חברטע ערגעץ ווייט פון ניו־יאָרק, טאָן כל עבודת־פּרך, אָנקלייבן אַ סומע פון צוואַנציק טויזנט דאָלער און אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל ווערן אַ קאָלאָניסט. זיי האָבן זיךביידע געלאָזט אין דער ווייטער וועסט, אויסגעקליבן אַ פאַרוואָרפן שטעטל, ווו זיי זענען געווען די איינ־ציקע יידן, פריער געפעדלט צווישן די דאָרטיקע פאַרמער, דערנאָך געעפנט אַ קלייטל, וואָס איז ביסלעכווייז אויסגעוואַקסן אין אַ גאַנצער דעפּאַרט־מענט־סטאָר (וואָרן־הויז). דערוויילן איז ביי זיי געבוירן געוואָרן דאָס ערשטע קינד, אַ יינגל, וועמען מע האָט געדאַרפט געבן עפּעס אַן אויס־געזוכטן, ניט קיין שאַבלאָנעם נאָמען. דאָס פועלי־ציוניסטישע פאַרפאָלק, וואָס איז דאָ, אין דעם פאַרוואָרפענעם גוייִשן העק, געוואָרן נאָך מער יידישלעך געשטימט, האָבן געזוכט פאַר זייער קינד אַ נאָמען דווקא צווישן די נביאים, וואָס זענען באַוווּסט ווי די ערשטע פּרעדיקער פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. דער מאַן האָט ניט לאַנג געטראַכט און אויסגעקליבן דעם

נאָמען חבקוק. פאַרוואָס חבקוק? ווייל ס׳איז אַ זעלטענער אָריגינעלער נאָמען — דאָס קינד וועט זיין דער איינציקער חבקוק אויף דער גאַנצער וועלט. איז אָבער דער מוטער אַזאַ נאָמען ניט געפעלן געוואָרן: ווי אַזוי וועט זי רופן איר קינד פאַרצויגן — חבקוקל? דאָס וועט קלינגען אַזוי מאָדנע!... האָט זיך דער פאָטער געפרווט שפּאָרן: מע וועט דאָס קינד רופן „קוק“, „קוקי“, אַפילו „קוקו“ — וואָס איז די נפקא־מינה? אבי אַזאַ אויסערגעוויינלעכער יידישער נאָמען! האָט שוין די קימפּעטאָרין אָנגעהויבן וויינען, אַז אויב מע וועט דאָס קינד רופן „קוקו“, וועט מען עס אומגליקלעך מאַכן אויפן גאַנצן לעבן. איז געבליבן, אַז דאָס יינגל זאָל הייסן עמוס — אויך אַן אָריגינעלער נאָמען, נאָר ער קלינגט לייטישער. דערצו איז זיין ערשטער טרעגער, דער נביא עמוס, געווען אַן אמתער פאָלקס־מענטש, אַ פּאַסטוך און אַ רעוואָלוציאָנער — אַלץ זאַכן, וואָס האָבן אַ גרויסע שייכות מיט זייער צוקינפטיקן אידעאַלן לעבן אין ארץ־ישראל.

עמוס איז געוואַקסן אַן אומגעוויינלעך קינד: זעלבסשטענדיק, האַנאַ־ריסטע, מיט שאַרפע קאַפּריזן און פאַנטאַזיעס, ווי דער פאָטער, נאָר אין גרונט — ווייך, האַרציק און סענטימענטאַל, ווי די מוטער. ער האָט געהאַט דער מוטערס ווייכן צוטרוילעכן שמייכל אין די גוטע דיקלעכע ליפּן, און דעם פאָטערס ענטוזיאַסטישן ברען אין די גרויע אָנטשלאָסענע אויגן. און אַזוי ווי אין זייער ווייטער פאַרוואָרפנקייט פון יידן האָבן זיך פאָטער און מוטער געקוויקט מיט די יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס קומען פון ניו־יאָרק, און זענען געוואָרן פרומע אָנהענגער פון די יידישיסטישע שטימונגען, וואָס זענען צו זיי דערגאַנגען פון דער ווייט, איז ביי זיי געבליבן, אַז אין שטוב וועט מען רעדן מיטן קינד יידיש, און דווקא דעם ריינעם היימישן יידיש, ווי גאָט האָט געבאָטן. און אַמאָל, אַז אַ ניו־יאָרקער לעקטאָר פלעגט פאַרבלאָנזען אין דער נאָענטער הויפּט־שטאָט פונעם שטאַט, ווו עס האָט זיך געפונען אַ קליינער יידישער קיבוץ, פלעגן די דובראָווס „איינשפּאַנען זייער פאָרדל“ און זיך דורכפאָרן צו דער לעקציע, הערן אַ יידיש וואָרט, דערביי פלעגט מען אויך מיט־נעמען דעם קליינעם עמוסן — אַשטייגער, ווי יישובניקעס אין דער היים פלעגן נעמען די קליינע קינדער אין שטאָט אַריין אויף ראש־השנה און יום־כיפור. צו פינף יאָר האָט שוין עמוס געוווּסט, אַז ער איז אַ ייד, און איז געווען באַזונדער שטאָלץ דערמיט, וואָס ער איז

צווישן אַלע קינדער אין שטעטל דער איינציקער מיט וועמען טאַטע־מאַמע רעדן אויף אַן אויסטערלישער שפּראַך, וואָס קיינער, אויסער זיי, פאַרשטייט ניט. ער איז אַפילו אַ בעלן געווען ניט איין מאָל אַ באַרים טאָן זיך אין דרויסן פאַר זיינע חברים, ווייס־האַריקע שקצימלעך פון סקאַנדינאַווישער אָפּשטאַמונג, מיט גרויס ווערדע: „אַי עם עי דזשו!" און טאָמער האָט ווער פון זיי, אויס קנאה, צי אויף צו־להכעיס, געפּרוווט אים אָפּענטפערן, אַז ער איז אויך אַ ייד, האָט זיך עמוס געוואָרפן שלאָגן, געלערנט זיין חבר דרך־ארץ, אַז ניט אַבי־ווער האָט די זכיה צו זיין אַ ייד.

דערווייל איז דער ציוניסטישער אידעאַל ביי פּיניע דובראָוון געוואָרן אַלץ בלייכער און בלייכער. ס'איז געווען מלחמה־צייט, איז ער פריער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם ראַדיקאַלן פּאַסיפיסטישן געדאַנק, און שפּעטער, אַז ס'איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, האָט עס אים אָנגע־הויבן שטאַרק ציען צום באָלשעוויזם. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט אַפילו דורכגעלאָזט פאַרביי די באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס האָט צו יענער צייט אויפגעשטורעמט די יידישע וועלט. מיסיס דובראָוו, וואָס איז געבליבן געטריי דעם ציוניזם (אַ היפּש ביסל דערפאַר, וואָס זי האָט געהאַט אין ארץ־ישראל אַ ברודער, אַ טוער אין דער דאָרטיקער אַרבעטער־באַ־וועגונג), האָט געפּרוווט דערמאָנען דעם מאַן, אַז איצט איז די רעכטע צייט צו פאַרווירקלעכן זייער אַמאָליקן חלום, בפרט אַז זיי האַלטן שוין ניט ווייט פון די אָנגעצייכנטע צוואַנציק טויזנט דאָלער. מיסטער דובראָוו האָט אָבער דערפון שוין ניט געוואָלט הערן. אַ לאַנד, וואָס יידן האָבן פאַר־שוועכט מיט אַ „יידישן לעגיאָן" און מיט יידישע סאָלדאַטלעך, איז ניט פאַר אים! אַנשטאָט דעם איז אים איינגעפאַלן צו פאַרקויפן דאָס געשעפט אין דעם פאַרוואָרפענעם העק און זיך אַריבערציען מיט דער פאַמיליע, וואָס איז שוין באַשטאַנען פון דריי קינדער, קיין שיקאַגאָ, ווו מע וועט ערשט קאָנען אָנהייבן לעבן מיט מענטשן גלייך.

אין שיקאַגאָ האָט ער זיך אויסגעזוכט אַ ניי געשעפט — אָפּגענוצטע אויטאָבילן. און כדי צו באַלוינען זיך פאַר די דורכגעלעבטע יאָרן אין דער מידבר, האָט ער אַיינגעפירט ביי זיך אין הויז אַלע זונטאָג אַ מין היימישן קלוב, וווהין עס פלעגן זיך צונויפקומען באַקאַנטע פון אַלערליי פּאָליטישע נייגונגען און סימפּאַטיעס און זיך אַמפּערן וועגן די הייסע פראַגעס אין דער יידישער וועלט: קאָמוניזם, סאָציאַליזם, ציוניזם. דאָס זענען געווען כמעט דורכאויס מענטשן ניט קיין אַקטיווע, אָפּגעפאַלענע

פון זייערע יוגנט־אידעאַלן, וואָס קומען שוין אָפּ זייער ווערטל נאָר מיט רייד. מיסטער דובראָוו איז דאָ געווען דער סאַמע לינקער רעדנער — ער האָט געפּלאַקערט פאַרן קאָמוניזם. מיסעס דובראָוו האָט מחמת איר ווייכקייט און גוטסקייט דעם מאַן זעלטן איבערגעשפּאַרט. אין האַרצן האָט זי אָבער געטראָגן אַ פּאַרטאַיִעטע בענקשאַפט צו דעם, וואָס קומט־פאָר אין דעם אויפגעלעבטן ארץ־ישראל, בפרט אַז די געשעפטן אין שיקאַגאָ זענען געגאַנגען ניט גוט. עמוס, וואָס איז פאַר דער צייט אויסגעוואַקסן, שוין געווען אַ האַי־סקול באָי (גימנאַזיסט), האָט זיך אויפמערקזאַם צוגע־הערט צו די זונטאָגדיקע דיסקוסיעס ביי זיי אין הויז און האָט מער מיטגעפילט מיט דער מוטערס פאַרשוויגענע געפילן, ווי מיט דעם פאָטערס שאַרפע רייד. ער איז בכלל געווען צוגעבונדן צו דער מוטער מער ווי צום פאָטער. אין דער צייט, וואָס דער פאָטער האָט זיך צו אים פאַרהאַלטן ווי אַן עלטערער און אַ קליגערער, ניט דערלויבט אים צו זיין אַזוי קלוג ווי ער, האָט אים די מוטער אין אַלץ נאָכגעגעבן, געוואַרעמט אים מיט אירע ווייכע גוטע אויגן, געלייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען, זיך אויס־געדריקט איינמאָל פאַרן פאָטער, אַז „פון עמוסלען וועט עפּעס אַרויס־קומען". עמוס האָט דאָס צופעליק געהערט און איז דער מוטער געווען מאָדנע דאַנקבאַר דערפאַר, ווייל וואָס מער ער איז געוואַקסן, אַלץ מער האָט ער זיך דערפילט איינזאַם מיט זיינע אומקלאָרע חלומות און פאַנ־טאַזיעס. ער אַליין האָט אויך געגלייבט, אַז עפּעס וועט פון אים אַרויס־קומען, נאָר וואָס פון אים וועט אַרויסקומען — דאָס האָט ער ניט געקאָנט באַשטימען. דערווייל האָט ער געשלונגען ביכער, זיך געוואָרפן פון איין געביט צום אַנדערן, געווען אַ צייט פאַרכאַפּט פון נאַטור־וויסנשאַפט און רייזע־באַשרייבונגען, אַריבערגעשפּרונגען פון דעם צו פילאָזאָפישע און עטישע ווערק, דערנאָך זיך גאָר גענומען צו דעטעקטיוו־ראָמאַנען, און שפּעטער זיך צוגעכאַפּט צו קלאַסישער פּאָעזיע. דאָס געלייענטע פלעגט ער דורכטראַכטן און איבערקאָכן אויף זיין אייגענעם שטייגער, און דעם סך־הכל דערפון אויסגיסן פאַר דער מוטער, וועלכע איז געווען דער איינ־ציקער מענטש, מיט וועמען ער האָט זיך געפילט פריי — מיט דער איבע־ריקער וועלט האָט ער זיך געהאַלטן אי שעמעוודיק, אי פאַרבאָרגן־שטאָלץ, מיט אַ פאַראויס־באַשטימטן ביטול צו אַזעלכע, וואָס קאָנען זיך רעכענען העכער פון אים. און אויסגיסן פלעגט ער זיינע געדאַנקען פאַר דער מוטער אויף אַ באַזונדער שטייגער — דורך פאַרנעבלטע ווערטער און אויסגע־

לייענטע אַפּאָריזמען, אין וועלכע ער האָט אַריינגעלייגט זיינע אייגענע כוונות. די מוטער האָט ניט אַלע מאָל תופס געווען וואָס ער מיינט; זי האָט אָבער געוווּסט, אַז אַזעלכע „משוגעתן” זענען דער בעסטער סימן, אַז פון איר קינד וועט עפּעס אַרויסקומען, און זי פלעגט אים אויסהערן מיט גלעטנדיקע שמייכלענדיקע אויגן. עמוס האָט בכלל געהאַט אַ טבע צו איבעראַשן די מוטער מיט פאַרשיידענע פאַנטאַזיעס. איינמאָל, אין לינד־בערגס טעג, האָט ער זיך מיישב געווען — ער וועט ווערן אַ לופט־פליער. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי ער וועט פליען איינער אַליין אין אַ פינצטערער נאַכט איבערן שטורעמדיקן אָקעאַן — און עס האָט אים דורכגענומען אַ הייליקער ציטער. קיין העכערע געטלעכע גבורה פאַרן מענטשן איז שוין ניטאָ!... די מוטער האָט ביי אים קוים געפּועלט, ער זאָל אָוועקוואַרפן אַזאַ געפערלעכן געדאַנק, וואָרים אַלע לופט־פליער ענ־דיקן סוף־כל־סוף שלעכט.

אַז עמוס האָט געהאַלטן ביים לעצטן יאָר האַי־סקול, האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט געגעבן אַן אַנטשלאָסענע ווענדונג זיין יונגן וואַקל־דיקן לעבן. עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דעם שרעקלעכן פּאָגראָם, וואָס די אַראַבער האָבן געמאַכט אויפן יידישן ישוב אין ארץ־ישראל, און דער זונטאָגדיקער קלוב ביי די דובראָווס איז אויפגערודערט געוואָרן. די מיינונגען האָבן זיך צעשפּאָלטן: די וואָס זענען גענייגט צו די קאָמוניסטן האָבן געפּסקנט, אַז דער ציוניסטישער שאַנטאַזש האָט באַקומען דעם לעצטן קלאַפּ, און די וואָס סימפּאַטיזירן מיט די ציוניסטן האָבן זיך געבעטן, מע זאָל אָפּוואַרטן, וואָס ווייטער וועט זיין. פּיניע דובראָוו אַליין איז געווען צעטומלט און האָט אפשר ערשטע מאָל אין זיין לעבן ניט אַרויסגע־זאָגט קיין באַשטימטע מיינונג. צעטומלט האָבן אים די יידישע קאָמוניסטן, וואָס האָבן זיך אָפן געשטעלט אויף דער זייט פון די אַראַבישע פּאָגראָמש־טשיקעס קעגן די פּאָגראָמירטע יידן. דערווייל האָט מיסעס דובראָוו גע־שיקט אַ דרינגלעכן קעיבל צו איר ברודער קיין ארץ־ישראל און באַ־קומען אַן ענטפער, אַז מע לעבט און מע אַרבעט ווייטער. פאַר עמוסן איז די דאָזיקע געשעעניש געווען אַ טיפע איבערלעבונג. ער האָט געלייענט אין די ענגלישע צייטונגען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם די אויספירלעכע באַריכטן וועגן די גבורות, וואָס דער קליינער יידישער ישוב האָט באַוויזן קעגן די אַראַבישע האָרדעס, און עס האָט זיך אין אים גענומען צינדן אַ ניי ליכטיק פייער. ער האָט אָנגעהויבן ברענגען אַהיים ביכער

פון יידישער געשיכטע, באַשרייבונגען פון ארץ־ישראל, פון די מזרח־לענדער, פון די אַראַבער. ער האָט זיך אויך אײַנגעשאַפּט די ביבל אין ענגלישער איבערזעצונג און קודם־כל געגומען לייענען דעם נביא עמוס. ער איז אַרײַנגעפאַלן אין אַן אומבאַקאַנטער וועלט, פון וועלכער עס האָט אים דאָך אַ שלאָג געטאָן אין פּנים מיט נאָענטן הייסן אָטעם: עפּעס אַ ווילד־פאַרוואַקסענער וואַלד, מיט פאַרפּלאָנטעטע ביימער און צווייגן, פון וואַנען עס האָט אַרויסגעקוקט אַ האַלב־נאַקעטער האָריקער פּאַסטוך מיט פלאַקערדיקע אויגן, וואָס האָט אויסגעשריען אין אַן אַלטער פאַרגעבלטער שפּראַך הייסע צאָרנדיקע ווערטער און קללות אויף זינ־דיקע פעלקער און לענדער — וועגן גערעכטיקייט, וואָס ווערט געטראָטן מיט די פיס, וועגן געקריוודעטע אָרעמעלייט, וועגן טראַגעדיקע פּרויען, וואָס ווערן צעריסן פון מענטשן־חיות. און פּלוצים קומט־צו עפּעס איינער, שלאָגט איבער דעם צאָרנדיקן פּאַסטוך סאַמע אינמיטן און טרייבט אים: נביא, גיי, אַנטלויף פון דאַנען! זאָגט דער פּאַסטוך: איך בין ניט קיין נביא און ניט קיין זון פון אַ נביא, נאָר אַ פּראָסטער פּאַסטוך, וועמען גאָט האָט געשיקט... און ער צעקאָכט זיך ווייטער און רעדט אין ווילדן פלאַנטער הייסע צאָרנדיקע ווערטער, ביז עס ענדיקט זיך דער פאַר־וואַקסענער וואַלד, און עס עפנט זיך אַ ליכטיקער קלאָרער הימל מיט אַ ברייטן אָפענעם וועג:

„אָט קומען טעג, זאָגט גאָט, און דער וואָס אַקערט וועט זיך אָנשטויסן אָן דעם וואָס שניידט, און דער וואָס טרעט ווייַנטרויבן אָן דעם וואָס וואַרפט די זייעכץ, און די בערג וועלן טריפן מיט זאַפט, און אַלע הויכע ערטער וועלן צעגאַנגען ווערן. און איך וועל אומקערן די געפאַנגענשאַפט פון מיין פאָלק ישראל, און זיי וועלן אויפבויען די פאַרוויסטע שטעט און זיך באַזעצן, און פלאַנצן ווײַנגערטנער און טרינקען זייער ווײַן, און מאַכן וואַקסן גערטנער און עסן זייער פרוכט. און איך וועל זיי אײַנפלאַנצן אויף זייער ערד, און זיי וועלן מער ניט אויסגעריסן ווערן פון זייער ערד, וואָס־איך האָב זיי געגעבן — זאָגט גאָט דײַן האַר״...

עמוס האָט זיך לאַנג אומגעדרייט איבער דער שטוב מיט אַן אַנט־שלאָסענעם גלאַנץ אין די אויגן, אויסגעוואַרט אַ מאָמענט, ווען די מוטער איז געבליבן אַליין אין קיך ביי שיילן קאַרטאָפל, צוגעגאַנגען און מיט אַ מאָדנעם שמייכל זאָג געטאָן צו איר אויף זיין פאַרשטעלטן שטייגער

אין ענגליש (זינט ער איז אויסגעוואַקסן האָט ער מיט דער מוטער אָנגע־הויבן רעדן ענגליש):

— מאַמע, דו הערסט? נביא, גיי, אַנטלויף פון דאַנען!...

— וואָס איז עמוסל? וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן? — פרעגט די מוטער אין יידיש, דערפילנדיק, אַז עמוס האָט איר צוגעטראָגן עפּעס אַן איינפאַל פון זיינע „משוגעתן".

— נביא, גיי אַנטלויף פון דאַנען! אַזוי זאָגט גאָט אונדזער האַר צו עמוסן. און איך פאָלג אים — איך אַנטלויף קיין פּאַלעסטינע!...

— וואָס עפּעס אינמיטן דרינען? שוין אַ נייע פאַנטאַזיע ביי דיר?

— ניט קיין פאַנטאַזיע, מאַמע! איך פאָר קיין פּאַלעסטינע זיין אַ חלוץ, ווי אָנקל בערל און טאָמער וועט דער טאַטע ניט לאָזן, וועל איך אַנטלויפן!

מיסעס דובראָוו האָט דערפילט אַ וואַרעמע פרייד אין האַרצן, וואָס איר קינד איז ענדלעך אַליין דערגאַנגען צו איר יוגנט־חלום. זי האָט זיך אָבער אויך דערשראָקן פאַר דעם אַנטשלאָסענעם גלאַנץ אין זיינע אויגן — ער קאָן טאַקע נעמען און אָפּטאָן אַ מעשה!... האָט זי אָנגעהויבן טענהן מיט אים, אַז ער מוז פריער כאָטש ענדיקן האַי־סקול, און אַז דער פאָטער וועט זיך מסתמא שטעלן אַקעגן, וואָרים ער איז שוין לאַנג אָפּגעקילט צו ארץ־ישראל. האָט אָבער עמוס געזאָגט, אַז אַוועקשטעלן אַזאַ נאַרישקייט, ווי אַ יאָר האַי־סקול, קעגן אַזאַ גרויסער זאַך, ווי פאָרן זיין אַ חלוץ אין ארץ־ישראל, איז פשוט אַ פאַרברעך! און וואָס ס'איז שייך דעם פאָטער, וועט ער אים אַזוי זאָגן: „דו האָסט דאָך מיר אַ נאָמען געגעבן ,עמוס' — וואָס האָסטו געמיינט דערמיט?"...

אַז מיסעס דובראָוו האָט אין אָוונט דאָס דערציילט דעם מאַן, האָט פיניע דובראָוו אַ ווײַלע זיך ווי פאַרטראַכט, אַ גלאַנץ געטאָן אַנטשלאָסן מיט די גרויע אויגן, צוגעגאַנגען צום ייִנגל, וואָס איז דאָ געשטאַנען אין אַ ווינקל מיט אַ פינצטערלעכן ברוגזן פנים, אַרויפגעלייגט אים די האַנט אויף דער פּלייצע און אַ זאָג געטאָן:

— גוט, עמוס, דו דאַרפסט גאָרניט אַנטלויפן. מיר פאָרן אַלע מיט דיר!

קאַפּיטל דריי

## עמוסעס גאולה־חלום

פּיניע דובראָווס פלוצימדיקער באַשלוס אַוועקצופאָרן מיט דער פּאַמיליע קיין ארץ־ישראל האָט פון אויבנאויף געקאָנט אויסזען ווי אַ קאַפּריזנער איינפאַל, ווי איינער פון זיינע שטענדיקע לייכטע איבערשפּרונגען פון איין עקסטרעם צום צווייטן. אין דער אמתן איז דאָס אָבער אַצינד געווען אַ סך ערנסטער און טיפער, ווי מע האָט פון אים געקאָנט דערוואַרטן. אַחוץ וואָס אַזאַ שריט האָט אים מיט איין מאָל באַפרייט פון זיינע פאַרפלאָנטעטע קאָמוניסטישע סימפּאַטיעס, וואָס זענען אים געוואָרן שטאַרק דערווידער זינט די קאָמוניסטן האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס, האָט אים עמוסעס אויפפלאַקערן פאַר ארץ־ישראל ווי געוואָרפן אַ נייעם העלן שיין אויף זיין ווייטערדיקן לעבנסוועג. ער איז געווען איבערראַשט, וואָס זיין עלטסט קינד, אַן אַמעריקאַנער „באָי״, האָט כמעט פון זיך אַליין זיך אָנגעצונדן מיטן זעלבן פייער, וואָס האָט אַמאָל געצונדן זיין אייגענע יוגנט, און ער האָט אין דעם דערזען ווי אַ מין באַדייטונגספולן צייכן פון אויבן. און דאָס, וואָס ער אַליין איז שוין באַלד ניט מער קיין יונגערמאַן, ער שטייט שוין אין אָנהייב פון די פערציקער יאָרן, און עמוס דערשיינט דאָ פאַר אים אי ווי דער לייבלעכער יורש פון זיינע יוגנט־אידעאַלן, אי ווי זיין יונגער בראָוער וועגווייזער אויף די קומענדיקע עלטערע יאָרן, — האָט שטאַרק גערירט זיין פאָטערלעך ענטוזיאַסטיש האַרץ.

אין דעם זונטאָגדיקן „קלוב״ האָט דובראָווס באַשלוס אַרויסגערופן אַ גאַנצע סענסאַציע. זיינע פריינד, אַפילו די, וואָס זענען געווען גענייגט צו דער ציוניסטישער זייט, האָבן דאָס אויפגענומען ווי אַ פאַנטאַזיע פון אַ משוגענעם. פון ארץ־ישראל זענען נאָך אַלץ דערגאַנגען ניט קיין פריילעכע ידיעות וועגן די נאָכווייענישן פונעם פּאָגראָם, וועגן אָפטע אייבצלנע אָנפאַלן פון אַראַבער אויף יידן, וועגן דער געדריקטער פּאָליטישער לאַגע דאָרטן, — וועלכער קלאָרער מענטש וועט דאָס אין אַזאַ צייט זיך לאָזן פאָרן אַהין מיט קליינע קינדער? אויף אַזעלכע אַרגומענטן האָט פּיניע

דובראָוו געענטפערט מיט אַ פעסטן ביטולדיקן שמייכל אין זיינע גרויע פאַנאַטיש־מוטיקע אויגן: ער האָט זיך אַמאָל ניט אָפּגעשראָקן פון די צאַ־רישע פּאָגראָמען און פון סיביר — וועט ער איצט נתפעל ווערן פון אַראַבישע באַנדיטן? אַדרבה, דווקא איצט איז די צייט, וואָס יידן דאַרפן פאָרן קיין ארץ־ישראל, אויף צו־להכעיס דער גאַנצער וועלט!... ער האָט דאָ אויך געהאַט אַ געטרייע שטיצערין ביי דער האַנט — זיין אייגן ווייב. מיסעס דובראָוו איז געווען העכסט־גליקלעך פון דעם, וואָס איר עמוס האָט אַזוי אומגעריכט באַהערשט דעם פאָטער און דערמיט געעפנט פאַר איר הויזגעזינד אַ וועג צום לאַנג־געגאַרטן ציל, — האָט זי נאָר ווייך געשמייכלט צו די זונטאָגדיקע געסט: „רעדט בעסער מיט מיין עמוסלען — ער וועט אייך געבן דעם ריכטיקן ענטפער!”

עמוס האָט אָבער איצט מער ניט געהאַט קיין אינטערעס פאַר די פוסטע שמועסן פון דעם טאַטנס זונטאָגדיקע פריינד. ער האָט גאָר מורא געהאַט, אַז דאָס צופיל רעדן זאָל דאָ עפּעס ניט קאַליע מאַכן. ער איז געווען פאַרטראָגן אין זיינע נייע חלומות און האָט געברענט פון אומ־געדולד: זאָל מען שוין עפּעס אָנהייבן טאָן, זאָל מען שוין גיכער פאָרן אַהין!... ער אַליין האָט קודם כל אויפגעהערט צו גיין אין האַי־סקול; דאָס איז פאַר אים געווען די בעסטע גאַראַנטיע, אַז ער איז שוין מער ניט קיין היגער. ער האָט דערקלערט די עלטערן, אַז ער וויל בעסער אַוועקגעבן זיין צייט אויף לערנען העברעאיש. האָט אים דער פאָטער געזאָגט, אַז ביי אים איז העברעאיש דווקא פון די קליינע זאַכן. ער האַלט גאָר, אַז אין ארץ־ישראל דאַרפן זיך יידן ערשט נעמען צו יידיש, און ער וועט טאַקע דאָרט אויפהייבן אַ קאַמף דערפאַר! די מוטער האָט אָבער צוגעזאָגט עמוסן, אַז אויפן וועג פון שיקאַגאָ קיין ארץ־ישראל וועלן זיי זיך אָפּשטעלן אויף אַ קורצער צייט אין ניו־יאָרק ביים זיידן, ביי איר פאָטער, וועלכער וועט זיך שעצן גליקלעך צו לערנען מיטן אייניקל די העברעאישע שפּראַך.

מיסטער דובראָוו האָט דערווייל געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט. ער האָט באַדאַרפט ליקווידירן זיין געשעפט פון אַלטע אויטאָמאָבילן, און די צייט איז פאַר דעם ניט געווען קיין גינסטיקע. עס האָט זיך אָנגערוקט דער קריזיס אויפן לאַנד, רייכע לייט זענען אָרעם געוואָרן, און דער מאַרק איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט גענוצטע אויטאָמאָבילן. פיניע דובראָוו איז אָבער פון אַזעלכע זאַכן ניט אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. ער איז אַזוי לאַנג אַרומגעלאָפן, געלאָזט אין גאַנג זיין גאַנצע ענערגיע, ביז ער האָט געמאַכט

אַ תכלית פון זיין געשעפט, פאַרקויפט עס פאַר אַ פינפטל פון זיין ווערט, צונויפגעשלאָגן אַ פאָר טויזנט דאָלער, געגעבן אַ פיינעם אָפּשידס־באַנקעט די באַזוכער פונעם זונטאָגדיקן „קלוב", און זיך געלאָזט מיטן ווייב און מיט די פיר קינדער (דאָס פערטע איז שוין געבאָרן געוואָרן אין שיקאַגאָ) אין וועג אַריין, קיין ניו־יאָרק, ווו ער האָט באַדאַרפט באַקומען די וויזע פאַר ארץ־ישראל.

אין ניו־יאָרק זענען זיי פאַרפאָרן צו מיסעס דובראָווס עלטערן, די שימשעלעוויטשעס, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּאָרט אויף דער עלטער אַ קליינעם קאַפּיטאַל און אַ צווייסטאָקיק הויז אין בראָנקס־פּאַרק און דאָרט געלעבט פאַר זיך אין אַלטער איינזאַמקייט, אָפּגעשיידט פון זייערע קינדער, וואָס זענען געווען צעשפּרייט איבערן לאַנד — אַחוץ דעם עלטערן זון, וואָס איז נאָך אין די יונגע יאָרן אַוועק קיין ארץ־ישראל. מיט ניינצן יאָר צוריק, אַז זייער טאָכטער, אַ בת־יחידה צווישן פינף זין, האָט זיי אָפּגעטאָן אַ מעשה, זיך פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט עפּעס אַ „טרעמפּ", אַ קצב־יונג, חתונה געהאַט מיט אים קעגן זייער ווילן און זיך אַוועקגעלאָזט ערגעץ ווייט, הינטער די הרי־חושך, האָט דער פאָטער, ר' אָרע שימשעלעוויטש, אַ שוחט פון דער היים, איר געלאָזט וויסן, אַז ער וויל זי מער ניט קענען. ער האָט אָבער דאָס וואָרט ניט געהאַלטן. עס זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז דער איידעם דער „טרעמפּ" האָט זיך אויסגעמענטשלט, געוואָרן אַ ביז־נעסמאַן, און די טאָכטער האָט געבוירן אַ זון, — האָט די מוטער אויס־געבאַקן אַ גרויסן האָניקדיקן פלאָדן, און דער פאָטער האָט געקויפט אַ קליי־נעם וואָלענעם טלית־קטן, איינגעמאַכט ציצית פאַרן אייניקל, און מע האָט אַוועקגעשיקט די פאַרשטויסענע קינדער אַ מתנה. פון דעמאָלט אָן האָבן אָנגעהויבן גיין הין און צוריק מתנות און הייסע בריוו, אין וועלכע די מוטער און די טאָכטער האָבן שטאַרק געבענקט איינע נאָך דער אַנ־דער'ער, זיך אַלץ געפרעגט, ווען דערלעבט מען שוין זיך זען? דער אָפּהאַלט איז געווען — פיניע דובראָווס האָנאָריסע איינגעשפּאַרטקייט: פאַרן אַוועקפאָר האָט ער זיך שאַרף צעווערטלט מיטן שווער, געזאָגט, אַז ער וועט אים דערווייזן, אַז ער איז אַ שענערער ייד פון אים — ער וועט מקריב זיין די בעסטע יונגע יאָרן, אום צו קאָנען באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. און כל זמן ער האָט נאָך געהאַלטן ווייט דערפון, איז מיסטער דובראָוון ניט אָנגעשטאַנען צו ווייזן זיך פאַרן שווער, און ער האָט אויך ניט דערלאָזט, אַז זיין ווייב זאָל דאָס טאָן.

ערשט איצט, אין נײַנצן יאָר אַרום, האָט זיך ביי די אַלטע שימשע־לעוויטשעס געעפנט די טיר און אין שטוב איז אַרײַנגעפאַלן אַ גאַנצע משפחה, אַ מאָדנע, ניט קיין געוויינלעכע, ניט קיין ענלעכע אויף אַנדערע. די עלטערן פון דער דאָזיקער משפחה, די אַמאָליקע אַנטלאָפענע יונגעלייט, האָבן זיך שטאַרק געביטן נאָר אויסערלעך, געוואָרן ברייטער, געזעצטער, מיט צעוואַקסענע געזיכטער, שוין אַפילו אָנגעהויבן צו גרויען, נאָר אינער־לעך זענען זיי פאַרבליבן די אייגענע פרייע נשמות מיטן אייגענעם ווינט אין די קעפּ, ווי אַמאָל. און די קינדער — די האָבן אויסגעזען גאָר טשי־קאַווע: אי אייגן, אי פרעמד, אי שטאָטיש, אי דאָרפיש, עפּעס ווי יידישע שקצימלעך, מיט יידישע פּנימלעך, נאָר ניט מיט קיין יידישע תנועות און גענג. און די נעמען זייערע, הגם זיי האָבן אַ יידישן קלאַנג, זענען עפּעס אויך געווען זעלטענע, אויסטערלישע נעמען (דאָס קלענסטע, אַ מיידעלע פון אַ יאָר דריי, האָט אַזש געהייסן ג ל י ק ל — אַ נאָמען נאָך דער פאַר־צייטיקער גליקל פון האַמעלן, דער באַוווּסטער מעמואַרן־שרייבערין אויף אַלט־יידיש). דער סאַמע טשיקאַווער פון זיי אַלעמען איז געווען דער עלטסטער, דער זיבעצן־יאָריקער עמוס. אַן אויסגעצויגן מאָגער בחורל, מיט ניט קיין שיינעם, ביינערדיקן, עטוואָס גויִשן פּנים, נאָר מיט שיינע גרויע פאַרטראַכטע אויגן, וואָס האָבן אים צוגעגעבן אַ מין טיפע וואַרעמ־קייט מיט אַ טיפן ערלעכן ערנסט, איז ער געשטאַנען אינמיטן שטוב מיט די הענט אין די הויזנקעשענעס, ווי אַ גרויסער, און מיט אַן אָפענעם באַ־האַרצטן שמייכל באַטראַכט זיינע נייע קרובים — דעם זיידן מיט דער באָבען. ער האָט צו זיי גלייך דערפילט אַ באַזונדערע צוגעלאָזטקייט. שוין דאָס אַליין, וואָס ער האָט אַ זיידן מיט אַ באָבען, אַלטע פרומע יידישע לייט, וועלכע שטעלן אים אַוועק מיט אַ דור נעענטער צו זיין אור־אַלטן שטאַם, צו די וווּנדער־צייטן פון די נביאים, — האָט אָנגעפילט זיין האַרץ מיט באַגייסטערונג. ער האָט זיך געעמיט צו רעדן מיט זיי יידיש, הגם דאָס איז אים אָנגעקומען שווערלעך, ווייל ער האָט באַדאַרפט זוכן ווערטער; דערפאַר איז זיין יידיש געווען אַן עכטער, אַ געקליבענער, אַזוי ווי זיינע טאַטע־מאַמע האָבן מיט אים גערעדט אין די קינדער־יאָרן, דאָרט אינעם פאַרוואָרפענעם שטעטל פון דער ווייטער וועסט. אַנשטאָט „פּליעז" האָט ער געזאָגט „זייט זשע מוחל" און אַנשטאָט „טהענק יו" — „אַ יישר־כוח"... אַ מאָדנער אַמעריקאַנער באַי!... ער האָט אַרויסגענומען פון זיין רענצל אַ קליינעם פאַרגעלטן טלית־קטן און עס

צוגעטראָגן דעם זיידן מיט גרויס פייערלעכקייט: „אָט דאָס, זיידע, איז דיין ערשטע מתנה צו מיר — איך האַלט דאָס טייער!" און צו דער באָבען האָט ער געזאָגט שוין אין שפּאַסיקן מאַנסבילשן טאָן: „דיינע האַרטע פלאָדן, באָבעלע, האָבן דעם אמתן טעם גן־עדן!"...

די באָבע האָט געהאַט גרויס נחת פון דעם פריילעכן טומל, וואָס איר געפונענע טאָכטער מיט די טשיקאַווע קינדערלעך האָבן אַריינגעבראַכט ערגעץ פון די ווייטע מקומות אין איר אַלט, שטיל, פאַראומערט לעבן. דערהויפּט איז איר דאָס האַרץ געוואַקסן פון פרייד, קוקנדיק אויף עמוסן — אַזאַ גרויסער אייניקל, קיין עין־הרע, און אַזאַ ערנסט קינד, אַ בר־דעת, רעדט יידיש ווי אַן אַלטער, אַ מחיה צו הערן!... זי איז שוין געווען קראַנק און שוואַך פון יאָרן, פאַרבראַכט אירע טעג צום מייסטן אין בעט, געזעסן מיט גרויסע ברילן אויפן קליינעם איינגעשרומפּענעם פּנים און פרום גע־לייענט די יידישע צייטונג פון טאָוול ביז טאָוול. זי האָט אָבער דערביי נאָך פאַרמאָגט אַ יונג נאַאיוו שמייכל, פּונקט ווי איר טאָכטער, און איר קול האָט אויך געקלונגען אַזוי ווייך, ווי דער טאָכטערס קול, און אַז זי פלעגט אַרויסרעדן דעם נאָמען „עמוסל", האָט דאָס דעם אייניקל געגלעט און געוואַרעמט ביים האַרצן, פּונקט ווי בשעת ער האָט עס געהערט פון זיין מוטערס מויל. דער זיידע ווידער, אַ הויכער ציכטיקער זקן, אַ מער פאַר־שלאָסענער אין זיך, אַ ברוגזלעכער אויפן קוק, האָט תופס געווען זיין אייניקל אַ ביסל אַנדערש. ער האָט נאָך ניט פאַרגעסן די עוולה, וואָס זיין איידעם האָט אים אָפּגעטאָן מיט יאָרן צוריק, האָט ער געזוכט חסרונות אויך אויף זיין קינד.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, — האָט ער זיך אויסגעשמועסט מיט זיין אַלטער, בלייבנדיק מיט איר אַליין, — אַזוי איז דער עמוס דווקא נישקשה פון אַ ייִנגל — אַ ווױלער, אַ געבילדעטער, אַ מענטש מיט גע־דאַנקען... נאָר איך האָב מורא, אַז ער וואַקסט פּונקט אַזאַ משוגענער, ווי דער טאַטע זיינער — ער וויל זיין אַנדערש פון דער גאַנצער וועלט!... וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס, אַז מע דערלאַנגט אַן אַמעריקאַנער באַי אַ גלאָז טיי, זאָגט ער: „אַ יישר־כוח"? „אַ יישר־כוח" זאָגט מען אין שול צו די כוהנים נאָכן דוכענען...

דאָס האָט שוין זיין ווייב פאַרדראָסן:

— איז וואָס זשע האָסטו געוואָלט, ער זאָל בעסער זיין געראָטן אין דיר און רעדן אַזוי ווי דו?... וויפל דאַרף ביי דיר ווערט זיין כאָטש דאָס,

וואָס דיין אייניקל איז, קיין עין־הרע, אַזוי פאַרקאָכט אין ארץ־ישראל, גייט אויפן זעלבן שטייגער, ווי אונדזער בערל זאָל געזונט זיין? מיר זאָל זיין פאַר זיי ביידן!...

אויף אַזעלכע ווערטער האָט דער אַלטער שימשעלעוויטש ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. בערל איז געווען זיין בעסטער זון, איינער פון די באַרימטע חלוצים, וואָס זיין נאָמען איז עטלעכע מאָל דערמאָנט געוואָרן אַפילו אין די אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען און האָט אים פאַרשאַפט צווישן די שול־יידן גרויס כבוד. אויך ארץ־ישראל איז פאַר אים געווען ניט קיין קלייניקייט. ער וואָלט אַליין זיך אַריבערגעקליבן אַהין, אויסצולעבן דאָרט דאָס רעשט פון זיין לעבן, ווען די אַלטע ביינער וואָלטן נאָך כּוח געהאַט פאַר אַזאַ ווייטער נסיעה.

דערווייל האָט זיך עמוס אַרומגעדרייט איבער די פרעמדע ניו־יאָרקער גאַסן עפּעס שטאַרק פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, ניט געמאַכט מיט קיינעם קיין באַקאַנטשאַפט, אויף קיין זאַך ניט אומגעקוקט זיך. קיין העברעאיש ביים זיידן האָט ער אויך ניט געלערנט. דער זיידע האָט אים אָפן דערקלערט, אַז ער אַליין איז גאַנץ ווייט פון העברעאיש. מאַכטייסע, אַז מע דאַרף אָנשרייבן אַ בריוול אויף לשון־קודש — שרייבט ער... ווען עמוס וואָלט געקענט עברי, וואָלט ער מיט אים בעסער געלערנט אַ פרשה חומש מיט רש״י, צי אַ שטיקל שולחן־ערוך, ער זאָל וויסן אַ דין אין יידישקייט, כאָטש ווי אַזוי צו לייגן תפילין...

— ניין, זיידע, זיי מיר מוחל, — האָט אים עמוס אָפּגעענטפערט אויף זיין טשיקאַווע לשון — תפילין ליגט מיר ניט אין קאָפּ, ווייל — ווי זאָל איך דאָס אויסדריקן? — איך בין אַ פרייַדענקער... דו, זיידע, זאָג מיר בעסער: וואָס קאָנסטו מיר דערציילן פון משיחן?...

— וואָס הייסט, וואָס קאָן איך דיר דערציילן פון משיחן? — האָט אים דער זיידע אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. — וואָס עפּעס אינמיטן דערינען משיח?

— מיר, יידישע קינדער, וואַרטן דאָך אויף משיחן!

— אַוודאי וואַרטן יידן אויף משיחן — דעריבער איז וואָס? וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט דיר?...

— וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט? — האָט זיך אַריינגעמישט די באָבע פון דעם אָפענעם שלאָפצימער. — דאָס קינד פאָרט קיין ארץ־ישראל, ווייל

ער נעבאַך וויסן פון משיחן!... וואָס דינגסטו זיך מיט אים — דערציייל אים פון משיחן!... עס קאָסט דיר געלט, קאָסט עס דיר?

— אָט איז זי דאָ אויך אַ תנא דמסייע לך (אַן אַרויסהעלפערין)! — ווערט שוין דער זיידע אין כעס. —וואָס וועל איך זיך אַוועקזעצן איצמיטן דער וואָך דערציילן אַזאַ אַמעריקאַנער באַי פון משיחן?... וואָס ווייסט אַזאַ ווי ער וועגן משיחן? געפונען אַ נייעם ענין — משיח!...

דעם וועג צו משיחן האָט שוין אָבער עמוס געטראָפן אַליין, אָן דער הילף פון זיידן. ער האָט זיך פאַרקליבן אין דער גרויסער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק, אין דער יידישער אָפּטיילונג, אָפּגעזעסן דאָרט אין אַ שטילן ווינקל גאַנצע טעג און געשלונגען ביכער, אויף ענגליש, פון דעם מין, וואָס ער האָט שוין לאַנג געזוכט: זאַמלונגען פון יידישע לעגענ־דעס, אָפּהאַנדלונגען וועגן יידישער מיסטיק, וועגן דעם משיח־געדאַנק און די משיח־אויסברוכן אין דער יידישער היסטאָריע. ער האָט דאָרט אויך אויסגעפונען גאָר אַן אַלטן אוצר: יאָזעפוסעס געשיכטע פון דער יידישער מלחמה מיט די רוימער. עס האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט ברייט און הויך די אור־אַלטע העלדישע וועלט פון זיינע עלטער־זיידעס, אַ באַשטראַלטע מיט ווונדערלעכן גלאַנץ, אַ דורכגענומענע פון הייסע, שטאַרקע ליידנ־שאַפטן, אַן אָנגעפילטע מיט רייכן, לעבעדיקן געררויש, מיט צויבערלעכע קלאַנגען, אַ באַהערשטע פון בראַווע צאָרנדיקע קעמפער, וואָס שפרינגען אין פייער פאַר זייער לאַנד און זייער פאָלק. די אַלטע ווונדערשיינע שטאָט ירושלים, די פרייד פון דער גאַנצער ערד, האָט געברויזט און געקאָכט מיט אָטעם־פאַרכאַפּנדיקן אינהאַלט, און הויך איבער דער דאָזיקער שטאָט, אויפן שענסטן פון אירע בערג, אונטער דער ליכטיקער זון, האָט געפלאַקערט ווי אַ וועלט־פאַקל דער גאָלדענער דאַך פון איר געטלעכן טעמפּל. און דאָס אַלץ איז פּלוצים געגאַנגען צו גרונט, איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ לאַנגן שוואַרצן טרויער־וועג, אַ טיפע אומעטיקע בענקשאַפט אויף טויזנטער יאָרן...
דער גאַנצער אַנטיק איז דאָ געווען, וואָס די אַלע ווונדערלעכע זאַכן זענען דערציילט געוואָרן אמתדיק און קלאָר פון איינעם אַ מענטשן, וואָס האָט דאָס אַליין געזען מיט די אויגן, אַליין דורכגעלעבט. עמוס איז געקומען אַהיים אָן איבערגעפילטער מיט די דאָזיקע נייע איבערלעבונגען, און אַזוי ווי די מוטער איז אין ניו־יאָרק אָפּט אַרומגעפאָרן מיט וויזיטן צו אירע אַמאָליקע פריינד און חברטעס, האָט ער אויסגעגאָסן זיינע געפילן אויף זיין באַזונדערן קוריאָזן שטייגער, ביים בעט פון דער אַלטער באָבע:

— דו הערסט, באָבעלע? מיר זענען קינדער פון אַ גרויסן העלדישן פאָלק!... דו האָסט באַדאַרפט הערן די רעדע פון אלעזרן אויפן באַרג „מצדה" פאַר מאַנסבילן און ווייבער מיט קליינע קינדער, וואָס האָבן דער־נאָך אַלע זיך איבערגעשניטן די העלדזער...

— ווייי איז מיר, ווו? — האָט די באָבע געפרעגט, אַ דערשראָקענע אויף טויט.

— ניט ווייט פון ירושלים, מיט אַכצן הונדערט זיבן און פופציק יאָר צוריק... ווען דער בית־המקדש האָט אָפּגעברענט...

— אַאַאַ, דו רעדסט גאָר פון יענע זאַכן?... טפו, איך האָב זיך אַזוי דערשראָקן, עמוסל! געמיינט — שוין ווידער חלילה אַן אומגליק מיט די אַראַבער... טפו, טפו, טפו!...

דער דאָזיקער געשפּרעך מיט דער אַלטער באָבען אין האַלב־שפּילעוו־דיקן טאָן איז ביי עמוסן נאָר געווען אַ מיטל צו פאַרמאַסקירן פאַר דער וועלט זיינע ברויזנדיקע געפילן. וואָרים אינווייניק ביי זיך האָט ער איצט איבערגעלעבט אַזעלכעס, פון וואָס ער וואָלט מיט קיינעם ניט גערעדט, אַפילו ניט מיט זיין מוטער. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ וועלט פון פאַנ־טאַסטישע זעאונגען, וואָס האָבן אים איינגאַנצן פאַרכאַפּט. פון תמיד אָן, נאָך אַלס קינד, האָט ער געהאַט אַ טבע צו פאַנטאַזירן, פאַרצושטעלן זיך זאַכן אין פרייע, איבערגעטריבענע געשטאַלטן און לאַגעס. די לעצטע עטלעכע חדשים האָט ער זיך געקוויקט מיט דער פאָרשטעלונג פון זיין צוקינפטיקן לעבן אין ארץ־ישראל, ווי אַזוי ער וועט אַרבעטן אומדער־מידלעך צווישן די חלוצים, באַווייזן וווּנדער, צעגראָבן אַן אַ שיעור שטיינערנע בערג, אויסטריקענען זומפּן, זיך אויסלערנען שיסן פון אַ ביקס, אָנוואַרפן אַ שרעק אויף די אַראַבישע היצלעס... דאָס זענען אָבער אַלץ געווען רעאַליסטישע פאַנטאַזיעס, וואָס זענען ניט אַוועק צו ווייט פון דער מעגלעכערווירקלעכקייט. איצט, נאָכדעם ווי ער האָט אַזוי נאָענט דער־קענט די ווונדערלעכע פאַרגאַנגענהייט פון זיין פאָלק, האָבן אים אַזעלכע קלייניקייטן מער ניט באַפרידיקט. עס האָט אים גענומען ציען צו עפּעס גאָר גרויסעס, און ער איז ביסלעכווייז אַריבער צו אַ וועלט פון אויסערגע־וויינלעכע דמיונות. ער האָט זיך אַליין אָנגעהויבן זען ווי דעם אויסלייזער פון יהודה — דער וואָס וועט דורכפירן די לעצטע גרויסע באַפרייאונג פון דעם געיאָגטן און געפייניקטן פאָלק. און דורכפירן וועט ער דאָס דווקא אויף אַ נאַטירלעכן, וויסנשאַפטלעכן וועג. ער וועט באַהערשן דעם סוד

פון דער זון, דערגרייכן איר אור־קראַפט, אַרויסבאַקומען פון איר אַ מין טויטלעכן שטראַל, וואָס וועט קאָנען די וועלט אָדער חרוב מאַכן, אָדער גליקלעך מאַכן. ער וועט זי גליקלעך מאַכן... און פריער פון אַלץ וועט ער גליקלעך מאַכן זיין אייגן פאָלק... פאַרקומען וועט דאָס, ווען ער וועט שוין זיין דאָרט אויפן אָרט, אין ארץ־ישראל. ער וועט אָנטרויען זיין סוד דעם אָנקעל בערל מיט נאָך עטלעכע פון זיינע חברים, אַלע בראַווע, מוטיקע חלוצים, וואָס וועלן זיך אָנשליסן צו אים ווי טרייע אַדיוטאַנטן. זיי וועלן זיך אויסזוכן אַ טיפע הייל ערגעץ אין די פעלזיקע בערג פון יהודה, וואָס אַרום ירושלים, און דאָרט אַרבעטן אין באַהעלטעניש אויף זייער גרויסן סוד — פּאַרטיק צו מאַכן די ווונדערמאַשין, וואָס טראָגט אין זיך דעם שרעקלעכן טויטלעכן שטראַל. און אַז אַלצדינג וועט זיין גרייט, וועלן זיי זיך אַרויסלאָזן אויף דער וועלט אויף אַ זיכער־באַשיצטן עראָפּלאַן, און קודם כל — אין דער געפאַנגענער שטאָט ירושלים...

עמוס האָט זיך קלאָר פאַרגעשטעלט זיין אַריינפאָר אין ירושלים, וועלכע איז אים אַצינד אַזוי גוט באַקאַנט געוועזן פון יאָזעפוסעס באַשריי־בונגען: ווי אַזוי ער וועט דאָרטן ווייזן זיינע ווונדער פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג, פאַר יידן, אַראַבער און ענגלענדער, ווי אַזוי ער וועט אָנ־שטעלן זיין טויטלעכע מאַשין אויף פוסטע הייזער, בריקן אוןביימער( (ניט חלילה אויף לעבעדיקע באַשעפענישן), און אַלץ וועט אין איין אויגנבליק פאַרוואַנדלט ווערן אין קויל און אַש. ער האָט זיך אויסגעמאָלט דאָס געלויף פון די צעשראָקענע אַראַבישע מחנות, די אונטערטעניגקייט פון די שטאָל־צע, אָנגעבלאָזענע ענגלענדער, די גדולה פון די דערפרייטע יידן... און דער רעזולטאַט דערפון וועט זיין — אַ געשלאָסענער שלום אויף אייביק צווישן אַלע צדדים, אַ פעסטער אָפּמאַך, אַז מע לאָזט יידן צוריק אויפבויען זייער לאַנד אויף די פּרינציפּן פון העכסטער גערעכטיקייט, אַזוי ווי ס׳איז זיי געצייכנט געוואָרן דורך זייערע אַלטע נביאים. דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלץ. די ידיעה וועט זיך באַלד צעטראָגן איבער דער גאַנצער וועלט: עפּעס אַ ווונדערלעכער משיח האָט זיך באַוויזן אין ארץ־ישראל, אַ יונג יידיש בחורל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע אין אַ פאַרוואָרפע־נעם שטעטל אין דער וועסט, צווישן פאַרמער... און ער שרעקט די וועלט מיט חורבן, ער וויל נעמען נקמה פאַר די טויזנט־יאָריקע ליידן פון זיין פאָלק... אַלע פעלקער פון אייראָפּע, דערהויפּט די ענגלענדער, וועלן אויפ־געציטערט ווערן, אַרויסשיקן צו די ברעגן פון ארץ־ישראל אַ פאַראייניקטן

מלחמה־פּלאַט. ווערט ער דעם פּלאַט אין איין האַלבע שעה פאַרניכטן — מע דאַרף קיין פּלאַט ניט, אויס מלחמה צווישן פעלקער!... דערנאָך וועט זיך ערשט אָנהייבן זיין טריאומף־צוג איבער דער וועלט, ווו ער וועט מיט זיין וואונדער־מאַשין אויסבערענען אַלע שפּורן פון מענטשלעכער רשעות, אויסראָטן אַלדאָס בייז, ברענגען פעלקער און לענדער צו אייביקן גליק, און איבער אַלץ און אַלעמען וועט הערשן דער געלייטערטער ליכטיקער גייסט פון ישראל...

עמוס האָט גוט געוווּסט, אַז ס'איז אַן אומגעגלעכע קינדערשע פאַנטאַזיע, און האָט פון צייט צו צייט איבער זיך אַליין חוזק געמאַכט. ער האָט זיך אָבער פון די דאָזיקע חלומות ניט געקאָנט באַפרייען, געזונקען אין זיי וואָס ווייטער אַלץ טיפער, ווי אין אַ געטלעכן נעבל, באַרוישט פון דער זיסקייט און שטאַרקייט, מיט וועלכע עס זענען געווען אָנגעטרונקען אַלע ברייט־באַטראַכטע און דייטלעך־פאָרגעשטעלטע איינצלהייטן. ער האָט געשפּונען זיין וואונדערלעכן חלום אומעטום, אַפילו פאָרנדיק אין סאָבוועי פון דער שטאָט־ביבליאָטעק אַהיים אין בראָנקס פּאַרק, הענגענדיק אויפן „סטראָפּ" (רימען־הענטל) צווישן דעם געדיכט־אָנגעפּאַקטן עולם. וויפל מאָל האָט ער פאַרגעסן, ווו ער איז אין דער וועלט, און איז אַזוי פאַרפאָרן ביז דער לעצטער סטאַנציע אין קוני־איילאַנד, אַראָפּגעגאַנגען צום באָארד־וואָק (שפּאַציר־בריק), און ערשט דאָרטן, איינער אַליין אין פאַרנאַכטיקן שימער, ביים גערויש פונעם אָקעאַן אין טיפן האַרבסט, אַ געטריבענער פונעם ווינט, האָט ער פריי געלאָזט די פליגלען פון זיין פאַנטאַזיע.

קאַפּיטל פיר

## אויפן שיף־דעק

די וויזע פאַר ארץ־ישראל איז פיניע דובראָווין אָנגעקומען ניט אַזוי לייכט. אַ מטופל מיט אַ פאַמיליע און מיט אַ היפּשן באַגאַזש, האָט ער געמוזט פאָרן ווי אַ „קאַפּיטאַליסט", צושטעלן די געפאָדערטע סומע געלט, נאָר דערצו האָבן אים ניט געקלעקט זיינע קאַפּיטאַלן. ווענדן זיך נאָך פּראָטעקציע צו די ציוניסטן, אויסנוצן דעם זכות פון זיין שוואָגער, וואָס איז אַ חשוב ביי די אַרבעטער אין ארץ־ישראל, — דאָס איז אים ניט אָנגעע־

שטאַנען. ער האָט געהאַלטן, אַז ער איז מיט די ציוניסטן, און אַפילו מיט זיין אייגענעם שוואָגער, גאָר אַ קליינער מחותן; ער פאָרט קיין ארץ־ישראל ניט דערפאַר, ווייל די ציוניסטן האָבן פאַר אים אויסגעקליבן דאָס לאַנד, נאָר ווייל ער אַליין האָט עס אויסגעקליבן. איז די אַלטע שוויגער, די גוטע באָבע שימשעלעוויטש, זיצנדיק אַ קראַנקע אין בעט, געפאַלן אויף אַ המצאה: זי האָט געפּועלט ביי איר מאַן, ביים ברוגזן רב אָרע שימשע־לעוויטש, ער זאָל אויסהעלפן דעם איידעם מיט אַ ביסל געלט פון זייער אָפּגעשפּאָרטן קניפּל, און זאָל דאָס זיין פאַררעכנט ווי נדן פאַר דער אייג־ציקער טאָכטער, וואָס זיי האָבן אַמאָל פאַרפּעלט צו געבן. איז דאָס אָבער מיסטער דובראָוון נאָך ווייניקער אָנגעשטאַנען: מער פעלט אים ניט, נאָר נעמען צו פערציק יאָר נדן ביי אַלטע לייט! אַדרבה, ער טראַכט גאָר, אַז ביי דער ערשטער מעגלעכקייט וועט ער זיי שטיצן, אויסהאַלטן אויף דער עלטער בכבוד גדול!... ער האָט זיך געגומען וואַרפן אויף אַלע זייטן, ווי אַ פיש אויפן אייז, נאָר עס האָט ניט געהאָלפן — דער פאַרשאַרפטער קריזיס אין לאַנד האָט פאַר אים פאַרשטעלט אַלע וועגן.

די פאַרצווייפלטע לאַגע פון די עלטערן האָט זיך באַזונדער שווער געלייגט אויף עמוסעס פאַרחלומטן פליען אין די הימלען. ס'איז גראָד גע־ווען די צייט, ווען ניו־יאָרקער יידן האָבן אויפגעשטורעמט מיט אַ מאַסן־פּראָטעסט קעגן דעם אָפּשטעל פון דער חלוצים־אימיגראַציע אין ארץ־ישראל. צענדליקער טויזנטער מענטשן, יונג און אַלט, האָבן אַרומגערינגלט און איבערגעפילט דעם קאָלאָסאַלן „מעדיסאָן־סקווער גאַרדען", ווו באַ־רימטע אַמעריקאַנער פּערזאָנען, יידן און ניט־יידן, האָבן שאַרף געטאַדלט די ענגלענדער, וואָס האָבן געבראָכן זייער היסטאָרישן אָפּמאַך מיטן יידישן פאָלק. עמוס איז דאָ געזעסן מיט דער מוטער צווישן דער אָנגעצונדענער מענגע מענטשן, אויסגעהערט די פּאַטעטישע רעדעס, וואָס האָבן מיט אַ באַ־זונדער מעטאַלענער, באַרוישנדיקער קראַפט אַרויסגעקלונגען פונעם מעגאַ־פאָן, און ער האָט געגליט ווי אויף הייסע קוילן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי ער קומט צו פליען אויף זיין וווּנדער־מאַשין צום באַלאַגערטן „מעדיסאָן סקווער גאַרדען" און שרייט־אַראָפּ צום אויפגערודערטן עולם זיין צאַרנדיק נבואיש וואָרט: „קינדער פון ישראל, נאָך מיר! איך וועל לערנען די ענגלענדער דרך־ארץ גאָר אויף אַן אַנדער אופן!..." ער האָט דאָ גלייך אויפן אָרט דערקלערט דער מוטער, אַז ער קאָן שוין מער ניט וואַרטן — ער מוז, ער מוז וואָס גיכער זיין דאָרטן! ער איז באַדאַי גרייט

זיך אָנבעטן אויף אַ פּראַכט־שיף, וואָס גייט קיין ארץ־ישראל, ווי אַן איוון־הייצער!... דער מוטער האָט דאָס פאַרקלעמטביים האַרצן, און דעם זעלבן אָוונט האָט זי מיט טרערן אויסגעווירקט ביים מאַן, ער זאָל אָננעמען דעם פאַרגעלייגטן שטיק פון אירע עלטערן — ניט חלילה ווי „נדן", נאָר ווי אַ געוויינלעכע הלוואה. דערביי האָט אָבער מיסטער דובראָוו בפירוש אויסגערעדט, אַז ער וועט צאָלן די אַלטע לייט פּינקטלעכע באַנק־פּראָצענטן — ביי אים גייט דאָס אַנדערש ניט!... און אַזוי האָט מען זיך ענדלעך געזעצט אויף דער ערשטער עקסקורסיע־שיף, וואָס איז אָפּגעגאַנגען קיין ארץ־ישראל.

אויף דער שיף האָט פּיניע דובראָוו די ערשטע טעג זיך געהאַלטן פרעמדלעך צום גאַנצן פריילעכן גערודער פון די יידישע טוריסטן, ניט געוואָלט אויסמישן זיך מיט אַלעמען, דערהויפּט מיט די ציוניסטן און מיט די כשרע יידן אין יאַרמלקעס, זיך פאַרשריבן אינעם עס־זאַל דווקא ביי אַ טריפהן טיש, געזעסן דאָרט מיט די קינדער צווישן עפּעס טונקל־הויטיקע פּראָסטע פאַרשוינען, באַלקאַנער צי סיריער, וועלכע האָבן קוים פאַרשטאַנען ענגליש. ער האָט אויך געוויַכט פון די יידישע „אסיפות" אויפן דעק און אין די זאַלן, און מער פון אַלץ — פון דעם ענגן געזעמל, ווו מיסטער צעדערבוים, דער העברעאישער לערער, האָט הייס געדרשנט וועגן ארץ־ישראל. ער האָט דעם דאָזיקן מיסטער צעדערבוים גלייך מבטל געמאַכט אין האַרצן: וואָס קאָן שוין ער, אַן עקסט־ראַדיקאַלער מענטש, כמעט אַ קאָמוניסט, דערלעבן פון אַ יידן אַ מלמד, וואָס פּראָוועט מגידות און שיט מיט פּסוקים?... עס האָט זיך אָבער גראָד געמאַכט אַזוי, אַז זיין שטול אויפן דעק איז געשטאַנען אין שכנות מיט מיסטער צעדערבוימס שטול, און די פרויען האָבן גיך געשלאָסן צווישן זיך באַקאַנטשאַפט. דערווּסט זיך פון מיסעס דובראָוו, ווער איר ברודער איז אין ארץ־ישראל, איז מיסטער צעדערבוים אַריין אין התפעלות: עפּעס אַ קלייניקייט ב ע ר ל ש מ ש י (אַזוי האָט מיסעס דובראָווס ברודער געהעברעאישט זיין נאָמען שימשעלעוויטש) — איינער פון אונדזערע בעסטע חלוצים!... דאָס האָט געבראַכט צו אַ גרויסער דערנענטערונג צווישןביידע פאַמיליעס. מיסטער צעדערבוים האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט זיין נייעם באַקאַנטן, באַוווּנדערט זיין מוט און זיין אומאָפּהענגיקע איבערגעגעבנקייט צו ארץ־ישראל, און דערמיט צעשמאָלצן דאָס אייז אין זיין ראַדיקאַלן האַרצן. און כאָטש פּיניע דובראָוו האָט אָפן דערקלערט זיין פּרינציפּיעלע קעגנער־

שאַפט צו העברעאיש, פון דעסטוועגן האָט ער אין די געשפּרעכן גאַנץ גערן אַרויסבאַוויזן, אַז ער אַליין געדענקט נאָך אויך פּסוקים פון תנ״ך מיט גמרא־ווערטלעך — אַן איבערבלייבעניש פון אַמאָליקע יונגע יאָרן, איידער ער האָט זיך געלאָזט וואַנדערן איבער די ראַדיקאַלע וועגן.

אויך עמוס האָט די ערשטע צייט זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, געשפּאַצירט אויפן דעק איינער אַליין, אַן אַנגעכמורעטער, אַ פאַר־שלאָסענער אין זיך. ס'איז געווען ביי אים דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט דערזען נאָענט פאַר די אויגן אַ טייל פון יענע מענטשן, מיט וועמען ער האָט פאַרקניפּט אין געדאַנק זיין צוקינפטיק ווונדערלעך לעבן — און ס'איז אים פּלוצים באַפאַלן אַ מאָדנע אַנטוישונג: די פּנימער האָבן אים אויסגעוויזן אַזוי געוויינלעך, אַזוי וואָכעדיק, אַזוי ווייט פון דעם, וואָס גליט ביי אים אינוויייניק ווי אַ העליש פייער! דערהויפּט האָט ער געקוקט קרום אויף די עטלעכע חלוצים, וואָס זענען אַרומגעלאָפן איבערן דעק מיט פריילעכע, לייכטע, האָפּערדיקע טריט, פּונקט ווי זיי האָבן שוין אַלצדינג דערגרייכט, אין דער צייט וואָס ביי אים איז דאָס האַרץ אָנגעלאָדן מיט שווערן אומעט און ביטערן צאַרן, ווי ביי די פאַרביטערטע צאַרנדיקע העלדן פון ירושלים אַמאָל. ער זוכט ערשט אַ וועג, ווי אַזוי צו דערהייבן זיין פאָלק צום העכסטן שטאַנד, און דער וועג איז פאַרפּלאָנטעט מיט אומ־מעגלעכע ווונדער. ער איז אַרויס דעם ערשטן אָוונט זען, ווי אַזוי די דאָ־זיקע חלוצים טאַנצן אַ „האָראַ״ און זינגען העברעאישע לידער, געשטאַנען פון דער ווייטן איינער אַליין אין אַ ווינקל און געטראַכט מיט ביטערן, איינזאַמען שטאָלץ, אַז זיין האַרץ איז פול מיט גאָר אַן אַנדער געזאַנג, אַ טיפערן, אַ העכערן, וואָס דערלאַנגט הויך אין די הימלען. ער האָט אויך געטראַכט, אַז ווען ער דערציילט פאַר אָט די לייכטזיניקע טאַנצנדיקע בחו־רים, מיט וואָס פאַר ווונדערלעכע פאַנטאַזיעס זיין קאָפּ איז פאַרנומען, וואָלטן זיי אים פון מסתמא געמאַכט דאָס גרעסטע געלעכטער, — און ער האָט זיך דערפון באַצייטנס דערפילט טיף־באַליידיקט, און זיינע פלאַ־מענדיקע חלומות האָבן זיך געגומען לעשן, ווי פון אַ פרעמדן קאַלטן ווינט, אויסגעקוקט פאַר אים אַליין מאָדנע ווילדע, קינדעריש אומגעלומפּערט.

די מוטער, וואָס עמוסן האָט ניט אָפּגעלאָזט פונעם אויג, האָט באַ־מערקט זיין מעלאַנכאָלישע איינזאַמקייט און האָט דאָס אויסגעטייטשט, אַז מסתמא לעבט ער אַזוי איבער, אויף זיין שטייגער, די גרויסע פּאַסירונג פון דער נסיעה. באַקענענדיק זיך נאָענט מיט מיסעס צעדערבוים, האָט זי

איצט געהאַט פאַר ווענען אָפּצולויבן אין טאָג אַריין איר זון, וואָס פאַר אַ זעלטן קינד ער איז, אַן ערנסטער, אַ טיפער, גאָרניט ענלעך אויף אַלע אַנדערע אַמעריקאַנער קינדער, דערציילט די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי ער איז געווען דער גורם, אַז איר פאַמיליע זאָל אויסוואַנדערן קיין ארץ־ישראל. מיסעס צעדערבוים איז אויך ניט געבליבן קיין בעל־חוב און האָט פון איר זייט זיך אַ באַרים געטאָן מיט איר שולמיתן, ווי פעאיק זי איז, הויך געבילדעט אין ביידע שפּראַכן, סיי אין ענגליש, סיי אין העברעאיש, קען אויף אויסווייניק גאַנצע שטיקער שעקספּיר און גאַנצע קאַפּיטלען תנ"ך, און אין ארץ־ישראל איז זי אַזוי פאַרקאָכט, אַז זינט מע האָט זיך געזעצט אויף דער שיף, עסט זי ניט און טרינקט ניט, זיצט גאַנצע טעג צווישן אַלטע יידן און קאָן זיך זאַט ניט אָנהערן מיט זייערע מעשיות וועגן די וווּנדער פון תל־אביב. וויבאַלד אַזוי, האָט מיסעס דובראָוו אויסגעקוקט אַ מאָמענט, ווען די מיסעס צעדערבוים האָט שולמיתן מיט גוואַלד אַרויס־געפירט אויפן דעק, זי זאָל כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט, און האָט צוגערופן צו די שטולן דעם איינזאַם־שפּאַצירנדיקן עמוסן.

— עמוסל, — האָט זי אים געזאָגט אויף ענגליש, — איך וועל דיך באַקענען מיט זייער אינטערעסאַנטע מענטשן: מיסעס צעדערבוים און מיס שולמית צעדערבוים. מיט שולמיתן דאַרפסטו זיך ספּעציעל אינטערעסירן: זי קען די ביבל אויף אויסווייניק, אין אָריגינאַל.

עמוס האָט העפלעך, אַ ביסל שעמעוודיק, זיך פאַרנייגט פאַר דער פרעמדער פרוי, און אויף איר בלאַנד געגרייזלט טעכטערל מיט די בלויע קינדערשע אויגן האָט ער נאָר געוואָרפן פון דער זייט אַ פאַרוווּנדערטן בליק: זי האָט אים אויסגעוויזן זייער קליין, און עס האָט אים פאַרדראָסן, למאי זיין מוטער האָט זי פאָרגעשטעלט פאַר אים, ווי זיינס אַ גלייכן. און אַז זי קען די ביבל, איז וואָס? וואָס פאַרשטייט אַזאַ „בייבי" אין דער ביבל?... ער איז געשטאַנען עטלעכע מינוט ביי די שטולן אַ שווייגנדיקער, אַ ברוגזלעכער, ניט געוווּסט וואָס ער האָט דאָ צו טאָן. און פּלוצים האָט ער אַ בורטשע געטאָן „עקסיוז מי", זיך אויסגעדרייט און איז ניט געוואָרן.

— מיין עמוס איז זייער אַ שעמעוודיקער, — האָט אים מיסעס דובראָוו פאַרענטפערט. — דערהויפּט פילט ער זיך ניט פריי אין דער געזעלשאַפט פון פרויען. ער איז נאָך גאָר אַ קינד.

ווען עמוס הערט פון דער מוטער אַזאַ מיינונג וועגן זיך, וואָלט ער זיך נאָך מער באַליידיקט. עמוס האָט זיך שוין לאַנג ניט געפילט ווי קיין קינד

אין שייכות צו פרויען. אַדרבה, ער אַליין האָט זיך גאָר גערעכנט פאַר אַ פרויען־קענער, און נאָך מער — פאַר אַ פרויען־פאַראַכטער. ער האָט געהאַלטן, אַז אויסער זיין מוטער (און לעצטנס איז אויך צוגעקומען די אַלטע באָבע שימשעלעוויטש), איז אויף דער גאַנצער וועלט ניטאָ קיין איין פרוי אַ רעכטע. ער איז דערגאַנגען צו אַזאַ געדאַנק ניט נאָר ווייל ער האָט זיך אָנגעלייענט מיט פרויען־פיינטלעכע ביכער, נאָר אויך פון אייגענער טרויעריקער דערפאַרונג. עמוס האָט פאַר זיינע זיבעצן יאָר שוין באַוויזן איבערצולעבן צוויי אומגליקלעכע ליבעס, און ביידע דווקא אין איין צייט — איינע אַן ערדישע, אַ נידעריקע, אַ קערפּערלעכע, און די צווייטע אַ געהויבענע, אַ ריינע און אַ פיינלעכע, אַזאַ וואָס האָט אים געגעבן צו פילן דעם ערשטן יוגנט־ווייטאָג מיט זיין גאַנצער שאַרפקייט און זיסקייט. די ערדישע ליבע האָט זיך אים באַוויזן אין דער געשטאַלט פון אַ יאָדערדיק ווייבל מיט אַ טונקעלן ציגיינערישן פּנים און מיט הייסע שעלמישע אויגן, זיין מאַמעס אַ פריינדין, אַ שטענדיקע באַזוכערין פון דעם זונטאָגדיקן „קלוב" ביי זיי אין הויז. דאָס דאָזיקע ווייבל, שוין ניט קיין יונגע, נאָר אַ באַטעמטע, מיט אַלע ווייבלעכע זאַפטן, האָט אַרויסגעגעבן פון זיך אַ בריענדיקע זינדיקע וואַרעמקייט, און עמוסן האָט זי אָפּט געברענט מיט אירע הייסע לאַכנדיקע אויגן — צי ווייל זי האָט דערמיט געענטפערט אויף זיינע פאַרגנבעטע אומזיכערע בליקן, צי ס'איז איר גלאַט געפעלן געווען צו רייצן זיך מיט אַזאַ טשיקאַווען בחורל. און איינמאָל אַ זונטאָג האָט מיט עמוסן פּאַסירט אַן אויסערגעוויינלעכע פּאַסירונג: ער איז געזעסן ביי זיך אין חדרל, אויף דער סאָפעקע, איבער אַ בוך, איז אַריינגעקומען דאָס ווייבל מיט ווייכע קעצישע טריט, זיך צוגעזעצט נאָענט צו אים, ווי זי וואָלט וועלן זען וואָס ער לייענט, און פּלוצים אַרומגענומען זיינע מאָגערע אַקסלען מיט איר גאַנצער ווייכער בריענדיקער ווייבלעכקייט, דערביי אים אַ זאָג געטאָן קעציש־לאַשטשענדיק: „עמוסל, אַלץ מיט די ביכער? ווען וועסטו שוין אָנהייבן אויסגיין זונטאָג מיט מיידלעך?"... עמוסן האָט אַ שפּאַר געטאָן דאָס גאַנצע בלוט אין פּנים אַריין. ער האָט זיך אַ הייב געגעבן פונעם אָרט, אַריינגעלייגט די הענט אין די קעשענעס און איז געשטאַנען פאַר איר מאָדנע דערשראָקן, אָן ווערטער. דאָס ווייבל האָט אים אַ ווילדע אָנגעקוקט מיט אירע שעלמישע ציגיינערשע אויגן, אויפגעשטאַנען און אַרויס אין עס־צימער צו זיין מוטער מיט אַ געלעכטער: „אוי, איז אייער עמוס אַ קאָמישער באָי!"... פון דעמאָלט־אָן איז עמוס

אַריינגעפאַלן אין אַ געדיכטן הייסן נעבל, געזונקען אין זינדיקע געדאַנקען, זיך געפילט ווי איינער, וואָס האָט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט דאָס גרעסטע ערדישע גליק, אַרויסגעקוקט אויף די זונטאָגס, טאָמער וועט זיך די געשיכטע איבערחזרן נאָך אַ מאָל, זיין פאַרפירערין וועט זיך ווידער דערנענטערן צו אים מיט איר ווייבלעכער פראַכט, וועט ער שוין דעמאָלט דרייסטער זיין, ער וועט איר באַווייזן, אַז ער איז גאָרניט אַזאַ קאָמישער באַי... ער האָט אָנגעהויבן לייענען ראָמאַנען, אויסגעזוכט די סאַמע פּי־קאַנטע, מיט אָפענע עראָטישע באַשרייבונגען, געוואָרן אַן אָפטער באַזוכער אין די פילם־טעאַטערס, נאָר דאָס געגאַרטע גליק האָט זיך מער ניט איבער־געחזרט. דאָס שעלמישע ווייבל האָט זיך עפעס געמאַכט גאָר ניט וויסנדיק, פונקט ווי קיין זאַך האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט.

האָט עמוס אַריבערגעטראָגן די פיינלעכע בענקשאַפט פון זיין אויפגעַ־וועקטער יוגנט אויף אַ צווייטן ווייזן. ער האָט זיך אָנגעהויבן צוקוקן צו איינער אַ שילערין אין האַי־סקול, טאָקע פון זיין קלאַס — אַ צאַרטע שיינהייט, אַ ליכטיקע, אַ רואיקע, מיט אַ זעלטן שיינעם פאַרטראַכטן שמייכל אין די מאַטע מאַנדל־אויגן. ער האָט זיך פאַרליבט אין איר שמייכל, אין אירע פרישע אונטערגעשוירענע קאַשטאַנען־האָר, אין איר ווייסן סוועטער, אין אירע שיין־געשניטענע אויערן, אין דעם פיינעם רואיקן בויג פון אירע דינע צאַרטע אַקסלען. שוין דער קילער ווינטערדיקער ריח, וואָס זי האָט יעדן פרימאָרגן אַריינגעבראַכט מיט זיך אין קלאַס אַריין, האָט אָנגעפילט זיין האַרץ מיט זיסן נאָגנדיקן ווייטאָג. ער האָט געוווסט, אַז נאָך עטלעכע פון זיינע חברים, שענערע און פלינקערע פון אים, זענען אין איר פאַרליבט, נאָר ער האָט זיך געטרייסט מיט דער האָפענונג, אַז סוף־כל־סוף וועט זי אַנערקענען נאָר זיין ווערט, זיינע פאַרבאָרגענע גייסטיקע מעלות. ער האָט אויף אַזאַ אופן געטיילט זיין ליבע צווישן צוויי וועזנס: דעם זונטאָג־דיקן ווייבל האָט ער געגעבן זיינע ערדישע, זינדיקע געדאַנקען, און זיין חברטע, דער אויסדערוויילטער פון זיין האַרצן — דאָס גאַנצע לעבן.

נאָר ביידע ליבעס האָבן זיך פאַר אים געענדיקט ביטער. דאָס ווייבל האָט פלוצים, איינמאָל אַ זונטאָג, געבראַכט מיט זיך צו זיי אין שטוב אַריין אַ גרויסע איבעררּאַשונג: אירן אַ זון, אַ היפשן נאַרישוואַטן בחור, וואָס איז געווען מיט אַ יאָר עלטער און מיט אַ קאָפּ העכער פון עמוסן. אויף אַזאַ זאַך האָט זיך עמוס ניט גערעכט: זיין געליבטע איז גאָר אַ מוטער, פונקט אַזאַ מוטער, ווי זיין מאַמע! ער האָט אַ טראַכט געטאָן: ווען אָט

דער נאַרישער בחור, אַשטייגער, זאָל זיך אַרומטראָגן מיט אַזעלכע מיאוסע מחשבות וועגן זיין מאַמע, וואָלט ער דאָך אים דערשאָסן אויף טויט!...

ער האָט אויפגעשווידערט פון אַזאַ אַנטפּלעקונג און פעסט באַשלאָסן, אַז ער מוז אויסוואָרצלען פונעם האַרצן זיין זינדיקע ליבע צו דער עלטערער פרוי, קיין זכר פון איר זאָל ניט בלייבן.

נאָך אַזאַ באַשלוס האָט שוין עמוס געקאָנט זיך איבערגעבן מיט אַלע זיינע באַפרייטע חושים דער איינציקער אויסדערווײלטער פון זיין האַרצן. איצט איז אים געגאַנגען אין לעבן נאָר איין זאַך: ער מוז איר געבן צו וויסן וועגן דעם! ווי אַזוי זשע אָבער מאַכט מען דאָס, אַז זיין כבוד זאָל דערפון ניט ליידן? ער האָט אַזוי לאַנג געטראַכט, ביז ער האָט זיך דער־טראַכט צו אַן אויסטערלישן איינפאַל, וואָס דאָס אַליין האָט איר באַדאַרפט וויזן, אַז ער איז ניט קיין געוויינלעכער מענטש, ווי אַלע. ער האָט איר אַוועקגעשיקט אַ בריוו אָן אַן אונטערשריפט, נאָר עטלעכע שורות, געשריבן מיט שיינע געדרוקטע אותיות: „איבּ דו ווּעסט טרעפן, וועער עס שרייבט דיר די דאָזיקע ווערטער, וועסטו וויסן, ווער עס וועט טראָגן דיין געשטאַלט ביי זיך אין האַרצן ביזן קבר". צו זיין גרויסער איבעראַשונג האָט ער אויפן צווייטן טאָג באַקומען פון איר אַן ענטפער, אויך אָן אַן אונטערשריפט און אויך געשריבן מיט שיינע געדרוקטע אותיות, — נאָר צוויי ווערטער: „פּור פיש" (אָרעם פישל)...

אַזאַ גרויזאַמע באַליידיקונג האָט עמוסן שיר ניט צעבראָכן. אויף אַלע זיינע געפּייניקטע טעג און נעכט האָט יענע ניט געפונען קיין אַנדער ענט־פער, נאָר אַ נאַריש ווערטל: „פּור פיש"!... ער איז אַ וואָך צייט ניט גע־גאַנגען אין סקול, זיך געוואַלגערט ביי זיך אין חדרל אויף דער סאָפקע, אונטערן אויסרייד, אַז ער איז ניט געזונט, שוין אַפילו געטראַכט נעמען נקמה פון זיין באַליידיקערין דורך זעלבסטמאָרד. נאָר אַנשטאָט צו באַגיין זעלבסטמאָרד, האָט ער ערגעץ באַקומען שאָפּענהויערס טראַקטאַט וועגן פרויען און זיך געשטילט דאָס האַרץ מיט דער שאַרפער קריטיק פון דעם באַרימטן פילאָזאָף אויפן ווייבלעכן געשלעכט. און שפּעטער, אַז ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם געדאַנק וועגן ארץ־ישראל, האָט ער אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז עס זענען דאָ פרויען אויף דער וועלט. וואָס העכער זיין פאַנטאַזיע איז געפלויגן אין די הימלען, אַלץ ווייניקער האָבן אים באַזוכט די נידעריקע ערדישע געפילן.

פון דעסטוועגן, נאָך דער ערשטער שטומער באַקאַנטשאַפט מיט דער

קליינער שולמית, האָט איר חנעוודיק בלאָנד פּנים מיט די בלויע קינדערשע אויגן איבערגעלאָזט ביי עמוסן אין האַרצן אַ וואַרעמען שפּור. שוין דאָס אַליין, וואָס איר נאָמען איז שולמית, האָט ביי אים געוועקט אַ געפּיל פון עפּעס, וואָס איז באַזונדער רייצנד. ער האָט אָנגעהויבן נאָכקוקן נאָך איר ביי יעדן מאָלצייט אינעם עס־זאַל, אָפּט אַריינגעקוקט אין דעם אָפּרו־זאַל, געזען, ווי זי זיצט דאָרט אַ ליכטיק־פּאַרטראַכטע צווישן דעם געזעמל מיט יידן, — און דאָס האַרץ האָט אים גענומען ציען צו איר וואָס ווייטער אַלץ מער. און איינמאָל אין אַ פרימאָרגן האָט ער זי אָפּגעוואַרט ביים אַרויסגאַנג פון דעם עס־זאַל, זיך באַגריסט מיט איר, ווי מיט אַ דער־וואַקסענער, און געפרעגט, צי וויל זי ניט אַרויסגיין מיט אים אויפן דעק, ווייל דער טאָג איז היינט זייער אַ שיינער.

— מיט פאַרגעניגן! — האָט שולמית געזאָגט און איז שטאַרק רויט געוואָרן.

אַרויסגעקומען אויפן דעק און זיך פאַרקליבן ערגעץ אין אַ ווינקל ביי דער פּאַרענטשע, זענען זיי ביידע געשטאַנען עטלעכע מינוט אָן ווערטער, באַרוישט פון דער פרישער קרעפטיקער ים־לופט אין דעם זוניקן ווינטער־דיקן פרימאָרגן, געקוקט, ווי אַזוי די שיף שניידט זיך אַ וועג אין די שטאַרקע בלויע וואַסערן, הוידעט זיך ווייך אַרויף און אַראָפּ און לאָזט איבער הינטער זיך אַ טיף־צעאַקערטע שוימיקע בייט. דער ערשטער האָט אָנגעהויבן רעדן עמוס.

— איך בין אייך שטאַרק מקנא, — האָט ער געזאָגט אין אַ ריינעם, געקליבענעם ענגליש אין ליטעראַרישן סטיל, — וואָס איר קענט אונדזערע נביאים אינעם העברעאישן אָריגינאַל. איך אַליין בין געבוירן אין אַ פאַר־וואָרפענעם פאַרמער־שטעטל, ווו מע האָט מיך געלערנט רעדן נאָר אַ ביסל יידיש, אָבער ניט קיין העברעאיש. איך באַדויער דאָס מיטן גאַנצן האַרצן...

— איר האָט אָבער אַזאַ שיינעם העברעאישן נאָמען, — האָט אים שולמית געטרייסט. — איך בין באַגייסטערט פון אייער נאָמען — ניטאָ קיין שענערער נאָמען, ווי עמוס!...

— נאָך שענער פון שולמית?

— שולמית איז דאָך געווען דער נאָמען פון אַן אומבאַקאַנטער פרוי. אָבער עמוס איז דער שענסטער נאָמען צווישן אַלע נביאים!

עמוס איז געווען שטאַרק צופרידן פון אַזאַ הויכער מיינונג וועגן זיין נאָמען. ער האָט אַריינגעלייגט די הענט אין די קעשענעס, אַ קוק געגעבן

אויף שולמיתן פריער ערנסט, דערנאָך זיך צעשמייכלט מיט אַ ליכטיקן שמייכל און אַ זאָג געטאָן:

— נביא, גיי אַנטלויף!

— וואָס מיינט דאָס? — האָט שולמית געפרעגט אויך מיט אַ שמייכל.

— איר ווייסט דען ניט? איר האָט דאָך געלערנט די נביאים. ווי אַזוי האָט גאָט געזאָגט צו עמוסן? „נביא, גיי אַנטלויף!"...

— אָה, איך ווייס שוין וואָס איר מיינט! איך האָב מיך דערמאָנט!...

— ווי אַזוי גייען די דאָזיקע ווערטער אויף העברעאיש? — האָט זיך עמוס אינטערעסירט צו וויסן.

— אויף העברעאיש? וואַרט אַ מינוט... יאָ... „ח ו ז ה, ל ך ב ר ח!"... ביי ביאַליקן איז דאָ אַ ליד אונטער דעם נאָמען... נאָר, אַנטשולדיקט... מיר דאַכט, אַז ניט גאָט האָט דאָס געזאָגט צו עמוסן, נאָר אַ מענטש, אַ כוהן מיטן נאָמען אַמציה...

— איר ווייסט אַזוי פיל יידישע זאַכן! — האָט עמוס באַמערקט מיט אַ זיפץ. — אויב אַזוי, טרעפט, וואָס וועל איך זיין אין ארץ־ישראל?

— אַ פּאַסטוך! — האָט שולמית געזאָגט, אַן אויפגעלויכטענע פון עמוסעס קאָמפּלימענט.

— געטראָפן — אַ פּאַסטוך, ווי דער נביא עמוס... דערצו נאָך אַן ערד־אַרבעטער און אַ וויינגערטנער... ווי נאָר איך גיי־אַראָפּ פון שיף, אַזוי וועל איך מיך לאָזן צופוס צו מיין אָנקל אין עמק־יזרעאל, אין דער קבוצה... און איר וואָס וועט דאָרט טאָן?

— מיין פאָטער וויל, איך זאָל דאָרט פריער ענדיקן די תל־אביבער האַי סקול.

— האַי סקול? — האָט זיך עמוס פאַרקרימט. — אין ארץ־ישראל אויך האַי סקול?...

— מיין פאָטער וויל אַזוי... — האָט זיך שולמית פאַרענטפערט.

— אָבער נאָכדעם ווי איר וועט ענדיקן האַי סקול, וועט איר אפשר קומען צו אונדז אַרבעטן אין עמק יזרעאל? אויב איר ווילט, וועלן מיר אַרבעטן אין דער קבוצה צוזאַמען...

— מיט פאַרגעניגן! — האָט שולמית געזאָגט און איז ווידער רויט געוואָרן.

— און דאָס איז נאָך ניט אַלץ, — האָט עמוס פלוצים אַ זאָג געטאָן נאָך אַ שטילשווייגן.

— וואָס איז ניט אַלץ ?

— אַ פּאַסטוך, אַ ווייִנגערטנער... מיר האָבן נאָך דאָרט, אין אונדזער אַלטן לאַנד, גאָר אַ גרויסע זאַך צו טאָן...

— וואָס פאַר אַ זאַך ? — האָט שולמית געפרעגט מיט גרויס נייגיריקייט.

„דערציילן איר ? — האָט עמוס אַ טראַכט געטאָן. — וועט זי דאָס כאַטש ריכטיק אָפּשאַצן ?"... ער האָט אַ קוק געגעבן אויף איר, ווי זי שטייט דאָ אַנטקעגן דער פרי־מאָרגנדיקער זון מיט אַ דורכגעלויכטעטן צעפלאַטערטן בלאָנדן קאָפּ, אַ גלייביקע, אַ צוגעלאָזטע צו אים פון דער ערשטער מינוט, און ער האָט באַשלאָסן זיך אָנטרויען פאַר איר מיט זיין שענסטן חלום, וואָס ער האָט ביז אַהער ניט אַנטפּלעקט פאַר קיין לעבעדיקן מענטשן, אַפילו ניט פאַר זיין אייגענער מאַמע. ער האָט אָנגעהויבן דער־ציילן זיין ווונדער־פּלאַן שטיל, אין טיפן, אמתדיקן טאָן, ווי אַ זאַך וואָס ער זעט קלאָר פאַר די אויגן און לעבט עס דורך מיט אַלע חושים, אויסגע־זוכט און צוגעפּאַסט צו דעם די שענסטע פּאָעטישע שפּראַך, ווי ער וואָלט דעקלאַמירט פון אַ בוך, און וואָס ווייטער ער האָט גערעדט, אַלץ מער האָט ער זיך צעוואַרעמט, אַריין אין עקסטאַז, געמאָלט ווונדער־בילדער אין רעאַליסטישע פאַרבן, מיט אַלע פּינקטלעכע וואָרהאַפטיקע איינצלהייטן, אַזוי אַז שולמית האָט געעפנט מויל און אויערן, אַ באַצויבערטע פון אַזאַ קלאָרער, ליכטיקער זעאונג, פון אַזאַ ווונדערלעכן חלום אויף דער וואָר.

— וואָס פאַר אַ שיינע פאַנטאַזיע ! — האָט זי אויסגערופן און געקוקט אַנטציקט אויף עמוסעס פאַררויטלטן פּנים. — מיין פאָטער האָט דאָס באַדאַרפט הערן !...

— אָט וועט איר גיין און דאָס דערציילן אייער פאָטער, וועט מען פון דעם מאַכן אַ געלעכטער... — האָט זיך עמוס אָנגעכמורעט.

— גאָט באַהיט, איך וועל קיינעם ניט דערציילן ! דאָס וועט ביי מיר זיין אַ הייליקער סוד ! ס'איז דאָך ווי אַ חלום פון משיחן !...

עמוס האָט ווידער אויפגעלויכטן. — אויב אַזוי, וועל איך אייך זאָגן נאָך עפּעס. פריער איז ביי אונדז אויף דער פליענדיקער מאַשין ניט געווען קיין פרוי, ווייל איך האָב מורא געהאַט, אַז אַ פרוי וועט אָנמאַכן צרות... נאָר איצט, אויב איר ווילט, קאָנען מיר אייך אויך אַרויפלאָזן אויף אונדזער מאַשין... איר וועט זיין די איינציקע פרוי ביי אונדז... ווילט איר ?

— מיט פאַרגעניגן ! — האָט שולמית געזאָגט, אינגאַנצן אַ באַגאָסענע פון זון און פון אויפגעפלאַמטן גליק.

קאַפּיטל פינף

# עמוס און שולמית

די באַקאַנטשאַפט מיט עמוסן איז געווען פאַר שולמיתן אַ גרויסע אומ־געריכטע פּאַסירונג, אַ נייע באַרוישנדיקע איבערלעבונג, וואָס האָט זי אויפ־געוועקט פון איר אָפּגעזונדערטער פאַרחלומטער וועלט און איבערגעפילט איר נאַאיווו קינדערש האַרץ מיט מאָדנע ניט־געפּרוּווטע געפילן, געמישט פון פרייד מיט שרעק.

שולמית האָט ביז אַהער ניט געהאַט קיין נאָענטע חברים און חברטעס. אויפגעהאָדעוועט און אָפּגעהיט פון דרויסנדיקן איינפלוס אין דעם פאָטערס העברעאישער אַראַנזשערייע, אַ געוויקלטע און אויסגעוואַרעמטע אין צאַר־טער וואַטע, ווי אַן אויסדערוויילט קינד פון דעם אויסדערוויילטן פאָלק, האָט זי אויף אַלע אַנדערע יידישע קינדער אין גאַס און אין דער אַמעריי־קאַנער שול געקוקט מיט דעם פאָטערס אויגן — ווי אויף „גלות־קינדער״. האַלב־פרעמדע באַשעפענישן, כמעט פון אַן אַנדער שבט, וואָס קערן זיך ניט אָן מיט איר אינוויינִיקסטער וועלט און מיטן אויסגעחלומטן וווּנדער־לעכן לעבן, וואָס איז אַנגעבורייט אין דער צוקונפט נאָר פאַר איר אַליין. און כאָטש שולמית איז בטבע געווען אַ באַשיידן שטיל קינד, אַ גוטע נאַאיווע זעל, האָט זי זיך איינגעוויינט צו טראַכטן פון זיך אַליין ווי פון אַן אויסנאַם, פון אַ העכערן וועזן, אַזאַ וואָס איז פון סאַמע געבוירן אָפּגע־טיילט געוואָרן פון אַלע אַנדערע קינדער, געהייליקט געוואָרן פאַר עפּעס אַ גרויסן, געהויבענעם צוועק. און פּונקט אַזוי פרעמד האָבן אויף איר גע־קוקט אירע יידישע חברים און חברטעס אין שול — ווי אויף עפּעס אַ קור־יאָזע דערשיינונג, אַ טשיקאַווע בריאה, וואָס רופט אַרויס אי נייגעריקייט, אי שפּאַס. אין דער שול האָבן זיך געפונען נאָך קינדער, ייִנגלעך און אַפילו עטלעכע מיידלעך, וואָס האָבן אין די נאָכמיטאָג־שעהן באַזוכט אַ „היברו סקול״, געלערנט יידישקייט אויפן שפּיץ מעסער, דערהויפּט געגרייט זיך צו דער צערעמאָניע פון בר־מצוה. אָבער קיינער פון זיי האָט דאָס ניט גענומען ערנסט און איז ניט געווען אַזוי צונויפגעוואַקסן מיט דער אַלטער יידישער וועלט, ווי דאָס קליינע בלאָנדע מיידעלע, וועמען חברה האָבן

אַ נאָמען געגעבן „ליטל ראַבאַי שולמית״. דער דאָזיקער נאָמען אַליין, הגם ער האָט געקלונגען מער שפּאַסיק ווי בייזוויליק, איז שוין געשטאַנען ווי אַ וואַנט צווישן שולמיתן און די איבעריקע שול־קינדער.

איצט, אַז עמוס האָט זיך פאַר איר באַוויזן פונקט בשעת זי איז געווען אויפן וועג צום נייעם לעבן, האָט ער זיך איר אויסגעמאָלט אין דמיון ווי אַן אומגעוויינטלעכע געשטאַלט, ווי אַ מלאך געשיקט פון אויבן — דער ערשטער אָנזאָגער פון דעם נאָענטן ווונדערלעכן חלום, וואָס וועט זיך באַלד אָפּשפּילן פאַר אירע אויגן אויף דער וואָר. עמוס איז פאַר איר געווען, נאָך איר פאָטער, דער ערשטער מאַנספּאַרשוין, וואָס האָט איר אַרויסבאַוויזן מיט אַ מאָל אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט, זיך גלייך אָנגעטרויט צו איר מיטן גאַנצן האַרצן, דערביי איז ער געווען ניט סתם אַ שול־יינגל, נאָר שוין אַ דערוואַקסענער, העכער פון איר מיט אַ קאָפּ און עלטער מיט גאַנצע דריי יאָר, און אַזוי אינטערעסאַנט מיט זיין אויסזען און מיט זיין גאַנצער האַלטונג, פונקט ווי פון אַ בוך אַרויס, גערעדט אָריגינעלע רייד מיט אַ זעלטענער פּאָעטישער שפּראַך, ווי אַן עכטער דיכטער, און איז געווען טיף באַהנט מיט זיין אומגעריכטן שמייכל אויפן אָנגעכמורעטן פּנים, וואָס שיינט פּלוצים אויף, ווי די זון צווישן וואָלקנס. און איבער אַלץ — זיין גרויסער ווונדערלעכער סוד, וואָס ער פירט מיט זיך קיין ארץ־ישראל, זיין צויבערלעכער פאַנטאַסטישער פּלאַן, מיט וועלכן ער וועט אויפרודערן די וועלט און גליקלעך מאַכן זיין פאָלק, ווי אַ נייער משיח. דאָס וואָס עמוסעס פּלאַן איז דערווייל נאָר אַ פאַנטאַזיע — האָט אויף אַ האָר ניט געשטערט איר באַגייסטערונג פאַר אים. צווישן די סך זאַכן, וואָס שולמית האָט געוווסט וועגן יידן און וועגן ארץ־ישראל, איז אויך געווען הערצלס בבואיש וואָרט צום יידישן פאָלק: „אויב איר וועט וועלן, וועט דאָס ניט זיין קיין פאַנטאַזיע״. און עמוס איז ביי איר גלייך אויסגעוואַקסן אין דער געשטאַלט פון אַ צווייטן הערצל, וואָס איז געקומען צו פאַרווירקלעכן דעם חלום פון דעם ערשטן, און נאָך מיט אַ גרעסערן פאַרנעם. שוין דאָס אַליין, וואָס עמוס קומט פון אַ פרעמדער וועלט, פון דער וועסט, פון אַ פאַרמערשער סביבה, קען קיין העברעאיש ניט, ווייסט ווייניק וועגן יידן, נאָר ער האָט פון זיך אַליין זיך אָנגעצונדן מיט אַ געטלעכן פייער צו זיין דער אויסלייזער פון זיין פאָלק, — האָט אים געמאַכט אין אירע אויגן אַזוי ענלעך אויף הערצלען אין זיינע יונגע יאָרן. און איר איז דאָס באַשערט, אַז אַזאַ זעלטענער מענטש זאָל זי אויסקלייבן

פאַר זיין חברטע און אַרומפּליען מיט איר אויף זיין ווונדער־מאַשין!...

שולמית איז געווען אַזוי גליקלעך צערודערט דערפון, אַז זי האָט דאָס געמוזט מיטטיילן דעם פאָטער. זי האָט אָבער דערביי געפילט אַ מאָדנע אומרואיקייט: צי וועט זי מיט איר באַגייסטערונג פאַר אַ פרעמדן מאַנס־פאַרשוין ניט באַליידיקן דעם פאָטער? צי מיינט דאָס ניט, אַז דערמיט וועט איר גרויסע ליבשאַפט צום פאָטער געמינערט ווערן?... פון דעסט־וועגן האָט זי ניט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון, און טרעפנדיק דעם פאָטער איינעם אַליין אויפן דעק־שטול, האָט זי אים אַנטפּלעקט איר גליקלעכן סוד מיט שעמעוודיקע, אָפּגעהאַקטע ווערטער, ווי געוויינלעך, אויף העברעאיש:

— דו ווייסט, טאַטע? איך האָב זיך באַקענט מיט איינעם אַ ייִנגל... מיט יענעם בחור פון דער וועסט, וואָס זיין נאָמען איז עמוס... ער איז אַזאַ ווונדערלעכער מענטש!...

מיסטער צעדערבוים האָט זיך אַזש אויפגעזעצט אויפן שטול. ער האָט דערהערט אין זיין טעכטערלס קול עפּעס אַ נייעם קלאַנג און דערזען אויף אירע בעקלעך אַ נייע אויפגעפלאַמטע פאַרב.

— אָט מיט דעם דובראַווס בחורל? — האָט ער געפרעגט ווי אומ־צופרידן. — מיט וואָס זשע איז ער אַזאַ ווונדערלעכער מענטש?

— ער טראָגט ביי זיך אין האַרצן אַזעלכע גרויסע געדאַנקען!

— למשל, וועלכע גרויסע געדאַנקען?

— ער האָט געבעטן, איך זאָל קיינעם ניט דערציילן...

— אַזוי גאָר, טאָכטער מיינע? — האָט מיסטער צעדערבוים געזאָגט נאָך מער אומצופרידן. — דו האָסט שוין סודות, פון וועלכע איך טאָר ניט וויסן?...

— חלילה, טאַטע ניט קיין סודות! — איז שולמית מאָדנע רויט גע־וואָרן. — נאָר עמוס איז זייער אַן אָריגינעלער מענטש און אַ באַשיידענער. ער שעמט זיך פאַר אַזעלכע ווי דו. ווען דו זאָלסט אָבער הערן, ווי אַזוי ער רעדט פון ארץ־ישראל, וואָלסטו אויך געווען באַגייסטערט...

— אָהאָ, ער רעדט מיט דיר פון ארץ־ישראל? — האָט זיך דער פאָטער גלייך באַרואיקט. — אויב אַזוי, איז עפּעס אַנדערש... ברענג אים צו מיר, וועל איך מיט אים אויך אַ שמועס טאָן, אַ שמעק טאָן אין זיין קרוג...

— ער קען אָבער קיין העברעאיש ניט! — האָט שולמית באַצייטנס

געוואָלט באַוואָרענען איר חבר. — ער זאָגט, אַז ער איז זיך שטאַרק מצער, וואָס מען האָט אים קינדווייז ניט געלערנט.

— ווער האָט אים געזאָלט לערנען — דער טאַטע זיינער, דער פּרא־אָדם, וואָס פאָרט קיין ארץ־ישראל איינפירן דאָרט זשאַרגאָן?... הכלל, טאָכטער מיינע, ברענג שוין אַהער אָט דעם עמוסן, איך וויל אויף אים אַ קוק טאָן.

אַז שולמית האָט געבראַכט עמוסן די פריילעכע בשורה, אַז איר פאָטער וויל אים זען, האָט זיך עמוס גלייך אָנגעכמורעט און פעסט דערקלערט, אַז ער וועט מיט איר פאָטער זיך ניט באַקענען.

— פאַרוואָס? — האָט שולמית געפרעגט מיט אַ געפאַלענעם קול.

— דערפאַר, וואָס אייער פאָטער, זאָגט מען, איז אַ גרויסער געלערנ־טער אין יידישקייט, און איך בין אין די זאַכן, ווי מען רופט דאָס אין יידיש, אַ גרויסער עם־הארץ. מיר פאַסן זיך ניט איינער צום אַנדערן...

— דאָס איז ריכטיק, — האָט שולמית מסכים געווען. — מיין פאָטער איז אין יידישער וויסנשאַפט זייער און זייער אַ געלערנטער מאַן. נאָר אויב איר ווילט, וועל איך אים בעטן, ער זאָל דאָ מיט אייך לערנען אַ ביסל העברעאיש. ער וועט דאָס אייך גערן טאָן.

— ניין, אויף דעם וועל איך געוויס ניט איינגיין! — האָט עמוס אַרויס־געזאָגט שוין אין שאַרפן צערייצטן טאָן. עס האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס שולמית האָט אַזוי גיך מסכים געווען, אַז איר פאָטער מיט זיין געלערנטקייט שטייט העכער פון אים. דערזען אָבער, ווי אַזוי שולמית איז פון זיינע ווערטער געוואָרן באַטריבט, האָט ער פלוצים, אין סאַמע מיטן זיין פאַרכמורעטקייט, זיך ליכטיק צעשמייכלט:

— איר ווייסט, שולמית, לערנט איר מיט מיר העברעאיש! איר זענט דאָך אויך זייער אַ געלערנטע.

— מיט פאַרגעניגן! — האָט שולמית זיך אָנגעכאַפּט אָן אַזאַ גליק־לעכן אויסגאַנג און האָט ווידער העל אויפגעשיינט. זי האָט אָבער איצט געהאַט פאַר זיך אַ שווערע שליחות: זי האָט באַדאַרפט איבערגעבן דעם פאָטער, אַז עמוס וויל זיך פאַר אים ניט באַווייזן, ווייל ער שעמט זיך מיט זיין עם־הארצות.

— וואָס הייסט, ער שעמט זיך? — האָט מיסטער צעדערבוים זיך גע־וווּנדערט. — זאָג אים, דעם פּרא־אָדם, אַז ביי אונדז אין פּרק שטייט גע־

שריבן: לא הבּיישן לָמד — דער וואָס שעמט זיך, וועט זיך קיינ־מאָל ניט אויסלערנען!

— אָבער עמוס איז ניט קיין פּרא־אָדם, טאַטע! — האָט שולמית זיך באַליידיקט פאַר איר חבר און מיט געבעט אין די בלויע קינדערשע אויגן געפּרוווט פאַרטיידיקן אים. — אָט וויל ער אַליין, איך זאָל מיט אים לערנען העברעאיש...

מיסטער צעדערבוים האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ פאַרחידושטן שמייכל. זיין פאָטערלעך האַרץ איז געווען אי גערירט, אי דערשראָקן. וואָס זיין יונג טעכטערל איז ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיטן ערשטן בחורל געוואָרן אַזוי אויפגערודערט און מאָדנע טעטיק.

— איך זע, טאָכטער מיינע, — האָט ער געזאָגט, — אַז דו האָסט זיך גענומען ערנסט אַריינצוברענגען אָט דעם עמוסן אונטער די פליגל פון דער שכינה...

— איך טו דען דערמיט אַ שלעכטע זאַך? — האָט שולמית געפרעגט פאַרווירט.

— חלילה, ווער זאָגט דען? אַדרבה, לערן מיט אים העברעאיש, וועלן מיר זען וואָס דערפון וועט אַרויסקומען.

אַצינד איז געשטאַנען די פראַגע, ווי אַזוי זאָל עמוס לערנען העברע־איש. שולמית האָט געוואָלט גיין אין דעם פאָטערס וועג, באַנוצן זיך מיט דער זעלבער „באַטירלעכער שיטה", וואָס מיסטער צעדערבוים האָט גע־ברויכט זיין גאַנץ לעבן מיט זיינע תלמידים, דאָס הייסט: איינחזרן די ווערטער פון דער שפּראַך דורך באַגלייטנדיקע באַוועגונגען און ממשות־דיקע זאַכן. אַשטייגער, עמוס דאַרף זיך אַוועקזעצן אויף דער באַנק און זאָגן: „אני יושב על הספסל". דערנאָך זאָל ער אויפשטיין פון דער באַנק און ווידער זאָגן: „אני קמתי מעל הספסל". אַז ער זעט ווי די זון פאַרגייט, דאַרף ער זאָגן: „השמש שוקעת". דערנאָך, אַז די לבנה וועט אויפגיין, וועט ער זאָגן: „הירח עולה"... עמוסן איז אָבער די דאָזיקע שיטה גאָרניט גע־פעלן געוואָרן. ער האָט דערקלערט, אַז ס'איז אַן עסק ניט פאַר אים, נאָר פאַר קליינע קינדער. אַזאַ מענטש ווי ער קאָן זיך ניט אָפּגעבן מיט אַזעלכע נאַרישקייטן, ווי זעצן זיך אויף דער באַנק און אויפשטיין פון דער באַנק — ער האָט וויכטיקערע זאַכן מיט וואָס צו פאַרנעמען זיך...

— פאַרגעסט ניט, שולמית, — האָט ער געזאָגט, שטייענדיק פאַר איר אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער הייך, מיט די הענט אין די קעשענעס, —

אַז איך בין שוין ניט קיין יינגעלע. אין אַ יאָר אַרום וועל איך אַלט זיין אַכצן יאָר!

אַכצן יאָר?... שולמיתן האָט דאָס מאָדנע אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז אין פּרק שטייט אויך געשריבן: בן שמונה עשרה לחופּה — צו אַכצן יאָר דאַרף אַ יונגער בחור גיין צו דער חופּה, און זי האָט מיט אַ פיינלעכן געפיל אַ טראַכט געטאָן, אַז אַקעגן עמוסן איז זי נאָך אַ קינד, ס'איז אַ חרפּה אַפילו צו טראַכטן דערפון, זי איז קוים אַלט פערצן יאָר... און פּונקט ווי עמוס וואָלט צוגעטראָפן אירע באַהאַלטענע געדאַנקען, האָט ער איר פּלוצים אַ זאָג געגעבן מיט זיין צויבערלעכן שמייכל:

— איך האָב אַ בעסערן וועג, ווי אַזוי צו לערנען העברעאיש: לייענט מיט מיר אין אָריגינאַל דאָס קלאַסישע געזאַנג, וואָס דער קיניג סאָלאָמאָן האָט געזונגען וועגן אייך אַליין, שולמית... איך מיין — שיר־השירים...

שולמית איז געוואָרן שטאַרק רויט און צעטומלט.

— איך האָב מורא, — האָט זי געזאָגט שטיל, מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן, — אַז איך וועל דאָס ניט קאָנען טאָן...

— פאַרוואָס?

— ווייל... ווייל... מיין פאָטער וועט זיין ניט צופרידן... ער האָט מיר געזאָגט, אַז שיר־השירים איז פאַר מיר נאָך צו פרי צו לייענען...

— אָ, אַנטשולדיקט! — האָט זיך עמוס אַ כאַפּ געגעבן און איז אויך רויט געוואָרן. — איך האָב דאָס גאָר אַרויסגעלאָזט פון זינען...

ביידע זענען מיט אַ מאָל אַנטשוויגן געוואָרן אין גרויס פאַרווירטקייט. נאָר די אמתע שולדיקע האָט זיך דאָ געפילט שולמית. זי האָט זיך גע־פילט שולדיק קעגן עמוסן מיט איר יונגקייט, מיט איר קינדערשער ניט־דערוואַקסנקייט, מיט אירע אומבאַהאָלפענע פערצן יאָר. און כדי אים איבערצובעטן און ווי עס איז פאַרגיטיקן איר שולד, האָט זי צו אים שעמעוודיק און מאָדנע צערטלעך אַ זאָג געטאָן:

— מיר קאָנען אָבער, אויב איר ווילט, לייענען צוזאַמען אַן אַנדער זאַך — וועגן אייך... די נבואה פון עמוסן...

— אָ, דאָס וועט זיין פיין! — האָט זיך עמוס דערפרייט.

שולמית האָט באַקומען איר פאָטערס תנ"כל, עמוס האָט געבראַכט זיין ענגלישע ביבל, און ביידע האָבן זיך אויסגעזוכט אויפן דעק, ערגעץ ביי אַ וואַנט, אַן אָפּגעזונדערטן וואַרעמען ווינקל, אַ באַשיצטן פונעם ים־ווינט,

זיך דאָרט אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, וואָס עמוס האָט דאָס איצט געדופן אין הומאָריסטישן טאָן „ספסל“, און זיך גענומען שטודירן צוזאַמען דעם ספר „עמוס“. שולמית האָט פאָרגעלייענט דעם העברעאישן טעקסט, און עמוס האָט צו דעם צוגעפּאַסט די ענגלישע איבערזעצונג. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעשטעלט, אַז עמוס נייטיקט זיך דאָ גאָרניט אין קיין לערער — ער האָט די ניין קליינע קאַפּיטלען פון דעם פייערדיקן נביא־פּאַסטוך געוווּסט נאָך פון פריער כמעט אויף אויסווייניק, זיך באַוועגט פריי אין דער דאָזיקער אַלטער, געדיכט־פאַרוואַקסענער און הייס־גליענדיקער ווילדערניש, געהאַט זיין אייגענעם פירוש און זיין אייגענע קלאָרע באַלייכטונג פאַר די אָפּגעהאַקטע, ביט־דערזאָגטע, שטאַרקע און פלאַקערדיקע אויסגעשרייען. שולמית האָט געעפנט מויל און אויערן און געשטוינט. זי איז געווען שטאָלץ און גליקלעך, מיט אמתן פרויען־גליק, וואָס עמוס האָט אויך דאָ, אין איר אייגענער הערשאַפט, זיך אַרויסבאַוויזן שטאַרקער פון איר, שטייגט זי אַריבער מיט זיין הויכן פאַרשטאַנד אין די אומקלאָרע נביאישע רייד. זי האָט זיך גערן אונטערגעגעבן מיט איר קינדערשער ווייבלעכער שוואַכקייט אונטער זיין גייסטיקער מאַנסבילשער קראַפט. זי איז געווען אַזוי ליב און זיס אין איר אונטערטעניקייט צו אים, געקוקט אויף אים מיט אַזויפיל געטרייטשאַפט און באַגייסטערטן גלויבן, אַז עמוסן האָט זיך אָפּט געגלוסט אַרומנעמען זי און אַ קוש טאָן — וואָס דאָס וואָלט געווען זיין ערשטער קוש צו אַ פרוי. ער האָט זיך אָבער פאַר אַזאַ געדאַנק געשראָקן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז זי איז נאָך צו יונג און קליין פאַר דעם, אַזוי קליין, אַז זי האָט אַפילו מורא צו לייענען מיט אים שיר־השירים... ער וועט דאָס אָפּלייגן אויף נאָך עטלעכע יאָר, ווען זי וועט אויסוואַקסן, ווערן אַ רייפע, בליענדיקע פרוי, פליען מיט אים צוזאַמען אויף זיין ווונדער־מאַשין אין די הויכע הימלען — דעמאָלט וועט ער זי באַלוינען אויך פאַר די איצטיקע ליבע און זיסע קינדערשע חסדים...

זיצנדיק אַזוי עטלעכע טעג אין זייער אָפּגעזונדערטן ווינקל, ביידע מיט די תנ״כלעך, פאַרכאַפּט אײנס פונעם אַנדערן אין זעלישער נאָענטקייט, האָבן זיי גאָרניט באַמערקט, אַז עס קוקן זיי נאָך אַ סך נייגעריקע אויגן. ניט נאָר זייערע אייגענע עלטערן, נאָר אויך פרעמדע מענטשן האָבן אָפּט פאַרקערעוועט צו זייער ווינקל און זיך אַוועקגעשטעלט גאַפן אויפן דאָזיקן ווונדער: ווי אַזוי צוויי אַמעריקאַנער קינדער, אַ ייִנגל מיט אַ מיידל, האָבן ניט געפונען קיין אַנדער פאַרגעניגן, נאָר לייענען צוזאַמען

תנ"ך אויף צוויי שפּראַכן מיט אַ מאָל — אויף העברעאיש און ענגליש...
מער פון אַלע האָט זיך צו זיי צוגעקוקט איינער אַ דזשענטלמאַן, וואָס איז די ערשטע טעג אַליין געווען אַ רעטעניש פאַר אַ סך נייגעריקע לייט צווישן די יידישע טוריסטן. דאָס איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער פּאַרשוין מיט אַ זעלטן שיינעם און איידעלן פּנים, נאָך יונג אויפן אויסזען, הגם שוין באַזילבערט אין די שלייפן פון דעם שיין־באַוואַקסענעם קאָפּ. דער דאָזיקער דזשענטלמאַן האָט זיך געהאַלטן אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פונעם עולם, ווי איינער פון אַן אַנדער וועלט, מיט קיינעם ניט גערעדט, צו קיינעם זיך ניט געלאָזט באַקענען, נאָר אָפּט און לאַנג אומגעשפּאַצירט אויפן דעק מיט אַ בלויזן קאָפּ, אָדער געשטאַנען איינזאַם ביי די פּאַרענטשעס און געקוקט אין דער אומענדלעכקייט פונעם רוישיקן אָקעאַן מיט אַ טיף־פאַר־טראַכטן פּנים. לויט זיין האַלטונג און זיין אַריסטאָקראַטישן אויסזען, האָט מען אַפילו ניט געקאָנט באַשטימען אויף זיכער, צי איז ער אַ ייד. מע האָט אים אָבער געזען אינעם עס־זאַל ביי אַ טישל מיט נאָך צוויי פרעמדלעכע פּאַרשוינען, אַן עלטערן מאַן מיט אַ פריילין, און מיט זיי האָט ער גערעדט רוסיש. און ווי באַלד ער האָט גערעדט רוסיש, איז געווען אַ האָפענונג, אַז ס'איז אַ ייד. נאָר ווער ער איז און נאָך וואָס פאָרט אַזאַ מענטש קיין ארץ־ישראל — איבער דעם האָבן אַ סך טוריסטן, און צווישן זיי אויך מיסטער צעדערבוים, זיך געבראָכן די קעפּ.

און אָט איז דער אומבאַקאַנטער דזשענטלמאַן איינמאָל צוגעקומען צו עמוסן מיט שולמיתן, בשעת זיי האָבן געהאַלטן אין סאַמע מיטן לייענען תנ"ך, און האָט זיי איבערגעראַשט מיט אַ מאָדנעם געשפּרעך:

— קינדער, — האָט ער געזאָגט צו זיי מיט אַ ווייכן שמייכל, אויף אַ גוטן ענגליש, נאָר מיט אַן אויסלענדישן אַקצענט, — איר וועט מיר אַנט־שולדיקן, וואָס איך שטער אייך. איך האָב אָבער שטאַרק חשק צו באַקענען זיך מיט אייך.

דערזען, אַז ביידע קוקן אים אָן פאַרוווּנדערט, האָט ער ווייטער גערעדט:

— איך הער, אַז איר טראָגט ביידע זייער שיינע נעמען פון דער ביבל, שולמית און עמוס, און איך זע, אַז איר לייענט דאָ דעם נביא עמוס, און אַזוי ווי מיר אַלע פאָרן קיין ארץ־ישראל, האָב איך מיך פאַראינטערעסירט מיט אייך.

עמוס און שולמית האָבן נאָך אַלץ געקוקט אויף אים געפּלעפט. דער

אומבאַקאַנטער דזשענטלמאַן האָט פאַרגעזעצט אינעם זעלבן טשיקאַווען טאָן:
— שולמית, זע איך, קען פיין העברעאיש און רעדט אויף דער דאָזי־קער שפּראַך, — אַיאָ?
— יאָ, — האָט שולמית געענטפערט מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל.
— נאָר עמוס, זע איך, קאָן קיין העברעאיש ניט?
— ניין! — האָט עמוס געזאָגט מיט אַן אָנגעכמורעטן פּנים.
— שולמית — האָט דער טשיקאַווער פאַרשוין ווייטער גערעדט — פאַרמאָגט אַ זיסן שמייכל, ווי די אמתע שולמית פון שיר־השירים, און עמוס קוקט ביטער, ווי דער אַלטער בייזער עמוס פון דער ביבל. ער איז, ווייזט אויס, ניט צופרידן, וואָס אַ פרעמדער מענטש האָט אים פּלוצים געשטערט... האָב איך געטראָפן?
— געטראָפן! — האָט עמוס געזאָגט שאַרף!
— איך האָב אָבער באַמערקט, אַז אויך עמוס קאָן זייער שיין שמייכלען, און איך האָף, אַז ווען מיר וועלן זיך נעענטער באַקענען, וועט ער אויף מיר ניט קוקן אַזוי בייז... דערווייל וועל איך טאָן עמוסן צוליב און וועל אים מער ניט שטערן. מיר וועלן זיך מסתמא נאָך טרעפן דאָ אויפן שיף, און אפשר אויך דאָרט אין ארץ־ישראל... גוד באַי, קינדער! — און דער אומבאַקאַנטער האָט גענומען אַוועקגיין.
— אָבער ווי אַזוי איז אייער נאָמען? — האָט אים עמוס פּלוצים נאָכגעשריען.
— זעט איר שוין? — האָט זיך דער אומבאַקאַנטער אָפּגעשטעלט און זיך צעלאַכט. — ווייבאַלד עמוס פרעגט אויף מיין נאָמען, איז דאָס שוין אַ סימן, אַז מיר וועלן זיין גוטע פריינד. מיין נאָמען, ליבער עמוס, איז ד״ר ישראל מנוחין.
— אַ מאָדנער בחור! — האָט עמוס געזאָגט נאָכדעם ווי דער אומ־באַקאַנטער פאַרשוין איז אַוועק. — ער געפעלט מיר!
— מיר אויך!... — האָט שולמית מסכים געווען מיט גלאַנציקע אויגן.
אַז שולמית האָט דאָס אָפּגעטראָגן צו אירע עלטערן, איז מיסטער צעדערבוים אַרויס פון די כלים:
— הערט אַ מעשה! אָט דאָס איז ד״ר מנוחין? היינט גיי טרעף!... פאַרט ער שוין, הייסט עס, אויך קיין ארץ־ישראל?
— דו קענסט אים? — האָט זיין ווייב געפרעגט.
— פערזענלעך קען איך אים ניט, נאָר געהערט האָב איך פון אים

גאָר אַ סך. אַ באַרימטער דאָקטאָר אין ניו־יאָרק, און גלאַט אַן אינטערע־סאַנטער מענטש... און דו ווייסט נאָך וואָס? מיר וועלן אים האָבן אין ארץ־ישראל פאַר אַ שכן: זיין באָדן ליגט פונקט לעבן אונדזער פרדס. אַי־אַי, ס'איז משיחס צייטן!...

קאַפּיטל זעקס

## ד"ר ישראל מנוחין

אויף דער שיף האָט קיינער פון די יידישע פּאַסאַזשירן, אויסער דעם לערער צעדערבוים, ניט געוווסט, ווער ד"ר מנוחין איז. און אַפילו מיסטער צעדערבוים אַליין, וועלכער איז געווען שטאַרק נתפּעל דערפון, וואָס קיין ארץ־ישראל האָבן אָנגעהויבן פאָרן אַזעלכע מענטשן, ווי ד"ר מנוחין, וואָלט, אייגנטלעך, ניט געקאָנט געבוי דערקלערן, פון וואַנען עס שטאַמט די דאָ־זיקע התפּעלות זיינע.

ד"ר ישראל מנוחין, אַ מעדיקער לויט זיין פּראָפעסיע, איז אין ניו־יאָרק געווען באַקאַנט נאָר אין דעם באַגרענעצטן קרייז פון זיין פּראָפעסיאָ־נעלער טעטיקייט, צווישן קאָלעגן דאָקטוירים, און דערהויפּט צווישן זיינע פּאַציענטן, ביי וועמען ער האָט פאַר די לעצטע צען יאָר זיך געשאַפן אַ נאָמען פון אַן אויסערגעוויינלעך פעאיקן און ערלעכן דאָקטאָר. ווייטער פון דעם דאָזיקן קרייז האָט זיין נאָמען ניט געגרייכט, און ער אַליין האָט ניט אַרויסגעוויזן די מינדסטע נייגונג צו זוכן פאַר זיך קענטשאַפט אָדער פּאָפּולאַריטעט ערגעץ אַנדערשוו. ער האָט געלעבט גאַנץ אָפּגעזונדערט פון דעם אַרומיקן ניו־יאָרקער טומל, אויסגעמיידט יעדע געזעלשאַפטלעכקייט, זעלטן זיך געלאָזט דערקענען צו מענטשן אויסער זיין אָפּגעצאַמטן ווינקל, און טאָמער האָט ער זיך אַמאָל באַוויזן אין אַן עפנטלעכן פּלאַץ, האָט ער זיך געהאַלטן אין שאָטן, צוריקגעצויגן און איינזאַם, ווי אַ צופעליק פאַר־בלאָנזעטער פון אַן אַנדער וועלט. זייער ווייניק מענטשן אין ניו־יאָרק האָבן געוווסט, אַז דער דאָזיקער ערפאָלגרייכער מעדיקער, וואָס האָט זיין דאָקטאָר־אָפיס צוזאַמען מיט זיין פּריוואַטער וווינונג אין איינער פון די ביי־אויפגעקומענע פאַרמעגלעכע יידישע געגנדן אויפן „גרענד קאָנקורס", איז אַליין נאָך אַ בחור, דערצו אַ זעלטענער עקזעמפּליאַר צווישן יידישע

דאָקטוירים, וואָס גיט אַוועק זיין פרייע צייט אויף צו לערנען זאַכן אויסער זיין מעדיצינישער טעטיקייט, זאַמלט אַ רייכע פאַרשיידנאַרטיקע ביבליאָטעק, און איז אין דער שטיל אַן ערנסטער באַאָבאַכטער און שטודירער פונעם יידישן לעבן און פון יידישע פּראָבלעמען. צווישן די ניו־יאָרקער העברעער האָט מען עפּעס יאָ געהערט, אַז ד״ר מנוחין איז אַ באַהאַלטענער קענער פון יידישקייט און איז אַפילו פאַרשריבן אַלס שטענדיקער קונד ביי איינעם פון די איסט־סאַידער מוכרי־ספרים, וואָס שטעלט אים צו פּאַר זיין ביבליאָטעק אַנטיקן און וויכטיקע נייעסן פון דער העברעאישער ליטעראַטור. מע האָט אים געפּרוּווט צוציען צו העברעאישער טעטיקייט, געווענדט זיך צו אים נאָךביישטייערונגען פאַר העברעאישע קולטורעלע צוועקן, געוואָלט אים אונטערקויפן מיט עפנטלעכן כבוד. ביישטייערונגען האָט ד״ר מנוחין געגעבן מיט אַ לייכטער האַנט, נאָר פון אַקטיווער טעטיקייט און פון כבוד האָט ער העפלעך־קאָלט, מיט אַ דייטלעכן אויסדרוק פון פרעמדלעכקייט, זיך אָפּגעזאָגט. אין די העברעאישע קרייזן האָט מען אַזאַ באַציאונג אויסגעטייטשט ווי אַ מין סנאָביזם פון איינעם, וואָס איז ערפאָלגרייך אין דער פּראַקטישער וועלט און קוקט פון אויבן אַראָפּ אויף דעם סאָרט אומפּראַקטישע ענינים, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַן אינטערעס נאָר פאַר בטלנים. און אַזוי ווי זיינע ביישטייערונגען האָבן אויסגעזען מער ווי צוגעוואָרפענע נדבות פון אַ פרייגעביקן פרעמדן מענטשן, האָט מען ביסלעכווייז אויפגעגעבן די האָפענונג אויף זיין דערנענטערונג און אים געלאָזט צו רו.

אין דער אמתן איז אָבער ד״ר מנוחין ווייט געווען פון סנאָבישער באַציאונג צו דער יידיש־גייסטיקער וועלט, שוין דערפאַר אַליין, וואָס דאָס איז געווען זיין אייגענע וועלט, אין וועלכער ער איז איינגעוואָרצלט געוואָרן פון דער פריסטער יוגנט און האָט מיט איר פאַרבונדן זיינע טיפסטע גייסטיקע איבערלעבונגען און זיין גאַנצן גייסטיקן לעבנסוועג אויף דער ערד. געבוירן אין אַן אַלטער יידישער פּראָווינץ־שטאָט אין דער ליטע, וואָס איז געווען באַרימט מיט אירע ישיבות און משכילים, אַן אָפּשטאַמער פון אַ יחוסדיקער משפחה, ווו עס האָבן זיך אויסגעמישט גרויסע רבנים מיט לאַנד־סוחרים, האָט ער זיך אָנגעזאָפּט מיט יידישקייט און מיט יידישער געלערנטקייט פונעם סאַמע קוואַל און האָט אויף זיך גענומען די יידישע לאַסט, ווי אַ טייערע, געהויבענע ירושה. זיין ערשטער דערציער און וועגווייזער איז געווען זיין פאָטער, אַן איידעלער, אויפגעקלערטער בן־הרב,

אַן איידעם פון רייכע סוחרים, וואָס האָט אים מדריך געווען פון קינדווייז אָן אין הויכע מאָראַלישע מידות, געפירט אים אויפן „גאָלדענעם שטעג״ פון געלייטערטער יידישקייט, פון תורה מיט השכלה צוזאַמען. און שפּעטער, אַז דער פאָטער איז געשטאָרבן, האָט ער, לויט דעם אידעאַל פון דער בית־המדרשדיק־משכּילישער יוגנט אין יענער צייט, זיך אַוועקגעלאָזט קיין בערלין שטודירן, דורכגעמאַכט איינס נאָכן אַנדערן אי דעם רבנישן סעמינאַר, אי דעם פילאָזאָפישן פאַקולטעט אין דער אוניווערסיטעט, און זיך ערנסט געגרייט צו ליטעראַרישער טעטיקייט אויפן יידישן געביט. ער האָט מיטגעבראַכט פון דער היים, פון זיינע רבניש־סוחרישע זיידעס, אויסער הויכע פעאיקייטן, אַ קלאָרן לאָגישן פאַרשטאַנד, אַ פרומע שטרענגע באַציאונג צום אמת און אַן אינערלעכע נייגונג צו מאָראַלישער גאַנצקייט און זויבערקייט, און דאָס אַלץ איז ביי אים פאַרטיפט געוואָרן דורך יוגנטלעכער איינזאַמער פאַרטראַכטקייט, דורך אַ מין טונקעלן יוגנטלעכן אומעט פון אַ האַלב־געפּענטעטן, האַלב־באַפרייטן בית־מדרשניק, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַ ברייטער ליכטיקער פרעמדער וועלט און זיך דערפון דערפילט אי באַרוישט, אי פאַרקלעמט, געדריקט אונטער דער ליבער טרויעריקער לאַסט פון זיין דורות־אַלטער יידישער ירושה.

די דאָזיקע אומקלאָרע שטימונגען, דעם ערשטן שוים פון אַ כוואַליעדיקער יונגער נשמה, האָט מנוחין געפרוווט ברענגען צום אויסדרוק אין אַ שורה קורצע פּאָעטיש־פילאָזאָפישע אַרטיקלען, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין אַ דייטש־יידישן זשורנאַל און האָבן געמאַכט אַ רושם דערהויפּט צווישן זיינע חברים־סטודענטן פון רוסלאַנד — יענע האָבן אים גלייך דערקלערט פאַר אַן אויפגייענדיקן ליטעראַרישן שטערן. מנוחין האָט זיך אָבער דערמיט ניט באַפרידיקט. ערלעך און שטרענג צו זיך אַליין, האָט ער געפילט, אַז דאָס וואָס אים דריקט האָט ער אין די דאָזיקע קלייניקייטן אַפילו ניט אָנגערירט; אַנשטאָט אַרויסצוברענגען פאַר דער וועלט דאָס, וואָס ביי אים איז אָנגעוואַקסן אויף דער נשמה, האָט ער זיך פאַרנומען אויפן לייכטן, אויסגעטראָטענעם וועג פון שיין־שרייבעריי, פון שפּילן זיך מיט פּאָעטישע פראַזן. עס האָט אים אָנגעכאַפּט אַ הייסע לוסט אויסצוגיסן זיין יונג יידיש לעבן, מיט אַלע זיינע טרויעריקע טראַכטונגען און דערפאַרונגען, אין אַ גרויסן נאַציאָנאַלן ווערק, וואָס זאָל דערלאַנגען טיף אין דער נשמה פון זיין דור, אויפטרייסלען אים און אויפמונטערן פון זיין געפאַלנקייט. ער האָט פאַרטראַכט צו שרייבן אַ בוך, אין וועלכן ער וועט

זוכן אַ באַשייד צו דער אַלטער יידישער טראַגעדיע, וואָס ווערט אַלץ שווערער און שווערער אין היינטיקע מאָדערנע צייטן. ער וועט פּרווון דער־קלערן דאָס גרויסע איינציק־שטייענדיקע רעטעניש אין דער געשיכטע פון פעלקער — דאָס רעטעניש פון דעם קליינעם שוואַכן פאָלק, וואָס האַלט זיך טויזנטער יאָרן אויף דער ערד מיט הוילע נסים, אָן אַ באָדן אונטער די פיס און אָן אַ הימל איבערן קאָפּ, וואָס שטורעמט־אויס זיין ביטערן, פאַרצווייפלטן קאַמף קעגן די שטאַרקסטע פון די פעלקער און קומט אַרויס מיט נצחון, וואָס ווערט געיאָגט און געשליידערט ווי אַ שפּענדל אין ים און גייט ניט פאַרלאָרן, וואָס איז דער איינזאַמסטער אויף דער וועלט און די וועלט איז פול מיט אים, וואָס ווערט געהאַסט פון אַלעמען און ווערט באַ־וווּנדערט פון אַלעמען, וואָס שטייט אַלעמען ווי אַ ביין אין האַלדז און קיינער קאָן אָן אים ניט אויסקומען, וואָס ווערט פון אַלעמען געטראָטן צו דער ערד און איז פאַר אַלעמען דאָס זאַלץ פון דער ערד — אָן אים וואָלט די מענטשהייט קיין שום טעם ניט געהאַט... אין וואָס שטעקט דער סוד פון דער דאָזיקער איבערנאַטירלעכער עקזיסטענץ? ווו ליגט די ווונדערלעכע קראַפט פון דעם אַזוי־גערופענעם נ צ ח ־ י ש ר א ל — דעם אייביק־לעבנדיקן גייסט פון ישראל?...

ישראל מנוחין איז צוגעטראָטן צו זיין אַרבעט מיטן פולן ציטער פון אַ יונגער אָנגעלאָדענער נשמה, וואָס גאַרט שעפעריש זיך אויסצולאָדן. ער האָט דאָס בוך געשריבן אין דייטש, נאָר אַ נאָמען האָט ער דעם געגעבן אַ העברעאישן: טאַקע „נצח ישראל". דערביי האָט ער אין דעם דאָזיקן נאָמען, אויפן אַלטן שטייגער פון זיינע זיידעס די רבנים, איינגעוויקלט צוויי כוונות: ער האָט אי באַצייכנט דעם אינהאַלט פון זיין ווערק, די אייביקייט פונעם פאָלק ישראל, אי געגעבן אַ באַהאַלטענעם ווונק פאַר זיך אַליין, אַז דאָס ווערק וועט פאַראייביקן זיין אייגענעם נאָמען, וואָס הייסט אויך ישראל. ער האָט געגלייבט, אַז ער טראָגט מיט זיך דעם שליסל צו איינעם פון די פאַרוויקלטסטע וועלט־פּראָבלעמען, און האָט דערביי גע־האָפט, אַז דער זעלבער שליסל וועט פאַר אים פעררזענלעך עפענען די טירן צו דער ברייטער וועלט. דער הויפּט־געדאַנק פון זיין ווערק האָט געזאָלט באַשטיין אין דעם, אַז דער יידישער גלות איז ניט קיין אומגליק, נאָר דאָס העכסטע אידעאַלע גליק, וואָס אַ פאָלק קאָן זיך ווינטשן. יידן האָבן דורך זייער פרייען גלות־לעבן זוכה געווען צו דער שענסטער און איידלסטער עקזיסטענץ צווישן די פעלקער: זיי האָבן באַוויזן צו האַלטן

זיך אַזוי לאַנג אויף דער ערד אַן ברוטאַלער קראַפט, אָן מלחמות און בלוט־פאַרגיסונג, אָן מענטשנפרעסערישע אינסטינקטן און ליידנשאַפטן, נאָר מיטן איינציקן געלייטערטן כוח פון הויכער סאָציאַלער גערעכטיקייט. און דאָ שטעקט דער סוד, פאַרוואָס מע האָט זיי אַזוי פיינט — די ברוטאַלע וועלט קאָן אַזאַ פיינע, געאיידלטע עקזיסטענץ ביי זיך ניט פאַרטראָגן. די ברוטאַלע קראַפט פון דער וועלט וועט אָבער מוזן אַמאָל אויסגעשעפּט ווערן — דורך קולטור, דורך דעם וואַקסנדיקן מענטשלעכן געדאַנק, וואָס שטייגט וואָס ווייטער אַלץ העכער, — און דעמאָלט וועלן יידן ווערן דער אידעאַלער מוסטער פון פעלקער־לעבן, די טרעגער פון געהויבענעם, פרידלעכן צוזאַמענלעבן צווישן די משפחות פון דער ערד, פונקט ווי זיי זענען אַמאָל געווען די טרעגער פון גאָטס וואָרט צווישן די געצנדינער.

אַרום יענער צייט האָט דער ציוניזם שוין געהאַט אָפּגעבליט זיין ערשטע בליאונג און קיין נייע התלהבות האָט ער ביי דער יידישער יוגנט ניט געוועקט. מנוחין אַליין האָט זיך גערעכנט פאַר אַ ציוניסט נאָר לויט טראַדיציע — זיין פאָטער איז געווען פון די ערשטע חובבי־ציון. פון דעסטוועגן, אַז ער האָט די ערשטע אָנגעשריבענע קאַפּיטלען פון זיין ווערק פאַרגעלייענט פאַר זיינע נאָענטע אוניווערסיטעט־חברים, וואָס זענען כמעט אַלע געווען ציוניסטיש געשטימט, האָבן יענע אויפגעהויבן אַ שאַרפן פראָטעסט — זיי האָבן אין זיין געדאַנק דערפילט אַ געפערלעכן אָפּנייג פון דעם ציוניסטישן אידעאַל. נאָך מער געפערלעך האָט זיי מנוחין אויסגעוויזן, ווייל ער איז געווען טיף־נאַציאָנאַליסטיש אין זיינע כוונות און טראַגיש־יידיש אין זיין טאָן, דערצו האָט ער געשעפּט זיינע אַרגומענטן, צום מייסטן, פון אַלטע יידישע קוואַלן, צו וועלכע ער האָט זיך באַצויגן מיט רעליגיעזן רעספּעקט, ווי צו געטלעכע דאָקומענטן. איינער פון זיינע מאָטיוון, פון וועלכע זיינע חברים האָבן זיך געפילט שטאַרק געשלאָגן, איז געווען די באַקאַנטע תלמודישע באַרעכטיקונג פון דער יידישער גלות־עקזיסטענץ: צדקה עשה הקדוש־ברוך־הוא עם ישראל שפזרן לבין האומות — דער אייבערשטער האָט גוטס געטאָן מיט די יידן, וואָס ער האָט זיי צעשפּרייט צווישן די פעלקער. אויף דעם דאָזיקן שאַרפן, פיל־באַדייטנדיקן פּסוק האָט מנוחין אויסגעבויט אַ גאַנצע פעסטונג.

דער סוף איז אָבער געווען, אַז מנוחין איז געשטרויכלט געוואָרן אין מיטן זיין אַרבעט, און די אויפגעשטעלטע פעסטונג האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען. ניט פון דרויסן איז די שטרויכלונג געקומען, נאָר פון אינווייניק.

ניט די וויכוחים און פּראָטעסטן פון זיינע חברים האָבן אָפּגעשוואַכט זיין געדאַנק, נאָר זיין אייגענע שטרענגע זעלבסט־קריטיק און ערלעכע באַציאונג צו זאַכן האָבן אים אַריינגעוואָרפן אין אַ נעץ פון ספקות, אין וועלכע ער האָט זיך פאַרפּלאָנטעט און פאַרלאָרן. וועלנדיק באַפעסטיקן זיין הויפּט־געדאַנק דורך די פאַרהערלעכטע דערשיינונגען און מידות פון דעם יידישן גלות־לעבן, האָט ער טיפער אַריינגעקוקט אין דעם דאָזיקן לעבן, שאַרף און ניכטער באַטראַכט זיינע באַזונגענע דערשיינונגען — און זיך דערשראָקן פאַרן נאַקעטן אמת. ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז ס׳איז ניטאָ מיט וואָס צו באַרימען זיך פאַר דער גרויסער פרעמדער וועלט, ניטאָ וואָס אַרויסצושטעלן ווי אַ מוסטער פאַר דער צוקינפטיקער מענטשהייט. ס׳איז אַלץ אַזוי קליין, אַזוי שוואַך און אָרעם! אַנשטאָט שיינקייט האָט ער דערזען פאַרקריפּלטקייט, אַנשטאָט דערהויבנקייט — געפאַלנקייט, שרעקעוודיקייט, געלט־גייציקייט, איבערגעטריבענעם קרענקלעכן שטאָלץ, מאָראַלישע געבונדנקייט, בלוט־אָרעמקייט, קערפּערלעכע אומצוכט... ער האָט פלוצים באַגריפן, אַז דאָס געטאָ־לעבן, וואָס האָט אינעם לעצטן סך־הכל אָפּגעהיט דאָס פאָלק פון אונטערגאַנג, איז אָבער פונעם סאַמע אָנהייב געווען ניט קיין פרייער נאַציאָנאַלער אויסוואַל, ניט קיין באַוווּסטזיניקע, קלוג־צוגעטראַכטע פעסטונג פאַרן פאָלקס־גייסט, נאָר אַ געצוווּנגענע פינצטערע געפענגעניש, אויפגעשטעלט דורך פרעמדער בייזער רשעות, אַן אָנגעהאַנגענער האָרב, אַ צוגעקלעפּטע געלע לאַטע... אויב דאָס איז די ווונדערלעכע אַטמאָספער, אין וועלכער ס׳איז אויסגעוואַקסן דער „נצח ישראל״, איז ניטאָ מיט וואָס זיך גרויסצוהאַלטן, ניט פאַר זיך אַליין, און נאָך ווייניקער פאַר פרעמדע.

זיין בנין איז צוזאַמענגעפאַלן. און ניט נאָר זיין בנין אַליין — עס זענען צעטרייסלט געוואָרן אויך די פונדאַמענטן פון זיין אייגענער גייסטיקער עקזיסטענץ, פון זיין זעלישער האַרמאָניע. ער האָט זיך געפילט טיף אומגליקלעך און פאַרווירט, אויסגעמיידט באַגעגענישן מיט זיינע חברים, מורא געהאַט פאַר וויכוחים איבער זיין טויט־געפאַלענער אידעיע, געשפּאַצירט גאַנצע טעג איינער אַליין אינעם בערלינער „טיער־גאַרטן״, געדרעמלט אַפּאַטיש אין די טונקעלע קינאָ־טעאַטערס, געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט אין פאַרוואָרפענע ביליקע קאַפע־הייזער, זיך געשראָקן צו קומען אַהיים אין זיין איינזאַם צימערל, צו זיין פאַרלאָזענעם שרייבטיש, וווּ ס׳איז געלעגן אין טישקעסטל זיין איבערגעריסענער מאַנוסקריפּט, ווי

אַ בר־מינן, וואָס איז ניט געקומען צו קבורה... און ווער ווייסט, ווי לאַנג ער וואָלט אַזוי אומגעוואַנדלט אין אומעט און זעלישער פוסטקייט, ווען עס ברעכט ניט אויס פּלוצים די וועלט־מלחמה, וואָס האָט געגעבן אַ נייע ווענדונג צו זיין לעבן.

קאַפּיטל זיבן

## מנוחינס איינזאַמער וועג

די מלחמה, וואָס איז אָנגעלאָפן אַזוי אומגעריכט און גרויזאַם, ווי אַ בייז געוויטער אויף אַ שטילן זוניקן זומער־טאָג, האָט אויף מנוחינען געהאַט אַ מאָדנע ווירקונג: זי האָט אים אויפגעהויבן פון זיין אַפּאַטישער געפאַלנקייט און געטריבן צו אַ טעטיקן לעבן. ער איז פּלוצים פאַרשליי־דערט געוואָרן פון בערלין קיין קאָפּענהאַגען, וווהין עס זענען געלאָפן נאָך אַזעלכע ווי ער, יונגעלייט פון דער רוסיש־יידישער אינטעליגענטער עמי־גראַציע, וואָס האָבן זיך די לעצטע יאָרן צוגעטוליעט צו דער דייטשער קולטור, און ער האָט מיט באַהאַלטענער בושה זיך געמוזט מודה זיין פאַר זיך אַליין, אַז דער דאָזיקער קאַטאַסטראָפאַלער איבערבייט פון אויסער־לעכע און אינערלעכע אויסזיכטן האָט אים לייכטער געמאַכט אויפן האַרצן. צווישן זיינע חברים, צום מייגסטן סטודענטן און יונגע זשורנאַליסטן, וואָס האָבן זיך מיט אים געראַטעוועט אין דעם קליינעם נייטראַלן לאַנד, האָט געהערשט אַ פריילעכע בהלה, כמעט אַ לוסטיקע שטימונג פון הפקר־מענטשן. דאָס איז געווען די לייכטזיניקייט פון אויסגעוואָרצלטע קינדער, פאַריאָגטע פון זייער געבורט־לאַנד, אָפּגעפרעמדטע פון וועלכע־עס־איז פאַטריאָטישע באַגריפן, וואָס האָבן זיך פאַרקליבן ערגעץ אויף אַ זיכערן אינדזל, ווי ווייטע טשיקאַווע צושויער פון דעם פרעמדן וועלט־אומגליק. מנוחינען האָט עס שטאַרק אָפּגעוואָרפן פון דער דאָזיקער באַהעמישער האָפערדיקייט. ער האָט אָבער געמוזט צוגעבן, אַז אויך ער אַליין איז פון דער שווידערלעכער קאַטאַסטראָפע ניט אויפגעשווידערט געוואָרן, נאָר פאַר־קערט — ער פילט זיך עפּעס ווי אויפגעריכט. אַלע זיינע געדאַנקען זענען אַצינד אויפגעמונטערט געוואָרן פון איין צענטראַלן באַוווסטזיין: אַז ער געהערט צום איינציקן פאָלק אויף דער ערד, וואָס קאָן זיך בשום אופן

ניט באַטייליקן אין דער דאָזיקער בלוטיקער פעלקער־אָרגיע — זיין סודות־דיקער גורל, די געטלעכע השגחה, וואָס שוועבט איבער אים, האָט אים דערפון באַוואָרנט. ער איז געשטאַנען אין די קילע, צפונדיקע האַרבסט־פאַרנאַכטן ביי די רעדאַקציעס פון די קאָפּענהאַגענער צייטונגען, צווישן אַן אויפגערודערטן פרעמדן עולם, געלייענט מיט גרויס שווערקייט, אויף אַן אומבאַקאַנטער שפּראַך, די אַרויסגעשטעלטע טעלעגראַמעס פון די ווייטע אַנגעצונדענע מלחמה־פראָנטן, ווו עס האָט זיך פון טאָג צו טאָג אַלץ שטאַרקער צעפלאַקערט און צערויכערט דאָס ווילדע פייער פון מענטשן־פאַרניכטונג, — און ער האָט געכאַפּט אַ טיפן ציטער. דאָס איז געווען דער ציטער פון גרויסער מאָראַלער איינזאַמקייט אויף דער וועלט, פון איינעם וואָס שטייט אין קילן דרויסן ווייט אָפּגעטראָטן פון אַ פרעמדער צעשטערנ־דיקער שריפה. אין יענע צערודערטע טעג זענען פון אים אָפּגעפאַלן אַלע זיינע פריערדיקע ספקות, און דער ליכטיקער געדאַנק פון „נצח ישראל" האָט העלער און שטאַרקער זיך געריסן פון דער פינצטערער כמאַרע.

ער איז אָבער איצט געשטאַנען פאַר אַנדערע זאָרגן, פון וועלכע ער האָט פריער קיינמאָל ניט געוווּסט. ביז אַהער איז זיין עקזיסטענץ געווען אַ באַשטימטע און אַ זיכערע — ער האָט באַקומען פון זיין פאָטערס ירושה חודש־געלט, וואָס האָט אים געקלעקט ניט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר אויך אויף אויסצוהעלפן אַמאָל אַ נויטבאַדערפטיקן חבר. זיין פאַרזאָרגערין איז געווען זיין מוטער, און שפּעטער, אַז די מוטער איז געשטאָרבן, האָט איר שטעל פאַרטראָטן זיין איינציקע עלטערע שוועסטער, זי מיט איר מאַן, וועלכע האָבן איבערגענומען אין זייערע הענט די פאַרוואַלטונג פון זיין פאַרמעגן. די לעצטע עטלעכע יאָר איז די לאַגע פאַר מנוחינען געוואָרן אַ ביסל פריקרע, ווייל די שוועסטער האָט צו די געלט־בריוו אָפט צוגעגעבן אַן איידעלע אָנצוהערעניש, אַז ס'איז שוין צייט פאַר אים אַ טראַכט צו טאָן פון עפּעס אַ תכלית, ס'איז קיין פּלאַן ניט צו זיצן אין אויסלאַנד אייביק אַ בחור, בפרט אַז דעם פאָטערס ירושה וועט זיך מוזן אַמאָל אויסשעפּן. און איינמאָל איז זי אויפן וועג צו די וואַרעמבעדער פאַרפאָרן צו אים אין בערלין, שוין אַ קיילעכיקע, דיקלעכע פּראָווינציעלע גבירטע מיט אַ פּיי־נעם גוידער, און אים געבראַכט צו פירן גאָר אַ געהויבענעם, רייכן שידוך, וואָס האָט אים באַדאַרפט גליקלעך מאַכן אויפן גאַנצן לעבן. מנוחין האָט זיך אָפּגעבעטן ביי דער שוועסטער מיט אַ שפּאַס, זי זאָל אים געבן כאָטש

עטלעכע יאָר אויף צו באַטראַכטן זיך, — און דאָס חודש־געלט איז ווייטער געגאַנגען פּינקטלעך ווי פריער.

איצט איז די לאַגע מיט אַ מאָל געוואָרן טראַגיש. מנוחינס געבורט־שטאָט אין דער ליטע איז געווען פון די ערשטע רוסישע שטעט, וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן פון די דייטשן. עס זענען דערגאַנגען ידיעות, אַז איידער די שטאָט איז באַלאַגערט געוואָרן פונעם שונא, איז די יידישע באַפעלקע־רונג פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן דורך דער רוסישער מיליטערישער מאַכט ערגעץ אין טיף רוסלאַנד. פון קיין חודש־געלט איז שוין ניט געווען וואָס צו טראַכטן, און מנוחין האָט צום ערשטן מאָל אויף זיין לעבן דערזען פאַר זיך די ביטערע נויט. ער איז אָבער דערפון ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן. אַדרבה, ער האָט אין דעם געזען אַ צייכן, אַז אויך זיין פּערזענלעך לעבן איז איצט פריי פון וועלכן־עס־איז צוואַנג. ער האָט אין קאָפּענהאַגען זיך באַקענט מיט אַ יידישן אַנטיק־הענדלער, אַ משכיל און אַ ציוניסט, וואָס האָט געהאַלטן אָפן זיין הויז פאַר דער אַנטלאָפענער יידישער אינטעליגענץ פון דייטשלאַנד. האָט מנוחין גיך געפאַסט אַ באַשלוס, פאַרזעצט ביים אַנ־טיק־הענדלער זיין טייערן „נאַפּאָלעאָן־זייגער", אַן אַלטע ירושה פון זיין זיידן, באַקומען פאַר אים זיין פולן ווערט, און איז מיט דער ערשטער סקאַנדינאַווישער שיף אָוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק.

אין ניו־יאָרק האָט מנוחין אַנטפּלעקט אַ גרויסן חידוש — אַ נייע יידישע אַמעריקע, פון וועלכער ער האָט ביז אַהער געהאַט זייער אַ טונ־קעלן באַגריף. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער וועט דאָ טרעפן אַ פינצ־טערע, ענגע, שמוציקע געטאָ, מיט אַ צונויפגעלאָפענעם המון פון דער־שלאָגענע מזרח־יידן, וואָס ווערן פאַרפּייניקט פיזיש און גייסטיק אין די באַרימטע ניו־יאָרקער „סוועט־שעפּער". און דערזען האָט ער פאַר זיך אַ גרויסע, רייכע, רוישיקע יידישע וועלט, אין וועלכער עס האָט זיך פאַרוואָרצלט אַ ניי־אויפגעלעבט יידיש פאָלק, פעסט און זיכער און ענער־גיש, ברייט פאַרצווייגט אין אַרבעט און האַנדל, מיט אַ פרישער, מונטערער, גלייך־געוואַקסענער יוגנט, מיט אַן אַ שיעור זאַטע און גלאַטע פּנימער, מיט פרייע און דרייסטע, גאָרניט יידישע אויגן. הייסט עס, אַז די לעבנס־זאַפטן פון דער אַלטער יידישער ראַסע זענען נאָך ניט אויסגעטריקנט?... פון דעסטוועגן איז ער די ערשטע וואָכן אומגעגאַנגען אין דער דאָזיקער נייער יידישער וועלט מיט שווערע, געפּלעפטע געפילן. דער אויסערגע־וויינלעכער אימפּעט, מיט וועלכן זיינע פאַרוואָגלטע ברידער פון די ווייטע

אָרעמע היימישע לענדער האָבן אַזוי לייכט זיך איבערגעפלאַנצט אויף דעם פרעמדן אַמעריקאַנישן באָדן, אַזוי הונגעריק, ווי פאַרשמאַכטע, ניט איבער־קלייבערישע קבצנים, זיך צוגעכאַפּט צו אַ ווילד־פרעמדער קולטור, האָט טיף באַליידיקט זיין יידישן שטאָלץ. ער האָט זיך ביטערלעך געחידושט: וואָס איז דאָס פאַר אַ לייכטזיניקע אומה, וואָס ווו מע זאָל זי ניט זייען, דאָרט וואַקסט זי? איז דאָס כאַראַקטער, אָדער כאַראַקטערלאָזיקייט? און צי דען אין דעם שטעקט אפשר דער טרויעריקער סוד פון „נצח ישראל״?...

ער איז אָבער געקומען קיין אַמעריקע ניט פילאָזאָפירן, נאָר עפּעס טאָן. ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ פּאַרטיקן פּלאַן, וואָס איז ביי אים אָנגעוואַקסן פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר: ער וועט שטודירן מעדיצין — אַ פּראָפעסיע, וואָס וועט אים געבן מאַטעריעלע זעלבסטשטענדיקייט און ברייטער מאַכן זיין וויסן פונעם מענטשלעכן לעבן. אום צו קאָנען דאָס דורכפירן, האָט ער באַדאַרפט געפינען עפּעס אַ טועכץ, וואָס זאָל אים באַוואָרענען מיט אויסקומעניש און מיט די נייטיקע מיטלען צום שטודיום. זיינע נייע באַקאַנטע אין ניו־יאָרק האָבן אים אָנגעוויזן דעם אויסגעטראָטענעם וועג פאַר יידישע סטודענטן פון זיין גראַד: זיך שטעלן אַלס מלמד אין אַ תלמוד־תורה. ער האָט זיך אויסגעזוכט אַ קליינע „היברו סקול״ ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל אין ברוקלין, ווו ער איז אָפּגעשטאַנען היפּשע עטלעכע יאָר אַלס דער איינציקער לערער. ער האָט די גאַנצע צייט זיך ניט געלאָזט דערקענען צו דעם קרייז פון די העברעאישע לערער, ווייל ער האָט זיין צייטווייליקע פּראָפעסיע געהאַלטן פאַר אַ שענדלעכן חוזק. האָט דען געקאָנט זיין פאַר אים מער חוזק ווי דאָס, וואָס פון זיינע טיפע ידיעות און הויכע באַגריפן אין יידישקייט האָט ער באַדאַרפט אָפּשיילן אַ דין שאָלעכצל און עס טעגלעך דערלאַנגען אויפן שפּיץ מעסער דעם יונגן דור, די קומענדיקע טרעגער פון „נצח ישראל״ אין אַמעריקע?...

דערפאַר איז ער באַלוינט געוואָרן פון זיין מעדיציניש שטודיום. דאָרט האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ נייער אינטערעסאַנטער וועג, וואָס האָט אים געפירט צו דער געהיימניספולער גרענעץ צווישן דעם מענטשנס קערפּער און זיין נשמה. ער האָט זיך צו דער דאָזיקער האַרבער, פאַרוויקלטער לערע איבערגעגעבן מיט פרישער התמדה, אַרויסבאַוויזן אין איר באַזונדערע פעאיקייטן, אַ באַזונדער טיפע אָריענטירונג, אַזוי אַז שוין אין זיין אינטערן־דינסט האָט ער אַרויסגערופן ביי זיינע פּראָפעסאָרן און קאָלעגן גרויס רעספּעקט און זיין וואָרט האָט געגאָלטן אויטאָריטעטיש.

דורכגעמאַכט זיין פולן שטודיום, האָט ד״ר מנוחין לכתחילה געטראַכט אָנצוהייבן זיין פּראַקטיק אויף דער איסט־סאַיד, ווו ער וועט האָבן די מעג־לעכקייט צו באַקענען זיך נאָענט מיט דעם לעבן פון די יידישע מאַסן. נאָר די איסט־סאַיד האָט אים געשראָקן מיט איר שרייענדיקער עפנט־לעכקייט, מיט איר איבערגעטריבענעם טאָן, מיט דער הערשאַפט פון איר רשות־הרבים, און זיין וועג איז געווען דער וועג פון דעם איינזאַמען יחיד, פון דעם שטילן פאַרטיפטן שטודירער. ער איז אויך געווען שטאַרק אויסגעמידט פון די אָרעמע מלמדות־יאָרן, און עס האָט זיך אין אים אָפּגע־רופן דאָס גבירישע קינד — עס האָט אים געצויגן צו אַ באַקוועמערן, קאָמפּאָרטאַבעלן לעבן. דערצו האָט ער געהאַט חובות צו צאָלן, און זיין שוועסטער, וואָס איז געבליבן שטעקן נאָך דער מלחמה אין מאָסקווע און האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דאָרט מיט דער פאַמיליע קיין ארץ־ישראל, האָט אים געשריבן קלאָג־בריוו, אַז איר מאַן האָט זיך געשטעלט בויען אַ הויז אין תל־אביב און האָט ניט גענוג געלט צו פאַרענדיקן עס. מנוחין האָט זיך אויסגעקליבן אַ נייעם פאַרמעגלעכן ראַיאָן אויפן גרענד קאָנקורס, וואָס איז באַזעצט פון אַ יונגער יידישער באַפעלקערונג, דאָרט געעפנט זיין אָפיס און זיך געשאַפן אַ נאָמען פון אַן ערלעכן ערנסטן דאָק־טאָר און זעלטענעם דיאַגנאָסט. ער האָט אַרויסבאַוויזן אַ באַזונדערע דאָק־טאָרשע באַצויבערונג, אַ פּסיכאָלאָגיש טרעפנדיקן פאַרשטאַנד, אַ ציכטיקע ערנסטקייט און אַ באַרואיקנדיקן הומאָר — אַלץ מעלות, וואָס האָבן גע־וועקט ביי די פּאַציענטן טיפן צוטרוי צו אים. דערהויפּט האָט ער אויסגע־נומען ביי זיינע פּאַציענטקעס — דאָ האָט אים שוין געדינט זיין אַריסטאָ־קראַטישע מאַנסבילשע שיינקייט, אין וועלכער ניט איין פרוי האָט זיך געשפּיגלט. עס האָבן זיך געפונען צווישן זיינע פּאַציענטקעס אַזעלכע, וואָס זענען צו אים געקומען אַן איבעריק מאָל, מיט דעם באַהאַלטענעם פאַרלאַנג באַרירט צו ווערן פון זיינע שיינע, צאַרטע, שטאַרקע הענט. מנוחינען איז דאָס זייער ניט אָנגעשטאַנען — ער האָט זיך אָנגעהויבן פילן אין דער לאַגע פון אַ שיינעם פרויען־פריזירער. ער האָט געוווּסט, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האַלט שוין ניט ווייט פון די פערציקער יאָרן און די שלייפן הייבן שוין אָן ביי אים צו גרויען, האָט ער נאָך ניט פאַרלאָרן זיין קראַפט פאַר פרויען. נאָך איצט, אַז ער וואַרפט אַמאָל אַן אויפמערקזאַמען בליק אויף אַ פאַרבייגייענדיקער יונגער פרוי אין גאַס, צעברומט זיך יענע שטיל מיט אַ האַלדזיקן וואַרמען ברום פון דער מוטער

חוהס אַ טאַכטער. ער האָט אָבער די דאָזיקע קראַפט תמיד געצאַמט אין זיך, ניט געוואָלט פאַרשווענדן זי אויף ביליקע אַוואַנטורעס. פון דער סאַמע יוגנט האָט ער זיך ניט געלאָזט באַלעווען פון פרויען, זיך אייביק גע־מיאוסט מיטן נאָמען „קראַסאַוושיק", וואָס ער האָט איינמאָל צופעליק דערהערט וועגן זיך, פיינט געהאַט ביי זיינע חברים דעם נאַרישן מאַנס־בילשן אויסדרוק אויף די צעגלאַנצטע נעזער, בשעת זיי דערשמעקן דעם ריח פון אַ פרוי. ער האָט געהאַט צו דער פרוי די זעלבע שטרענגע, צניעותדיקע באַציאונג, ווי זיינע פרומע רבנישע זיידעס, און האָט די דאָזיקע באַציאונג נאָך מער פאַרטיפט מיט אייגענע מיסטישע כוונות. די געציילטע דערנענטערונגען זיינע מיט פרויען, וואָס זענען אים אויסגעפאַלן אין לעבן, זענען געווען ביי אים הייליק פאַרחתמעט אין האַרצן און הייס געגליט, ווי טיפע אומפאַרגעסלעכע איבערלעבונגען. איצט, אַז ער איז אַריינגעטראָטן אין זיין נייער דאָקטאָר־פּראַקטיע, האָט ער זיך פלוצים דערפילט אַרומגערינגלט פון קליינע, ביליקע שטרויכלונגען, וואָס זענען געווען בכוח גלייך, ביים ערשטן אַרויסטריט, פאַרמיאוסן אין זיינע אויגן דעם דאָקטאָרשן באַרוף. ער האָט אָנגעווענדט זיין גאַנצן טאַקט אָפּצוצאַמען זיך פון די דאָזיקע שטרויכלונגען אין שטרענגע פּראָפעסיאָנעלע גרענעצן. דאָס האָט נאָך פאַרמערט זיין חן ביי זיינע פּאַציענטקעס, צוגעגעבן אים דעם רייץ פון אַן אומדערגרייכלעכן. ד"ר מנוחין האָט ניט ווילנדיק גע־שאַפן אין זיין ראַיאָן אַ גאַנצן קלוב פון פאַרליבטע ווייבער, וואָס האָבן שטיל געלעכצט נאָך זיין שאָטן.

קאַפּיטל אַכט

## די לעצטע סטאַנציע

זיין מאַטעריעלן ערפאָלג אַלס מעדיקער האָט ד"ר מנוחין אויפגענומען ווי אַן אומגעריכט, כמעט אומגעוווּנטשן גליק, פון וועלכן ער האָט זיך די ערשטע צייט געפילט אומבאַקוועם, אַשטייגער, ווי ער וואָלט באַקומען פלוצים אַ רייכע ירושה פון אַ ווייטן, ווילד־פרעמדן קרוב. ער האָט זיך געהאַט פאַרגעשטעלט אַ שטילע, באַשיידענע עקזיסטענץ, וואָס זאָל אים באַוואָרענען פון זאָרגן אין זיין אינערלעכן גייסטיקן לעבן, און דאָ האָט זיך

אויף אים מיט אַ מאָל אַ גאַס געטאָן אַ גאַנצער שטראָם פון הצלחה. זיין וואָרט־צימער איז שטענדיק פול געווען מיט פּאַציענטן, און ביסלעכוויין האָט מען אים אָנגעהויבן רופן צו קראַנקע ווייט אויסער די גרענעצן פון זיין ראַיאָן. ער האָט געהאַט צווישן זיינע פּאַציענטן צענדליקער פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך מיט אים געבענטשט, ווי מיט זייער מלאך מושיע, און די האָבן אים געמאַכט אַ ברייטע רעקלאַמע. אומפאַרנדיק אין זיין נייעם, גלאַנציקן אויטאָמאָביל, מיטן שוואַרצן שאָפער, נאָך די ערשטע ניט־לאַנג דורכגעלעבטע געדריקטע מלמדות־יאָרן, האָט ער זיך אומהיימלעך איבער־געזעצט פון איין ווייכן ווינקל אינעם אַנדערן און אַלץ געטראַכט מיט מורא, עס זאָל זיך ביי אים ניט אָפּרופן אַן אָדער פון זיינע זיידעס די סוחרים — ער זאָל פּאַמעלעך ניט פאַרשלעפּט ווערן דורך זיין וואַקסנדיקער מאַטער־יעלער הצלחה אויף פרעמדע וועגן, ניט אויסבייטן די הויפּטזאַך אויף אַ בייזאַך, דעם עיקר אויף אַ טפל. ער האָט מיט גוואַלד באַגרענעצט זיין פּראַקטיק, זיך ווידער איבערגעגעבן צו זיינע ביכער, זיך גענומען איינ־שאַפן אַן אייגענע גרויסע ביבליאָטעק, און איבערגעלאָזט די אָוונטן אינ־גאַנצן פאַר זיך, פאַר זיינע אינטימע פאָרשונגען און טראַכטונגען, וועלכע זענען איצט פאַרברייטערט געוואָרן דורך זיין מעדיצינישן וויסן. זיין באַ־גרענעצטע פּראַקטיק האָט אים אָבער נאָך אַלץ אַריינגעבראַכט אַ סך מער וויפל ער האָט געקאָנט פאַרברויכן, האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ווען זיין פאַרמעגן וועט דערגרייכן די ביטיקע סומע, וועט ער זיך אָפּגעזעגענען מיט אַמעריקע, אַוועקפאָרן ערגעץ ווייט, אין אַ שטילן אָרט, און דאָרט ווידער נעמען שפּינען דעם איבערגעריסענעם פאָדים פון זיינע אַמאָליקע יונגע, עכטע אידעאַלן.

ער האָט נאָך אַלץ גערעכנט אַמעריקע פאַר זיין ציַיטווייַליקער סטאַנ־ציע, הגם די איבעריקע וועלט איז נאָך דער מלחמה געוואָרן פאַר אים פרעמד און ענג. די צעטרייסלטע און צעטומלטע אייראָפּע האָט פאַרלאָרן איר פריערדיקן קולטורעלן רייץ, זיין אייגן געבורט־לאַנד ליטע, מיט דעם קליינעם אויפגעקומענעם מלוכהלע פון קליינשטעטלדיקע „מיעשטשאַנעס" און גלחים, האָט ביי אים קיין באַזונדערן צוטרוי ניט אַרויסגערופן, און דאָס גרויסע רוסלאַנד, מיט וועלכן עס זענען געווען פאַרבונדן זיין ערשטע גייסטיקע אַנטוויקלונג און אַלע זיינע פאָרשטעלונגען וועגן יידן און יידיש־קייט, האָט איצט, נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, געשראָקן מיט חורבן און פאַרלאָרנקייט. עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען דער ערש־

טער אויפפלאַקער פונעם קאָמוניסטישן פייער אין דעם זעליש־נאָענטן רוס־לאַנד האָט אים אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן ווי אַ ניי משיחס ליכט, און דאָס, וואָס יידן זענען געווען צווישן די הויפּט־צינדער פונעם דאָזיקן פייער, האָט געהויבן זיין געדאַנק אויף נייע פליגל — עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דאָס האָט אַ נאָענטע שייכות מיט זיינע אַמאָליקע זעאונ־גען וועגן יידן אַלס סאָציאַלע וועלט־באַפרייער. ענדלעך האָט זיך באַוויזן אַ שיין פון גאולה פון גאָר אַן אומגעריכטער זייט!... דאָס איז אויסגע־פאַלן סאַמע אינמיטן זיין מעדיצינישן שטודיום, און ער האָט שוין אַפילו געגנומען טראַכטן, צי זאָל ער ניט אַוועקוואַרפן אַלע זיינע קליינע פּראַק־טישע פּלענער און זיך לאָזן אַהין, צום גרויסן אָנהייב פון אַ נייער וועלט־אָרדענונג. דער גרויסער אָנהייב פון דער נייער וועלט־אָרדענונג האָט זיך אָבער גיך פאַרנומען אויף די אַלטע וועגן פון אַכזריות און בלוט־פאַרגיסונג, פון צעשטערונג און פאַרניכטונג, פון גרויזאַמער הערשאַפט און פאַרלאָ־רענער קנעכטשאַפט — פון טעמפּן חוזק איבערן מענטשן. מנוחין האָט זיך דערפון אָפּגעטרייסלט מיט טיפן שוידער. באַזונדער שוידערלעך איז פאַר אים געווען דער פאַקט, וואָס צווישן די הויפּט־אַכזרים פון דער רעוואָ־ליוציע צייכענען זיך אויס אויך יידן, קינדער פון דעם דערשלאָגענעם, באַרעמהאַרציקן, בלוטלאָזן פאָלק, די באַזונגענע „רחמנים בני רחמנים", וואָס האָבן טויזנטער יאָרן ניט אָנגערירט קיין פליג אויף דער וואַנט. הייסט עס, אַז די גאַנצע מעשה איז גאָר געווען אַ זעלבסט־באַרימעריי פון שוואַכע!... דאָס האָט איינגעוואָרפן די לעצטע איבערבלייבענישן פון זיין אַמאָליקער יידישער פעסטונג, אַן וועלכער זיין געדאַנק האָט זיך נאָך אַלץ געקלאַמערט.

די וועלט אויף יענער זייט אָקעאַן איז אים געוואָרן אַלץ פרעמדער און ענגער, נאָר דאָס האָט מנוחינען ניט געפירט דערצו, ער זאָל אויפנעמען אַמעריקע ווי זיין נייע היים, ווו ער זאָל זיך זעליש קאָנען איינלעבן און באַרואיקן. ער האָט געלערנט גרינטלעך די ענגלישע שפּראַך און ליטעראַ־טור, געזוכט צו דערקענען און תופס זיין דעם כאַראַקטער פונעם לאַנד, די באַזונדערע אייגנשאַפטן פון דעם יונגן געמישטן אַמעריקאַנישן פאָלק, נאָר ער אַליין מיט זיין אינערלעכער וועלט האָבן זיך דערמיט ניט אָנגע־קערט. דער ענין אַמעריקאַניזאַציע איז אים פערזענלעך געווען שטאַרק דערווידער — ער האָט ניט געקאָנט צולאָזן דעם געדאַנק, ער זאָל זיך איינוואָרצלען אין אַ באָדן, אויף וועלכן ער איז פאַרוואָרפן געוואָרן צו־

פעליק, דורך אויסערלעכע אומשטענדן. ער האָט דאָס אויך ניט געקאָנט טאָן אין דעם זכות פון דער איבערגעפלאַנצטער יידישער אימיגראַנטן־געמיינדע, ווייל טיף אין האַרצן האָט ער זיך געשעמט, וואָס צווישן די איינגעוואַנדערטע פעלקער אין אַמעריקע זענען די יידן די לײַכטסטע און פּעאיקסטע צו אַמעריקאַניזירן זיך. ער האָט זיך אַפילו געשעמט דערמיט, וואָס יידישע אימיגראַנטן־קינדער, וועלכע זענען ערשט ניט־לאַנג אַראָפּ פון שיף, ווערן אַרויסגעשטעלט אין די פּאַבליק סקולס אַלס די בעסטע קאָמפּאָזיציע־שרייבער וועגן דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע — אַן עניין, וואָס זייערע גרינע טאַטעס ווייסן אַפילו ניט, מיט וואָס מע עסט דאָס; ער האָט מיט ביטערן טשיקאַוועס זיך צוגעהערט, ווי אַזוי זיינע פּאַציענטן, איינגעוואַנדערטע פון רוס־ש־פּוילישע שטעטלעך, רעדן געשמײַדיק ענגליש, באַהערשן די געלאַסענע, פּאָרנעמע אַנגלאָ־זאַקסישע שפּראַך מיט פרעמדן, נאַאיוון, ברוטאַלן אימפּעט, אין דער צייט, וואָס זייערע יידישע לעפּצן, נעזער און שטימען ווילן זיך מיט דער דאָזיקער שפּראַך בשום אופן ניט צונויפּפּאָרן. ער האָט דעם זעלבן יידישן אימפּעט באַמערקט אויך ביים צווייטן דור, ביי די איינגעבאָרענע אַמעריקאַנער קינדער, די וואָס האָבן מיט אַ באַזונדער יידיש־אַקטיאָרישער פּעאיקייט גובר געווען די פיזישע און פּסיכישע שטרויכלונגען פון זייערע עלטערן און לײַכט אַרויפגעצויגן אויף זיך די מאַסקע פון עכטע אַמעריקאַנער, מיט אַלע פּליטערלעך. ער האָט דאָס געזען ביי זיינע חברים סטודענטן אין דער אוניווערסיטעט, ביי יונגע יידישע ספּאָרט־לייט, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער זיין מעדיציניִשער אויפזיכט, ביי דער יידישער באַהעמישער קינסטלער־יוגנט, צו וועלכער ער האָט זיך פון צייט צו צייט צוגעקוקט אויף גריניטש ווילעדזש, אַפילו ביי יונגע רעפאָרם־ראַבאַיס, וואָס זייער העכסטע אַמביציע איז — אויס־צוזען ווי אַמעריקאַנער גלחים. ער האָט דעם דאָזיקן יידישן אימפּעט אויך פּאַרדעכטיקט אין דער וואַקסנדיקער צאָל יידישע באַנדיטן, ביי וועמען דער באַנדיטיזם שיינט צו זיין מער אַ קונציקע נאָכקרימונג דעם הערשנדיקן בראַוואַדאַ־גייסט אויף דער אַמעריקאַנער גאַס, איידער אַן אויסדרוק פון זייער אייגענעם יידישן בלוט.

זיין מעדיציניִשע פּראַקטיק האָט פאַר אים געעפנט ניט נאָר די טירן פון יידישע רייך־געוואָרענע הייזער, נאָר אויך דעם וועג צו יידישע וויסט־געוואָרענע נשמות. ער האָט זיך געשאַפן אַ געוווינשאַפט אויסצו־פרעגן און אויסצופאָרשן זיינע פּאַציענטן פון אַלע זייטן — אויך וועגן

זאַכן, וואָס האָבן ניט קיין דירעקטע שייכות מיט זייער פיזישן צושטאַנד. ער האָט זיך אינטערעסירט צו וויסן, פון וואַנען זיי קומען, ווער זייערע עלטערן זענען געווען, וואָס פאַר אַ גייסטיקן פאַרמעגן זיי האָבן געבראַכט פון דער אַלטער היים, און ווי אַזוי עס האָט געווירקט אויף זיי דער איבער־בייט פון זייער לעבנסשטייגער אין דער נייער וועלט. ער האָט זיך אויך אויפמערקזאַם צוגעקוקט צו זייערע פּרצוף־פּנימער, געהאַט אַ שאַרף אויג פאַר די אָריגינעלע ירושה־שטריכן, פון וועלכע ער האָט געזוכט אָפּצוטיילן דעם פרעמדן אָנוווקס, וואָס איז צוגעקומען דורך די נייע לעבנסבאַדינגונ־גען. רעדנדיק מיט זיינע אַמעריקאַניזירטע פּאַציענטן ענגליש, איז ער אָפּט אַריבער צו יידיש, געוואָלט הערן פון זיי דעם עכטן, אינטימען קלאַנג פון זייער נשמה. פון די דאָזיקע פאָרשונגען און באַטראַכטונגען איז ער אַלץ מער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די יידישע איבערפלאַנצונג פון די אַלטע אָנגעזעסענע ערטער אויפן נייעם באָדן האָט געבראַכט דעם יידישן פאָלקס־כאַראַקטער גרויס שאָדן און טיפע געפאַלנקייט. דער געיאָגטער, אויסגעהונגערטער געטאָ־ייד באַקומט דאָ טאַקע אַ רואיקע, זאַטע עקזיס־טענץ, אַ מעגלעכקייט אויסצוגלייכן די ביינער און זיך באַוועגן פריי — ער באַצאָלט אָבער דערפאַר מיטן גאַנצן גייסטיקן פאַרמעגן, וואָס די פריער־דיקע דורות האָבן פאַר אים אָנגעזאַמלט. ער קומט אַהער אַ באַלאָדענער מיט אַן אַלטער ירושה פון אַן אויסגעפרוווטן לעבנסשטייגער — און טריי־סלט עס אָפּ פון זיך צוזאַמען מיטן שטויב פון זיינע אַלטע עמיגראַנטן־קליידער. ער קומט אַ באַרעדעוודיקער, מיט אַ גלאַטער געשליפענער צונג, אַ חכם עתיק, וואָס איז פול אָנגעזאַפּט מיט אַלטער דערפאַרענער קלוג־שאַפט פון טאַטעס און זיידעס — און ווערט דאָ שטום און נאַריש, דער־הויפּט אין די אויגן פון זיינע אייגענע קינדער. ער פאַרגעסט דאָ זיין תורה, זיין וויץ, זיינע קלוגע ווערטלעך, זיין האַרציקע ליריק, זיינע שאַרפע, טרעפנדיקע טענות צו גאָט און צו מענטשן — זיי האָבן דאָ ניט קיין אָפּ־קלאַנג אין זיין הויז, אין זיין אייגענער משפחה. און דער סוף איז, אַז ער שטאַרבט ווי אַ ביטערער אָרעמאַן, ווי אַ געפאַלענער קבצן, הויל און נאַקעט — ער לאָזט ניט איבער נאָך זיך פאַר די קומענדיקע דורות קיין שום ירושה...

מנוחין איז פון אַזעלכע מחשבות געווען שטאַרק באַטריבט. ער האָט ניט געזען פאַר זיך קיין פרייד אין דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן, קיין שום אויסגאַנג צו דערהייבונג, צו אַ באַפליגלטער גייסטיקער טעטיקייט.

דערווייל זענען געגאַנגען די יאָרן, אַ יאָר נאָך אַ יאָר, דער שפּיגל האָט אים געוויזן, אַז ער הייבט שוין אָן צו ווערן גרוי, ער ווערט אַן אַלטער בחור. וואָס זשע וועט זיין ווייטער? ווי לאַנג וועט ער דאָ נאָך אויסזיצן? ער איז דאָך ניט געקומען אויף דער וועלט נאָר צו היילן קראַנקע לייבער און צו זאַמלען געלט אין דער באַנק. ער האָט דאָך אַמאָל געדופעט אויף עפּעס אַנדערש!... נאָר ווהין פאָרט מען אַוועק פון דאַנען, אַז די וועלט איז געוואָרן אַזוי פרעמד און אַזוי ענג?... ער האָט עטלעכע מאָל אַ טראַכט געטאָן פון ארץ־ישראל — דער איינציקער ווינקל אויף דער ערד, וואָס האָט צו אים נאָך פון די קינדער־יאָרן שעמערירט מיט באַהאַלטענעם צויבערלעכן ליכט, מיטן אמתן „אור הגנוז". ער האָט אָבער מורא געהאַט צו טראַכטן פון דעם, דווקא דערפאַר, ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער ווינקל, זיין לעצטע סטאַנציע. ער האָט מורא געהאַט פאַר אַנטוישונג, וואָס נאָך דעם וועט זיך עפענען אַ תהום. ער האָט ארץ־ישראל אָפּגעהיט אין געדאַנק פאַר אַ גרויסער משיחישער צוקונפט, און ער האָט אַזאַ טייערן אוצר דעם היינטיקן געפּאַלענעם יידנטום ניט אָנגעטרויט. שוין בעסער וואַרטן, אַזוי ווי אונדזערע זיידעס האָבן געוואַרט... ער איז אין דער יוגנט געווען אַ הייסער אָנהענגער פון אחד־העמען, פון זיין שטרענגער לאָגיק און קלאָרזעאונג, געווען דורכגעדרונגען מיט זיין סקעפּטישער באַציאונג צו דער גרייטקייט פון יידן צו ווערן אַ פאָלק גלייך מיט אַלע פעלקער, שטאַרק באַאיינדרוקט געוואָרן פון זיין שאַרפן און ביטערן „אמת פון ארץ־ישראל". שפּעטער, אַז ער איז געקומען צו זיין אייגענער אידעיע פון „נצח ישראל", איז ער פון דעם ציוניזם נאָך מער דערווייטערט געוואָרן. און אַפילו אין די טעג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, בשעת די יידישע גאַס אין ניו־יאָרק האָט זיך יום־טובדיק געוויגט און ווייטע זענען געוואָרן נאָענטע, איז ער געשטאַנען אַן איינזאַמער אין דער פאַרוואָרפענער קליינער „היברו סקול" אין עק ברוקלין און טרויעריק־איראָניש געזונגען מיט זיינע בר־מצוה־תלמידים די ברכות פון „מפטיר", זיי גאָרנישט ניט דערציילט פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער געשעעניש. עס האָט אים דעמאָלט געאַרט אַן אַנדער זאַך: למאי די ציוניסטן האָבן אָרגאַניזירט אַ „יידישן לעגיאָן" און דערמיט, לויט זיין טיפן גלויבן, פאַרשוועכט די הייליקייט פון ארץ־ישראל, אויסגעביטן די הויכע משיחישע אידעיע אויף אַ נידעריק שפּיל מיט יידישע סאָלדאַטלעך... פון דעסטוועגן, אַז ס'איז צו אים מיט עטלעכע יאָר צוריק געקומען אַ משולח פון ארץ־ישראל, זיינער אַן אַלטער חבר פון די

בערלינער טעג, און אים אַנגעבאָטן אַנטייל צו נעמען אין „גאולת הארץ“, קויפן אַ הונדערט דונאַם באָדן ערגעץ אין דעם „שרון“, האָט ער דאָס גערן אָנגענומען, און איז נאָכדעם אומגעגאַנגען ביי זיך אין קאַבינעט אַ פריי־לעכער, אַ געשטאַרקטער, פונקט ווי זיין פּאַרווירט, וואַקלדיק לעבן וואָלט פלוצים באַקומען עפּעס אַן אָנהאַלט — ער האָט אַ חלק און אַ נחלה אין ארץ־ישראל!... ער האָט אויך מיט אַ לייכטער האַנט געשיקט עטלעכע מאָל געלט דער שוועסטער, וואָס האָט זיך באַזעצט מיט דער פאַמיליע אין תל־אביב, הגם עס זענען צו אים דערגאַנגען ידיעות, אַז זיין שוואָגער, אַ ציוניסט נאָך פון די יונגע יאָרן, פאַרנעמט זיך דאָרט מיט ערד־ספּעַ־קולאַציע.

און אָט האָט מיט מנוחינען עפּעס געטראָפן, וואָס האָט אים פלוצים אַ שטויס געגעבן צו ארץ־ישראל. געשען איז דאָס נאָך דעם לעצטן פּאָג־ראָם, וואָס די אַראַבער האָבן געמאַכט אויף דעם אומבאַשיצטן יידישן ישוב און זענען צום סוף אָפּגעשלאָגן געוואָרן דורך דער העלדישער מסירות־נפש פון דער יידישער זעלבסט־שוץ. צווישן די געפאַלענע יונגעלייט איז געווען מנוחינס אַ נאָענטער קרוב, זיין שוועסטערס עלטערער זון. ער האָט וועגן דעם באַקומען אַ בריוו פון דער אומגליקלעכער מוטער, וואָס האָט אויך צוגעלייגט דאָס לעצטע בילד פון איר אומגעקומענעם קינד. מנוחין האָט אַ קוק געטאָן אויפן בילד און איז פאַרגאַפט געוואָרן: ער האָט דערזען אַ קאָפּיע פון זיך אַליין אין זיינע יונגע יאָרן — אַזוי ענלעך איז זיין פּליי־מעניק געווען אויף אים! פונעם בילד האָט אויף אים געקוקט מאָדנע וואַרעם און נאָענט, טיף־קרוביש, אַ שיין איידל פּנים פון אַן אַכצן־יאָריקן בחור, מיט שוואַרצע פאַרטראַכטע שטראַלנדיקע אויגן, וואָס האָבן אַרויס־געשטראַלט פון זיך, ווי אים האָט זיך אַצינד געדאַכט, אַ צערדיקן, טראַגישן סוד — דעם סוד פון אַ יונגן מענטשן, אויף וועמען עס לויערט דער טויט. דאָס איז געווען פאַר אים אַזאַ טרויעריקע, רירנדיקע איבערראַשונג! ביי און רירנד האָט אים אויך געקלונגען זיין שוועסטערס בריוו. די זעלבע שוועסטער, וואָס האָט ביז אַהער זיך אַלץ געקלאָגט פאַר אים אין אירע בריוו אויף איר ביטערער מערכה אין ארץ־ישראל, וואָס זי דאַרף, נאָך איר אַמאָליקער עשירות, אָפּקומען מיט ווייניק, אַרויסקוקן אויף דירה־געלט פון אָרעמע שכנים, — האָט איצט מיט שטאָלצן מוטערלעכן ווייטמוט דערציילט פאַרן ברודער, ווי אַזוי העלדיש איר יונגער זון איז אומגעקומען, ווי אַזוי ער האָט מיט נאָך עטלעכע חברים שטילערהייט, אָן דער ידיעה

פון די עלטערן, זיך אַרויסגעכאַפּט אין אַן אויטאָמאָביל פון דער זיכערער תל־אביב, זיך געלאָזט אויף קידוש־השם אין אַ פּאַרוואָרפענער אומבאַ־שיצטער קאָלאָניע און איז דאָרט געפאַלן פון דעם שונאס קוילן. און פאַר־ענדיקט האָט זי דעם בריוו מיט פיל־באַדייטנדיקע ווערטער: אַז איצט איז פאַר איר ארץ־ישראל געוואָרן דאָס ליבסטע און טייערסטע לאַנד אויף דער וועלט — זי האָט דעם דאָזיקן לאַנד געבראַכט אַ קרבן דאָס ליבסטע און טייערסטע פון אירע קינדער, איר ליכטיקע קרוין פון קאָפּ... מנוחין האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט די דאָזיקע ווערטער, געוואָלט דערגיין זייער אמתן זין. עס איז פאַרשווּונדן געוואָרן די קיילעכיקע, דיקלעכע פיגור פון דער יידישער גבירטע, וועלכע ער האָט געדענקט פון די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה, און אַנשטאָט איר האָט אַ פלאַטער געטאָן פאַר זיינע אויגן, אין אַ ווייסן שבתדיקן שפּיצן־קלייד, די יונגע שלאַנקע צאַרטע שוועסטער פון די קינדער־יאָרן, פון וועמען ער האָט נאָך עד היום גע־טראַכט מיט טיפער בענקשאַפט. און פון איר טרויעריקן בריוו האָט אַרויס־געקלונגען מיט עפּעס, וואָס האָט געהאַט אַ האַרץ־פאַרכאַפּנדיקן ביבלישן קלאַנג: די מוטער רחל וויינט אויף אירע קינדער...

דער ערשטער געדאַנק מנוחינס איז געווען, אַז איצט איז געקומען די צייט, ער זאָל זיך דורכפאָרן קיין ארץ־ישראל צוגאַסט, זיך זען כאָטש מיט דער שוועסטער. נאָר אַז ער האָט דערפון טיפער אַ טראַכט געטאָן, האָט דער דאָזיקער געדאַנק באַקומען אַ ווייטערע ווענדונג. ער האָט גע־קוקט אויפן בילד פון זיין העלדישן פלימעניק, וואָס האָט אַזוי יונג און שיין און פרייגיביק פאַרענדיקט זיין לעבן, און ער האָט גערעדט צו זיך אַליין אין די געדאַנקען: „אָט איז דער, וואָס דערמאָנט דיר אַזוי קלאָר און נאָענט דיין פאַרשוווּנדענע יוגנט, וואָס איז ביין פון דיינע ביינער און פלייש פון דיין פלייש, געשאַפן אין דיין אייגענעם געשטאַלט — נעם זיך אַראָפּ אַ מוסר פון אים. ער האָט געפונען יונגערהייט דעם גלייכן ערלעכן וועג צו דינען זיין פאָלק, שיין צו מאַכן זיין נאָמען צווישן זיינע ברידער, אָן חכמות, אָן טראַכטעניש, אָן מליצות. נאָר דו אַליין קליגסט זיך דיין גאַנץ לעבן, בלאָנזעסט אויף טרויעריקע, פאַרדרייטע וועגן, פאַרנודעסט דיינע טעג און יאָרן מיט איבערגעשפּיצטע מחשבות, מיט פאַרנעבלטע חלומות, ווילסט דווקא דערגרייכן דאָס סאַמע העכסטע, וואָס איז ניט דערגרייכלעך. וואַרף־אַוועק די פּוסטע, פּרוכטלאָזע פילאָזאָפיע, פאָר צו דיינע ברידער, וואָס טוען אַ גרויסע גערעכטיקע אַרבעט, שאַפן זיך אַן אייגענעם ווינקל אונטער־

דער זון, באַזעץ זיך צווישן זיי, האָב חתונה מיט אַן ערלעכער טאָכטער פון דיין פאָלק, ברענג יידישע קינדער אויף דער וועלט, דערציִ זיי אין דעם גייסט פון דיינע עלטערן — וועסטו דערמיט ממילא דערהאַלטן דעם „נצח ישראל״...

מנוחין האָט טרויעריק געשמייכלט פון דער פאַרציִע מוסר, וואָס ער האָט זיך אַליין געגעבן. נאָר די דאָזיקע מחשבות האָבן אים שוין ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט זיך חדשים־לאַנג געפּייניקט מיט זיי, זיך אַלץ גע־שלאָגן מיט דער דעה, און דער סוף איז געווען, אַז ער האָט איבערגעגעבן זיין דאָקטאָר־קאַבינעט צו אַ יונגן קאָלעגע, פאַרפאַקט זיינע ביכער און זיך געלאָזט פאָרן קיין ארץ־ישראל ניט אויף אַ ווייל, ווי אַ גאַסט, נאָר אויף אַן ערנסטן פּרווו — אפשר וועט ער דאָרט געפינען דעם ריכטיקן וועג. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס וועט זיין פאַר אים זיין לעצטע סטאַנציע — און ער האָט ריזיקירט.

קאַפּיטל ניין

## מיטן טוריסטן־קלאַס

קיין באַשטימטע פּלענער האָט מנוחין מיט זיך קיין ארץ־ישראל ניט געפירט, און קיין קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם, וואָס עס שטייט אים דאָרט פאָר, האָט ער ניט געהאַט. ער האָט נאָר געהאַט דאָס געפיל, אַז ער פאָרט צו עפּעס, וואָס באַדאַרף ווערן דער תכלית פון זיין ביזאַהעריקן צוועקלאָזן לעבן, דער אויפנאַם־פּונקט פון זיין בלאָנזשענדיקער שאַפונג־קראַפט, פון זיינע באַדנלאָזע טראַכטונגען און דערפאַרונגען. ער, דער אויסגעוואָרצלטער יידישער אינטעליגענט, דער פּרוכטלאָזער צווייפלער און גריבלער, וואָס שוועבט איינזאַם אין די הויכע פּוסטע הימלען, וועט סוף־כל־סוף זיך אַראָפּלאָזן אויף ממשותדיקער ערד, זיך איינפלאַנצן אין איר צוזאַמען מיטן גלייביקן און האָפנדיקן טייל פון זיין פאָלק. ער האָט אויך געטראַכט פון פערזענלעכן, אינטימען תכלית — פון חתונה האָבן. די לעצטע יאָרן, דערהויפּט זינט ער האָט אָנגעהויבן גרויִ צו ווערן, פלעגט אים אָפט באַפאַלן אַ בענקשאַפט נאָך פאַמיליע־לעבן, נאָך קינדער, נאָך דעם אומפאַרזוכטן טיפן גליק פון איבערפלאַנצן זיך מיט לייב און זעל אין

אַ קומענדיקן דור. עס האָט אים געשראָקן מיט קאַלטער שרעק די אומ־פאַרמיידלעכע איינזאַמע עלטער, די אויסזיכט צו שטאַרבן איינער אַליין אין ליידיקע, אומעטיקע, עלנטע צימערן. אויב זיינע געדאַנקען האָבן אים ניט דערלאָזט, ער זאָל זיך צובינדן צום פרעמדן לעבן אין אַמעריקע מיטן בלוטיקן בונד פון משפחה, מיטן לעצטן תכלית פונעם מענטשן, — וועט ער דאָס איצט טאָן אין ארץ־ישראל. ער האָט זיך געמאָלט אין דמיון, האַלב ערנסט און האַלב אין אַלט־בחורשן, הומאָריסטישן שטייגער, ווי אַזוי ער וועט זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל אויף זיין געקויפטער נחלה, זיך אויסזוכן דאָרט עפּעס אַ פיינע „חלוצה" פאַר אַ ווייב, וועלכע וועט אים אַרומרינגלען אויף די עלטערע יאָרן מיט אַ האַלב טוץ קינדערלעך, קליינע שבטימלעך פון ישראל מנוחין... אַזעלכע האָפערדיקע געדאַנקען און דמיונות האָבן באַרוישט זיין האַרץ מיט שטאַרקע זיסע פאַרלאַנגען, און ער איז אַרויף אויף דער שיף אַ פרישער, אַ מונטערער, אַ יונג־געוואָרענער, ווי צו אַ נייעם יונגן לעבן.

זיין פינאַנציעלע לאַגע וואָלט אים דערלויבט צו מאַכן די נסיעה מיט דער ברייטער האַנט, אין ערשטן קלאַס. ער האָט זיין אָפּגעלייגט געלט געהאַלטן אין אַ זיכערער באַנק, קיינמאָל קיין השגה ניט געהאַט צו אינ־וועסטירן עס אין ווערט־פּאַפּירן, אַזוי אַז ער איז פון דעם קריזיס אין לאַנד ניט אָנגערירט געוואָרן. ער האָט אָבער בעסער פאָרגעצויגן פאַר זיך דעם דריטן טוריסטן־קלאַס, דעם קלאַס פון דער ניט־פאַרמעגלעכער רייזנדער אינטעליגענץ, מיט דער כוונה, אַז דאָ וועט ער טרעפן דעם אמתן יידישן עולם, געוואָלט ביים ערשטן אַרויספאָר זיך באַקענען פון דער נאָענט מיטן געקליבענעם מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס דאַרף בויען דאָס נייע יידישע לעבן. די ערשטע טעג האָט דאָס אים ניט לייכט זיך איינגעגעבן. אַן אָפּ־געוויינטער פון געזעלשאַפט, דערהויפּט אַן אָפּגעפרעמדטער פאַר לאַנגע יאָרן פון דער יידישער עפנטלעכער וועלט, האָט ער זיך אַצינד דערפילט אין דעם דאָזיקן נייעם פריילעכן יידישן געטומל אינמיטן ים מאָדנע פאַר־ווירט און עפּעס ווי שולדיק, גלייך ווי ער וואָלט אַריינגעפאַלן אומגע־בעטן אויף אַ פרעמדער שמחה. אַנשטאָט צו פאַרבינדן שמועסן מיט די אומבאַקאַנטע מענטשן, אויסמישן זיך מיט זייערע לעבעדיקע, באַרעדעווע־דיקע קלייזלעך, האָט ער פון דער זייט, זיצנדיק אין די זאַלן און שפּאַ־צירנדיק אויפן דעק, זיך שטאַרק צוגעקוקט צו זייערע פנימער, געזוכט אין זיי, לויט זיין לעצטער געוווינשאַפט, די פיינקייט פון עכטן יידישן

כאַראַקטער, די אָפּגעהיטע איידעלע ירושה־סימנים פון דער יידישער ראַ־סע. איצט באַזונדער האָט ער אין זייערע אויגן געזוכט נאָך עפּעס: דעם סוד, וואָס האָט די דאָזיקע מענטשן אויפגעהויבן פון זייערע זיכערע, איינ־געזעסענע ערטער און טרייבט זיי צו אַ ווייטן, אומזיכערן ווינקל ערגעץ אין אַזיע, וואָס איז פאַרוויקלט אין אַ משיחישן נעבל, פאַרפלאָנטעט מיט משיחישע שוועריקייטן און שטערונגען. אין זיין איצטיקער מילדער שטי־מונג, אַ צענומענער פון גוטע האָפענונגען און פאָרגעפילן, איז ער גרייט געווען צו אַנטפּלעקן אין יעדן געוויינלעכן יידישן פּנים עפּעס אויסטער־ליש־ליכטיקעס, וואָס פרייט און באַרואיקט דאָס האַרץ. און אפשר איז ער אַצינד גאָרניט אָפּגענאַרט געוואָרן: דאָ אויף דער שיף, אין דעם דאָ־זיקן קהלשן צוזאַמענגוס צוליב איין גרויסן צוועק, אין דער וואַרעמער יום־טובדיקער פאַרברידערונג, האָט יעדער איינער אַרויסגעשטראַלט פון זיך דאָס סאַמע בעסטע, וואָס ער פאַרמאָגט.

ער האָט זיך אויך צוגעקוקט אויפמערקזאַם צום יידישן יונגוואַרג אויף דער שיף, באַזונדער צו דער קליינער גרופּע בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן אומגעשפּאַנט בחברותא איבערן דעק מיט האָפערדיקע פּני־מער פון פרייוויליקע רעקרוטן, וואָס פאָרן צו דער ערשטער שלאַכט. ער האָט געהערט, ווי אַזוי די טוריסטן באַרימען זיך איינס פאַרן אַנדערן, אַז דאָס איז די ערשטע גרופּע אַמעריקאַנער חלוצים, — האָט ער זיי באַ־טראַכט טשיקאַווע, הגם מיט אַ געוויסן חשד. דווקא די, וואָס גייען אין פאָלקס־דינסט עפנטלעך, בקאָמפּאַניע, ווי צום טאַנץ, האָבן ביי אים אַרויס־גערופן ווייניקער צוטרוי, ווי די פּראָסטע יידן, וואָס ווערן געטריבן דערצו דורך אייגענע באַהאַלטענע מאָטיוון און איבערלעבונגען. ער האָט אין דעם מאַרשירנדיקן גאַנג פון די דאָזיקע יונגעלייט פאַרדעכטיקט דעם געוויינלעכן בראַוואַדאַ־גייסט, מיט וועלכן עס איז אָנגעשטעקט אַ היפּשער טייל פון דער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט, און הינטער וועלכן עס הערשט אַ זעלישע פּוסטקייט. דערפאַר איז פאַר אים געווען אַן אַיינגענעמע איבערראַשונג צו טרעפן דאָ אַזעלכע קינדער, ווי עמוס און שולמית.

שוין די ערשטע טעג האָט ער אָפּגעשטעלט זיין בליק אויפן אויסגעצוי־גענעם פאַרטראַכטן בחור'ל, מיטן אויסדרוק פון שטרענגער גייסטיקער אָפּגעזונדערטקייט אויפן בלייכן פּנים, וואָס האָט געשפּאַצירט אויפן דעק איינזאַם מיט זיינע געדאַנקען, אַזוי ווי ער אַליין. און דאָס צאַרטע בלאָנדע מיידעלע, וועמען ער האָט אין די אָוונטן געזען זיצן אינמיטן אַ קרייז

פון עלטערע יידן, אַ פאַרחלומטע, אַ גלייביקע, אינגאַנצן פאַרשלונגען אין דער דאָזיקער וואַרעמער אַלט־יידישער אַטמאָספער, — האָט גאָר געפּלעפט זיין האַרץ. דערנאָך, אַז ער האָט ביידן געזען צוזאַמען, האָט ער זיי שוין ניט אָפּגעלאָזט פונעם אויג. דאָס זעלטענע טשיקאַווע בילד, ווי אַזוי די צוויי אַמעריקאַנער קינדער האָבן זיך פאַרקליבן ווייט אין אַ ווינקל און ביידע געשטודירט דעם תנ״ך אויף העברעאיש און ענגליש, איז פאַר אים געווען אַ ווונדערלעכע זעאונג, אַן אָנזאָג פון יונגער באַ־נייאונג פאַרן אַלטן, אָפּגעשוואַכטן „נצח ישראל״... ער האָט זיך ניט איינ־געהאַלטן און זיך אָנגעבאָטן אין פריינטשאַפט צו די אומבאַקאַנטע קינדער. ער האָט אויך אַרויסגעקוקט באַקענט צו ווערן מיט זייערע עלטערן, וועלכע האָבן באַוויזן אַרויסצוברענגען אַזעלכע איידעלע יידישע פלאַנצן אויפן פרעמדן אַמעריקאַנישן באָדן.

דערויף האָט מנוחין לאַנג נישט באַדאַרפט וואַרטן. דעם זעלבן אָוונט, נאָך זיין באַקענען זיך מיט עמוסן און שולמיתן, ווען ער איז געזעסן איינער אַליין ביי אַ טישל אינעם לייען־זאַל, איז צו אים צוגעקומען דער לערער צעדערבוים מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל און פאַרפירט מיט אים אַ שמועס:

— אויב איך שטער אייך ניט, דאָקטער, — האָט צעדערבוים אָנגעהויבן אויף אַ פאָרזיכטיקן, פאַמעלעכן ענגליש, ווי איינער וואָס סילעוועט פרעמדע פערל, — וועל איך מיר נעמען דאָס פאַרגעניגן זיך פאָרצושטעלן פאַר אייך: איך בין שולמיתעס פאָטער.

— אַזוי? דאָס זענט איר שולמיתעס פאָטער? — האָט זיך מנוחין דער־פרייט. — איך בין באמת צופרידן אייך צו קענען. איר האָט זייער אַ פיינע טאָכטער, אַ זעלטן טייער קינד!

מיסטער צעדערבוים האָט גליקלעך אויפגעלויכטן. אַ דערמונטערטער פון מנוחינס וואַרעמען, פריינדלעכן טאָן, האָט ער זיך גלייך צוגעזעצט צום טישל, אין דעם ווייסן סוועטער מיטן וואָלענעם רייזע־היטל, און אַ זאָג געטאָן שוין מער פאַמיליער:

— דאָס איז נאָך ווייניק, וואָס איך בין שולמיתעס פאָטער. מיר וועלן זיין מיט אייך אין ארץ־ישראל גאָר נאָענטע שכנים, דאָקטער מנוחין!

— וואָס הייסט שכנים? — האָט זיך מנוחין געוווּנדערט.

— גאָר פשוט: שכנים אין איין מושב. אייער נחלה גרענעצט זיך פונקט מיט מיין פּרדס. אַז אייער חבר דאָקטער שיינין האָט מיר פאַר־

קויפט דעם באָדן, האָט ער מיר צוגעגעבן אַן אומזיסטע פּרעמיע, אַז איך וועל האָבן זייער אַ געהויבענעם שכן.

— דאָס איז מיר ווידער אײַנגענעם צו הערן. אָבער מיט וואָס זענט איר אַזוי זיכער, אַז אייער שכן איז אַ געהויבענער?

— טוב שם משמן טוב [אַ גוטער נאָמען לאָזט זיך הערן בעסער פון גוטן בוימל]. — האָט מיסטער צעדערבוים געענטפערט מיט אַ פּסוק און געפּרוווט איבערגיין אויף העברעאיש. — שאַ, אפשר וועלן מיר גאָר רעדן העברעאיש? איך ווייס דאָך פון דעם סוד, אַז איר זענט ביי אונדז אַ באַהאַלטענער פיינער העברעער, אַ למד־וואָווניק!...

— איך האָב מורא, — האָט מנוחין געזאָגט מיט אַ שמייכל, — אַז מיין העברעאיש רעדן וועט אייך קאָסטן צופיל צייט. מיר קאָנען בעסער, אויב איר ווילט, רעדן פּראָסט יידיש.

— אָך, מיטן גרעסטן כבוד! — איז מיסטער צעדערבוים גלייך אַריבער אויף יידיש. — דערווייל, כל־זמן מיר זענען נאָך אויפן ים, איז דאָך זשאַרגאָן אונדזער מאַמע־לשון, מוטער־שפּראַך — מותר, מותר!... נאָר וואָס זאָגט איר בעסער, מיין ליבער, טייערער דאָקטער מנוחין, צו אונדזער ארץ־ישראל? האָבן מיר דערלעבט, הייסט עס, אַז אַזאַ מענטש ווי איר פאָרט אויף אַהינצוצו! איך זאָג אייך, הערט איר, איך בין דערפון אַזוי גליקלעך, אַז איך קאָן דאָס אייך גאָרניט אַרויסגעבן מיט ווערטער! סטייטש, דאָקטער מנוחין!... מיר האָבן דאָך אייך געהאַלטן פאַר אַ דערווייטערטן, שיר ניט אַ מאָך געטאָן אויף אייך מיט דער האַנט. דערלעבט משיחס צייטן, האַ?...

— יאָ, כמו ווי משיחס צייטן... — האָט מנוחין אַ זאָג געטאָן פיינצטערלעך, ווי ניט־צופרידן פון אַזאַ טעמע. — און איר אַליין ווער זענט, אויב איך מעג פרעגן?

— איך אַליין ווער בין? — האָט מיסטער צעדערבוים איבערגעחזרט די פראַגע שטאַרק אויפגעלייגט, דערביי אַרויפגערוקט דאָס וואַרעמע רייזע־היטל אויפן פאַרשוויצטן לומדישן שטערן און זיך געשמאַק צעשאָקלט, ווי איבער אַ שכלדיקן שטיקל גמרא. — איך אַליין, ווי איר קוקט מיך אָטאָ אָנעט, בין ערשט ניט לאַנג, ניט היינט געדאַכט, ניט פאַר קיין שום יידן געדאַכט, געווען בסך־הכל, אַ מלמד, און איצטערטאָ רעכן איך מיך, מיט גאָטס הילף, פאַר אַ פלאַנטאַטאָר־לעתיד לבוא, אַ באַלעבאָס פון אַ פרדס, אַן אמתער עובד־אדמה!... נאָר ווי דערלעבט מען דאָס שוין, רבונו של

עולם!... איך זאָג אײַך, הערט איר, מײַן ליבער, טײַערער, האַרציקער דאָק־טער, אויב איך װעל אַריבערטראָגן אָט די עטלעכע װאָכן, װאָס מיר דאַרפֿן זיך דאָ שלעפּן אויף דער שיף מיט דער עקסקורשאָן, װעל איך זײַן שטאַר־קער פֿון אײַזן!... צװאַנציק יאָר בין איך געװען אַ מלמד אין ניו־יאָרק, זיך אויסגעגעסן און אויסגעטריקנט דאָס האַרץ, געאַרבעט טאַטשקע־אַרבעט, בחומר ובלבנים, געהאַקט האָלץ מיט אַמעריקאַנער לויפֿערס, געקנעלט מיט פֿאַרשטאָפּטע קעפּ, מיט פּויערים — און אַלץ צוליב װאָס? כּדי צו דער־לעבן זײַן אַמאָל אַ פּויער אין ארץ־ישׂראל... די לעצטע פֿינף יאָר, כּדי אויסצוצאָלן מײַן פּרדס, בין איך געװען אַ צװײַיענדיקער מלמד, געקנעלט צװײ מאָל אַ טאָג, אינדערפֿרי אין אַ ישיבה און פֿאַרנאַכט אין אַ תּלמוד־תּורה, קוים געשטאַנען אויף די פֿיס, געהאַלטן אָפּט בײַ פֿאַלן חלשות, און עטלעכע מאָל טאַקע פּשוט געחלשט... נאָר איך שװער אײַך, דאָקטער, הערט איר, בהן צדקי, אַז די צװאַנציק יאָר האָבן זיך מיר אַזוי ניט אויסגעצויגן, װי אָט די עטלעכע טעג, װאָס מיר פֿאָרן דאָ אויפֿן שיף, און די עטלעכע װאָכן, װאָס מיר דאַרפֿן ערשט פֿאָרן. עס עקט זיך מיר דאָס חיות... גיכער, גיכער!.. מע זאָגט אונדז צו גליקן, אַז מע װעט אונדז פֿירן קיין אַלזשיר, קיין ניצע, אַפֿילו קיין מאָנטע קאַרלאָ... װעמען ליגט אין דער לינקער פּאה מאָנטע קאַרלאָ? מיר זענען דאָך ניט קיין קאָרטנשפּילער! מיר זענען ייִדן, מיר װילן זען װאָס גיכער ארץ־ישׂראל, אונדזער כּשר, טײַער, הײליק לאַנד, אויף װעלכן מיר װאַרטן שוין כּמעט צװײ טויזנט יאָר און האָבן מער קיין כּוח ניט צו װאַרטן! איך װיל שוין זען מײַן פּרדס, איך קוק־אויס אויף אים די אויגן, גײ־אויס פֿון בענקשאַפֿט, ממש כּלות הנפֿש!... איך װיל שוין דערלעבן דעם זעלטענעם עונג רוחני צו זײַן אַ ייִדישער פּלאַנטאַטאָר אין ארץ־ישׂראל, אַ ייִדישער פֿאַרמער, אַן ערד־אַרבעטער!... איר מײנט, דאָקטער, אַז אַזאַ ייִד אַ מלמד, װי איך, פּלאַפּלט סתם אין דער װעלט אַרײַן „פּרדס”, און װײסט ניט, מיט װאָס מע עסט דאָס? אַזאַ ייִד אַ מלמד, װי איך, פֿירט מיט זיך בסך־הכּל אַ גאַנצע ענגלישע ביבליאָטעק װעגן פּרדסים, געדרוקט אין קאַליפֿאָרניע, און איך שטודיר, קען שוין באַלד די תּורה אויף אויסװײניק, בין אין דעם, ברוך השם, אַ בקי ניט װײניקער, װי, טויזנט מאָל להבדיל, אין אונדזער סדר „זרעים” אין דער משנה...

מנוחין האָט נײַגעריק באַטראַכט דעם טשיקאַװן מלמד־פּלאַנטאַטאָר, מיטן לומדישן פּנים אונטערן פֿאַרמערשן היטל, װי אַזוי ער האָט זיך

פאַר אים הייס צעדרשנט. עס האָט פון אים געשלאָגן מיט טיפער באַאי־וער באַגייסטערונג, ניט געקוקט דערויף, וואָס ער אַליין האָט דעם דאָ־זיקן איינדרוק קאַליע געמאַכט מיט זיין טבע צו וויצלען זיך.

— איצט פאַרשטיי איך שוין, — האָט מנוחין געזאָגט מיט אַ שמייכל, — פאַרוואָס אייער שולמית איז אַזאַ ווילגעלערנטע. זי האָט געהאַט פון וועמען צו לערנען!

— אַ! אין מיין שולמיתן האָב איך אינוועסטירט אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג! — האָט מיסטער צעדערבוים ווידער גליקלעך אויפגעשיינט. — איר וועט ניט גלייבן — זי לייענט דאָך, אַט די קליינע, אחד־העמען אין אָריגינאַל, און פאַרשטייט!... און טאָמער ווילט איר זי אפשר פאַרהערן אין אַ שטיקל רמב״ם, אַשטייגער, אין אַ „הלכות דעות״, וועט איר זי אויך ניט איבערשרעקן!... און דאָס דאַרף איך דאָך אייך ניט דערציילן, אַז אויך דער פּרדס מיינער איז פאַר איר געמיינט — ס׳איז, אם ירצה השם, איר נדן. נאָך אַ יאָר פיר, נאָך אַ יאָר פינף, אַז גאָט וועט העלפן, וועט זי דאָרט געפינען מסתמא איר חלוץ — וועלן זיי שוין זיין די פלאַנ־טאַטאָרס!...

— און וואָס פאַר אַ קינד איז אַט דער עמוס? — האָט מנוחין אַ פרעג געטאָן ווי דורך אַ צוזאַמענטרעף פון געדאַנקען.

— דער עמוס? איר מיינט, אַט דאָס בחורל פון די וועסט? ווייזט אויס, נישקשה פון אַ בחורל — איך קען אים ניט. די מאַמע זיינע איז זייער אַ ווילע, זי איז אַ שוועסטער פון בערל שמשי — איינער פון אונדזערע אַלטע חלוצים, אויב איר האָט געהערט. נאָר דער פאָטער איז, צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, אַ שטיק פּרא־אָדם, אַ יידישיסט גאָר, פירט קיין ארץ־ישראל אַ נייע תורה — יידישיזם!... נאָר וויבאַלד אַ ייד האָט אַוועקגעוואָרפן די געשעפטן אין אַמעריקע און פאָרט מיט האַק און פּאַק קיין ארץ־ישראל, טאָר מען וועגן אים קיין שלעכטס ניט רעדן...

— איך וואָלט אַ בעלן געווען קענען אָט די פאַמיליע, — האָט מנוחין געזאָגט. — איך בין זייער פאַראינטערעסירט אין עמוסן.

— יאָ, מיין שולמית כאַפּט פון אים אויך ווילדע התפעלות... נו, איך וועל ביי אייך מער קיין צייט ניט אַוועקנעמען — איך האָב גענוג פון אייך געלערנט היינטיקן אָוונט. איצט דאַרף מען גיין אַ ביסל שמועסן מיט נאָך יידן פון ארץ־ישראל...

און מיסטער צעדערבוים האָט זיך אויפגעהויבן און אָנגערוקט דאָס היטל אויפן פנים מעשה פאַרמער.

— וואַרט אַ ווײַלע, — האָט אים מנוחין אָפּגעהאַלטן, — איר האָט מיר פאַרגעסן צו זאָגן, ווי אַזוי איז אייער נאָמען!

— מײַן נאָמען? אָט וועל איך אײַך זאָגן. דאָ, כל־זמן מיר זענען אויף דער שיף, הייס איך, לויט מײַן פּאַספּאָרט, מיסטער צעדערבוים, יהושוע צעדערבוים. נאָר פאַר ארץ־ישׂראל ליגט ביי מיר צוגעגרייט אין מײַן באַגאַזש, אַ שפּאָגל־נײַער העברעאישער נאָמען, און ניט איינער, נאָר גאַנצע צוויי. ס׳איז אַ מחלוקת הפּוסקים: איך וויל הייסן פּראָסט אֶ ר ז — אַ צעדערבוים. נאָר מײַן שולמית האָט צוגעטראַכט אַ נאָמען גאָר אַן אַנטיק: ל ב נ ו נ י, וואָס דער פּשט דערפון איז: דער לבנונדי־קער, דער צעדערבוים, הייסט עס, וואָס שטאַמט פון די סאַמע ארזי הלבנון... ווי געפעלט אײַך אַ גמרא־קעפּל פון אַ פערצן־יאָריקער אַמעריקען גוירל?... וועל, גוד באַי, דאַקטער, אַי וואָז וועדי העפּי טו מיט יו!...

אויף מאָרגן האָט שוין דער גאַנצער יידישער עולם אינעם טוריסטן־קלאַס געוווסט, ווער ד״ר מנוחין איז. דאָס הייסט, גענוי ווער ער איז האָט מען נאָך אַלץ ניט געוווסט. מע האָט נאָר געוווסט פון מיסטער צעדערבוימען, אַז ער האָט מיט אים נעכטן געהאַט אַ לאַנגן אינטערע־סאַנטן געשפּרעך, און אַז אָט דער באַרימטער ניו־יאָרקער דאָקטאָר, וואָס איז אַחוץ אַ דאָקטאָר אויך אַ גרויסער למדן, האָט סמיכות אויף רבנות און איז איבערהויפּט אַ זעלטענער מענטש, פּאָרט גלייך מיט אַלע יידן קיין ארץ־ישׂראל. אַז ד״ר מנוחין איז אינדערפרי זיך דורכגעגאַנגען אויפן דעק פאַרביי די שטולן, וווּ עס זיצן די צעדערבוימס מיט די דובראָווס, האָט אים דער לערער שוין אָפּגעשטעלט, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן:

— גוד מאָרנינג, דאַקטער! איר האָט זיך נעכטן שטאַרק נאָכגע־פרעגט אויף עמוסעס פאָטער און מוטער — אָט דאָס זענען זיי!

מנוחין האָט זיך געפילט אַ ביסל פאַרלעגן פון אַזאַ מין פאָרשטעלן. מיסעס דובראָוו, געריכט דערפון, וואָס אַזאַ פיינער אַריסטאָקראַטישער מאַן און אַ באַרימטער דאָקטאָר האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט איר עמוסן, האָט אים אויפגענומען מיט אַ וואַרעמען דאַנקבאַרן גלאַנץ אין אירע גוטע גלעטנדיקע מוטערלעכע אויגן. נאָר פיניע דובראָוו האָט זיך געהאַלטן צוריקגעצויגן. ער איז געשטאַנען אָן דער זייט, מיט די הענט אין די קעשענעס, און געשמייכלט מיט די גרויע שטאָלענע אויגן פרעמד־

לעך, צו זיך אַליין, ווי איינער זאָגט: „דו מעגסט זיך זיין דער גרעסטער דאָקטאָר, בלייב איך אַלץ ביי מיינס"...

דערפאַר האָט עמוס — און מיט אים אויך שולמית — זיך גיך צו־געבונדן צו מנוחינען. דערהערט פון דער מוטער, ווי אַזוי מיסטער צע־דערבוים דערציילט, אַז ד"ר מנוחין האָט אים שטאַרק געלויבט, איז ביי עמוסן ווייך געוואָרן דאָס האַרץ. קודם כל האָט ער זיך געלאָזט דער־קענען צו מיסטער צעדערבוימען אַליין, באַלוינט אים דערמיט פאַר זיין שליחות. נאָר דערהויפט איז ער געוואָרן צוגעלאָזט צו ד"ר מנוחינען. איצט האָט מען מנוחינען אָפט געזען אין דער געזעלשאַפט פון די צוויי קינדער. זיי פלעגן זיך פאַרקלייבן אין זייער אָפּגעזונדערטן ווינקל אויפן דעק און דאָרט צוזאַמען פאַרברענגען. מנוחין האָט צום ערשטן מאָל אויף זיין לעבן געהאַט אַזעלכע יונגע און דאַנקבאַרע צוהערער. ער האָט באַ־וווּנדערט שולמיתס וויסן אין יידישקייט, און נאָך מער — עמוסעס תפיסה, זיין טיפע, אָריגינעלע אויפפאַסונג פון זאַכן. ער פלעגט אים אויסהערן ניט ווי אַן עלטערער, נאָר ווי אַ גלייכער, און האָט אים דערמיט איינ־גאַנצן אָפּגעקויפט. די געשפרעכן האָבן זיך געוויקלט, צום מייניסטן, אַרום דער יידישער געשיכטע און ארץ־ישראל, און מנוחין האָט זיך געחידושט אויף זיך אַליין, ווי אַזוי ער ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער אַנגעצונדן מיט דעם אומבאַרירטן יונגן גלויבן פון זיינע צוויי צוהערער. זיינע גע־דאַנקען האָבן איצט געשטראָמט ווי פון אַ פריש־געעפנטן שטאַרקן קוואַל, און זיינע ווערטער האָבן פאַר אים אַליין געקלונגען אַזוי לויטער און זיכער, ווי אַמאָל, אין זיינע יונגע, גלייביקע בערלינער יאָרן.

עמוס האָט זיין איינדרוק פון ד"ר מנוחינען איבערגעגעבן דער מוטער אויף זיין שטייגער:

— דו הערסט, מאַמע? נצח ישראל לא ישקר!...

— וואָס מיינט דאָס, עמוסל? — האָט די מוטער געפרעגט מיט איר מילדן שמייכל.

— דאָס זענען אַלטע העברעאישע ווערטער, וואָס ד"ר מנוחין האָט אויסגעקריצט אויף מיין האַרצן מיט פייערדיקע אותיות. און מיינען מיינט דאָס: מיר יידן זענען ניט קיין פאָלק פון בלאָפערס!...

קאַפּיטל צען

# די גאַרדאַנס

אַחוץ די פאַמיליעס צעדערבוים און דובראָוו, וואָס אין זייער צענטער זענען געשטאַנען די קינדער שולמית און עמוס, האָט ד״ר מנוחין דערקענט אויף דער שיף גאָר נאָענט אַ פאָטער מיט אַ טאָכטער מיטן נאָמען גאָר־דאָן — זיינע שכנים ביי אַ טישל אינעם עס־זאַל. נאָר דאָס איז שוין געווען אַ באַקאַנטשאַפט פון אַן אַנדער כאַראַקטער, אַזאַ, וואָס האָט אים ביסלעכווייז אַרויסגעשלאָגן פון זיין זעלישן גלייכגעוויכט און, קעגן אַלע זיינע דערוואַרטונגען, אַריינגעצויגן אין אַ ספערע פון נייע אינטימע איבערלעבונגען.

שוין פון די ערשטע באַגעגענישן ביי די מאָלצייטן מיט די דאָזיקע צוויי, נאָך איידער ער האָט זיך מיט זיי באַקענט, האָט מנוחין דערפילט צו זיי אַ באַזונדערע נייגעריקייט, כמעט אַ געשפּאַנטקייט, גאָרניט ווי צו מענטשן, מיט וועלכע מע טרעפט זיך צופעליק אונטערוועגנס. דער פאָטער, אַן עלטערער דזשענטלמאַן פון אַ יאָר זעכציק, אַ פאַרטראַכטער, אַ פּינצ־טערלעך קאָנצענטרירטער, מיט אַ באַהאַלטענעם ליידנדיקן אויסדרוק אין די מידע קלוגע אויגן, האָט מנוחינען לכתחילה אויסגעוויזן ווי אַ מענטש פונעם גייסטיקן שטאַנד. אויך די טאָכטער האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון איינער, וואָס געהערט ניט צום געוויינלעכן דורכשניט: אַ שיינע ברוּ־נעטין, הויך און גראַציעז געוואַקסן, מיט באַדאַכטע, געלאַסענע באַווע־גונגען, האָט איר וואַרעם טונקל געזיכט מיט די עטוואָס פאַרנעבלטע שיינע יידישע אויגן באַהאַלטן אין זיך, צוזאַמען מיט אַ סך צוזאָגנדיקער פרויען־פּראַכט, אויך העכערן, אינטעליגענטן פאַרשטאַנד און כאַראַקטער. דערצו האָבן ביידע גערעדט צווישן זיך רוסיש, און דאָס האָט נאָך מער פאַרטיפט ביי מנוחינען דעם אינטערעס צו זיי. אַחוץ וואָס זייער עכטער, פליסיקער רוסיש איז געווען אַ באַווייז, אַז זיי זענען ניט קיין אַלטגע־זעסענע אַמעריקאַנער, האָט די רוסישע שפּראַך, וועלכע מנוחין האָט גוט געקענט, נאָר זייער וויניק געהערט די לעצטע יאָרן, אַרויסגערופן ביי אים פאַרגעסענע היימלעכע קלאַנגען פון דער ווייטער יוגנט, פון דער צייט,

ווען די דאָזיקע שפּראַך האָט די ערשטע געעפֿנט פֿאַר אים דעם וועג צו דער קולטורעלער וועלט. באַזונדער אײַנגעגנעם זענען פֿאַר אים איצט געווען די עכטע טענער פֿון דער רוסישער שפּראַך אין דער שטים פֿון דער יונגער שײנער פּרוי: אַן אויפֿגערירטער פֿון נײַע פֿאַרלאַנגען צו אַ באַנײַטן יונגן לעבן, האָבן די דאָזיקע טענער אָפּגעקלונגען בײַ אים אין האַרצן מיט די אַמאָליקע יונגע באַרוישטע טעג, ווען ער, אַ האַלבער קלויזניק און אַן אײניקל פֿון רבנים, האָט אָנגעהויבן שפּאַצירן אין וואַלד מיט די שײנע טעכטער פֿון זײַן געבורט־שטאָט, די רוסיש־רעדנדיקע יידישע „באַרישניעס".

מנוחין האָט זיך אָנגעהויבן שטיל צוקוקן צו זײַנע שכנים, נאָכגעפֿאָלגט אַלע זײערע באַוועגונגען און מינעס, ווי אַ גוטער פּאַרטאַיעטער שפּיאָן. ער האָט, אויף זײַן אַלטן שטײגער, געשטודירט זײערע געזיכטער, געזוכט בײַ דער טאָכטער ירושה־שטריכן פֿון דעם פֿאָטער, און בײַ זײ בײדן — סימנים פֿון גוטע, ווערטפֿולע ראַסע־אײגנשאַפֿטן. בײדע, דער פֿאָטער מיט דער טאָכטער, זענען געווען קאַרג אויף ווערטער, גערעדט צווישן זיך זײער ווייניק, און מנוחינען האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס אַ וואַנט שטײט צווישן זײ, וואָס האַלט זײ אײנס פֿונעם אַנדערן אָפּגעזונדערט, אין באַשטימטער אײנזאַמקײט, הגם יעדער אײנער האָט פֿאַרן אַנדערן פֿאַרבאָרגענע צערטלעכקײט, וואָס בליצט־אויף אַמאָל דורך אַ וואָרט און אַמאָל דורך אַ וואַרעמען בליק. דער פֿאָטער האָט ניט גערויכערט; דערפֿאַר האָט די טאָכטער נאָך יעדן מאָלצײַט אַרויסגענומען פֿון איר האַנט־טאַש אַ קלײנעם זילבערנעם פּאַרט־סיגאַר און פֿאַררויכערט אַ סיגאַרעט, דערבײַ שטאַרק און לײַדנשאַפֿטלעך, ווי אַ מאַנסביל, פֿאַרצויגן דעם רויך, פֿון וואָס דעם פֿאָטערס פּנים פֿלעגט פֿאַרצויגן ווערן ווי מיט אַ וואָלקן. עס האָט פֿון איר אָבער ניט געשמעקט מיט טאַבאַק און מיט מאַנסביל, נאָר מיט פֿײַנער, לײַכט־פֿאַרפֿומירטער, באַרוישנדיקער מײדלשאַפֿט, און אירע געדיכטע געשווירענע טונקעלע האָר, וואָס האָבן זיך געשאָטנט אויפֿן גלאַטן נאַקן, האָבן גערײצט דאָס האַרץ מיט זײער יונגער שטאַרקער פֿרישקײט. מנוחין האָט געקוקט אויף איר און זיך אַליין געפֿרעגט: אַ פֿרײלין, צי שוין אַ באַמאַנטע? דער אויבערשטער טײל פֿונעם פּנים, דער שײנער שטערן און די פֿאַרנעבלטע אויגן, האָט געהאַט אַ יונגן, צאַרטן, כמעט קינדערשן אויסדרוק, נאָר אין די ווינקלען פֿון די געפֿאַרבטע, שוין צעברײטערטע ליפּן האָט זיך אָפּט באַוויזן אַ קרומ־

לעבע, ליידנדיקע גרימאַסע פון אַ דערפאַרענער פרוי. אירע יאָרן איז שווער געווען צו באַשטימען — מע האָט איר געקאָנט געבן פון עטלעכע און צוואַנציק ביז עטלעכע און דרייסיק יאָר.

אויף באַקאַנטשאַפט מיט די צוויי האָט מנוחין אַליין כמעט ווי זיך אָנגעבאָטן. ביי די ערשטע עטלעכע מאָל האָבן זיי אויף אים ווייניק זיך אומגעקוקט, יוצא געווען נאָר מיט אַ שטומער באַגריסונג, און אַזוי ווי זיי האָבן געשיינט צו זיין ניט קיין באַרעדעוודיקע, איז ניט געווען קיין גרויסע האָפענונג אויף עפּעס מער דערפון. נאָר אַט האָט דער פאָטער, זעצנדיק זיך איינמאָל צום טיש, געמאַכט פאַר דער טאָכטער אַ פּאָר טרעפנדיקע, סאַרקאַסטישע באַמערקונגען וועגן דעם אַמעריקאַנער יידישן עולם, וואָס פאָרט קיין ארץ־ישראל, אויף וואָס די טאָכטער האָט געענט־פערט מיט אַן אויפגעלעבטן געלעכטער. ביי מנוחינען האָט דאָס אַרויסגע־רופן אַ צווייענדיק געפיל: פון איין זייט האָט אים פאַראינטערעסירט די איראָנישע באַציאונג פון די דאָזיקע לייט צו אַמעריקאַנער יידן, וואָס האָט, אייגנטלעך, געשטימט אויך מיט זיין באַציאונג, נאָר פון דער צוויי־טער זייט האָט דאָס ביי אים ניט־ווילנדיק אַרויסגערופן אַ פאַרדראָס — עס האָט זיך אין אים פאָרט אַ ריר געטאָן דער אַמעריקאַנער אַלטגעזע־סענער. דערביי האָט דאָ צוגעשפּילט דער פאַרדאַכט, טאָמער איז די איראָניע פון די צוויי געצילט אויך קעגן אים, זייער שטומען אַמעריקאַ־נער שכן. האָט מנוחין זיך אַנטשלאָסן אויסצופּרוּוון זיין אַלטע קענטשאַפט אין רוסיש, און פלוצים זיך אָנגערופן צו זיי מיט אַ געלאַסענעם שמייכל, אַז אויב זיי האָבן בדעה צו קריטיקירן אויך זייער נאָענטסטן שכן דאָ אינעם עס־זאַל, וואָס איז אויך אַן אַמעריקאַנער ייד, זאָלן זיי עס טאָן פאָרזיכטיק, ווייל ער פאַרשטייט נאָך אַ ביסל רוסיש. דאָס האָט געמאַכט אַן איינדרוק; דער פאָטער מיט דער טאָכטער האָבן זיך מיט מנוחינס פאַרשטעלן זיך שטאַרק דערפרייט, ווי זיי וואָלטן דערזען פאַר זיך אין זייער איינזאַמקייט אַ מענטשן פון זייער קרייז, און די באַקאַנטשאַפט איז געווען געשלאָסן. פון דעם ערשטן געשפּרעך האָט זיך אַרויסגעשטעלט, ווי עס טרעפט ביי יידן אין אַזעלכע פאַלן, אַז דער אַלטער גאָרדאָן שטאַמט גראָד פון דער זעלבער ליטווישער געגנט, וואָס מנוחין, און אַז ער גע־דענקט זייער גוט מנוחינס מיוחסדיקע פאַמיליע — ער האָט פון איר גערעדט מיט אַ באַזונדערן רעספּעקט, אפילו אַליין זיך אָנגעגעבן ווי אירער אַ ווייטער קרוב. דורך דעם זענען די הערצער גלייך דערנענטערט

געוואָרן, און אַז דער פאָטער האָט אַרויסבאַקומען פון מנוחינען עטלעכע ווערטער וועגן זיין שטאַנד, אַז ער איז אַ ניו־יאָרקער מעדיקער, און נאָך ניט קיין פאַמיליע־מאַן, און פאָרט קיין ארץ־ישראל אויף אַן אומבאַשטימטער צייט, צו באַקענען זיך דאָרט מיטן אויפבוי פונעם לאַנד, — האָט די טאָכטער, זיצנדיק פון דער זייט, דורכגענומען דעם נייעם באַקאַנטן מיט אַ לאַנגן פאָרשנדיקן בליק פון אירע שיינע פאַרנעבלטע אויגן, פון וואָס ביי מנוחינען האָבן זיך איבערגעמישט די געדאַנקען.

איצט האָט דער אַלטער גאָרדאָן אָפט און גערן פאַרבראַכט מיט מנוחינען, געלאָזט זיך דערקענען צו אים, זיך אַרויסבאַוויזן גאָרניט אַזוי קאַרג אויף ווערטער, ווי ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק אין דער געזעלשאַפט פון זיין טאָכטער. שוין פון דעם ערשטן שמועס האָט מנוחין תופס געווען, אַז גאָרדאָן געהערט צו דעם אַלטן איידעלן טיפּ רוסיש־יידישע סוחרים־משכילים, ביי וועמען די פּראַקטישע וועלט האָט געלעבט האַרמאָניש מיט זייערע גוטע, איינגעבאָרענע מידות און האָט ניט געמינערט זייער געטריישאַפט צו די אידעאַלן, וואָס האָבן געצונדן און באַלויכטן זייער יוגנט. געבוירן כמעט אין דער אייגענער ליטוויש־יידישער סביבה, וואָס מנוחין, נאָר מיט אַ צוואַנציק יאָר פריער פון אים, פאַרבראַכט די ערשטע יונגע יאָרן אין דעם זעלבן סאָרט ישיבות, האָט ער שפּעטער דורכגעמאַכט אַ פּאָליטעכנישן אינסטיטוט אין דרום־רוסלאַנד, פאַרליבט זיך און חתונה געהאַט מיט אַ שיינער געבילדעטער טאָכטער פון אַ דאָרטיקן סוחר, אַליין אָנגעהויבן פירן געשעפטן, און אַזוי ווי ער איז פון דער סאַמע יוגנט געווען אַ געטרייער, איבערגעגעבענער ציוניסט, דערצויגן אויף די טראַדיציעס און סענטימענטן פון דער העברעאיש־געשטימטער אינטעליגענץ, האָט פאַר אים ארץ־ישראל שטענדיק געשיינט ווי זיין פערזענלעכער ענד־ציל. עס זענען ביי אים געוואַקסן צוויי קינדער, אַ יינגל מיט אַ מיידל, שיקן זיי אין אַ רוסישער גימנאַזיע, ווו עס האָט דעמאָלט געהערשט דער גיפטיקער יידן־פיינטלעכער גייסט פון דער שוואַרצער מאה, איז אים ניט געווען צום האַרצן, — האָט ער זיך מיישב געווען עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה און זיך דורכגעפאָרן מיט דער פאַמיליע קיין ארץ־ישראל, געקויפט דאָרט אַ שטיק באָדן און געלאָזט פלאַנצן אַ פּרדס, באַזעצט די פרוי מיט די צוויי קינדער אין דעם ניי־אויפגעשפּראָצטן שטעטעלע תל־אביב, ביי דער ערשט־אויפגעבויטער העברעאישער גימנאַזיע, און אַליין איז ער צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד מיט

אַ פעסטן באַשלוס צו ליקווידירן דאָרט ביסלעכווייז די געשעפטן. האָט אָבער זיין פרוי, וואָס איז געווען אַ לעבנס־לוסטיקע דרום־טאָכטער, אַ דערצויגענע אויפן גרויס־שטאָטישן פאַרנעם, ניט געקאָנט זיך איינלעבן אין דעם האַלב־וויסטן, זאַמדיקן, טיף־פּראָווינציעלן אַזיאַטישן ווינקל, ווו זי האָט נאָך דערצו פאַרזוכט די אָרטיקע קראַנקייטן, מאַלאַריע און כאַ־ראַראַ, — און זי האָט אויף ארץ־ישראל גיך געוואָרפן אַן אומחן, וואָס איז זיך צעוואַקסן אין אַ טיפער שנאה. און דער סוף איז געווען, אַז זי איז פון דאָרט אַנטלאָפן מיטן יינגסטן קינד, מיט דער טאָכטער, איבער־געלאָזט אין דער תל־אביבער גימנאַזיע דעם זון, וועלכער האָט דווקא ליב באַקומען ארץ־ישראל, זיך אָנגעצונדן פון די חברים מיט פלאַמענדיקע חלומות און געשריבן דעם פאָטער באַגייסטערטע העברעאישע בריוו וועגן דעם טייערן יידישן לאַנד. דערווייל איז אויסגעבראָכן די מלחמה, די געשעפטן האָבן זיך פריער אַ הייב געטאָן גאָר הויך, נאָר זיי זענען גיך צעשמעטערט געוואָרן דורך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש. ער האָט זיך קוים אַרויסגעראַטעוועט מיט דער פרוי און מיט דער טאָכטער קיין אויסלאַנד, ווו ער האָט געהאַט באַוואָרנט פון פריער אַ טייל פון זיין קאַפּיטאַל. דאָס בעסטע וואָלט פאַר אים דעמאָלט געווען גלייך צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, וווהין ער האָט זיך געצויגן מיטן גאַנצן האַרצן, און וווהין עס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן זיינע נאָענטע ציוניסטישע פריינד, מענטשן פון זיין שטאַנד און גראַד. אויך דער זון, וואָס איז פאַר דער צייט אונטערגעוואַקסן, חתונה געהאַט אין תל־אביב מיט זיינער אַ חברטע פון דער גימנאַזיע און טיכטיק זיך גענומען פאַרוואַלטן מיט דעם פאָטערס פּרדס, האָט דאָס פון אים שטאַרק געפאָדערט. ער איז געקומען צו די עלטערן קיין אויסלאַנד מיט אַ גוואַלד: דאָס יידישע לאַנד הייבט אָן צו בליען, די בעסטע קינדער פונעם פאָלק ציען זיך אַהין — פאַרוואָס זאָלן זיי זיך וואַלגערן אין דער פרעמד? זיין פרוי האָט אָבער דערפון ניט גע־וואָלט הערן. זי האָט קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז זי וועט קיין אַזיע מער ניט פאָרן, עס מעג דאָרט בליען דער גן־עדן אַליין! דערצו איז זי שוין געווען קראַנק, די שווערע איבערלעבונגען אין רוסלאַנד האָבן איר איבער־געלאָזט אַ האַרץ־פעלער, און די דאָקטוירים האָבן געוואָרנט, אַז אין ארץ־ישראל קאָן זיך ביי איר ווידער אָפרופן די אַמאָליקע מאַלאַריע. עס איז ניט געווען קיין ברירה, נאָר פאַרבלייבן אין גלות, אומוואַגלען פון איין אייראָפּעאישער הויפט־שטאָט אין דער אַנדערער, זיך לאָדן מיט

די אויסלענדישע בענק, אין וועלכע עס זענען געווען פאַרשטעקט די רעשטן פון זיין פאַרמעגן. אויך אין ניו־יאָרק האָט ער איצט פאַרבראַכט היפשע עטלעכע חדשים — ער האָט דאָרט געהאַט צו דערליידיקן אַן אַלטן פאַרשלעפּטן פּראָצעס מיט איינער פון די אַמעריקאַנער פאַרזיכערונג־געזעלשאַפטן. נאָר לעצטנס האָט אים געטראָפן דאָס גרעסטע אומגליק אין זיין לעבן: זיין געליבטע פרוי איז אים געשטאָרבן. איצט איז ער אַ פרייער פויגל — ער פאָרט אומגעשטערט צו באַזעצן זיך אויף דער עלטער אין זיין געגאַרטן לאַנד. ער איז שוין אָבער קראַנק און צעבראָכן און ער פאָרט אַהין ניט מיט קיין געשטילטן האַרץ: ער פילט, אַז ער באַגייט מיט זיין נסיעה אַ שווערע עוולה קעגן דעם אָנדענק פון זיין פרוי. וואָרים ווען זי לעבט מיט אים אויס זיין לעבן ביזן סוף, וואָלט ער דאָך קיינמאָל זיין באַגער ניט געקאָנט פאַרווירקלעכן...

די דערציילונג פון דעם אַלטן גאָרדאָן, וואָס האָט מנוחינען געקלונגען ווי אַ געוויינלעכע טרויעריקע געשיכטע פון אַ מענטשנס לעבן, האָט אים דערהויפּט גערירט מיט איר לעצטן אַקאָרד. עס האָט אים גערירט די טיפע טראַגישע געטריישאַפט פון דעם אַלטן מאַן צו זיין פרוי, וואָס איז נאָך איר טויט ניט געמינערט געוואָרן, נאָר, אַדרבה, געוואָרן טיפער און טראַגישער. ער האָט זיך ניט־ווילנדיק אַ פרעג געטאָן: פאַרמאָגט אויך די טאָכטער די זעלבע געהויבענע אייגנשאַפט?... ער האָט באַמערקט, אַז דער פאָטער האָט ווי אויסגעמיידט צו רעדן וועגן דער טאָכטער, און דאָס האָט אים אי געחידושט, אי באַאומרואיקט, הגם ער האָט זיך געווונדערט: וואָס גייט עס אים אָן?... דערפאַר האָט די טאָכטער בשעת זייער שמועס אַריינגעקוקט צו זיי אין לייען־זאַל, ווו זיי זענען ביידע געזעסן אין אַ ווינקל, און האָט אויפגעלויכטן צום פאָטערס נייעם פריינד מיט אַ ליכטיקן וואַרעמען קוק, אין וועלכן עס האָט זיך שוין געפילט אַ מין אינטימע קרובהשאַפט, אַזוי אַז ביי מנוחינען האָט דאָס האַרץ אַ ציטער געטאָן פון אַ פריידיקן פאַרגעפיל.

וואָס אַ טאָג ווייטער האָט די דאָזיקע אָנגעקניפּטע נאָענטקייט צווישן מנוחינען און פריילין גאָרדאָן, וועמען ער האָט שוין געקענט ביי איר נאָמען יהודית, באַקומען אַלץ מער אויסדרוק. דער פאָטער האָט זיך איין פרימאָרגן דערפילט ניט־געזונט און איז ניט אַרויסגעקומען צום טיש. מנוחין האָט אים באַזוכט אין זיין קאַבינע, אויסגעהערט, געהאַט מיט אים אַ געשפּרעך וועגן זיין אָפּגעשוואַכטן געזונט־צושטאַנד און

אים געהייסן עטלעכע טעג רוען. ער האָט ביים קראַנקן גלייך געוווּנען גרויס צוטרוי אַלס דאָקטאָר, און דערפון איז זיין אָנזען געשטיגן אויך ביי דער טאָכטער. זיי זענען יענעם טאָג געזעסן אינצווייען ביי זייער טישל שטאַרק דערנענטערט און אין אָוונט געשפּאַצירט צוזאַמען איבערן דעק, אַרויסגערופן באַוווּנדערונג ביי די טוריסטן, דערהויפּט ביי מיסעס צעדערבוים און מיסעס דובראָוו, מיט זייער גלייכן שלאַנקן וווּקס. זייערע געשפּרעכן האָבן זיך צום מייניסטן געוויקלט אַרום ארץ־ישראל, וועלכעס יהודית האָט קוים געדענקט פון אירע קינדער־יאָרן און האָט צו דעם געהאַט אַן אומקלאָרע באַציאונג; זי האָט נאָר געוווּסט, אַז איר פאַרשטאָרבענע מוטער, וואָס איז געווען אַ קלוגע פרוי, מיט אַ שאַרפן קריטישן בליק אויף זאַכן, האָט דאָס דאָזיקע לאַנד ניט געקאָנט פאַר־טראָגן. זיי האָבן אויך גערעדט וועגן דער מאָדערנער ליטעראַטור און די מאָדערנע פאָרמען פון לעבן. דערביי האָט יהודית אַרויסבאַוויזן עקסטרעמע נייגונגען און מיט אַ סך טעמפּעראַמענט און שאַרפזין אָפּגעשלאָגן מנוחינס פאַרעלטערטע פילאָזאָפישע אָנשויאונגען. אין דעם דאָזיקן געשפּרעך האָט זיך מנוחין געפילט שוואַכער פון איר, פשוט דערפאַר, ווייל זי האָט גע־רעדט רוסיש פליסיקער פון אים. ער האָט געפּרוּווט אַריבערגיין אויף ענגליש, האָט זי אים אָפּן דערקלערט, אַז זי פאַרשטייט אים ניט: אירע ידיעות אין דער ענגלישער שפּראַך קלעקן איר נאָר אויף צופרידן זיך מיט האָטעל־באַדינער, מיט קעלנער און מיט פריזירער. זי האָט כאַר אים געוווּמען דעמאָנסטרירן איר ענגליש רעדן אויף אַ קאָמישן אופן, און דער געשפּרעך איז אַראָפּ פון די שווערע ליטעראַריש־פילאָזאָפישע רעלסן און איז געוואָרן לייכט און שפּילעוודיק.

מנוחין האָט ניט באַמערקט, ווי די צייט איז געלאָפן. ער האָט אויך ניט געפילט דעם שטאַרקן נאַכטיקן ים־ווינט, וואָס האָט זייביידן אויפן שפּאַציר אָפּט צוזויפגעשלאָגן אין אַ פינצטערן ווינקל האַרט אייינס צום אַנדערן. דערפילט האָט ער דאָס ערשט דעמאָלט, ווען יהודית האָט אים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און מיט יונגער קראַפט זיך געלאָזט שפּרייזן מיט אים אַקעגן דעם ווינט, דערביי שטיפעריש־צערטלעך זיך געטוליעט צו אים, אַזוי אַז מנוחין האָט געשפּירט מיטן גאַנצן האַרצן די באַרוישנדיקע שטייפקייט און גלאַטקייט פון איר יונגפרויאישן וועזן. ער האָט זיך גע־וווּנדערט, וואָס ער, אַ דערפאַרענער דאָקטאָר, וועלכער האָט דורכגעלאָזט אומבאַמערקט אונטער זיין האַנט אַזויפיל יונגע, שיינע פּאַציענטקעס, איז

נאָך פּעאיק באַרוישט צו ווערן דורך דעם קערפּערלעכן באַריר פון אַ פרוי, — און דאָס האָט איבערגעפּילט זיין האַרץ מיט יונגער פרייד, פּונקט ווי אין די ווייט־פאַרגאַנגענע יאָרן, בעת ער האָט געשפּאַצירט אין וואַלד מיט די שיינע רוסיש־רעדנדיקע טעכטער פון זיין געבורט־שטאָט. ער האָט אָבער פּלוצים אַ טראַכט געטאָן, צי ווערט ער דאָ ניט אַריינ־געצויגן אין אַ נאַרישער לאַגע: ער נעמט־אויף דעם דאָזיקן מאָמענט מיט טיפן ערנסט, ווי אַ וויכטיקע געשעעניש, אין דער צייט וואָס פאַר יענער איז דאָס מסתמא אַ געוויינלעכער ביליקער פלירט פון אַ שיף־טוריסטין.

דאָס האָט אים שוין ניט געלאָזט רוען, און אויף מאָרגן האָט ער באַשלאָסן, אַז ער מוז דאָס דאָזיקע שפּיל איבעררייסןביים סאַמע אָנהייב. ער האָט דעם גאַנצן טאָג יהודיתן אויסגעמיידט, און כדי אָפּצווווענדן זיין געדאַנק פון איר, האָט ער לאַנג פאַרבראַכט מיט עמוסן און שולמיתן אין זייער אָפּגעזונדערטן ווינקל אויפן דעק. אין אָוונט, אינעם עס־אַזל, האָט אים יהודית באַגעגנט עטוואָס פאַרוווּנדערט און געפרעגט מיט לייכטער איראָניע:

— ווער זענען דאָס די צוויי זייג־קינדער, מיט וועמען איך זע אַייך אָפט ביי הייסע שמועסן?

— קינדער, — האָט מנוחין געענטפערט ניט גערן. — זיי פאָרן דאָ מיט זייערע עלטערן.

— פון וואָס־זשע שמועסט איר מיט זיי אַזוי הייס?

— פון פאַרשיידענע זאַכן.

— איר לערנט זיי, ווי אַזוי צו לעבן מאָראַליש אין אונדזערע זינ־דיקע טעג?

— אַדרבה, — האָט מנוחין געזאָגט טרוקן, — איך לערן מיך פון זיי, ווי אַזוי צו לעבן מאָראַליש אין אונדזערע זינדיקע טעג.

דעם זעלבן אָוונט, אַז מנוחין האָט זיך געלאָזט שפּאַצירן איינער אַליין איבערן דעק, איז ער פּלוצים אָנגעגאַנגען אויף עפּעס, וואָס איז פאַר אים געווען אַ גאַנצע איבערראַשונג: ביים באַלויכטענעם אַריינגאַנג צום לייענ־זאַל איז געשטאַנען יהודית מיט איינעם פון די יונגע שיף־אָפיצערן און פריילעך פאַרבראַכט. געזעדט האָט דער אָפיצער, און זי האָט אויף אים געקוקט מיט אַ ליכטיקער קאָקעטישער מינע, וואָס האָט מנוחינען אויס־געוויזן מאָדנע ווולגאַר, און הילכיק געלאַכט. דערזען מנוחינען, האָט זי אים פאַמיליער אָפּגעשטעלט אויף אַ שלעכטן ענגליש:

— אָ, דאָקטאָר!... באַקענט זיך: מיסטער ריטשמאָנד... ער דערציילט זייער קאָמישע וויצן...

מנוחין האָט זי אָנגעקוקט צעטומלט. ער האָט עפּעס אַ בורטשע גע־טאָן און מיט אַן אָנגעכמורעטן פּנים זיך דורכגעגליטשט אין לייען־זאַל אַריין. באַלד האָט זיך אין זאַל באַוויזן יהודית, זי איז צוגעגאַנגען צו אים מיט אַן אָפּענעם איראָנישן שמייכל:

— דאָקטאָר, פאַרוואָס האָט איר אַזוי באַליידיקט דעם אָרעמען אָפּי־צער? ער איז זייער אַ ווױלער בחור...

מנוחין האָט לכתחילה אַ ברום געטאָן פאַר זיך: „איך האָב קיין גע־דולד ניט פאַר אַזעלכע ווױלע בחורים"... נאָר באַלד האָט ער אַ קוק געטאָן אויף איר שאַרף און געזאָגט:

— צווישן די, פאַר וועמען עס קלעקט אייער ענגלישע שפּראַך, האָט איר, דאַכט זיך, פאַרגעסן רעכענען שיף־אָפיצערן?

— יאָ, — האָט געזאָגט יהודית מיטן זעלבן איראָנישן שמייכל, — איך האָב זיי טאַקע פאַרגעסן רעכענען!...

— און איך — האָט מנוחין ווייטער גערעדט אין שאַרפן טאָן, — האָב נאָך אין מיין יוגנט ניט געקאָנט פאַרטראָגן יידישע מיידלעך, וואָס שמייכ־לען צו גויאישע אָפיצערן. דאָס איז די גרעסטע דערנידערונג פאַר אונ־דזערע פרויען! דאָס באַשטעטיקט, אַז אין יעדער יידישער פרוי שטעקט אַ... אַ... דזשעסיקאַ, שיילאָקס טאָכטער!...

יהודית איז בלייך געוואָרן. זי האָט אים אָנגעקוקט ווי דערשראָקן, מיט אַ פאַרלוירענער קינדערשער מינע אויפן פּנים.

— וואָס מיינט דאָס, דאָקטאָר? — האָט זי שטיל געפרעגט. — איר לייענט מיר מאָראַל? איך בין דאָך ניט יענע בלאָנדע מיידעלע!... איר ווייסט, ווי אַלט איך בין?...

— דאָס אינטערעסירט מיך גאָרניט צו וויסן! — האָט מנוחין גע־ענטפערט פינצטער, זיך אויפגעהויבן פונעם אָרט און איז מיט גיכע טריט אַרויסגעגאַנגען פונעם זאַל, איבערגעלאָזט יהודיתן אין גרויסער פאַר־ווירונג.

קאַפּיטל עלף

## עקסקורסיעס

עטלעכע טעג נאָך דעם האָט יהודית געוויכט פון ד"ר מנוחינען, אויסגעמיידט צו רעדן מיט אים אַפילו בשעת זיי האָבן זיך געטראָפן ביי זייער טישל אינעם עס־זאַל. דער אַלטער גאַרדאָן האָט זיך אָנגעהויבן בעסערן און איז ווידער אַרויסגעקומען צו די מאַלצייטן, האָט זי איבער־געלאָזט מנוחינען אינגאַנצן צום פאָטער, און אַליין איז זי געזעסן אַ שוויי־גנדיקע, אַ פרעמדע, אַ פינצטערלעך קאָנצענטרירטע, באַקומען דערביי אַ זעלטענע ענלעכקייט מיטן פאָטער, בשעת יענער געפינט זיך אין אַ גע־דריקטער שטימונג און קוקט פאַר זיך אין מעלאַנכאָלישער פאַרטראַכטקייט.

מנוחין האָט זיך געפילט צערודערט און זייער געפאַלן. ער האָט זיך ניט געקאָנט מוחל זיין, למאַי ער איז יענעם אָוונט, קעגן זיין טבע, אַרויס פון די כלים און שאַרף באַהאַנדלט אַ פּערזאָן, מיט וועמען ער קען זיך קוים עטלעכע טעג. פון וואַנען האָט זיך צו אים גענומען אַזאַ גראָב־קייט, אַזאַ ברוטאַלער אויסבראָך — ער איז דאָך תמיד אין זיין אומ־גאַנג מיט מענטשן פאָרזיכטיק און איינגעהאַלטן? און מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער זיך דערלויבט צו פּרעדיקן איר ז י י ן מאָראַל — ווער און וואָס איז ער דען פאַר איר?... ער האָט געקוקט אויף איר פון דער זייט, אָפּט אויפגעכאַפּט אַן אויסדרוק פון טיפן איינזאַמען אומעט אין אירע שיינע פאַרנעבלטע אויגן, און עס האָט אים שטאַרק באַנג געטאָן פאַר איר. עס האָט זיך אים וויפיל מאָל געגלוסט נאָכגיין נאָך איר, בשעת זי שטייט־אויף פונעם טיש, און ערגעץ אין אַן אָפּגעזונדערטן ווינקל אויפן דעק זיך אַנטשולדיקן פאַר איר, זאָגן, אַז ער איז זיך באַגאַנגען קעגן איר נאַריש און אומגערעכט. ער האָט דאָס אָבער ניט געטאָן. טיף אין האַרצן האָט ער געוואַרט אויף עפּעס אַנדערש, אויף אַ ליכטיקן, איבערראַשנדיקן אויסגאַנג פון דער דאַזיקער טונקעלער לאַגע, און צוזאַמען מיט זיין צערודערונג האָט אים געוואַרעמט דער געדאַנק, וואָס זי ליידט פונקט אַזוי ווי ער, וואָס איין אומרו האָט זיי ביידן אַרומגענומען.

דאָס איז גראָד אויסגעפאַלן אַרום דער צייט, ווען די שיף האָט פאַר־

ענדיקט איר לאַנגן מאָנאָטאָנעם וועג איבערן אַטלאַנטישן אָקעאַן און האָט זיך דערנענטערט צו די זע־ווירדיקע ערטער, וואָס זענען אָנגעצייכנט געוואָרן פאַר דער עקסקורסיע. די ערשטע סטאַנציע איז געווען ביים אינדזל מאַדעירא, און די יידישע פּאַסאַזשירן פונעם טוריסטן־קלאַס, דער־הויפּט אַזעלכע, וואָס זענען אָפּגעזעסן צענדליקער יאָרן אָן אַן איבער־בייט אין גרויסע פּאַרמויערטע שטעט, האָבן זיך גענומען פריילעך רודערן, ווי ערב אַן אויסערגעוויינלעכער געשעעניש. דער לעבעדיקער גייסט איז אויך דאָ געווען דער העברעאישער לערער, מיסטער צעדערבוים. ער האָט פאַרבויגן אויף אַ ווײַלע דעם ענין ארץ־ישראל און געלייענט פאַר זיין געזעמל מיט יידן אַ גאַנצע לעקציע וועגן דעם באַרימטן אינדזל מאַ־דעירא מיטן באַרימטן מאַדעירא־ווייַן, וואָס אין די היימישע שטעטלעך פלעגט מען אים געבן טרינקען נאָר צו קראַנקע און קימפּעטאָרינס, אי דאָס — ניט קיין עכטן „מאַדעירא״, נאָר נאָכגעמאַכטן, פון ראָזינקעס. ער האָט אָרגאַניזירט זיין קליינע פאַמיליע, פאַראייניקט זי מיטן היפּשן געזינדל פון מיסטער דובראָוו אין איין ענגער גרופּע, אום צו האַלטן זיך אינאיינעם אויף דער עקסקורסיע און ניט פאַרלאָרן גיין אויפן אומ־באַקאַנטן ווילדן אינדזל, ווו מע רעדט, דאַכט זיך, שפּאַניש, צי פּאָרטו־געזיש — די שפּראַך פון דער אינקוויזיציע. אַליין האָט ער איצט אויס־געקוקט אינעם גרויסן וואָלענעם רייזע־היטל מיטן ווייסן סוועטער שוין ניט ווי אַ פּאַרמער, נאָר ווי אַ ים־מענטש, וואָס גייט אַנטפּלעקן אַ נייע אומבאַזעצטע יבשה.

מנוחין האָט געזאָלט מאַכן די עקסקורסיע צוזאַמען מיט די גאָרדאָנס, מיטן פריינדלעכן באַרעדעוודיקן פאָטער און מיט דער ברוגזער שטום־שווייגנדיקער טאָכטער. עס האָט אָבער פּאַסירט אַזוי, אַז בשעת זיי האָבן זיך געזעצט אויפן „טענדער״, אויפן קליינעם מאָטאָר־שיפל, וואָס האָט אַריבערגעפירט צום אינדזל אַ געמישטע גרופּע פּאַסאַזשירן פונעם ערשטן און פונעם טוריסטישן קלאַס, האָט צווישן די ערשט־קלאַסיקע דאַמען זיך אַרויסבאַוויזן אייגע מנוחינס אַ באַקאַנטע, וואָס האָט זיך מיט אים זייער דערפרייט. דאָס איז געווען אַ געוויקסיקע וויים־פּנימדיקע פריילין מיט שמייכלענדיקע קאַרשן־אויגן און מיט אַן אומבאַדעקטן רייך־געקרויזטן קאָפּ, אָנגעטאָן אין אַ רויטן צעשפּילעטן זאַמשענעם מאַנטל און מיט אַ ביכל אין דער האַנט. מנוחין האָט זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט, וואָס ער טרעפט זי דאָ, און האָט זי אויפגענומען מיט אַ באַזונדערער אויפגעלעבט־

קייט, מיט װעלכער מע באַגעגנט אומגעריכט גוטע באַקאַנטע ערגעץ אין אַ װײַטן פרעמדן העק. ער האָט זי פאָרגעשטעלט פאַר די גאָרדאַנס: מיס זאַקהיים. יענע האָט זיך איבערגעזעצט צו די נײַע באַקאַנטע, טשיקאַװע פאַרזשמורעטע אויף יהודיתן אירע שמייכלענדיקע קאַרשן־אויגן, און אויף מנוחינען האָט זי געקוקט מאָדנע ליכטיק, כמעט פאַרליבט, און האָט אים גלייך דערציילט, װוּ זי האַלט דאָ אין דער װעלט: דאָס פאָרט זי צו די חלוצים אין עמק אַרבעטן פּראָסטע אַרבעט אין אַ קבוצה, און דאָס לערנט זי פון אָט דעם ביכל העברעאיש. דערבײַ האָט זי פאַר אים געעפנט דאָס ביכל, פון װעלכן עס האָבן אַ שײַן געטאָן גרויסע ליכטיקע אותיות מיט נקודות — דאָס ערשטע לערן־ביכל נאָכן אַלף־בית. זי האָט געהערט זייער גיך, װי זי װאָלט זיך געאײַלט צו עפּעס אַ װײַטן פּונקט, און אַזוי װי דער געשפּרעך איז געגאַנגען אין ענגליש, זענען די גאָרדאַנס פון אים געװוען אויסגעשלאָסן. יהודית האָט ביסלעכװײַז זיך אויסגעדרייט צו דער געקרױזטער פרײַלין מיטן רוקן, געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צום װאַסער, גלייך װי זי װאָלט אָן איר אײַנגאַנצן פאַרגעסן.

ביים האַפן האָבן אויף די עקסקורסאַנטן געװאַרט די אינדזל־לייט, טיפע ברונעטן, צום מיינסטן באָרװעסע, נאָר מיט װאַרעמע רויטע שאַלן אויף די העלדזער. זיי זענען דאָ געשטאַנען גרייט אויפצונעמען די געסט מיט זייער אָרטיקן חידוש — מיט פיינע געפּאַרבטע שליטנס, באַצויגן פון אויבן מיט לייװנטענע דעכלעך און געשפּאַנט מיט אָקסן. דער חידוש איז באַשטאַנען אין דעם, װאָס די שליטנס האָבן זיך געשליטלט ניט אויף שניי, נאָר אויף די אַלטע טרוקענע גלאַטע שטיינער פון די געברוקירטע געסלעך, װאָס האָבן זיך געשלענגלט הויך, אַרויף אַ באַרג. דערבײַ זענען די באָרװעסע אָנטרייבער געלאָפן צופוס, דאָ פון איין זײַט שליטן און דאָ פון דער אַנדערער זײַט, געהוקעט מיט װילדע קולות אויף די אָקסן, און לויפנדיק מאָדנע פלינק אונטערגעשמירט די שינעס מיט עפּעס פעטן, זיי זאָלן זיך גוט גליטשן. עס איז געשטאַנען אַ פרישער, שטאַרקער, זוניקער יאַנואַר־טאָג, און די טשיקאַװע אַמעריקאַנער טוריסטן האָבן מיט פרײלעכער באַרוישטקייט פון זאָרגלאָזע װעג־מענטשן זיך אַ לאָז געטאָן צו דעם אויסטערלישן פרעמד־לאַנדישן ספּאָרט. יהודית האָט דעמאָנסטראַטיװ זיך אָפּגעטיילט פון מנוחינען מיט דער געקרױזטער אַמעריקאַנערין, אַרײַנגעזעצט זיך די ערשטע אין איינעם פון די שליטנס און גערופן צו זיך נאָך דעם פאָטער אַליין. דער אַלטער גאָרדאָן האָט געפּרוּװט אײַנלאַדן

אין קאָמפּאַניע אויך מנוחינען מיט דער אומבאַקאַנטער דאַמע, נאָר ער האָט שוין אָנגעהויבן באַמערקן די אָנגעצויגענע באַציאונגען צווישן זיין טאָכטער מיטן דאָקטאָר, און ניט וויסנדיק וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אַן אומצופרידענער זיך געלאָזט פאָרן אינצווייען מיט דער טאָכטער. גלייך נאָך זיי האָט זיך מנוחין מיט זיין נייער באַגלייטערין אַריינגעזעצט אין אַ צווייטן שליטן און זיך געהייסן פירן אין אַן אַנדער ריכטונג, ניט געוואָלט אויסזען, ווי ער יאָגט זיך נאָך דער, וואָס אַנטלויפט פון אים. ער האָט לכתחילה געהאַט בדעה ברייטלעך זיך אויסשמועסן מיט דער מיס זאַקהיים, אויספרעגן זי וועגן דעם, וואָס עס האָט זי געבראַכט צו דער אידעיע פון פאָרן קיין ארץ־ישראל, און דווקא גלייך אין עמק אַריין? זי איז געווען די איינציקע טאָכטער פון אַ זייער רייכן ניו־יאָרקער יידן פון דייטשער אָפּשטאַמונג, ביי וועמען ער איז די לעצטע יאָרן געווען הויז־דאָקטאָר. ער האָט גוט געקענט די דאָזיקע פאַמיליע, געוווּסט, אַז פון יידישקייט איז דאָרט קיין סימן ניט געווען אַפילו ביי די זיידעס, און ער איז געווען נייגעריק צו וויסן, ווי אַזוי אַ קינד פון אַזאַ סביבה איז געקומען צום ציוניזם. עס האָט זיך אָבער ביי אים ניט געעפנט דאָס מויל צו רעדן. זיינע געדאַנקען זענען איצט געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש — מיט יהודיתעס אַנט־לויפן פון אים. ער האָט זיך אַלץ געפרעגט: איז דאָס נאָר אַ קאַפּריזנער ברוגז פון אַ באַליידיקטער פרוי, אָדער עס איז שוין דער סוף פון זיין ערשט־אָנגעהויבענעם חלום — זי וויל אים פשוט מער ניט קענען?...

אַרומגעשליטלט זיך איבער די שמאָלע פאַרדרייטע מיטלאַלטערלעכע געס־לעך, איז זיי אַנטקעגן אָנגעלאָפן, שוין צוריקוועגס פונעם באַרג, דער שליטן פון די גאַרדאַנס. מנוחין האָט זיך אויף איין רגע דערפרייט און זיי לעבעדיק באַגריסט מיטן הוט. געענטפערט אויף דער באַגריסונג האָט נאָר דער פאָטער. יהודית האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט. זי איז גע־זעסן פאַרגליווערט אין פינצטערן אומעט, ווי אויסגעטאָן פון דער אַרו־מיקער וועלט, פון וואָס ביי מנוחינען אויפן האַרצן האָט זיך געלייגט אַ שווערער שטיין. די עקסקורסיע איז אַזוי פאַר אים פאַרבייגעגאַנגען אינגאַנצן אומבאַמערקט.

אַרויפגעקומען פאַרנאַכטלעך צוריק אויף דער שיף, האָבן זיי דאָרט געטראָפן אויסגעשטעלט אַ גאַנצן באַזאַר פון דער אָרטיקער פּראָדוקציע, וואָס די אינדזל־לייט האָבן געבראַכט צו פירן אויף שיפלעך: אַלערליי

ווינען, בורשטינענע פאַטשערקעס, מעסערלעך, ציגאַרניצעס, געפלאָכטענע ליג־שטולן, טעפּיכער. אונטן, אויפן וואַסער, האָבן די פישער־ייִנגלעך פונעם אינדזל געגעבן פאַר די טוריסטן גאָר אַ באַזונדער ספּעקטאַקל: זיי זענען געשטאַנען אויף זייערע שיפלעך, אין דער ווינטערדיקער פאַר־נאַכטיקער קעלט, נאַקעטע, נאָר מיט אַרומגעבונדענע לענדן, און געוואַרט, אַז די רייכע אַמעריקאַנער זאָלן זיי וואַרפן זילבערנע מטבעות אין וואַסער אַריין. ביי יעדער צוגעוואָרפענער מטבע האָט זיך איינס פון די נאַקעטע קינדער אַ וואָרף געטאָן אין ים אַריין מיטן קאָפּ אַראָפּ, טיף אַ גרונטעווע געטאָן אין די קאַלטע שטאַרקע וואַסערן, און אין דעם צווייטן אויגנבליק אַרויסגעשווומען פון דער טיפעניש מיט דער אויפגעכאַפּטער מטבע אין דער האַנט. אַרויפגעגליטשט זיך צוריק אויפן שיפל, האָבן די קליינע העל־דישע שווימער זיך גיך אַרומגעווישט דאָס נאַסע רויטע לייב מיט אַ שמאַטע און זענען געשטאַנען גרייט פאַרן נעקסטן שפּרונג אין וואַסער אַריין. וואָס ווייטער זענען די זילבערנע אַמעריקאַנער „דאַימס" (צען סענטיקע) געפאַלן אַלץ מער, און די קלינגענדיקע מוטיקע קולות פון די צעהיצטע פליענדיקע ים־קינדער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַ סטאַדע יונגע, פלינקע ים־וועלף, האָבן פאַרהילכט די רויטלעכע קרעפּטיקע אָוונט־לופט. מנוחין איז געשטאַנען מיט דער מיס זאַקהיים ביי דער פּאַ־רענטשע פונעם דעק, צווישן צענדליקער אַנדערע פּאַסאַזשירן, און ניט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון דער אויסערגעוויינלעכער זעאונג. ער האָט געגאַפּט אויף דעם העלדישן עקסטאַז פון די דאָזיקע קרעפּטיקע נאַטור־קינדער — אַ זאַך, וואָס איז אַזוי ווייט געווען פון זיין אָפּגעשוואַכטן, גע־איידלטן יידישן בלוט און פון זיין גאַנצער יידישער לעבנס־פאַרשטעלונג. ער האָט אויך געגאַפּט אויפן אומפאַרשטענדלעכן כוח פון דער קליינער קאַלטער מטבע, וואָס רופט אַרויס ביים מענטשן אי דאָס סאַמע ערגסטע, אי דאָס סאַמע בעסטע, וואָס מאַכט אים אי מיאוס און אומווירדיק, אי שיין און דערהויבן, פול מיט געטלעכן דראַנג צו דערגרייכן דאָס ניט־דערגרייכטע... נאָר דאָס אַלץ, צוזאַמען מיטן ווונדערלעכן פאַרנאַכט, וואָס האָט דאָ גע־שוועבט איבערן נאָענטן אינדזל מיט פרעמד־לאַנדישן צויבער, באַלויכטן מיט רויטלעכן שיין די שיפּועים פון דעם קיילעכיקן פעסטן באַרג, די נאַקעטקייט פון די פעלדזן און די גרינקייט פון די וועלדער, — איז מנוחינען דאָך ניט אַיינגעגאַנגען, ווייל ניט ווייט פון אים, ביי דער זעל־בער פּאַרענטשע, איז געשטאַנען יהודית איינע אַליין, אַ פרעמדע, אַ דער־

ווייטערטע פון אים, אפשר אויף אייביק. דערצו האָט די מיס זאַקהיים שוין אָנגעהויבן אים דערעסן — זי האָט צופיל גערעדט. זי האָט איר באַגייסטערונג מיטן געזעענעם אַרויסגעזאָגט הויך אויף אַ קול, אין אַ גיכן שטראָם פון ווערטער. זי האָט אים אויך געפירט מיט זיך איבערן אויסגעשטעלטן באַזאַר, ווו זי האָט זיך אָנגעקויפט אַ סך פאַרשיידענע קלייניקייטן. אַלץ וואָס זי האָט געזען — האָט זיך איר געגלוסט קויפן. מנוחין האָט זיך געוווּנדערט: אויף וואָס וועלן איר נוצן אָט די אַלע שמאָכטעס?

— דאָס וועל איך ברענגען מתנות די חלוצים אינעם עמק.

— אַלע חלוצים? — האָט מנוחין געפרעגט מיט ניט־באַהאַלטענער איראָניע.

— אויב איך וועל געפינען פאַר זיך איין חלוץ, וועט דאָס זיין פאַר דעם איינעם, — האָט דאָס מיידל געענטפערט און אַליין זיך פריילעך צעלאַכט פון איר וויץ.

אויף דעם דאָזיקן פריילעכן געלעכטער האָט יהודית ניט־ווילנדיק זיך אומגעקוקט פון איר איינזאַמען שטיין ביי דער פאַרענטשע. זי האָט זיך פלוצים געלאָזט גיין איבערן דעק אין דער קרים, ווי אַ שיכורע, אַוועק אין די קאָרידאָרן צווישן די קאַבינעס, פאַרקליבן זיך אין אַ פינצטערן ווינקל, ווו קיינער איז ניט געווען, און מיט אַ ליידנדיקער, כמעט וויינענדיקער גרימאַסע אויפן פנים אַ טופּע געטאָן פאַר זיך אַליין מיטן פוס. זי האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז זי וועט אָט דעם נאַרישן פילאָזאָף, אָט דעם אַמעריקאַנער מאָראַל־פּרעדיקער, גוט אָנלערנען.

זי איז אָבער געווען שוואַך קעגן אים — זי האָט ניט געהאַט מיט וואָס אים אָנצולערנען. וואָרים ביי די נעקסטע צוויי ים־סטאַנציעס, אויפן גיבראַלטאַר און אין אַלזשיר, האָט שוין מנוחין מער ניט פאַרזוכט צו מאַכן די עקסקורסיעס אין דער געזעלשאַפט פון די גאָרדאָנס. ער האָט זיך אומגעשלעפּט מיט אַ לאַנגווייליקן טרויעריקן פנים אין דער באַגלייטונג פון דער מיס זאַקהיים, וועלכע האָט געשאָטן מיט רייד, אויסדערציילט אים די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי זי איז געקומען צום ציוניסטישן געדאַנק: זי האָט זיך באַקענט אין ניו־יאָרק, אין גריניטש ווילעדזש, מיט איינעם אַ יונגן אַמעריקאַנער שרייבער, אַ ייד, וואָס האָט פאַרבראַכט עטלעכע חדשים אינעם עמק מיט די חלוצים, געגראָבן זייער האַרטע ערד, געגעסן זייער אָרעם ברויט, און אַפילו געקרענקט מיט זייער פּאַלעסטינער קרענק — מאַלאַריע. דער יונגער שרייבער איז צוריקגעקומען קיין אַמעריקע, אַנ־

געשריבן אַ נאָוועלע פון דעם חלוצים־לעבן, מיטן נאָמען „דווידס פידל", און האָט פאַר דער נאָוועלע גלייך געפונען אַ פאַרלעגער, אַפילו געהאַט אַ פּאָר גוטע רעצענזיעס אין די אַמעריקאַנער זשורנאַלן. און אַזוי ווי זי אַליין איז אין דער שטיל אויך אַ שרייבערין, שרייבט פּאָעמעס און נאָוועלעס, נאָר זי האָט קיין מזל ניט צו די פאַרלעגער, איז ביי איר געבליבן, אַז זי וועט אויך פאַרזוכן דעם טעם פון לעבן צווישן די וואונדערבאַרע חלוצים — אפשר וועט זי דערפון געהאָלפן ווערן. אין ניו־יאָרק האָט זי סיי־ווי נישט קיין גרויסן פאַרגעניגן. דער פאָטער האָט לעצטנס פאַרלוירן אַ סך געלט און איז זייער נערוועז. און די מוטער איז ווי אַלע מוטערס — זי זוכט פאַר איר אַ שידוך. פאַרשטייט זיך, אַז ווען די עלטערן האָבן דערהערט פון איר איינפאַל צו פאָרן קיין אַזיע לעבן צווישן ווילדע מענטשן, צווישן פוילישע אימיגראַנטן, האָבן זיי געמאַכט אַ גוואַלד. נאָר ווער הערט היינטיקע צייטן די אַלטע לייט?...

אויפן דעק, צווישן די פּאַסאַזשירן פונעם טוריסטן־קלאַס, האָבן די אָפּטע באַזוכן פונעם ערשט־קלאַסיקן מיידל אינעם רויטן מאַנטל ביי ד"ר מנוחינען געמאַכט אַ גרויסן אויפריר. עס האָט זיך שוין געפונען אַזאַ, וואָס האָט אויפגעדעקט, אַז דאָס איז טאַקע יענע בת־יחידה פון דעם יידישן מולטי־מיליאָנער, וואָס האָטביים קראַך אין וואָל סטריט פאַרלאָרן גאַנצע הונדערט מיליאָן און איז דורך דעם געוואָרן אַ בעל־תשובה, אַ פאַרברענטער ציוניסט. מיסטער צעדערבוים איז דערפון אַריין גאָר אין הויכע התפעלות. ער האָט אַרויסגעזאָגט אַ השערה, אַז ער האָט שטאַרק מורא, טאָמער פּיקט זיך דאָ ניט אַ שידוך צווישן דעם דאָקטאָר מיטן רייכן מיידל, און וויבאַלד אַזוי, וועט דאָס זיין אַ געלט־שידוך פאַר ארץ־ישראל. וואָרים דאָס מיידל איז דאָך אַ בת־יחידה, די איינציקע יורשטע פון דעם פאָטערס מיליאָנען, וואָס זענען נאָך מסתמא גענוג געבליבן אַפילו נאָכן קראַך, — הייסט דאָך עס, אַז דער אמתער יורש וועט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר זיין אונדזער ד"ר מנוחין; און אַזאַ מענטש, ווי ד"ר מנוחין, וועט שוין וויסן וואָס צו טאָן מיט מיליאָנען אין ארץ־ישראל...

קאַפּיטל צוועלף

# סטאַנציע מאָנטע קאַרלאָ

די גרעסטע אַטראַקציע פאַר די אַמעריקאַנער ארץ־ישראל־טוריסטן ביי די ברעגן פונעם מיטל־ים איז געווען די סטאַנציע מאָנטע קאַרלאָ. דאָ האָט שוין געשמעקט ניט מיט „פּלעזשור” אַליין, נאָר מיט עפּעס מער דערפון. כמעט יעדער איינער פון זיי האָט געהערט פון דעם דאָזיקן פריי־לעכן ווינקל אויף דער ערד, דערהויפּט פון דער באַרימטער רולעטקע, ווו מענטשן האָבן אַ מעגלעכקייט אין איין האַלבע שעה אָדער צו געווינען, אָדער צו פאַרשפּילן אַ פאַרמעגן, — און דער עולם האָט זיך געגרייט דאָרט צו פאַרברענגען אַ העכסט־אינטערעסאַנטן אָוונט. מע האָט זיך אויסגעפּוצט ווי צו אַ יום־טוב, און געניטע לייט האָבן אַפילו אַרויסגע־נומען פונעם באַגאַזש זייער „פול־דרעס”. די פּראָסטאַקעס, וואָס האָבן פון מאָנטע קאַרלאָ געהאַט אַ טונקעלן באַגריף, האָבן געשעפּט אינפאָר־מאַציע פון דעם אומאויסשעפּלעכן קוואַל — פון מיסטער צעדערבוימען. מיסטער צעדערבוים, אַ גוט־אויפגעלייגטער, ווי אַלע מאָל, האָט פאַר־שאַרט דאָס גרויסע וואָלענע רייזע־היטל אויפן הויכן לומדישן שטערן און האָט זיך וועגן מאָנטע קאַרלאָ אויסגעדריקט אין שפּילעוודיקן טאָן, מיט אַ גראַם, אַז ס׳איז אַן ערטל, ווו מע כאַפּט דאָס אמתע קערטל. ער האָט אָבער דערביי דערקלערט, אַז ער אַליין איז מיט דעם קיין מחותן ניט — ער וועט אין מאָנטע קאַרלאָ ניט אַראָפּגיין בשום אופן, עס מעג זיך דאָרט וואַלגערן גאָלד אין די גאַסן. ער פאָרט זיך באַזעצן אין אַ הייליק לאַנד, אין ארץ־ישראל, גרייט זיך צו זיין דאָרט אַ יידישער פאַרמער, אַ כשרער האָרעפּאַשניק, — וועט ער זיך ניט קאַליע מאַכן דעם מאָגן מיט אַזאַ אומריינקייט. ל א ה ן ו ל א ש כ ר ן — האָט ער געזאָגט, און האָט דאָס גלייך פאַרטייטשט פאַר די פּראָסטאַקעס אויף יידיש: ער וויל ניט קענען ניט זיי, ניט זייערע טריפע געווינסן!

גאַנץ אַנדערש האָט זיך צו דעם ענין מאָנטע קאַרלאָ באַצויגן זיין שכן אויף די דעק־שטולן, מיסטער דוברַאָוו. יענער האָט זיך דווקא יאָ געקליבן אַראָפּגיין מיט אַלע גייער, און דווקא אַליין, אָן דער פאַמיליע.

פאַרוואָס — דאָס האָט ער געהאַלטן פאַר איבעריק צו דערקלערן. נאָר אַזוי ווי די גרויע שטאָלענע אויגן האָבן זיך אים בשעת מעשה אָנגע־צונדן מיט אַ נייעם פייערל, איז ניט שווער געווען אָנצושטויסן זיך, אַז ער האָט שטאַרק חשק צו פּרווון דאָרט זיין מזל אויף דער רולעטקע. מיסעס דובראָוו האָט זיך דערשראָקן ניט אויף קאַטאָוועס: זי האָט מורא געהאַט פאַרן קניפל, פאַר דעם פאַרשפּעטיקטן נדן, וואָס אירע עלטערן האָבן זיי מיטגעגעבן אויף איינצואָרדענען זיך אין ארץ־ישראל. אַ קשיא אויף איר פּיניען — ער קאָן נאָך אָפּטאָן אַ מעשה און צוריקקומען פון דעם געפערלעכן מאָנטע קאַרלאָ אָן אָפּגעברענטער!... זי האָט אָבער קיינמאָל ניט געשטערט איר מאַן אין זיינע פאַרלאַנגען און פאַנטאַזיעס, קיינמאָל קיין קרום וואָרט אים ניט געזאָגט, — איז איר איינגעפאַלן, אַז זי וועט אים דאָ היניטערווייַלעכס אונטערשטעלן עמוסן פאַר אַ שומר. אַן אויסרעד האָט זי געהאַט גאָר אַ געהויבענעם: עמוס טראָגט זיך אַרום אין דער שטיל מיט אַמביציעס צו זיין אַמאָל אַ שרייבער, און וויבאַלד אַ שרייבער, איז אַ מצווה, ער זאָל אָנקוקן מאָנטע קאַרלאָ. די גרעסטע שרייבער פון דער וועלט האָבן באַשריבן די מאָנטע קאַרלאָר רולעטקע... עמוס האָט אָבער קיין חשק ניט געהאַט אַראָפּצוגיין פון שיף אָן שולמיתן. ער איז געווען איינשטימיק מיט שולמיתס פאָטער, אַז מאָנטע קאַרלאָ איז אַן אומווירדיקע זאַך, וואָס פּאַסט זיך ניט אַריין אין דער גרויסער שליחות פון אַזעלכע מענטשן ווי ער, וועלכע פאָרן אויפבויען דאָס יידישע לאַנד. און אַחוץ אַלע זאַכן, האָט ער זיך אַצינד געפונען אין אַ צערו־דערטער שטימונג, געווען איבערגעפילט מיט דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען אויף די פריערדיקע סטאַנציעס פון זייער עקסקורסיע, דערהויפּט אין מאַדעירא און אַלזשיר. אין מאַדעירא איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער געטלעכער העלדישקייט, מיט וועלכער די דאָרטיקע נאַקעטע פישער־יינגלעך זענען געשפּרונגען אין ים אַריין. ער האָט דאָס פאַרגליכן אין געדאַנק מיט דער יידישער לעגענדע, וואָס ער האָט דאָ ניט לאַנג אויס־געלייענט פון אַ בוך אין דער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק, ווי אַזוי העלדישע יידישע קינדער, געפאַנגענע אויף רוימישע שיפן נאָכן חורבן ירושלים, האָבן פון גרויס צער און שאַנד זיך געלאָזט שפּרינגען אויף קידוש השם אין דער טיפעניש פון ים, — און פאַרשיידענע דמיונות און פאַרשטעלונגען האָבן געצונדן זיין מוח. און אין אַלזשיר האָט ער צום ערשטן מאָל אויף זיין לעבן דערזען אַראַבער — אמתע אַראַבער, איינגע־

הילט אין לאַנגע געשטרייפטע פּאַטשיילעס, וואָס האָבן געכאַפּט דעם אָנבליק פון יידישע טליתים, און די טונקעלע קעפּ אַרומגעוויקלט מיט שווערע טיורבאַנעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי גרויסע, געשוואָלענע יאַר־מלקעס. ביי עמוסן האָט זיך פלוצים געלייגט אַ שווערער פחד אויפן האַרצן: די אַראַבער האָבן אים געשראָקן מיט זייערע גראָבע, בייזע, גאַר־גלדיקע קולות, מיט זייערע ניט־גוטע, פינצטערע, פאַנאַטיש־גליענדיקע אויגן, און מער פון אַלץ — מיט זייער שוידערלעכן שמוץ אויף די בלאָטיקע, גליטשיקע, פאַרעיפּושטע גאַסן און געסלעך, פון וואַנען עס האָט געטראָגן מיט אַלטער, הונדערט־יאָריקער, איינגעגעסענער, גיפטי־קער צעפוילטקייט. ער האָט זיך אַלץ געפרעגט: אָט דאָס זענען זיי, די וואָס מאַכן פּאָגראָמען אויף יידן? אָט דאָס זענען אונדזערע לייבלעכע שוועסטער־קינדער, וואָס שלאָגן זיך מיט אונדז איבער דעם זיידן אברהמס ירושה?... אויב ארץ־ישראל איז אויך אַזוי פאַרשמוצט און פאַרפּעסטעט פון זיי — ווי אַזוי זשע וועט אויף אַזאַ באָדן און אין אַזאַ לופט קאָנען אויסוואַקסן אַ יונג, ליכטיק, פריי לעבן?... שולמית וואָס איז פון דעם אַראַבישן קוואַרטאַל אין אַלזשיר געווען געפלעפּט ניט ווייניקער פון אים, האָט אים געפרווט טרייסטן מיט איר פּאָטערס אויטאָריטעטישער דערקלערונג, אַז אין ארץ־ישראל זענען די אַראַבער אַנדערע און די לופט איז גאָר אַן אַנדערע. נאָר עמוס האָט שוין אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז צו דעם איז פאַראַן נאָר איין מיטל: זיין וווּנדער־מאַשין מיט די טויטלעכע זון־שטראַלן, מיט וועלכע ער וועט אויסברענען און אויסראָטן יעדן שפּור פון אַראַבישן שמוץ. ער וועט אויסלערנען די אַראַבער צו לעבן לייטנ־גלייך, זיי זאָלן ווערט זיין די קרובהשאַפט פון זייערע יידישע שוועסטער־קינדער. און ער האָט מיט אַ פרישן ברען זיך איבערגעגעבן זיין פליענ־דיקער פאַנטאַזיע, וואָס האָט אים הויך געטראָגן אין די ליכטיקע, פרייע הימלען.

דער סוף איז געווען, אַז פיניע דובראָוו איז אַראָפּגעגאַנגען אין מאָנטע קאַרלאָ איינער אַליין, אָן אַ שומר. ער האָט אָבער ניט געוואָלט פאַרשאַפן זיין ווייב קיין צער, האָט ער דאָס קניפּל איבערגעלאָזט ביי איר און מיט־גענומען מיט זיך פאַר דער רולעטקע נאָר אַ פינף־און־צוואַנציקער. ער האָט זי דערביי באַרואיקט מיט אַ האָפערדיקן שמייכל אויף זיין ענערגישן, מוטיקן פנים, אַז מע קאָן גאָרניט וויסן, וואָס פון אַזאַ פינף־און־צוואַנ־ציקער קאָן אין מאָנטע קאַרלאָ ווערן!...

ד״ר מנוחין האָט זיך אויך געקליבן באַזוכן מאַנטע קאַרלאָ, הגם ס׳איז אים דאָרט פאַרגעשטאַנען צו פאַרברענגען אַ לאַנגווייליקן אָוונט. די רולעטקע איז אים געווען פריקרע נאָך איידער ער האָט זי געזען, און זיין באַגלייטערין, די מיס זאַקהיים, האָט אים שוין דערעסן ביז טויט: אַחוץ וואָס זי האָט אים פאַרפייניקט מיט איר אומאויפהערלעכן שטראָם פוסטע רייד פון אַ צעדרייטער גבירישער טאָכטער, האָט זי, מיט איר קלעפּן זיך צו אים, אַלץ מער און מער דערווייטערט פון אים יענע, צו וועמען זיין האַרץ האָט אים געצויגן. נאָר פּאַסירט האָט אַזוי, אַז אין דער לעצטער מינוט, בשעת די שיף איז צוגעשווומען צום ברעג און דער עולם אינעם עס־זאַל האָט אין איילעניש אָפּגעכאַפּט דעם פרישטיק, האָט דער אַלטער גאָרדאָן פלוצים פאַרגעלייגט מנוחינען, ער זאָל הייניטיקס מאָל באַגלייטן זיין טאָכטער אויף דער עקסקורסיע. ער אַליין פילט זיך ניט אינגאַנצן געזונט, און מאַנטע קאַרלאָ איז פאַר אים קיין נייעס ניט — ער האָט שוין דאָרט ניט איין מאָל געשפּילט און פאַרשפּילט געלט. זיין טאָכטער האָט אָבער שטאַרק חשק אָנצוקוקן די רולעטקע, און אַזוי ווי פרויען אָן באַגלייטער פילן זיך אין אַזאַ פּלאַץ אומבאַקוועם, וויל ער זי ניט לאָזן אַהין אַליין. מנוחין האָט זיך מאָדנע דערפרייט, אַזוי אַז דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף יהודיתן און געזען, ווי אַזוי אויך איר פּנים איז באַגאָסן געוואָרן מיט רויטקייט און אירע שיינע פאַרנעבלטע אויגן האָבן באַקומען אַ צעמישטן אויסדרוק, ווי ביי אַ פאַרזינדיקטן קינד. ער האָט גלייך געענטפערט:

— איך בין גרייט מיט פאַרגעניגן, אויב נאָר פריילין גאָרדאָן וויל עס.

— מיט איין תנאי, — האָט יהודית זיך אָנגערופן שאַרף, ווי זי וואָלט מיט דעם זיך געפלייסט גובר צו זיין איר צעמישטקייט, — די מילכיקע אַמעריקאַנערין זאָל דאָ ניט זיין קיין דריטע!...

— ווער איז די מילכיקע אַמעריקאַנערין? — האָט דער אַלטער גאָר־דאָן געפרעגט מיט אַ פינצטערלעכן שמייכל, ניט אינגאַנצן צופרידן פון דער טאָכטערס אומטאַקטישער שאַרפקייט.

— איך שטעל מיר פאָר, אַז דאָס איז מסתמא די מיס זאַקהיים, — האָט מנוחין באַמערקט.

— יאָ, — האָט יהודית געזאָגט נאָך מיט מער שאַרפקייט, — איך קאָן זי ניט פאַרטראָגן מיט איר ווייסן קעלבערנעם פּנים!...

— וויבאַלד אַזוי, — האָט מנוחין נאָכגעגעבן מיט אַ שמייכל — וועלן מיר מוזן אָנווענדן דיפּלאָמאַטיע, אום זי אויסצומיידן.

דער דאָזיקער פּלוצימדיקער אויסגאַנג פון דער פאַרפּלאָנטעטער לאַגע האָט אין מנוחינען ווי אַריינגעגעבן אַ נייע נשמה. אַ באַזונדערע איבער־ראַשונג איז פאַר אים געווען דאָס, וואָס דער פאָטער האָט זיך דאָ אַריינ־געמישט. זאָל דאָס הייסן, אַז דער אַלטער גאַרדאָן ווייסט פון דעם, וואָס עס וועבט זיך אין דער שטיל צווישן אים מיט זיין טאָכטער, און ער האָט דאָ אַ כוונה זיי ביידן צו דערנענטערן ?... לאַנג טראַכטן וועגן דעם איז אָבער קיין צייט ניט געווען. דער „טענדער" איז שוין צוגעקומען צו דער שיף און איז געשטאַנען גרייט אַריבערצופירן די ערשטע פּאַרטיע עקס־קורסאַנטן צום נאָענטן ברעג. איצט האָט מען באַדאַרפט לאָזן אין גאַנג מנוחינס „דיפּלאָמאַטיע", כדי ניט צו טרעפן זיך מיט מיס זאַקהיים. מנוחין און יהודית, ביידע גרייטע אין וועג אַריין, האָבן מיט פנימער פון פאַר־שווערער זיך דורכגעשטופּט צום טענדער צווישן די ערשטע, בעת די מיס זאַקהיים, מיט צעלאָזטע פּאָלעס פון איר רויטן מאַנטל און מיט איר העברעאישן לערן־ביכל אונטערן אָרעם, איז אַרומגעלאָפן איבערן דעק און איבער די זאַלן פונעם טוריסטן־קלאַס און געזוכט איר באַשטענדיקן קאַוואַליער. ערשט אַז דער טענדער איז אָפּגעשווומען פון דער שיף, איז זי צוגעלאָפן צום בריקל און גענומען שרייען צו מנוחינען, געמאַכט צו אים אין גרויס פאַרצווייפלונג מיטן ביכל. יהודית האָט זיך אָנגע־בויגן צו מנוחינען, מיט אַ פריילעכער גרימאַסע פון נצחון אַרויסגע־שטעקט פאַר אים אַ שפּיץ רויטע צונג און זיך גליקלעך צעלאַכט. מנוחין האָט אויך גליקלעך געשמייכלט. ער האָט זיך דערביי פאָרגעשטעלט, אַז מסתמא קוקט־אויס זיין פנים אין דער מינוט זייער נאַריש, נאָר ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „אייביק קאָן דאָך אַ מענטש ניט אויסקוקן קלוג!"...

דער טענדער האָט זיי געבראַכט צום האַפן פון ווילפראַנש, אַ פּראָוו־צוויזיש שטעטל, פון וואַנען זיי האָבן באַדאַרפט צופאָרן קיין מאָנטע קאַרלאָ מיטן עלעקטרישן טראַם. עס איז געשטאַנען אַ וואַרעמער, זוניקער ווינטער־טאָג. דער וועג האָט זיך געשלענגלט אַרויף און אַראָפּ צווישן אַלטע פּראָווינציעלע מויערלעך און פאַרשלאָפענע קלייטלעך, וואָס האָבן געגלעט דאָס אויג און באַרואיקט דאָס האַרץ מיט פרעמד־לאַנדישער געמיטלעכקייט און שטילקייט, מיט גרין און געל באַוואַקסענע הויפלעך, מיט ציכטיקע פאָרהענגלעך אויף פאַרמאַכטע שטומע פענצטער. פון איין

זייט האָט זיך געהויבן אַ משופּעדיקער באַרג, דאָ און דאָרט אויסגעפּלאָס־טערט מיט מאָכיקע שטיינערנע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אין דער הייך צו אַלטע ווילעס און פּאַנסיאָנען, צו ווינטערדיק פּאַרדאַרטע ווײַנגערט־נער און איינזאַם שטייענדיקע שלאַנקע פּאַלמעס; און פון דער אַנדערער זייט האָט אויפן לויפנדיקן וועג אָפּט אַ שײַן געטאָן אַ ליכטיקער אויסגאַנג צום ים, וואָס איז געלעגן אין דער נידער, גלאַט ווי אַ שפּיגל, טיף און שטיל פּאַרדרעמלט אונטערן וואַרעמען בלויען הימל, ווי אין אַ חלום. פּונקט ווי אין אַ חלום האָט אויסגעזען פון דער ווייטן אויך די בייע, ווייסע, יום־טובדיקע עקסקורסיע־שיף, וואָס האָט געהויערט אינמיטן די פּאַרגליווערטע בלויע וואַסערן, ווי אַ קאָלאָסאַלער אײַנגעדרעמלטער שוואַן. מנוחין און יהודית זענען געזעסן דעם גאַנצן וועג אָן ווערטער, ניט גע־קאָנט אָפּרייסן די אויגן פונעם פענצטער. מנוחין האָט פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ קוק אויף יהודיתעס פּאַרטראַכטן פּראָפיל, אויף איר שיין־גע־שניצטער איידעלער קינבאַק, וואָס האָט זיך צאַרט צונויפגעגאָסן מיט איר שלאַנקן האַלדז. אין איר שטילער, פּאַרטיפטער באַגייסטערונג האָט זי אויסגעזען מאָדנע מילד און ליב, ווי אַ פּאַרטראַכט קלוג קינד, און מנוחינס האַרץ איז איבערגעפילט געוואָרן צו איר מיט צערטלעכער ליב־שאַפט. עס האָבן אין אים געררוישט זיסע, שטאַרקע פּאַרלאַנגען, פון וועלכע ער האָט שוין לאַנג ניט געוווסט.

געקומען קיין מאָנטע קאַרלאָ און אַרומגעדרייט זיך עטלעכע שעה אָן אַ ציל איבער די אויסגעפּוצטע יום־טובדיקע גאַסן, וואָס ליגן ביי דער קאַסינאָ, באַטראַכט די גרויסאַרטיקע ווייסע האָטעלן מיט די רייכע בלענ־דנדיקע שוי־פענצטער פון די יוועליר־געשעפטן, האָבן ביידע די גאַנצע צייט נאָך אַלץ געשוויגן, ווי יעדער איינער וואָלט געוואַרט, אַז דער צווייטער זאָל אָנהייבן רעדן. מנוחין האָט אין געדאַנק געזוכט אַ פּאָדים, אָן וועלכן ער זאָל קאָנען אָנקניפּן אַ שמועס, נאָר אַלע זייטיקע ענינים האָבן אים אַצינד אויסגעזען פּוסט און נאַריש, און אָנצוהייבן גלייך פון דעם, מיט וואָס זיין האַרץ איז פול, האָט ער ניט געהאַט גענוג מוט. ווער ווייסט וואָסערע כוונות עס טראָגט אין זיך אָט די יונגע פרוי, וואָס איז אים אי אַזוי נאָענט, אי אַזוי פרעמד, וואָס איז נאָך אַלץ פאַר אים אַ שווערע רעטעניש ?... צום סוף זענען זיי געבליבן שטיין אינמיטן דעם קליינעם גרינעם קאַסינאָ־פּאַרק, וואָס האָט געבליט און געשמעקט מיט רויזן אין סאַמע ווינטער. יהודית האָט געשיינט צו זיין שטאַרק אַנטוישט —

צי פון מאַנטע קאַרלאָ, צי פון עפּעס אַנדערש. זי האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אַהינטער און אַ זאָג געטאָן אין מידן איראָנישן טאָן:

— נו, וואָס טוט מען ווייטער?

מנוחין האָט געפילט, אַז די איראָניע איז געמיינט קעגן אים — וואָס ער איז אַזאַ אומגעלומפּערטער, לאַנגווייליקער קאַוואַליער. ער איז אַ ווײַלע געשטאַנען פאַר איר אין שטומער פאַרווירטקייט און פּלוצים אַרויסגערעדט:

— פריילין גאָרדאָן, איך דאַרף אײַך עפּעס זאָגן... איך קלייב מיך שוין לאַנג בעטן ביי אײַך אַנטשולדיקונג פאַר יענעם אָוונט. איך וויל אײַך דערקלערן, פאַרוואָס איך האָב קעגן אײַך אַזוי געהאַנדלט.

— ניין, ניין, ניין! — האָט יהודית זיך אויפגערירט און פאַרשטעלט די אויערן מיטביידע הענט. — איך וויל דאָ גאָרנישט ניט הערן! דזשע־סיקאַ, שיילאָקס טאָכטער, איז ניט געקומען קיין מאָנטע קאַרלאָ צו הערן פילאָזאָפיע! דזשעסיקאַ וויל אין מאָנטע קאַרלאָ הוליען!...

מנוחין איז לכתחילה פון דעם שטאָך געוועזן צעמישט. זי האָט אָבער דערביי געקוקט אויף אים מיט אַ פריילעכן קאַפּריזנעם קוק, אַזוי אַז אים איז אויך פריילעך געוואָרן אויפן האַרצן.

— גוט, — האָט ער געזאָגט אַן אויפגעלעבטער, — מיר גייען הוליען. מיר וועלן היינט עסן מיטאָג אין דעם רייכסטן האָטעל אין מאָנאַקאָ!

קאַפּיטל דרייצן

## מנוחין מיט יהודיתן הוליען

אויסגעקליבן איינעם פון די גרויסאַרטיקע האָטעלן קעגנאיבער דעם יום־טובדיקן האַפן פון מאָנטע קאַרלאָ, וואָס האָט געדרעמלט אין מיטאָג־דיקער זוניקער שטילקייט, זענען מנוחין מיט יהודיתן אַריינגעקומען אין אַ רייכן רחבותדיקן עס־זאַל, ווו ביי די געדעקטע טישן האָט געגלאַנצט אַן אויסדערווײלטער עולם פון געהויבענעם שטאַנד, צום מייסטן ענגלישע טוריסטן. עס האָט שעמערירט פאַר די אויגן מיט געשליפענעם רויטלעכן מירמלשטיין, מיט אַנטיק־מאָלעריי אויף די הויכע ווענט, מיט געגילטע

פּליושענע שטולן און שווערע בראָנזענע קאַנדעליאַבערס. אויסגעסטראָ־צלטע קעלנער אין שוואַרצע פראַקן האָבן שטיל געשוועבט איבערן ווייכן, טיפן טעפּיך, געטראָגן מיט ערנסטע, אָנגעשטרענגטע פּנימער, ווי כוהנים צו דער עבודה, הייסע דעמפנדיקע זילבערנע פּאָלומיסקעס. דער „מעטר־דאָטל", אַ הויכער גרויער חשובער דזשענטלמאַן, מיט אַ פייערלעכן פּנים פון אַ הויף־מיניסטער, האָט זיך ביים אַריינגאַנג העפלעך פאַר זיי פאַרנייגט.

— אַהאַ, וואָס פאַר אַ שיק! — האָט יהודית אויסגערופן פריילעך איבערראַשט, און נעמענדיק מנוחינען אונטערן אָרעם, האָט זי אים שטיל, אויפן אויער, אַ פרעג געטאָן מיט אַ סודותדיקן שמייכל: — וועט כאָטש ביי שיילאָקן קלעקן גענוג געלט צו באַצאָלן דאָ פאַר אַ רייכן מאָלצייט?...

— דאַכט זיך, אַז יאָ, פאַר דזשעסיקאַן וועט קלעקן, — האָט איר מנוחין געענטפערט אויך שטיל, אינעם זעלבן שפּילעוודיקן טאָן.

ער האָט אַליין ניט דערוואַרט אַזאַ גלאַנץ און זיך געפילט אַ ביסל אומבאַקוועם, דורכגעגאַנגען צווישן די טישלעך פון די געהויבענע געסט, ווי אויף אַ שטריק. ער האָט אויסגעקוקט אַ פּלאַץ ערגעץ אין אַ ווייטן אָפּגעזונדערטן ווינקל, הינטער די דיקע מירמלשטיינערנע קאָלאָנעס. יהו־דית האָט אָבער פּראָטעסטירט:

— פאַרוואָס אַזוי ווייט פון דער וועלט? איך וויל זען מאָנטע קאַרלאָ!...

און זי האָט זיך באַזעצט דווקא אויבנאָן, אין סאַמע צענטער פונעם זאַל, צווישן אָנגעצויגענע, ברוגז־קוקנדיקע ענגלענדער, און האָט גלייך גענומען שטודירן די שפּייז־קאַרט. זי האָט אַרויסבאַוויזן גרויסע גאַסטראָ־נאָמישע געניטשאַפט אין דער טערמינאָלאָגיע פון דער פראַנצויזישער קיך, און מנוחין, וואָס איז געווען הינטערשטעליק אין אַזעלכע זאַכן, האָט זיך בלינד געלאָזט פירן פון איר. ער האָט דערביי ניט־ווילנדיק געהאַט דאָס אָנגענעמע אינטימע געפיל פון אַ מאַן, וואָס געפינט זיך ביים טיש אונטער דער גוטער השגחה פון זיין ווייב, און דאָס האָט אים נאָך מער דערנענטערט צו איר. אים האָט נאָר געאַרט, וואָס זי האָט גערעדט, אויפן רוסישן שטייגער, אַ ביסל צו הויך, אַזוי אַז די ענגלענדער ביי די שכנישע טישלעך האָבן זיך אויף זיי אומגעקוקט מיט האַלבע בליקן. מנוחין אַליין האָט גענומען רעדן שטילער ווי געוויינלעך, ווי ער וואָלט דערמיט געהאַט אַ כוונה אַראָפּצופירן אויך זיין באַגלייטערין צו אַ נידעריקן טאָן. יהודית האָט דאָס גלייך דערפילט.

— וואָס רעדט איר עפּעס אַזוי שטיל? — האָט זי געפרעגט און אים

דורכגענומען מיט שמייכלענדיקע אויגן. — איר שעמט זיך פאַר די ענג־לענדער מיט אייער שלעכטער רוסישער שפּראַך?...

— יאָ, איר האָט כמעט ווי געטראָפן, — האָט מנוחין געענטפערט אויך מיט אַ שמייכל, אַ היפּש ביסל פאַרחידושט פון איר דורכדרינגלעכקייט.

— זייט רואיק, — האָט יהודית געזאָגט, — די אָנגעבלאָזענע ענגלענ־דער זענען אַזוי פאַרטיפט אין זייער אייגענער גרויסקייט, אַז זיי קוקן אַפילו ניט אין אייער זייט!

— די ענגלענדער קוקן ניט, אָבער זיי זעען אַלץ, — האָט מנוחין קורץ באַמערקט.

— אוי, וואָס פאַר אַ פאַרזיכטיקער מענטש איר זענט! און ווי ערנסט!...

— האָט יהודית אויסגערופן, דערביי וואַרעם און בייגעריק באַטראַכט אים מיט אירע פאַרנעבלטע אויגן. — איר ווייסט גאָר וואָס? לאָמיר באַ־שטעלן שאַמפּאַניע־וויין. אַז הוליען, זאָל זיין געהוליעט!... מסכים?

— מסכים! — האָט מנוחין, ווי קווייקלענדיק, נאָכגעגעבן. — הגם איך האָב ערגעץ געלייענט, אַז עכטע ענגלענדער טרינקען ניט צו לאָנטש קיין שאַמפּאַניער. שאַמפּאַניער טרינקען זיי ערשט צו סאַפּער...

— ווען מיר, זיי אויף צו־להכעיס, טרינקען שאַמפּאַניער דווקא צו לאָנטש!

מנוחין האָט זיך ביסלעכווייז אונטערגעגעבן דער אויפגעלעבטער פריילעכער שטימונג פון יהודיתן, און שפּעטער אַ ביסל, אַז זיי האָבן גע־האַלטן ביי ענדיקן דעם מאָלצייט אוןביידע האָבן זיך געפילט אונטער דער מילדער באַרוישונג פון עטלעכע באָקאַלן שאַמפּאַניע־וויין, האָט ער שוין געקוקט אויף איר ליכטיק־פאַררויטלטן קינדערשן שטערן מיט אַן אָפענעם צערטלעכן גלאַנץ אין די אויגן און האָט געטראַכט: „זי איז, אַזאַ ליב קינד... און זי וועט זיין אַ טייער זיס ווייב”... יהודית ווי צוטרעפנדיק זיינע געדאַנקען, האָט אים אָפּגעענטפערט מיט אַ באַרוישטן גלאַנציקן בליק און האָט זיך פּלוצים צעלאַכט.

— וואָס לאַכט איר, יהודית? — האָט מנוחין זי געפרעגט אין צערט־לעכן טאָן, אָנרופנדיק זי צום ערשטן מאָל ביי איר נאָמען.

— איך האָב מיך דערמאָנט אָן יענער, דער מילכיקער... זי האָט צו אייך אַזוי קאָמיש געמאַכט פון שיף מיטן ביכל!... ווער איז זי?... ס'איז אַן אמת, וואָס די טוריסטן זאָגן, אַז זי איז אייער כלה?...

מנוחין האָט זי אָנגעקוקט אַ ווײַלע דערשטוינט און האָט אויך אָנגעהויבן צו לאַכן.

— אַזוי גאָר? פון וועמען זענט איר דערגאַנגען אַזאַ סוד?

— פון אײַערן אַ נאָענטן פרײַנד, פון אײַער שולמיתעס פאָטער.

— ווי אַזוי קומט ער צו אײַך?

— ער איז אַ גרויסער טשודאַק, דער מיסטער צעדערבוים. ער איז צוגעגאַנגען זיך באַקענען מיט מײַן פאָטער, גערעדט רוסיש ווי אין יעקאַטערינעס צײַטן, מיט ציטאַטן פון קרילאָווס פאַבלען... ער דערוואַרט זייער אַ סך פאַר פאַלעסטינע פון די מיליאָנען, וואָס איר וועט פון אײַער כלה באַקומען נדן...

— אוי ווײ! — האָט מנוחין אַ זאָג געטאָן מיט אַ פאַרווירטן שמייכל. — ס'איז דאָך אַ סכנה צו פאָרן מיט יידן אויף איין שיף!...

— ס'איז אפשר מער סכנה צו פאָרן אויף איין שיף מיט אַ מיליאָנערס אַ טאָכטער, בפרט אַז יענע קוקט אויף אײַך מיט אַזעלכע פאַרליבטע אויגן...

— מיר דאַכט, — האָט מנוחין געזאָגט שוין ערנסט, — אַז זי קוקט אויף דער גאַנצער וועלט מיט פאַרליבטע אויגן. זי איז אַ צעדרייט מיידל, מיט אַ ווינט אין קאָפּ, אַ קינד פון דער דעגענערירטער יידישדייטשער פּלוטאָקראַטיע אין אַמעריקע. זי איז אָבער ניט קיין שלעכטער מענטש...

— און ווי אַזוי זע איך אויס אין אײַערע אויגן, — האָט אים יהודית פּלוצים אַ פרעג געטאָן, — אַ שלעכטע, איאָ?...

מנוחין האָט זיך דערפילט אין אַ פאַרלעגנהייט.

— איר?... אײַך קען איך נאָך ניט גענוג... איר זענט נאָך פאַר מיר אַ ביסל אַ רעטעניש... וואָס פאַר אַ מענטש איז געווען אײַער מוטער, אויב ס'איז מיר דערלויבט צו פרעגן?

— מײַן מוטער איז געווען ניט קיין גוטע. אַ קלוגע, אַ שאַרפע, נאָר ניט קיין גוטע...

— איך מיין אָבער, אַז איר זענט אַ סך ענלעך אויף אײַער פאָטער. איר האָט די זעלבע אויגן, דעם זעלבן שטערן, אויך די זעלבע אויערן. איר קוקט און הערט און זענט פאַרטראַכט, פונקט ווי ער...

— אָ, איר זענט דאָך אַ געפערלעכער מענטש! — האָט יהודית זיך אָנגערופן מיט אַ פאַרטראַכטן שמייכל. — מע טאָר מיט אײַך ניט זיצן

ביי איין טיש!... נאָר איר מיינט דען, אַז מיין פאָטער איז שוין גאָר אַ גוטער? ער איז נאָר זייער אַן ערלעכער, אַ שטרענגער, אַ טאַקטישער, און אַ גרויסער מאָראַל־פּרעדיקער... ער איז שטאַרק געראָטן אין אַייך... איר זענט דאָך, דאַכט זיך, ביידע קרובים...

זי האָט דאָס אַרויסגעזאָגט אין איראָנישן טאָן, נאָר מיט באַהאַל־טענער צערטלעכקייט אין קול. מנוחין האָט נאָר ניט געוווּסט, צי די צערטלעכקייט באַציט זיך בלויז אויף איר פאָטער, צי אויך אויף אים?... ער איז אַ ווײַלע געזעסן שווייגנדיק, ווי פון עפּעס געריִרט, דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען פון בוזים־טאַש אַ בילד און עס דערלאַנגט איר אָן ווערטער.

— וואָס איז דאָס? — האָט יהודית זיך געוווּנדערט און גענומען באַטראַכטן דאָס בילד. — זעט נאָר, וואָס פאַר אַ שיינער בחור! אַן עכטער קראַסאַוויטשיק!...

מנוחין האָט געמאַכט אַ ביטערע מינע.

— נאָר ניט „קראַסאַוויטשיק״! — האָט ער געזאָגט שאַרף. — איך קאָן דאָס דאָזיקע וואָרט פּיזיש ניט פאַרטראָגן!

— אַזוי? איר ווילט ניט, אַז ווײַבער זאָלן אײַך האַלטן פאַר אַ קראַ־סאַוויטשיק? — האָט יהודית איבערגעפרעגט מיט לייכטער איראָניע, קאָ־קנדיק דאָ אויפן בילד און דאָ אויף אים. — איר דאַרפט זיך ניט נעמען שטאַרק צום האַרצן. אַצינד פאַסט אײַך שוין סײַווי ניט אַזאַ נאָמען... דאָס איז דאָך מסתמא אייערס אַ יונג בילד, מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק?...

— ניין, ס׳איז ניט איך — ס׳איז מיין שוועסטערס אַ זון, זייער ענלעך אויף מיר. ער איז דערהרגעט געוואָרן בעתן לעצטן אַראַבישן פּאָגראָם אין פּאַלעסטינע, און דאָס פאַר איך אַהין צוליב זיין אָנדענק...

— ס׳איז גאָר אייער שוועסטערס אַ זון? און ער איז דערהרגעט געוואָרן!... — האָט יהודית אויסגערופן איבעררעשט און געקוקט אויפן בילד מיט דערשראָקענע אויגן. — אַזאַ יונגע פּראַכט, אַזאַ ליב, ליכטיק פּנים!... ווער האָט עס באַדאַרפט אַזאַ קרבן?

— מיר אַלע. די געהיימע קראַפט איבער אונדז, וואָס הייסט דאָס פאָלק...

— דאָס פאָלק, דאָס פאָלק!... — האָט יהודית זיך פּלוצים אָנגעצונדן מיט שאַרפער פאַראַכטונג. — אויף וואָס באַדאַרף דאָס פאָלק פרעסן אַזעלכע יונגע, טייערע לעבנס, וואָס וואָלטן געקאָנט געבן זייערע

נאַענטע אַזױפיל פרײד? װאָס פאַר אַ מין בײזע חיה איז דאָס פאָלק, װאָס האַלט כסדר אָפּן איר שרעקלעכן פיסק אױף אײַנצושלינגען אונדז מיט לײַב און מיט לעבן?...

— אונדזער פאָלק, יהודית, — האָט מנוחין באַמערקט זײער װײך, — איז גראָד ניט קײן בײזע חיה, נאָר אַ מילדע טױב, װאָס ראַטעװעט זיך אַלײן פונעם שפּאַרבער...

— דאָס איז שײנע רעטאָריק, פוסטע פראַזן! — האָט יהודית העפטיק געזאָגט. אונדזער פאָלק איז אפשר שװאַך קעגן פרעמדע, אָבער קעגן אײגענע האָט עס די זעלבע שאַרפע צײן!... איך װיל מיט אײַך ניט דיסקוטירן — און װערטער זענט איר מסתמא שטאַרקער פון מיר... נאָר אײנס װעל איך אײַך זאָגן: איר האָט אַלע זיך אױסגעטראַכט עפּעס אַ װאָרט, „דאָס פאָלק", און פאַרנודעט דערמיט די װעלט, לאָזט קײנעם פרײַ ניט אָטעמען!... און װאָס פאַר אַ לאַנד איר זאָלט איצט ניט קומען, מאַכט מען אײַך ענג די טריט, מע פאַרפינצטערט אײַך דאָס לעבן, און אַלץ צוליב אײַער אױסגעטראַכטער געהײמער קראַפט — דאָס פאָלק! אָט האָט איר מיך דאָ ניט לאַנג אױך אָפּגעזידלט אין נאָמען פון אײַער פאָלק, מיר אױפגעװאָרפן, אַז איך בין דזשעסיקאַ, שײַלאָקס טאָכטער!... װאָס פאַר אַ רעכט האָט דאָס פאָלק צו מישן זיך אין מײַן אײגענעם לעבן, נאָכ־קוקן מיר, צי איך גײ אױפן גלײַכן װעג, צי איך גײ אױפן קרומען װעג?...

— איך בין באַגאַנגען אַ גרױסע נאַרישקײט, — האָט מנוחין שטיל אַרױסגעזאָגט, — און איך באַדױער דאָס פונעם גאַנצן האַרצן.

— איר זענט אָבער אין אײַער לעבן געװיס באַגאַנגען נאָך גרעסערע נאַרישקײטן! איר האָט זיך מסתמא אַזױ לאַנג אַרומגעטראָגן מיט אײַער פאָלק, ביז איר האָט אײַער אײגן לעבן פאַרגעסן ערגעץ װײַט הינטער זיך!...

— מעגלעך, אַז לױט אײַער באַנעם פון זאַכן איז דאָס אַזױ געװען, — האָט מנוחין געזאָגט װי פאַרשעמט. — נאָר אָפּט איז דאָס אײגענע לעבן אַזױ פאַרקניפּט מיטן לעבן פונעם פאָלק, אַז בײדע זענען אײנס. אונ־דזערע ייִדישע פרױען, צום באַדױערן, זענען ניט דערצױגן אױף אַזעלכע באַגריפן...

יהודית איז נאָך מער אַנגעצונדן געװאָרן.

— אָט דאָס האָב איך ליב — אַז מע הײבט אָן זאָגן ספּעציעלן מוסר אונדזערע ייִדישע פרױען!... עס איז מיר שױן נמאס געװאָרן דאָס צו הערן פון אונדזערע ייִדישע מאַנסבילן!... מײַן פאָטער פלעגט אױך טענהן

מיט מיין מוטער, אַז יידישע פרויען זענען די ערגסטע פרויען אויף דער וועלט — זיי ווילן ניט וויסן פון זייער פאָלק. און פון דעסטוועגן, זינט די מאַמע איז געשטאָרבן, איז זיין לעבן אַזוי צעבראָכן, אַז קיין פאָלק אין דער וועלט וועט דאָס שוין מער ניט קאָנען גאַנץ מאַכן!...

יהודית איז פלוצים אַנטשוויגן געוואָרן, אַריינגעפאַלן אין שטילן טרויער. איר צעהיצט פנים האָט באַקומען אַן אויסדרוק פון פינצטער־לעכער קינדערשער פאַרטראַכטקייט — דאָס וואָס מנוחינען איז באַזונדער ליב געוואָרן אין איר. ער איז געזעסן אַ פאַרחידושטער, טיף גערירט פון איר גאַנצן וועזן.

— זאָגט נאָר, יהודית, איך וויל אייך עפּעס פרעגן... — האָט ער זיך אָנגערופן שטיל. — נאָך וואָס פאָרט איר קיין פּאַלעסטינע?

— איך ווייס אַליין ניט, נאָך וואָס איך פאָר. אַ ביסל צוליב דעם פאָטער, און אַ ביסל אויס נייגעריקייט. עס גלוסט זיך מיר זען נאָך אַ מאָל דעם תל־אביבער ברעג ים, ווו איך האָב מיך קינדווייז געוואַל־גערט אַ נאַקעטע אין די שטילע הייסע זאַמדן. עס איז געווען אַ זעלטן געפיל, וואָס איך קאָן דאָס ניט פאַרגעסן... און אויסער דעם, איז דאָך איצט די וועלט געוואָרן אַזוי ענג, ניטאָ פאַר מיר ווו צו זיין...

דערווייל איז דער עולם אין זאַל געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שיטערער, אַזוי אַז מנוחין מיט יהודיתן זענען צום סוף געבליבן די לעצטע. פאַר־שלונגענע פון זייער געשפּרעך, האָבן זיי דאָס קוים באַמערקט — ביז דער אַלטער חשובער „מעטרדאָטעל” האָט זיי וועגן דעם דערמאָנט. ער האָט זיך גענומען דרייען פאַר זייער טיש גאָר אָן צערעמאָניעס, גע־קוועטשט מיט די פּלייצעס צו די פאַרבייגייענדיקע קעלנער און גאַנץ הויך, ווי אַ פּראָסטער בשר־ודם, אונטערגעהוסט. זיין בכבודיקע אַלטע פיזיאָ־נאָמיע אין דעם שניי־ווייסן אויסגעשניטענעם העמד האָט שוין איצט פאַרלאָרן די פריערדיקע פייערלעכקייט פון אַ הויף־מיניסטער און האָט אויסגעדריקט גאַנץ געוויינלעכן קעלנערישן לאַנגווייל און אומגעדולד. ערשט אַז מנוחין האָט זיך צעצאָלט מיט זיין קעלנער ברייטלעך, אויפן אַמעריקאַנער שטייגער, האָט דער אַלטער מיט גיכע דראָבנע טריט זיך אָוועקגעלאָזט צוריק צו זיין פּאָסטן, ביים אַריינגאַנג, ווידער אַרויפגע־צויגן אויפן פּנים די מיניסטערשע פייערלעכקייט און איז געשטאַנען גרייט צו פאַרנייגן זיך פאַר די אויסטערלישע רוסישע מאַגנאַטן, וואָס טרינקען שאַמפּאַניער צו פרישטיק און צאָלן מיט אַמעריקאַנער באַנקנאָטן. אויפ־

שטייענדיק פונעם טיש, האָט יהודית אָנגעוויזן מנוחינען אויפֿן איבער־געבליבענעם שאַמפּאַניער:

— איר זעט, ווי אַזוי מיר האָבן געהוליעט? קוים אויסגעטרונקען אַ דריטל פֿלאַש, און אַלץ צוליב אייער פּאָלק!...

מנוחין האָט זיך שוין לאַנג אויסגעניכטערט פונעם ביסל וויַין. אַנ־שטאָט דעם איז זיין האַרץ איצט געווען פול און באַרוישט פון יהודיתס רייד, פון איר אויסדרוקספולן כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט. דאָס, וואָס איר אינערלעכע וועלט האָט זיך פֿאַר אים אַנטפּלעקט אַזוי שאַרף אָפּ־געטיילט פון זיינער, האָט נאָך מער פאַרטיפט איר רייץ. עס האָט אים אַצינד באַזונדער געררייצט די נייקייט, וואָס שלאָגט פון איר — דער נייער פרישער שטראָם, וואָס וועט זיך אַריינגיסן אין זיין אַלט־שטייענ־דיק וואַסער. אין זיין באַרוישטקייט האָט ער געפילט, אַז ער דאַרף נאָר מאַכן איין שריט, דעם סאַמע לעצטן, אום צו דערגרייכן דעם געגאַרטן ציל. נאָר ווי אַזוי מאַכט מען דעם דאָזיקן ריזיקאַלישן שריט — דאָס האָט ער ניט געוווסט, זיין אַלט־בחורשע אומדערפאַרענע איינזאַמקייט האָט אים דערצו קיין מוט ניט געגעבן.

זיי האָבן זיך ווידער ביידע אַרומגעדרייט אָן אַ ציל אין די עטלעכע רייך־אויסגעפּוצטע גאַסן פון מאָנטע קאַרלאָ, אויסגעלערנט אויף אויס־ווייניק אַלע שוי־פענצטער, אָנגעטראָפן אויפֿן וועג אַלץ די זעלבע באַ־קאַנטע פנימער פון די יידישע שיף־פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן דאָ אומגע־בלאָנזעט אין דעם פרעמדן גלאַנץ, ווי פאַרווירטע שאָף פון אַ צעזייטער טשערעדע. דערנאָך זענען זיי ביידע געשטאַנען שווייגנדיקע ביי די פּאַ־רענטשעס פון דעם שטילן פוסטן האַפן, געקוקט, ווי אַזוי די זון פאַרגייט איינזאַם אין ים, לעצט־אויס איר רויט גליענדיק פייער אין די ווייטע, פינצטער־געוואָרענע וואַסערן, און מנוחין האָט געטראַכט מיט אַ שווערן האַרצן, אַז ער האָט ניט די שטאַרקייט אין זיך צו געניסן פונעם לעבן אַזוי ווי אַלע, אַז זיינע בעסטע טעג זענען פאַרגאַנגען אין קאַלטער איינ־זאַמקייט, אַז פונקט אַזוי וועט אויסגעלאָשן ווערן זיין לעבן און וועט פאַרזינקען אין תהום אָן אַ שפור...

זיי האָבן זיך קוים דערוואַרט דעם אָוונט, ווען די קאַסינאָ האָט זיך אָנגעצונדן מיט אַלע אירע פייערלעך און פאַרפירעריש געווונקען צו די, וואָס ציען זיך פון פאַרשיידענע לענדער צו איר צויבערלעכן גאָלדענעם שאַנטאַזש — די רולעטקע.

קאַפּיטל פערצן

## ביי דער רולעטקע

ס'איז שוין געווען היפּשלעך אין אָוונט, ווען מנוחין מיט יהודיתן זענען פאַרטיק געוואָרן מיט סאַפּער אין דעם פּעשענעבעלן האָטעל און זענען צוגעקומען צו דער העל־באַלויכטענער קאַסינאָ, וווּהין אַן אויפגערעגטער עולם האָט געשטראָמט פון אַלע ווינקלען פון מאָנטע קאַרלאָ צום צווייטן, נאַכטיקן רולעטקע־שפּיל. אויפן ליכטיקן געפלאַסטערטן צור־פאַר־פּלאַץ, ביי דעם האַלב־קיילעכדיקן גרינעם סקווער, האָבן זיך גענומען באַווייזן איינס נאָכן אַנדערן אָפענע עקיפּאַזשן און אויטאָמאָבילן, באַזעצט מיט גלענצנדיקע פּאָרלעך, אַלטע און יונגע, אַלע אין פּאַראַדנעם אָנטאָן, צווישן זיי דאַמען אין רייכע, שעמערירנדיקע אָוונט־טואַלעטן, געהילט אין זילבערנע שאַלן און אין טייערן ווייסן פוטער. די שורה פון די קאַרעטן איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ געדיכטער, זיך געצויגן לאַנג און אומענדלעך, אויסגעזען ווי אַן אויסערגעוויינלעכער יום־טובדיקער צונויפּפאָר לכבוד עפּעס אַ גרויסער אָרטיקער נאַציאָנאַלער געשעעניש. פּאָליצייט, אין שוואַרצע ראָטאָנדעס און ווייסע הענטשקעס, האָבן אַכטונג געגעבן אויפן צופאָר און אָפּפאָר פון די קאַרעטן, און שווייצאַרן, אין באַזילבערטע אוניפאָרמען, האָבן פייערלעך מקבל־פנים געווען די אָנגעלייגטע געסט, געהאָלפן די דאַמען אויסשטייגן צום גאַניק.

— די זאַך הייבט־אָן צו ווערן ערנסט! — האָט זיך אָנגערופן מנוחין מיט דער איראָניע פון אַ פוסגייער קעגן רייטער, שטייענדיק מיט יהודיתן פאַרשטופּט אָן אַ זייט און באַטראַכטנדיק מיט פינצטערלעכע בליקן דעם דאָזיקן אָנפלייץ פון רייכע, הויכגעשטעלטע פּוסטעפּאַסניקעס, וואָס ציען אַהער פון דער גאַנצער וועלט.

— די זאַך הייבט־אָן צו ווערן ניט אַזוי ערנסט, ווי טרויעריק! — האָט באַמערקט יהודית. — איך שטעל מיר פאָר, וואָס פאַר אַ פּנים מיר וועלן דאָרט האָבן אין אונדזער וואָכעדיקן גאַנג פונעם דריטן טוריסטן־קלאַס!... זיין דורכלויכט, דער פירשט פון מאָנאַקאָ, קאָן זיך נאָך באַליידיקן און אונדז ניט וועלן אויפנעמען!...

— הלוואי טוט ער אַזוי, — וועט ער אונדז פאַרשפּאָרן צוזען מיט די אויגן אַזאַ נידערטרעכטיקייט.

— וואָס עפּעס נאָר צוזען מיט די אויגן? — האָט יהודית פּראָטעס־טירט. — מיר וועלן אַליין אויך נעמען אָנטייל אין דער דאָזיקער נידער־טרעכטיקייט!...

— איך וועל אויף דער רולעטקע ניט שפּילן! — האָט מנוחין גע־זאָגט קורץ און שאַרף.

— און איך וועל מיט פאַרגעניגן שפּילן! דזשעסיקאַ האָט געגנבעט ביי איר טאַטן אַ ביסל דוקאַטן און וועט עס אינגאַנצן פאַרשפּילן!...

— יהודית! — האָט מנוחין פּלוצים אַ זאָג געטאָן מיט שטילן גע־בעט. — טוט מיר אַ טובה און רופט אייך מער ניט מיטן נאָמען „דזשעסיקאַ".

— וואָס איז דען?

— דערמאָנט מיך ניט, אַז איך בין דאָ ניט לאַנג געווען אַ נאַר...

— און איצט זענט איר שוין קליגער געוואָרן?

— איצט וועל איך מיך באַמיען צו זיין קליגער...

— געדענקט זשע! — האָט יהודית צו אים שטרענג אַ מאַך געטאָן מיטן פינגער, און גלייך נאָכדעם אַ נעם געטאָן אים אונטערן אָרעם און זיך צוגעטוליעט צו אים שטיפעריש־צוטרוילעך, אַזוי אַז מנוחין האָט אין דער קילקייט פונעם אָוונט ווידער אַ מאָל דערפילט די זעלטענע וואַרעמע גלאַטקייט פון איר יונגפרויאישן וועזן, וואָס האָט געגליט ביי אים אין האַרצן זינט זייער ערשטן שפּאַציר אויפן שיף־דעק אין דער ווינטיקער נאָכט. שטייענדיק אַזוי צוזאַמען, ווי שטיל באַרוישט איינס פונעם אַנדערן, האָט יהודית פּלוצים אויסגערופן פריילעך:

— זעט נאָר, זעט, אָט איז זי אויך דאָ!

— ווער?

— די מילכיקע כלה איי־ערע!...

און ווירקלעך, צווישן די צוגעפּאָרענע געסט האָט אויף אַ מאָמענט אַ שימער געטאָן פאַר זייערע אויגן מיס זאַקהיימס ניט באַדעקטער גע־קרויזטער קאָפּ מיטן מילך־ווייסן פּנים. זי איז געזעסן אין אַ רייכן אָפענעם עקיפּאַזש איינע אַליין, אין איר צעשפּילעטן רויטן מאַנטל, מיטן ביכל אין האַנט, און נאָך איידער די שווייצאַרן האָבן באַוויזן זי אויפצוכאַפּן ביים אויסשטייגן, איז זי מיט איין שפּרונג געווען אויפן גאַניק און מיט

אײלנדיקע, צעטראָגענע באַוועגונגען זיך געלאָזט גיין אינווייניק אין קאַסינאָ אַרײַן, פּונקט ווי זי וואָלט אַהער געקומען דורכצופירן עפּעס אַ באַזונדער וויכטיקע שליחות.

— אַ סוף, איר מעגט זיך שוין געזעגענען מיט אייער רייכן נדן — ער וועט שוין בלייבן ביים פּירשט פון מאָנאַקאָ! — האָט יהודית אַ זאָג געטאָן צו מנוחינען, און ביידע האָבן זיך צעלאַכט.

איצט איז אָבער יהודית שוין געוואָרן אומגעדולדיק. טיף אין האַרצן האָט איר דאָך געאַרט, וואָס יענע, איר קאָנקורענטין, איז געווען צווישן די פּריווילעגירטע, וואָס זענען צוגעפּאָרן צו דער קאַסינאָ מיט פּאַראַד, בעת זי אַליין האָט נאָר געהאַט די אָרעמע פּריווילעגיע צו שטיין אין דרויסן און מאַכן פון איר שפּאַס. זי האָט גענומען טרייבן מנוחינען, זיי זאָלן זיך דורכשטופּן צווישן די געהויבענע געסט. מנוחין האָט איר אָבער דערקלערט, אַז ער האָט ניט קיין טבע פון שטופּן זיך. זיי האָבן געמוזט אָפּוואַרטן אַ היפּשע ווײַלע, ביז עס האָט זיך פּאַרענדיקט דער צופּאַר פון די קאַרעטן, און ערשט דעמאָלט זענען זיי אַרײַן אינווייניק צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פוס־גייער.

דורכגעמאַכט אין וועסטיביול די צערעמאָניע פון ווייזן די פּאַספּאָרטן און געקויפט אײַנטריטס־קאַרטעס, זענען זיי ענדלעך אַרײַנגעקומען אין די אינווייניקסטע פּאַלאַצן, אין דעם סאַמע קדשי־קדשים. נאָר דער אײַנדרוק איז דאָרט געווען ניט אַזאַ, ווי זיי האָבן זיך געקאָנט פּאָרשטעלן: גרויסע אַלטע פינצטערלעכע אַפּאַרטאַמענטן, מיט אַן אָפּגעבליאַקעוועטן גלאַנץ פון אַלטער פירשטלעכער פּראַכט, מיט אַלטמאָדישע קרישטאָלענע הענגלײַכטער, וואָס כאָטש זיי זענען פּאַרוואַנדלט געוואָרן אין מאָדערנע עלעקטרישע קאַנדעליאַבּרעס, האָבן זיי דאָך קאַרגלעך באַלויכטן די הויכע באַמאָלטע ווענט, די בראָנזירטע סופיטן, די אַלטע געגילטע זײַדענע שטולן און סאָפעס. דאָס גאַנצע ליכט איז געווען קאָנצענטרירט אין מיטל־פּונקט פון יעדן זאַל, דאָרט ווו ס'איז געשטאַנען דער מזבח פונעם קדשי־קדשים — דער גרויסער גרינער רולעטקע־טיש, באַזעצט פון אַלע זײַטן מיט אַ פּאַר־טיפּטן, עקזאַלטירטן עולם, ווי ביי אַ הייליקער עבודה, און אַרומגערינגלט פון שטייענדיקע, שטיל־שווייגנדיקע, גאַפנדיקע צושויער. אין דער טיפער שטילקייט האָבן זיך נאָר געלאָזט הערן די נידעריקע, טרוקענע, לעבלאָזע שטימען פון די כוהנים ביי דער עבודה — די „קרופּיעס", וואָס האָבן מיט מעכאַנישע באַוועגונגען און מיט אַ פּאַרגליווערטן אומבאַטייליקטן

אויסדרוק אויף די גרויע קאַלטע פּנימער געאַרבעט פּלינק מיט די לאַ־פּעטקעס אויפן פאַרביקן רולעטקע־ברעט, געלאָזט לויפן די שפּיל־באַלן און צעשאַרט די געלט־ביינדלעך אין פאַרשיידענע ריכטונגען.

דער דאָזיקער ליכטיקער צויבער־קרייז אינמיטן טונקעלן זאַל, צוזאַמען מיט די העל־באַלויכטענע, שטום־ברענענדיקע פּנימער און אויגן פון דעם פאַרגאַפטן געזעמל מענטשן, האָט אויף מנוחינען געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס אַ ניט־באַגרייפלעכער, ניט־ממשותדיקער נאַכט־זעאונג, פון עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער האָט שוין אַמאָל געזען אין אַ שווערן, דריי־קנדיקן חלום. ניט־ממשותדיק, ווי אין אַ חלום, האָבן דאָ אויסגעזען אויך די אויסטערלישע באַדינער, אויסגעטראָצלט אין סאַמעטענע פראַקלעך, אין קורצע סאַמעטענע הייזלעך און אין ווייסע זאָקן, וואָס האָבן שטיל אויפגעראַמט אַרום די שפּילער די אַנגעפּילטע אַש־בעכערס פון די רויי־כער־טישלעך, דערביי באַוועגט זיך מיט אָנגעצויגענע פאַרגליווערטע פּנימער, ווי נאַכט־גייסטער, ווי פאַרבליבענע פאַראומערטע כת־ליצנים פון אַן אַלטער, אונטערגעגאַנגענער פריילעכער וועלט.

דערפאַר האָבן די איבעריקע טיילן פון די זאַלן געהאַט שוין אַ מער רעאַלן אויסזען, געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ געוויינלעכן גרויס־שטאָטישן רייכן האָטעל, ווו עס מישן זיך אויס אַלערליי אייַנפאַרער. ביי די וועקסל־ביידלעך איז דער פּדיון געגאַנגען גאַנץ לעבעדיק. הויכע מאַ־גערע געגאָלטע ענגלענדער און נידעריקע געזעצטע פראַנצויזן מיט גע־פּוצטע בערדלעך האָבן געצויגן פון די בוזים־קעשענעס געפּאַקטע טייס־טערס, געביטן געלט אויף ביינדלעך. מע האָט דאָ געקאָנט טרעפן פאַר־שוינען, פאַרשטייער פון פאַרשיידענע לענדער און ראַסן, צווישן זיי אַ היפּש ביסל יידישע פּנימער, אויך עטלעכע רייכע נעגערס, וואָס האָבן פאַרכאַפּט דאָס אויג מיט זייערע שוואַרצע, גלאַנציקע, אויסגעשייערטע פּנימער, מיט זייערע שפּאָגל־נייע שוואַרצע טאָקסידאָס און בלענדנד־ווייסע אויסגעשניטענע מאַנישקעס. מע האָט דאָ אַפילו געזען אַן אַלטע געליימטע פּריצטע, מיט אַ וועקסענעם פּנים פון אַ בר־מינן, וועמען אַ יונגע, שיינע, בלוט־און־מילכיקע וועכטערין אין ווייסן האָט געפירט אויף אַ וועגעלע גלייך צום רולעטקע־טיש. מענטשן האָבן אומגעשפּאַצירט איבער די אַלטע טייערע טעפּיכער אין שטילער באַרוישטקייט, זיך אויסגעזעצט רוען אויף די באַקוועמע זיידענע סאָפעס און פאָטעלן, אַנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע מיט יענער שטומער נייגעריקייט פון אומבאַקאַנטע, וואָס אומבאַקאַנטערהייט

זענען זיי דאָך פּאַראייניקט צווישן זיך דורך איין ווונטש און אונטערגעוואָרפן אונטער איין מזל. איינזאַמע פּאַרדעכטיקע דאַמען, שטאַרק אָנגעפּאַרבטע און שטאַרק שמעקנדיקע, האָבן זיך געדרייט אין די זייטיקע בודוואַרן פאַר די געגילטע שפּיגלען, געמאַכט מיט די נאַקעטע פּלייצעס און אָנגעשטעלט אַ נאַאיוו־פרעגנדיקן בליק אויף יעדן אַריינגעקומענעם איינזאַמען מאַנסביל. צווישן דעם ליידיק־גייענדיקן עולם האָט מען אויך געקענט זען די פּאַרבלאָנזשעטע ארץ־ישראל־טוריסטן. דאָ האָבן זיי זיך צונויפגענומען אַלע אינאיינעם, אָפּגעהאַלטן אין אַ ווינקל אַן אַלגעמיינע פּאַרזאַמלונג, געוועזן די אייניציקע אין זאַל, וואָס האָבן גערעדט הויך, געהיצט זיך, געשלאָגן זיך מיט דער דעה — צי יאָ שפּילן, צי ניט שפּילן ?...

שפּאַצירנדיק פון איין זאַל אינעם אַנדערן, ווי אויף אַן אויסערגעוויינלעכן יאַריד, זענען מנוחין מיט יהודיתן פלוצים אָנגעגאַנגען אויף דער מיס זאַקהיים, וועלכע איז פון ערגעץ געלאָפן אַלץ מיט דעם זעלבן צעטראָגענעם שמייכלענדיקן פּנים און מיט די זעלבע צעלאָזטע פאַלעס פון איר רויטן מאַנטל. דערזעען זיי, האָט זיך יענע שטאַרק דערפרייט, אַזש אַ פּאַטש געטאָן זיך אויף די קני מיטן העברעאישן ביכל און אָפּגעגאָסן מנוחינען מיט אַ שטראָם ווערטער:

— אָ, דאָקטאָר, איר זענט אויך דאָ! אַלע קומען אַהער!... פאַרוואָס זענט איר אינדערפרי אַנטלאָפן איינער אַליין?... איך מיין, ניט איינער אַליין, נאָר מיט מיס... אַנטשולדיקט, איך האָב פאַרגעסן אייער נאָמען, — האָט זי זיך אַ קער געטאָן מיט אַ ליכטיקן שמייכל צו יהודיתן, — ס׳איז מיר זייער שווער צו געדענקען רוסישע נעמען... אַ שאָד, דאָקטאָר, וואָס איר זענט אַנטלאָפן, איך האָב אַייך דאָ באַדאַרפט האָבן... ווען איר זענט דאָ מיט מיר, וואָלט איר מיך זיכער ניט געלאָזט שפּילן... איך האָב שוין פאַרשפּילט הונדערט פופציק דאָלער...

— צו וואָס באַדאַרפט איר שפּילן? — האָט איר מנוחין איבערגעשלאָגן מיט אַן ערנסטער מינע. — עס פעלט אַייך דען אויס געלט ביי אייער פאָטער?

מיס זאַקהיים האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרזשמורעטע שמייכלענדיקע אויגן.

— איר זענט אַ מאָדנער מענטש, דאָקטאָר, באמת!... איר מיינט, איך האָב געשפּילט פאַר זיך אַליין? איך האָב געשפּילט פאַרן בענעפיס פון אונדזערע בראַווע חלוצים!... איך האָב זיי געוואָלט ברענגען אין עמק

יזרעאל כאַטש אַ האַלבן מיליאָן פראַנק, אויסבויען זיי אַ האָספּיטאַל, צי אַ דזשימנעזיום, צי אַ מוזעאום...

— ווען איר ברענגט די חלוצים געלט פון אַזאַ אומריינעם קוואַל, — האָט מנוחין זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל, — וואָלטן זיי אייך דורכגעטריבן.

— אָ, איר מיינט אַזוי?... דאָס האָב איך גאָר פון זינען אַרויסגע־לאָזט!... זיי זענען וווּנדערבאַרע לייט, די חלוצים!... איז טאַקע גוט, וואָס איך האָב פאַרשפּילט!... וווּהין גייט איר דאָ?

— אָט וועט זי זיך שוין צוקלעפּן צו אונדז! — האָט יהודית אַ זאָג געטאָן צו מנוחינען אויף רוסיש אומצופרידן.

— וואָס זאָגט די לעדי? איך פאַרשטיי ניט קיין איין וואָרט רוסיש!...

— איך זאָג, — האָט יהודית זיך געפּרוּווט רעדן צו איר ענגליש, — אַז אײַער רויטער מאַנטל גייט אייך זייער צום ווייסן מילכיקן פּנים...

—אָ, איר מיינט אַזוי? איך האָב דאָס גאָרניט באַמערקט... גוט, איך וועל דערוויִיל גיין אָנשרייבן עטלעכע פּאָסט־קאַרטלעך קיין ניו־יאָרק... אַ וווּנדערבאַרע רייזע!...

און מיס זאַקהיים האָט זיך אויסגעדרייט און זיך געלאָזט ערגעץ גיין מיט אירע גיכע, צעטראָגענע טריט.

— איר זענט טאַקע באמת אַ שלעכטע! — האָט מנוחין זיך אָנגע־רופן צו יהודיתן ווי מיט פאַרוואורף.

— געוויס בין איך אַ שלעכטע! — האָט יהודית געזאָגט בייזלעך. — איר וועט דאָס נאָך ערשט זען... נו, איצט וועל איך גיין שפּילן אויף דער רולעטקע. איך וועל דאָך ניט שפּילן פאַרן בענעפיס פון אונדזערע בראַווע חלוצים, נאָר פאַר זיך אַליין — וועל איך אפשר געווינען...

צוגעקומען אינעם הויפּט־זאַל צום רולעטקע־טיש, האָט מנוחין דאָרט דערזען עפּעס, וואָס האָט אים שטאַרק פאַרחידושט: צווישן די שפּילער, האַרט ביים טיש, איבער אַ היפּשן בערגל מיטביינדלעך, איז געזעסן אין אַ פעסטער פּאָזע ניט קיין אַנדערער, נאָר עמוסעס פאָטער, מיסטער דוב־ראָוו, און הינטער אים זענען געשטאַנען, ווי משגיחים, עטלעכע פון די שיף־טוריסטן מיט פאַרפלאָמטע פּנימער. דערזען מנוחינען, האָט איינער פון זיי אים אָפּגעטראָטן זיין פּלאַץ מיט גרויס דרך־ארץ און אים שטיל אַ זאָג געטאָן:

— איר זעט? אונדזער שיף האָט מזל... ער האַלט אין איין געווינען. שוין געוווּנען אפשר צוואַנציק טויזנט פראַנק!...

מיסטער דובראָוו האָט געכאַפּט הינטערווײַלעכס אַ קוק אויף מנוחינען מיט אַ פעסטן גלאַנץ אין די גרויע שטאָלענע אויגן, און ווי אַ מענטש אַ פאַרנומענער, איז ער אָנגעגאַנגען ווייטער מיט זײַן אַרבעט: מיט אַ לײַכטער, שוין געניטער האַנט האָט ער אַ רוק געטאָן פון זײַן בערגל עטלעכע בײַנדלעך, און מיט אַ געלאַסענעם, געשעפט־מעסיקן טאָן אויסגערופן, אַפּנים פון זיכערקייט וועגן, אויף צוויי שפּראַכן, אויף ענגליש און פראַנצויזיש:

— רעד — רוזש!

און איידער מע האָט צײַט געהאַט זיך אומקוקן, האָט אים דער קרופּיע צוגעשאַרט מיט דער לאָפּעטקע אַ געווינס. אַזוי איין מאָל, און אַ צווייטן מאָל, און אַ דריטן מאָל. דאָס מערקווירדיקע דערבײַ איז געווען, וואָס טאָמער האָבן אַנדערע שפּילער אויך געוואָלט גיין מיט אים און אויך געשטעלט אויף רויט — האָט רויט פאַרלאָרן. ער איז געווען דער איינציקער ביים טיש, וואָס האָט אין דער טיפער שטילקייט הויך געלאָזט הערן זײַן „רעד — רוזש", אַזוי אַז אייניקע אָבערגלויבערישע שפּילער האָבן געמיינט, אַז דאָס איז בײַ אים אַ מין מזלדיקער שפּרוך. זיי וואָלטן אים זיכער נאָכגעטאָן, ווען זיי שעמען זיך ניט. אייניקע פון זיי האָבן אויף אים געקוקט פרעמדלעך־בייז, ווי אויף אַ קוריאָזער אָנשיקעניש. נאָר עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אים צוגעוואָרפן אַ גוטמוטיקן שמייכל — לאָז אַן אָרעמער מענטש אויך האָבן אַ חיי־שעה!...

נאָר אָט האָט זיך דאָס רעדל פּלוצים אַ דריי געטאָן אויף צוריק. דער שיף־ברודער, וואָס איז געשטאַנען פון הינטן מיט מנוחינען, האָט זיך אָנגעבויגן צו מיסטער דובראָוון און פון טשיקאַוועס וועגן אַ זאָג געטאָן צו אים:

— עס וואָלט אינטערעסאַנט געווען, איר זאָלט כאָטש איין מאָל פּרווון אויף שוואַרץ.

— שוואַרץ? פע! מײַן פאַרב איז די ראַדיקאַלע רויטע פאַרב!... — האָט מיסטער דובראָוו געענטפערט האָפערדיק, דערבײַ אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מנוחינען און אַ בליץ געטאָן אויף אים מיט זײַנע גרויע שמייכלענדיקע אויגן, און גלייך ווידער אַ נעם געטאָן עטלעכע בײַנדלעך און אויסגערופן:

— רעד — רוזש!...

און פּונקט ווי אויף צו להכעיס, האָט ער איצטיקס מאָל דווקא פאַר־

שפּילט. מיסטער דובראָוו איז דערפון אָבער ניט נתפעל געוואָרן. ער האָט גענומען פון זיין בערגל אַ טאָפּעלע צאָל ביינדלעך און פּעסט אַרויס־געריט:

— רעד — רווש!...

און ווידער פאַרשפּילט. וויבאַלד אַזוי, האָט ער אַ נעם געטאָן אין הויפן שוין גאָר אַ היפּשע צאָל ביינדלעך און געהעכערט דאָס קול:

— רעד — רווש!...

ס׳איז אים שוין אָבער ניט געגאַנגען — ער האָט ווידער פאַרשפּילט.

— יהודי בלא! — האָט צו אים דער שיף־ברודער שטיל אַ זאָג געטאָן האַלב אויף לשון־קודש. — נעמט צונויף דאָס ביסל ממתקים און טראָגט זיך אָפּ מיט די ביינער, וואָרים איר ווערט דאָ אַ נשרף!...

— אָלראַיט, ליוו איט טו מי! — האָט אים מיסטער דובראָוו אָפּגע־ענטפערט דווקא אויף ענגליש, אַ נעם געטאָן ווידער אַ הויפן ביינדלעך און נאָך העכער אויסגערופן:

— רעד — רווש!...

אין פאַרלויף פון עטלעכע מינוט איז פון מיסטער דובראָווס בערגל ניט געבליבן קיין זכר. ער איז אָבער דערפון ניט נתפעל געוואָרן. ער האָט זיך אַנגעבויגן בידעריק צום טיש, אַ שטאַרקן בלאָז געטאָן אויפן אָפּגע־רייניקטן אָרט, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ גלאַנץ געטאָן צו מנוחינען מיט זיינע גרויע שמייכלענדיקע אויגן, אויפגעשטאַנען, שטייף פאַרצויגן אויף זיך דעם פּאַסיק פון די הויזן און געזאָגט:

— אָלראַיט, געפּטרט אַן עסק!... עס האָט מיך געקאָסט אַ פינף־און־צוואַנציקער — ס׳איז אָבער ווערט געווען!...

און זיך געלאָזט גיין טיף אין זאַל אַריין מיט פעסטע טריט פון אַ פעס־טן, ברייט־פּלייצעדיקן, ענערגישן פאַרשוין, וואָס פאַלט ביי זיך קיינמאָל ניט אַראָפּ.

— איצט שפּיל איך! — האָט יהודית זיך אַנגערופן צו מנוחינען און זיך גלייך געזעצט אויף מיסטער דובראָווס פּלאַץ. — ס׳איז אַזוי אינטע־רעסאַנט!...

זי איז געווען שטאַרק פאַרפלאַמט, ווי זי וואָלט זיך געגרייט צו אַ זעל־טענער איבערלעבונג. זי האָט אַרויסגענומען פון איר האַנט־טאַש דעם קליינעם זילבערנעם פּאָרטסיגאַר און אַ פּעקעלע צונויפגעוויקלטע דאָלערס. פאַרויכערט אַ סיגאַרעט און שטאַרק פאַרצויגן דעם רויך, האָט זי אַ שאַר

געטאָן פון זיך צום רולעטקע־ברעט עטלעכע געלט־פּאַפּירלעך און האַלב־ערנסט, האַלב־שפּאַסיק אויסגערופן:

— רעד — רווש!...

די שפּילער ביים טיש, וואָס האָבן מיט אַ באַזונדערן אינטערעס אָנגעקוקט די נייע שיינע פּאַרטנערין, האָבן אויפגעכאַפּט איר וויץ און זיך צעלאַכט. ניט געלאַכט האָבן נאָר די טויט־ערנסטע פאַרגליווערטע קרופּיעס. יענע האָבן אין איין אויגנבליק, אָן דער מינדסטער אויפמערקזאַמקייט, ערגעץ פאַרשאַרט מיט זייערע לאָפּעטקעס יהודיתעס עטלעכע דאָלער און צוריק גאָרנישט ניט געגעבן. און אַזוי איז עס געגאַנגען כסדר, איין קאָן נאָכן אַנדערן, עפּעס מאָדנע גיך, אַזוי אַז איידער יהודית האָט נאָך צייט געהאַט אויסצורויכערן איר סיגאַרעט, איז זי געבליבן זיצן ביים טיש מיט ליידיקן, אָן קיין שום איבערלעבונג.

— שוין? — האָט זי געזאָגט צו מנוחינען מיט אַ פאַרלעגענעם שמייכל.

— שוין! — האָט מנוחין געענטפערט. — מיר קאָנען שוין גיין!

— אַזוי גיך גיין? ניין, איצט וועט איר פּרוּוון אײַער מזל!

— איך וועל מיין מזל ניט פּרוּוון! — האָט מנוחין שטיל און פעסט אָפּגעהאַקט.

— דאָקטאָר, טוט מיר אַ טובה! — האָט יהודית זיך גענומען בעטן ביי אים. — איר ווייסט וואָס? גיט מיר עטלעכע דאָלער, וועל איך שפּילן פאַר אײַך. דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז איר וועט זיכער געווינען... טוט עס מיר, ליבינקער, טייערער מיינער!...

מנוחין האָט זיך מיט אַ מאָל ליכטיק צעשמייכלט, אַרויסגענומען עטלעכע דאָלער־פּאַפּירלעך און אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

— מאַכט עס אָבער גיך! שטעלט עס פאַר איין מאָל!

— גאָט באַהיט! — האָט יהודית געזאָגט. — איצט וועל איך שוין זיין פאָרזיכטיק...

זי האָט אַוועקגעשטעלט איין דאָלער בלינד, אויף דער ערשטער ציפער, וואָס איז איר געקומען אויפן אויג, און צו איר גרויסער איבעררעשונג האָט זי גיך דערפון באַקומען צוגעשאַרט אַ הויפן מיט ביינדלעך.

— נו? — האָט זי אויסגעדרייט צו מנוחינען אַ גליקלעך אויפגעשיינט פּנים — וואָס האָב איך אײַך געזאָגט?...

זי האָט ווידער געשטעלט בלינד און ווידער געוווּנען. עס האָט איר

אַנגעהויבן גיין נאָכאַנאַנד, אַזוי אַז אין אַ קורצער צייט איז ביי איר אויסגעוואַקסן אַ היפּש בערגל מיטביינדלעך. זי האָט געראויכערט איין סיגאַרעט נאָכן אַנדערן, די באַקן האָבן ביי איר געברענט און די פּאַר־נעבלטע אויגן זענען נאָך טיפער פאַרנעבלט געוואָרן. מנוחין איז געשטאַנען הינטער איר מיט אַ פאַרווירטן שמייכל.

— אָרעמער דאָקטאָר מנוחין, — האָט זי צו אים געזאָגט ווי מיט צערטלעכן באַדויערן, — עס גייט אײַך מסתמא זייער ניט אין ליבע!...

דאָ האָט מנוחין זיך פלוצים אָנגעבויגן צו איר נאָענט, אַזוי נאָענט, אַז זיינע ליפּן האָבן באַרירט איר שיין־געשניצט פלאַמענדיק אויער.

— נעמט דאָס אַלץ — האָט ער איר געזאָגט מאָדנע שטיל, נאָר פעסט — און שטעלט דאָס אַוועק אין איין קאָן!

— וואָס הייסט? — האָט אים יהודית אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— שטעלט דאָס אַלץ אַוועק! אַזוי וויל איך! — האָט מנוחין געזאָגט ווי באַפעלעריש.

אַ צעמישטע פון מנוחינס נייעם טאָן, האָט יהודית ניט־ווילנדיק אים געפאָלגט, אָנגענומען מיט ביידע הענט די קופּקעס געוואונענע ביינד־לעך און זיי אָפּגעשאַרט פון זיך צום שפּיל־ברעט. די קרופּיעס האָבן אַ יאָג געטאָן די באַלן, און אינעם צווייטן מאָמענט איז מנוחינס גאַנצער געווינס ערגעץ בעלם געוואָרן אונטער זייערע לאָפּעטקעס.

— אוי! — האָט זיך ביי יהודיתן אַרויסגעריסן אַ טיפער זיפץ. — וואָס האָט איר געטאָן?...

— גוט אַזוי! — האָט מנוחין געזאָגט ווי טריאומפירנדיק, און באַלד צוגעגעבן מיט אַ שמייכל אויף יידיש: — געפּטרט אַן עסק!...

ער האָט זי אָנגענומען פעסט אונטערן אָרעם און מיט אַ באַזונדער נייער קראַפט, וואָס ער אַליין האָט אין זיך ניט פאַרדעכטיקט, זי אויפ־געהויבן פונעם שטול.

— קומט! — האָט ער געזאָגט. — קומט אַוועק פון דעם דאָזיקן מיאוסן אָרט!

אַרויסגעגאַנגען פון דער קאַסינאָ אין דער פרישער קילער נאַכט און שטיין געבליבן אַ ווײַלע אין דער העלער שטילקייט פון דעם באַלויכ־טענעם סקוועער, האָט יהודית אַ פרעג געטאָן:

— וווהין־זשע גייען מיר?

— לאָמיר אַ ביסל שפּאַצירן אין פּאַרק, אָפּפרישן זיך נאָך דער שלעכ־טער לופט פון דער רולעטקע.

ער האָט זי ווידער גענומען אונטערן אָרעם, און יהודית האָט ערשט דאָ, נאָכן טשאַד פונעם שפּיל, קלאָר דערפילט די הייסע אָנגרייפנדיקע קראַפט פון זיין שטאַרקער מענערשער האַנט, וואָס איז געווען פאַר איר אַ גרויסער חידוש, אַ פריידיקער אָנזאָג אויף עפּעס נייעס. זיי זענען אַריין אין פּאַרק, זיך דורכגעשפּאַצירט עטלעכע מאָל אין די פינצטערע אַלייעס, ניט אויסרעדנדיק קיין וואָרט. דערנאָך האָט יהודית פּאַמעלעך אַרויסגעצויגן איר אָרעם פון זיין האַנט, אָפּגעטראָטן צו אַ באַנק און זיך אַוועקגעזעצט. מנוחין איז איר נאָכגעגאַנגען שטום און איז געבליבן שטיין פאַר איר טיף פאַרטראַכט.

— נו? וואָס שטייט איר און טראַכט, דאָקטאָר? — האָט צו אים יהודית אַ זאָג געטאָן ווי אין אַ לייכטער איראָניע — איר מעגט זיך זעצן אָט דאָ לעבן מיר...

מנוחין האָט זיך אַוועקגעזעצט און גענומען איר האַנט אין זיינע.

— יהודית, — האָט ער זי געפרעגט שטיל, אַ ביסל הייזעריקלעך, — וואָס האָט איר געמיינט דערמיט, אַז מיר גייט ניט אין ליבע? איר האָט פון מיר געלאַכט?...

— געלאַכט? זאָל גאָט היטן!... — האָט יהודית אַרויסגערעדט אויך שטיל און איז אַ ווײַלע געבליבן זיצן אומבאַוועגלעך. און פּלוצים האָט זי אַרויפגעלייגט איר וואַרעמע האַנט אויף זיין נאַקן און שטאַרק אַ ציִ געטאָן זיין קאָפּ צו זיך.

— אוי, וואָס פאַר אַן ערנסטער מענטש איר זענט!...

אַ באַרוישטער פון אומגעריכטן גליק און פון דעם צאַרטן זיסן ריח, וואָס האָט צו אים אַ שלאָג געטאָן אַזוי נאָענט פון איר שטאַרקער און צאַרטער באַרירונג, האָט ער אין דעם דאָזיקן זעלטענעם מאָמענט דאָך צייט געהאַט אַ טראַכט צו טאָן פאַר זיך מיט אַ ניכטערן שמייכל:

„נו, געפּטרט אַן עסק... דו וועסט שוין אין ארץ־ישראל מיט קיין חלוצה ניט חתונה האָבן”...

קאַפּיטל פופצן

# אויף דער וואָר און אין חלום

די לעצטע עטלעכע סטאַנציעס ביי די ברעגן פון איטאַליע און גריכנ־לאַנד, וואָס די טוריסטן האָבן דורכגעמאַכט איידער די שיף איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, זענען פאַר מנוחינען פאַרבייגעשוווּמען אומבאַמערקט, ווי אין אַ נעבל. טעג און נעכט זענען איצט פאַרשלונגען געוואָרן פון בייע, אומגעפּרוווטע, פאַרכאַפּנדיקע איבערלעבונגען, וואָס האָבן אים געבראַכט אי דאָס געפיל פון העכסטן גליק, אי מאָמענטן פון שווערע איבערטראַכ־טונגען און פיינלעכע ספקות. זיינע אָפטע באַגעגענישן מיט יהודיתן, דאָס נייע אינטימע ליכט, וואָס איר פּנים האָט אַצינד אויסגעשטראַלט פאַר אים, איר צוטרוילעכע באַרוישנדיקע נאָענטקייט, וואָס האָט אים צוגעזאָגט די טיפסטע פרייד פון לעבן — דאָס אַלץ האָט זיך פאַר אים צונויפגעגאָסן אין איין אומגעריכטן, פאַרשפּעטיקטן יום־טוב, וואָס האָט אויף אים אַ הויך געטאָן מיט דער גלעטנדיקער וואַרעמקייט און מיט די צאַרטע אַראָמאַטן פון זעלטענע פאַרשפּעטיקטע זומער־טעג אין אָנהייב האַרבסט. נאָר אַז ער איז געבליבן מיט זיך אַליין, דערהויפּט דורך שלאָפלאָזע נעכט אין זיין איינצלנער קאַבינע, איז אים באַפאַלן אַ דריקנדיקער אומעט, ווי נאָך עפּעס טייערעס, וואָס ער האָט פלוצים פאַרלאָרן — אַן אומעט, וואָס איז זיך צעוואַקסן אין אַ שווערן שטומען פּחד פאַר די קומענדיקע טעג.

אין אַזעלכע נעכט האָט אים באַנג געטאָן, וואָס ער האָט אַזוי לייכט צעשטערט זיין שטילע, פאַרטיפטע איינזאַמקייט, פון וועלכער ער האָט אַרויסגעקוקט אין משך פון זיינע בעסטע יאָרן אויף ברייטע פרייע וועגן, אַלץ געוואַרט אויף דאָס סאַמע וויכטיקע, וואָס וועט אים ענדלעך דערהייבן. ער האָט זיך אַצינד געפרעגט, צי וועט אים זיין איבערגעע־איילטער שריט ניט אַראָפּפירן אין דער נידער, צו אַ געוויינלעכער פּוסטער און טומלדיקער „מאָדערנער" עקזיסטענץ, ווו נאַרישע קלייניקייטן פאַר־שרייען דעם עיקר? אָדער אפשר וועט עס אים נאָך פאַרקלעמען אין אַן ענגער וויסטער קלעם, פון וואַנען קיין אויסגאַנג וועט שוין נישט זיין?...
ער האָט איראָניזירט איבער זיך אַליין: ער איז דאָך, דאַכט זיך, געפאָרן

קיין ארץ־ישראל מיט דער הויפּט־כוונה דאָרט פונדאַסניי צו פאַרפלאַנצן זיין אויסגעוואָרצלט פאַרטריקנט לעבן, חתונה האָבן מיט אַ שטילער ערלעכער טאָכטער פון זיין פאָלק, אויפשטעלן נאָך זיך אַ גוטן ערלעכן דור — און לסוף האָט ער שוין אויף דער שיף זיך פאַרליבט, ווי אַ יינגל, אין דער ערשטער יונגער פרוי, וואָס האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן מיט געפאַרבטע ליפּן, און דווקא אין אַזעלכער, וואָס איז מאָדערן איבערגע־שפּיצט, וואָס האָט אַזוי ווייניק שייכות מיט זיין דורכגעטראַכטן און דורכ־געווייטאָגטן געדאַנק, וואָס ער ווייסט אַפילו ניט רעכט, ווער זי איז און וואָס פאַר אַ פאַרגאַנגענהייט זי האָט הינטער זיך. אַז יהודית איז ניט קיין נאַאיוו אומדערפאַרן קינד, וואָס האָט פאַר אים אָפּגעהיט אַ יונג אומ־באַרירט לעבן — אין דעם האָט ער זיך ניט געלאָזט נאַרן. ער האָט נאָר געגלייבט אין איר ערלעכער בראַווער נאַטור, אַז אויב ער וועט זי פרעגן וועגן איר פאַרגאַנגענהייט, וועט זי פון אים קיין זאַך ניט באַהאַלטן. אַדרבה, לויט איר נייגונג צו שאַרפן איראָנישן אויסדרוק, וועט זי עס געוויס אַרויס־שטעלן אין איבערגעטריבענעם שלעכטן ליכט. ער האָט אָבער אויך געוווסט, אַז ער וועט מיט איר פון אַזעלכע זאַכן קיינמאָל ניט רעדן, ניט אַזוי מחמת שעמעוודיקייט, ווי אויס מורא פאַר וועלכער־עס־איז אַנטפּלעקונג.

די דאָזיקע ספקות אין דער איינזאַמקייט פון די נעכט, וואָס נאָך די ליכטיקע טעג האָבן זיי זיך אָנגערוקט אויף זיין געמיט, ווי שווערע פינצ־טערע כמאַרעס, האָבן אים געבראַכט דערצו, ער זאָל האַלטן אין צאַם זיינע צערטלעכע אויסדרוקן צו יהודיתן. מיט אַזעלכע אָפּגעזונדערטע גע־דאַנקען האָט ער זיך געפילט שטאַרק שולדיק קעגן איר, ניט באַרעכטיקט אויף איר יונג־פרויאישן צוטרוי און צוגעלאָזטקייט. אויסער דעם, האָט דאָ נאָך צוגעשפּילט אַ זייטיקער מאָטיוו: דער אַלטער גאַרדאַן, יהודיתעס פאָטער, וואָס האָט זיך מסתמא אָנגעשטויסן, אַז עפּעס ערנסטעס איז פאָר־געקומען צווישן זיין טאָכטער מיטן אַמעריקאַנער דאָקטאָר, האָט דווקא איצט אויסגעקוקט צעטראָגן, ווי שטיל פאַרזאָרגט, אַזוי אַז מנוחין האָט שוין געטראַכט, צי איז ער מיט אים ניט צופרידן? לכתחילה האָט ער געהאַט בדעה אַריינגיין צו אים אין קאַבינע און די זאַך אָפּן דערקלערן. ער האָט זיך אָבער באַטראַכט, אַז אַזאַ פייערלעכע דערקלערונג מאַכט מען ניט אויף אַ וואַקלדיקער שיף, אינמיטן אַ פרעמדן טומל פון שיף־פּאַסאַ־זשירן. ער האָט דאָס אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, ווען זיי וועלן זיין אויף פעסטן באָדן אין ארץ־ישראל. דערווייל האָט דאָס נאָך מער געצאַמט זיין

נאָענטקייט צו יהודיתן, צו ווען ער האָט זיך גלייך אָנגעהויבן באַציִען, ווי צו זיין צוקינפטיקער פרוי, מיטן גאַנצן געלייטערטן ערנסט פון דער אַלטער יידישער טראַדיציע, וועלכע ער אַליין האָט נאָך מער פאַרטיפט מיט באַזונדערע מיסטישע כוונות. יהודית האָט זיך דערפון געפילט מאָדנע פאַרווירט, כמעט באַליידיקט. זי איז געזעסן ביי אים אין דער קאַבינע צוגעטוליעט צו זיין קרעפטיקן אָרעם, ווי אַ קינד, ווי קלענער געוואָרן אין וווקס, איינגעאָטעמט די ציכטיקע פרישקייט פון זיין שיינעם, נאָך יונגן קאָפּ, דעם ריח פון זיינע מאַנסבילשע קליידער, אויסגעהערט זיינע קלוגע צערטלעכע רייד, וואָס האָבן געוועקט ביי איר דעם טיפסטן גלויבן, און אַליין כמעט גאָרניט גערעדט. זי האָט נאָר שטיל געגלעט זיין שיינע שטאַרקע ווייסע האַנט, וואָס האָט צוגעזאָגט אַזויפיל גליק, געוואַרט אויף עפּעס — און זיך ניט דערוואַרט. אַרויסגעגאַנגען פון אים איז זי מיט אַ מאָדנעם קרומלעכן שמייכל אין די פאַרנעבלטע אויגן. זי האָט דערביי געטראַכט: וואָס פאַר אַ זעלטענעם פאַרשוין דער צופאַל האָט איר באַשערט! שיין און שטאַרק און קלוג, ווי דער בעסטער פון אַלע מענער, נאָר שעמעוודיק און אומדערפאַרן, ווי אַ שול־ייִנגל.

אין איינער פון די לעצטע נעכט פאַרן אָנקומען קיין ארץ־ישראל, נאָכדעם ווי יהודית איז פון אים אַוועק אַן אומבאַפרידיקטע, האָט מנוחין זיך לאַנג געוואַלגערט אויף זיין געלעגער און ניט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן. די שיף איז אייליק געלאָפן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, אַלץ נעענטער און נעענטער צום ציל, און פון דער דאָזיקער אייליקייט איז מנוחינען געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער אויפן האַרצן. ער האָט זיך אַלץ געוואָלט פאַרשטעלן, וואָס עס דערוואַרט אים דאָרט ביי זיין קומען, אין זיין נייער פאַרפלאָנטעטער לאַגע — צי וועט דאָס זיין אַן אָנהייב פון עפּעס נייעם, צי וועט שוין קומען דער סוף? זיין מידער געדאַנק האָט געבלאָנזעט אין דער צוקונפט, ווי אין אַ פינצטערן כאַאָס. ענדלעך, שוין אַרום פאַרטאָג, איז ער אַנדרעמלט געוואָרן, אַריינגעפאַלן אין פאַרגעסנקייט, און עס האָט זיך אים געחלומט אַ שווערער פאַרדרייטער חלום, וואָס ער האָט דערנאָך לאַנג ניט געקאָנט פאַרגעסן.

אָנגעהויבן האָט זיך דער חלום, ווי אַ פאָרזעצונג פון דער וואָר. ס'איז נאָר אויף אַ ווײַלע אַרום אים געוואָרן פינצטער — און אָט איז שוין די אייליקע שיף געקומען צום ציל, אַרויפגעפאָרן מיט אַ קנאַק גלייך אויף די ליכטיקע הייסע זאַמדן פון דער שטאָט תל־אביב. ער זיצט ביי זיך

אין קאַבינע, צו זיין גרויסן חידוש, ניט מיט יהודיתן, נאָר מיט דער מילכיקער מיס זאַקהיים. זי טוליעט זיך צו זיין אַקסל, קיצלט אים דעם האַלדז מיט איר געקרויזטן קאָפּ, נאָר ער פילט צו איר ניט קיין שום יצר־הרע — ער איז פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש: ער האַלט אויפן שויס איר העברעאיש ביכל און זוכט אין דעם עפּעס אַזעלכעס, וואָס עס גייט אים אין לעבן. עס שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז ס'איז ניט קיין ביכל, נאָר אַ גרויסע אַלטע גמרא, די מסכתא „כתובות", מיט אַ געצאַצקעטן קעסטעלע אויפן ערשטן בלאַט, ווו עס ליכטיקט זיך מיט גרויסע אותיות דאָס וואָרט „בתולה". די בתולה הייבט זיך אָן אין דעם קעסטעלע צו באַוועגן און שיינט־אַרויס אינעם געשטאַלט פון אַ וווּנדער־שיינער יונגפרוי, אַ בת־מלכה אין אַ קרוין, אונטער אַ לייכטן שלייער — די, נאָך וועמען זיין האַרץ גייט־אויס דאָס גאַנצע לעבן. זאָל דאָס זיין די געשטאַלט פון „נצח ישראל"?... „ענדלעך געפונען!" זאָגט ער צו דער מילכיקער זאַקהיים, נעמט זי אונטערן אָרעם, צו דערצאָרענען יהודיתן, און גייט אַרויס צו די בראַווע חלוצים, אַנזאָגן זיי די בשורה פון משיחן. אויפן בריקל, ביים אַראָפּגיין פון דער שיף, שטייט יהודית מיטן שיף־אָפיצער,ביידע האַלטן זיך ביי די הענט ווי געליבטע און פאַרשטעלן אים דעם וועג. „מיר וועלן אָנווענדן דיפּלאָמאַטיע!" זאָגט ער אין טיפן צאָרן, בייגט זיך איין פלינק, ווי אַן אַקראָבאַט, גליטשט זיך דורך אונטער די הענט פון יהודיתן מיט איר גויִשן געליבטן, שפּרינגט אַראָפּ אויפן תל־אביבער זאַמד, העלפט אַראָפּשפּרינגען עמוסן מיט שולמיתן, ציט אויס די הענט און נעמט אַראָפּ פון שיף אויך זיין שוועסטערס זון, דעם הייליקן קרבן, וואָס איז לייכט ווי די נשמה פון אַ פאָטאָגראַפישן בילד און שיין ווי אַ מלאך. „קראַסאַווטשיק! — זאָגט ער צו אים. — דו ביסט מיין געשטאַלט און מיין טרויעריקער וועגווייזער!" און ער דריקט אים צום האַרצן אין טיפער צערטלעכקייט, לייגט אים אַריין אין בוזים־קעשענע, און ער פילט, ווי פון דעם וואָרט „קראַסאַווטשיק" איז אים דאָס האַרץ געוואָרן מאָדנע שווער, פאַרקלעמט אונטער אַ גרויסן אומגליק, וואָס האָט קיין אויסדרוק ניט. ער דרייט־אויס דעם קאָפּ — יהודית שטייט נאָך אַלץ אויפן בריקל מיט אַ פרעמדן שמייכל, האַלט זיך ביי די הענט מיט איר גויִשן געליבטן. „אָט אַזאַ איז זי, — טראַכט ער פאַר זיך ביטער, — אָט דאָס איז איר פאַרגאַנגענהייט, מיט וועלכער זי פאַרשטעלט מיר דעם וועג צום לעבן". ער וויל לויפן פון איר, אָנזאָגן די בשורה פון משיחן, נאָר די בשורה

ווערט פאַרטונקלט אין זיין מוח, ער קאָן זי ניט באַגרייפן, ער האָט ניט פאַר איר ניט קיין געדאַנק, ניט קיין ווערטער. ער עפנט אויף מיט זאַק־היימס ביכל — שטייט אָבער די שיף ביים ברעג, וואַרפט פונעם קוימען אַ געדיכטן רויך, וואָס מאַכט אים פינצטער אין די אויגן. אין דער פינצטער לויפן מחנות חלוצים, איין מחנה נאָך דער אַנדערער. ער זעט נאָר זייערע פליענדיקע שאָטנס און הערט נאָר דאָס טופען פון זייערע פיס. ער וויל לויפן מיט זיי, נאָר דורכן געדיכטן רויך זעט ער ניט די וועלט. „וואַרט, שרייט ער צו זיי, איך האָב אַייך געבראַכט די בשורה!" ענטפערן זיי אים פון דער פינצטער: „מיר האָבן קיין צייט ניט, מיר ראַטעווען זיך פון דער אומרייניער רולעטקע!"... און אָט זענען די חלוצים שוין פאַרשווונדן געוואָרן, און ער שטייט איינער אַליין ביים ברעג ים פון דער וווּנדער־שיינער שטאָט תל־אביב. אין די שטילע הייסע זאַמדן דערזעט ער יהודיתן — זי וואַלגערט זיך אַ נאַקעטע, מיט איר בלענדנדיקער יונגפרוי־אישער פּראַכט. זי פאַרשעמט זיך פאַר אים, פאַר זיינע אָפענע, דרייסטע בליקן, כאַפּט אויף זיך אַרויף אַ זיידענעם שלייער, שמייכלט צו אים אין דער געשטאַלט פון דער בתולה, וואָס אין דער גמרא כתובות. ער שטייט באַצויבערט פון איר נאַקעטער שיינקייט, וואָס זעט זיך קלאָר אַרויס פון דעם דינעם שלייער, און זיין האַרץ ווערט איבערגעפילט מיט אויסדרוקס־לאָזער ליבשאַפט צו איר. ער נעמט זי אַרום, דריקט זי צו זיך, פילט מיט אַלע חושים די געטלעכע גלאַטקייט פון אירע יונגע איברים, טרינקט דעם ריח פון איר יונגן לייב, וואָס איז ווי דער ריח פון גן־עדן. „דזשעסיקאַ, — זאָגט ער צו איר אין טיפן טרויער און פון די אויגן גיסן זיך אים טרערן, — איך בין זייער איינזאַם אויף דער וועלט, אָן דיר וועל איך פאַרלאָרן גיין, אחותי כלה, מיין שוועסטער דו כלה!"... און צו זיין גרויסן וווּנדער, דערפילט ער אין זיינע אָרעמס ניט יהודיתן נאָר זיין לייבלעכע שוועסטער, נאָך אַ יונגע, אַ שלאַנקע, אַ צאַרטע, אין ווייסן שבתדיקן שפּיצן־קלייד. זי טוליעט זיך צו אים, ווי אַ יתומהלע, און זאָגט צו אים מאָדנע שטיל: „סראָליקל, קום זאָגן קדיש נאָכן טאַטן און נאָך מיין הייליקן זון — זיי טראָגן דאָך איין נאָמען"... עס טוט אים אַ קלאַפּ אין האַרצן: אָט פון וואַנען עס שטאַמט זיין אומגליק — ער האָט אַזוי לאַנג ניט געזאָגט קיין קדיש נאָכן טאַטן, ער האָט שוין אפילו פאַרגעסן, ווי אַזוי מע זאָגט קדיש!... ער פּייניקט זיך אין גרויסע יסורים, וויל זיך דערמאָנען דעם קדיש, און קאָן ניט — דער מוח איז אים פאַרטונקלט. ער קומט אַריין

אין אַ פינצטערלעכער הייל פון דער מוטער רחלס קבר, טרעפט דאָרט אָן אַ שיעור אַלטע יידן אין טליתים, וואָס שאָקלען זיך און דאַוונען, ווי ביימער אין אַ וואַלד בשעת אַ שטורעם. די שוועסטער פאַלט־צו צום שטיין, קלאַפּט אין אים מיטן קאָפּ און יאָמערט: „מאַמע מיינע טייערע!"... עס נעמט אים אָן ביים האַרצן, ער שטעלט זיך אַוועק מיט איר צוזאַמען און וויינט ביטער, ווי אין די קינדערשע יאָרן, וויינט און פילט, ווי עס פּלייצן אים די געזאַלצענע טרערן אין מויל אַריין. נאָר די אַלטע יידן קוקן צו אים מאָדנע פאַרוווּנדערט און הייבן אָן צו נוקען: „נו־נו, אָן אַ היטל, אין אַ מקום קדוש, אין גן־עדן!"... ער כאַפּט זיך ביים קאָפּ אַ דערשראָקענער — ער האָט פאַרגעסן דאָס היטל אין קאַבינע! וואָס־זשע טוט מען? ער איז אַ פאַרפאַלענער, ער האָט פאַרזינדיקט עולם הבא!... ער וויל גיין נעמען דאָס היטל, רופט זיך אָפּ זיין פאָטער פון צווישן דעם עולם: „לאָזט אים, ער איז אַ דאָקטאָר!"... ער גייט־צו צום פאָטער, דערזעט אים, ווי ער ליגט אַ קראַנקער אין בעט, נאָר דאָס פּנים איז ביי אים ענלעך אויפן פּנים פונעם אַלטן גאַרדאָן. ער לייגט צו דאָס אויער צו דעם פאָטערס אָפּגעדעקטער פּלייצע, וויל אויסהערן זיין קראַנקייט און ווערט דורכגע־נומען פון אַ הייליקן ציטער: ער הערט אין דעם פאָטערס אָטעם דעם טיפן אָטעם פון אַלע דורות, ביז אברהם אָבינו, ביז דעם אָנהייב פון נצח ישראל!... „ביין, מיין זון", — זאָגט צו אים דער פאָטער מיט דעם אַלטן גאַרדאָנס שטים, — „עס געפעלט מיר ניט דיין י ה ד ו ת (יידישקייט), דו וועסט פון איר גאָרנישט ניט דערלעבן"... און דער גרעסטער חידוש איז, וואָס אָנשטאָט „יהדות" איז ביים פאָטער גאָר אויסגעקומען „יהודית".

ער גייט צוריק צום שיף מיט אַ פאַרקלעמטן האַרצן נעמען דאָס היטל, נאָר די שיף וואַרפט נאָך אַלץ פונעם קוימען מיט שוואַרצן רויך, און יהודית שטייט נאָך אַלץ מיט אַ פרעמדן שמייכל, האַלט זיך ביי די הענט מיט איר גוייִשן אָפּיצער. ער פילט זיך אָנגעלאָדן מיט אומגליק, מיט שווערע זאָרגן, מיט טויטלעכן אַנגסט, וואָס האָט קיין נאָמען ניט. ער קערט זיך אום אין דער הייל אַלץ אָן אַ היטל, עפנט אויף די גמרא, בלעטערט און בלעטערט, זוכט אין איר אַ באַשייד צו זיין אַנגסט. און אַרום אים קלייבן זיך די קעפּ פון די אַלטע יידן, איינגעוויקלטע אין טליתים, נעמען אים אַריין אין אַ קלעם, קוקן מיט אים אין דער גמרא און ווינקען איינע צו די אַנדערע מאָדנע סודותדיק. און ער בלעטערט און בלעטערט די גמרא, ביז זי צעעפנט זיך ווי אַ יידישע צייטונג, און

עס טוט פאַר אים אַ בליץ אַ שוואַרץ טרויער־רעמל מיט גרויסע שוואַרצע אותיות: „פּראָפעסאָר נצח ישראל מנוחין איז געשטאָרבן”. און באַלד דערמאָנט זיך אים קלאָר דער קדיש: יתגדל ויתקדש שמיה רבא!...

מנוחין האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרצן און דערזען דורכן קײַלעכיקן קאַבינע־פענצטערל, אַז סע שאַריעט שוין אויף טאָג. ער איז לאַנג געלעגן אַ געפּלעפטער, געוווּנדערט זיך אויפן ווילדן פּלאָנ־טער פונעם חלום, אין וועלכן עס האָבן זיך דאָך דורכגעוועבט קלאָרע פעדים פון דער ווירקלעכקייט, פול מיט פאַרבאָרגענעם זינען. ער האָט פאַר זיך אַליין געשמייכלט איבער דעם קוריאָזן נאָמען, וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן אין דער פרייגעלאָזטער נאַכטיקער פאַנטאַזיע: דווקא „פּראָפעסאָר”, און נאָך „נצח ישראל” דערצו!... ער איז אָבער דערנאָך אַ גאַנצן טאָג אומגעגאַנגען אַ פאַרווירטער, טיף געדריקט פון שווערע פאָרגעפילן.

קאַפּיטל זעכצן

## דער לעצטער טאָג אויף דער שיף

וואָס מער די שיף האָט זיך דערנענטערט צו די ברעגן פון ארץ־ישראל, אַלץ פעסטער איז געוואָרן דער בונד צווישן די ייִדישע פּאַסאַזשירן אינעם טוריסטן־קלאַס. שוין באַלד דרײַ וואָכן, אַז זיי האָבן אָפּגעלעבט צוזאַמען אויף איין ענגן שטח, אין איין אַטמאָספער, צען מאָל אַ טאָג זיך געטראָפן אויף די זעלבע פּלעצער, געוואַרעמט זיך די הערצער און געצונדן די פאַנטאַזיע מיט די זעלבע געשפּרעכן און פאָרשטעלונגען, אַלע אַרויסגעקוקט אין פאַראייניקטער דערוואַרטונג צו איין ליכטיקן פונקט, וואָס האָט דאָ אויף דער שיף, אין אַלגעמיינעם עקסטאַז, אַלץ מער און מער זיך צעשטראַלט, — האָט מען ביסלעכווייז זיך צוגעלאָזט איינס צום אַנדערן ניט נאָר אויסערלעך, נאָר פון סאַמע אינעווייניק, געוווּסט איינס ביים אַנדערן די זאָרגן, די האָפענונגען און די אויסזיכטן אויף דער נאָענטער צוקונפט, באַגעגנט זיך איינס מיטן אַנדערן שוין ניט ווי צײַטווײַליקע שיף־שכנים, וואָס מאָרגן וועט מען זיך צעקריכן ערגעץ אויף אַ פרעמדער יבשה, נאָר אדרבה, ווי מענטשן, וואָס ערשט

מאָרגן וועט זיך ביי זיי אָנהייבן דאָס אמתע געהויבענע און רייצנדיקע שותפות אויף דער געגאַרטער יבשה.

אַ היפּשער גורם צו אַזאַ ברידערלעכער שטימונג איז דאָ געווען מיסטער צעדערבוים מיט זיינע באַגייסטערטע טאָג־טעגלעכע שמועסן, וואָס זענען גאָרניט נמאס געוואָרן ניט אים אַליין, ניט זיינע צוהערער. וואָס אַ טאָג מער, אַלץ טיפער איז ער אַריין אין זיין ראָל און איז שוין געוואָרן פאַר די טוריסטן ניט נאָר אַ טעאָרעטישער אינפאָר־מאַציע־געבער וועגן ארץ־ישראל, נאָר אויך אַ פּראַקטישער בעל־יועץ און אַ פּאַרמיטלער אין פאַרשיידענע פּלענער און אונטערנעמונגען, וואָס ער אַליין האָט אָנגעצייכנט פאַר אַמעריקאַנער יידן אין דעם יידישן היימלאַנד. פון פּלאַנצן פּרדסים איז דאָך אָפּגעשמועסט — דאָ איז ער געווען אַ היימישער מענטש, געשווומען ווי אַ פיש אין וואַסער, גערעדט ווי אַ שאַרפער פאַכמאַן פון שווערן באָדן און לייכטן באָדן, פון האַרטער ערד און קרוכלער ערד, אַזאַ ערד, וואָס האַלט אויף זיך לאַנג דאָס וואַסער, און אַזאַ, וואָס טרינקט דאָס וואַסער דאַרשטיק און מאַכט וואַקסן אָרענדזשעס און גרעיפּ־פרוכט, ווי מיט רוחות. ער האָט אַרויסגע־נומען פון זיין באַגאַזש אַ לאַנד־קאַרטע פון ארץ־ישראל, צעוויקלט זי ווי אַ מגילה פאַר אַן עולם מיט פּראָסטאַקעס אינעם רויכער־זאַל און זיך אַוועקגעזעצט קנעלן מיט זיי געאָגראַפיע און געאָלאָגיע, אַרויסבאַוויזן חריפות סיי אין די נעמען פון די ערטער, וואָס שטאַמען נאָך פונעם תנ״ך, און סיי אין קענטעניש פונעם לאַנד, וואָס דאָס שטאַמט שוין פון דער וויסנשאַפט, אָפּגעטיילט מיט אַ שוועבעלע בערג פון טאָלן, זומפּן פון טריקעניש, און דער סך־הכל דערפון איז געווען, אַז ארץ־ישראל פאַרמאָגט נאָך, ברוך־השם, גענוג וויסט לאַנד, וואָס לעכצט, בעט זיך ממש רחמים ביי אַמעריקאַנער יידן, זיי זאָלן קומען עס אויסלייזן און פאַרפלאַנצן מיט גאַנצע וועלדער פּרדסים, וואָס וועלן טראָגן גאָלדענע פרוכט פאַר קינדער און קינדס־קינדער, ביזן סוף פון די דורות.

נאָר מיט פּרדסים אַליין האָט מיסטער צעדערבוים זיך ניט געלאָזט באַגנוגענען. אַז מע האָט געהאַלטן ביי פּרדסים, איז גלייך אַרויף די פראַגע, וווּ וועט מען אַהינטאָן אַזויפיל פרוכט, אויב אַלע יידן וועלן זיך פאַרנעמען מיט פּלאַנצן אָראַנזשן? עס וועט דאָך אויסברעכן אַ שטאַרקע קאָנקורענץ, מע וועט שלאָגן פּרייזן, און די גאָלדענע פּירות וועלן זיך וואַלגערן אין גאַס, זיין ביליקער פון קאַרטאָפל! האָט דאָס מיסטער

צעדערבוים באַוואָרנט מיט אַן אַנדער פּלאַן: מע דאַרף זיך באַלד נעמען בויען קעלטערס, „קאָלד סטאָרעידזשעס״, אויפן אַמעריקאַנער שטייגער, ווו מע וועט דעם איבערוווּקס פון די פּרוכט קאָנסערווירן אין כל מיני געטראַנקען, זאַפטן און קאָמפּאָטן, וואָס וועלן צעכאַפּט ווערן בכל תפוצות ישראל. און ער האָט טאַקע גלייך אויפן אָרט אָנגעהויבן הייס אײַנטענהן מיט איינעם פון זיינע בעסטע און געטרייסטע צוהערער, מיטן שטילן גלייביקן ציוניסט פון צפון־קענעדע, וואָס איז געפאָרן זיך „סעטלען״ מיט ווייב און קינדער, און מיט נאָך עטלעכע יידן פון זיין גראַד, אַז דאָס באַדאַרף זיין זייער מצוה: זיי מוזן אויפנעמען דעם פּלאַן פון בויען אין תל־אביב אַ גרויסן „קאָלד סטאָרעידזש״, אַן עלעקטרישן קעלטער, וואָס וועט זיין פאַר די ארץ־ישראלדיקע היצן אַן אמתע דערפרישונג. און וויבאַלד מיר וועלן דאָרט זיין באַזאָרגט מיט אַ „קאָלד סטאָרעידזש״, וועט שוין פריי ווערן דער וועג פאַר נאָך אַנדערע גרויסע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן אַ שייכות מיט לאַנד־ווירטשאַפט. און מיסטער צעדערבוים האָט אין דער זעלבער צייט גענומען פּלאַנעווען אַ פאַראייניקונג פון טוריסטן, וואָס זאָלן אויפשטעלן ערגעץ אינעם „עמק״ אַן עכטע אַמעריקאַנער „טשיקען־פאַרם״, גאָר מיט גרויסן פאַרנעם, ווו צענדליקער טויזנטער הינער זאָלן לייגן הונדערטער טויזנטער אייער, אַזוי אַז די אייער אַליין זאָלן קלעקן אויף אָנצופילן דעם „קאָלד סטאָרעידזש״ סיי זומער און סיי ווינטער. זיין געדאַנק איז געווען אַ גלענצענדיקער: די אַמעריקאַנער שיף דאַרף ברענגען די יידן פון ארץ־ישראל אַ טייערע מתנה — צוויי וויכטיקע אינסטיטוציעס מיט אַ מאָל, וואָס וועלן זיין אַ ברכה פאַרן נייעם יידישן פאַרמער־לאַנד!

און מע האָט אים אויסגעהערט. אמת, די טוריסטן האָבן זיך דערווייל נאָך ניט געאַיילט מיט מיסטער צעדערבוימס פּלענער און זענען נאָך געווען ווייט פון בויען „קאָלד סטאָרעידזשעס״ מיט „טשיקען־פאַרמס״, נאָר אויסגעהערט האָבן זיי אים מיט גרויס שפּאַנונג און מיט טיפן רעספּעקט. זיי האָבן דערביי געטראַכט: „דאַכט זיך, אַ מלמד, אַ געוויינלעכער, „היברו טיטשער״. קיין צוויי פּעניס וואָלט מען פאַר אים ניט געגעבן, און פון דעסטוועגן, איז ער מער בעריע פון אונדז אַלעמען. פאַרמאָגט אַן אייגענעם פאַרטיקן פּרדס, ווייסט דעם ענין פון אָרענדזשעס קלאָר פון אַלע זייטן, און האָט אין זיך אײַנפאַלן פון גאָר אַ גרויסן ביזנעסמאַן. וואָס ארץ־ישראל קאָן מאַכן!״...

דער איינציקער, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט אונטערגעבן אונטער מיס־

טער צעדערבוימס השפעה, איז געווען זיין שכן אויף די דעק־שטולן, פיניע דובראָוו. יענער האָט די לעצטע טעג אפילו יאָ אָנגעהויבן אַריינשמעקן אין זאַל אַריין, ווו דער העברעאישער לערער האָט געדרשנט פאַר זיין עולם; ער האָט זיך אָבער נאָך אַלץ געהאַלטן פון דער זייט, ווי אַ באַזונדערער מענטש פאַר זיך, געשטאַנען מיט די הענט אין די קעשענעס, זיך צוגעהערט נאָר פון טשיקאַווע ווענן, מיט אַ האַלבן אויער, דערביי ביטולדיק געשמייכלט פאַר זיך אַליין מיט די גרויע שטאָלענע אויגן. און אַז מיסטער צעדערבוים האָט אים געפרוווט אַריינציִען אין זיינע פּלענער, האָט ער אים אָפּגעהאַקט מיטן זעלבן ביטול:

— וואָס טויגן מיר אַייערע פאַנטאַזיעס? איך האָב מיינע אייגענע פאַנטאַזיעס!

— אדרבה, — האָט אים מיסטער צעדערבוים געוואָלט צוגעבן חשק, — לייגט־אויס אַייערע פאַנטאַזיעס אָט דאָ ביי אונדז אויפן טיש, וועלן זיי אפשר פאַר אונדז אויך זיין אַ סחורה!

— מיינע פאַנטאַזיעס — האָט פיניע דובראָוו געזאָגט מיט גדלות, — זענען ניט פאַר אייערע קעפּ. דאָס וואָס איך קאָן טאָן אין פּאַלעסטינע, וועט איר געוויס ניט טאָן!

— ערשטנס, — האָט אים מיסטער צעדערבוים באַמערקט אין שטראָפנדיקן טאָן, — ניט פּאַלעסטינע, מיין ליבער ייד, נאָר ארץ־ישראל! ס'איז ניט דאָס לאַנד פון די פלשתים, נאָר אונדזער לאַנד, געהערט היסטאָריש צום פאָלק ישראל!... והשנית, וואָס אַשטייגער, כדומה למשל, פאַר אינטענס, נאַפּרימער, קלייבט זיך אַזאַ ייד טאָן אין ארץ־ישראל — פאַרשפּרייטן דאָרט זשאַרגאָן?...

— ערשטנס, — האָט אים דערויף מיסטער דובראָוו אָפּגעענטפערט אין דעם זעלבן שטראָפנדיקן טאָן, — ניט זשאַרגאָן, פעטער, נאָר יידיש!...

— און צווייטנס?

— און צווייטנס... טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר מיט אַייער פּראָפּאַגאַנדע! דאַנקט גאָט, וואָס איך פּראָפּאַגיר אַייך ניט!...

און פיניע דובראָוו האָט זיך אויסגעדרייט צום עולם מיט די ברייטע פּלייצעס און איז געלאָסן, מיט די הענט אין די קעשענעס, אַוועק זיין וועג, ווי אַ מענטש, וואָס לאַכט זיך אויס פון דער גאַנצער וועלט.

— אַ פּרא־אדם! — האָט אים מיסטער צעדערבוים אַטעסטירט פאַר זיינע צוהערער. — כאָטש בטבע ניט קיין שלעכטער ייד, און גאָרניט

קיין עם־הארץ... אַט וועט איר זען, אַז אין ארץ־ישראל וועט ער ביי מיר אָנהייבן רעדן אַנדערע דיבורים!...

דערפאַר איז מיסטער צעדערבוימען געלונגען צו באַפריינדן זיך מיט עמוסן. די לעצטע וואָך, זינט מנוחין האָט זיך אָפּגעגעבן מיט יהודיתן און זעלטן זיך באַוויזן אַליין אויפן דעק, זענען עמוס מיט שולמיתן גע־בליבן פאַראייניזאַמטע, ווי שפּעלעך אָן אַ פּאַסטוך. דערהויפּט האָט עמוס זיך אַצינד דערפילט פאַרלאָרן: ארץ־ישראל איז צוגעקומען אַלץ נעענטער און נעענטער, זיין גרויסער חלום האָט געהאַלטן ביי צוזאַמענטרעפן זיך מיט דער ווירקלעכקייט, און אַנטקעגן דער נאָענטער ווירקלעכקייט האָט דער חלום זיך גענומען לעשן, אויסגעזען מאָדנע לעפּיש, קינדיש אומבאַהאָלפן, געפאַלן. ער האָט אָנגעהויבן באַזוכן מיט שולמיתן דאָס געזעמל פון די אַלטע לייט, זיך צוגעהערט צו זייערע שמועסן, געזוכט ביי זיי אַן אָנשפּאַר אין זיין געפאַלנקייט. מיסטער צעדערבוימס פלאַמיקער טאָן האָט אים געצונדן, נאָר דער תוך פון די רייד איז אים געווען פרעמד — מע האָט אַלץ געשמועסט פון פּרדסים און פון ביזנעס. דערזען עמוסן צווישן זיינע צוהערער, איז דאָס דעם לערער שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט אָנגעהויבן אים מקרב צו זיין, אַוועקגעזעצט אים איינמאָל מיט שולמיתן לעבן זיך, גענומען אים אויפן פאַרהער און איז אַריין אין התפעלות פון זיין ברען, מיט וועלכן ער האָט זיך געקליבן גיין אַרבעטן אויף די פעלדער פונעם „עמק״, און נאָך מער — פון זיינע הויכע, געוואַגטע באַגריפן וועגן דער יידישער גאולה, וואָס ער האָט גאָרניט געגלייבט, אַז ער הערט דאָס פון אַן „אַמעריקאַנער באָי״. די קליינע שולמית האָט געשיינט פון גליק. זי האָט ניט געוווסט, אין וועמען זי זאָל זיך פרייער שפּיגלען: צי אין דעם ליכטיקן באַגייסטערטן פּנים פון איר פאָטער, צי אין דעם פאַרטראַכטן פאַרוואָלקנטן פּנים פון איר חבר? דער סוף איז געווען, אַז מיסטער צעדערבוים האָט געמאַכט עמוסן אַ היפּשע רעקלאַמע צווישן די טוריסטן, געזאָגט עפנטלעך, אַז אָט דער דובראָוו, כאָטש ער איז אַ פּרא־אדם, האָט ער אָבער זיין אייגנס אַ בחורל, מיט וועמען ארץ־ישראל וועט זיך נאָך אַמאָל בענטשן! די דאָזיקע מיינונג פון אַזאַ אויטאָריטעט אין יידישע זאַכן איז גלייך דערגאַנגען צו עמוסן דורך זיין מוטער און איז געווען פאַר אים ווי אַ באַלזאַם אין זיין געדריקטער, געפאַלענער שטימונג.

ענדלעך איז אָנגעשטאַנען דער לעצטער טאָג אויף דער שיף, ערב אָנקומען קיין ארץ־ישראל, און אינעם טוריסטן־קלאַס איז מיט אַ מאָל

געוואָרן שטיל, ווי פאַר אַ גרויסער פּאַסירונג. די שטולן אויפן דעק האָבן געפּוסטעוועט, די זאַלן זענען געשטאַנען ליידיק. דער עולם האָט זיך שוין היינט ניט געזאַמלט אין רעדלעך — מע איז געווען פאַרנומען מיט פּאַקן דעם באַגאַזש אין די קאַבינעס, אָדער מע האָט אומגעבלאָנזשעט אין די קאָרידאָרן יעדערער פאַרטיפט אין זיך, געקוקט אַלע האַלבע שעה אויפן שיף־זייגער, זיך נערוועז געצויגן, געקנאַקט די פינגער. היינט האָט מען שוין ניט גערעדט פון ארץ־ישראל, נאָר געטראַכט פון דעם. מיסטער צעדערבוים האָט זיך אינגאַנצן ניט באַוויזן. דערפאַר איז אויפן ברעטל אינעם ליכטיקן וועסטיביול געווען אויסגעהאָנגען אַן אַנאָנס, געשריבן אויף אַ שרייב־מאַשין אין ענגליש, אַז היינט, ניין אין אָוונט וועט רעוורענד יהושוע צעדערבוים (ארז הלבנון) האַלטן אין דעם גרויסן זאַל פונעם טוריסטן־קלאַס אַ לעקציע אויף דער טעמע „בבל און ארץ־ישראל". פּאַ־סאַזשירן פון אַלע קלאַסן זענען העפליכסט געלאַדן.

דעם העברעאישן נאָמען „ארז הלבנון" האָט מיסטער צעדערבוים באַשטימט סאַמע אין דער לעצטער מינוט — אַ גליקלעכע קאָמבינאַציע פון די צוויי נעמען, אין וועלכע ער און זיין טעכטערל שולמית זענען ניט געווען אייניק. נאָר פון וואַנען עס האָט זיך צו אים גענומען דער טיטל „רעוורענד" — איז געבליבן אַ סוד. ער אַליין האָט זיך דערנאָך געשוואָרן פאַר די פּאַסאַזשירן, אַז ער איז ריין דערפון, ער זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעכטס. אויף וואָס טויג אים דער „רעוורענד", אַז ער איז גאָר אַ פאַרמער!...

אַזוי צי אַזוי, נאָר אַז עס האָט געשלאָגן ניין אַזייגער, איז שוין דער זאַל געווען פול מיט מענטשן. עס זענען געקומען גרויס און קליין, אויך מנוחין און יהודית מיט איר פאָטער. אַפילו פּיניע דובראָוו איז געשטאַנען ביי דער טיר מיט אַ היפּשן ציגאַר אין מויל, געוואַרט אויף טשיקאַוועס, וואָס דאָ וועט זיין. אַלס פאָרשטייערין פונעם ערשטן קלאַס איז געקומען מיס זאַקהיים אינעם רויטן מאַנטל. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אין מיטן דער ערשטער שורה בענקלעך און זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן מיט ליכטיקע, שמייכלענדיקע אויגן, גרייט צו שעפּן יידישקייט פונעם סאַמע קוואַל. שולמית, מיט צעפלאַמטע בעקלעך, איז געזעסן אין אַ ווינקל מיט דער מוטער, זיך געטוליעט צו איר און שטיל געציטערט.

מיסטער צעדערבוים האָט זיך באַוויזן שוין ניט אין דעם וואָלענעם סוועטער מיטן פאַרמער־היטל, נאָר אין פייערלעכן יום־טובדיקן אָנטאָן —

אין אַ שוואַרצן טאַקסידאָ, נאָך מיט אַלע פרישע קנייטשן פונעם באַגאַזש. ער האָט אויסגעקוקט בלייך, נאַר אַנטשלאָסן, מיט אַ פעסטן פייער אין די אויגן. ער האָט אויפגעהויבן די הענט איבער די קעפּ פון די פאַרזאַמלטע, ווי אַ כהן בשעת דוכנען, און אָנגעהויבן מיט אַ פּסוק פון תנ"ך: „שאי סביב עיניך וראי, כולם נקבצו באו־לך", — און ער האָט דאָס גלייך פאַרטייטשט, פריער אויף ענגליש, דערנאָך אויף יידיש: „הייב אויף אַרום און אַרום דיינע אויגן און זע, ווי אַלע האָבן זיך פאַרזאַמלט און געקומען צו דיר, דיינע זין וועלן קומען פון ווייט און דיינע טעכטער וועלן געטראָגן ווערן אויפן אַקסל" און באַלד נאָך דעם איז ער אַרויף אויף זיין טעמע „בבל און ארץ־ישראל", פאַרגליכן די יידן פון בבל מיט די יידן פון אַמעריקע: „וואָרים פונקט ווי אין בבל, האָט ער געזאָגט, זענען יידן געזעסן אויף כל טוב, פאַרמאָגט פעלדער און וויינגערטנער, קנעכט מיט דינסטן, אַזוי אויך אין אַמעריקע זענען יידן, גאָט צו דאַנקען, גוט־אָפּ, האַנדלען מיט ריעלעסטעיט און מיט מאָרטגעידזשעס און מאַכן אפילו ביי די שלעכטע צייטן מיליאָנען. און פון דעסטוועגן, ווי נאָר עס האָט געבלאָזן דער שופר און עס האָט זיך דערהערט אַ רוף פון דאָרטן, פון ארץ־ישראל, האָט זיך דאָס יידישע האַרץ אַ ריר געטאָן, און פונקט ווי אַמאָל פון בבל, פאָרן מיר אַצינד פון אַמעריקע אַ פולע שיף מיט יידן, קיין עין־הרע. שאי סביב עיניך וראי — הייב אויף דיינע אויגן און זע, וועמען האָבן מיר דאָ ניט? מיר האָבן דאָ אין אונדזער מיטע אַ באַרימטן דאָקטאָר, אַ ליכט פון דער וויסנשאַפט, וואָס האָט אויפגעגעבן אַ רייכע פּראַקטיק און פאָרט מיט אונדז אַהינצוצו; און מיר האָבן דאָ צווישן אונדז אַ יידן פון דער ווייטער וועסט, וואָס כאָטש ער אַליין שטייט כלומרשט ביי דער טיר און קוקט אין צפון־זייט, האָט ער אָבער דערצויגן אַ זון, אַ טייער קינד, וואָס קוקט אין מזרח־זייט... מיר האָבן דאָ אַ געהויבענעם מאַן פון רוסלאַנד, איינעם פון אונדזערע בעסטע חובבי־ציון, וואָס האָט נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק געפלאַנצט אַ פּרדס אין ארץ־ישראל; און מיר האָבן די גרויסע זכיה צו זען אין אונדזערע ערשטע רייען אַ טאָכטער פון אונדזערע רייכע ניו־יאָרקער מאַגנאַטן, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן איר פאָטערס מיליאָנען און פאָרט אַרבעטן ווי אַ פּראָסטע חלוצקע אינעם באַרימטן עמק"... (דאָ האָט מיס זאַקהיים זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן מיט אירע לאַכנדיקע אויגן, ווי פאַרווונדערט, און גלייך געגומען פריילעך אַפּלאָדירן זיך אַליין).

אָפּגעשטאַנען אויף דער דאָזיקער טעמע „בבל און ארץ־ישראל״ ביי דריי־פערטל שעה, איז מיסטער צעדערבוים אַריבער צו זיין סאַמע באַ־ליבטן ענין — צו פּרדסים. ער האָט דערביי איבערראַשט זיינע צוהערער מיט עטלעכע זעלטענע מדרשים, ווו עס ווערט בפירוש געזאָגט, אַז פלאַנצן פּרדסים אין ארץ־ישראל איז די גרעסטע מצוה, נאָך גרעסער ווי באַגעגענען משיחן. „איין מדרש — האָט מיסטער צעדערבוים דערציילט אין זיס־פּאַטעטישן טאָן — גיט זיך אַ זאָג אַזוי: ביים סאַמע אָנהייב פון באַשאַפן די וועלט האָט גאָט־ברוך־הוא פריער פון אַלץ זיך פאַרנומען מיט פלאַנצן, ווי עס שטייט געשריבן: ויטע השם אלוקים גן בעדן — און גאָט דער האַר האָט געפלאַנצט אַ גאָרטן אין עדן. אַזוי אויך איר, אַז איר קומט אַריין אין ארץ־ישראל, זאָלט איר מער פון אַלץ זיך פאַרנעמען מיט פלאַנצן, ווי אין פּסוק שטייט: כי תבואו אל הארץ ונטעתם — אַז איר וועט קומען אינעם לאַנד — זאָלט איר פלאַנצן... דאַרף מען נאָך קלאָרער דערפון? קומט צו גיין אַ צווייטער מדרש און גיט זיך אַ זאָג נאָך שענער: רבן יוחנן בן זכאי פלעגט זאָגן: אויב דו האָסט געהאַט אַ פלאַנצונג אין דיין האַנט, און מע זאָגט דיר: נ אַ ד י ר מ ש י ח ן — גיי פריער פלאַנץ די פלאַנצונג, און דערנאָך ערשט גיי אַרויס אים מקבל־פּנים זיין...״

און מיסטער צעדערבוים, אַליין באַגייסטערט פון די דאָזיקע מדרשים, האָט פאַרענדיקט זיין לעקציע איבער „בבל און ארץ־ישראל״ מיט די ווערטער: „לאָמיר זשע אַלע, מיינע ליבע טייערע יידן, איידער מיר געזעג־נענען זיך דאָ אויף דער שיף דעם לעצטן אָוונט, זיך געבן דאָס וואָרט, אַז מיר וועלן ניט רוען, ביז מיר וועלן ניט באַפלאַנצן אונדזער הייליק וויסט לאַנד, פון דן ביז באר־שבע, מיט גרינע שמעקנדיקע פּרדסים, און ערשט דעמאָלט וועלן מיר מיט פריילעכע הערצער קאָנען גיין מקבל־פּנים זיין דעם, אויף וועמען מיר קוקן אַרויס שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר — משיח צדקנו, אָמן!״...

און מיסטער צעדערבוים איז אַראָפּ פון דער עסטראַדע אַן אויסגע־ווייקטער אין שווייס, אונטער אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן.

אַרום צוועלף ביינאַכט, אַז מנוחין איז געזעסן ביי זיך אין דער קאַבינע מיט יהודיתן, האָבן זיי דערהערט אַ שטיל קלאַפּן אין טיר. הינטער דער טיר איז געשטאַנען עמוס מיט אַ דערשראָקענעם פּנים.

— וואָס איז געשען? — האָט מנוחין זיך אויך דערשראָקן.

— שולמית איז פּלוצים קראַנק געוואָרן...

אַריינגעקומען אין דער קאַבינע פון די צעדערבוימס, האָט מנוחין געטראָפן שולמיתן, ווי זי ליגט אָן איינגעדעקטע, מיט צעפלאַמטע באַקן און ברענענדיקע אויגן. איבער איר זענען געשטאַנען דער פאָטער מיט דער מוטער,ביידע שטאַרק צעטראָגן.

— ווײ איז מיר, דאָקטער, — האָט מיסיס צעדערבוים זיך געבראָכן די הענט, — דאָס קינד גליט אין אַ העליש פייער!

— שאַ, שאַ, ליאַרעם ניט אַזוי! — האָט זי דער מאַן איינגעשטילט און אַליין האָט ער געפלאָטערט ווי אַ בלאַט. — אָט וועט דער דאָקטער זי באַטראַכטן.

— אַז איך בין גאָרניט קראַנק, — האָט שולמית פּראָטעסטירט פונעם געלעגער מיט אַ פאַרפלאַמטן שעמעוודיקן פּנים. — איך פיל ניט קיין שום ווייטאָג!

— זי פילט ניט קיין ווייטאָג, — האָט די מוטער געזאָגט, אַלץ ברעכנדיק די הענט, — און האָט היץ איבער הונדערט־מיט־צוויי! און עס גלוסט זיך איר נאָך מאָרגן פאַרטאָג באַגעגענען מיט עמוסן ארץ־ישׂראל אויפן דעק!... ווײ איז מיר, אפשר איז דאָס גאָר די מאַלאַריע?

— פון וואַנען האָט זיך דאָ ביי דיר גענומען מאַלאַריע? — האָט מיסטער צעדערבוים זי געפרעגט אָן אויפגעבראַכטער. — וואָס רעדסטו ווי אַ יידענע?...

— איך ווייס? מיר זענען דאָך שוין נאָענט פון ארץ־ישׂראל, ווײ איז מיר!...

— ניטאָ אין ארץ־ישׂראל מער קיין מאַלאַריע! דו הערסט? מע האָט אויסגעטריקנט אַלע זומפּן!...

מנוחין האָט אויסגעהערט שולמיתן, געשטעלט עטלעכע פראַגעס און איז אויפגעשטאַנען.

— ניין, — האָט ער געזאָגט מיט אַ באַרואיקנדיקן שמייכל, — ס׳איז ניט די מאַלאַריע. איך האָב מורא, מיסטער צעדערבוים, אַז דאָס איז איר גיכער געקומען פון אייער דרשה.

— פון מיין דרשה? — האָט מיסטער צעדערבוים זיך באַליידיקט. — מיין דרשה, דאָקטער, איז פאַר מיין טאָכטער אַ סם־חיים! (אַ פּראָשעק צום לעבן)...

— בקיצור, — האָט מנוחין געזאָגט, — איר זייט נאָר רואיק, ס׳איז ניט מער ווי אַ קליינע נערוועזע אויפרעגונג. איך וועל איר געבן עפּעס

צום שלאָפן. זאָל זי זיך גוט אויסשלאָפן, וועט זי אויפשטיין מאָרגן אַ געזונטע.

— איך וויל אָבער אויפשטיין פאַרטאָג! — האָט שולמית געזאָגט אין גרויס פאַרצווייפלונג. — מיר האָבן אָפּגערעדט מיט עמוסן צו זיין די ערשטע!...

— שלאָפן, שולמית, שלאָפן! — האָט מנוחין שטרענג באַפוילן. — מיר דאַרפן האָבן אין ארץ־ישראל קלוגע, געזונטע קינדער!

אַז מנוחין איז צוריק אַריין צו זיך אין קאַבינע, האָט ער געזאָגט צו יהודיתן:

— ס'איז ניט געפערלעך. ס'איז אַ לייכטע שלאָפקייט — פאַלעס־טינאַיטיס.

— וואָס הייסט?

— זי איז אַ זעלטן קינד, די קליינע שולמית. זי גרייט זיך מאָרגן באַגעגענען ארץ־ישראל, איז ביי איר די טעמפּעראַטור געשטיגן ביז הונ־דערט צוויי. און מיר דאַכט, אַז ביי איר פאָטער איז זי געשטיגן נאָך העכער. איך בין זיי באמת מקנא...

קאַפּיטל זיבעצן

## באַגינען

אַ גאַנצע נאַכט האָט עמוס זיך געוואַלגערט אויף זיין ענגן געלעגער אין דער הייך, סאַמע אונטער דער סטעליע פון דער קאַבינע, גענורעט דעם הייסן קאָפּ אין דעם האַרטן שיף־קישן, אויסגעגאַנגען אין אַנגסט, געגאַרט דערלעבן טאָג־ליכט. די שיף האָט די לעצטע עטלעכע שעה ווי דערשפּירט דעם גרויסן ערנסטן מאָמענט, וואָס קומט באַלד אָן, און האָט פאַרשנעלערט איר גאַנג, געלאָפן אין פולן אימפּעט, געקלאַפּט מיט די רעדער אין דער שטילקייט פון דער נאַכט צום טאַקט פון עמוסעס אומ־געדולדיקן, פאַרחלשטן האַרצן: גיכער, גיכער!... און אָט איז דער מאָמענט ענדלעך געקומען. די שיף האָט פלוצים זיך שטאַרק אַ טרייסל געטאָן, גענומען ברומען פונעם קוימען אין דער נאַכט אַריין מיט אַ פריידיקער, וועקנדיקער בשורה, און גלייך פאַרקלענערט איר גאַנג. עמוס, וואָס איז

אַ ווײַלע אַרײַנגעפֿאַלן אין פֿאַרגעסנקייט, האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, אויפֿגעשווידערט פֿונעם קאָפּ ביז די פֿיס און זיך אַ צי געטאָן צום פֿינצטערן קאַבינע־פֿענצטערל, ווו עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז עס הייבט שוין אָן צו בלויען אויף טאָג. ער האָט גיך און שטיל זיך אַראָפּגעגליטשט פֿונעם לייטערל אויף דער ערד און זיך גענומען אָנטאָן אין דער פֿינצטער. ער האָט זיך געפֿונען אין איין קאַבינע מיט זײַנע צוויי ייִנגערע ברידערלעך און מיט דער קליינער שוועסטערל, וועלכע האָבן איצט אַלע געשמאַק געשלאָפֿן. דער עלטערער פֿון זיי, עמנואל, וועמען מע האָט גערופֿן פֿאַרצויגן „עמי״, אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר פֿערצן, וואָס זײַן העכסטער אַרויסקוק אויף ארץ־ישׂראל איז געווען צו פֿאָרן דאָרט ריַיטנדיק אויפֿן האָרב פֿון אַ קעמל, האָט זיך צעכראָפּעט גאָר אויף די הויכע טענער.

„כראָפּע, כראָפּע, עמנואל, ברודער מײַנער, — האָט עמוס אַ טראַכט געטאָן פֿאַר זיך אויף זײַן ליטעראַריש־הומאָריסטישן שטייגער, — דו ביסט נאָך צו יונג און אומשולדיק צו פֿאַרשטיין אַזעלכע זאַכן״...

ער האָט זיך שטיל דורכגעשלײַכט דורך די קאַרג־באַלויכטענע ווײַסע קאָרידאָרן, וואָס זענען געשטאַנען מיט די פֿאַרמאַכטע טירלעך פֿון די קאַבינעס, פֿאַרזונקען אין נאַכטיקער שטילקייט, און איז אַרויף אויפֿן דעק. דאָרט האָט אים באַגעגנט אַ שטאָק־פֿינצטערניש, און אַ פֿריש פּראָסטיק ווינטל האָט אים אַ בלאָז געטאָן אין פּנים אַרײַן, דורכגענומען די נאַגנדיקע, ניט־אויסגערוטע ביינער. ער האָט זיך אומגעקוקט — ער איז אײנער אַליין, ניטאָ אויפֿן דעק קיין לעבעדיקער נפֿש. ער איז צוגעקומען צו דער פֿאַרענטשע, זיך אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אין די קעשענעס, אַרײַנגעבוירט דעם קאָפּ אינעם הויכן קאָלנער פֿון זײַן דיקן דאָרפֿישן סוועטער, געשטאַנען אַזוי אַ היפּשע ווײַלע ווי פֿאַרגליווערט. די שיף האָט זיך געגליטשט פּאַמעלעך איבער די שוואַרצע כוואַליעדיקע וואַסערן, ווי געטאַפּט דעם וועג אין דער פֿינצטער, דער הימל איז געלעגן הויך און סומנע, אָן שטערן, און קיין סימן פֿון אַ מענטשלעכן ייִשוב איז אַרום און אַרום ניט געווען צו זען.

ערשט אַז עמוסעס אויגן האָבן זיך צוגעוווינט צו דער פֿינצטערניש, האָט ער אָנגעהויבן באַמערקן אויף דעם ראַנד פֿונעם האָריזאָנט, אויף ניט קיין ווייטן שטח פֿון דער שיף, אַ שורה טונקעלע סילועטן, וואָס האָבן זיך נעבלדיק אויסגעשניטן פֿונעם וואַסער, געכאַפּט דעם אָנבליק סיי פֿון וואָלקנס, סיי פֿון בערג. אויב בערג — זענען דאָס געוויס די געקייטלטע

בערג פונעם „כרמל“, ווי שולמיתעס פאָטער האָט אים פאַרויסגעזאָגט, דאָרט ווו דער אַלטער נביא אליהו האָט געצאָרנט דעם צאָרן פון דעם אַלטן יידישן גאָט און האָט זיך אָפּגעזונדערט פון דער וועלט אין טיפן טרויער. וויבאַלד אַזוי, הייסט עס, אַז ער געפינט זיך שוין ביי די ברעגן פון ארץ־ישראל, ביי דעם ווונדערלעכן, לעגענדאַרישן לאַנד פון זיינע אור־עלטערן... עמוס האָט געכאַפּט אַ טיפן ציטער — אי פון דעם קאַלטן, פראָסטיקן ווינט, וואָס האָט דורכגענומען זיינע ביינער, אי פון איינזאַמען שטאָלץ, פון דעם געדאַנק, אַז ער איז דאָ דער איינציקער צו באַגעגענען אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט די ערשטע פרישע מונטערנדיקע ווינטן פון זיין אַלטן פאָטערלאַנד. ער האָט אַ טראַכט געטאָן מיט אַ געפיל פון צערטלעכן רחמנות וועגן שולמיתן, וועלכע האָט ניט אויסגעהאַלטן די גרויסע אָנשטרענגונג און איז פאַרשלאָפט געוואָרן סאָמע ביי אַזאַ גע־הויבענעם מאָמענט. טיף אין האַרצן איז ער אָבער געווען צופרידן דערמיט, וואָס ער האָט דאָ מיט זיך קיינעם ניט. אָט שטייט ער דאָ איינער אַליין אין קעלט און פינצטערניש, שטייט פעסט אויף זיינע יונגע פיס, גרייט מקבל־פנים צו זיין דאָס ווונדערלעכע ליכט, וואָס וועט באַלד אויפגיין פאַר אים דאָ אויפן מזרח, דאָס ווונדערלעכע נייע יידישע לעבן, וואָס האָט אים גערופן אַהער פון דער ווייטער פרעמדער וועלט, פון דער ווייטער פרעמ־דער טומלדיקער שטאָט שיקאַגאָ... אַלע זיינע ספקות זענען מיט אַ מאָל אָפּגעפאַלן, די מורא פאַר דער ווירקלעכקייט איז פאַרשוווּנדן. ער האָט זיך פּלוצים דערפילט אָנגעשטאָלן מיט יונגער אייזערנער קראַפט, וואָס וועט ברעכן אַלע צאַמען, גובר זיין אַלע שטרויכלונגען. וואָס עס זאָל דאָרט מיט אים ניט געשען — וועט ער באַווייזן גבורות, ער וועט זיך מוסר נפש זיין, אַוועקגעבן אינגאַנצן זיין יונג לעבן, אום גרויס צו מאַכן דעם נאָמען פון זיין לאַנד, דעם נאָמען פון זיין פאָלק, דעם נאָמען פון זיין גאָט... ביז אַהער האָט עמוס, לויט זיין דערציאונג ביים פאָטער אין הויז און לויט דעם, וואָס ער האָט אויסגעלייענט פון פילאָזאָפישע ביכער, זיך געהאַלטן פאַר אַ ניט־גלויביקן, פאַר אַ „פריידענקער“; נאָר איצט האָט אים מיט אַ מאָל אַ צי געטאָן צום אַלטן גאָט פון זיינע אור־עלטערן, וואָס באַהאַלט זיך דאָרט הינטער די נעבלדיקע סילועטן פון די אַלטע סודותדיקע בערג, און שטייענדיק אַליין אין דער פינצטער, אַ געהייליקטער אין זיין שליחות, אַ גרייטער אויף געטלעכער גבורה, האָט ער אַ טראַכט געטאָן אין הייסער בענקשאַפט מיט דעם זעלבן לשון פון זיין באָבע שימשעלעוויטש, ווי זי

פלעגט שבת־צו־נאַכטס ביי זיך אויפן בעט, דאָרט אין באָראָ־פּאַרק, אַרויס־זינגען פון דער פינצטער אין זיס־פאַרבענקטן טאָן: „גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב!"...

עמוס האָט אָבער געהאַט אַ טעות, מיינענדיק, אַז ער איז דאָ אויפן דעק דער איינציקער לעבעדיקער נפש. גלייך נאָך אים האָט ערגעץ פון אַ ווינקל זיך באַוויזן אַ הויכע פיגור, וואָס האָט לכתחילה געמאַכט עטלעכע טריט צו דער פאַרענטשע, נאָר האָט זיך באַטראַכט און איז געבליבן שטיין אינמיטן דעק, אָפּגעשטאַנען אַזוי אַ היפּשע ווײַלע אומבאַוועגלעך, ווי אַ פאַרשטיינערטער נאַכט־גייסט. דערנאָך האָט די פיגור זיך אָפּגעריסן פונעם אָרט, צוגעגאַנגען שטיל צו עמוסן און מאָדנע ווייך אַ זאָג געטאָן:

— גוט מאָרגן, עמוס!

עמוס האָט זיך אומגעקוקט דערשראָקן, דערזען ד״ר מנוחינען און געענטפערט ניט־גערן, ווי פאַרדראָסיק:

— גוט מאָרגן.

—איר וועט מיר דערלויבן, עמוס, מיט אײַך צוזאַמען מקבל־פּנים זיין ארץ־ישראל?

— איך דערלויב, דאָקטאָר, — האָט עמוס געענטפערט ווי איראָניש, און אַ שמייכל געטאָן אין דער פינצטער פאַר זיך אַליין מיט אַן אָנגע־כמורעטן פּנים.

— איך האָב מורא, — האָט מנוחין געזאָגט אַלץ אין ווייכן טאָן, — אַז איך שטער אײַך דאָ צו זיין אַליין ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט אונדזער לאַנד... ס'איז אָבער אויך מ י י ן ערשטע באַגעגעניש, און איך האָב, פּונקט מסתמא ווי איר, אַ גאַנצע נאַכט ניט געקאָנט שלאָפן. איך קוק אַרויס אויף דער דאָזיקער שעה שוין לאַנגע יאָרן, פון מיין סאַמע קינדהייט, און איך בין דאָך באַלד כמעט דריי מאָל עלטער פון אײַך... נאָר אפשר שטער איך אײַך טאַקע באמת?

— אָ, ניין, ניין, דאָקטאָר! — האָט עמוס זיך אָנגערופן שוין וואַרעם, מיטן גאַנצן האַרצן.

— איר ווייסט, עמוס, — האָט מנוחין ווייטער גערעדט אינטים, ווי צו זיינעם אַ גלייכן, דערביי חבריש אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף עמוסעס מאָגערע אַקסלען, — אַז איך האָב אײַך דאָ אָט ערשט דערזען, ווי אַזוי איר שטייט איינער אַליין אין דער פינצטער, אָפּגעזונדערט פון אַ גאַנצער

שיף מיט שלאָפנדיקע יידן, ווי איר וואָלט געשטאַנען און אַרויסגעקוקט אויף דער יידישער גאולה, — האָט עס מיך געמאַכט אויפּציטערן מיט אַלע מיינע פאַרגעסענע חלומות און פאַרלאַנגען פון דער יוגנט... איך בין אַייך שטאַרק מקנא. ווען איך בין אַזוי יונג און פריש, ווי איר, וואָלט איך מסתמא דורכגעמאַכט אין אַזאַ צייט דאָס אייגענע, וואָס איר. איך אַליין האָב אָבער אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, מיין לעבן איז שוין היפּש אָפּגענוצט און אויך פאַרפּלאָנטעט... איך דאַרף אַייך זאָגן, עמוס, — איר זענט פאַר מיר אַ גרויסע טרייסט און אַ גרויסע האָפענונג, איר און אויך שולמית. איר ביידע, אַמעריקאַנער קינדער, מיט אַזעלכע אידעלע, געהויבענע באַגריפן וועגן דער עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק, זענט פאַר מיר דער בעסטער באַווייז, אַז אונדזער אַלטער שטאַם איז נאָך ניט פאַרדאַרט, ער לאָזט אַרויס גרינע, זאַפטיקע שפּראָצן אפילו פון צווישן שטיינער. איר זענט פאַר מיר דאָ אויף דער שיף געוווען אַ ליכטיקע אַנטפּלעקונג. איך ווייס, עמוס, איר זענט אַן אַמביציעזער יונגערמאַן, נאָר איר האָט אַייערע פּערזענלעכע אַמביציעס פאַרבונדן מיטן כבוד פון אַייער פאָלק, און דער־מיט האָט איר העל באַלויכטן אַייער יוגנטלעכן וועג, געגעבן אַייערע יונגע חלומות שטאַרקע פליגל און הויכן שווונג. איך זע אָבער אָפּט אין אַייערע אויגן אויך אַ שאָטן פון צווייפל, וואָס קאָן זיך צעוואַקסן אין פינצטערן יאוש, און איך האָב צער דערפון, ווייל איך אַליין בין אויך מיט דעם געפּרווווט געוואָרן... איך ווייס ניט, ווי הויך עס פליִען אַייערע חלומות און ווי ווייט זיי זענען פון דער ווירקלעכקייט — איך וויל אַייך ניט באַלעסטיקן מיט אַזעלכע פראַגעס.

— איך האָב אַלערליי חלומות, — האָט עמוס געזאָגט שטיל, טיף גערירט פון מנוחינס רייד און פון זיין חברישער האַנט, וואָס איז וואַרעם געלעגן אויף זיינע אַקסלען. — איך האָב אפילו אַזעלכע נאַרישע חלומות, וואָס ווען איך זאָל אַייך זיי דערציילן, וואָלט איר פון מיר געלאַכט.

— בעסער דערציילט זיי מיר ניט, — האָט מנוחין געזאָגט ערנסט, — איך וויל פון אַייך ניט לאַכן... נאָר איין זאַך וויל איך אַייך דאָ זאָגן: יוגנט־חלומות ווערן אָפּט צערונען, ווען זיי שלאָגן זיך אָן אָן דער האַרטער ווירקלעכקייט. דעריבער זאָלט איר וויסן, אַז וואָס עס זאָל אין ארץ־ישראל מיט אַייך ניט פּאַסירן, וועט איר דאָרט שטענדיק געפינען אַ מענטשן, וואָס האָט אַייך שטאַרק אין זינען. אין שווערע מינוטן קומט צו מיר, ווי צו אַן עלטערן פריינד. איך וועל אַייך שטיצן — און אפשר וועל איך

פון אַייך אויך געשטיצט ווערן... איז אָפּגעמאַכט, עמוס? — האָט מנוחין געפרעגט און ליבלעך אים אַ דריק געטאָן ביי די אַקסלען.

— אָפּגעמאַכט, דאָקטאָר! — האָט עמוס געענטפערט הייס, אינגאַנצן אַ צעגומענער פון דאַנקבאַרקייט.

דערווייל איז די פינצטערניש אין דער לופט געוואָרן אַלץ שיטערער, דער ווינט האָט שוין געבלאָזן מילדער, די שוואַרצע כוואַליעדיקע וואַסערן ביי דער שיף האָבן אָנגעהויבן צו בלויען, געוואָרן אַלץ שטילער און שטילער, און דער טונקעלער הימל האָט זיך מיט אַ מאָל אויסגעבלייכט. איצט האָבן די נעבלדיקע סילועטן זיך אַרויסבאַוויזן גאָר נאָענט און דייטלעך — די שיף איז פּאַמעלעך געשווומען פאַרביי אַ לאַנגער קייט פון גרויע נידעריקע בערג.

— זעט נאָר, ווי ס'איז פּלוצים ליכטיק געוואָרן! — האָט מנוחין אויסגערופן שטאַרק פאַרחידושט. — ווי שאַרף עס בייט זיך דאָ נאַכט אויף טאָג!... און וואָס פאַר בערג זענען דאָס? שוין־זשע דער כרמל?

— יאָ, — האָט עמוס געענטפערט, — מיסטער צעדערבוים האָט געזאָגט, אַז צום ערשטן וועלן מיר דערזען דעם כרמל.

— אָבער דער כרמל, ווי מען באַשרייבט אים, דאַרף דאָך זיין גרין באַוואַקסן! — האָט מנוחין זיך געוווּנדערט, קוקנדיק באַטריבט אויף די וויסטע גרויע בערג, וווּ ס'איז ניט געווען צו זען קיין איין בוים, קיין סימן פון קיין גראָז.

— מיסטער צעדערבוים זאָגט, אַז נאָר יענער טייל כרמל, וואָס ליגט ביי חיפה, איז גרין. די איבעריקע קייטן פון דעם באַרג דאַרפן מיר ערשט באַפלאַנצן.

אויף די ווערטער איז אָנגעקומען מיסטער צעדערבוים אַליין. ער איז אַרויס אויפן דעק צוזאַמען מיט זיין ווייב און מיט שולמיתן, וועלכע איז געווען אַיינגעוויקלט פון קאָפּ ביז פיס אין אַ וואַרעמער וואָלענער קאָלדרע, אַזוי אַז עס האָט זיך אַרויסגעזען נאָר איר אויסגעבלייכט נאַאיוו פּנימל מיט די ברייט־צעעפנטע בלויע אויגן.

— וואָס דאַרף איך די קאָלדרע? — האָט שולמית גלייך ביים אַרויפקומען אויפן דעק גענומען פּראָטעסטירן צו דער מוטער. — איך וויל ניט באַגעגענען ארץ־ישראל אין אַ קאָלדרע!...

— נישקשה, נישקשה! — האָט זי די מוטער נאָך שטייפער אַיינגעוויקלט אין דער קאָלדרע. — אויף מיר די עבירה!... שאַ, אָט איז עמוס!

און אָט איז אויך אונדזער דאָקטער! דו האָסט זיך אומזיסט אָפּגעגעסן דאָס האַרץ, שולמיתל...

— נו? — האָט זיי מנוחין באַגעגנט פריילעך. — וואָס מאַכט מיין יונגע פּאַציענטין?

— דאַנקען גאָט! — האָט מיסעס צעדערבוים געענטפערט מיט אַ ליכטיקן פּנים. — ווי זאָגן דאָס ביי אונדז די ווייבער: פריער גאָט, דערנאָך איר, טייערער דאָקטער...

— די טעמפּעראַטור איז נאָרמאַל?

— ווי מיט דער האַנט אַוועקגענומען!

— גוט געשלאָפן?

— אָפּגעשלאָפן, קיין עין־הרע, אַ גאַנצע נאַכט. זי וואָלט נאָך איצט אויך געשלאָפן, — האָט זי אַוועקגעשטעלט דעם וועק־זייגער אויף האַלב זעקס, אויפגעוועקט אַלע טוריסטן אויפן שיף.

— זי האָט גוט געטאָן! — האָט מנוחין געזאָגט מיט אַ שמייכל. — יידן טאָרן אין אַזאַ צייט ניט שלאָפן... נו, מיסטער צעדערבוים, וואָס שווייגט איר? מיר זענען שוין אין ארץ־ישראל! איר זעט?

— איך זע!... — האָט מיסטער צעדערבוים געזאָגט מיט אַ מאָדנע פאַרדומפּטן קול, זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער פּאַרענטשע אַן איינגעהויקערטער, שטייף אָנגעהאַלטן זיך מיטביידע הענט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַנידערצופאַלן, און געקוקט פאַר זיך אין דער לופטן מיט פאַרגלעזערטע אויגן. — איך זע, און איך גלייב ניט אַז איך זע... איך זע, נאָר עס דאַכט זיך מיר, אַז ס'איז אַ חלום... היינו כחולמים... אָט דאָס איז ארץ־ישראל, אונדזער לאַנד?... אונדזער הימל, אונדזער לופט, אונדזער ים!... און אָט דאָס איז דער כרמל, אונדזער כרמל... סאַמע ביים ברעג ים... פּונקט ווי אין פּסוק שטייט: „וככרמל בים יבוא"..

ער האָט זיך אָנגעבויגן צו זיין טעכטערל, וועלכע איז געשטאַנען און געציטערט, אַן איינגעוויקלטע אין דער קאָלדרע, און האָט זי אַרומגענומען.

— שולמית מיין טאָכטער, קינדערלעך מיינע האַרציקע!... — האָט ער גערעדט צו איר ווי אַ באַרווישטער, געמישט העבּרעאיש מיט יידיש. — נו, וואָס האָב איך דיר געזאָגט?... סוף־כל־סוף האָבן מיר ביידע זוכה געווען!... ארץ־ישראל!... ענדלעך דערלעבט!... געוואַרט אַזוי לאַנג, ביידע געוואַרט.. זינט מיין זיידע, עליו־השלום, האָט מיר געבראַכט חמשה־עשר

צום ערשטן מאָל זיסע באַקסערן פון ארץ־ישראל... איך בין דעמאָלט נאָך קיין פיר יאָר ניט אַלט געוועזן... ווײ, ווײ, ווײ!... גאָט, גאָט, גאָט!...

אַלע האָבן געשוויגן, געשטאַנען אַרום אים פון בײדע זײטן, ווי פאַרכאַפּט פון זײַנע רייד. אין דער צייט איז עפּעס געשען פאַר זייערע אויגן. פון הינטער דער נעבלדיקער פינצטערניש פון די בערג האָט גענומען שלאָגן אַ העל־רויטע ליכטיקייט, וואָס האָט באַפאַרבט אַ שטיק הימל אין צאַרטן אָראַנזש און אָנגעפילט די לופט אַרום און אַרום מיט אַ זעלטענער פאַרטראַכטער בלייכקייט. עס איז געוואָרן מאָדנע שטיל — קיין ווינטעלע האָט מער ניט געבלאָזן, קיין כוואַליע האָט ניט געשלאָגן. באַלד האָבן זיך די קײַלעכיקע קעפּ פון די בערג גענומען צינדן אין העליש פײַער, באַקומען דעם אָנבליק פון גיגאַנטישע גליִענדיקע קוילן, געשפּריצט צום הימל מיט הייסע פונקען. און גלייך נאָך דעם האָט פון דאָרט אַרויסגעשאָסן מיט מוראדיקער קראַפט און געשווינדקייט אַ גרויסע, ריינע, יונגע, העל־פלאַקערדיקע זון. קליינע רויטלעך־גרויע וואָלקנדלעך האָבן גענומען לויפן אַרויף, זיך געשמאָלצן איינס נאָכן אַנדערן ווי שניי, דער הימל איז געוואָרן אַלץ ריינער און צאַרטער, און די לופט האָט געשטראַלט אין שטילן דורכזיכטיקן ליכט, דורכגענומען פון זיסער באַגינענדיקער וואַרעמקייט. די קליינע גרופּע האָט ניט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון די בערג, געשטאַנען ווי באַצויבערט פון דער ווונדערלעכער זעאונג.

— דאָס איז דאָך אונדזער זון! — האָט מיסטער צעדערבוים אויסגערופן אין העכסטן עקסטאַז, קוקנדיק פאַרגאַפט צום הימל. — איר פאַרשטייט, קינדערלעך, וואָס דאָס איז? ס'איז אונדזער אייגענע ארץ־ישראלדיקע זון, וואָס האָט נאָך געשיינט דאָ אין אברהם אָבינוס צייטן!... אונדזער זון איז אויפגעגאַנגען!...

ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, ווי פאַרחלשט, זיך אָנגעכאַפּט אין דער פאַרענטשע, און פּלוצים איז ער צוגעפאַלן מיטן פּנים צו דער האַנט, ווי מען פאַלט „תחנון", און זיך שטיל צעוויינט.

קאַפּיטל אַכצן

# דער עולם צעשפּרייט זיך

אַרום אַכט אַזייגער אינדערפרי האָט די שיף געאַנקערט ניט ווייט פון חיפה, אַזוי אַז פונעם דעק האָט מען געקאָנט זען ניט נאָר דעם קליינעם אַלטן האַפן מיט די נידעריקע געביידעס און שפּייכלערס, נאָר אויך די גאַנצע שטאָט, ווי זי טוליעט זיך צופוסנס ביים כרמל מיט אַלטע, פאַרגעלטע אָריענטאַלישע מויערלעך און מינאַרעטן און קלעטערט אַרויף באַרג מיט נייע, העל־בלאַנקענדיקע מאָדערנע הייזער און ווילעס. איבער די רויטע און גרינע דעכער פון דעם נייעם טייל שטאָט, ווי אויך איבער די פעלדזיקע, פליכצוואַטע שיפּועים פון דעם באַגרינטן באַרג, האָט אויפגעשיינט אַ פרישער ליכטיקער וואַרעמער פרימאָרגן, מיט אַ הויכן ריינעם בלויען הימל — עס האָט זיך אָנגעהויבן איינער פון די זעלטענע זוניקע ווינטער־טעג אין ארץ־ישראל, וואָס קומען נאָך די גרויסע שטאַרקע רעגנס און ברענגען מיט זיך די בשורה פון פרילינג אום סאַמע שבט.

די יידישע פּאַסאַזשירן פונעם טוריסטן־קלאַס זענען שוין אַלע געווען פאַרזאַמלט מיט ווייבער און מיט קינדער אויפן דעק, באַלאַגערט די פּאַרענטשעס, געשטאַנען און שטיל געגאַפט, ניט געגלייבט זייערע אויגן, אַז דאָס זעען זיי פאַר זיך ענדלעך דאָס געגאַרטע לאַנד, דאָס אַלטע וווּנדערלאַנד פון די אָבות. אַ טייל פון זיי האָבן געקוקט מיט אויסגע־צויגענע העלדזער און מיט ווייט־פאַרריסענע אויגן, געהאַט אַ פאַר־חידושטן, כמעט קינדערשן אויסדרוק אויף די פאַרעלטערטע פּנימער, און אַנדערע האָבן אויסגעזען ווי אַנטוישט, עפּעס ווי ניט דאָס האָבן זיי אויסגעוואַרעמט אין זייער פאַנטאַזיע זינט די ווייטע קינדער־יאָרן. ביס־לעכווייז האָט דער עולם איבערגעריסן דאָס שטילשווייגן און איז געוואָרן באַרעדעוודיק.

— אַזוי, אַזוי! — האָט איינער אָפּגעזיפצט מיט אַ לייכטן פאַר־טראַכטן זיפץ. — הייסט עס, אָט דאָס אַ טאַקע איז, אַפּנים, ארץ־ישראל!...

— יעס, — האָט באַשטעטיקט אַ צווייטער אויך מיט אַ זיפץ, — אַפּנים, אָט דאָס איז עס...

— וואָס דערציילן זיי דאָרטן, אַז דאָס זאָל זיין דער באַרג כרמל? — האָט זיך געוווּנדערט אַ דריטער. — עפּעס זעט ער מיר גאָרניט אויס ווי דער כרמל!...

— ווי אַזוי, אַשטייגער, האָט איר געוואָלט, אַז דער כרמל זאָל אַייך אויסזען? — האָט אַ פערטער זיך שוין געוויצלט. — ווי ביי אונדז אין ברוקלין די סעמעטערי „מאָונט כרמל"?...

— איך ווייס? אַנטקעגן אונדזערע „קעטסקילס" איז דאָס עפּעס גאָר אַ נאַטהינג... מאַכטייסע, אַ בערגל...

— איר זעגט, ווייזט אויס, אַנדערש נישט געהאַדעוועט געוואָרן נאָר אויף די „קעטסקילס"! — האָט דאָס שוין פאַרדראָסן איינעם פון די אויסגעשפּראָכענע ציוניסטן. — איר מעסט דאָס גאָר אויפן יאַרד? דער עיקר איז דאָך דאָ די... די... די הייליקייט, די... די... יידישע היסטאָרי...

— און איך זאָג אַייך, יידן, — האָט אַ זאָג געטאָן נאָך איינער, קוקנדיק פאַרטראַכט צו דער יבשה, — אַז ס'איז טאַקע מאָדנע... אַזוי, פון אויבנאויף, אַז מע קוקט דאָס אָן אָט אַזוי אָ פון דער ווייטן, דאַכט זיך אַייך אויס, אַז גאָרנישט... אַ געוויינלעך שטיקל לאַנד...

— וואָס זשע האָט איר געמיינט? ארץ־ישראל איז מיט הערנער?

— ניט מיט הערנער, נאָר כ'מיין... ס'איז דאָך עפּעס פאָרט ניט קיין קלייניקייט — ארץ־ישראל!...

— חיפה, דאַרפט איר וויסן, איז נאָך ניט ארץ־ישראל; ס'איז מער פּאַלעסטינע, ווי ארץ־ישראל...

— נאַ דיר גאָר אַזאַ מין סברה! וואָס איז דער חילוק צווישן פּאַלעסטינע און ארץ־ישראל?

— קיין שום חילוק ניט!

— זאָגט דאָס ניט, דזשענטלמאַן! אָט האָט אונדזער היברו טיטשער דאָ ניט לאַנג עקספּלעינט, אַז ס'איז יעס פאַראַן אַ שטיקל דיפערענץ!... — האָט זיך אַריינגעמישט אַ קליין דאַר מענטשל אין אַ צו־גרויסן רייזע־היטל, וואָס איז געשטאַנען און זיך געהויקערט ווי פון קעלט הינטער די שמועסער, נייגעריק צוגעלייגט אַן אויער און געהאַט אַ פּנים פון אַ גר, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַ שול צווישן יידן. דאָס איז געווען דווקא ניט קיין פּראָסטאַק, נאָר אַ געשטודירטער אַפּטייקער, דער זעלבער, אויף וועמען די טוריסטן האָבן דערציילט, אַז ער פאָרט קיין תל־אביב עפענען אַן אַפּטייק פון האַרצווייטאָג, מחמת זיין ווייב האָט אים אַוועק־

געוואָרפֿן און איז אַוועק צו אַן אַנדער אַפּטייקער. פֿאַר די דריי וואָכן, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אויף דער שיף, האָט ער זיך אַזוי אויסגעריבן אין ייִדישקייט און ציוניזם, אַז ער איז געוואָרן איינער פֿון מיסטער צעדערבוימס בעסטע תּלמידים. ער איז טאַקע איצט צוגעגאַנגען צו אים מיט אַ שאלה, ווי אַ תּלמיד צו אַ רבין:

מיסטער צעדערבוים, וואָס האָט איר אַנומעלטן געזאָגט, — אַיאָ, ס'איז אַ דיפֿערענץ ביטווין פּאַלעסטאַין ענד ערציסראָל?

— ווי ביטווין יכּכּה" ענד „יבבה"!... — האָט אים מיסטער צעדערבוים געענטפֿערט מיט אַ ליכטיקן שמייכל, אין פֿריילעכן הומאָריסטישן טאָן. ער איז שוין איצט געווען אינגאַנצן באַרואיקט נאָך דער ערשטער אויפֿרודערונג באַגינען. ער איז געשטאַנען מיט שולמיתן אַ שיינענדיקער, אַ גליקזעליקער, געקוקט אין שטילער התפּעלות אויפֿן טייערן, ליבהאַרציקן לאַנד, געגלעט מיט די אויגן יעדן שפּיץ דאַך און יעדן בולטן שטיקל ערד, וואָס האָבן געשטראַלט פֿון דער ווייטן אין דער דורכזיכטיקער לופֿט, אונטער דער גאָלדענער זון, אויסגעגאַנגען פֿון מתיקות ביים געדאַנק, אַז אָט באַלד, נאָך אַ האַלבע שעה, נאָך אַ שעה, וועט ער דאָס דערפֿילן נאָענט, מיט אַלע זיינע חושים, זיך צונויפֿגיסן מיט דעם און ווערן איינס... אומזיסט האָט אים דאָס ווייב דערמאָנט, אַז מע דאַרף גיין עפּעס טאָן מיטן באַגאַזש — זיי פֿירן מיט זיך, קיין עין־הרע, אַזאַ באַגאַזש, זייער גאַנצע באַלעבאַטישקייט, וואָס האָט זיך ביי זיי אָנגעקליבן אין אַמעריקע פֿאַר וואָסערע פֿופֿצן יאָר, אַחוץ זיין ביבליאָטעק, קאַסטנס מיט ביכער, — ווי אַזוי לאָזט מען דאָס איבער אויף הפקר? מיסטער צעדערבוים האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פֿונעם אָרט.

— זהבה! — האָט ער זיך געבעטן ביי זיין ווייב רחמים, אָנגערופֿן זי צום ערשטן מאָל מיטן נייעם העברעאישן נאָמען, וואָס ער האָט איר געגעבן אַנשטאָט דעם אַלטן ייִדישן נאָמען גאָלדע. — זהבה, טייערינקע, האַרציקע מיינע! לאָז מיך פֿריער זיך זאַט אָנקוקן אויף ארץ־ישׂראל! דעם באַגאַזש וועט דער טייוול ניט נעמען!

— וואָס הייסט, דער טייוול וועט אים ניט נעמען? זיי זאָגן דאָך, אַז די אַראַבער וועלן אונדז באַפֿאַלן מיט אַזאַ ליאַרעם, אַז מיר וועלן חלילה בלייבן אָן באַגאַזש, וויי איז מיר!...

— וואָס הערסטו, וואָס זיי זאָגן דיר? דו הער בעסער, וואָס איך זאָג דיר! איך ווייס מער פֿון זיי אַלעמען, ווי אַזוי צו האַנדלען מיט

אַראַבער!... שאַ, וואָס טוען די דובראָווס מיט זייער באַגאַזש? ווו איז דער פרא־אָדם דובראָוו?

און ער האָט זיך פאָרט אָפּגעריסן פונעם אָרט, זיך געלאָזט גיין איבערן דעק זוכן דובראָוון, געטראָפן אים ערגעץ אין אַ ווינקל, ווי אַזוי ער שטייט איינער אַליין מיט די הענט אין די קעשענעס און קוקט מיט אַ פאַרטראַכטן, באַהאַרצטן פנים צו דער יבשה.

— שאַלאָם, לאַנדסמאַן! — האָט ער אים באַגריסט אין אַ געהויי־בענער שטימונג. — איצט זענען מיר דאָך טאַקע אמתע לאַנדסלייט, קינדער פון איין לאַנד... וואָס זאָגט איר עפּעס אויף אונדזער חיפה?

— אַ שטאָט! — האָט מיסטער דובראָוו געשמייכלט.

— נו, און דער כרמל?

— אַ באַרג!

מיסטער צעדערבוים האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט ווי מיט באַדויער און גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ:

— אוי, זענט איר אַ רשע! אַ רשע מרושע!... זאָגט כאָטש איין גוט וואָרט אויף ארץ־ישראל, טוט אַ טובה אַ יידן, גזלן!... אָט שטייט איר דאָך און שפּיגלט זיך אין איר ליכטיקן פנים — איך זע דען ניט?...

— וויבאַלד איר זעט, וואָס זשע דרייט איר מיר אַ ספּאָדעק?...

— זאָגט זשע מיר, אָדון דובראָוו, — האָט מיסטער צעדערבוים שוין גענומען רעדן צו אים אין ארץ־ישראל־שפּראַך, — איר זענט דאָך אַ „סעטלער", פּונקט ווי איך, — וואָס טראַכט איר, אַשטייגער, טאָן מיט אייער באַגאַזש?

— מיט וואָסער באַגאַזש?

— איר פירט דאָך דאָ מסתמא אייער באַלעבאַטישקייט. איך האָב אויף זיך, קיין עין־הרע, אַ היפּש פּעקל, און איך ווייס גאָרניט, ווי אַזוי וועל איך דאָס אַריבערפּעקלען קיין תל־אביב!

— ערשטנס, — האָט מיסטער דובראָוו געזאָגט מיט גדלות, — פאָר איך ניט אַהין ווו אַלע. ניט קיין תל־אביב פאָר איך, נאָר אין עמק. און צווייטנס, האָב איך פיינט צו שלעפּן זיך מיט באַלעבאַטישקייט פון לאַנד צו לאַנד. איך האָב מיין באַלעבאַטישקייט צו רעכט געמאַכט נאָך אין שיקאַגאָ, פאַרברענט הינטער זיך אַלע בריקן...

— הערט אַ מעשה! — האָט אים מיסטער צעדערבוים אָנגעקוקט מיט אָפענער התפעלות. — איר פאָרט אין עמק און האָט פאַרברענט

צוליב ארץ־ישראל אַלע בריקן... און איר ווילט מיר, הייסט עס, איינ־שמועסן, אַז איר זענט אַ קאַלטער ייד?... איר ווייסט, וואָס איר זענט? אַט וועל איך אַייך זאָגן, — איר זענט אַ למד־וואָווניק!...

דערווייל האָבן זיך אויפן ים געגומען באַווייזן קליינע שיפלעך, וואָס זענען געלאָפן פונעם ברעג מקבל־פנים זיין די אַמעריקאַנער געסט. דעם ערשטן גרוס פון ארץ־ישראל האָבן אָפּגעגעבן באַרוועסע אַראַבער אין ברייטע טאָרבעדיקע הויזן; זיי האָבן געבראַכט צו פירן פולע קערב מיט גרויסע פרישע מאַראַנצן — די ליכטיקע, שמייכלענדיקע פירות פון דעם לאַנד. גלייך נאָך דעם האָט זיך דערנענטערט אַ יידיש שיפל. אין דער קלאָרער זוניקער לופט האָט געפלאַטערט אַ ווייס־בלויע פאָן, און פון דעם איבערגעפּאַקטן שיפל האָבן אַרויסגעשריען און געמאַכט מיט די הענט יידישע בחורים און מיידלעך, מיט פריילעכע אָפּגעברענטע פנימער. דערזען אַזאַ זאַך, האָט מיסטער צעדערבוים זיך אַ לאָז געטאָן צוריק אויף זיין אָרט, דורכגעשטופּט זיך צו שולמיתן און גענומען מאַכן מיטן היטל צו די אָנגעקומענע.

— שלום, אחינו! — האָט ער אַראָפּגעשריען פייערלעך אויף דער העכסטער אָקטאַווע. — שלום לבני הארץ מאת שבי הגולה! (פרידן צו אַייך, ברידער! פרידן צו די קינדער פונעם לאַנד פון די צוריקגע־קומענע פונעם גלות!)...

— שלום וברכה! — האָבן אים אָפּגעענטפערט עטלעכע יונגע פריי־לעכע קולות, און באַלד האָבן זיך אונטן, צום לייטער פון דער שיף, גענומען שטופּן איינע איבער די אַנדערע עלטערע און ייִנגערע פּאַר־שוינען — אַ געמיש פון קאַשקעטן, געשווירענע מיידעלשע קעפּ, לעדערנע רעקלעך, סוועטערס, מיט סטאַטעטשנע, בכבודיקע היט און מאַנטלען. נאָך אַ מינוט — און די פריילעכע קאָמפּאַניע האָט זיך אַריינ־געריסן צווישן דעם עולם טוריסטן אויפן דעק, ווי אַ פרישער שטאַרקער שטראָם פון אַ נייער אויפגייענדיקער וועלט. עס האָט זיך געלאָזט הערן דער געלויפיקער, אומגעצאַמטער, קלאַפּנדיקער ריטם פון דעם ארץ־ישראלדיקן העברעאיש, מיט אַן איבערפלוס פון קורצאָטעמדיקע פּתח׳ן און האַרטע טית׳ן און תיו׳ן. קרובים האָבן זיך געקושט, פריינד האָבן זיך לאַנג געשאָקלט איינע די אַנדערע די הענט, די געציילטע אַמערי־קאַנער חלוצים זענען געשטאַנען אַרומגערינגלט פון אַ גרופּע בחורים און מיידלעך, מיט שמייכלענדיקע רויט־אָפּגעברענטע פנימער. צוויי

פאַרשווינבען פון דאָרפישן אויסזען, איינער אַ הויכער און איינער אַ נידע־ריקער, האָבן אַריינגעקוקט יעדן טוריסט אין פּנים אַריין, זיך נאָכגעפרעגט אויף פינחס דובראָוו.

— פינחס דובראָוו? ער איז דאָ! קומט, איך וועל אײַך ווייזן! — האָט זיך מיסטער צעדערבוים מיט זיי דערפרייט, ווי מיט אייגענע, און גלייך צוגעגעבן מיט אַ גליקלעכער מינע אויף העברעאיש: — איך בין משער, אַז דאָס איז מסתמא זיין באַרימטער שוואָגער, אָדון בערל שמשי?

— יאָ, בערל שמשי, — האָט דער העכערער געזאָגט מיט אַ שמייכל,— הגם ניט אַזוי באַרימט...

מיסעס דובראָוו איז געווען איבערראַשט. זי האָט געטראָגן אין זכרון דאָס געשטאַלט פון איר ברודער, ווי ער איז געווען אין דער היים מיט אַ יאָר פינף־און־צוואַנציק צוריק, און ווי זי האָט אים נאָכדעם געזען אויף אויף עטלעכע יוגנט־בילדער: אַ יונגער בחור אַ ברען, ווילד און שוואַרץ באַוואַקסן מיט לאַנגע האָר און מיט אַ פּריצייטיקן בערדל, אַ פלאַם־פייערדיקער רעדנער און דעבאַטאַנט ביי די פּועלי־ציון. איצט האָט זי פאַר זיך דערזען אַ פרעמדלעכן מאָגערן פאַרשוין, אַ געעלטערטן, אַ קורץ־געשוירענעם, שוין מיט גרויע שלייפן, מיט אַן אָפּגעברענטן אויסגעטריקנטן געגאָלטן פּנים און מיט אַן אויסגעהאָרעוועטן, אויסגעדאַרטן האַלדז, ווי ביי אַן עכטן פויער. נאָר דער אויסדרוק פונעם פּנים איז געבליבן כמעט דער אייגענער: די זעלבע ריינע ביינזלעכע ערלעכקייט אונטער די גע־שוירענע וואָנצעס, דער זעלבער הייסער אויפבליץ פון די אויגן, דער זעלבער פלוצימדיקער שמייכל, וואָס שיינט אַרויס ווי פון אַ וואָלקן — פונקט ווי ביי עמוסן.

— אוי, ווי מיר ווערן אַלט! — האָט מיסעס דובראָוו שטיל אַרויס־גערעדט, געקוקט אויפן ברודער מיט טרערן אין די ווייכע גלעטנדיקע אויגן.

— יאָ, טייבעלע, — האָט דער ברודער צוגעשמייכלט טרויעריק, — מיר זענען שוין ניט יונג... דו זעסט אויך אויס עפּעס מאָדנע, ווי... ווי... אַן אמתע אַמעריקאַנער טוריסטין, און שוין אויך גרוי!

— נו, און מיין פיניען זעסטו דאָך צום ערשטן מאָל?

— בודאי צום ערשטן מאָל! נאָר געהערט האָב איך פון אים נאָך אַמאָל, אין אונדזערע שטעטלעך, בעת ער האָט געשמט מיט זיינע בונדיס־טישע גבורות...

— שוין אויס גיבור און אויס גבורות! — האָט פּיניע דובראָוו געזאָגט מיט אַ וואַרעמען שמייכל, האַלטנדיק די הענט אין די קעשענעס.

— אַזוי? זענט איר גאָר געווען אַמאָל אַ בונדיסט? — האָט אויסגערופן מיסטער צעדערבוים, וואָס איז דאָ געשטאַנען אַ ביסל אָן דער זייט מיט אַ פּנים פון אַ פאַראינטערעסירטן ווייטן קרוב. — ווײַבאַלד אַזוי, זענען מיר פאַרענטפערט אַ סך קשיות!...

— און דאָס איז, הייסט עס, עמוס, אייער בעל־החלומות, וואָס האָט אייך מיט גוואַלד אַרויסגעצויגן פון מצרים? — האָט בערל שמשי געזאָגט און וואַרעם אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף עמוסעס אַקסלען.

— וואָס מיינט בעל־החלומות? — האָט עמוס שטיל אַ פרעג געטאָן די מוטער.

— אַ דרימער, מאַי באָי! — האָט אים מיסטער צעדערבוים דערקלערט מיט אַ ליכטיקן פּנים.

— איך בין ניט קיין בעל־החלומות! שוין מער ניט!... — האָט עמוס געזאָגט מיט אַן אָנגעכמורעטן פּנים.

— מיר זענען אַלע בעלי־חלומות, עמוס חביבי! — האָט אים שמשי אַ גלעט געטאָן די באַק. — אלא וואָס דען? מיר זענען זיך מתאמץ, מיר סטאַרען זיך, הייסט עס, ככל האפשר, ווי ווייט ס'איז מעגלעך, מהפך זיין, איבערקערן, הייסט עס, אונדזערע חלומות, מקרב זיין זיי, הייסט עס, אל המציאות, צו דער ווירקלעכקייט, הייסט עס...

— אַ מאָדנע שפּראַך דאָ ביי אײַך! — האָט פּיניע דובראָוו באַמערקט שוין איראָניש. — אַ פּסוק לשון־קודש און אַ פּסוק יידיש... איז דאָך שוין גלייכער רעדן פּראָסט יידיש — עס איז עקאָנאָמישער!...

בערל שמשי האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין שוואָגער פינצטערלעך — ער האָט דערשמעקט אַ קעגנער.

— מיר זענען דאָ אָפּגעוווינט פון רעדן יידיש, און מיר דאַרפן דאָ ניט רעדן יידיש! אונדזער שפּראַך אין ארץ־ישראל איז עברית — אויך אַ יידישע שפּראַך!... הכלל, דאָס זענען דברי שטות, נאַרישקייטן, הייסט עס... ווערט דאָ פאַרטיק, קינדער, מיט אַייערע פּאַספּאָרטן, וועלן מיר גלייך פאָרן אַלע אַהיים.

— וווהין, אַהיים? — האָט מיסטער דובראָוו געפרעגט, אַ ביסל אומצופרידן פון זיין שוואָגערס טאָן.

— צו אונדז אַהיים, קיין יעזר.

— אין דער קבוצה?

— יעזר איז ניט קיין קבוצה, נאָר אַ מושב, אַ קאָאָפּעראַטיווער דאָרף. ביי אייך, אַמעריקאַנער, הייסט אַלץ „קבוצה"... ווי זאָגט מען דאָס אויף יידיש: „אַלע יוונים האָבן ביי אייך איין פּנים"...

— נו, אַדרבה, פּרווט דאָס זאָגן אויף לשון־קודש!... — האָט מיסטער דובראָוו זיך מיט אים ווידער אַ רייץ געטאָן.

— בקיצור, נו! — האָט אויף אים שמשי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: „מאָדנע בטלנים וואַקסן אין אַמעריקע!"... — מיר האָבן דאָרט אין האַפן אונדזער אויטאָ, טאַקע אַן אַמעריקאַנער טראָק. מיר האָבן געבראַכט פּאַרטאָג אונדזער מילך קיין חיפה, ווען מיר אייך איצט קאָנען נעמען אַלעמען, מיט האַק און פּאַק, וויפיל באַגאַזש איר האָט... אָט דאָס איז אונדזער פירער, אונדזער שאָפער הייסט עס, חבר בן־צבי, — האָט שמשי אָנגעוויזן אויף זיין באַגלייטער, וואָס איז געשטאַנען אָן דער זייט און מיט אַ שמייכל באַטראַכט די אַמעריקאַנער. — נו, עמוס, פאָרסטו מיט אונדז קיין יעזר האָרעווען שווער?

— איך פאָר! — האָט עמוס געזאָגט פריילעך. דער פעטער איז אים וואָס ווייטער אַלץ מער געפעלן געוואָרן.

— נאָר איין זאַך זאָלסטו וויסן: ביי אונדז אין יעזר וועסטו ניט זיין קיין בן יחיד. מיר האָבן דאָרט, דאַכט זיך, אַ גאַנצן טוץ עמוסעס. וויפיל עמוסעס האָבן מיר ביי אונדז? — האָט שמשי אַ פרעג געטאָן זיין חבר.

דער חבר האָט זיך נאָך מער צעשמייכלט און גענומען ציילן פאַר זיך שטיל אויף די פינגער.

— מיט דעם פאַראַכטאָגעדיקן ברית, זאָלן געזונט און שטאַרק זיין, — ניין!

— נו, וועסטו זיין אַ צענטער. פּונקט אַ מנין!...

אויך ד"ר מנוחין איז באַגעגנט געוואָרן אויפן דעק פון זיינע קרובים — פון דער שוועסטער מיט איר מאַן. דאָס איז געווען פאַר אים אַ שווערע באַגעגעניש. די שוועסטער, אַ גרויסע דיקלעכע דאַמע, אין שוואַרצן אָנטאָן, איז אים געפאַלן אויפן האַלדז און זיך שטיל צעיאָמערט. איר מאַן, אַ טרוקן מענטשל, אַ ציכטיקער, אַ פאַרשפּילעטער אויף אַלע קנעפּלעך, איז געשטאַנען באַשיידן אָן דער זייט און געפינטלט מיט די אויגן. מנוחין איז געווען מאָדנע בלייך. ער האָט שטום געגלעט די פרעמדלעכע פרוי־

איבער דער דיקער פּלייצע, געפילט צו איר נאָר רחמנות און ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן.

— דו האָסט מיר געשריבן, סראַליקל, — האָט די שוועסטער גע־יאָמערט, — אַז דו קומסט זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל צוליב זיין ליכטיקן אָנדענקען... אַזאַ ליכטיקע קרוין איז ביי מיר אַוועקגענומען געוואָרן, פינצטער איז געוואָרן מיין לעבן!...

— נו, גענוג, אסתרל, גענוג צו וויינען, — האָט דער מאַן זיך ביי איר געבעטן מיט אַ טרוקענעם קול, — מיר האָבן שוין אונדזערס לאַנג אָפּגעוויינט...

ער האָט אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ צונויפגעלייגט ווייס טיכל, פינקטלעך עס צענומען, אָפּגעטרייסלט, און פּאַמעלעך זיך אויסגעווישט די ווינקלען פון די אויגן. מנוחין האָט אים אַ ווײַלע באַטראַכט. דאָס איז געווען פאַר אים כמעט אַ פרעמדער מענטש, מיט וועמען ער האָט זיך געטראָפן נאָר איין מאָל אין לעבן, בשעת די שוועסטער האָט פאַר אים חתונה געהאַט. דעמאָלט איז דאָס געווען אַ זון פון אַ קליינשטעטלדיקן גביר, אַן אָפּגעפּוצט בחור אַ משכיל, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט עטלעכע מאמרים, וועלכע ער האָט אָפּגעדרוקט אין אַ העברעאישן בלאַט. וואָס פון אים איז פאַר דער צייט געוואָרן — האָט מנוחין ניט געוווּסט. ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „פון וואָס, אַשטייגער, הייבט מען אָן מיט אַזאַ מענטשן צו רעדן?"...

— נו? ווי אַזוי איז איצט די לאַגע אין לאַנד? — האָט מנוחין גע־מאַכט דעם ערשטן פּרווו.

— ניט שלעכט, — האָט דער שוואָגער באַשיידן געענטפערט און צוריק צונויפגעלייגט פינקטלעך דאָס ווייסע טיכל, — דאַנקען גאָט, ניט שלעכט... זינט נאָכן פּאָגראָם קאָנען מיר אויף דער לאַגע זיך ניט באַקלאָגן. די ביזנעס, ווי מען זאָגט דאָס ביי אייך אין אַמעריקע, האָבן זיך אַ ביסל פאַרבעסערט, מיר האָבן זיך ווידער גענומען בויען דאָס לאַנד, און מיר האָפן אויף בעסערע צייטן... דאַנקען גאָט, אויף צו־להכעיס די שונאים, ניט שלעכט... פאַרשטייט זיך, אַז די הויפּט־זאַך, וואָס פעלט אונדז דאָ אין לאַנד, איז מזומן געלט, קעש, ווי מע זאָגט דאָס ביי אייך אין אַמעריקע... ווען מיר האָבן דאָ גענוג מזומן געלט, קעש הייסט עס...

— וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט דאָ אויפן שיף רעדן פון קעש? — האָט זיך אויף אים די פרוי צעבייזערט. — וועסט נאָך האָבן צייט!...

דו האָסט פאַרלאָרן אַ זון, די איינציקע קרוין פון קאָפּ, רעדסטו נאָך פון קעש!...

— וואָס הייסט, איך רעד פון קעש? — האָט דער מאַן צוריק זיך אַ בייזער געטאָן. — איך רעד דען פון זיך אַליין? מע פרעגט מיך, ענטפער איך!...

דער וויכוח צווישן מאַן און ווייב וואָלט אפשר אָנגעגאַנגען ווייטער, ווען אינמיטן זאָל ניט געווען אָנקומען יהודית מיט איר פאָטער, און נאָך זיי — אַ יונג עלעגאַנט פּאָרפאָלק.

— איך זוך אייך דאָ אום — האָט יהודית געזאָגט צו מנוחינען אַ פריילעך־אויפגערודערטע. — דאָס איז מסתמא אייער שוועסטער מיטן שוואָגער, און ביי מיר איז פונקט פאַרקערט — אַ ברודער מיט אַ שוועגערין... זייט באַקאַנט: מיין פריינד ד״ר מנוחין פון ניו־יאָרק. פּאַרדאָן: דעם פּאַפּאַס פריינד, און מיינער אויך...

— שלום, אדוני! — האָט דער יונגער גאָרדאָן געצויגן זיין הוט און זיך שטייף פאַרנייגט. מנוחין האָט זיך אויך פאַרנייגט און זיך דערפילט אין אַ פאַרלעגנהייט. געשטאַנען אַ ווײַלע איינע אַנטקעגן די אַנדערע אָן ווערטער, האָט יהודית זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— נו, מיר וועלן זיך מסתמא נאָך טרעפן אין תל־אביב ניט איין מאָל. דערווייל דאַרף מען גיין פּטור ווערן פון די דערעסענע פּאַספּאָרטן — די באַאַמטע זענען שוין דאָ!

און זיי זענען באַלד אַוועק. מנוחין האָט נאָך צייט געהאַט צו באַמערקן, אַז דער יונגער גאָרדאָן האָט אַ שטייפן אָפיצערישן פּנים, גאָרניט ענלעך אויפן פאָטער מיט דער שוועסטער, און זיין פרוי איז צוגעפּראַוועט לויט דער סאַמע לעצטער מאָדע, שוין מיט אויסגעפּליקטע ברעמען.

— סראָליקל, ווער איז די קראַסאַווּיצע? — האָט די שוועסטער גע־פרעגט מנוחינען מיט אַ ווייכן פאַרגנבעטן קול, אַריינגעקוקט אים טיף אין די אויגן.

— אַ באַקאַנטע, — האָט מנוחין געענטפערט ניט־גערן.

— דו ווילסט, איך זאָל טרעפן, סראָליקל?...

— וואָס דאַרפסטו טרעפן? — האָט זיך אַריינגעמישט איר מאַן. — איך האָב שוין געטראָפן! דאָס זענען דאָך די באַוווסטע גאָרדאָנס, שטאַמען פון אונדזער געגנט. איך קען די גאַנצע משפחה. נו, און זי איז, ווייזט אויס, די טאָכטער.

— וואָס פאַר אַ מענטש איז דער זון? — האָט מנוחין געפרעגט.

— אין ביזנעס, ווי מע רופט דאָס ביי אַייך אין אַמעריקע, איז ער דווקא זייער פּעאיק, איינער פון די פּעאיקסטע פּרדסנים ביי אונדז, פאַר־מאָגט אויך עטלעכע גאָר פיינע מגרשים אין תל־אביב. ער האָט אָבער אַ שטיקל חסרון — ער מישט זיך אין פּאָליטיקע. ער איז פון די טומלער, וואָס טומלען ביי אונדז, וואָס רייסן אויף די אויגן ביי אונדזערע שונאים... נאָר גאָרנישט, איצט מעג מען אים מקנא זיין — דער פאָטער האָט אים מסתמא געבראַכט פון אַמעריקע, ווי מע זאָגט, אַ פיינע מטבע אין מזומן, אין קעש הייסט עס...

דער דעק איז ביסלעכווייז אָפּגעליידיקט געוואָרן. דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין ערשטן קלאַס צושטעלן די פּאַספּאָרטן צו די אימיגראַציע־באַאַמטע. מע האָט באַדאַרפט דורכמאַכן אַ לאַנגע און שווערע פּראָצעדור, אויסשטיין אַן עקזאַמען, זיך לאָזן שטעלן פּאָקן. דער איינ־ציקער, וואָס האָט דאָס אַלץ אויפגענומען מיט גרויס פאַרגעניגן, איז געווען מיסטער צעדערבוים — צוליב דער שפּראַך: די באַאַמטע האָבן אים אויסגעפרעגט אויף העברעאיש, דאָס שטעמפּל אויפן פּאַספּאָרט איז געגאַנגען אין העברעאיש, אַפילו די שוועסטער האָט אים געשטעלט פּאָקן אויף העברעאיש.

נאָר דער אמתער רעש האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, אַז מע איז צוגע־שווומען אויפן פּראַם צום האַפן און אַריינגעפאַלן אין חיפהער צאָל־אַמט. די קליינע ענגע געביידע איז געווען פאַרבאַריקאַדירט מיט הונדערטער מאַסיווע אַמעריקאַנער טראָנקס, וואַליזעס, רענצלעך און סתם פּעקלעך. די אַראַבישע באַאַמטע זענען אַרומגעלאָפן ווי דולע פון איין פּאַסאַזשיר צום אַנדערן און גאָרנישט ניט געטאָן. מיס זאַקהיים, אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצער קראָם פון קעסטלעך מיט קאַרטאָנענע שאַכטלעך, צווישן זיי אויך אַ פאַרפּאַקטער גראַמאָפאָן, האָט געטענהט מיט די אַראַבער אויף איר געכאַפּטן ענגליש, אַז דאָס פירט זי די אַלע זאַכן ניט אויף צו פאַר־קויפן — דאָס פירט זי מתנות די אָרעמע חלוצים אין עמק... מיסטער צעדערבוים איז געשטאַנען אַ פאַרמויערטער צווישן זיינע קאַסטנס מיט ביכער און אַרויסגעקוקט שטאַרק פאַרצווייפלט. אין דעם דאַזיקן טומל האָט עמוס אַ רוף געטאָן שולמיתן אין דרויסן אַרויס, זיך פאַרקליבן מיט איר ערגעץ אין אַ שטילן ווינקל, ווו מענטשן זענען זעלטן פאַרבייגעגאַנגען, און האָט איר געזאָגט:

— איך פאָר באַלד אַוועק אין עמק זיין אַן ערד־אַרבעטער. מיר דאַרפן זיך געזעגענען.

— יאָ, — האָט אים שולמית נאָכגעזאָגט מיט אַ ציטערדיקן קול, — מיר דאַרפן זיך געזעגענען...

— ענדיקט וואָס גיכער האַי־סקול אין תל־אביב און קומט צו פאָרן צו מיר אין עמק.

— איך וועל טאָן אַלצדינג, אום צו ענדיקן וואָס גיכער...

— און איצט, — האָט עמוס זי אָנגענומען ביי דער האַנט און געקוקט אויף איר זייער ערנסט, — וועל איך אייך זאָגן אין אונדזער נאַציאָנאַלער שפּראַך: שלום, להתראות שם בעמק יזרעאל! (אויף ווידערזען דאָרט אין עמק)... ריכטיק געזאָגט? אָן גרייזן?...

— אויסגעצייכנט! אָן איין גרייז!...

עמוס האָט אָבער נאָך אַלץ געהאַלטן שולמיתעס ציטערדיק הענטל אין זיין האַנט און געקוקט אויף איר זייער ערנסט. און פּלוצים האָט ער זיך אָנגעבויגן צו איר און זי אַ קוש געטאָן גלייך אין די ליפּן.

— נשקתי! (איך האָב אַ קוש געטאָן) — האָט ער געזאָגט לויט דער „נאַטירלעכער שיטה", ווי שולמית האָט אים אָנגעהויבן לערנען העברעאיש, און אַ שמייכל געטאָן צו איר מיט זיין בעסטן האַרציקן שמייכל.

נאָך איידער שולמית איז געקומען צו זיך פון אַזאַ איבערראַשונג, האָט זי דערהערט ניט ווייט פון זייער באַהעלטעניש איר מוטערס פאַר־צווייפלט קול:

— שולמיתל, ווו ביסטו? ווו איז זי אַהינגעקומען? וויי איז מיר, דאָס קינד איז דאָ ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן צווישן די אַראַבער!...

— אָט בין איך, מאַמע! — האָט זיך שולמית באַוויזן פאַר דער מוטער אַ צעפלאַמטע, און פון אירע דערשראָקענע קינדערשע אויגן האָבן אַ שפּריץ געטאָן טרערן.

קאַפּיטל ניינצן

## תחית המתים

מנוחין און די גאָרדאָנס זענען געווען צווישן די גליקלעכע פּאַסאַזשירן, וואָס זענען גיך פאַרטיק געוואָרן אין צאָלאַמט מיט זייער לייכטן, ניט־קאָמפּליצירטן באַגאַזש און געקאָנט גלייך פאָרן קיין תל־אביב. דערביי האָבן זיי זיך צעטיילט: דער יונגער גאָרדאָן האָט פאַרנומען זיינע געסט אין זיין נייעם רייכן אויטאָמאָביל, בעת מנוחין מיט זיין שוועסטער און שוואָגער זענען געפאָרן מיט דער באַן.

שוין אויפן חיפהער באַנהויף, וואַרטנדיק אין דעם ליכטיקן וואַרעמען פרימאָרגן, צווישן אַ היפשן יידישן עולם, אויפן אַנקומענדיקן צוג, האָט מנוחין געפילט, ווי דער ערשטער שווערער איינדרוק פון זיין באַגעגעניש מיט דער שוועסטער און מיט איר מאַן, ווי אויך מיט יהודיתעס ברודער, לאָזט אים ביסלעכווייז אָפּ און ווערט פאַרביטן מיט אַ געפיל פון שטילער פרייד. דאָס איז געווען טיילווייז די פרייד פון צוריקקומען, נאָך אַ לאַנגער ים־נסיעה, נאָך אַ שוועבן צווישן הימל און וואַסער, ווידער צו דער ליבער אַלטער ערד, ווו דער אַנבליק פון יעדן הויז, פון יעדן ווינקל גאַס, פון יעדן געברוקירטן שטיין, אויף וועלכן די פיס טרעטן פעסט, באַרוישט דאָס האַרץ מיט נייער האָפענונג אויף אַ באַנייטן לעבן. נאָר ביי מנוחינען האָט דאָ, אויסער דעם, זיך צוגעמישט אַ באַזונדער ליכטיק געפיל: ער האָט זיך דאָ צום ערשטן מאָל דערזען צווישן אַן ארץ־ישראלדיקן עולם, וואָס האָט אים אויסגעקוקט אי היימיש ליב, אי אויסטערליש ניי, גלייך געפאַנגען זיין האַרץ סיי מיט אַלטער קרובישער נאָענטקייט, סיי מיט נאָך ניט־געזעענער, רייצנדיקער נייקייט. פאַר די לעצטע עטלעכע חדשים, זינט ער האָט אין גערדאַנק זיך פאַרבונדן פערזענלעך מיטן נייעם לעבן אין ארץ־ישראל, האָט ער זיך אַלץ ניט געקאָנט קלאָר פאָרשטעלן דעם נייעם יידישן מענטשן, וואָס איז דאָרט אויפגעקומען. דאָס לאַנד האָט זיך אים נאָך אַלץ אויסגעמאָלט הייליק און טויט, בית־הקברותדיק, און די, וואָס שטרעבן זיך אָן דאָס דאָזיקע לאַנד לעבעדיק צו מאַכן האָבן אים אָפט געשראָקן אין זיין פאָרשטעלונג מיט איבערגעטריבענער, אומנאַטירלעכער

הייליקייט, מיט אויפגעבלאָזענעם, אויגן־גלאָצערישן פּיאָנערן־גייסט. שוין דער מאָדערן־געהייליקטער נאָמען „חלוצים״, וואָס איז געוואָרן אַ גאַנג־באַרער אַרטיקל אין אַלע מיילער, אין ריינע און אומריינע, האָט ביי אים אַרויסגערופן אומצוטרוי, געוועקט אין האַרצן אַ ווידערגעפיל. איצט האָט ער דערזען פאַר זיך דעם ערשטן מוסטער פון דער נייער ארץ־ישראלדיקער באַפעלקערונג, אַ געמיש פון יונג און אַלט, און דער אַיינדרוק איז געווען אַן אָנגענעם־איבערראַשנדיקער. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט זיך פלוצים געטראָפן, נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג, מיט ליבע אַלט־באַקאַנטע פּנימער פון דער ווייט־פאַרלאָזטער גלות־היים, נאָר דאָ זענען די פּנימער ווי ניי באַזעלט, אָנגעפילט מיט נייעם ערנסטן אינהאַלט, דערצו אויסגעלייטערט פון דער פינצטערער גלותדיקער מרה־שחורה, ליכטיק און וואַרעם באַשטראַלט מיטן זעלטענעם ליכט, וואָס גיסט זיך דאָ אויף יידישע קעפּ פון דעם הויכן בלויען פּאַטערלאַנדישן הימל.

אויפן וועג איז דער דאָזיקער אַיינדרוק ביי מנוחינען געוואָרן נאָך טיפער. דער וואַגאָן, אין וועלכן ער איז געזעסן מיט דער שוועסטער און מיטן שוואָגער, איז געווען כמעט אינגאַנצן פול מיט יידישע פּאַסאַזשירן, און ביי דער קליינער סטאַנציע „כרמל״, וואָס איז געקומען באַלד נאָך חיפה, זענען די פאַרבליבענע ליידיקע פלעצער פאַרנומען געוואָרן ווידער פון יידן. די געציילטע אַראַבער, צום מיינסטן אייראָפּעאיזירטע, ריין־געקליידטע, האָבן זיך געהאַלטן זייער סטאַטעטשנע, ווי אַ גאַנץ קליינע שכנישע מינדערהייט. דער עולם האָט ביסלעכווייז פאַרפירט שמועסן, זיך צונויפגעשלאָגן אין ענגע קרייזלעך, געעפנט די רענצלעך, מכבד געווען איינס דאָס אַנדערע מיט פרישע, שמעקנדיקע מאַראַנצן. יידישע פּנימער האָבן זיך צעוואַרעמט, יידישע אויגן האָבן לעבעדיק געפינקלט, יידישע קולות האָבן זיך געהעכערט איינס איבערן אַנדערן, אַריבערגעשריען דאָס קלאַפּן פון די פאַמעלעך־לויפנדיקע רעדער. מנוחינען האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעדאַכט, אַז דאָס איז ער נאָך לאַנגע יאָרן ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ היימישן, פּאַמעלעך־גייענדיקן צוג ערגעץ אין דער ליטע, און דאָס זיצט ער אין אַן איבערגעפּאַקטן וואַגאָן מיט זיין פאָלק, וואָס פאַרט מיסחרן אויף דער וועלט. נאָר דורך דעם אָפענעם פענצטער האָט אָפּט אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן אַ שטיק אַנטפּלעקטער בלויער ים און עס האָט אַריינגעבלאָזן אַ שטאַרקער, פרישער ים־ווינט, וואָס האָבן גלייך צעשטערט די ווייטע ליטווישע אילוזיע. אויך די פּנימער פון די יידן

האָבן דאָ אויסגעזען אַנדערש ווי דאָרט — אַנדערש באַלויכטן און אַנדערש באַלעבט. אַ סך פון זיי האָבן געגלאַנצט מיט אַ רויטן פויערשן גלאַנץ, שטאַרק אָפּגעברענט פון דער הייסער זון, דערביי געקוקט פאַר זיך מיט אַ נייעם, באַרוטן, כמעט ניט־יידישלעכן אויסדרוק אין די זיכערע, דרייסטע אויגן. ווו איז אַהינגעקומען דער פאַרזיכטיקער, מחילה־בעטנדיקער קוק פון יידישע אויגן אונטערוועגנס, אויף פרעמדע גויִישע צוגן? ווו איז אַהינגעקומען דער פחד פון דעם לעצטן שרעקלעכן פאָגראָם, פון וועלכן זיין שוועסטער מיטן שוואָגער זיצן דאָ ווי געטראָפענע קרבנות, פון וועלכן די עטלעכע סטאַטעטשנע פאַרטאַיעטע אַראַבער זענען אפשר געווען באַענטע עדות?... און די געשפּרעכן, וואָס האָבן זיך דאָ געלאָזט הערן, זענען אויך געווען גאַנץ אַנדערע. דורכגעגאַנגען זיך עטלעכע מאָל איבערן וואַגאָן, האָט מנוחין אויפגעכאַפּט ווערטער, וואָס האָבן געהאַט אַ קנאַפּע שייכות מיט יידישן מיסחר. מע האָט דאָ געשמועסט פון „נטיעות״ (פלאַנצונגען), פון „השקאה״ (באַוואַסערונג), פון „זיבול אורגני״ און „זיבול כימאי״ (נאַטירלעכע און כעמישע באַמיסטיקונג), און דערהויפּט פון דעם היי־יאָריקן „קטיף״ (אָראַנזשן־שניט), וואָס איז, דאַנקען גאָט, אַזוי גערעכט, אַז עס קלעקט שוין ניט פאַר דעם דער קליינער ענגער יפוער פּאָרט און מע מוז די פּרוכט טראַנספּאָרטירן דורך חיפה. דאָס זענען, ווייזט אויס, געפּאָרן אָראַנזשן־פלאַנצער פון דער תל־אביבער סביבה און האָבן געשמועסט פון זייערע ענינים. די עלטערע לייט האָבן געמישט יידיש מיט העברעאיש, נאָר די ייִנגערע האָבן זיי אינגאַנצן באַצוווּנגען מיט העברעאיש. דער נייער קלאַנג פון דער אַלטער העברעאישער שפּראַך אין די מיילער פון געוויינלעכע פּאָלקסמענטשן, וואָס זענען ניט קיין העברעאישע לערער און ניט קיין קליינשטעטלדיקע משכילים, האָט ביי מנוחינען אין האַרצן אָפּגעקלונגען ווי אַן אויסערגעוויינלעכער ווונדער, ווי אַ געשעענער נס — כמעט ווי אַ מין תחית המתים, און אַלץ אַרום און אַרום האָט אים אויסגעזען ווי דער אומגלויבלעכער נס פון תחית המתים. אָט זיצן צוויי בחורימלעך און קוקן אַריין ביידע אין איין צייטונג — אין דער העברעאישער אַרבעטער־צייטונג פונעם לאַנד. לויט זייערע אָפּגעריבענע לעדערנע אויבער־רעקלעך און לויט די פאַרהאָרע־ וועטע אָנגעשפּאָלטענע הענט, שיינען זיי צו זיין פעלד־אַרבעטער. איינער האָט אַן איידעלן פאַרטראַכטן שטערן, און דער צווייטער — אַ פּראָסט פּנים פון אַ פּאָלקסקינד, נאָר מיט ערלעכע, פרום־שמייכלענדיקע אויגן.

ביידע בייגן די קעפּ צו דער צייטונג, לייענען מסתמא אַ זאַך, וואָס אינ־טערעסירט זיי זייער שטאַרק, דערביי באַוועגט דער פּראָסטערער שטיל מיט די ליפּן, לייענט דאָס געדרוקטע העברעאיִשע וואָרט פּרוּם, ווי אַ תּפילה בלחש... און אָט גייט־דורך דעם וואַגאָן אַ הויכער דיקער אַראַבישער קאָנדוקטאָר, קלאַפּט מיטן אָפּ־צווייגל אין די ווענטלעך פון די בענק: „כּרטיס, אדון!״ (אַ בילעט, האַר!). מנוחין האָט לאַנג געדרייט פאַר די אויגן דעם דורכגעלעכערטן „כּרטיס״, ניט געקאָנט זאָט זיך אָנקוקן אויף די העברעאישע ווערטער. ער האָט אויך אַרויסגענומען פון דער טאַש ארץ־ישׂראל־געלט, וואָס ער האָט ערשט אויסגעביטן אין חיפה, און האָט זיך אין דעם געשפּיגלט מיט אַ טשיקאַווער קינדערשער מינע אויפן פּנים. ער האָט דערביי אַ טראַכט געטאָן: „זענען דאָס די ערשטע סימנים פון דער אמתער לאַנג־געגאַרטער גאולה, אָדער אין דער יידישער מאַרטירער־געשיכטע וועט צוקומען נאָך איין משיחישער אויפבליץ, וואָס וועט גיך אויסגעלאָשן ווערן און איבערלאָזן נאָך זיך אַ פּיל־געדיכטערע פינצטערניש?״...

— וואָס שפּילסטו זיך מיטן געלט, סראָליקל? — האָט אים די שוועסטער אַ פרעג געטאָן מיט אַ ווייכן שמייכל, ווי אַ מאַמע פרעגט אַ קינד.

— יידיש געלט... — האָט מנוחין זיך ווי פאַרשעמט און אַריינגעלייגט דאָס געלט צוריק אין טאַש אַריין.

— יאָ, יידיש געלט! — האָט זיך אָנגערופן אויך דער שוואָגער, וועל־כער איז געזעסן אַקעגן זיי מיט אַ באַשיידענעם שווייגנדיקן פּנים און געפינטלט מיט די אויגן סתם אין דער וועלט אַריין. — דאָס איז ביי אונדז אין לאַנד דער גרעסטער פון אַלע וווּנדער, זינט די צייטן פון אונדזער לעצטן העלד בר־כּוכבא...

מנוחין האָט אויף אים אַ קוק געטאָן שטאַרק פאַרחידושט. ער האָט מורא געהאַט, דער שוואָגער זאָל דאָ ווידער ניט פאַרפירן אַ שמועס וועגן „קעש״ — לסוף האָט יענער כּמעט צוגעטראָפן זיינע געדאַנקען!... ער האָט גענומען אויפמערקזאַמער באַטראַכטן דעם שוואָגערס בלאָנדלעך פלאַך פּנים, ווי ער וואָלט וועלן דערגיין, וואָס פאַר מחשבות טראָגן זיך ביי אַזאַ מענטשן אין קאָפּ, בשעת ער פינטלט אַזוי באַשיידן מיט די אויגן? ער האָט אויך אַ קוק געטאָן פון דער זייט אויף דער שוועסטער, וואָס האָט אָפּגעלעבט אַ לעבן מיט אָט דעם מענטשן, ווי אַזוי זי זיצט דאָ אין איר שוואַרצן אָנטאָן אַ פאַרעלטערטע, אַ פאַרטרויערטע, אָפּגעפרעמדט

פון אים דורך לאַנגע יאָרן. און דאָך איז אין איר דיקלעכן, צעשווומענעם פּנים פאַראַן פאַר אים עפּעס זייער נאָענטעס און צערטלעכעס, וואָס דערמאָנט אים שטאַרק אָן זיין מוטער. אויך די הענט ביי איר זענען ווייסע און צאַרטע, מיט פיינע לאַנגע פינגער — דער מוטערס הענט. מנוחין איז מיט אַ מאָל איבערגעפילט געוואָרן צו איר מיט ברודערלעכער צערטלעכקייט.

— נו, אסתרל? — האָט ער איבערגעריסן דאָס שווייגן און זי אַ גלעט געטאָן ביי דער האַנט — פאַרוואָס דערציילסטו מיר גאָרנישט?

— וואָס זאָל איך דערציילן, אַז דו פרעגסט מיך ניט? — האָט די שוועסטער געזאָגט שטיל, ווי מיט פאָרוואורף, און די אויגן זענען איר פאַרלאָפן מיט טרערן. — דו האַלטסט זיך עפּעס ווי אַ פרעמדער... אין דיינע בריוו ביסטו געווען גאַנץ אַנדערש...

— נו, נו, ס'איז ניט אַזוי ווי דו מיינסט... — האָט מנוחין זיך פאַר־ענטפערט אין גרויס פאַרלעגנהייט. — פּשוט, ס'איז שווער צו פרעגן נאָכדעם וואָס ס'איז געשען... דו ווייסט, אסתרל? — האָט ער פּלוצים אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל, געפינענדיק אַ וועג צו אַ מער אויפריכטיקן טאָן. — מיט עטלעכע טעג צוריק, אויפן שיף, האָט זיך מיר געחלומט, אַז דו דערמאָנסט מיר וועגן זאָגן קדיש נאָכן טאַטן...

— מסתמא האָב איך דעמאָלט געטראַכט פון דיר. — האָט די שוועס־טער געזאָגט מיט אַן אויפגעלויכטענעם פּנים. — זינט מיין חיימל איז אומגעקומען, טו איך נאָר און טראַכט פון דיר. ער איז דאָך געווען אַזוי ענלעך אויף דיר, ווי צוויי טראָפּן וואַסער. סיי אין אויסזען, סיי אין כאַראַקטער...

און דאָ האָט זי גענומען דערציילן פון איר זון, וואָס פאַר אַ טייער קינד ער איז געווען, וואָס פאַר אַ ריינע לויטערע נשמה ער האָט פאַר־מאָגט, און ווי אַזוי ער האָט זיך דאָ געלערנט אין גימנאַזיע, אויסגעצייכנט זיך פון אַלע חברים, און אַז ער האָט געענדיקט די גימנאַזיע, האָט ער ניט געטאָן ווי אַלע קינדער פון זיין גלייכן, ניט געוואָלט בשום אופן פאָרן שטודירן אין די אויסלענדישע אוניווערסיטעטן, נאָר געבליבן דינען געטריי און ערלעך זיין לאַנד, זיך צעקריגט מיטן פאָטער און איז אַוועק אַרבעטן שווערע ערדאַרבעט, אָפּקומען מיט די חלוצים אין די קבוצות...

— פאַרוואָס האָט ער איבער דעם באַדאַרפט זיך קריגן מיטן פאָטער?

— האָט מנוחין געפרעגט.

— דערפאַר, ווייל מנשה מיינער — האָט די שוועסטער ווי איראָניש אַ ווונק געטאָן אויף איר מאַן — האָט זיך זיינע פרינציפּן: ער האַלט ניט פון די חלוצים מיט די קבוצות.

— וואָס אמת איז אמת, — האָט זיך אָנגערופן דער שוואָגער פון דער אַנטקעגנדיקער באַנק, — איך האָב מיר מיינע פרינציפּן... איך האַלט נאָך עד היום ניט, אַז אָט די בחורימלעך, אין די קורצע הייזלעך מיט די נאַקעטע קני, וועלן אונדז ברענגען משיחן...

ווייטער האָט די שוועסטער דערציילט, ווי אַזוי דאָס אומגליק האָט פּאַסירט, ווי אַזוי אַלץ איז געווען ווי באַשערט, אַז איר זון זאָל אומקומען. וואָרים ווען ער בלייבט ביי זיך אין דער קבוצה, וואָלט אים גאָר קיין בייז ניט געשען — זיין קבוצה איז דווקא אָפּגעקומען מיט אַ קלייניקייט, די אַראַבער האָבן דאָרט סך־הכל אונטערגעצונדן נאָר איין שייער... דאַרף זיך אָבער מאַכן אַזוי, אַז איר זון איז פלוצים קראַנק געוואָרן אויף מאַלאַריע — ס'איז געווען אַ זומער פון מאַלאַריע אין די קבוצות — און איז געקומען אַהיים צו דער מאַמע, ווייל איז איר און ווינד, זיך אָפּרוען, פּטור ווערן פון דער קרענק. און נאָך איידער מע האָט זיך אומגעקוקט, איז אויסגעבראָכן די מהומה. האָט ער שוין פאַרגעסן, אַז ער איז קראַנק און אָפּגעצערט, און איז גלייך נעלם געוואָרן פון שטוב. ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַן אויטאָמאָביל, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע ווי ער, און איז געלאָפן אויף קידוש השם אין פייער, ראַטעווען אַ ווייטע קאָלאָניע, פון וואַנען מע האָט געבעטן הילף. די קאָלאָניע האָט ער אָפּגעראַטעוועט, נאָר אַליין איז ער שוין צוריק ניט געקומען... וואָס זי האָט דעמאָלט איבערגעלעבט — ווייסט נאָר איין גאָט. און ניט זי אַליין — אויך ער, מנשה אירער, האָט קוים אויסגעהאַלטן אַזאַ קלאַפּ. אַזוי איז ער, דאַכט זיך, אַ שטילער, אַ שווייגנדיקער, אַ קאַלטער מלאך, ווי מע רופט עס אַן, נאָר קיינער ווייסט ניט, וואָס ביי אַ מאַנסביל אין האַרצן טוט זיך אָפּ, אויסער זיין ווייב...

— מילא, נו! — האָט דער שוואָגער זיך אָפּגערופן מיט אַ געבראָכענעם קול, אַרויסגענומען פון קעשענע דאָס צונויפגעלייגטע ווייסע טיכל, אָפּגעטרייסלט עס אין דער לופטן און זיך אויסגעווישט די ווינקלען פון די אויגן. — וואָס טויגן די רייד? מיר בויען אַ לאַנד, און אַ לאַנד פאַרדערט קרבנות, איז אויף אונדזער חלק אויסגעפאַלן צו ברענגען אונדזער קרבן...

— אָט אַזוי טענהט ער מיט מיר די גאַנצע צייט! — האָט די שוועס־טער געזאָגט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — און מיינסט, ער רעדט נאָר אַזוי? ער טוט! גראָד בשעת דער אומגליק איז געשען, האָבן מיר געהאַלטן אין בויען דאָס צווייטע הויז, טאַקע דאָס הויז, ווו מיר זיצן איצט. פאַרשטייט זיך, אַז נאָכן בראַך האָט מען פאַרגעסן פונעם הויז. איך האָב פאַרגעסן, נאָר ניט ער. אויף דער צווייטער וואָך, נאָך שבעה, איך טו אַ קוק — ער האָט שוין ווידער געבראַכט די אַרבעטער און זיך געשטעלט בויען. איך האָב געמיינט, דער מענטש איז פונעם זינען. אַ גאַנצע נאַכט שפּאַנט ער אום ביי זיך אין צימער שוואַרץ ווי די ערד, עס נעמט אים קיין שלאָף ניט — און אינדערפרי שטעלט ער זיך בויען הייזער! זאָגט ער אָבער: „אַז מען הייבט אָן בויען אַ לאַנד, דאַרף מען ענדיקן...״ איצט טראָגט ער זיך אום מיט גאָר אַ גרויסן פּלאַן, וואָס וועט פאַראייביקן אונדזער זונס נאָמען...

— יאָ, — האָט באַשטעטיקט דער שוואָגער מיט אַ באַשיידענער מינע, — דער פּלאַן איז אַ היפּשער, נאָר מע דאַרף צו אים האָבן אויך היפּש מזומן געלט, קעש הייסט עס...

— אָט איז ער שוין דאָ ווידער מיט קעש! — האָט זיך דאָס ווייב אויף אים אָנגעבייזערט. — וואָס האָסטו קיין צייט ניט? וועסט נאָך צייט האָבן מיט סראָליקן צו רעדן!...

— ווער האָט ניט קיין צייט? — האָט זיך דער מאַן צוריק אָפּגע־בייזערט. — איך האָב צייט!... ישראל פאַרפאַרט דאָך צו אונדז, מיר וועלן זיצן אינאיינעם, וועט מען שוין שמועסן פון אַלץ...

מנוחין האָט אַ קוק געטאָן אויף דער שוועסטער ווי דערשראָקן.

— אסתרל, — האָט ער געזאָגט — פאַרפאָרן צו אייך — דאָס קאָן איך ניט!...

— וואָס הייסט, דו קאָנסט ניט? וווהין דען, מיינסטו, וועסטו פאַר־פאָרן?

— איך מוז פאַרפאָרן אין אַ האָטעל!

— אַ שיינע מעשה! — האָט די שוועסטער זיך באַליידיקט. — איך האָב איין איינציקן ברודער, גאַנץ תל־אביב ווייסט, אַז איך קוק־אויס אויף אים די אויגן, וועט ער פאַרפאָרן אין אַ האָטעל!

— ס׳איז אַ פּשוטע זאַך: ס׳איז אַ פּאַטש אין פּנים! — האָט דער שוואָגער באַמערקט זאַכלעך.

— סראַליקל, דו וועסט זיך פילן ביי אונדז, ווי אין דער היים. מיר האָבן פאַר דיר צוגעגרייט אונדזער בעסטן חדר, מיט אַלע באַקוועמ־לעכקייטן.

— מיט אַלע אימפּרוווומענטס, ווי מע זאָגט דאָס ביי אַייך אין אַמע־ריקע, — האָט דאָס דער שוואָגער געמאַכט דייטלעכער.

— איך בין אַייך זייער דאַנקבאַר, — האָט מנוחין געזאָגט שטאַרק פאַרלעגן, — נאָר עס טוט מיר לייד: איך וועל צו אַייך ניט קאָנען פאַרפאָרן...

— אָבער פאַרוואָס?

— דו דאַרפסט אַליין פאַרשטיין, אסתרל. איך בין אַן אַלטער בחור, לעב שוין באַלד פינף און צוואַנציק יאָר אין איינזאַמקייט, בין אָפּגעוווינט פון מענטשן, און איך מוז זיין מיט זיך אַליין...

— ס׳איז עפּעס אַ מאָדנער תירוץ... פאַרקערט, ווייל דו ביסט עלנט... — האָט די שוועסטער געזאָגט און געקוקט אויף אים מיט צערטלעכן באַדויערן.

מנוחין האָט קאַטעגאָריש און פינצטער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— אָבער עסן, לכל הפחות, וועסטו דאָך ביי מיר! איך האָב אויף היינטיקן אָוונט איינגעלאַדן אַזויפיל מענטשן, אַלע וואָס האָבן געהערט פון דיר און ווילן דיך קענען.

— דעם אָוונט וועל איך ביי דיר פאַרברענגען מיט פאַרגעניגן, הגם די בשורה, אַז עס וועלן מיך קומען זען אַ סך מענטשן, פרייט מיך ניט אַזוי שטאַרק.

— יאָ, סראַליקל, איך וויל דיך טאַקע פרעגן: זאָל איך אפשר איינלאַדן אויך די גאָרדאָנס?

— אויף וואָס וועלן זיי דיר נוצן?

— דו האָסט געזאָגט, אַז די שיינע פריילין איז דיינע אַ באַקאַנטע

— יאָ, אַ באַקאַנטע... — האָט שוין מנוחין געשמייכלט.

— ניט מער ווי אַ באַקאַנטע?... — האָט די שוועסטער אים אַריינ־געקוקט אין די אויגן מיט אַ פאַרשנדיקן שמייכל און גענומען רעדן שטילער, מיט אַ גלעטנדיקער שטים. — דו ווייסט, סראַליקל, איך האָב דאָך פאַר דיר אין תל־אביב שוין צוגעגרייט אפילו אַ כלה, פון זייער אַ געהויבענער, רייכער פאַמיליע. דער כלהס מוטער קאָן זיך שוין אויף דיר ניט דערוואַרטן...

— זי וועט זיך שוין אויף מיר ניט דערוואַרטן!... — האָט מנוחין געזאָגט מיט אַ פינצטערלעכן שמייכל.

דער לעצטער געשפּרעך האָט אים אומאַנגענעם אויפגערודערט. ער האָט זיך אָבער פון אים גיך באַפרייט און זיך אומגעקערט אין געדאַנק צום שוואָגער, וועלכער האָט אים איצט באַזונדער פאַראינטערעסירט. ער האָט אַלץ געוואָלט זיך דערגרונטעווען, ווער איז אָט דער טשיקאַווער מענטש, וואָס זיצט פאַרשפּילעט אויף אַלע קנעפּלעך, פינטלט מיט די אויגן אין דער לופטן און וויל ניט רעדן קיין איבעריק וואָרט? אין ניו־יאָרק איז צו אים דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז ער איז איינער פון די, וואָס ספּעקולירן אין תל־אביב מיט באָדן און זענען שעדלעך פאַרן לאַנד. נאָר איצט האָט זיך אים שוין אָנגעהויבן דאַכטן, אַז דער דאָזיקער מענטש באַהאַלט הינטער זיין פלאַכן פּנים אַן אייגענעם עקשנותדיקן געדאַנק, אַ שטייפן, אַ שווערן, נאָר אַ נוצלעכן פאַר אַ וואַקלדיקן פאָלק, וואָס וויל זיך שטעלן פעסט אויף די פיס. ווער קאָן פאַרשטיין די נייע קראַפט, וואָס באַוועגט און באַלעבט דאָ די מענטשן אין אַזעלכע נייע אומשטענדן? עפּעס זענען אים דאָ אַלע אויס מאָדנע ניי און אַנדערש. דאַכט זיך, די זעלבע יידן וואָס אומעטום, נאָר זיי שטייען דאָ ווי אונטער אַ נייעם צייכן, אונטער אַ געשעענעם נס.

דערווייל איז דער צוג פאַמעלעך געלאָפן זיין וועג, זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן פעלד ביי קליינע שטילע באַנהויפלעך, וואָס האָבן געוווּנדערט דאָס אויג און געפלעפט דאָס האַרץ מיט העברעאישע נעמען, ליכטיק אויסגעשטעלטע מיט גרויסע פיר־קאַנטיקע העברעאישע אותיות: „זכרון יעקב", „בנימינה", „חדרה"... ביי די באַנהויפלעך שטייען פאַרשטויבטע אויטאָבוסן מיט קליינשטעטלדיקע יידישע באַלעגאָלעס. עס וואַרטן דאָ אָפּ דעם צוג אויך דאָרפישע יידישע יינגלעך, וואָס זעען אויס ווי שקצים — געזונטע, אָפּגעברענטע, מיט באַאיוו דרייסטע אויגן, מיט פערדלעך און מיט בייטשן אין די הענט. די שקצים קנאַקן מיט די בייטשן, נאָר רעדן רעדן זיי צווישן זיך אויף דער אַלטער הייליקער שפּראַך. יידישע דאָרפס־לייט גייען אַרויס פונעם צוג מיט קלומקעס און זעצן זיך אַריין אין דעם פאַרשטויבטן אויטאָבוס. אַנדערע לאָזן זיך גיין צופוס, שטייגן אַרויף באַרג, שעמערירן שאַרף פאַר די אויגן אין דער דורכזיכטיקער לופט, ציִען נאָך זיך שאַרף־געצייכנטע שאָטנס אונטער דער ליכטיקער ווינטערדיקער זון, וואָס הערשט אין דעם וווּנדערלעכן אַלטן לאַנד אויף באַרג און טאָל.

„תחית המתים...״ — טראַכט אַלץ מנוחין פאַר זיך, טיף גערירט פון דעם, וואָס זיינע אויגן זעען, און נאָך מער — פון דעם, וואָס זיין צעוואָרעמטער דמיון זאָגט אים אונטער.

קאַפּיטל צוואַנציק

## אין תל־אביב

אַרום מיטאָג־צייט איז ד״ר מנוחין אָנגעקומען אין תל־אביב און איז באַגעגנט געוואָרן אויפן באַנהויף פון זיין שוועסטערס קינדער, ווי אויך פון עטלעכע אַלטע פריינד, וועלכע ער האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן — זיינע אַמאָליקע חברים פון די בערלינער סטודענטישע יאָרן. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען ד״ר שיינין, דער זעלבער, וואָס האָט אים מיט עטלעכע יאָר צוריק באַזוכט אין ניו־יאָרק אַלס משולח פון אַן ארץ־ישראלדיקער לאַנד־געזעלשאַפט און אים פאַרקויפט אַ היפשן פאַרסעל פּרדסים־ערד ביי אַ נייער קאָלאָניע אינעם שרון. דער קליינער אָפענער באַנהויף, וואָס האָט געלויכטן זומערדיק אונטער דער זון און געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ שטילן, דרעמלענדיקן „דאַטשנעם״ וואָקזאַל ערגעץ אין די היימישע ווינקלען, די שיינענדיקע קרובישע פּנימער פון זיין שוועסטערס קינדער, צווישן וועלכע דאָס עלטסטע, אַ בלאָנד מיידל פון אַ יאָר אַכצן, האָט אויף אים געקוקט מיט באַזונדערער באַגייסטערטער באַוווּנדערונג פון אַ יונגער פלימעניצע צו אַ שיינעם פעטער, די נייגעריקע וואַרעמע בליקן פון זיינע פאַרעלטערטע חברים, וואָס זענען דערשינען פאַר אים ווי פון אַ ווייטער, לאַנג־אונטערגעגאַנגענער וועלט, — דאָס אַלץ האָט אויף מנוחינען אַ הויך געטאָן מיט אומגעריכטער פרייד, צוגעזאָגט אים נייע גוטע טעג אויפן נייעם ברעג, צו וועלכן ער איז לסוף צוגעשווומען.

— שטעלט אייך פאָר מיין האַרצווייטאָג, — האָט די שוועסטער זיך אָפּן געקלאָגט פאַר ד״ר שייניגען: — מיין ברודער איז אין אַמעריקע פון מיר געוואָרן אַזוי אָפּגעפרעמדט, אַז ער וויל שוין ניט זיין מיין גאַסט — ער מוז פאַרפאָרן דווקא אין אַ תל־אביבער האָטעל!

— ס׳איז ניט אַזוי די מעשה, ווי זי וויל מיך דאָ פאַרמסרן! —

האָט מנוחין זיך פאַרענטפערט, אַ פריילעך אויפגערודערטער. — דו דאַרפסט מיך ניט אַרויסשטעלן ערגער ווי איך בין, אסתרל!...

ד״ר שיינין האָט זיך גענומען צו זיין אַ וועגווייזער פאַרן גאַסט. ער איז אַמאָל געווען פון מנוחינס נאָענטסטע חברים, צוזאַמען מיט אים געחלומט יוגנט־חלומות וועגן באַנבערעכרישער ליטעראַרישער טעטיקייט ביי יידן. די לעצטע יאָרן איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין ציוניסטישער אַרבעט, געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער פּראָפּאַגאַנדיסט, אַ משולח פון נאַציאָנאַלע און האַלב־פּריוואַטע לאַנד־אונטערנעמונגען, אויסגעפאָרן אַ וועלט, באַוואַקסן געוואָרן מיט אַ בערדל, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן צו גרויען, מיט אַ קיילעכיקן בייכל, געהאַט אין תל־אביב אַן אייגן הויז, אַ ווייב מיט אַ קינד, און האָט זיך אויף דעם באַרויקט. אויף מנוחינען האָט ער געקוקט מיט טליִענדיקע חברשע געפילן פון אַמאָליקע יונגע יאָרן, אויך מיט אַ געוויסער דאָזע באַהאַלטענער קנאה — ער האָט אים מקנא געווען זיין מאַנסבילשן יוגנטלעכן אויסזען, דאָס, וואָס ער איז נאָך אַ בחור און ממילא אַ ניט־געבונדענער פרייגייסט, און דער עיקר דאָס, וואָס ער לעבט ברייט פון אַן אייגענער פּראָפעסיע, דאַרף ניט אָנקומען צו דער קהלשער שיסל.

זיי זענען דורכגעפאָרן אויף אַ דראָשקע די תל־אביבער הויפּט־גאַס, וואָס האָט אַ בלענד געטאָן פאַר מנוחינס אויגן, אונטער דער שטאַרקער מיטאָגדיקער זון, מיט יונגער פרישער ליכטיקייט, מיט יום־טובדיקער ווייסקייט פון הייזער און קליידן, געוועקט דאָס האַרץ מיט דער נייער, אויסטערלישער, דורכאויס־יידישער גאַסן־באַוועגונג, געוווּנדערט דאָס אויג מיט אַן איבערפלייץ פון יידישע שילדן, וואָס האָבן געשעמערירט פון ביידע זייטן, ווי אויף אַן אויסשטעלונג, מיט באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע ווערטער אויף דער אַלטער, ניי־פאַרצווייגטער העברעאישער שפּראַך. זיי זענען צוגעפאָרן צו אַ קליינעם עלעגאַנטן ערשט־אויסגעבויטן האָטעל ביים סאַמע ברעג ים, ווו עס האָט נאָך געשמעקט פונעם טויער מיט פרישער פאַרב, און די פריש־צעגראָבענע ברוינע בייטן אין דעם רחבותדיקן הויף האָבן אַרויסגעגעבן אַ דינעם שאַרפן גערוך פון צעוואַרעמטן כעמישן מיסט, און די יונגע, גרינע, ערשט־פאַרפלאַנצטע פאַלמעס זענען נאָך געשטאַנען אין גריבלעך מיט וואַסער. ביים אַריינגאַנג אין הויף האָט זיי באַגעגנט דער בעל־הבית אַליין — אַ מיטל־יאָריקער פאַרשוין, אַ ציכטיקער, אָן אָפּגעפּוצטער, מיט אַ בלויזן גלאַנציקן שאַרבן, מיט אַ ריין־געגאָלטן

נערוועזן קלוגן פּנים, מיט עזותדיקע, ליכטיק־שמייכלענדיקע אויגן.

— איר זעט, אדון שדה־לבן? — האָט צו אים ד״ר שיינין געזאָגט אויף העברעאיש, אין פאַמיליערן טאָן, ווי צו אַן אייגענעם מענטשן. — איך האָב אײַך ווידער געבראַכט אַ גאַסט פון אַמעריקע צו אײַער חנוכת־הבית — ד״ר מנוחין!

— האַו דו יו דו, ד״ר מנוחין, ברוכים הבאים! — האָט דער בעל־הבית פונעם האָטעל זיך פאַרנייגט פאַרן גאַסט מיט רעספּעקט, נאָר מיט אַזאַ מינע אויפן עזותדיק־שמייכלענדיקן פּנים, אַז דער רעספּעקט האָט באַ־דאַרפט געטיילט ווערן אויף האַלב — האַלב פאַרן גאַסט און האַלב פאַר זיך אַליין.

— וועט מע נאָך ביי אײַך אין קיך עפּעס געפינען אויף אונטערצו־לענען דאָס האַרץ? — האָט ד״ר שיינין קודם כל זיך געוואָלט אינפאָרמירן.

— איר ווייסט דאָך, חביבי ד״ר שיינין, אונדזער געזעץ, — האָט אדון שדה־לבן געענטפערט מיט ליכטיקער חשיבות, דערביי פאַרשטאַרקט זיינע ווערטער מיט אַן אויפגעהויבענעם פינגער: — ביי אונדז עסט מען מיטאָג ניט ווען איר ווילט, נאָר ווען איך וויל — פּונקט איינס אַזייגער, פּרעציז! ואף־על־פּי־כן, פון דעסטוועגן, פאַר אַזאַ חשובן גאַסט, ווי ד״ר מנוחין, איז קיין תירוצים ניט פאַראַן...

— פון וואַנען ווייסט איר אַזוי גיך, אַז איך בין אַ חשובער גאַסט? — האָט מנוחין געפרעגט מיט אַ שמייכל, באַטראַכטנדיק אויפמערקזאַם דאָס מונטערע פּנים פון דעם בעל־אכסניה, וואָס האָט זיך דאָ ווי צוזאַמענגעגאָסן אין איינס מיט דער בלענדנדיקער העלקייט פון זון און ים און גאָלדענעם זאַמד.

— אין תל־אביב ווייסן מיר אַלצדינג! מיר האָבן אפילו געוווּסט פון דעם, אַז איר קלייבט זיך קומען צו אונדז קיין ארץ־ישראל, נאָך איידער איר אַליין האָט דאָס געהאַט אין זינען!

ער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט דריי מאָל, אויפן טערקישן שטייגער, און גלייך האָט זיך פונעם האָטעל באַוויזן אַ שוואַרץ בחורל מיט אַ פרומען מאָגערן גלות־פּנים, מיט אַ קוטשמע פּעך־שוואַרצע האָר און מיט שיינע, שוואַרצע, טרויעריק־שמייכלענדיקע אויגן. דאָס בחורל האָט שוואַרץ־חנעוודיק געשיינט אין אַ שניי־ווייסן לאַקעיִשן רעקל, הגם אויף זיינע דאַרע פּלייצעס איז דאָס רעקל געהאַנגען ווי אַ זאַק.

— סעדיה! — האָט דער בעל־הבית צו אים אַ זאָג געטאָן מיט

אַ שטרענגן קול אויף העברעאיש. — וואָס קוקסטו, ווי אַ גולם? באַגריס דעם גאַסט!... אָט אַזוי!... אַצינד טראָג אַרויף די וואַליזעס אין נומער אַכצן, אינעם גרויסן ווינקל־חדר מיט די צוויי ווערענדעס, וואָס צו מערב און צו דרום!... ס'איז דאָס בעסטע צימער, וואָס מיר קאָנען דערווייל פאָרלייגן אַן אַמעריקאַנער טוריסט ביי אונדז אין תל־אביב!... — האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו מנוחינען מיט אַ זאַכלעכער דערקלערונג.

סעדיה האָט פרום אַ שמייכל געטאָן מיט די שוואַרצע אויגן צום געהויבענעם, פריינדלעך קוקנדיקן גאַסט, אַ כאַפּ געטאָן די שווערע לעדערנע וואַליזעס און זיך געלאָזט לויפן מיט זיי צום האָטעל אין איין אָטעם.

— אײַל זיך ניט, לויף ניט, ווי אַ משוגענער! — האָט אים דער בעל־הבית נאָכגעשריען. — ווער יאָגט דיך?... וויפיל מאָל האָב איך דיך געלערנט, ווי אַזוי צו טראָגן וואַליזעס אין אַ האָטעל?... און וואָס שלעפּט זיך דאָרט ביי דיר אַ בענדל פונעם שוך?... שטיי!...

סעדיה האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ קוק געטאָן פאַרוואונדערט פריער אויפן בעל־הבית, דערנאָך אויפן צעבונדענעם שוך, און זיך ווידער געלאָזט לויפן.

— שטיי, זאָגט מען דיר! — האָט זיך דער בעל־הבית נאָך מער צעשריען און אַ לאָז געטאָן זיך צו אים מיט כעס. — וויפל מאָל האָב איך מיט דיר אײַנגעחזרט, אַז בענדלעך פון שיך מוזן זיין פאַרבונדן?... גיב אַהער דעם שוך, פּרא־אָדם וואָס דו ביסט!... — און דער בעל־הבית האָט זיך אָנגעבויגן צו סעדיהס פיס אַזוי, אַז דאָס גאַנצע בלוט איז אים אַריין אין דעם גלאַנציקן שאַרבן, און מיט אַ שאַרפער נערוועזער באַוועגונג פלינק פאַרבונדן אים דאָס בענדל. — אָט אַזוי! ...אַצינד קאָנסטו גיין!...

— דאָס איז, ווי איך פאַרשטיי, אַ תימנער? — האָט מנוחין געפרעגט, צוקוקנדיק טשיקאַווע די דאָזיקע סצענע.

— יאָ, — האָט שדה־לבן געזאָגט, קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם, — פון אונדזערע שוואַרצע ברידער... אַ טייער פאָלק, טייערע קליינע יידעלעך, אַרבעטסזאַמע, ערלעכע, האָרעווען נעבאַך אויפן שטיקל ברויט אין ביטערן שווייס, און האָבן ליב דאָס לאַנד אהבת־נפש. נאָר איין חסרון — פּראים!... גיי טו זיי אָן שיך מיט בענדלעך, אַז געבוירן געוואָרן איז מען אין תימן באָרוועסע!... און דאָס האָט נאָך חשק צו דינען דווקא אין אַן ערשט־קלאַסיקן תל־אביבער האָטעל!...

— מאָדנע בעלי־אכסניות אין ארץ־ישראל! — האָט מנוחין באַמערקט צו זיין חבר, נאָכדעם ווי שדה־לבן האָט זיי אַריינגעפירט אין אַ נייעם, ליכטיקן, געשמאַקפול צוגעקליבענעם עס־זאַל, וואָס האָט געבלאַנקט פון נייקייט און זויבערקייט, אַוועקגעזעצט זיי ביי אַ ווייס־געדעקטן טישל און גיך געשאַפן פאַר זיי, דורך צוויי אויפגערודערטע קעלנער, אַ פיין־סערווירטן מילכיקן מאָלצייט.

— אָט דער בעל־אכסניה איז ביי אונדז דערווייל בסך־הכל איינער. — האָט ד"ר שייניק געזאָגט מיט אַ שמייכל. — איך שיק אין דעם דאָזיקן האָטעל אַלע מיינע פריינד פון אויסלאַנד, נאָר צו באַווייזן זיי, ווי אַזוי ארץ־ישראל באַדאַרף און קאָן זיין... און בטבע, פון געבוירן הייסט עס, איז ער גאָרניט קיין בעל־אכסניה, נאָר אַ זון פון אַ געהויבענער ציור־ניסטישער משפחה אין דרום־רוסלאַנד, פון די באַוווּסטע בעלאָצער־קאָווסקיס, וואָס אויף העברעאיש קלינגט זייער נאָמען אַ סך שענער און יידישלעכער: „שדה־לבן"... ער איז אָבער געקומען אַהער פון רוסלאַנד, נאָך דער רעוואָלוציע, מיט ליידיקע הענט, ניט געהאַט קיין ברירה נאָר עפּענען אַ קליינעם פּאַנסיאָן, געפירט אים אויף אַ מוסטערהאַפטן שטייגער, אַריין אין דעם ענין אכסניה מיט לייב און לעבן, שווער געהאָרעוועט, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו אָט דעם נייעם פיינעם האָטעל. ער איז אַ פּלייסיקער טוער, שוין אַ ביסל צו פּלייסיק... ער אַליין האַלט זיך פאַרן גרעסטן חלוץ אין לאַנד, און איז אפשר ניט אומגערעכט. ווען יעדער ייד אין תל־אביב וואָלט זיך אָפּגעגעבן מיט זיין פאַך, אַזוי ווי ער, וואָלטן מיר געהאַט גאָר אַ פיינע יידישע שטאָט...

— תל־אביב איז אַזוי אויך פיין...

— טאָקע באמת? אונדזער תל־אביב איז דיר געפעלן? — האָט ד"ר שייניק געפרעגט מיט אַן אויפגעשיינטן פנים.

— איך האָב מורא צו זאָגן אַ באַשטימטע מיינונג, — האָט מנוחין געענטפערט ווי פאַרטראַכט, — איך האָב דאָך דאָ, אייגנטלעך, נאָך גאָרנישט ניט געזען. נאָר דער ערשטער איינדרוק איז אַזאַ ליכטיקער, אַז איך הייב שוין אָן צו גלייבן, אַז דאָ איז אויפגעטאָן געוואָרן אַ גרויסע יידישע זאַך. און אָן מיר... — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל פון זעלבסט־איראָ־נישער באַדויערונג. — איך האָב מיר פאָרגעשטעלט תל־אביב, און דאָס גאַנצע לאַנד בכלל, נאָך די שרעקן פון דעם לעצטן פּאָגראָם, אַ סך אַנדערש. איך בין געפאָרן אַהער מיט אַ שווערער שליחות — טרייסטן

פאַרטרויערטע הערצער. איצט דאַכט זיך מיר, אַז איך אַליין וועל דאָ געטרייסט ווערן. איך האָב ניט דערוואַרט אַזאַ פרייד...

— אָ, דער פּאָגראָם האָט געבראַכט צו אומדערוואַרטע, איבערראַשנ־דיקע רעזולטאַטן! — איז שיינין אויפגעלעבט געוואָרן פון מנוחינס ווערטער. — די ערשטע צייט זענען מיר דאָ אויך געווען שטאַרק פאַר־צווייפלט, געמיינט, אַז ס׳איז שוין חלילה, אַן עק... נאָר — נצח ישראל לא ישקר... טאַקע דיין „נצח ישראל" פון אַמאָליקע בערלינער טעג, נאָר אַ ביסל אַנדערש געשליפערט. וואָס פאַר אַ נס דאָ איז געשען — איז שווער צו זאָגן: צי דער שטאַרקער ווידערשטאַנד, וואָס מיר האָבן דאָ אַרויסבאַוויזן קעגן דעם צעווילדעוועטן שכן, האָט אונדז געשטאַרקט און געמוטיקט, צי די הימל־שרייענדיקע עוולה, וואָס מע האָט אונדז אָפּגעטאָן דאָרט אין לאָנדאָן, אין די הויכע פענצטער, האָט אונדז אַרויס־געבראַכט פון די כלים און אַרויסגערופן אונדזער אַלטע יידישע עקשנות מיט איר גאַנצער קראַפט? אַזוי צי אַזוי — נאָר דער יישוב איז איצט דורכגענומען פון אַ נייעם שטראָם שאַפנדיקער ענערגיע, און מיר שטייען אפשר אַצינד פאַר דעם אמתן גרויסן אָנהייב. מע בויט, מע פלאַנצט, מע פאַרזייט נייע פעלדער מיט גרינס, די אינדוסטריע פאַרצווייגט זיך... מיין ניט, אַז דאָס רעדט צו דיר אַ מענטש, וואָס זיין מלאכה איז פּראָ־פּאַגאַנדע. דו ביסט שוין אַליין דאָ, וועסטו זען. מיר וועלן זיך מיט דיר דורכפאָרן קודם־כל צו דיין נחלה, וועסטו זען, אַז זי איז פאַרבליבן דער איינציקער זאַמדיקער פלעק אינמיטן אַ וואַלד פון גרינע פּרדסים. וועסט דאָ אַרויסגיין אין תל־אביב אויסער דער שטאָט, וועסטו אָנקוקן וואָס דאָ טוט זיך: מע צעגראָבט בערג מיט זאַמד, מע פירט דורך וואַסער־לייטונג, מע לייגט־אויס נייע גאַסן און מע בויט אַ גרויסע שטאָט!... וואָס דאַרפסטו אַ בעסערן סימן? די ספּעקולאַנטן, אונדזערע יידישע יאַגד־הינט, זענען גאָר לעבעדיק געוואָרן, מאַכן פריילעך מיט די ווידלען, אַ נייע הויט איז אויף זיי געקומען...

— ביסטו דערפון אויך צופרידן? — האָט זיך מנוחין געוווּנדערט.

— חלילה!... איך דערצייל דיר נאָר פאַקטן. איך באַטאָן דאָס ליכט מיט שאָטן.

— יאָ, וועגן ספּעקולאַנטן... — האָט זיך מנוחין פּלוצים דערמאָנט. — דו האָסט מיר אין ניו־יאָרק עפּעס דערציילט פון מיין שוועסטערס מאַן, אָט דעם גוטמאַן... וואָס פאַר אַ מין מענטש איז ער?

— אָט דער גוטמאַן ? — האָט ד״ר שײנין געשמײכלט פון דעם פּרעמדלעכן טאָן, וואָס מנוחין האָט באַנוצט פאַר זײן שוואָגערס נאָמען. — ער הײסט שוין איצט ניט מער גוטמאַן, נאָר אישטוב — אַזוי האָט ער זיך פאַרשריבן אין זײנע נײַע בירגער־פּאַפּירן. ווי אַזוי זאָל איך דיר זאָגן ? ער איז ניט קײן פּראָסטער ספּעקולאַנט, נאָר אַ ספּעקולאַנט מיט אידעיעס, אָדער מיט „פּרינציפּן״, ווי ער אַלײן רופט דאָס. עס האָט זיך דאָ בײַ אונדז אויסגעאַרבעט אַ טיפּ ספּעקולאַנטן, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט אַ גאַנצער ספּעקולאַנטישער אידעאָלאָגיע. זײער הויפּט־טענה איז, אַז דאָס לאַנד קאָן אויסגעלײזט ווערן נאָר דורך פּריוואַטער אונטערנעמונג — נו, און פּריוואַטע אונטערנעמונג פאָדערט, מען זאָל איר צוגעבן חשק דורך גראָבע פאַרדינסטן. דײן שוואָגער, אָט דער אישטוב, איז אפשר דער בעסטער פון דעם דאָזיקן טיפּ, וואָרים ער מײנט דאָס נעבאַך ערלעך. ער איז אַן ערלעכער טעמפּער עקשן, נאָר מע דאַרף אים אָפּגעבן אַ שבח — ער איז אַ טוער. ער האָט זיך אויסגעלערנט אין דער שטיל אַראַביש, וואָס איז אַ זעלטענע זאַך צווישן אונדזערע יידן פונעם ישוב, און קויפט־אויס בײַ די אַראַבער אַזעלכע שטיקלעך באָדן, וואָס שנײַדן זיך אַרײַן אין יידישן לאַנד, וואָס שטײען יידן ווי אַ בײן אין האַלדז. דאָס איז, זאָגט ער, זײן מצוה, נאָר ער פאַרלאַנגט דעם שכר־מצוה אויף דער וועלט. ער איז אַ שטיק טשודאַק — דו וועסט פון אים דאָ הנאה האָבן... דו ווײסט דאָך מסתמא, אַז ער איז אַ גאַנצער שרײַבער — ער שרײַבט מאמרים, גיט עצות, ווי אַזוי צו בויען דאָס לאַנד.

— נאָך איצט אויך ? — האָט זיך מנוחין געוווּנדערט. — ער האָט אַמאָל אין דער יוגנט געדרוקט עטלעכע נאַרישע מאמרים אין די העב־רעאישע בלעטער.

— איצט ווילן שוין די בלעטער זײַנע מאמרים ניט דרוקן. נאָר איך האָב מורא, אַז ער קלײַבט זיך זײ אַלײן דרוקן אין ספרים. געוועזן אַמאָל אין אונדזערע שטעטלעך אַזעלכע וואָכערניקעס פון דעם שניט: גרויסע תלמידי־חכמים, וואָס פלעגן נעמען בײַ אָרעמע יידן דרײַסיק קאָפּיקעס פונעם רובל און פלעגן שרײַבן ספרים וועגן מוסר היהדות.

— יאָ, — האָט מנוחין געזאָגט מיט אַ טרויעריקן שמײכל, — קײן מענטש אין דער וועלט איז ניט באַוואָרנט פון זײנע שוואָגערס. קײנער קלײַבט זיך אַלײן ניט אויס קײן שוואָגערס !...

נאָכן זאַטן מאָלצײַט האָט זיך ד״ר שײנין אויפגעהויבן אַ פּולער,

אַ פאַררויטלטער, אַראָפּגעצויגן אויפן בויך דעם ענג־געוואָרענעם זשילעט און אַ זאַג געטאָן:

— ער האָט אונדז ערלעך אָנגעהאָדעוועט, שדה־לבן. נו, איצט ווילסטו דאָך מסתמא כאַפּן אַ דרעמל? מיר דאָ אין ארץ־ישראל האַלטן שטאַרק פון „שינה של צהרים", וואָרים בײַנאַכט שלאָפן מיר ווייניק. די נעכט זענען דאָ אַזוי שיין, אַז עס ווילט זיך ניט שלאָפן.

— ניין, — האָט מנוחין געזאָגט, — אין דעם פּרט בין איך אַן אַמעריקאַנער, איך האַלט ניט פון שלאָפן בײַטאָג. דו גיי דיר אַהיים, צו דײַן ווײַב און קינד, כאַפּ אַ רעכטן דרעמל, און איך וועל דאָ אויספּאַקן מײַנע זאַכן און אַרויסגיין באַטראַכטן תל־אביב פון דער נאָענט.

אַרויסגעגאַנגען אַליין אין גאַס, אַן אויפגערירטער פון זײַן געשפּרעך מיט שײַנינען, האָט מנוחין מיט אַ באַזונדער כוונה זיך געלאָזט באַ־הערשן פון דעם נײַעם פריידיקן געפיל, וואָס האָט אין אים געווירט אַ גאַנצן טאָג, זינט זײַנע פיס האָבן באַטראָטן דעם ארץ־ישראלדיקן באָדן. איצט איז דאָס געפיל זיך צעוואַקסן ברייט און טיף, פאַרדעקט אַלע אַנדערע געפילן, פאַרווישט אַלע ספקות, באַרוישט אַלע ווינקלען פונעם האַרצן. ער האָט געשפּאַצירט פּאַמעלעך, ווי פאַרשיכורט פון דער נײַער לופט, פון דעם נײַעם הימל, פון דעם נײַעם ריח פון דער ערד, זיך אָפּגעשטעלט אויף יעדן ווינקל גאַס, געקוקט ווי די ביימער וואַקסן, ווי די הײַזער ליכטיקן זיך אונטער דער זון, ווי די קײַלעכיקע קיאָסקן שײַנען אויס־טערליש מיט די אַרומגעקלעפּטע העברעאישע אַנאָנסן. ער האָט אײַנ־געזאַפּט אין זיך טראָפּנווײַז די זיסקייט פון דעם גרויסן חידוש, פון דעם וווּנדערלעכן נס, אין וועלכן ער איז אַרײַנגעפאַלן כאָטש שפּעט־לעך, אָבער ניט אַזוי שפּעט, ער זאָל זיך מיט דעם ניט קאָנען באַהעפטן. ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּוווּנדערן, אַז דאָס טרעט ער אויף דער אַלטער יידישער ערד, אַז אויף דער דאָזיקער אַלטער ערד איז אויס־געוואַקסן אַזאַ יונגע יידישע שטאָט, ווו קליינע אָפּגעברענטע יידישע קינדער פּלאַפּלען אַזוי לעבעדיק און נאַטירלעך אויף דער אַלטער פאַרגעסענער שפּראַך פון זײַן פאָלק. דאָס, וואָס איז פאַר אים געווען אַן אומגלויבלעכער חלום אין משך פון לאַנגע יאָרן, איז געוואָרן גלויבלעך, אויפגעשטאַנען פאַר די אויגן אויף דער וואָר. ער האָט זיך אײַנגעקוקט בײַגעריק אין דעם מענטשן־געווירבל אויף דער גאַס און אויף די טראָטואַרן, געזען פאַר זיך צום מײַנסטן יונגע, האָפערדיקע פּנימער: יונגע קרעמער

ביי די קלייטן, יונגע אַרבעטער אויף די רישטאָוואַניעס פון נייע בנינים, יונגע בעלי־עגלות אויף די דראָשקעס און לאַסט־וועגן, יונגע מאַמעס מיט קינדער־וועגעלעך, יונגע טראָגעדיקע יידישע ווייבלעך מיט יונג־פּאַרטראַכטע אויפגעבלאָזענע געזיכטער. אַ יונגע יידישע וועלט גייט צו אַ נייעם לעבן!... דאָס געקלאַנג פון פליענדיקע וועליסאָפּעדן מיט העברעאישע צייכנס, דאָס פייפן פון לויפנדיקע שטאָט־אויטאָבוסן מיט העברעאישע ברעטלעך, די הילכיקע קולות פון די תימנער צייטונג־יינגלעך, וואָס שרייען־אויס אויף העברעאיש די לעצטע נייעס פונעם טאָג — דאָס אַלץ האָט זיך פאַר אים צונויפגעגאָסן אין אַ ווונדערלעך־זיסן גערויש, אָפּגעקלונגען אין זיינע אויערן ווי די זיסע בשורה פון דער באַענטער גאולה. און אָט דאָרט, אין סאַמע מיטן שטאָט, ווו עס קומען זיך צונויף פינף גאַסן, אין געדרענג פון פוסגייער און רייטער, פון פערד מיט אייזלען און אויטאָמאָבילן, שטייט אויף אַ מין קיילעכיקער הילצערנער בימה אַ יידישער יונגערמאַן אין פּאָליציייאישע קליידער, שטייט מיט אַן אָנגעשטרענגטן ערנסטן פנים, האַלט אויפגעהויבן ביידע הענט צו רעגולירן די באַוועגונג, זעט־אויס ווי ער וואָלט געדוכנט איבער די קעפּ פון זיינע ברידער, ווי ער וואָלט פרום געבענטשט דאָס לעבעדיקע גערויש פון דער ליבסטער שטאָט — די יינגסטע פון אַלע שטעט, וואָס דאָס אַלטע פאָלק האָט אויסגעבויט אין סוף פון די טעג...

קאַפּיטל איין און צוואַנציק

## לייכטע טריט

שפּאַצירנדיק איינער אַליין איבער תל־אביב אַ פאַרנאָכטער, באַרוישט ניט אַזוי פון חידושים, ווי פון סאַמע געוויינלעכע זאַכן, וואָס האָבן זיך דאָ באַוויזן צו אים אין באַזונדערן נייעם ליכט, איז מנוחין מער פון אַלץ געוועזן באַהערשט דערפון, וואָס ער פילט זיך דאָ אַזוי לייכט און פריי. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן איז ער אַריינגעקומען אין אַן אומבאַ־קאַנטער שטאָט און גייט־אום איבער אירע גאַסן אָן דעם מינדסטן געפיל פון פרעמדקייט און פאַרלאָרנקייט, דערהויפּט אָן דעם באַזונדערן נאָגנדיקן אומעט פון יידישער איינזאַמקייט און היימלאָזיקייט אויף גאָטס ערד,

וואָס האָט אים תמיד געדריקט אין זיין אונטער־באַוווסטזיין: וואָס פרעמדע פעלקער פון דער וועלט האָבן אויסגעבויט פאַר זיך שטעט, אַריינגעלייגט אין זיי די פעאיקייט און קולטור פון גאַנצע דורות, און ער קומט זיי באַטראַכטן און באַוווּנדערן, ווי אַן אָרעמער נע־ונדניק, דרייט זיך אום אין זיי, ווי אַן אומגעבעטענער, געדולדעטער גאַסט, אָן דער מעגלעכקייט צו ענטפּערן דערויף מיט דער זעלבער גאַסטפריינדלעכקייט. אפילו אין ניו־יאָרק, ווו ער האָט געפילט דעם שטאַרקן אָטעם פון אַ צוויי־מיליאָן־קעפּיקער יידישער באַפעלקערונג, האָט אים דער דאָזיקער געדאַנק זעלטן אָפּגעלאָזט. און אָט איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ נייער קליינער אויסטער־לישער שטאָט ערגעץ אין אַן אַזיאַטישן ווינקל — און שוין אויף זיין ערשטן שפּאַציר זענען אים די טריט אַזעלכע לייכטע און פרייע, און אויפן האַרצן איז אים אַזוי גרינג און ליכטיק! ס'איז זיין שטאָט, זיין האַרציק־נאָענטע היים, געבויט און צוגעגרייט פאַר אים פון לייבלעכע ברידער, וועלכע זענען געקומען דערצו דורכן זעלבן דראַנג, וואָס האָט אויך אים אַהער געבראַכט. אמת, די פאַרפלאַנצטעביימער אויף די גאַסן זענען דאָ נאָך ניט אַזוי טיף פאַרוואָרצלט און אַלטגעזעסן, די געביידעס שטייען דאָ נאָך ניט אַזוי אַיינגעפונדעוועט און מאַסיוו, פאַרפעסטיקט און זיכער געשיצט דורך אַלטער דערפאַרונג, ווי אין יענע פרעמדע שטעט. אַלצדינג זעט דאָ נאָך אויס מאָדנע לופטיק, ציטערט ווי יונגע גרינע פלאַנצן אויף נאַקעטן, ניט פאַרדעקטן זאַמד, מינעט זיך נאַאיוו־חנעוודיק און יונג־בויגעוודיק אין צאַרטן ליכט פון בראשית. נאָר פון יעדער אָפענער טיר, פון יעדן באַגרינטן הויף, פון יעדן זוניק־שטראַלנדיקן דאַך־שטיבל טראָגט שוין מיט גוטער זיכערער וואַרעמקייט פון אַן אייגענעם מקום־מנוחה, פון אַן אייגן־געשאַפענער כשר־פאַרהאָרעוועטער היים.

„האָום, סוויט האָום!"... — האָט מנוחין אַ טראַכט געטאָן מיט אַ שמייכל, שפּאַנענדיק באַרוישט איבער איינער פון די סאַמע באַלעבטע תל־אביבער גאַסן, אַ מונטערער, אַ יונג־געוואָרענער, אַזוי מונטער און יונג, ווי זיינע תל־אביבער ברידער, וואָס באַוועגן זיך דאָ אַרום אים אויף און אָפּ, איילן זיך ערגעץ אין דער פרישער, קילער, קרעפטיקער לופט פון דעם ווינטערדיקן זוניקן נאָכמיטאָג. עס האָט זיך אים פלוצים פאַר־גלוסט צונויפגיסן זיך אין איינס מיט די באַוועגלעכע, טעטיקע איינוווינער פון דער יונגער יידישער שטאָט, ווערן אויך באַוועגלעך, עפּעס טאָן אַזוי ווי זיי, ניט אַרומשפּאַצירן ליידיק, אומבאַטייליקט אין דעם דאָזיקן

לעבעדיקן גאַסן־געררויש. אפשר זאָל ער אַריין אין איינער פון די קלייטן, געבן צו לייזן געלט, פאַרשאַפן פאַרגעניגן כאָטש איינעם פון דער תל־אביבער באַפעלקערונג ?... נאָר וואָס, אַשטייגער, זאָל ער קויפן ? אַ מתנה יהודיתן ?... דאָס וועט אויסקומען זייער ווולגאַר, עפּעס מעשה חתן און אַלטער בחור דערצו. און ס'איז נאָך בכלל צו פרי פאַר אים נאַריש צו מאַכן זיך מיט מתנות, איידער די זאַך איז אַרויסגעקומען אין דער עפנטלעכקייט, כל־זמן דער אַלטער גאַרדאַן ווייסט נאָך אפילו ניט דערפון. אָדער אפשר זאָל ער דערפרייען מיט אַ מתנה זיין פאַרטרויערטע שוועסטער, צי גאָר דער שוועסטערס בלאָנד טעכטערל, וואָס האָט אים באַגעגנט מיט אַזעלכע גוטע קרובישע אויגן ?... ביין, דאָס וועט זיין נאָך ערגער — ער וועט דערמיט פאַרשוועכן דעם טרויער ביי זיין שוועסטער אין שטוב.

פון אַלע פּלענער, ווי אַזוי אָנצוקניפּן די ערשטע פריינדשאַפט מיט דער תל־אביבער באַפעלקערונג, האָט מנוחין אויסגעקליבן דעם סאַמע לייכטן — ער איז אַריין אין אַ קלייטל פון שטיוול־פּוצער זיך לאָזן אָפּפּוצן די שיך.

— בבקשה, אָדון ! — האָט אים באַגעגנט אַ שוואַרץ פאַרמורזעט מענטשל, מיט שאַרפע קאַזאַקישע שוואַרצע וואָנצעס אויפן ניט־געגאָלטן שטעכיקן פּנים, און האָט פאַר אים גאַסטפריינדלעך אָפּגעשטויבט דעם שטול מיט אַ פּליסענעם לאַפּן. דאָס מענטשל האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן נידעריקן זעסל, געוואָרפן אַ פאַכמענישן בליק אויף מנוחינס שיך, אַ טאַפּ געטאָן זיי מיט די פאַרשוואַרצטע פינגער, דערביי אַ ווונק געטאָן מיט די אויגן צום צווייטן שטיוול־פּוצער, אויך אַ שוואַרצער בחור, נאָר מיט ווייכן האַריקן פּוך אויף די מאָגערע באַקן און מיט היפּשע געגרייזלטע פּיאות, וואָס איז געזעסן אויפן אַנדערן זעסל און געפּוצט אויף דער האַנט אַן עלעגאַנט דאַמען־שיכל מיט אַזאַ פרום־קאָנצענטרירטן פּנים, פּונקט ווי ער וואָלט געטאָן אַ הייליקע אַרבעט.

— גוטע שיך, — האָט דער ערשטער געזאָגט צום צווייטן אין גרייזיקן העברעאיש, — דו זעסט, רחמים ?... גוטע שיך, אדון, זייער גוטע שיך... — האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו מנוחינען מיט אַן ערנסטער מינע פון אַן עקספּערט. — פון אַמעריקע ?

— פון אַמעריקע, — האָט מנוחין געענטפערט מיט אַ טשיקאַווען שמייכל. — און פון וואַנען ביסטו ? פון תימן ?

— ניין, אדון, פון פרס. ער איז פון תימן, — האָט ער אָנגעוויזן אויפן חבר. — אַ גוטע שטאָט אַמעריקע, גוטע שיך אין אַמעריקע...

— און וואָס פאַר אַ שטאָט איז תל־אביב, אַ גוטע? — האָט מנוחין אַ פרעג געטאָן, געהאַט דערביי אַ צווייענדיקע כוונה: פאַרפירן אַ שמועס מיט אַזאַ טשיקאַווען תל־אביבער בירגער, און אויספּרווון צום ערשטן מאָל זיינע כוחות אין דער ספרדישער אויסשפּראַך, פאַר וועלכער ער האָט זיך אַ ביסל געשראָקן.

— וואָס פאַר אַ שטאָט תל־אביב? — האָט דער פערסישער שטיוול־פוצער איבערגעפרעגט. — אויך אַ גוטע שטאָט, אויך גוטע שיך... תוצרת הארץ... נאָר ניט אַזוי גוט, ווי אין אַמעריקע...

— און אויסער שיך, ווי אַזוי געפעלט דיר תל־אביב?

— אויסער שיך? — האָט דער פערס ניט פאַרשטאַנען די פראַגע. — פאַראַן אין תל־אביב אַלע מינים שיך: פאַר פערציק גרוש גוטע שיך, פאַר פופציק גרוש מער גוטע שיך, פאַר זעכציק גרוש נאָך מער גוטע שיך...

— גוטע שיך, שלעכטע שיך!... — האָט זיך אויף אים דער תימנער חבר אָנגעבייזערט דווקא אין אַ פיינעם העברעאיש. — דער אדון פרעגט דיך ניט וועגן שיך. ער איז אַ טוריסט און פרעגט וועגן דער טבע פון דער שטאָט תל־אביב...

— מה יש? רעד דו צו אים, אַז דו ווייסט בעסער, חכם גדול! — האָט דער פערס זיך אָנגעברוגזט און גענומען פלייסיק פוצן מנוחינס שיך, ווי אין שטומען פּראָטעסט.

— תל־אביב, מיין האַר, — האָט דער תימנער בחור גערן איבער־גענומען דעם געשפּרעך אין זיין רשות, זיך פלוצים צערעדט אויף אַ קלינגענדיקן גאַרגלדיקן קול, וואָס האָט זיך גאָרניט געפּאַסט צו זיין פרום־פאַרטראַכטן אַסקעטישן פּנים, — תל־אביב איז באַוווּסט אויף דער גאַנצער וועלט מיטן נאָמען די וווּנדער־שטאָט, און אַזוי ווי איר נאָמען, אַזוי איז זי. פולקום אין שיינקייט, אַ פרייד פאַרן גאַנצן לאַנד, די געלוס־טיקייט פון אַלע אירע זעער... אַ שטאָט און אַ מוטער אין ישראל... אַ טרייסט און אַ האָפענונג פאַר אַלע אונדזערע ברידער אין די לענדער פונעם גלות, וואָס קומען צו אונדז לייטזעליקן אונדזער הייליקע ערד...

— און פון וואַנען קומסטו, פון וועלכער שטאָט אין תימן? — האָט אים מנוחין געפרעגט מיט אַ שמייכל, אַ פאַרחידושטער פון זיין זעלטענעם;

זינגעוודיקן, העברעאישן אַקצענט, און נאָך מער — פון זיין געצוויקלטער, געווירצטער מליצה־שפּראַך, וואָס איז אַ געקליבן בינטל בלומען פון לויטער פסוקים.

— פון צנעא, חביבי, איז מיין אַרויסגאַנג, — האָט דער תימנער גע־ענטפערט אין זעלבן קלינגענדיקן פּאַטעטישן טאָן, — פון אַ פאַרשטוי־סענער שטאָט אין עק הימל, אַ שטאָט וואָס עסט אירע יידישע זיצער, אַ הייל פון ווילדע חיות, לויטער אַכזרים, אמתע רשעים. איך בין נאָך געווען אין באַגינען פון מיין קינדהייט, נאָך ניט געגרייכט די יאָרן פון בר־מצוה, בעת מיין פאָטער, מיין לערער, צוזאַמען מיט אַ גאַנצער עדה יידן, אַ הייליקע קהילה, איז פון דאָרטן אַנטרונען געוואָרן, געראַטעוועט זיין לייב און די לייבער פון זיין הויזגעזינד. חדשים־לאַנג האָבן מיר געפּייניקט אין וועג אונדזער כוח, געבלאָנזעט מידע אין דער מדבר, אויסגעדאַרטע פון הונגער און אויסגעטריקנטע פון דאָרשט, און אַז מיר האָבן אויפגעהויבן אונדזערע אויגן און דערזען דאָס הייליקע לאַנד, די גאַרונג פון אונדזער זעל, זענען מיר אַלע געפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד, געקושט איר שטויב, זי פייכט געמאַכט מיט אונדזערע טרערן. און אַז מיר זענען צוגעקומען צו די טויערן פון תל־אביב און דערזען איר שיינקייט און איר פּראַכט, אירע הויכע הייזער און טורעמס, וואָס זייער הויכקייט גרייכט ביז צו די הימלען, זענען ליכטיק געוואָרן אונדזערע אויגן, און מיר האָבן זיך געפרייט מיט איר זיבן טעג און זיבן נעכט, ווי אַ חתן פרייט זיך מיט זיין כלה...

— און דו האָסט שוין אַ כלה? — האָט מנוחין געפרעגט נייגעריק, שטאַרק פאַרכאַפּט פון דעם דאָזיקן תימנער שטיוול־פּוצער מיט די צע־פלאַקערטע שוואַרצע אויגן און מיט דער אויסטערלישער העברעאישער שפּראַך, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ מזמור, מיט אַלע אַלטע זיסע טענער פון תנ״ך.

— איך, חביבי? — האָט זיך דער תימנער ליכטיק צעשמייכלט מיט זיינע ווייסע ציין. — איך בין שוין אַ מאַן פון אַ ווייב מיט צוויי קינדער, ברוך השם.

— אַזוי גאָר? — האָט זיך מנוחין געוווּנדערט. — דו זעסט־אויס נאָך גאָר אַ יונגער בחור.

— ווי אַלט בין איך, חביבי, לויט דיין השערה?

— אַ יאָר צוואַנציק, — האָט מנוחין געפּרוּווט טרעפן.

— העכער פון צוואַנציק און אַפילו העכער פון איין און צוואַנציק! האָט דאָס מאָגערע בחורל אַרויסגערעדט מיט אַ שטאָלצן שמייכל אין די אויפ־געלעבטע שוואַרצע אויגן.

— און פרנסה פאַר ווייב און קינדער איז פאַראַן? — האָט מנוחין זיך אינטערעסירט צו וויסן.

— ברוך השם, ברויט צו עסן און אַ בגד אָנצוטאָן האָבן מיר.

— פריער איז געווען פרנסה, — האָט זיך אָפּגערופן דער ברוגזער פערס, וואָס האָט געאַרבעט פלייסיק אויף מנוחינס שיך מיט צוויי בערשט־לעך, — פריער האָבן מיר אַלע געפוצט שיך פאַר אַ גרוש, איז געווען גוט. איצט זענען געקומען רוצחים, גזלנים, ימח שמם, און געזאָגט: בבקשה, מיר פוצן שיך פאַר אַ האַלבן גרוש, — איז ניט פאַראַן פרנסה, ווייניק, ניט גוט!

— מע טאָר זיך ניט קלאָגן אויף אייגענע ברידער, נסים! — האָט דער תימנער זיך אָנגעבייזערט אויפן חבר. — זיי זענען אויך יידן און ווילן אויך לעבן אין ארץ־ישראל... מיר זיצן, ברוך השם, אַלע אויף אונדזער ערד, אַלע ברידער אינאיינעם, אַשכנזים, ספרדים, תימנים, כל ישראל חברים, אונדזער ברויט ווערט געגעבן, אונדזער וואַסער איז פאַרזי־כערט, — וואָס דאַרפן מיר נאָך? ברוך השם!...

— איך זע פון דיינע רייד, — האָט מנוחין צו אים געזאָגט, — אַז דו ביסט אַ תלמיד־חכם. פאַרוואָס־זשע האָסטו זיך אויסגעקליבן אַזאַ... שוואַרצע מלאכה?

— קוקט ניט אויף מיר, וואָס איך בין שוואַרץ... — האָט אים דער תימנער געענטפערט מיט אַ פסוק פון שיר־השירים, אויסגעציקלט מיט אַ מאָדנעם ניגון, און ווידער ליכטיק אַ שמייכל געטאָן צו אים מיט זיינע ווייסע ציין. — אַלע מלאכות זענען שוואַרץ און זענען שיין... מיין פאָטער מיין לערער איז זיך עוסק אין אַ הייליקער מלאכה, ער שרייבט ספר־תורות, מזוזות און קמיעות, און האָט קיינמאָל ניט געהאַט גענוג ברויט פאַרן מויל פון די קליינע קינדער. האָט ער צו מיר געזאָגט: „רחמים, מיין זון, האָב ליב די מלאכה און האָב פיינט דאָס רבנות"... האָב איך פריער געפוצט די שיך פון אונדזערע ברידער אויף די תל־אביבער גאַסן, און זינט איך האָב מיט גאָטס הילף גענומען אַ ווייב, אַרבעט איך מיט אָט דעם שותף אונטערן צודעק פון אַ דאַך, ברוך השם...

— האָסטו פרייע צייט אַריינקוקן אין אַ ספר?

— אוי ואבוי! — האָט דער תימנער טיף אָפּגעזיפצט. — אויף דעם ווייטאָגט מיין האַרץ! מיר האָבן נאָר איין גוטן טאָג אין וואָך — דעם הייליקן שבת. און איך האָב ליב פון מיין סאַמע יוגנט אָנטאָן ווילטאָג מיין זעל, אַריינקוקן אַמאָל אין די הייליקע ספרים, אַמאָל אין אַ צייטונג, וואָס קלוגע מענטשן שרייבן, און אַמאָל אויך אין אַ מאָדראַנעם (מאָדער־נעם) בוך, וואָס דערציילט די געשיכטע פון אונדזער פאָלק...

פאַרטיפט אין דעם דאָזיקן שמועס, האָט מנוחין ניט באַמערקט, ווי דער פּערס איז שוין פאַרטיק געוואָרן מיט זיינע שיך, אויסגעפּוצט זיי ביזן לעצטן גלאַנץ, און איז איצט געזעסן און זיך געשפּיגלט אין זיי מיט אַ ברוגזן פּנים פון אַ באַליידיקטן קינסטלער, וואָס קיינער שענקט ניט קיין אויפמערקזאַמקייט זיין קונסט־אַרבעט.

— כאַלאַס! — האָט דער פּערס ענדלעך אַ זאָג געטאָן ווי אַנטוישט, זיך אויפגעהויבן פונעם זעסל און אָנגעשטעלט אויף זיין תימנער שותף אַ פּאָר פינצטערע אויגן, ווי איינער זאָגט: „וואָס האָסטו זיך צעקנאַקט ווי אַ סאָלאָוויי אין מיטן דער וואָך?"...

מנוחין איז אַראָפּ פונעם שטול, באַצאָלט זיין פּוצער אַ מטבע, נאָר אָנשטאָט אַרויסצוגיין פונעם קלייטל, איז ער נאָך געבליבן שטיין אַ ווײַלע, ווי ער וואָלט זיך עפּעס געקווײַנקלט, פאַמעלעך אַרויסגענומען פון טאַש אַ פּאַפּירענעם פונט און עס אַריינגערוקט דעם תימנער בחור אין האַנט אַריין מיט אַ באַהאַלטענער אומזיכערער באַוועגונג.

— נאַ, — האָט ער ווייך געזאָגט, — וועסט זיך צעטיילן מיט דיין שותף אויף דער האַלב. וועסט זיך קויפן אַ בוך אויף שבת.

דער תימנער האָט אים אָנגעקוקט ווי דערשראָקן.

— חלילה, חביבי! — האָט ער זיך אָפּגעטרייסלט פון דעם פונט מיט ביידע הענט. — איך באַדאַרף ניט קיין נדבה, איך נעם ניט קיין באַקשיש! איך בין אַ נהנה מיגיע כפּי...

— ס'איז ניט קיין נדבה, — האָט זיך מנוחין פאַרענטפערט שטאַרק פאַרשעמט. ס'איז פּשוט אַ... אַ מתנה!

— חס ושלום, חביבי! — האָט דער תימנער זיך געהאַלטן ביי זיינס. — איך באַדאַרף אויך ניט קיין מתנה! „וועער עס האָט פיינט מתנות, דער וועט לעבן", — האָט געזאָגט שלמה המלך, עליו השלום, דער קליגסטער פון אַלע מענטשן.

— גיב מיר, אדון, איך וועל נעמען! — האָט זיך אָנגערופן דער

פערס מיט צעברענטע אויגן און אויסגעשטעלט די האַנט. — גיב מיר מיין חלק! ער איז אַ טיפּש!...

— נעם חביבי, טו מיר אַ טובה!... — איז מנוחין צוגעשטאַנען צום תימנער, מאָדנע גערירט פון זיין איבערגעשראָקענעם ערלעכן פּנים. — ווייסט גאָר וואָס? זאָל דאָס זיין אַ מתנה פאַר דיין עלטסטן קינד. איך בין ערשט היינט געקומען אין אונדזער לאַנד און האָב דאָ נאָך ניט וועמען צו געבן מתנות... וועסט דיין קינד קויפן אַ פּאָר שיך אויף שבת...

— צוויי פּאָר שיך, אדון! — האָט דער פּערס באַמערקט און די שטע־כיקע באַקן האָבן ביי אים געפלאַמט. — פאַר קליינע קינדער — צוויי פּאָר שיך פאַר פּופציק גרוש! די בעסטע שיך, אדון, תוצרת הארץ...

— נעם, נעם!... — האָט מנוחין אַריינגעשטופּט דאָס פּאַפּירל דעם מטושטשן תימנער אין האַנט אַריין און איז אַרויסגעלאָפן פונעם קלייטל ניט ווייניקער מטושטש פון אים, וואָס ער האָט דאָ איצט אָפּגעטאָן, קעגן זיין טבע, אַ שטיקל ביליקע פילאַנטראָפּישע אַרבעט מיט אַן אָרעמען כאַרשוואַרצטן ברודער, וועלכער איז אין דער אמתן דער רייכסטער און זויבערסטער אין זיין פאָלק. ער האָט אָבער אין דער זעלבער צייט זיך געפילט אַזוי אויפגערירט און אַזוי דערהויבן פון זיין באַגעגעניש מיטן ערשטן און בעסטן תל־אביבער בירגער, אַז ער האָט זיך געלאָזט ווייטער שפּאַצירן נאָך מיט מער מונטערקייט ווי פריער, געשפּאַנט מיט באַרוישטע לייכטע טריט, ווי ער וואָלט געגאַנגען האָפערדיק קעגן אַ נייעם וווּנדער־לעכן לעבן, פול מיט רייכן אינהאַלט, פול מיט טיפן זינען...

קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

## איבער תל־אביבער גאַסן

די זון האָט זיך שוין גענומען זעצן הינטער הייזער און ביימער, געררוקט זיך נידעריקער צום ים, אָפּגעשפּיגלט זיך אין דער קילער לופט און אין די פרישע פנימער פון די פאַרבייגייער מיט ווינטערדיקן רויטלעכן ליכט, ווען מנוחין האָט נאָך אַלץ געשפּאַצירט איבער תל־אביב פון איין גאַס אין דער אַנדערער, ניט האָבנדיק פאַר זיך קיין שום ציל, אויסער דער כוונה איינצוזאַפּן אין זיך דאָס נייע וווּנדער פון דער יידישער שטאָט,

אָנצוזעטיקן די אויגן און דאָס האַרץ מיט אירע זעאונגען און געשטאַלטן.

עס איז אים באַפאַלן אַ מאָדנע לוסט צו גיין אַלץ ווייטער און טיפער אין דער שטאָט, אויסצוזיין אין יעדן ווינקל, אויסצושעפּן מיט אַ מאָל דעם גאַנצן חידוש, וואָס דאָ איז געשען. עס האָט אים דערביי אויך גערייצט אַ טשיקאַווער קינדערשער חשק צו לאָזן זיך בלאָנזשען איבער די תל־אביבער גאַסן אַזוי לאַנג, ביז ער וועט פאַרבלאָנזשעט ווערן ערגעץ אויסער דער שטאָט, אַריינפאַלן אין פאַרדרייטע הינטערגעסלעך, פאַרלירן דעם וועג, — און דעמאָלט וועט ער אָפּשטעלן אַ יידיש ייִנגעלע, איינס פון די קליינע חנעוודיקע העברעערלעך, וואָס יאָגן זיך דאָ אום פריי און לייכט, ווי אומבאַצווייפלטע אור־אייניקלעך פון די אַלטע פאַר־צייטיקע העברעער, און וועט אַ זאָג טאָן צו אים אויפן אַלטן העברעאישן שטייגער: „מיין זון, ווייז מיר דעם אַריינגאַנג אין שטאָט!"...

דערווייל האָט ער מיט העכסטער געשפּאַנטקייט געליינט די נעמען פון די תל־אביבער גאַסן. פון די ווייס־געקאַלכטע, יום־טובדיקע, מאָדערן־געבויטע הייזער אויף די עק־גאַסן האָבן חידושדיק, ווי פון אַן אַנדער וועלט, אַראָפּגעקוקט גרייז־גרויע און טיפזיניקע נעמען: רבן יוחנן בן זכאי, רבי עקיבא, רבי יהודה הלוי, רש"י, דער רמב"ם, דער ווילנער גאון, דער בעל־שם־טוב... עס האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי אָט די אַלע אַלטע גייסטער האָבן אויפגעוואַכט פון דער טיפער פאַרגעסנקייט פון דורות, אויפגעשטאַנען פון זייערע לאַנג־אָפּגעמעקטע קברים, אָפּגעשטויבט פון זיך דעם טויזנט־יאָריקן שטויב פון גלות און טרויער און זענען גע־קומען אַהער אויף אַ גרויסן יום־טוב: באַנייען די יונגע שטאָט פון זייער אַלטן פאָלק מיטן ווונדערלעכן ליכט פון תחית המתים... ער איז מיט גרויס טשיקאַוועס דורכגעגאַנגען אויך די גאַס פון פערדינאַנד לאַסאַל און האָט זיך אַלץ געוואָלט פאָרשטעלן, ווי אַזוי אָט דער הייסער, פלאַמ־פייערדיקער קעמפער פאַר יושר אויף ברייטע פרעמדע שלאַכטפעלדער וואָלט באַדאַרפט אויפנעמען אַזאַ אומגעריכטע מתנה פון זיינע אייגענע באַפרייטע אָרעמע ברידער.

ס'איז אים אָבער ניט געלונגען פאַרבלאָנזשעט צו ווערן אין תל־אביב. די שטאָט איז, ווייזט אויס, געווען נאָך זייער קליין, ערשט אין אָנהייב פון איר וואַקסן, און ווי ער האָט זיך ניט געקליגט צו פאַרפּלאָנטערן זיך אין אירע צאָלרייכע, נאָר קורצע הינטערגעסלעך, איז ער אַלץ אַרויסגעקומען אויף דער גרויסער רוישיקער הויפּט־גאַס אַלענבי, וואָס

האָט איצט, אין דער ווינטערדיקער פּאַרנאַכטיקער פרישקייט, אַ באַלויכ־טענע פון דורכזיכטיקן רויטלעכן ליכט, אויסגעקוקט נאָך מער רוישיק און לעבעדיק, איבערגעפילט מיט אַ מונטערן שפּאַצירנדיקן עולם אויף אירע ברייטע טראָטואַרן. און פּלוצים, גייענדיק אַזוי אַ ווייך־פּאַרוויגטער, מיט ברודערלעכן צוטרוי, נאָכן פרעמדן מענטשן־שטראָם, האָט אים אַ שיין געטאָן אַ באַקאַנט ליבהאַרציק פּנים, וואָס ער האָט אין זיין נייער באַרוישטקייט שיר ניט אַרויסגעלאָזט פון זינען — אַנטקעגן איז אָנגעקומען יהודית, צוזאַמען מיט איר שוועגערין, דעם יונגן גאָרדאָנס פרוי.

— אָ, אָט איז מיין דאָקטאָר! — האָט יהודית אויסגערופן שטאַרק דערפרייט און האָט זיך אַ לאָז געטאָן דורכן שפּאַצירנדיקן עולם צו מנוחינען אַ פרישע, אָן אויפגעלעבטע, שיינענדיק אינגאַנצן ווי פון נייעם גליק. — מיר האָבן ערשט גערעדט פון דיר!...

מנוחין האָט זיך אויך שטאַרק דערפרייט פון אַזאַ אומגעריכטער באַגעגעניש. ער האָט זיך אָבער געפילט מאָדנע פאַרלעגן דערפון, וואָס יהודית האָט זיך געווענדט צו אים אויף „דו" פאַר די אויגן פון אַ זייטיקן מענטשן. הייסט עס, אַז זי האָט שוין צייט געהאַט אַלצדינג צו דערציילן איר שוועגערין?... ער האָט געכאַפּט אַ קוק אויף דער יונגער קליין־געוויקסיקער טונקל־בלאָנדער פרוי, וואָס האָט אינדערפרי, אויף דער שיף, אַרויסגערופן ביי אים אַ ווידערגעפיל מיט אירע רויט־געפאַרבטע ליפּן און מיט די דינע, אַרומגעפליקטע ברעמען איבער די קאַלטע בלויע אויגן, געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קאַלטער אויסגעפוצטער ליאַלקע. איצט האָט די ליאַלקע אויסגעזען אַ סך לעבעדיקער, אפילו היפּש חנעוו־דיק אין איר גרויען עלעגאַנטן פוטערנעם זשאַקעטל. זי האָט געקוקט אויף אים טשיקאַווע, מיט אַ פאַרטרויטן סודותדיקן גלאַנץ אין די בלויע אויגן און אויף די שיינע ווייסע ציין — מיט יענעם באַזונדערן גלאַנץ פון אַ יונגער מחותנתטע, וואָס איז געוען אַריין אין איר נייער ראָל און איז מיטן גאַנצן האַרצן מסכים אויפן שידוך.

— נו, ווי אַזוי איז אייך געפעלן אונדזער פּאַלעסטינע? — האָט זי אים געפרעגט אויף רוסיש מיט אַ פּוילישער אויסשפּראַך און האָט עס גלייך איבערגעפרעגט מיט אַ קאָקעטישער מינע אויף ענגליש: — האַו דו יו לאַיק פּאַלעסטאַין?

— לאָטאָטשקאַ, דו קאָנסט מיט אים רעדן אויף אַלט־העברעאיש! —

האָט יהודית באַמערקט אין פריילעכן אינטימען טאָן, וואָס האָט די צוויי אומבאַקאַנטע מענטשן באַדאַרפט גלייך אַוועקשטעלן אין נאָענטער קרובה־שאַפט. — ער איז מער אַלט־העברעער פון אונדז אַלעמען, כמעט אַ גאַנצער רב!...

זי האָט ליכטיק אַ קוק געטאָן אויף מנוחינען מיט האַלב־שפּאַסיקן, האַלב־פאַרליבטן שטאָלץ, אָפּגעטראָטן מיט אים און מיט דער שווֶעגערין צו אַ שטילן ווינקל־גאַס, הינטער דעם שטראָם פון די שפּאַצירער, און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס־זשע זאָגסטו אויף תל־אביב? האָסטו זיך געריכט אויף אַזאַ פּראַכט?...

— איך בין איבערראַשט! — האָט מנוחין געענטפערט אין הויכער באַגייסטערונג, אויפגעמונטערט פון יהודיתס פרעגע. — איך גיי דאָ אַרום אין די גאַסן שוין עטלעכע שעה, און מיר דאַכט זיך, אַז איך זע דאָס אַלץ אין חלום...

— איך אויך!... — האָט יהודית נאָך מער אויפגעשיינט. — איך לויף אויך אום איבער דער שטאָט, ווי אַ משוגענע, און גלייב ניט מיינע אויגן! איך בין פון תל־אביב אַנטציקט!... איך האָב דאָ איבערגעלאָזט אַמאָל אַ דערפל, עטלעכע שיטערע געסלעך אינמיטן אַ זאַמדיקן מדבר, און האָב איצט געפונען אַ גרויסע שטאָט, אַ ליכטיקע, אַ רוישיקע, אַ פריילעכע, אינגאַנצן באַגאָסן מיט זון!... אַזאַ פּראַכט, אַזויפיל יונגע מענטשן, אַזעלכע מונטערע פּנימער ביי אַלעמען!... און וואָס פאַר אַ לופט דאָ איז, וואָס פאַר אַ הימל, וואָס פאַר אַ וואַרעמקייט אינמיטן ווינטער!... אַן אמתע ריוויערע, אונדזער ריוויערע... איך האָב מיך דאָ גלייך דערפילט אין דער היים, איך בין ענדלעך געקומען אַהיים... די לעצטע יאָרן האָבן מיר זיך אַזוי אָנגעפלאָגט אין דער פרעמד מיט וויזעס, מיט וווין־רעכט, מיט יאָגע־נישן פון לאַנד צו לאַנד, אַזויפיל אויסגעשטאַנען איבער אונדזער אומ־גליקלעכן נאַנסען־פּאַס... איצט וועל איך צערייסן אויף פּיץ־פּיצלעך דאָס מיאוסע פּאַפּירל פון היימלאָזע ציגיינער... איך בין אַזוי גליקלעך, דאָקטאָר, טייערער מיינער, — האָט יהודית אַ נעם געטאָן מנוחינען אונטערן אָרעם, — וואָס מיר זענען דאָ אין אונדזער יידישן לאַנד... איך האָב דאָס פריער גאָרניט פאַרשטאַנען...

— און איך בין גליקלעך, — האָט מנוחין געזאָגט שטיל, — וואָס איך הער פון... פון אייך אַזעלכע ווערטער...

ער איז געווען טיף גערירט און פאַרוואונדערט פון יהודיתעס פלוצימ־דיקן הייסן אויסגוס, און עס האָט זיך אים געגלוסט אַרויסזאָגן איר עפּעס מער און עפּעס זייער וויכטיקעס: ער האָט זיך אָבער געפילט געבונדן פון איר שווערינס בייזיין, האָט ער זי נאָר אַ פרעג געטאָן:

— און ווי פילט זיך דאָ אייער פאָטער?

— אָ, דער פאָטער איז שיכור פון גליק! ס'איז דאָך זיין תל־אביב, ער איז דאָך געווען פון אירע ערשטע איינוווינער!... דערצו האָט ער דאָ געטראָפן ביי מיין ברודער צוויי קינדערלעך, ימימה און עמיהוד, זיינע צוויי אייניקלעך, וואָס פאַרשטייען ניט קיין אַנדער שפּראַך, אויסער אַלט־העברעאיש, — איז ער פון זיי אויסער זיך פון פרייד. זיי ריידן, זאָגט ער, די זעלבע שפּראַך, אין וועלכער דער תלמוד איז געשריבן!... איך פאַרשטיי ניט אַזעלכע פיינקייטן, נאָר ער איז דערפון גליקלעך... ער שטייט די גאַנצע צייט ביים פענצטער און קאָן ניט אָפּרייסן די אויגן פון דער גאַס. ער זעט, ווי אַזוי אַ יידישער גרינסהענדלער פאָרט פאַרביי מיט זיין וואָגן גרינס און זינגט־אויס זיין סחורה אויף העברעאיש, ווי אַזוי אַ יידישער עלעקטראָ־טעכניקער קריכט אויף אַ לייטער פאַרריכטן דעם טעלעגראַפן־דראָט, — שטייט ער און ווײנט, גיסט מיט טרערן... דאָס ווײנט ער, וואָס ער דאַרף איינער אַליין צוקוקן אַזאַ פרייד, וואָס די מאַמע איז ניטאָ מיט אים... — האָט יהודית צוגעגעבן שוין אין שטילערן טאָן, און אירע אויפ־געלעבטע שיינע אויגן זענען פאַרנעבלט געוואָרן מיט אַן אויסדרוק פון טיפן צער.

— איר ווייסט וואָס? — האָט יהודיתעס שווערין פאַרגעלייגט מנוחינען. — אפשר וועט איר גאָר אַריינגיין איצט צו אונדז, זען דעם פאָטער מיט מיינע קינדער?... ער וועט זיך זייער דערפרייען, ער האָט אײַך היינט שטאַרק געלויבט פאַר מיין מאַן... — האָט זי צו אים ווידער אַ גלאַנץ געטאָן מיט אויגן פון אַ יונגער מחותנתטע. — קומט אַריין פּראָסט, אָן אָפּיציעלע וויזיטן. מיר וווינען ניט ווייט פון דאַנען...

— אָ, ניין! — האָט מנוחין געזאָגט. — דאָס טאָר איך ניט טאָן! אויב מיין שוועסטער וועט דערהערן, אַז איך האָב דעם ערשטן וויזיט געמאַכט ניט ביי איר, וועט זי דאָס מיר אייביק ניט מוחל זיין!...

— אַזאַ אייפערזיכטיקע שוועסטער האָסטו? — האָט זיך יהודית געוואונדערט. — דאָס גייען מיר טאַקע איר שיקן בלומען. זי האָט אונדז

אײַנגעלאַדן צו דער באַגעגעניש, וואָס זי מאַכט פאַר דיר הײַנט אָוונט. קום אויך מיט אונדז. עס וועט שוין שפּעט.

זיי זענען אָרײַנגעקומען אין אַ בלומען־געשעפט און באַשטעלט צוויי בוקעטן. מנוחין אַליין האָט אויסגעקליבן אַ גרויסע וואַזאַנע מיט אַ פּאַלמע־פּלאַנץ.

— דאָס גייט אויך צו דער גברת אישטוב? — האָט דער בלומען־הענדלער געפרעגט, דערביי אָנגעקוקט נײַגעריק דעם אומבאַקאַנטן עלע־גאַנטן פאַרשוין.

— יאָ, צו איר. שיקט דאָס גלייך, איידער עס ווערט אָוונט.

— צום באַנקעט?

— צו וועלכן באַנקעט? — איז מנוחין געוואָרן טשיקאַווע.

— וואָס הייסט צו וועלכן באַנקעט? לכבוד איר ברודער פון אַמע־ריקע. ס'איז גאָר ניט שלעכט, אַפּנים, אַז סע קומט צו פאָרן פון אַמעריקע אַ רייכער ברודער אַ מיליאָנער. די גאַנצע שטאָט שיקט איר הײַנט בלומען...

מנוחין האָט זיך איבערגעקוקט מיט די דאַמען, און אַלע דריי האָבן זיך הויך צעלאַכט.

— דו ווייסט גאָרניט, ווי פּאָפּולער דו ביסט געוואָרן אין תל־אביב אין איין האַלבן טאָג! — האָט יהודית געזאָגט צו מנוחינען, אַרויסגייענדיק פונעם בלומען־געשעפט. — מיר האָבן שוין הײַנט געהערט וועגן דיר עטלעכע מאָל, אַז דו ביסט אַ באַרימטער כירורג אין ניו־יאָרק, און דערצו אַ גרויסער מיליאָנער... נו, קינדער, וווהין גייען מיר איצט?

— איך מוז שוין גיין אַהיים. — האָט די שוועגערין געזאָגט. — איך האָב דאָך עפּעס געסט!

— און איך, — האָט יהודית געזאָגט — וועל נאָך אַ ביסל שפּאַצירן מיט מיין מיליאָנער. איך וויל נאָך הײַנט כאַפּן כאָטש איין קוק אויפן תל־אביבער ים — דאָס איינציקע פּלאַץ, וואָס האָט זיך דאָ מסתמא ניט געענדערט.

געבליבן אינצווייען, האָט מנוחין ווידער אַ מאָל געזאָגט צו יהודיתן, שוין אין פרייען, אינטימען טאָן:

— איך בין אַזוי גליקלעך, יהודית, וואָס דו ביסט דאָ געוואָרן ווי באַנייט. דאָס גיט מיר האָפענונג אויף זייער אַ ליכטיקער צוקונפט...

— איך פיל אויך אַזוי, — האָט יהודית געזאָגט, נעמענדיק מנוחינען

אונטערן אָרעם. — עס איז מיך דאָ פלוצים באַפאַלן אַזאַ גרויסע פרייד, אַז איך האָב מיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און האָב דערציילט מיין שווע־ גערין אַלצדינג... דו האָסט דאָך גאָרנישט קעגן דעם?

— ניין, נאָר איך פיל מיך עפּעס ניט באַקוועם דערפון. איך בין ניט געוווינט צו זיין אַ חתן.

— פאַרפאַלן — דו ביסט אַ חתן!...

זיי האָבן פאַרקערעוועט צום ים, ווו די זון האָט שוין געהאַלטן ביי אונטערגיין, רויט געגליט נאָענט ביים וואַסער, געפאַרבט די ווייטע דורכזיכטיקע ברעגן פונעם הימל אין גאָלדיק־ראָזיקן שיין, געבלענדט די אויגן מיט ליכט און פינצטערניש. דער טראָטואַר, וואָס איז דאָ צוגעפאַלן צום קליינעם ענגן סקווער ביים ברעג ים, האָט נאָך מער געווירבלט מיט שפּאַצירער, אָפּגעוואָרפן דעם איבערפלייץ פון מענטשן צו אַן אָפענעם ברייטן זאַמדיקן פּלאַץ. יונגע בחורימלעך מיט מיידלעך האָבן זיך הייס געיאָגט אויף וועלאָסיפּעדן. אויטאָמאָבילן זענען צוגעלאָפן און אָפּגעלאָפן. גרויסע שטאָטישע אויטאָבוסן, רויטע און זילבער־גרויע, האָבן זיך קונציק געדרייט אין צירקל, אָפּגעריבן איינס דעם אַנדערן די זייטן. אַ גרופּע יונגע שאָפערס האָבן עפּעס לעבעדיק געטענהט ביי אַ ביידל, זיך געהיצט אויף דריי שפּראַכן מיט אַ מאָל — אויף יידיש, אויף רוסיש און אויף העברעאיש. די יונגע פריילעכע שטאָט האָט זיך דאָ פאַרענדיקט אין פריילעכן טומל.

יהודית האָט זיך אָפּגעשטעלט און געגאַפט אויף אַלע זייטן.

— וואָס קומט דאָ פאָר? — האָט זי געזאָגט צו מנוחינען פאַר־ וווּנדערט, ווי מיט באַדויערן. — ס׳איז דאָך עפּעס גאָר אַן אַנדער וועלט! ס׳איז ניט מיין תל־אביבער ים! אַ נייע וועלט איז דאָ אויסגעוואַקסן!...

פאַרבייגעגאַנגען זיין האָטעל, איז מנוחין באַגעגנט געוואָרן פונעם בעל־אכסניה, וואָס איז דאָ געשטאַנען ביים טויער מיט אַ רויטלעך באַ־ לויכטענעם שאַרבן פון דער פאַרגייענדיקער זון, אויסגעזען ווי אַ שיפס־ קאַפּיטאַן אויף דער וואַך, געקוקט שאַרף ערגעץ ווייט צום ים.

— גוד איווינינג, סער, ערבא טבא למרא! — האָט אים שדה־לבן באַ־ גריסט מיט אַ ליכטיקן פּנים אויף צוויי שפּראַכן, אויף ענגליש און אויף ארמית. ענגליש — פאָרמעל, אין ארמית — פאַמיליער. — דורכגעלאָפן די שטאָט?... מען האָט דאָ פאַר די עטלעכע שעה אייך אָפּגעקלאָפּט די טיר.

— ווער? — האָט מנוחין געפרעגט.

— ווער? יידן!

— וואָסערע יידן?

— אַלערליי יידן. מיט בערד און אָן בערד, כשרע און טריפניאַקעס. אויך יידענעס, יונגע און אַלטע...

— וואָס האָבן די יידן געוואָלט? — האָט מנוחין זיך געחידושט.

— וואָס זאָלן יידן וועלן? נדבות! מע האָט דערהערט, אַז ס׳איז געקומען צו פאָרן פון אַמעריקע אַ באַרימטער כירורג, אַ מיליאָנער, וואָס נעמט פאַר אָפּשניידן איין אַפּענדיק פינף טויזנט דאָלער, וויל מען אים פאַרקויפן עולם־הבא... שרעקט אַייך ניט, זיי וועלן קומען נאָך אַ מאָל...

— אַזוי גאָר? — האָט מנוחין געשמייכלט. — איז דאָך ניט גוט!

— אוודאי איז ניט גוט! נאָר איך האָב אַן עצה.

— וואָס פאַר אַן עצה?

— איר זאָגט מיר נאָר דעם ריינעם אמת, — האָט שדה־לבן שוין אָנגעשלאָגן גאָר אַ פאַמיליערן טאָן, ווי עס פּאַסט פאַר צוויי מענטשן, וואָס פאַרשטייען זיך איינס דאָס אַנדערע אויפן קוק, — איר זענט טאַקע אַ מיליאָנער, צי ווער — וואָס?

— ניין, ניט קיין מיליאָנער, — האָט מנוחין געזאָגט און באַטראַכט זיין בעל־אַכסניה מיט אַ טשיקאַוון שמייכל.

— אויב ניט קיין מיליאָנער, איז גוט! אויב אַזוי, איז אויסגעצייכנט! וועל איך זיי טרייבן האַלדז און נאַקן, די גבאים אונדזערע מיט די גבאיטעס! איך האָב פיינט שנאָרערס! מיר דאַרפן שוין מער ניט האָבן קיין שנאָרערס אין ארץ־ישראל! ארץ־ישראל דאַרף געבויט ווערן ניט פון שנאָרן, נאָר פון אַרבעט!... וווהין־זשע גייט איר אַצינדערט אָן אַ מאַנטל?

— צום ים, — האָט מנוחין געזאָגט און זיך געלאָזט גיין מיט יהודיתן ווייטער.

— וואַרט אַ ווײַלע, דאָקטאָר, איר וועט זיך חלילה פאַרקילן! — האָט שדה־לבן גלייך געגעבן זיין שפּילעוודיקן טאָן אויף אַן ערנסט־באַזאָרגטן. — ביים ים האָבן מיר נאָך היינט ווינטער!

ער האָט זיך פלינק אויסגעדרייט צום הויף, דריי מאָל אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט, און באַלד האָט זיך פונעם האָטעל באַוויזן דער שוואַרץ־חנעוודיקער תימנער משרת אינעם ווייסן לאַקעיִשן רעקל.

— סעדיה! — האָט דער בעל־הבית צו אים געזאָגט באַפעלעריש. —

ברענג דאָקטאָר מנוחינען זיין גרויען מאַנטל מיט די גרויסע קנעפּ, וואָס הענגט ביים אַריינגאַנג אויפן דריטן הענגער. טראָג אָבער דעם מאַנטל אַזוי, אַז פון די קעשענעס זאָל גאָרנישט ניט אַרויספאַלן!...

סעדיה האָט זיך געלאָזט לויפן און איז באַלד אַרויסגעקומען מיט מנוחינס מאַנטל, געטראָגן אים אויף ביידע אויסגעשטרעקטע הענט פאַר־זיכטיק, מיט גרויס מורא, ווי אַ קוואַטער טראָגט דאָס קינד צום ברית.

— אָדון! — האָט ער געזאָגט סודותדיק־שטיל צו מנוחינען און אַ ווונק געטאָן מיט די שוואַרצע אויגן צום האָטעל. — עס וואַרט דאָרטן אויף דיר אַ „בחורה״...

— וואָס הייסט אַ „בחורה״? — האָט מנוחין ניט פאַרשטאַנען.

— אַ „בחורה״, אַ יונגע אשה...

— ווער וואַרט דאָרטן? — האָט אים דער בעל־הבית גענומען אויף אַ שטרענגן פאַרהער. — וועלכע „בחורה״? פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט?...

— דו ביסט דאָ ניט געווען, ביסט געגאַנגען קויפן פיש, אדון!... — האָט זיך סעדיה פאַרענטפערט. — זי וואַרט שוין אַ שעה.

— ווו וואַרט זי? — האָט זיך שדה־לבן אַ לאָז געטאָן צום האָטעל.

— דאָרט, אינעם קליינעם זאַל. זיצט און קוקט אין אַ ספר.

— אוי וויי! — וואָס איז געשען? — האָט יהודית געפרעגט מנוחינען.

— עפּעס איינע אַ יונגע פרוי מיט אַ בוך וואַרט דאָרטן אויף מיר. מסתמא די מיס זאַקהיים מיט איר העברעאישן ביכל. די כלה? לאָמיר לויפן!...

מנוחין האָט דאָס מאָל ניט געטראָפן. פון האָטעל האָט זיך באַוויזן אַ בלאָנד מיידל מיט אַ ביכל אונטערן אָרעם — מנוחינס פלימעניצע. זי איז צוגעקומען צום טויער אַ שמייכלענדיקע, נאָר דערזען מנוחינען האַנט ביי האַנט מיט אַ יונגער שלאַנקער דאַמע, האָט זי זיך ווי איבערגעשראָקן און זיך גענומען מינען אין פּנים.

— אָ, דאָס איז דאָך רבקה, מיין שוועסטערס טאָכטער! — האָט מנוחין זי פאָרגעשטעלט פאַר יהודיתן.

— איך וואַרט שוין דאָ לאַנג אויפן פעטער, — האָט דאָס מיידל געזאָגט, רויט ווערנדיק אונטער מנוחינס און יהודיתעס בליקן. — די מאַמע איז דאָרט אויסער זיך. זי האָט אייך געבעטן אויף אָוונט־ברויט, איידער די געסט וועלן קומען...

— גוט, באַלד קום איך, רבקהלע... — האָט מנוחין געזאָגט אין ווייכן קרובישן טאָן, וועלנדיק צוגעבן קוראַזש דער שעמעוודיקער פּלימע־ניצע. — אַ סך געסט האָט די מאַמע איינגעלאַדן?

— גאַנץ תל־אביב! — האָט רבקה געענטפערט אין פריילעכן טאָן און אַ בליץ געטאָן מיט שמייכלענדיקע אויגן צום שיינעם צערטלעכן פעטער.

קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

## די פאַמיליע אישטוב

לויט די בריוו, וואָס זיין שוועסטער פלעגט אים שרייבן קיין אַמעריקע, באַקלאָגנדיק זיך אויף איר געפאַלענער מערכה אין ארץ־ישראל, און אַצינד אויך לויט דעם אויסזען פון זיין שוואָגער, וואָס האָט געהאַט אַלע סימנים פון אַ קמצן, האָט מנוחין זיך פאָרגעשטעלט, אַז זיי באַדאַרפן לעבן געענגט, אין קליינע געמיינע חדרימלעך, וואָס שמעקן אויב ניט מיט דלות, איז מיט דער קאַרגשאַפט פון די בעלי־בתים. אַרויסגעשטעלט האָט זיך אָבער, אַז אישטוב איז געזעסן דווקא אין אַ גרויסער געראַמער בגידישער דירה, מיט מאַסיוון באַקוועמען ווייכן מעבל, וואָס האָט אָפּגעגעבן מיט גוטן אַלטמאָדישן קאָמפאָרט, מיט אַלטגעזעסענער היימלעכקייט און גע־מיטלעכקייט. אין די חדרים האָבן העל געברענט עלעקטרישע לאָמפּן און אַלצדינג האָט געבלאַנקט פון זויבערקייט — אין אַלע ווינקלען האָט זיך געלאָזט פילן די געניטע האַנט פון אַ גוטער באַלעבאָסטע.

— וואָס קוקסטו אַזוי, סראָליק? — האָט די שוועסטער געפרעגט אַ יום־טובדיק אויפגעראַמטע, אַריינקומענדיק מיטן גאַסט אין גרויסן ליכ־טיקן עס־צימער צוזאַמען מיטן גאַנצן הויזגעזינד.

— עס דערמאָנט מיר עפּעס אונדזער אַמאָליקע היים, — האָט מנוחין געזאָגט און אַרומגעקוקט זיך אויף אַלע זייטן ווי אַנגענעם פאַרוווּנדערט.— מיר דאַכט, אַז איך בין אַריינגעקומען אין אונדזער „סטאַלאָווע”...

— טאַקע באמת? — האָט די שוועסטער אינגאַנצן אויפגעשיינט. — איך האָב אָבער געוווּסט, אַז דו וועסט אַזוי זאָגן! איך ווייס, אַז דו האָסט אַ זיכרון צו אַזעלכע זאַכן. וויבאַלד אַזוי, קום אַהער צום שענקל, וועסטו

זען נאָך עפּעס. דערקענסט דער מאַמעס זילבער? דאָס האָבן מיר אַרויס־געראַטעוועט פון די באָלשעוויקעס. ער האָט דאָס אַרויסגעראַטעוועט, שיר ניט באַצאָלט מיטן לעבן דערפאַר! — האָט זי אָנגעוויזן אויף איר מאַן, וואָס איז געשטאַנען אָן דער זייט, באַשיידן געשוויגן מיטן גלאַנציקן, בלאָנד אַרומגעגרייזלטן פּליך, אויסגעזען אין זיין שמאָלן פאַרשפּילעטן שבתדיקן סורדוט מער ווי אַן אָרעמער קרוב, איידער דער בעל־הבית פון דער דירה. — אים קומט דער דאַנק!

— ווייס איך! — האָט דער שוואָגער באַשיידן אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — איך בעט ביי קיינעם ניט קיין דאַנק!... איך האָב ניט געקאָנט צולאָזן די מחשבה, אַז ירושה־זילבער, פּסחדיקע כוסות מיט קידוש־בעכערס, זאָלן אַריינפאַלן צו פרעמדע באַנדיטן, צו רויבער... גענוג וואָס זיי האָבן געמאַכט אַ תל פונעם פאַרמעגן...

— אם ירצה השם, אַז דו וועסט חתונה האָבן, סראָליקל, — האָט די שוועסטער געזאָגט מיט אַ מוטערלעכן גלאַנץ אין די אויגן, — וועט דאָס זיין פאַר דיר דרשה־געשאַנק. דו ביסט דאָך דער הויפּט־יורש!...

— מילא, פון דרשה־געשאַנק וועלן מיר נאָך שמועסן! — האָט מנוחין געשמייכלט. — מיר געפעלט אָבער ניט, אסתרל, אָט דער טומל, וואָס דו מאַכסט דאָ צוליב מיין קומען! — האָט ער באַוויזן אויף די ווייס־געדעקטע טישלעך, וואָס זענען שוין געווען באַצייטנס אויסגעשטעלט מיט כיבוד, מיט פולע וואַזעס מאַראַנצן און מיט פלעשער וויין. — דיין רבקה האָט מיר אָנגעזאָגט אַ בשורה, אַז גאַנץ תל־אביב וועט זיך צונויפלויפן קוקן אויף מיר, און אין שטאָט גייען אַרום קלאַנגען וועגן אַ גאַנצן באַנקעט. עס וועט זיין פאַר מיר אַן אָפּקומעניש.

— הערסט, אָט דאָס טענה איך דאָך! — איז דער שוואָגער פּלוצים געוואָרן ווי לעבעדיק און אַ טראָט געטאָן נעענטער צו מנוחינען. — אָט דאָס פרעג איך דאָך די גאַנצע צייט: ווער דאַרף דאָס?

— ווער דאַרף דאָס? — האָט דאָס ווייב זיך אָוועקגעשטעלט אַקעגן אים מיט אַן אָנגעצונדענעם פּנים. — ניט דו — איך דאַרף דאָס!... איך וויל, אַז תל־אביב זאָל אויך וויסן, אַז איך בין ניט פון אַ שטיין געבוירן!... אַז מיין יחוס באַשטייט ניט נאָר אין דעם, וואָס מיין מאַן איז געוואָרן אַ ספּעקולאַנט מיט ארץ־ישראל־ערד, און איך דאַרף דאָ קלעטערן צו שכנים אויף טרעפּ איינמאָנען דירה־געלט!... אָט האָסטו באַקומען דיין

פּאַרציע פאַר מיין ברודער אין די אויגן — און שוויַיג, ווי דו שווייַגסט אַלע מאָל!... דו מעגסט מיר גלייבן, סראַליקל, — האָט זי זיך געווענדט צום ברודער מיט טרערן אין די אויגן, — אַז זינט אונדזער גרויסן בראָך, שוין אָט אָנדערהאַלבן יאָר, האָב איך נאָך ביי מיר אין שטוב קיין מענטשן ניט געזען. און דו געדענקסט דאָך, ווי אַזוי אין דער היים ביי אונדז האָט מען ליב געהאַט אויפצונעמען געסט — אָט אַזאַ בין איך אויך!...

נאָך אַזאַ הקדמה האָט מען זיך שטיל אויסגעזעצט ביים טיש צו אָונט־ברויט, וואָס אַ צוגעפּוצט תימנער מיידל אין אַ ווייסן פאַרטיכל האָט דערלאַנגט. מנוחין איז געווען אַ ביסל מטושטש פון דער אומגעריכטער סצענע צווישן מאַן און ווייב. ער האָט אָבער אויך דערפילט אַ דערלייכ־טערונג פון זיין שוועסטערס אויפגעפלאַמטן פּראָטעסט, וואָס האָט זיך געשיצט אין אים און אין דעם געהויבענעם זכות־אבות. דאָס האָט ווי געעפנט פאַר אים אַ פענצטערל צו איר פאַרשלייערטן גרויען לעבן. ער האָט זיך איצט מיט באַזונדערן אינטערעס צוגעקוקט צו אירע קינדער, וואָס זענען געווען דער איינציקער איבערבלייב, דער קומענדיקער יונגער דור פון זיין לייבלעכער משפּחה. ער האָט געזוכט אין זייערע פּנימער, לויט זיין אַלטן איינגעגעסענעם שטייגער, שטריכן פון נאָענטער פאַר־וואַנדשאַפט, נאָר צו זיין טיפן באַדויערן זענען די דאָזיקע שטריכן פאַרשלונגען געוואָרן פון פרעמדער בלאָנדקייט — עס האָט דאָ, אַפּנים, גובר געווען די קאַלטע דערווידערדיקע קראַפט פון דעם פרעמדן שוואָגער. צוזאַמען מיט דער וואַרעמער צוגעלאָזטקייט צו זיינע פּלימעניקעס, מיט די אויפגעוועקטע קרובישע סענטימענטן צו זיי, האָט זיך ביי אים אויך געוועקט אַ מין פריקרע געפיל צו זייער צוגעמישטן, פרעמדן, אומ־באַליבטן בלוט. ער האָט מיט פיינלעכער בענקשאַפט אַ טראַכט געטאָן וועגן דער שוועסטערס אומגעקומענעם עלטערן זון, וועלכער האָט מיט זיין פאַרשוווּנדענער ליכטיקער געשטאַלט אָוועקגעטראָגן די גאַנצע פּראַכט פון דעם דאָזיקן הויז, דעם גאַנצן זינען, וואָס דאָס הויז וואָלט פאַר אים געקאָנט האָבן.

אויך די קינדער האָבן נייגעריק באַטראַכט דעם געהויבענעם פעטער פון אַמעריקע, פון וועלכן זיי האָבן זיך אַ סך אָנגעהערט. זיי זענען געווען דריי. די עלטערע טאָכטער רבקה, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון מנוחינס מוטער, האָט איבערגענומען פון איר פאָטער ניט נאָר זיין גאַנצע בלאָנדקייט, נאָר כמעט אויך אַלע שטריכן פון זיין פּנים. זי האָט

אָבער געהאַט לעבעדיקע, סענטימענטאַל־ווייכע אויגן, ווי ביי דער מוטער. דערצו איז זי אַצינד געשטאַנען אין דעם סאַמע יונגן פעריאָד פון מיידלשן אויפבלי, אַזוי אַז זי האָט אויסגעזען אַפילו באַחנט און ליב. אויף מנוחינען האָט זי געקוקט פון דער ערשטער מינוט מיט גליקלעכן שטאָלץ און פאַרליבטקייט, ווי אויף דעם נאָענטסטן און ליבסטן מענטשן פון דער מוטער, וואָס מיט זיין שיינקייט און גייסטיקער געהויבנקייט, אַנטקעגן דעם פאָטערס געמיינעם אויסזען, וואַרפט ער אויף איר שטאָם אַ הערלעכן שיין. זי האָט גיך אויפגעכאַפּט זיין מיינונג צו איראָנישן אויסדרוק און האָט אויך דערמיט אָנגעהויבן קאָקעטירן, שטאַרק געוואָלט אויסנעמען ביי אים. דער צווייטער נאָך איר איז געווען אַ בחורל פון אַ יאָר פופצן, מיטן נאָמען עזרא — ווייזט אויס, אַ נאָמען פון אישטובס משפחה. ער האָט אויסגעזען ניט אַזוי בלאָנד, ווי דער פאָטער, נאָר אַזאַ שווייגער ווי ער, הגם זיין שווייגן איז געווען פון אַן אַנדער מין — שעמעוודיק און אַנגעכמורעט. ער האָט זיך גערויטלט און געוואָלקנט אונטער מנוחינס בליקן און האָט אָפּט, ווי פאַרגנבעט אים אָפּגעענטפערט מיט די זעלבע בליקן — קרוביש־פרעמדלעכע, פאַרשנדיקע, וואָס ווילן דערגרונטעווען ביז צום תוך.

גאַנץ אַנדערש, שוין גאָר ווילד־פרעמד, האָט געקוקט אויף מנוחינען דאָס יינגסטע פון די קינדער, אַ יינגל פון אַ יאָר צען. דער איז געווען שוין ניט בלאָנד, נאָר פשוט רויט, מיט אַ רויט־אָפּגעברענטן קלייענדיקן פּנים, מיט רויטע האָר, וואָס זענען איצט געווען קורץ געשוירן און האָבן גע־סטאַרטשעט אויפן שפּיץ קאָפּ האַרט און שטעכעדיק. ער האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ קליינעם מזיק, ווען מע האָט געכאַפּט אין גאַס אין סאַמע הייסן שפּיל, אַרומגעוואַשן, אָנגעטאָן שבתדיק און אַוועקגעזעצט ביים טיש. ער איז געזעסן צווישן די צוויי עלטערע קינדער, ווי אַ קליינע געפאַנגענע חיה, געהאַלטן די פאַרשטיפטע, פאַרלאָפענע אויגן אַראָפּ, אויף קיינעם ניט געקוקט, נאָר פון צייט צו צייט געוואָרפן אויפן גאַסט פון אונטערן פאַרוואַקסענעם שטערן אַ ווילדן, אומצופרידענעם, בייזלעכן בליק, ווי איינער זאָגט: „וואָס האָט מען דאָ געמאַכט מיט אים אַזאַ טאַרעראַם? וואָס האָט מען פון אים?"... אַ נאָמען האָט ער געטראָגן גאָר אַ טשיקאַוון — מע האָט אים גערופן שאר־ישוב. ביי דער מוטער, וואָס האָט גערעדט מיט די קינדער מער יידיש ווי העברעאיש, האָט ער געהייסן פּראָסט „שאר־ישובל", — וואָס האָט ביי מנוחינען אַרויסגערופן אַ שמייכל.

— נאָך וועמען האָט איר עס אים געגעבן אַזאַ פיינעם נאָמען? — האָט ער געפרעגט ווי פאַרוונדערט.

— נאָך ישעיה הנביאס זון! — האָט רבקה קאָקעטיש אַ בליץ געטאָן צום פעטער מיט די אויגן, ווי אונטערשטרייכנדיק פאַר אים איר קענט־שאַפט אין תנ״ך.

— דאָס איז געווען זיין אויפטו, מנשהס, — האָט די מוטער אַ ווונק געטאָן מיט אַ שמייכל אויפן מאַן. — שאָר־ישובל איז דאָך שוין אַ היגער אַ געבוירענער, אַן ארץ־ישראלדיקער.

— אַ צאַברא, — האָט רבקה געזאָגט לאַכנדיק.

— ביסט אַליין אַ צאַבראַ! — האָט דאָס רויטע ייִנגל אַ ברום געטאָן, ניט אויפהייבנדיק די אויגן פון טעלער.

— וואָס איז „צאַבראַ״? — האָט מנוחין געוואָלט וויסן.

— פאַראַן דאָ ביי אונדז אַזעלכע פלאַנצן, גרויסע קוסטעס מיט שטע־כעדיקע בלעטער, וואָס הייסן „צאַבראַ״, — האָט רבקה דערקלערט דעם פעטער מיט אַ באַזונדערן פעדאַגאָגישן פאַרגעניגן, וואָס זי האָט דאָ אַ געלעגנהייט, ער זאָל פון איר עפּעס לערנען, — רופט מען אַלע קינדער, וואָס זענען געבוירן אין ארץ־ישראל, מיט דעם נאָמען „צאַבראַ״. און ער איז אַן אמתער „צאַבראַ״, — האָט זי אַ גלעט געטאָן דעם ברודערל איבערן רויטן געשוירענעם קעפּל מיט אַ שמייכל, — ער שטעכט זיך...

— עזבי! (לאָז אָפּ!) — האָט שאָר־ישובל אַ ברום געטאָן מיט כעס און אָפּגעוואָרפן פון זיך דער שוועסטערס האַנט.

— אַזוי גאָר? איז ער דאָך אַן אמתער ארץ־ישראל־ייִד! — האָט מנוחין געזאָגט און געקוקט מיט חידוש אויפן ווילדן פלאַנץ ביי זיין שוועסטערס טיש. אויב אַזוי, קומט אים טאַקע אַזאַ שיינער נאָמען פונעם תנ״ך!

— ס׳איז אַ פּשוטע זאַך, — האָט זיך שוין אַריינגעמישט דער שווייגנ־דיקער פאָטער און דערקלערט דעם ענין על־פּי שכל: — מיר זענען דע־מאָלט ערשט געווען געקומען פון גלות מאָסקווע, זיך קוים אַרויסגעראַ־טעוועט מיטן לעבן פון די באַנדיטן, האָט דער נאָמען „שאָר־ישוב״ גע־פּאַסט סיי צו אונדזער אייגענער לאַגע, סיי צו דער גאַנצער לאַגע פון ארץ־ישראל...

— ער האָט אָבער גרויסע צרות פון דעם נאָמען! — האָט רבקה זיך ווידער געווענדט צום פעטער, אַלץ אין לייכטן שפּאַסיקן טאָן. — מיר

האָבן דאָ אַנטקעגן אונדז איינעם אַ שכן, אַן אַלטן יידן, וואָס האָט ליב קאַטאָוועס, רייצט ער זיך מיט אים און רופט אים מיטן נאָמען פון ישעיה הנביאס צווייטן זון: מהר־שלל־חש־בז׳עלע... רופן אים שוין די קינדער אין גאַס אויך מיט דעם נאָמען.

— איך וועל נאָך דעם פּאַסקודנעם אַלטן עפּעס טאָן, אַט וועסטו זען! ער וועט מיך געדענקען, דער אַלטער חמור! — האָט שאר־ישובל גע־מאַכט אַ קולאַק און זיך צעקאָכט אויף אַ מאָדנע פלינקן העברעאיש.

— שטיל, דו! מע טאָר אַזוי ניט רעדן וועגן אַן אַלטן מאַן! — האָט דער פאָטער זיך אַ בייזער געטאָן אויף אים אין געלאַסענעם טאָן.

— און אַז ער לאַכט פון דיין נאָמען אויך? — האָט שוין דער קליינער אויפגעהויבן צום פאָטער די פּאַרלאָפענע ווילדע אויגן.

— פון מיין נאָמען? וואָס איז דאָ פאַראַן פון מיין נאָמען צו לאַכן? — האָט דער פאָטער אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס.

— ער לאַכט! ער זאָגט: דו האָסט זיך אויסגעקליבן אַ נאָמען „איש טוב", און אין דער אמתן דאַרפסטו גאָר הייסן „איש רע"...

— שטיל, דו עזות־פּנים!... — האָט דער פאָטער אויסגערופן ווידער אָן כעס, נאָר מיט עפּעס אַ מאָדנעם, קרומלעכן קאַלטן שמייכל. אַלע האָבן זיך צעלאַכט, אויסער איין עזרא, וואָס האָט געכאַפּט אַ קוק אויף דעם אַמעריקאַנער פעטער און זיך נאָך מער אַנגעכמורעט, טיף אַנגעבויגן דעם קאָפּ צום טעלער.

נאָכן מאָלצייט האָט מנוחין זיך געלאָזט פירן פון רבקהן איבער דער שטוב, באַטראַכטן די חדרים. אַריינגעקומען אין עזראס חדרל, האָט אים אַ שיין געטאָן פון דער וואַנט, פון אַ פאַרגרעסערטן פאָטאָגראַפישן בילד, דאָס ליכטיקע, שטראַלנדיקע פּנים פון דער שוועסטערס אומגע־קומענעם זון. עזרא אַליין איז געשטאַנען איבער זיין טישל, אונטער דעם בילד, ווי פאַרטרויערט, אין אַ טיף־פאַרטראַכטער פּאָזע.

— עזרא, ווייזט אויס, איז זייער אַ שווייגעוודיקער, — האָט מנוחין זיך אָנגערופן ווייך. איך האָב נאָך פון אים קיין איינציק וואָרט ניט געהערט.

— וואָס זאָל איך רעדן? — האָט עזרא אַ זאָג געטאָן ווי ברוגזלעך און איז שטאַרק רויט געוואָרן.

— ער האַלט ניט פון רעדן — ער האַלט פון טאָן! — האָט רבקה קורץ כאַראַקטעריזירט דעם ברודער פאַר מנוחינען מיט אַ שמייכל פון

אַן עלטערער שוועסטער. — ער איז אַ „מאַפּאַיניק“, אַ סאָציאַליסט, פון דעם „הנוער העובד“.

— באמת? אַזוי יונג, און שוין אַ סאָציאַליסט? — האָט זיך מנוחין געוווּנדערט. — דו לערנסט, דאַכט זיך, אין גימנאַזיע? אין וועלכן קלאַס?

— אין פינפטן. — האָט עזרא געענטפערט ניט גערן.

— ער אין פינפטן, און איך ענדיק שוין היינטיקס יאָר, — האָט רבקה געזאָגט, — אַז ער וועט ענדיקן, וועט ער גיין אַרבעטן אין אַ קבוצה, ווי אונדזער ברודער חיים, זכרונו לברכה... — האָט זי צוגעגעבן שטיל, ווי פאַרטרויענדיק אַ סוד.

— און דו, רבקהלע, ווילסט ניט גיין אין אַ קבוצה?

— איך ווייס נאָך ניט... איך קאָן ניט זאָגן באַשטימט...

— וואָס פאַרשטייט זי אין אַזעלכע זאַכן! — האָט עזרא אַ זאָג געטאָן מיט אָפענער פאַראַכטונג פון אַ מאַנספערשוין צו אַ פרוי.

— אַזוי? איך פאַרשטיי אפשר מער פון דיר! נאָר איך וויל ניט פאַרשאַפן קיין צער דעם טאַטן. דיך אַרט ניט פאַרן טאַטן, און מיך אַרט יאָ!...

— גוט, בלייב דאָ אין תל־אביב און הייב אָן פאַרבן די ליפּן, וועט דער טאַטע פון דיר מער נחת האָבן!... — האָט עזרא געזאָגט סאַרקאַסטיש.

— איך וועל די ליפּן קיינמאָל ניט פאַרבן! — האָט רבקה אויסגערופן טיף־באַליידיקט, אַזוי אַז טרערן האָבן זיך געלאָזט הערן אין איר קול. — דיר אויף צו־הכעיס!...

— אַז מיר וועלן לעבן, וועלן מיר זען.

— אַהאַ, שוין לאַנג שטיל געווען! — איז אַריינגעקומען די מוטער מיט אַ פאַרזאָרגטן שמייכל. — מע רייסט זיך שוין מסתמא ווידער וועגן די קבוצות, און דווקא פאַרן פעטער אין די אויגן!... גייט־אַרויס אויף אַ ווײַלע, איך דאַרף דאָ מיטן פעטער עפּעס רעדן. — און זי האָט גלייך פאַרמאַכט די טיר הינטער זיי.

— ווילע קינדער ביי דיר, אסתרל, ביידע ווילע — האָט מנוחין געזאָגט.

— וואָס דען, שלעכטע קינדער וועלן ביי מיר חלילה זיין? פון וואַנען?...

— עזרא איז מיר שטאַרק געפעלן.

— ווער? מיין עזראלע? וואָס רעדסטו? ער גייט דאָך אין יענעמס וועגן, אים צו לענגערע יאָר... ער רייסט זיך דאָך שוין אויך אין די קבוצות,

ווײַ איז מיר און ווינד!... דו זעסט אָט דעם אַלמער מיט ביכער? דאָס זענען חיימלס ביכער, — היט ער זיי ביי זיך אין חדר, ווי אַ הייליקייט, ווי אַ פרומער ייד אַן אָרון־קודש. זיין פּאָרטרעט האָט ער אויך צוגענומען צו זיך. און ווייסטו, נאָך וואָס ער היט ביי זיך? — האָט זי אײַנגערוימט דעם ברודער אַ סוד: — דעם רעוואָלווער, מיט וועלכן חיימל האָט אָפּגעשאָסן די קאָלאָניע... ווען מיין מנשה ווייסט פון דעם רעוואָלווער, וואָלט זיך געטאָן חושך!... יאָ, וועגן וואָס האָב איך מיט דיר געוואָלט רעדן? טאַקע וועגן מיין מנשהן. ער האָט מיך פריער דעררגזנט, האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט אַנטקעגן אים מיט אַ צו שאַרפן וואָרט... און אפשר ווייסטו דאָ הערן פון אַנדערע אויך אַלערליי ווערטער... תל־אביב איז נאָך אַ קליין שטעטל... שווער איך דיר, סראָליקל, ווי פּאַר מיין איינציקן ברודער, מער קיין ברידער האָב איך דאָך ניט: מנשה איז ניט דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט, און ניט דאָס, וואָס דו מיינסט אפשר — ער איז ניט קיין ספּעקולאַנט!... ער קויפט טאַקע ערד ביי אַראַבער, נאָר ער טוט דאָס ניט ווי אַלע אַנדערע ספּעקולאַנטן — ער טוט דערמיט גרויסע טובות פאַרן לאַנד... ער וועט מיט דיר אַליין רעדן דערפון. ער האָט אַ פּלאַן, וואָס איז פאַרבונדן מיט אונדזער זונס נאָמען, בעט איך דיך, סראָליקל, — הער־אויס דעם פּלאַן... און דו זאָלסט גאָר אויף קיין שלעכטס ניט איבערטראַכטן... אַזעלכע ערלעכע מענטשן, ווי מיין מנשה, איז שווער צו געפינען! ער איז טאַקע אַ ביסל אַ קאַרגער, וואָס אמת איז אמת, ס'איז ביי זיי אַ משפּחה־פעלער, — אָבער ערלעך, ערלעך ביז צום ביין!... ער האָט נאָך אויף זיין לעבן ביי קיינעם קיין גראָשן ניט פאַרנומען... וואָס דאַרפסטו מער? דו ביסט אונדז אין די שלעכטע צייטן בייגעשטאַנען מיט וואָס דו האָסט געקאָנט, וויל ער דיר איצט, אַז גאָט האָט אונדז געהאָלפן, אויסצאָלן די עטלעכע טויזנט פונט מיט פּראָצענט, ביז דער לעצטער פּרוטה...

— זאָל גאָט היטן! — האָט מנוחין זיך דערשראָקן. — זאָל ער זיך דאָס אַרויסשלאָגן פונעם קאָפּ, איך וויל דאָס גאָרניט הערן!

— אָט דאָס טענה איך דאָך מיט אים אויך! — האָט די שוועסטער זיך דערפרייט. — איך זאָג אים: „סראָליקל וועט ביי דיר קיין געלט צוריק ניט נעמען. איך קען מיין ברודער, ביי אונדזער טאַטן אין שטוב איז גאָר געווען אַ חרפּה צו רעדן פון געלט״... אָט וועל איך אים אומיסטן אַריינרופן, זאָל ער דאָס אויך הערן פון דיר... מנשה! — האָט זי געעפנט די טיר און אַ רוף געטאָן: קום אַריין אַ ווײַלע אַהער, מנשה!

אישטוב איז אַריינגעקומען און איז געבליבן שטיין באַשיידן, אין שטומער דערוואַרטונג.

— מנשה, — האָט צו אים דאָס ווייב גערעדט מיט אַ ליכטיק־באַגייסטערטן פנים, — וואָס האָב איך דיר געזאָגט? האָב איך ניט געזאָגט, אַז מיין סראַליק וועט אַפילו ניט וועלן הערן פון באַקומען צוריק דעם חוב?...

— ישראל מעג זיך ניט וועלן הערן, און איך דאַרף וועלן אָפּצאָלן! — האָט אישטוב געזאָגט זייער געלאַסן. — חובות דאַרף מען צאָלן. ווען איך זאָל געוועזן לייען געלט ישראלן, וואָלט איך אויך פאַרלאַנגט, ישראל זאָל מיר מיין געלט אומקערן... איך בין אַ מענטש, וואָס מיין פרינציפּ איז די „מידה בינונית״: שלי שלי, ושלך שלך...

— ס'איז דאָך אָבער פאַראַן אַ יש־אומרים, אַז ס'איז גאָר אַ „מידת סדום״! — האָט מנוחין זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל.

— די „יש־אומרים״ זענען געוועזן טיפּשים, זיי זאָלן מיר מוחל זיין! וואָס הייסט „מידת סדום״? אָט דאָס איז „מידת סדום״? ווי געשיקט זיך עס?... אויף דעם „שלי שלי״ האַלט זיך דאָך די גאַנצע וועלט!... אין דעם ליגט אי ערלעכקייט, אי יושר, אי לאָגיק, אי שכל הישר, אי פאַרשטאַנד, און וואָס ניט?...

דער קאַלטער אישטוב האָט זיך פּלוצים צעוואַרעמט. עס איז געוועזן צו זען, אַז דאָ האָט מען אים אָנגערירט אין סאַמע פּינטל. אויף זיינע טרוקענע פאַרבלאַזטע באַקן האָבן זיך אַזש צעבליט רויטע פלעקן. נאָר דאָ האָט רבקה אינמיטן אָנגעקלאַפּט אין טיר מיט אַ פריילעך־אויפגערודערטן קול:

— מאַמע, געסט זענען געקומען!

קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

# מיט תל־אביבער געזעלשאַפט

„גאַנץ תל־אביב", פאַר וועלכן מנוחין האָט זיך אַ ביסל געשראָקן, דערוואַרט עס ווי אַן אָפּקומעניש, איז באַשטאַנען פון עטלעכע צענדליק תל־אביבער איינוווינער, מענער און פרויען, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אין פאַרלויף פונעם אָוונט ביי די אישטובס אין הויז. דאָס איז געווען אַ געקליבענע געזעלשאַפט, צום מיינסטן פון דער תל־אביבער אינטעליגענץ, וואָס האָט ביז אַהער מיט אישטובן אַליין ווייניק שייכות געהאַט, געקענט אים פון דער ווייטן, ווי עפּעס אַ פרא־אדם, און געווייכט פון אים איבער זיין קאַרגשאַפט. איצט איז מען געקומען צו אים אין הויז פון פשוטער פּראָווינציעלער נייגעריקייט — אָנקוקן דעם גאַסט פון אַמע־ריקע. אין תל־אביב האָט מען שוין לאַנג געוווּסט, אַז די מאַדאַם אישטוב האָט אין אַמעריקע אַ רייכן ברודער, אַ באַרימטן דאָקטאָר, וואָס האָט איר איבערגעשיקט גרויסע סומעס געלט, איר אויסגעבויט צוויי הייזער און געהאָלפן איר מאַן דעם פרא־אדם זיך שטעלן אויף די פיס. אַחוץ דעם האָט מען געוווּסט, אַז דער דאָזיקער ברודער איז אַ יידיש־געבילדעטער מענטש, אַ גרויסער אינטעליגענט, כמעט אַ שריפטשטעלער. מע האָט אויך געשמועסט, אַז דער העלדישער טויט פון דער שוועסטערס זון האָט אויפן אַמעריקאַנער דאָקטאָר אַזוי געווירקט, אַז ער האָט אויפגעגעבן זיין רייכע מעדיצינישע פּראַקטיק אין ניו־יאָרק און איז געקומען קיין ארץ־ישראל העלפן בויען דאָס לאַנד. דאָס לעצטע האָט צוגעגעבן מנוחינען אין די אויגן פון די תל־אביבער אַ באַזונדער ראָמאַנטישן רייץ.

דער אויסקלייב פון די געסט איז געמאַכט געוואָרן דורך ד"ר שייבינען, וואָס איז צוליב זיין אַלטער פריינדשאַפט מיט מנוחינען געווען ביי זיין שוועסטער אין שטוב אַן אָפּטער איינגייער. עס האָבן זיך דאָ אויסגעמישט דאָקטוירים מיט לערער, יוריסטן מיט פאַבריקאַנטן, פּרדסנים מיט באַנק־מענטשן, און סתם חשובע באַלעבאַטים, ציוניסטישע און שטאָטישע טוער, אויך פאָרשטייער פון די תל־אביבער קינסטלערישע קרייזן, שרייבער, מוזיקער און אַרכיטעקטאָרן. עס זענען אויך געקומען עטלעכע אַמעריקאַנער

„לאַנדסלייט", צווישן זיי איינער אַ ד"ר באַרנבוים, אַ געוועזענער ניו־יאָרקער דענטיסט, אַ פּועלי־ציון, אַ רעדנער, אַ זינגער און אַ ווערטל־זאָגער. ער האָט דאָ פאַרמאָגט אַ היפּשן פּרדס, אויפגעגעבן זיין דענטיס־טישע פּראָפעסיע, געזעסן אין תל־אביב אין אַ פיינער דירה, מיט רייכן אַמעריקאַנער מעבל, מיט אַ רייכער ביבליאָטעק, געפּראַוועט שבת־צו־נאַכטס אָפטע מלוה־מלכהס פאַר געמישטע געסט, פאַר באַלעבאַטים, שריי־בער און אַרבעטער־פירער, מכבד געווען זיי מיט אייגענעם געזאַנג, אויך מיט זיין אַמעריקאַנער גראַמאָפאָן, וואָס האָט פאַרהילכט די שטילקייט פון די תל־אביבער נעכט מיט ימים־נוראימדיקע תפילות פון אַמעריקאַנער חזנים. דערצו איז ער געגאַנגען אויף אַלע שמחות, אויף באַלעבאַטישע און פּראָלעטאַרישע, געווען פאַררעכנט אי ווי אַ בורזשוי, אי ווי אַ חבר, געדינט ווי אַ מין בריק צווישן תל־אביבער קאַפּיטאַל און אַרבעט. גייענדיק דעם אָוונט צו באַקענען זיך מיט ד"ר מנוחינען, פון וועמען ער האָט געהערט נאָך אין ניו־יאָרק, האָט ער אויפן וועג פאַרכאַפּט מיט זיך איינעם פון די אַרבעטער־פירער, וואָס איז אויך געווען צווישן די איינגעלאַדענע. יענער האָט זיך לכתחילה שטאַרק געקנייטשט, ניט געוואָלט אַריינקומען אין אַ הויז פון ספּעקולאַנטן, נאָך מער ניט געוואָלט אָנטאָן אויפן העמד אַ האַלדזטיכל, וואָס אויף דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטער־שפּראַך האָט עס געהייסן סאַרקאַסטיש „דג מלוח" (אַ הערינג). ער איז אָבער פאָרט געגאַנגען — די ראָמאַנטישע געשטאַלט פון דעם ניו־יאָרקער דאָקטאָר, וואָס איז אַהער געקומען פאַרנעמען דעם אָרט פון זיין העלדיש געפאַלענעם חלוצישן פּלימעניק, האָט אויך אים געררייצט און געצויגן. ער איז אַריינ־געפאַלן אין דער יום־טובדיקער געזעלשאַפט פון תל־אביבער פיינע בעלי־בתים מיט זייערע אויסגעפּוצטע דאַמען דווקא אָן אַ „דג מלוח", אין אַן אָפענעם זומערדיקן העמד אום סאַמע ווינטער, דערביי האָבן זיינע קליינע שוואַרצע אויגן מיט די ביי׳זלעכע שוואַרצע וואָנצעס געשמייכלט עזותדיק־שעמעוודיק.

צווישן מנוחינס אַמאָליקע חברים פון די בערלינער טעג, וואָס האָבן דאָ געשיינט ווי אמתע מחותנים, האָט זיך באַזונדער אָנגעזען דער יונגער פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש. פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש, אַ באַקאַנטער פּעדאַגאָג, אַ ביבל־פאָרשער און אַ קולטור־טוער, האָט זיך די לעצטע טעג געפונען אין אַ צושטאַנד פון גליקלעכער עקזאַלטאַציע: ער איז נאָר־וואָס באַ־שטימט געוואָרן אַלס לערער אין דער ירושלימער העברעאישער אוניווער־

סיטעט און האָט טאַקע איצט באַקומען דעם לאַנג־געגאַרטן טיטל „פּראָ־פעסאָר".

אַ פאַרשיכורטער פון זיין נייער פּראָפעסאָרישער דערהויבנקייט, דערהויפּט פון דעם, וואָס ער איז אַ העברעאישער פּראָפעסאָר אין דער ערשטער העברעאישער אוניווערסיטעט, איז ער אומגעלאָפן פון ירושלים קיין תל־אביב, הין און צוריק, אום צו ווייזן זיך פאַר מענטשן אין זיין נייער פּראַכט און צו ווערן פון זיי באַוואונדערט. ד"ר שיינין האָט אים געכאַפּט אין גאַס, בעת ער האָט זיך געזעצט אויף אַ ירושלימער אויטאָבוס צו פאָרן אַהיים, און האָט אים פאַרגעלייגט איבערנעכטיקן אין תל־אביב און גיין מיט אים מקבל־פּנים זיין זייער אַמאָליקן חבר מנוחין. יענער האָט זיך אַ ווײַלע געקווייִנקלט, ניט געווען זיכער, צי עס פּאַסט אים אַצינד צום פּנים, ביי זיין געהויבענער לאַגע, אָנצוטאָן כבוד אַ פאַרגעסענעם חבר פון די סטודענטישע יאָרן, וואָס איז דערצו נאָך מסתמא שטאַרק פאַרגרעבט געוואָרן אין דער מאַטעריאַליסטישער אַמעריקע. ער האָט זיך אָבער באַלד איבערגעלייגט אַז, אַדרבה, ס'איז גאָר אַ מצוה צו דערפרייען אַן אַלטן חבר מיט זיין פּראָפעסאָרישער גדולה — זאָל אַזאַ מענטש אויך הנאה האָבן פון אים!... ער איז אַריינגעקומען צווישן דעם פאַרזאַמלטן עולם אַ פרישער, אַ ליכטיקער, מיט פאַררויטלטע באַקן אונטער דעם ווייכן בלאָנדלעכן אַרומגעשווירענעם בערדל, זיך אומגעקוקט מיט די שיינענדיקע ברילן אויף אַלע זייטן, געהאַט דערביי אַזאַ גליקלעך זעלבסט־פאַרליבט פּנים, פּונקט ווי די גאַנצע שמחה איז דאָ געמאַכט געוואָרן לכבוד אים, פּונקט ווי אַלע זיצן און קוקן שוין אויס אויף אים די אויגן, נאָר ער, דער בעל־שמחה אַליין, ווי דער שטייגער איז, האָט אַ ביסל פאַרשפּעטיקט. ער איז דורכגעגאַנגען דורך דעם געדיכטן עולם מיט זיין קליינגעוויקסיקער, רירעווודיקער און חשוב־געוואָרענער פיגור, זיך געגריסט מיט אַלעמען וואַרעם ביי דער האַנט, אויפגענומען פון אַלע זייטן ברכות, באַדאַנקט יעדן איינעם ביי זיין נאָמען מיט ליכטיקער, גוטהאַרציקער עניוות, וואָס האָט אָפן גערעדט: „איך געדענק, איך געדענק נאָך אַלעמען ביי די נעמען, סיי גרויס און סיי קליין!..." ד"ר שיינין האָט אים צוגעפירט צו מנוחינען און אים פאַרגעשטעלט מיט חברשן שמייכל:

— דו האָסט מסתמא ניט פאַרגעסן אונדזער אַמאָליקן יואל יונה ראַבינאָטשיק... איצט שוין פּראָפעסאָר ראַבינאָטשיק... ערשט די טעג געוואָרן פּראָפעסאָר אין אונדזער אוניווערסיטעט אויפן הר־הצופים.

פראָפעסאָר ראַבינאָוויטש האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און אויס־געזונגען האַלב פּאַטעטיש, האַלב אין שטיפעריש־סטודענטישן טאָן:

— אונדזער חבר ישראל מנוחין!... דאָקטאָר ישראל מנוחין!... דער מחבר פון דעם ניט־פאַרעפנטלעכטן ווערק „נצח ישראל״!...

און האָט זיך מיט אים וואַרעם צעקושט. נאָכן קושן זיך האָט ער אים געגומען באַטראַכטן פון אונטן אַרויף, ווייל מנוחין איז געווען מיט אַ גאַנצן קאָפּ העכער פון אים, — נאָר אין דער אמתן, אין די געדאַנקען, לויט זיין נייער לאַגע, האָט ער אויף אים שוין געקוקט פון אויבן אַראָפּ.

— אַזוי, אַזוי, דאָקטאָר מנוחין! — האָט ער געזאָגט מיט אַ ניגון און מיט אַ פריילעכן זיפץ. — זעען מיר זיך נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג פון גאַנצע זעכצן יאָר דווקא אין ארץ־ישראל, און דווקא ביי אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע אומשטענדן, נאַציאָנאַלע און פּערזענלעכע!... געדענקט איר, דאָקטאָר מנוחין, אונדזער סאַמע לעצטער וויכוח אין בערלין, אין „קאַפע דעס וועסטענס״?... ס׳איז געווען, מעג מען זאָגן, אַ היסטאָרישער וויכוח... רבותי! — האָט ער זיך געווענדט מיט אַ ליכטיקן פּנים צום גאַנצן עולם, וואָס איז אַנטשוויגן געוואָרן און טשיקאַווע צוגעקוקט די באַגעגעניש פון די צוויי חברים. — איר דאַרפט דאָס אַלע הערן, איר וועט דערפון עפּעס לערנען!... פּונקט מיט זעכצן יאָר צוריק, אפשר מיט אַ חודש מער און אפשר מיט אַ חודש ווייניקער, האָבן מירביידע, איך און אונדזער חשובער גאַסט, געהאַט אַ שאַרפן וויכוח וועגן דער צוקונפט פון אונדזער פאָלק, אָדער וועגן „נצח ישראל״, ווי דאָקטאָר מנוחין אַליין האָט עס פאָרמולירט אַ ביסל טונקל, מער פּאָעטיש ווי וויסנשאַפטלעך... דאָקטאָר מנוחין, רבותי, — איך ווייס ניט, ווי אַזוי ער איז היינט, איך האָב נאָך ניט געהאַט דעם כבוד צו גרונטעווען זיך אין זיין קרוג, נאָר אין יענע יאָרן איז ער געווען, צווישן אונדז רעדנדיק, גאָר אַ שוואַכער ציוניסט... דעם אמת, דאָקטאָר מנוחין, מעג מען דאָך זאָגן אפילו אויף אַן אַלטן חבר!... — האָט דער קליינגעוויקסיקער רירעוודיקער פּראָפעסאָר אַ ביסל אונטערגעשפּרונגען, כדי אַ פּאַטש צו טאָן מנוחינען פריינדלעך אויף דער פּלייצע. — הגם איך מוז דאָ גלייך באַמערקן, אַז אייער פאָטער, געערטע גברת אישטוב, — האָט ער זיך אַ קער געטאָן מיט דער זעלבער פריינד־לעכקייט צו מנוחינס שוועסטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אַ גליקלעך אויפגערודערטע פון צווישן דעם עולם, — איז געווען איינער פון אונדזערע אַלטע גוטע חובבי־ציון... בקיצור, מיר זענען דעמאָלט ביידע געווען נאָך

זייער יונג, און דאָקטאָר מנוחין האָט זיך אויסגעקליבן זיין אייגענעם וועג, וואָס איז, אין גרונט גענומען, דער לייכטער, נאָר גליטשיקער וועג פון די רעפאָרם־יידן — ער האָט געזוכט פאַר אונדזער פאָלק אַ באַזונדער מיסיע אויסער ארץ־ישראל, געוואָלט פאַרהערלעכן דעם גלות, געשריבן וועגן דעם ניט חלילה אויף העברעאיש, נאָר דווקא אויף דייטש, אַ גאַנץ ווערק מיטן נאָמען „נצח ישראל”... איר וועט דאָך מיר דערלויבן אויס־זאָגן פון חדר, דאָקטאָר מנוחין ?... און איך, ווי איר אַלע ווייסט, בין פון תמיד אָן אַ פאַרביסענער שונא פונעם גלות, נאָך בשעת איך בין געווען אַ קינד פון פינף יאָר, ערשט אָנגעהויבן גיין אין חדר, האָב איך שוין אינסטינקטיוו געפילט זיין שעדלעכע ווירקונג, זיין סם פאַר אונדזער נאַ־ציאָנאַלער פסיכיק, און פון דעמאָלט אָן האָב איך זיך ניט געענדערט — איך בין, פאַרשטייט זיך, פאַר דער צייט אויסגעוואַקסן, געוואָרן אָט דאָס וואָס איך בין, נאָר דער געזונטער אינסטינקט איז געבליבן דער זעלבער... אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדערער פסיכאָלאָגישער ענין פאַר אונדזער העברעאישער בעלעטריסטיק, וואָס איז ניט מיין פאַך... יאָ, בקיצור, — מירביידע זענען געזעסן איינמאָל אין „קאַפע דעס וועסטענס” צווישן נאָך חברים, יונגע געלערנטע, — דאַכט זיך, דאָקטאָר שיינין איז אויך געווען דערביי, — און האָבן זיך הייס מתווכח געווען וועגן דעם, צי ארץ־ישראל האָט פאַר אונדז אַ צוקונפט, צי ניט... האָב איך אַייך דעמאָלט געזאָגט בפירוש מיט די ווערטער: „מנוחין, אַייך אויף צו להכעיס וועלן מיר אין פינף און צוואַנציק יאָר אַרום האָבן אין ירושלים אַ העברעאישע אוניווער־סיטעט, און איך, אַייער אונטערטעניקער קנעכט, וועל זוכה זיין צו דינען דאָרט אין דער קרוין פון אַ פּראָפעסאָר !”... געדענקט איר ?... וואָס־זשע טוט גאָט ? — האָט פּראָפעסאָר ראַבינטשיק אויסגעפירט מיט אַ שטראַ־לנדיקן פנים. — איז מיין נבואה מקוים געוואָרן אַ סך פריער ווי איך האָב געהאָפט, און דאָקטאָר מנוחין, געפירט פון דער אייבערשטער השגחה, וואָס מיר ווייסן ניט, און וועלן אייביק ניט וויסן, אירע ווונדערלעכע וועגן, איז אָנגעקומען צו אונדז אין לאַנד פונקט אין דער וואָך, ווען איך בין באַערט געוואָרן אַרויפצוגיין אויפן הר־הצופים !... געוואָרן אַ העברעאישער פּראָפעסאָר אין דער העברעאישער אוניווערסיטעט !... איז דאָס ניט אַ ווונדערלעכער צופאַל, רבותי, אַ פינגער פון גאָט ?... געדענקט איר באַטש מיינע ווערטער, דאָקטאָר מנוחין ?

— געוויס, — האָט מנוחין געזאָגט מיט אַ טשיקאַוון שמייכל, באַ־

טראַכטנדיק זיין אַלטן חבר, וועמען די יידישע סטודענטן אין בערלין פלעגן רופן מיטן נאָמען „פּאַדראַבינטשיק״, — איך געדענק זייער גוט, אַז מיר פלעגן האָבן וויכוחים. אָבער אַזעלכע קלייניקייטן האָב איך מסתמא פאַרגעסן...

— אויב אַזוי, חביבי, טוט מיר זייער לייד, וואָס איר האָט אַ שלעכטן זיכרון! — האָט פּראָפעסאָר ראַבינטשיק אויסגערופן שטאַרק אַנטוישט. — און דאָס, וואָס איר רופט עס „קלייניקייטן״, באַווייזט מיר קלאָר, אַז איר האָט זיך ווייניק געביטן... אַגב, ווו האַלט איר אַצינד מיט אייער „נצח ישראל״, אויב ס׳איז מיר דערלויבט צו פרעגן? איר זענט נאָך אַלץ אַ הייסער חסיד פונעם גלות?... ביי אייך אין אַמעריקע האָט איר מסתמא געפונען אַ ברייט פעלד פאַרן גלות־קולט צווישן די רעפאָרם־ראַבאַיס פון סינסינאַטי!...

— איר ווילט טאַקע, דאָקטאָר ראַבינטשיק, מיר זאָלן דאָ פאַרזעצן אונדזערע איבערגעריסענע וויכוחים פון „קאַפע דעס וועסטענס״?... — האָט מנוחין אָנגעהויבן איראָניש, נאָר ער איז באַלד איבערגעגאַנגען אין ערנסטן טאָן. — איך וועל אייך זאָגן דעם אמת: היינטיקער טאָג, נאָכדעם ווי איך האָב דערזען תל־אביב, איז ביי מיר דער גליקלעכסטער טאָג אין מיין לעבן. נאָר פון דעסטוועגן, וועל איך מיך פון אונדזערע קאַרגע צוויי טויזנט יאָר גלות בשום אופן ניט אָפּזאָגן. אַדרבה, איך מיין, אַז ווען ניט דער גלות, וואָלטן מיר צו אַזאַ יונגער, ליכטיקער שאַפונג, ווי תל־אביב, קיינמאָל ניט דערלעבט. ווער ווייסט, וואָס פון אונדז וואָלט דאָ געוואָרן אין משך פון צוויי טויזנט יאָר, ווי אַלט און אָפּגעוועלקט מיר וואָלטן דאָ איצט אויסגעזען, ווען אַפילו מיר וואָלטן געהאַט די קראַפט אויסצולעבן אויף איין אָרט גאַנצע צוויי טויזנט יאָר?... דער גלות האָט אין אונדז אָפּגעהיט, ווי דורך אַ וווּנדערלעכער געטלעכער השגחה, די אייביקע פריש־קייט פון אונדזער ראַסע, דאָס אייביקע שטרעבן צו באַנייען זיך, צו פילן זיך ווידער יונג, צו פילן די גרויסע פרייד פון ווידער יונג ווערן. און דעריבער, אַז מיר זעען דאָ איצט די ערשטע סימנים פון אונדזער באַנייאונג, איז די פרייד אַזוי גרויס!... זאָגט מיר, — האָט מנוחין וואָס ווייטער אַלץ מער זיך צעוואָרעמט: — ווו האָט איר נאָך אַ צווייטן מענטשן ביי אַן אַנדער פאָלק, ביי אַזאַ וואָס ווייסט ניט פון קיין גלות, וואָס זאָל זיין פעאיק איבערצולעבן דאָס, וואָס איך האָב היינט איבערגעלעבט, וואָס זאָל זיך קאָנען פרייען אַזוי טיף, ווי איך פריי מיך היינט?...

— ווען פרייט זיך אַן אָרעמאַן? — האָט ד״ר באַרנבוים אַריינגע־שטעלט אַ יידיש ווערטל. — אַז ער געפינט דאָס, וואָס ער האָט פאַרלאָרן...

אַזוי ווי דאָס גאַנצע געשפּרעך איז געגאַנגען אין העברעאיש, האָט זיך פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש שטרענג אומגעקוקט, געוואָלט וויסן, ווער עס שטערט דאָ די העברעאישע האַרמאָניע מיט יידישע ווערטלעך. דערזען אָבער ד״ר באַרנבוימען, האָט זיין פּנים אויפגעשיינט.

— שלום, דאָקטאָר באַרנבוים! — האָט ער אים באַגריסט זייער פריינדלעך — איך האָב אייך כמעט ניט דערקענט!...

— שלום, אדוני הפּראָפעסאָר! — האָט אים ד״ר באַרנבוים געענט־פערט. — מיר האָבן זיך דאָ שוין איין מאָל געגריסט!...

— אַך, טאַקע באמת? אַנטשולדיקט, דאָקטאָר באַרנבוים, איך האָב דאָס גאָרניט באַמערקט!... איך בין די לעצטע טעג אַזוי צעטראָגן, אַזוי צעטראָגן!... און ס׳איז זייער פאַרשטענדלעך!... איר הערט, רבותי? — האָט זיך פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש ווידער אַ מאָל געווענדט מיט אַ ליכטיק־באַגייסטערטן פּנים צום גאַנצן עולם, דערהויפּט צו די דאַמען: — איר ווייסט דאָך אַלע, ווי אַזוי די וועלט מאַכט חוזק פון צעטראָגענע פּראָפע־סאָרן, פון וועלכע ס׳איז שוין געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע הומאָריסטישע ליטעראַטור אויף אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכן, אַחוץ העברעאיש, ווייל, צום באַדויערן, האָבן מיר ביז אַהער ניט געהאַט קיין אמתן העברעאישן פּראָפעסאָר... וואָס דאַרפט איר מער? איך אַליין, אַז איך פלעג לייענען אַזעלכע אַנעקדאָטן, פלעג אויך אַמאָל ניט ווילנדיק אַ לאַך טאָן... די לעצטע טעג אָבער האָב איך אַרויסגעזען פון זיך אַליין, פון מיין אייגענעם פלייש, ווי די מליצים פלעגן אַמאָל זאָגן, אַז ס׳איז ניט קיין געלעכטער, נאָר אַ פאַקט, אַ טרויעריקער פאַקט!... איך בין אַזוי צעטראָגן, מיינע דאַמען און הערן, אַזוי צעטראָגן!... אַ העברעאישער פּראָפעסאָר מעג אויך זיין צעטראָגן, דאָקטאָר באַרנבוים! מיר זענען אַ פאָלק גלייך מיט אַלע פעלקער!...

און דער נייער גליקלעכער פּראָפעסאָר האָט זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן מיט אַ זעלבסט־פאַרליבטן, גליקלעך־טראַגישן שמייכל.

ס׳איז געווען דייטלעך צו זען, אַז ער האָט זיך דאָ פאַרמאָסטן צו ווערן דער צענטער פון דעם אָוונט, צו באַהערשן דעם עולם מיט זיין נייעם פּראָפעסאָרישן גלאַנץ. דער עולם האָט זיך אָבער אויף דעם ניט געגעבן. פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש איז ניט געווען קיין נייעס אין תל־אביב — מע

האָט אים געקענט פון דעם עפנטלעכן לעבן, נאָך איידער ער איז געוואָרן פּראָפעסאָר, מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות. היינטיקן אָוונט איז מען געקומען אַהער נאָר צוליב דעם אַמעריקאַנער גאַסט, וועלכער האָט גלייך אויסגענומען ביי אַלעמען מיט זיין אַריסטאָקראַטישן חן און מיט דער באַזונדערער פיינער גייסטיקייט, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיין שיינעם פאַרטראַכטן געזיכט. דאָס, וואָס פּראָפעסאָר ראַבינאָטשיק האָט דאָ אַ ביסל פאַרמסרט זיין שוואַכן ציוניזם, האָט דווקא פאַרשטאַרקט דעם אינטערעס צו אים, ווי צו אַ מענטשן אַ פרייען, וואָס איז ניט געבונדן פון פּאַרטייאישע דאָגמעס. דערהויפּט איז מנוחין געפעלן געוואָרן דעם עולם מיט די עטלעכע ווערטער, וואָס ער האָט דאָ געלאָזט פאַלן וועגן דער פרייד פון יידישער באַנייאונג — זיי האָבן ביי אים געקלונגען באַזונדער אויפריכטיק און איבערצייגנד. אַפילו דער בייזלעך־שמייכלענדיקער אַר־בעטער־פירער, וואָס האָט זיך דאָ געפילט פרעמד און אומבאַקוועם צווישן דעם אָפּגעפּוצטן עולם, האָט זיך מיטן גאַסט פאַראינטערעסירט, געזוכט מיט אים זיך נאָענט צו באַקענען. מע האָט מנוחינען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט בייגעריקע פּנימער, געוואָלט וויסן זיינע מיינונגען וועגן יידן אין אַמעריקע, הערן פון אים וועגן דער צוקונפט פונעם אַמעריקאַנער יידנטום. מנוחין האָט אָבער דערקלערט, אַז ער איז געקומען אַהער ניט דערציילן פון אַמעריקע, נאָר הערן פון ארץ־ישראל, הערן און זען. ער האָט געשטעלט פראַגעס, און מענטשן האָבן אים געענטפערט מיט גרויס חשק, זיך שטאַרק צעוואַרעמט, געפּלייסט זיך איינער איבערן אַנדערן. מע האָט געוואָלט דעם באַגייסטערטן גאַסט נאָך מער באַגייסטערן — האָט מען אַרויסגעשטעלט נאָר דאָס גוטע, דערציילט חידושים פון דעם, וואָס איז שוין דאָ דערגרייכט געוואָרן, און פון דעם, וואָס דאַרף ערשט דער־גרייכט ווערן, אַליין אַריין אין התפּעלות, געקוקט מיט יונגער, כמעט קינדערשער האָפערדיקייט. מנוחין האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז יידן, וואָס קרעכצן שטענדיק אויף זייער ביטערן גורל, זאָלן קאָנען רעדן פון זייער אייגענעם לעבן מיט אַזאַ שמחה, מיט אַזאַ פרישן גלויבן אין אַ גור־טער, ליכטיקער צוקונפט. ער איז געזעסן צווישן זיי אַ באַרוישטער, ווי ער וואָלט אַריינגעפאַלן צוריק אין די טעג פון דער יוגנט, ווען די פאַנ־טאַזיע האָט ניט געוווסט פון קיין שטערונג. ער איז אויך געווען באַרוישט פון די וואַרעמע בליקן, וואָס די דאָזיקע מענטשן האָבן אויף אים געוואָרפן, פון דער ברידערלעכער פאַרערונג, מיט וועלכער מע האָט אים דאָ אַרומ־

גערינגלט ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט. מנוחין האָט געוווסט, אַז ער האָט שוין אַזאַ מזל: מענטשן באַקומען צו אים צוטרוי מיטן ערשטן בליק, גלייבן אין עפּעס באַזונדערע כוחות, וואָס ליגן אין אים באַהאַלטן. די דאָזיקע גוטע באַציאונג צו אים פלעגט אים תמיד דריקן — ער האָט זיך ניט געפילט באַרעכטיקט צו איר, ניט געזען קיין אויסגאַנג פאַר זיינע באַהאַלטענע כוחות, מורא געהאַט, אַז ער וועט סוף־כל־סוף די וועלט אַנטוישן. דאָ האָט אים דער ברידערלעכער צוטרוי אויפגעמונטערט, אָנגע־שטעקט מיט פרייד, געוועקט אין אים אַ ניי גלויבן, אַז ער וועט דאָ ענדלעך געפינען אַן אָנהאַלט, זיך איינפלאַנצן צוזאַמען מיט אָט די מענטשן אין דעם דאָזיקן יונגן לעבן, ווערן פונקט ווי זיי טעטיק, שעפעריש, באַ־גייסטערט. עס האָט אים אַפילו געפרייט זיין העברעאיש רעדן, וואָס איז אים היינטיקן אָוונט, אין דער דאָזיקער סביבה, געקומען פלוצים, אומ־גערירכט. עס האָט זיך ביי אים געעפנט אַ פאַרבאָרגענער קוואַל פון אַלע זיינע ניט־אויסגענוצטע העברעאישע קענטענישן און האָט גענומען שלאָגן פריש און שטאַרק, צו זיין אייגענעם וווּנדער און צו דער באַוווּנדערונג פון זיינע תל־אביבער מיטשפּרעכער, וואָס האָבן זיך ניט געקאָנט אָפּ־חידושן: ווי אַזוי קומט צו אַן אַמעריקאַנער דאָקטאָר אַזאַ ריינע, עכטע העברעאישע שפּראַך?...

קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

## שולמית באַקענט זיך מיט נייע חברים

אין דער צייט, וואָס מנוחין איז געווען פאַרטיפט אין שמועס מיט די געסט, האָט זיין שוועסטער, צוזאַמען מיט איר טעכטערל רבֿקה און מיט רבֿקהס עטלעכע חברטעס פון דער גימנאַזיע, שטאַרק אַרומגעפּאַדעט אַרום דעם עולם, געסאַרווערט, געשניטן טאָרטן, אומגעטראָגן טיי מיט פאַרבייסנס.

די מאַדאַם אישטוב איז היינטיקן אָוונט געווען אויף די העכסטע טרעפּ פון גליק. זי האָט ענדלעך זוכה געווען צו באַווייזן ווער זי איז, אויפצונעמען ביי זיך אין הויז אַזאַ געהויבענע געזעלשאַפט, אויסצוגלייכן זיך מיט די פיינסטע הייזער אין תל־אביב — מיט יענע געציילטע אַריס־

טאָקראַטיש־באַלעבאַטישע הייזער, וואָס האָבן זיך דאָ גענומען שניידן אויף אַ באַזונדער נייעם שניט, אויסגעאַרבעט ביי זיך אַ קאָמבינירטן טאָן פון אָנגעשמעקטער ענגלישער „האַי־סאָסייעטי־לאַיף“, צוגעפּראַוועט און פאַר־זיסט מיט קליינשטעטלדיקן, אַלטמאָדישן, יידיש־גבירישן שטייגער. די מאַדאַם אישטוב האָט שוין לאַנג געחלומט פון אַזאַ מדרגה — זי איז דערצו, לויט איר יחוס פונעם טאַטנס הויז, געווען באַרעכטיקט אפשר מער פון אַלע תל־אביבער הויכגעשטעלטע דאַמען. זי האָט דאָס אָבער ביז אַהער ניט געקאָנט גרייכן, איבער איר מאַן, וואָס האָט מיט זיין אויסגערעכנטער קאַרגשאַפט און מיט זיין טרוקענער עקשנות דערווייטערט פון זיך די גאַנצע וועלט. ערשט די לעצטע צייט, נאָכדעם ווי זיי האָבן אויסגעבויט דאָס צווייטע גרעסערע הויז, די געשעפטן האָבן זיך פאַרבעסערט און מע האָט אָנגעהויבן וואַרטן אויף מנוחינס קומען, האָט זי אויסגעווירקט ביים מאַן די דאָזיקע שיינע רחבותדיקע דירה, די בעסטע דירה אין זייער נייעם הויז, מיט די ליכטיקע לאָמפּן, מיטן פיינעם גבירישן מעבל, וואָס זי האָט אויסגעשטעלט לכבוד איר ברודער אויפן זעלבן שטייגער, ווי עס איז געשטאַנען ביי זייער פאָטער אין שטוב, — און איצט איז געקומען איר לעצטער טריאומף: זי האָט פאַרגעבן פאַר דער תל־אביבער אינטע־ליגענץ פונקט אַזאַ גרויסאַרטיקן „טיי“, ווי מען איז געוויינט געווען צו זען אין די הויכע פענצטער. ס'איז דאָ געווען אַלצדינג, וואָס עס האָט זיך געפאָדערט: אי אַ געהויבענער גאַסט, פון וועמען אַלע זענען נתפעל (און נאָך וואָס פאַר אַ גאַסט — אַן אייגענער ברודער, וואָס באַשיינט איר משפחה!), אי אַ פּראָפעסאָר פון דער ירושלימער אוניווערסיטעט, וואָס האָט דאָ שיר ניט געהאַלטן אַ גאַנצע לעקציע, אי הויכע, באַגייסטערטע געשפּרעכן וועגן ארץ־ישראל, וועגן בויען דאָס לאַנד, אי אויסגעשטעלטע טישן מיט וויין און כיבוד, באַפּוצט פון אַלע זייטן מיט אַן אַ שיעור בלומען, וואָס די פיינע געסט האָבן באַצייטנס צוגעשיקט. עס האָט איר נאָר פון צייט צו צייט אַ באַק געטאָן צום האַרצן דער ניט־אָפּגעקילטער ווייטאָג נאָכן אומגעקומענעם זון, — וואָס אָט איז ערשט אַוועק אַנדערהאַלבן יאָר נאָך זיין טויט און אין שטוב איז שוין אַ שמחה! דער ווייטאָג איז ביי איר אָבער פאַרווייכט געוואָרן פון אַ טונקעלן באַוווסטזיין, אַז אויך דעם זונס הערָאָישער טויט איז אַ חלק פון דער געהויבנקייט, וואָס שוועבט ביי איר אין שטוב היינטיקן אָוונט, און דאָס, וואָס דעם זונס טויט האָט אַזוי פיינלעך פאַרטיפט דאָס דאָזיקע געפיל פון געהויבנקייט, איז געווען

ווי אַ מין באַלזאַם צו דער ווונד אין איר מוטערלעכן האַרץ, וואָס זי האָט דעם זון פֿאַרלאָרן.

גאַנץ אַנדערש האָט זיך צו דער שמחה ביי זיך אין שטוב באַצויגן איר מאַן מנשה. אַחוץ וואָס ער האָט דאָס גערעכנט פֿאַר אַן אומזיסטער פֿאַרשווענדעריי פֿון געלט, וואָס וועט צוריק ניט קומען און וועט קיינעם קיין נוצן ניט ברענגען, איז ער בכלל געווען קעגן דעם, וואָס אין תּל־אביב פּראַוועט מען צו אָפֿטע שמחות. זינט עס האָט אַ שיין געטאָן דער ערשטער שטראַל פֿון דער גאולה, האַלט מען אין ארץ־ישׂראל אין איין פֿרייען זיך, אין איין צוטראַכטן נייע ימים טובֿים. און קומט אַן אמתער יום־טובֿ, איז שוין גאָרניט אויסצושטיין פֿונעם טומל מיטן געפּילדער — די יוגנט גייט אַראָפּ פֿון זינען, זינגט און טאַנצט אין די גאַסן... וואָס איז מיט זיי די גדולה? וואָס איילט מען זיך אַזוי צו פֿרייען זיך? וואָס האָט מען קיין צייט ניט? זאָל מען פֿריער עפּעס אויפֿטאָן, וועט מען זיך דערנאָך פֿרייען!...
ער איז דאָ געשטאַנען הינטערן עולם אין זיין שמאָלן פֿאַרשפּילעטן אָפּגעטראָגענעם שבתדיקן סורדוט, ווי אַן אָבל אויף אַ חתונה, געהאַלטן די הענט פֿאַרלייגט אַהינטער, ווי אַ זייטיקער מענטש, ווי אַן אָרעמער אומבאַמערקטער גאַסט. ער האָט צוגעלייגט אַן אויער צו די באַגייסטערטע, איבערגעטריבענע רייד, וואָס מע האָט דאָ אַריינגערעדט אין זיין אָמעריקאַנער שוואָגער, געהאַט עפּעס וויכטיקעס צו זאָגן קעגן דעם, — נאָר ער האָט אַ מאַך געטאָן פֿאַר זיך אַליין מיט דער האַנט. ער איז בכלל געווען אַ מענטש פֿאַר זיך אַליין. ער האָט, אייגנטלעך, געטאָן אין ארץ־ישׂראל אַלצדינג, וואָס אַלע גוטע און פֿרומע לייט טוען: ער האָט אויסגעקויפֿט ערד פֿון אַראַבער, געהאָלפֿן בויען דאָס לאַנד, געווען אַ גרויסער מקפּיד אויף רעדן העברעאיש, זיך אויסגעקליבן אַ נייעם העברעאישן נאָמען, שוין אַפֿילו געבראַכט אַ טייערן קרבן פֿאַרן לאַנד און פֿון קיינעם ניט פֿאַרלאַנגט קיין דאַנק דערפֿאַר, — נאָר געטאָן האָט ער דאָס אַלץ ביחידות, פֿאַר זיך אַליין, ניט אויסגעמישט זיך מיט דער אַלגעמיינער התלהבֿות, זיך געהאַלטן דערווייטערט פֿון אַלעמען, פֿאַררוקט אין אַ פֿאַרשאָטנטן ווינקל. די איינציקע געזעלשאַפֿטלעכע ליידנשאַפֿט, וואָס ער האָט אין זיך געפֿילט, — שרייבן מאמרים אין די העברעאישע צייטונגען און געבן עצות, ווי אַזוי דאָס לאַנד דאַרף געבויט ווערן, — איז אים דאָ אויך ניט געלונגען אַרויסצוברענגען פֿאַר דער וועלט. די צייטונגען האָבן זיינע מאמרים ניט געוואָלט דרוקן. אַחוץ וואָס זיינע עצות האָבן ניט

אויסגענומען, זענען די מאמרים געווען געשריבן אויף גרויסע בוכהאַל־טערישע בויגנס פּאַפּיר, אָנגעפּיקעוועט פון אויבן ביז אַראָפּ מיט שפּאַרעוו־דיקע געדיכטע גרויע שורות, אַזוי אַז זייער אויסזען אַליין האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די רעדאַקטאָרן.

— נו, מנשה? וואָס שטייסטו דאָ ווי ניט קיין היגער? פאַרוואָס גיסטו ניט אָן קיין ווייִן פאַר די געסט? — האָט צו אים אַ זאָג געטאָן דאָס ווייב, פאַרביילויפנדיק אַ ליכטיק־פאַרשמייעטע מיט אַ טאָץ כיבוד. — ווייִן איז דאָך דייַן זאַך — דו ביסט דאָך דער מאַנסביל אין שטוב!...

מנשה האָט קאַלט, הגם ניט אומצופרידן, אַ שמייכל געטאָן פונעם ווייבס קאָמפּלימענט, וואָס ער איז דער מאַנסביל אין שטוב. די מאַנס־בילשע פליכט פון צעגיסן ווייִן פאַר די געסט איז אָבער פאַר אים געווען אַן אָפּקומעניש. ערשטנס, האָט ער ניט געהאַלטן פון ווייִן — ער אַליין האָט קיין ווייִן ניט געטרונקען. צווייטנס, זענען דאָ געווען צוגעגרייט אַלערליי גלעזלעך, גרעסערע און קלענערע, — האָט ער פאַר זיך געהאַט אַ שווערע הלכה: ווי אַזוי גיסט מען אָן די גלעזלעך, אַז אַלעמען זאָל אויסקומען גלייך, ניט איינעם מער און דעם אַנדערן ווייניקער? עס האָט אים געאַרט ניט אַזוי אויף די, וואָס וועלן באַקומען ווייניקער, ווי אויף די, וואָס וועלן באַקומען מער, מחמת פּשוטער לאָגיק: פאַרוואָס זאָל איינער פאַרנוצן אַן איבעריק ביסל ווייִן, בעת ער קאָן זיך גאַנץ פיין באַגיין מיט אַ קלענערן חלק, פונקט ווי דער אַנדערער?... ער האָט אַזוי לאַנג געמאָסטן און געחשבונט, איבערגעגאָסן פון די קלענערע גלעזלעך אין די גרעסערע, ביז רויטלעכע פלעקן זענען אים אַרויסגעטראָטן אויף די טרו־קענע אומעטיקע באַקן. לסוף, אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זייַן אַרבעט, האָט ער זיך אָפּגערוקט אַ ביסל פונעם טיש, געוואָרפן אַ פינצ־טערלעכן בליק אויף די אויסגעשטעלטע פולע כוסות מיט ווייִן, ווי ער וואָלט באַדויערט זייַן צעגאָסן גוטס, וואָס וועט באַלד גיין לאיבוד, טיף אָפּגעזיפצט און זיך אָנגערופן צו די, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו אים, מיט אַ מרה־שחורהדיקן קול:

— נו, ווער וויל ווייִן? ווער עס וויל, קען טרינקען...

קיינער האָט אָבער ניט געוואָלט. קיינער האָט פון אַזאַ איינלאַדונג ניט באַקומען קיין חשק זיך צורירן צום ווייִן. ערשט אַז די מאַדאַם אישטוב אַליין האָט אָנגעהויבן רופן דעם עולם צום טיש מיט אַ ליכטיקן יום־טוב־דיקן פּנים, איז מען צוגעקומען און געטרונקען לחיים, דערביי האָבן זיך

אַלע געווענדט מיט די כוסות נאָר צו איר, ניט צו אים, ווייל אַלע האָבן געוווּסט, אַז זי איז דאָ די באַלעבאָסטע — ס'איז איר שמחה, איר ברודער און איר הויז, וואָס דער ברודער האָט איר אויסגעבויט. דערהויפּט האָבן דאָס געוווּסט די דאַמען, מיט וועלכע די מאַדאַם אישטוב איז שוין פון לאַנג געווען אויסגעבונדן, און ביי וועמען זי איז היינטיקן אָוונט גאָר הויך געשטיגן, צוליב איר גרויסאַרטיקן גאַסט. די דאַמען זענען פון ד״ר מנוחינען געווען אַנטציקט. זיי האָבן זיך געשפּיגלט פון ווייטן אין זיין פּנים, זיך ניט געקאָנט אויף אים זאַט אָנקוקן.

— אייער ברודער זעט־אויס ווי אַ לאָרד, — האָבן זיי גערעדט צו דער מאַדאַם אישטוב מיט גלאַנציקע אויגן, — אַן עכטער ענגלישער לאָרד!...

— זאָגט כאָטש קיין עין־הרע!... — האָט די מאַדאַם אישטוב גליק־לעך געשמייכלט. — ער איז פּונקט דער זיידע אונדזערער, רב ישראל מנוחין, — איר זעט זיין פּאָרטרעט אָן אויף דער וואַנט?... נאָר יענער איז געווען אַ באַרימטער רב, אַ גאון, האָט ער, פאַרשטייט זיך, געהאַט אַ שיינע באָרד... נו, און מיין זון חיים, ווייסט איר דאָך, איז אויך געווען אין אים געראָטן... — האָט זי צוגעגעבן שוין מיט פאַרטרויערטע אויגן.

דער באַטאָנטער יחוס האָט געמאַכט נאָך מער איינדרוק. צווישן די דאַמען, וואָס האָבן צום מייסטן גערעדט רוסיש, האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע, וואָס זענען געווען וווילגעלערנטע אין העברעאיש, און יענע האָבן דאָס באַזונדער אָפּגעשאַצט: דער זיידע איז געווען אַ באַרימטער רב, און דער אייניקל איז אַ באַרימטער דאָקטאָר, דערצו נאָך אַזאַ שיינער מאַנסביל!... זיי האָבן געוואָרפן אויף מנוחינען פון ווייטן פרומע, וואַרעמע, פאַרליבטע בליקן, מיט וועלכע וווילגעלערנטע יידישע פרויען צייכענען זיך אויס באַזונדער, און האָבן געטראַכט: „ער וועט באַשיינען תל־אביב!״...

מער פון אַלע האָט זיך אויף מנוחינען פאַרקוקט אַן עלטערע דאַמע, אַ רייך־אויסגעסטראָצלטע אין שוואַרצן זיידענעם אָנטאָן, מיט ברילי־אַנטן, מיט אַ גאָלדענעם לאָרנעט, מיט היפּשע פּערל אונטערן מילך־ווייסן, שפּעדיקן גבירישן גוידער. דאָס איז געווען אַ רייכע אַלמנה, אַ באַזיצערין פון הייזער אין תל־אביב און ירושלים, וואָס איז געקומען לכבוד דעם גאַסט צוזאַמען מיט איר טאָכטער, אויך אַ גוידערדיקע, אַ פּלייצעדיקע, און אויך מיט אַ לאָרנעט — אַן איבערגעוואַקסן פריילין, וואָס האָט אויס־געזען מער גראַנד־דאַמע, ווי פריילין.ביידע, די מוטער מיט דער טאָכטער,

זענען שוין פֿאַרגעשטעלט געוואָרן פֿאַר מנוחינען, נאָר זיי זענען געבליבן באַליידיקטע דערפֿון, וואָס ער האָט אויף זיי קוים אַ קוק געטאָן און איז גלייך אַוועק צו די מאַנסביל. די עלטערע האָט מיט אַ באַפעלערישן ווונק פֿון אַן אַלטער גבירטע צוגערופֿן צו זיך די באַלעבאָסטע און איר עפּעס ברוגז אַריינגעזאָגט אין אויער. מאַדאַם אישטוב, אַ צעטראָגענע, אַ ליכ־טיקע, האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און זיך געלאָזט צום ברודער, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל, פֿאַרטיפֿט אין אַ געשפּרעך מיט ד״ר באַרנבוימען און מיטן שוואַרץ־וואָנצעדיקן אַרבעטער־פֿירער.

— סראָליקל, — האָט זי צו אים געזאָגט מיט אַ ווייכן שמייכל, — די דאַמען זענען אויף דיר באַליידיקט, וואָס דו ווילסט אויף זיי ניט קוקן...

— וואָס הייסט, איך וויל אויף זיי ניט קוקן? — האָט מנוחין געזאָגט אומצופֿרידן, וואָס מע שלאָגט אים איבער דעם געשפּרעך. — ווי לאַנג דאַרף איך קוקן אויף דאַמען?...

— קום, סראָליקל, טו מיר אַ טובה! — האָט אים די שוועסטער אַ נעם געטאָן ביי דער האַנט און אים צוגעפֿירט צו דער מוטער מיט דער טאָכ־טער, וועלכע האָבן אויף אים ביידע גלייך אָנגעשטעלט די לאָרנעטן. — אָט דאָס איז מאַדאַם סיראָטאַ, און דאָס, סראָליקל, איז איר אייניציקע טאָכ־טער, פֿריילין סיראָטאַ... פֿון אונדזערע שענסטע מענטשן אין תּל־אָביב...

— איך האָב שוין, דאַכט זיך, געהאַט די ערע?... — האָט מנוחין געזאָגט צו דער שוועסטער ווי פֿאַרוואונדערט, וואָס זי באַקענט אים מיט די דאַמען צום צווייטן מאָל, און אין אַזאַ פֿייערלעכן טאָן.

— יאָ, מיר האָבן שוין געהאַט די ערע, — האָט די עלטערע זיך אָנגערופֿן אויף רוסיש מיט פֿאַרשנורעוועטע ליפּן און מיט אויפֿגעהויבענע ברעמען פֿון אַ באַליידיקטער גבירטע, — נאָר איר האָט אונדז ניט געגעבן די מעגלעכקייט אייך רעכט אָנצוקוקן... איר האָט ניט באַוויליקט... זעצט זיך, דאָקטאָר, איר מעגט מיט אונדז אויך אַ ביסל זיצן...

„וואָס וויל די יידענע? ווער איז זי?“... — האָט מנוחין אַ טראַכט געטאָן מיט אַ ווידערגעפֿיל צו די צוויי גווידערדיקע דאַמען, וואָס האָבן מיט זייער זיצן דאָ ווי גראָב צעשטערט די געהויבענע שטימונג, וואָס ער האָט ערשט געהאַט פֿון זיין געשפּרעך מיטן אַרבעטער־פֿירער. ער האָט געכאַפּט אַ קוק אויף דער שוועסטער, ווי זי שטייט דערביי מיט אַ שיינענדיקן מוטערלעכן פּנים, און ס׳איז אים באַלד איינגעפֿאַלן, אַז

דאָס באַדאַרף מסתמא זיין דער שידוך, וואָס זי האָט דאָ פאַר אים צוגעגרייט. ער האָט זיך אָנגעכמורעט און איז געבליבן שטיין.

— איר קומט, דאַכט זיך, פון אַמעריקע, דאָקטאָר מנוחין? — האָט די יינגערע דערווייל גענומען רעדן צו אים ענגליש, קוקנדיק אויף אים שוין ניט דורכן לאָרנעט, נאָר מיט זיס־פאַרזשמורעטע קעצישע אויגן. — קאָן איך דאָך מיט אייך רעדן ענגליש?...

— אַזוי? — האָט מנוחין געזאָגט מיט לייכטער פאַראַכטונג. — מע רעדט שוין ענגליש אין תל־אביב אויך?

— וואַי נאָט? — האָט דאָס פריילין קאָקעטיש אַ מאַך געטאָן מיט די גראַנד־דאַמישע פּלייצעס. — ווער עס קען נאָר, רעדט ענגליש מיט פאַרגעניגן...

„וויבאַלד ענגליש אויך, און נאָך מיט פאַרגעניגן, — האָט מנוחין בייז, כמעט באַליידיקט, אַ טראַכט געטאָן, — איז דאָך עס טאַקע אַ זיווג מן השמים!״...

ער האָט אַ ווײַלע אָנגעקוקט דאָס פריילין מיט די צעוואַקסענע פּלייצעס און מיט די זיס־פאַרזשמורעטע אויגן, ניט־ווילנדיק דערמאָנט זיך אָן יהודיתן, און אַ הייסער שטראָם פון פרייד האָט אים פּלוצים אַ פּלייץ געטאָן צום האַרצן. ער האָט זיך גענומען אומקוקן אויף אַלע זייטן, ווי ער וואָלט געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דעם „שידוך״. אויף זיין גליק, האָבן זיך אין דער מינוט באַוויזן אין עס־צימער אומגעריכטע געסט — עס זענען אַריינגעקומען מיסטער צעדערבוים מיט זיין פרוי און מיט שולמיתן, געשטאַנען ביי דער טיר ווי פאַרבלאָנזעטע. מנוחין האָט זיך דערפרייט און זיך גלייך אַ לאָז געטאָן צו זיי.

— שלום, אדון צעדערבוים! — האָט ער לעבעדיק באַגריסט דעם לערער שוין אויף ארץ־ישראל־לשון.

— אַה, דאָקטער! שלום, שלום! — האָט צעדערבוים אַריינגעכאַפּט מנוחינס האַנט אין זיינעביידע הענט, אַזש געקוואַלן פון פרייד. — שלום וברכה וכל טוב סלה!...

— פון וואַנען קומט איר דאָס אַן?

פון חיפה, דאָקטער! שוין לאַנג געקומען, נאָך פרייטאָג! — האָט מיסטער צעדערבוים גערעדט אין העכטסן עקסטאַז, קוים געכאַפּט דעם אָטעם. — ניט געקאָנט זיך דערוואַרטן אויפן נאַכט־צוג, אויסגעגאַנגען, געחלשט זען תל־אביב. האָבן מיר איבערגעגעבן דעם באַגאַזש מיט די

ביכער צו אַ קאָמפּאַני, צו יידן, ווילע בחורים, געכאַפּט אַן אויטאָמאָביל, אויף אַ יידישן, מיט אַ „נהג״, אַ דרייווער הייסט עס, אַ טייערער בחור, רעדט אויסגעצייכנט העברעאיש, נאָך בעסער פון מיר, ווי איך בין אַ ייד! און זענען געפלויגן קיין תל־אביב על כנפי נשרים, ווי אמתע אָדלערס!... שוין געזען האַלב ארץ־ישראל, אפילו אַ שטיקל „עמק״!...

— דאָס פאַרגעניגן האָט אָבער געקאָסט שיינע עטלעכע דאָלער! — האָט מיסעס צעדערבוים פּראַקטיש געשמייכלט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ווער טראַכט אין ארץ־ישראל פון דאָלערס? — האָט אויף איר דער מאַן אַ מאַך געטאָן מיט די הענט. — וואָס פאַר אַ ווערדע האָט דאָ געלט?... איר הערט, דאָקטער טייערער, ס'איז גאָר ניטאָ אין דער מענטש־לעכער שפּראַך געגוג ווערטער אויף אויסצודריקן אַלע געפילן!... פאַר וואָסערע פּופּצן דאָלער זענען מיר היינט דורכגעפאָרן אַ שטיק תנ״ך!... היינט תל־אביב! וויפל איז ווערט תל־אביב אַליין?... אַזאַ תל־אביב האָבן מיר ניט געהאַט, האָב איך מורא, אַפילו אין די צייטן פון די חשמונאים, אַפילו אין די טעג פון דוד און שלמה!... ס'איז כלו כל הקיצין! ס'איז עק וועלט!... איך האָב געמיינט, מיר וועלן אַריינפאַלן אין משיחס צייטן — ערשט ס'איז שוין נאָך אַלעמען!...

— וואָס הייסט נאָך אַלעמען? — האָט מנוחין זיך געוווּנדערט.

— שוין נאָך משיחן! משיח איז שוין געקומען! מער דאַרף מען שוין גאָרניט!... האָט מיסטער צעדערבוים אַ מאַך געטאָן מיט ביידע הענט אויף אויס און געקוקט אויף מנוחינען מיט אַן עקזאַלטירטן גליקלעכן שמייכל. — איר ווייסט, וואָס איך טו דאָ אין תל־אביב דעם גאַנצן טאָג? איך גיי־אַרום אין גאַס, און ווי נאָר איך דערזע קליינע קינדערלעך, אַזוי לאָז איך מיך לויפן נאָך זיי, הער מיך איין, ווי אַזוי די קאַראַפּוזיקלעך, אָט אַזעלכע זייג־קינדער, רעדן אַ מחיהדיקן, לעבעדיקן העברעאיש... אַי, איז דאָ גוט צו זיין אַ העברעאישער לערער, אַ היברו טיטשער!... אַי, איז דאָ גוט צו קנעלן מיט יידישע קינדער!... איר פאַרשטייט כאָטש דעם ענין, טייערער דאָקטער מנוחין?...

— געגוג שוין! — האָט זיך אָנגערופן צו אים דאָס ווייב, קוקנדיק אויף מנוחינען מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל. — דער דאָקטער איז דאָך מסתמא פאַרנומען מיט זיינע געסט. האָסט זיך אַריינגעריסן אינמיטן נאַכט אין אַ פרעמדער שטוב, צו פרעמדע מענטשן. ווי אַן אמתער משוגענער!...

— נישקשה, נישקשה! — האָט מיסטער צעדערבוים אָנגעשריען אויפן

ווייב מיט אַ בייזער. — אויף מיר די עבירה! איר וועט דאָך אויף מיר קיין פּאַראיבל ניט האָבן, דאָקטער מנוחין, וואָס איך בין געקומען, ווי אַן אומגעבעטענער גאַסט... אונדזער פריינד דאָקטער שיינין האָט מיר דאָס דערלויבט... איך האָב ניט געקאָנט זיצן רואיק אין האָטעל, ווייסנדיק, אַז דאָ האָבן זיך פאַרזאַמלט די בעסטע מענטשן פון תּל־אביב — שרייבער, פּראָפעסאָרן, פּרדסנים...

— נו, און שולמית, זע איך, איז עפּעס גאָר טרויעריק? — האָט מנוחין אַ זאָג געטאָן, באַטראַכטנדיק שולמיתן, וועלכע איז געשטאַנען דערביי אַ געדריקטע, געקוקט ווי צעטומלט און מאָדנע פאַראיינזאַמט אויף דער פרעמדער שמחה אין דעם פרעמדן הויז.

— זי איז נעבאַך מיד, — האָט זי די מוטער פאַרענטפערט.

— ווער מיד? — האָט מיסטער צעדערבוים געזאָגט. — זי איז פּשוט איבערגעפילט מיט געפילן, אַזוי ווי איך!

— בענקסט שוין מסתּמא נאָך עמוסן, ניט אַזוי, שולמית? — האָט מנוחין זי געפרעגט מיט אַ ווייכן מיטפילנדיקן שמייכל.

שולמית האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מאָדנע, ווי דערשראָקן: צי ווייסט ניט דער קלוגער און וואַכזאַמער דאָקטאָר מנוחין פון איר פיינלעכן סוד, פון עמוסעס קוש, וואָס ברענט איר אויף די ליפּן פון אינדערפרי אָן?... דאָס גאַנצע בלוט איז איר פּלוצים אַריין אין פּנים און אירע אויגן זענען פול געוואָרן מיט טרערן. מנוחין האָט דאָס באַמערקט און זי אַנגענומען צערטלעך ביי דער האַנט.

— קום, שולמית, איך וועל דיך דאָ באַקענען מיט מיינע פּלימעניקעס, אויך ווילע קינדער.

ער האָט אויפגעזוכט רבקהן מיט עזראן, און פאַר זיי פאָרגעשטעלט שולמיתן, וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען שטום, ווי אַ פאַרווירט שעפעלע.

— אָט דאָס איז מיין יונגע פריינדין שולמית, — האָט ער זיי געזאָגט אויף העברעאיש אין פאָטערלעך־האַרציקן טאָן. — דאָס בעסטע מיידל צווישן יידישע קינדער אין אַמעריקע. זי קען גוט העברעאיש, האָט ליב ארץ־ישראל און וועט דאָ לערנען אין אייער גימנאַזיע. באַקענט זיך מיט איר און זייט גוטע חברים!

די דריי יונגע קינדער האָבן זיך איבערגעקוקט איינס מיטן אַנדערן. די תּל־אביבער האָבן באַטראַכט די אַמעריקאַנערין מיט נייגעריקן רעספּעקט,

און די אַמעריקאַנערין האָט געקוקט אויף די תל־אביבער פּאַרווירט, מיט אַ געדריקטן געמיט.

„ניין, — האָט שולמית געטראַכט פאַר זיך אין איר טיפן איינזאַמען טרויער, — אַזאַ גוטן חבר, ווי עמוס, אַזאַ וווּנדערלעך העלדישן, אַזאַ וווּנדערלעך נאָענטן, וועט מיר דאָ קיינער ניט פאַרבייטן. קיינער ניט, קיינער ניט, קיינער ניט!...״

### קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

## קלאַסן־קאַמף

פּראָפעסאָר ראַבינטשיק האָט זיך געפילט אויפן אָוונט ביי די אישטובס אַ געקריוודעטער. אַנשטאָט צו זיין דאָ דער באַהערשער פון אַלע הער־צער, ווי עס האָט אים געקומט סיי לויט זיינע אַלטע פאַרדינסטן און סיי לויט זיין ביינעם פּראָפעסאָרישן גלאַנץ, האָבן זיך די הערצער גאָר געצויגן צו אַן אַנדערן — צום אַמעריקאַנער גאַסט. ס׳איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַפילו מנוחינס שעדלעכע גלות־אידעאָלאָגיע האָט ביים עולם אויסגענומען מער, ווי זיין ריינער, שטרענגער, אומקאָמפּראָמיסלעכער ארץ־ישראל־פּאַטריאָטיזם. אָט דער מנוחין איז אים שטענדיק געשטאַנען אין וועג — נאָך אין די בערלינער יאָרן פלעגט ער פון אים אָוועקרויבן די אויפ־מערקזאַמקייט פון די חברים!... ער האָט שוין חרטה געהאַט אויף דער גאַנצער מעשה, למאַי ער איז געבליבן נעכטיקן אין תל־אביב און געקומען אַהער צוטיילן מנוחינען ניט קיין פאַרדינטן כבוד, און ער האָט זיך שוין געקליבן אָוועקצוגיין אַ באַליידיקטער. האָט אים אָבער גאָט צוגעשיקט אין דער לעצטער מינוט אַ טרייסט און אַן אָנשפּאַר — דעם צווייטן אַמע־ריקאַנער גאַסט, מיסטער צעדערבוימען.

מיסטער צעדערבוים האָט ביי זיין אַריינקומען אין דעם אָנגעפּאַקטן עס־צימער גלייך געצויגן אויף זיך אַלעמענס אויגן. דער עולם האָט מיט גרויס בייגעריקייט אָנגעקוקט דעם אומבאַקאַנטן טשיקאַוון פּאַרשוין, צו וועמען סיי ד״ר מנוחין און סיי ד״ר שיינין האָבן אַרויסבאַוויזן באַזונדערע פריינדלעכקייט. און טשיקאַווע האָט מיסטער צעדערבוים אויסגעזען ניט אַזוי מיט זיין העכסט באַגייסטערטן פּנים און מיט זיינע עקזאַלטירטע רייד, ווי

מיט זיין אויסטערלישן הילוך — ער איז אַריינגעפאַלן אין דער יום־טוב־דיקער תל־אביבער געזעלשאַפט אין זיין וואָכעדיקן, נאָר גרויסאַרטיקן אַמעריקאַנער סוועטער, וואָס האָט צוגעגעבן זיין הויכן לומדישן שטערן מיט זיינע שמייכלענדיקע בלויע אויגן אַ באַזונדער רייץ פון פרישקייט און ענערגישקייט. עס האָט פון דעם דאָזיקן ווייסן וואָלענעם סוועטער מיטן גרויסן אָפּגעלייגטן ווייכן קאָלנער ממש געאָטעמט מיט דער יונגער ענערגישער קראַפט פון יענעם ווייטן גרויסן לאַנד, פון וואַנען ער שטאַמט. מיסטער צעדערבוים, אַריינקומענדיק אַהער אין אַזאַ אָנטאָן, האָט טאַקע געהאַט די כוונה צו באַטאָנען דערמיט אי זיין געוועזענע אַמעריקאַנישע דעמאָקראַטישקייט, אי זיין צוקינפטיקע ארץ־ישראלדיקע פאַרמערישקייט, און שוין פון דעם דאָזיקן באַוווּסטזיין אַליין האָט אים דאָס בלאָנדע געזיכט געשטראַלט ווי זיבן זונען. ד״ר שיינין האָט אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט און זיך אָנגערופן צום עולם:

— רבותי, איך האָב דעם כבוד אייך פאָרצושטעלן היינטיקן אָוונט נאָך אַ חשובן אַמעריקאַנער גאַסט, וואָס איז געקומען מיט ד״ר מנוחינען אויף איין שיף — אדון צעדערבוים! דער דאָזיקער אדון צעדערבוים, וואָס שטייט דאָ פאַר אייך, דאַרפט איר וויסן, איז אַ געשאַף פון מיינע הענט, איינס פון די נפשות, וואָס איך האָב געמאַכט מיט עטלעכע יאָר צוריק אין אַמעריקע. דאָס האָב איך ביי אים געפועלט, ער זאָל זיך דערווערבן אַ נחלה און פלאַנצן אַ פרדס ביי אונדז אין שרון, און איצט איז ער געקומען זיך איינגאַנצן באַזעצן מיט זיין פאַמיליע אין דער יונגער בליִענ־דיקער שאננה, ווו עס וואַרטן שוין אויף אים אָנגעלאָדענע ביימער מיט צייטיקע גאָלדענע תפוחי־זהב...

פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דער דאָ־זיקער באַקאַנטמאַכונג צוגעגעבן אַ נאַציאָנאַל־פייערלעכן כאַראַקטער — ער האָט מיסטער צעדערבוימען אויפגענומען מיט אַפּלאָדיסמענטן. דערמיט האָט ער פאַראייניגס שוין געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז דער צווייטער אַמעריקאַנער גאַסט איז פאַר אים ניט ווייניקער וויכטיק, און אפשר נאָך וויכטיקער, פון דעם ערשטן — פון ד״ר מנוחינען. אויף אים קוקנדיק, האָבן אַפּלאָדירט נאָך עטלעכע פון די פאַרזאַמלטע.

מיסטער צעדערבוים איז געווען טיף גערירט פון אַזאַ קבלת־פנים. שטייענדיק פאַרן עולם אַ דעקאָרירטער אין זיין ווייסן אַמעריקאַנער סוועטער, ווי אַן אַקטיאָר אין זיין בעסטן גרים, האָט ער זיך געבייגט

אויף אַלע זייטן און געענטפערט אויף ד״ר שייניגס ווערטער מיט אַ קור־צער געפּילפּולער דרשה, וואָס האָט ביי אים אַליין אַרויסגערופן טרערן אין די אויגן:

— רבותי, — האָט ער געזאָגט, — ברידער מיינע און געזעלן! איך דאַנק אייך אַלעמען פון דער טיפעניש פון מיין האַרצן פאַר אייער געגאַד און פאַר דעם אויסדרוק פון אייערע שיינע פּנימער, מיט וועלכע איר האָט מיך דאָ אויפגענומען היינטיקן אָוונט ביי מיינע ערשטע טריט אין אונדזער טייערן לאַנד. באַזונדער דאַנק איך מיין געליבטן פריינד דאָקטאָר שייניגן און אונדזער אַלעמענס טייערן געהויבענעם פריינד דאָקטאָר מנוחין, ווי אויך זיין געערטן שוואָגער, דעם בעל־הבית אדון אישטוב, וואָס אַזוי ווי זיין נאָמען אַזוי איז ער, דערפאַר וואָס זיי האָבן מיך אַריינגעבראַכט אונטערן שאָטן פונעם באַלקן פון דעם דאָזיקן הויז, מיר געגעבן די מעג־לעכקייט אַריינצוקומען אין אַזאַ פיינער געזעלשאַפט פון אמתע יידן, וואָס זיצן אויף זייער לאַנד און רעדן די שפּראַך פון זייער פאָלק, — נאָך וואָס מיין האַרץ האָט אַזוי געגאַרט שוין טעג און יאָרן! דער דאָזיקער אָוונט, ברידער מיינע, איז פאַר מיר הייליק, ער וועט ניט פאַרגעסן ווערן און וועט ניט אָפּגעמעקט ווערן פון דעם טאָוול פון מיין האַרצן אויף אייביק! און די וואַרעמע ווערטער, וואָס אונדזער ליבער דאָקטאָר שייניגן האָט דאָ געלאָזט הערן וועגן מיר, זענען ריכטיקע ווערטער, לויטער אמת וצדק! דאָס דאַרף איך אים דאַנקען, וואָס איך בין געקומען אין אונדזער לאַנד אויף אַלעם גרייטן, שוין אַ פאַרפלאַנצטער אין אונדזער ערד, אַ רוּאיקער און אַ באַרוטער, ווי אַ צווייגהאַפטיקער אַלטגעזעסענער בוים. נאָר וואָס־זשע דען? למען האמת, מוז איך דאָ אַריינברענגען צוויי קליינע אויס־בעסערונגען אין זיינע רייד. ערשטנס, האָט ער מיך ניט ריכטיק פאַר־רעכנט צווישן די נפשות, וואָס ער האָט געמאַכט אין אַמעריקע. מיך, רבותי, האָט מען ניט באַדאַרפט מאַכן — איך בין געווען אַ געמאַכטער שוין פון לאַנג. איך בין געבוירן געוואָרן אַ געמאַכטער! מיין טראָגן און מיין געבוירן, טייערער דאָקטאָר שייניגן, איז געווען אין קדושה...

— דאָס זעט מען קלאָר אַרויס פון אייער העברעאישער שפּראַך, אדון צעדערבוים! — האָט באַמערקט פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו מיסטער צעדערבוימס דרשה מיט שיינענדיקע ברילן, דערביי געוווּנקען צו די אַרומיקע, זיי זאָלן זיך אויך צוהערן מיט כוונה צום דאָ־זיקן צווייטן אַמעריקאַנער גאַסט. — איר רעדט העברעאיש אויסגעצייכנט,

כמעט ווי איינער פון אונדז... ס'איז גאָרניט צו גלייבן, אַז איר קומט פון אַזאַ לאַנד, ווי אַמעריקע!...

— אַזוי גאָר? איר מיינט טאַקע באמת, אַז מיר אַמעריקאַנער זענען אַלע עם־הארצים? — האָט זיך אַריינגעמישט ד״ר באַרנבוים, האַלב אין שפּאַס און האַלב דערפאַר, וואָס דאָס פּינטעלע אַמעריקאַנער האָט זיך ביי אים אָנגעצונדן. — אָט קומט דאָקטאָר מנוחין אויך פון אַמעריקע, פון דעסטוועגן רעדט ער העברעאיש — הלוואי אויף אַ סך פון אונדזערע פּראָפעסאָרן געזאָגט געוואָרן!...

— וואָס פאַרשטייט איר, דענטיסטן, אין דער העברעאישער שפּראַך? — איז שוין פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש אין כעס געוואָרן. — דאָקטאָר מנוחין רעדט גאָר אַן אַנדער מין העברעאיש! עס שמעקט פון זיין שפּראַך מיט... מיט... מיטלאַלטער... מיט... מיט... מענדעלע מוכר־ספרים... ס'איז לשון־קודש, ס'איז דאָס לשון פון גלות... איר פילט זיך דאָ ניט באַליידיקט פון מיין אָפנהאַרציקער מיינונג, דאָקטאָר מנוחין? — האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו מנוחינען מיט אַ העפלעכער, נאָר שטרענגער מינע פון אַן אָביעקטיוון קריטיקער.

— ובכן, אדון צעדערבוים, איר האָט נאָך, דאַכט זיך, ניט געענדיקט אייערע ווערטער? — האָט פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש מיט פרישן פלייס אָנגעשטעלט זיינע שיינענדיקע ברילן אויף דעם צווייטן אַמעריקאַנער גאַסט. — איר האָט אָנגעהויבן מיט „ערשטנס״, האָב איך אייך ניט־ווילנדיק איבערגעשלאָגן אינמיטן, געמאַכט אַ באַמערקונג וועגן אייער העברעאיש, מיט וועלכן איר זענט גאָרניט ענלעך אויף אַנדערע אַמעריקאַנער... נו, און צווייטנס?... רעדט ווייטער, מיר הערן אייך אַלע מיט גרויס אינטערעס... און צווייטנס?...

— און צווייטנס... — האָט מיסטער צעדערבוים געשמייכלט פאַרלעגן. — איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, רבותי: איך בין אַזוי צעטומלט פון אייערע גוטע רייד וועגן מיר, און דערהויפּט פון דעם אינטערעסאַנטן געשפּרעך, וואָס איך האָב דאָ ערשט געהערט פון גרעסערע און בעסערע פון מיר, אַז איך געדענק שוין ניט, וואָס איך האָב דאָ געוואָלט זאָגן... וואַרט אַ ווײַלע, וואָס זשע האָב איך פאַרט געוואָלט זאָגן?... יאָ, עיקר שכחתי! איך האָב געוואָלט דערציילן דאָקטאָר שיינינען, אַז איך הייס שוין ניט מער אדון צעדערבוים. פון דער מינוט, וואָס איך האָב אַוועקגע־שטעלט די פּיאַטע פון מיין פוס אויף דער ערד פון אונדזער לאַנד, האָב

איך מיין נאָמען געביטן אויף ארז הלבנון. איך האָב מיך אָפּגעזעגנט אויף דער שיף מיטן לעצטן ביסל גלות און בין איצט געגליכן צו אַ קליין קינד, וואָס איז ערשט געבוירן געוואָרן... ארז הלבנון!...

— אָט דאָס פאַרשטיי איך! אָט אַזוי דאַרפן יידן אַריינקומען אין ארץ־ישראל! באַנייטע, באַפרייטע פון דער ירושה פונעם גלות! — איז פּראָפעסאָר ראַבינטשיק אַריין אין התפעלות און האָט מיט געפיל געדריקט מיסטער צעדערבוימס האַנט. — איך גראַטוליר אייך, אדון ארז הלבנון! אייער נאָמען פּאַסט צו אייך און איר פּאַסט צו אייער נאָמען!

— און ווי אַזוי איז דער נאָמען פון מיין האַר, אום איך זאָל וויסן? — האָט מיסטער צעדערבוים געפרעגט, שוין אינגאַנצן אַ צענומענער.

— מיין נאָמען האָב איך נאָך ניט געביטן, פון פּסיכאָלאָגישע טעמים, וואָס ניט דאָ איז דער אָרט זיי צו דערקלערן. פון דעסטוועגן עפּעס אַ חידוש איז דעם נאָמען די טעג צוגעקומען, — האָט דער יונגער פּראָ־פעסאָר אַראָפּגעקוקט צו דער ערד אין גרויס עניוות. — פּראָפעסאָר יואל יונה ראַבינטשיק...

דער אַיינדרוק פון דער דאָזיקער באַשיידענער דערקלערונג איז געווען שטאַרק. מיסטער צעדערבוים איז אָפּגעטראָטן אַהינטער, פון דעם קליינ־געוויקסיקן פּראָפעסאָר און גענומען פינטלען צו אים מיט די אויגן, ווי אַ פאַרבלענדטער אַנטקעגן דער זון.

— וואָס? אָט דאָס איז אונדזער דאָקטאָר יואל יונה ראַבינטשיק? — האָט ער כמעט אויסגעשריען. — שוין געוואָרן, הייסט עס, פּראָפעסאָר, מסתמא אין אונדזער אוניווערסיטעט?... איך האָב אָבער געפילט, אַז איך שטיי דאָ פאַר ניט קיין געוויינלעכן מענטשן!... הערט אַ מעשה! האָב איך שוין זוכה געווען היינטיקן אָוונט צו זען אויף איינעם פון אונדזערע גרויסע ליכטער!... פּראָפעסאָר יואל יונה ראַבינטשיק! — האָט ער אויף אים געקוקט מיט באַגייסטערטע, פאַרליבטע אויגן. — מיר אַלע טרינקען דאָך אייער וואַסער!...

איצט איז פּראָפעסאָר ראַבינטשיק געווען אַ באַלוינטער. ווייבאַלד אַזוי, האָט ער שוין זיין הייסן חסיד ניט אָפּגעלאָזט און געשאַפן אַרום אים אַ קרייז פון צוהערער, וועלכע ער האָט מיט פאַרגעניגן אָפּגעצויגן פון מנוחינען. אפילו דער בעל־הבית אַליין, מנשה אישטוב, האָט זיך פאַר־אינטערעסירט מיטן נייעם אַמעריקאַנער, וואָס האָט דאָ דערמאָנט זיין נאָמען מיט אַ גוטן וואָרט, זיך פאַמעלעך צוגערוקט צו זיין ווינקל, גע־

שטאַנען גרייט צו האַרכן. מיסטער צעדערבוים האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן און זיך צעדרשנט, ווי ער קאָן, דערציילט חידושים פון זיך אַליין און פון די שיף־ברידער, וואָס זענען מיט אים געקומען קיין ארץ־ישראל. וועגן זיך אַליין האָט ער גלייך אויסגענוצט זיין ווערטל, אַז ער איז צוואַנציק יאָר געווען אַ מלמד אין אַמעריקע, געקנעלט מיט יידישע פויערים, און איצט, אויף דער עלטער, וויל ער אַליין פאַרזוכן דעם טעם פון זיין אַ יידישער פויער. דערהערט אַזאַ זאַך, איז דעם פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש לכתחילה געוואָרן זויערלעך אויפן האַרצן: הייסט עס, אַז זיין פאַרערער איז בסך־הכל אַ ייד אַ מלמד?... ער האָט זיך אָבער באַלד געטרייסט דערמיט, וואָס דער דאָזיקער מלמד קוקט־אויס אין זיין ווייסן אַמעריקאַנער סוועטער זייער וועלטלעך, ווי אַן עכטער ענגלישער טעניס־שפּילער, דערצו פאַרמאָגט ער אינעם שרון אַ היפּשן פּרדס — אפנים, אַז די אַמעריקאַנער מלמדים זענען זייער וועלטלעכע און פּראַקטישע מענטשן?... און מיסטער צעדערבוים האָט דאָס טאַקע באַוויזן אין זיין געשפּרעך. ער האָט גערעדט, ווי אַ וועלטלעכער מענטש, מיט אַ ברייטן פּראַקטישן קוק אויף זאַכן, פאַרזיכערט זיינע צוהערער, אַז דער עקאָנאָמישער קריזיס אין אַמעריקע וועט ברענגען קיין ארץ־ישראל די לאַנג־געווינטשטע אַמעריקאַנער „עליה", אַ שטראָם פון לויטער קאַפּיטאַליסטן. און דעם גוטן אָנהייב פון דער דאָזיקער „עליה" האָט שוין געמאַכט טאַקע זייער שיף, וואָס האָט היינט אַריינגעבראַכט אין לאַנד אַ פּאַרטיע אַמע־ריקאַנער יידן מכל המינים: דאָקטוירים, און אַפּטייקער, און זייד־פאַב־ריקאַנטן, און רייכע סוחרים פון קאַנאַדע, אפילו טעכטער פון מולטי־מיליאָנערן, און אפילו יידישיסטן... און אַלע זענען באַגייסטערט, פירן מיט זיך גאָר גרויסע פּלענער צו בויען דאָס לאַנד...

— הלוואי, רבונו של עולם! — האָט ד"ר באַרנבוים באַמערקט מיט אַ סקעפּטישן זיפץ. — אַבי זיי זאָלן זיך דאָ ניט צוכאַפּן צו ספּעקולאַציע, ניט האַנדלען מיט „משכנתאס", אויף וואָס אונדזערע אַמעריקאַנער לאַנדס־לייט, צו קיין חרפּה זאָל אונדז ניט זיין, זענען דאָ גרויסע ספּעציאַליסטן.

— מיר דאַרפן דאָ אַזעלכע אויך! — האָט אישטוב פּלוצים באַשיידן אַ הוסט געטאָן און געלאָזט פאַלן פון דער זייט אויך זיינס אַ וואָרט.

— וועמען דאַרפן מיר דאָ? — האָט ד"ר באַרנבוים זיך אומגעקוקט אויף אים מיט וווּנדער און געפרעגט בייז. — ספּעקולאַנטן? משכנתא־פּאַראַזיטן?...

— אַן משכנתאס וועט איר ניט בויען קיין הייזער, און אָן הייזער וועט איר ניט האָבן קיין שטעט, און אָן שטעט וועט איר ניט האָבן קיין לאַנד! — האָט אישטוב גערעדט געציילטע ווערטער, נאָר האַרט, מיט קאַלטער פאַראַכטונג. — אָט נעמט, אַשטייגער, מיך. איך ווייס ניט, צי איר ווייסט — איך האָב אויסגעבויט אין תל־אביב צוויי הייזער. ווען איך בוי ניט אויס די צוויי הייזער, וואָלט תל־אביב געהאַט מיט צוויי הייזער ווייניקער... אַ פראָסטער חשבון!... איר רופט דאָס ספעקולאַציע? פּאַראַזיטיזם? געזונטערהייט! אָבער אָן דעם פּרינציפּ וועט איר קיין לאַנד ניט בויען!...

דער עולם האָט געשטוינט. מע האָט ביז אַהער אָט דעם אישטוב אין קיין געזעלשאַפט ניט געזען און גאָרניט געוווּסט, אַז ער קאָן רעדן. מע האָט נאָר דערציילט פון אים אַנעקדאָטן, וואָס פאַר אַ פּרא־אדם ער איז. איצט לאָזט זיך אויס, אַז ער איז אַ גאַנצער בר־דעת און רעדט גאָר פון פּרינציפּן!... עס האָבן זיך גלייך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן די דאָזיקע פּרינציפּן אונטערגעהאַלטן. דערהויפּט איז זיי געפעלן געוואָרן אישטובס „פראָסטער חשבון" — ס'איז אַזוי פּראָסט, וואָס פּראָסטער קאָן שוין ניט זיין!... זיי האָבן געטענהט, אַז ארץ־ישראל מוז עפענען ברייט די טויערן פאַר פּריוואַטן קאַפּיטאַל. זאָל דאָס לאַנד פריער פון אַלץ געבויט ווערן. צי דורך ספעקולאַציע, צי אויף אַנדערע וועגן — אַבי עס זאָל זיך בויען. ערשט דערנאָך, אַז עס וועט זיך אויסבויען, וועלן מיר זיך נעמען מאַכן אַ טאַלק... דאָס רוב פונעם עולם, צום מיינסטן אינטעליגענטן, וואָס האָבן אַליין קיין שייכות ניט מיט פּריוואַטן קאַפּיטאַל, האָבן זיך אָבער געשטעלט שאַרף אַנטקעגן, דערוויזן, אַז ספעקולאַציע וועט חרוב מאַכן דאָס לאַנד, דעמאָראַליזירן דעם ישוב, פאַראומרייניקן די הערצער, פאַרשלעפּן דעם הויכן אידעאַל פון אויסלייזונג און באַנייאונג אין שאול תחתיה אַריין. ווי וועט זיין צו ארץ־ישראל, אַז אַמעריקאַנער משכנתא־יידן וועלן ווערן אירע אויסלייזער און באַנייער!...

די וויכוחים זענען וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ הייסער. פון דער דאָזיקער טעמע איז מען אַריבער צו אַ שאַרפערער: וועגן אַראַבישער אַרבעט אין יידישע קאָלאָניעס. מע האָט דערציילט, אַז ניט געקוקט דערויף, וואָס די נאָכווייענישן פון דעם אַראַבישן פּאָגראָם לאָזן זיך נאָך פילן אין פאַרשיידענע ווינקלען פונעם ישוב, האָט מען אין די אַלטע קאָלאָניעס שוין ווידער אָנגעהויבן פאַרטרייבן יידישע אַרבעטער און אָנשטעלן אויף

זייער אָרט אַראַבישע. האָט איינער פון דעם עולם, אַ שווייגנדיקער יונגער־מאַן, מיט אַ געגאָלטן אַסקעטישן פּנים און מיט אויסגעלופּעטע, עטוואָס קאָסאָקע אויגן, זיך אַנגעצונדן און שאַרף דערקלערט, אַז דערצו איז פאַראַן נאָר איין מיטל: חרם! מחרים זיין די אויסוואורפן מיט שוואַרצע ברע־נענדיקע ליכט, מיט בלאָזן שופר, עוקר זיין זיי מן השורש, אויסשליסן פונעם כלל ישראל. ניט געבן זיי די האַנט, ניט טאָן מיט זיי קיין שידוכים, ניט אַרויפלאָזן זיי אויף אַ יידישער שוועל — ווייכן פון זיי, ווי פון קרעציקע. ווער דאַרף זיי האָבן אויפן יידישן צעטל מיט זייערע פּרדסים? זאָלן זיי זיך בעסער אויסשמדן, אָננעמען דאָס גלויבן פון זייערע אַראַבישע קנעכט, ווערן מיט זיי איינס, — וועלן מיר וויסן, אַז אונדזער מחנה איז הייליק!...

ס'איז געוואָרן אַ היפּשער טומל. אויך דאָ האָבן זיך צעטיילט די מיינונגען. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געטענהט, אַז מע טאָר קיין מענטשן הינטער די אויגן ניט פאַרמשפּטן — מע דאַרף זיי פריער אויסהערן. אפשר האָבן זיי אויך עפּעס צו זאָגן...

— נאָך אַ מין זאָגן! — האָט זיך אָנגערופן איינער אַ הויכער סטאַט־נער פאַרשוין, מיט אַ פיין־געשווירענער גרוילעכער פראַנצויזישער באָרד, וואָס האָט געהייסן אדון פדהצור. ער האָט ווי באַדעקט די אויפגערעגטע קולות מיט אַ ווייכן באַריטאָן, גערעדט געלאַסן און שפּאַסיק, פאַרגלייבט אין זיך. ער האָט קודם כל געבעטן ביים פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש דער־לויבעניש צו רעדן פּראָסט מאַמע־לשון — צוליב די ווייבער. ס'איז אַ רחמנות אויף די ווייבער, וואָס זיצן נעבאַך פון דער ווייטן און פינטלען מיט די אויגן. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט אין זיין גאַנצער הויך און זיך צערעדט אויף אַ פיינעם וואָלינער יידיש:

— איך מיין, רבותי, אַז מע וואָלט שוין באַדאַרפט ביי אונדז אַמאָל אויפהערן צו מוסרן אַלץ די באַלעבאַטים און אײַנגעבן אַ קליינע פּאָרציע מוסר אויך אונדזערע געפעסטעטע אַרבעטער. איר ווייסט אַלע, אַז איך בין חלילה ניט קיין אויסוואורף, איר ווייסט אַלע, און טאָמער ווייסן דאָס ניט אונדזערע חשובע אַמעריקאַנער געסט, דאָקטאָר מנוחין און אדון צעדערבוים, המכונה ארז הלבנון, דאַרפן זיי דאָס וויסן, — אַז אין מיין פּרדס איז נאָך ניט אַריינגעטראָטן קיין פוס פון קיין אַראַבער!! איך בין, ברוך השם, אַ ריינער, אַ כשרער הונדערט־פּראָצענטיקער! און ניט דערפאַר, וואָס איך האָב חלילה מורא פאַר דער „הסתדרות", אָדער איך שרעק

מיך איבער, אַז אַט דער היציקער יונגערמאַן וועט מיט מיר ניט וועלן טאָן קיין שידוך, נאָר ווייל איך האָב אַליין געלערנט יינגלווייז גמרא און ווייס, ברוך השם, אויסווייניק אַלע „מצוות התלויות בארץ”. הכלל, רבותי, איך וועל דאָס מאַכן קורץ. פאַריקע וואָך האָב איך מיך עפּעס צעווערטלט מיט איינעם פון מיינע פּועלים אין פּרדס, צבי־דוב איז זיין הייליקער נאָמען, אַ שוואַרץ־קוטשעראַוועו ליטוואַקל, אַ בחורל אַ ברען — איך גיב אייך אָן מיט אַלע סימנים. מאַכט צו מיר אָט דער צבי־דוב: „וואָס קאַכט איר זיך אַזוי, אדון? אם ירצה הסם, אַז מיר וועלן דערלעבן קאָמוניזם אין ארץ־ישראל, וועט אייער פּרדס סייווי זיין אונדזערער!...” מיט די ווערטער, ווי איך דערצייל אייך, איך זאָל אַזוי זוכה זיין צו הערן שופר של משיח!... נו, פרעג איך אייך, רבותי: ווען אַכמעד אַרבעט אין מיין פּרדס, וואָלט איך פון אים אויך געהאַט אַזאַ כבוד און אויך געהערט אַזאַ לשון?...

— פּאַרדריסט אייך, — הייסט עס, וואָס אַכמעד אַרבעט ניט ביי אייך אין פּרדס? — האָט ד"ר באַרנבוים אַ פרעג געטאָן סאַרקאַסטיש.

— ניין, דאָקטאָר באַרנבוים! — מיך פּאַרדריסט, וואָס אייער הסתדרות לערנט ניט מיט דעם צבי־דובן קיין הלכות דרך־ארץ!

— איך ווייס ניט! — האָט ד"ר באַרנבוים געקוועטשט מיט די פּלייצעס. — ביי מיר אין פּרדס אַרבעטן, דאַכט זיך, אויך יידן, פון דעסטוועגן האָב איך נאָך פון זיי קיין קרום וואָרט ניט געהערט!

— איר ווייסט פאַר וואָס? ווייל איר זענט אַ חבר!

— וועל, זייט אויך אַ חבר!

— איך זאָל זיין אַ חבר? דאַרף איך דאָך גלייבן אין קאַרל מאַרקסעס תורה! ניין, אַ שיינעם דאַנק אייך. איך בין אַ גרויסער אַפּיקורס, איך רייכער אַפילו אַ פּאַפּיראָס שבת נאָכן טשאָלנט...

— איר האָט אַ טעות! — האָט ד"ר באַרנבוים געזאָגט. — איך מיין ניט אַ חבר אין דער הסתדרות — מיר וואָלטן אַזאַ הונדערט־פּראָצענטיקן בורזשוי, ווי איר, אפשר ניט אָנגענומען!... איך מיין — איר זאָלט זיין אַ מענטשלעכער חבר, אַ מענטש!... איר פאָדערט דרך־ארץ פון צבי־דובן צו אייך — פאַרוואָס זאָלט איר פריער ניט פאָדערן דעם זעלבן דרך־ארץ פון אייך צו צבי־דובן?... איר האָט דאָ אַליין דערציילט, אַז איר האָט זיך מיט אים צעווערטלט — וואָלט איך אַ בעלן געווען הערן, וואָס פאַר אַ מין צעווערטלען־זיך דאָס איז געווען!... איך שטעל מיר פאָר, אַז אייער

באַלעבאַטיש צעווערטלען־זיך איז געווען אַ ביסל שאַרפער פון צבי־דובס פראַלעטאַרישן וויץ!... איר פאַרגעסט, אַז צבי־דוב איז פונקט אַזאַ פאַר־שטענדלעכער מענטש, אַזוי ווי איר, רעדט אַזוי גוט לשון־קודש, ווי איר, לייענט די זעלבע ביכער, וואָס איר וואָלט באַדאַרפט לייענען, און איז גע־קומען קיין ארץ־ישראל צוליב דעם זעלבן אידעאַל, וואָס איר, און איז גרייט אַוועקגעבן זיין לעבן פאַרן לאַנד מיט אַ סך מער חשק פון אַייך... געפעלט אַייך אָבער ניט אַזאַ אַרבעטער, וואָס איז גייסטיק געהויבן גלייך מיט אַייך, וואָס קוקט ניט אַרויף צו אַייך, ווי צו אַ פריץ, וואָס וויל ניט שטיין פאַר אַייך אָן אַ היטל... אפילו איר, דער רייִנער, דער הונדערט־פראָצענטיקער, בענקט אין דער שטיל נאָך אַכמעדן, מיט וועמען איר וואָלט זיך געקאָנט באַגיין, ווי מיט אַ הונט, אויף וועמען איר וואָלט געקאָנט שרייען, ווי אויף אַ קנעכט, וועמען מע קאָן צאָלן שכירות נאָר אויף ברויט מיט וואַסער... אָט אַזוי ווילט איר בויען דאָס יידישע לאַנד, דאָס לאַנד פון די נביאים, איר שיינע יידן מיט שיינע בערד!...

— טע־טע־טע! זעט נאָר, ווי ער האָט זיך צעפלאַקערט! און וואָס איז דאָ שולדיק מיין באָרד?... — האָט אדון פדהצור זיך אַ גלעט געטאָן די באָרד מיט אַ שמייכל. — אדון אישטוב! אפשר וואָלט איר זיך אַיינגע־שטעלט פאַר מיר? איר האָט דאָך פריער דאָ געזאָגט עטלעכע זייער קלוגע ווערטער!...

אישטובן איז, אַפּנים, הייִנטיקן אָוונט געגאַנגען. ער האָט ווידער אַ מאָל אַ הוסט געטאָן, און אויף זיינע טרוקענע אומעטיקע באַקן האָט זיך צעגאָסן אַ שיטערע רויטקייט.

— איך קאָן דערויף נאָר זאָגן מיט די זעלבע ווערטער, וואָס איך האָב געהערט פון איינעם אַן אַראַבישן שעיך... איך ווייס ניט, צי איר ווייסט, אַז איך באַגעגן מיך אָפט צוליב מיינע ענינים מיט אַראַבער. האָט מיר איינמאָל אַן אַראַבישער שעיך, ניט קיין נאַרישער גוי, געזאָגט אַזוי: „איר יידן, זאָגט ער, זענט דאָ אין לאַנד געגליכן צו די שאַקאַלן — נאָך איידער איר קומט אַריין אין ווייִנגאָרטן, הייבט איר שוין אָן צו וואָיען״...

— אַן אויסגעצייכנטער משל! — איז אדון פדהצור נתפעל געוואָרן.

— יאָ, — האָט ד״ר באַרנבוים מסכים געווען, — דער משל פאַר זיך אַליין איז אַ גאַנץ פיינער משל. נאָר דערווייל זע איך דאָ נאָך ניט דעם נמשל!...

— דו ווילסט נאָך אַ נמשל אויך? — האָט אים אַ זאָג געטאָן

זיין חבר, דער שוואַרץ־וואָנצעדיקער אַרבעטער־פירער, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן און נאָר ביי־זלעך געשמייכלט. — ביי מגידים איז דער עיקר נאָר דער משל...

— שאַט! — האָט פלוצים אויסגערופן אדון פדהצור מיט אַ שמייכל. איר ווילט דעם נמשל? אָט איז ער געקומען! אָט האָט איר דעם אמתן נמשל!...

מנוחין האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, געקוקט אַ פאַרוווּנדערטער — ביי דער טיר פון דעם עס־צימער האָט זיך באַוויזן יהודית, וואָס איז אַריינגעקומען צוזאַמען מיט איר ברודער, דעם יונגן גאָרדאָן.

קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

## דער נמשל

דניאל גאָרדאָן איז געווען פאַררעכנט אין תל־אביב צווישן די אָנגעזעענע יונגעלייט פון דעם רייכערן באַלעבאַטישן שטאַנד. מע האָט אים אין שטאָט געקענט ווי אַ טיכטיקן יונגן „פּרדסן", וואָס האָט פאַר די לעצטע צען יאָר געבראַכט דעם פאָטערס פּרדס צו אַ הויכער מדרגה, קולטיווירט די בעסטע מינים אָראַנזשן און גרייפּפרוכט. מע האָט אים אויך געקענט ווי אַ טוער אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט: ער איז געווען איינער פון אַ גרופּע יונגע ארץ־ישראל־געבוירענע, וואָס האָבן פאַרטראַכט צו גרינדן אינעם שרון אַ שורה נייע קאָלאָניעס, אַזעלכע, וואָס זאָלן זיין אַ מוסטער פון פּריוואַטער אונטערנעמונג געשטיצט אויפן פּריוואַטן קאַפּיטאַל. ער האָט שוין אויך באַוויזן אויסצובויען פאַר זיך אַ פיינע ווילע, אַרומגעפלאַנצט מיט אַ גאָרטן, וואָס ער האָט אַליין פאַרווינט מיט זיין קליינער פאַמיליע, און ער איז געווען פון די ערשטע אין תל־אביב, וואָס האָבן אָנגעהויבן זיך פירן פּריציש — געשפּאַצירט אין די גאַסן מיט אַ גרויסן ראַסעדיקן וואָלף־הונט און געפאָרן אין פּרדס אַריין אין אַן אייגענעם אָפּגעפּוצטן אויטאָמאָביל. נאָר דערהויפּט איז ער געווען פּאָפּולער דערמיט, וואָס ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם געראַנגל פון די פּאַרטייען אין לאַנד: ער איז געווען איינער פון די אַרטיקע זיילן אין דער יונגער טומלדיקער באַוועגונג, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס

ענד־ציל די דערגרייכונג פון אַ זעלבסטשטענדיקער יידישער מדינה אויף ביידע זייטן ירדן, אָדער, ווי דאָס איז פאָרמולירט געוואָרן אין פּאַטעטישן סטיל, — די אויפלעבונג פון „מלכות ישראל״.

דערצויגן אין דער תל־אביבער גימנאַזיע, וווּהין זיין פאָטער האָט אים געבראַכט, צוזאַמען מיט דער מוטער און מיט דער קליינער שוועסטער יהודית, בשעת תל־אביב האָט נאָך געגרינט ווי אַ יונגער שפּראָץ אינמיטן אַ מדבר פון זאַמד, — איז ער פון די ערשטע יאָרן צוגעבונדן געוואָרן צום לאַנד און צום חלום פון יידישער אויסלייזונג מיט דער גאַנצער פאַנאַטישער קראַפט פון אַ שטאָלצן גראַדליניקן כאַראַקטער, וואָס ווייסט נים פון קיין צווייפלונגען און שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין שטרויכלונגען. ניט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן ביי אַ פאָטער אַ ציוניסט און אַ משכיל, האָט ער פון דער רוסיפיצירטער היים אין דער פּראָווינציעלער דרום־רוסישער שטאָט אַרויסגעטראָגן אַ סך גוייִשקייט און זייער ווייניק יידישקייט. דאָס איינציקע פּינטעלע ייד, וואָס האָט אין אים הייס געברענט, בשעת ער איז אָנגעקומען אַלס צוועלף־יאָריק יינגל אין ארץ־ישראל, איז געווען אַ שאַרפע קינדערשע שנאה צו דער יידישער געפאַלנקייט צווישן גויים — צו יענער ביטערער געפאַלנקייט, וואָס האָט טיף באַליידיקט זיין איינגעבוירענעם שטאָלץ אין די נידעריקע קלאַסן פון דער רוסישער גימנאַזיע, ווו די לופט איז געווען פאַרסמט מיטן שוואַרץ־מאהדיקן יידן־פיינטלעכן גייסט פון יענע יאָרן. דאָ, אין דעם קליינעם אידילישן תל־אביב, איז די פּינצטערע שנאה גיך אויפגעלייזט געוואָרן אין אַ ליכטיקן חלום וועגן יידישער דערהויבנקייט, וועגן העראָאישן יידישן אויפקום. ער איז דאָ אַריינגעפאַלן אין אַן אָפּגעזונדערטן אויסטערלישן ווינקל פון יונגע געוואַגטע פאַרשטעלונגען וועגן פאָלק און לאַנד, וואָס עס האָבן געצונדן אַרום אים סיי די חברים, סיי די לערער פון דער גימנאַזיע, וועלכע זענען נאָך אַליין געווען יונג און פאַרשיכורט פון זייער גרויסער נאַציאָנאַלער מיסיע אויף דעם דאָזיקן זוניקן אינדזל, צווישן ברייטע פרייע זאַמדן. פון אַלע יידישע לימודים, וואָס ער האָט דאָ געלערנט אין דער העברעאישער גימנאַזיע,האָט ער מיטן גאַנצן האַרצן אויפגענומען נאָר דעם העראָאישן טייל פון דער יידישער געשיכטע — די ווונדערלעכע דערציילונגען פונעם תנ״ך וועגן דעם העלדישן וועג, וואָס זייבע אורעלטערן האָבן דורכגעמאַכט צווישן די פיינדלעכע פעלקער אין דעם דאָזיקן קליינעם, ווונדערלעכן, ליב און טייער געוואָרענעם פאָטערלאַנד.

צוזאַמען מיט נאָך חברים האָט ער זיך ניט איין מאָל פאַרגעשטעלט אין דער ראָל פון דעם שטורעמדיקן לאַנד־באַצווינגער יהושוע, פון דעם ביטערן לאַנד־פאַרטיידיקער גדעון, פון דעם אומגעזעטיקטן מלחמה־מענטש דויד. ער אַליין, אַ שיין, הויכגעוואַקסן יינגל, מיט אַ שטאָלצן, רואיקן, כמעט גוייִשן געשטעל, איז געווען דערצו באַרופן מער פון אַלע זיינע חברים, וואָס זענען געווען, צום מיינסטן, קליינע, קורצפיסיקע יידישע חדר־יינגלעך, מיט שוואַרץ־געגרייזלטע קעפלעך און מיט קיילעכיקע, איבערגעשראָקענע יידישע אייגלעך.

ער איז געווען אַזוי ערנסט פאַרכאַפּט פון זיין נייעם פּאַטריאָטישן ברען, אַז בשעת די מוטער, אַן אומצופרידענע פון דעם „אַזיאַטישן העק", האָט באַשלאָסן אַוועקצופאָרן צוריק קיין רוסלאַנד, האָט ער אין זיין יינגלשן פאַ־נאַטיזם געקוקט אויף איר, ווי אויף אַ פאַררעטערין, און שאַרף דערקלערט, אַז ער וועט צוריק אין דעם פינצטערן, נידעריקן גלות ניט גיין — ער בלייבט אין דעם אייגענעם לאַנד אויף תמיד! ער איז פאַרבליבן אויף קעסט און אויף השגחה ביי איינעם פון די גימנאַזיע־לערער, און כאָטש ער האָט אין דער שטיל געבענקט נאָך די אייגענע, דערהויפּט נאָכן פריילעך־שטיפערישן שוועסטערל, האָט ער געשריבן דעם פאָטער באַגייס־טערטע בריוו, אין אַ שלעכטן גרייזיקן העברעאיש, אַז ער פילט זיך דאָ גליקלעך, דאָ איז זיין לאַנד און זיין צוקונפט, און אויב די מוטער האַלט זיך פעסט ביי איר באַשלוס, ניט צוריקצוקומען קיין ארץ־ישראל, וועט ער דאָ ענדיקן גימנאַזיע און זיך אָפּגעבן מיטן פאַרפלאַנצטן פּרדס ביי יפו. ער האָט אָבער די גימנאַזיע ניט געענדיקט, ווייל אינמיטן איז אויס־געבראָכן די מלחמה, די קליינע תל־אביבער קאָלאָניע איז צעשלאָגן גע־וואָרן, צעלאָפן זיך ווער צום גליל און ווער קיין מצרים. דער יונגער דניאל גאָרדאָן, שוין אַ זיבעצן־יאָריק, הויך, אָפּגעברענט בחורל, אויסערלעך אַ רואיקער, אַ באַדאַכטער, נאָר אינווייניק מיט אַן אַמביציעזן אומרו אין דער נשמה, האָט זיך געפונען צווישן די אַנטרונענע אין מצרים. דער פאָטער האָט דורך פאַרשיידענע וועגן אים צוגעשיקט געלט פון רוסלאַנד, געשריבן אים, ער זאָל זיך וואָס גיכער ראַטעווען קיין ענגלאַנד, צי קיין אַמעריקע, ווו ער וועט קאָנען פאָרזעצן זיין בילדונג. דער זון האָט אָבער דערפון אפילו ניט געטראַכט. ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט דערווייטערן זיך פון ארץ־ישראל אין אַזאַ אויפגערודערטער צייט, ווען יעדן טאָג קאָן דאָרט אויפגיין די זון פון דער געגאַרטער, אויסגעחלומטער

יידישער גאולה. ער האָט זיך אַזוי לאַנג אומגעדרייט אין אַלעקסאַנדריע, צווישן די אַנטרונענע פון תל־אביב, ביז ער האָט זיך צו עפּעס דערוואַרט: ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם אַמעריקאַנער יידישן לעגיאָן, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט האָפערדיק אונטער דער בריטישער קאָמאַנדע אויסצו־קעמפן ארץ־ישראל פאַרן צוגעזאָגטן יידישן היימלאַנד. דער יונגער גאָרדאָן איז ענדלעך צוגעקומען נאָענט צו דער פאַרווירקלעכונג פון זיין ייִנגלשן חלום — ער איז געגאַנגען זיך שלאָגן פאַר זיין פאָטערלאַנד, פאַרן אַלטן לאַנד פון זיינע העלדישע אָבות, פון יהושוע, גדעון און דויד. ער האָט זיך געריסן צו גבורות, צו אומדערשראָקענע מעשים, און האָט זיך שוין פאַראויס פאָרגעשטעלט זיין טריאומף, ווי אַזוי ער וועט אַריינמאַרשירן אין דעם באַפרייטן תל־אביב בראש פון דעם זיגרייכן יידישן לעגיאָן.

ער איז אָבער גאָר גיך אַנטוישט געוואָרן. גבורות האָט ער טאַקע זיך געפּלייסט צו באַווייזן — ער איז אפילו אין איינער אַ הייסער אַטאַקע, ערגעץ אין דרום ארץ־ישראל, פון גרויס פלייס פאַרוווּנדעט געוואָרן אין האַנט. נאָר זיינע הויך־פליענדיקע פאַנטאַזיעס האָבן די בריטישע קאָ־מאַנדירן אים אַרויסגעשלאָגן פונעם קאָפּ. זיי האָבן געקוקט אויף אים און אויף זיינע יידישע חברים־לעגיאָנערן מיט אַ באַזונדער פרעמדן, קאַלט־פאַראַכטלעכן קוק, ווי אויף אײַנגעבעטענע, ווי אויף אַ פינפטן ראָד צום מלחמה־וואָגן. און דעם גאַנצן ענין פון יידישע פּרעטענזיעס אויפן הייליקן לאַנד האָבן זיי באַטראַכט, ווי עפּעס אָן אומנייטיקע, איבעריקע, פאַר־דראָסיקע אָנשיקעניש, וואָס פּלאָנטעט זיך אומזיסט־אומנישט פאַר זייערע דאַרע, מוסקלדיקע, מיליטערישע פיס. אין תל־אביב האָט דניאל גאָרדאָן ניט אַריינגעמאַרשירט, נאָר ער האָט זיך איינמאָל אין אַ ווינטערדיקן פאַרנאַכט איינער אַליין אַהין שטיל אַריינגעגנבעט. ער איז צוגעקומען צום טויער פון דער גימנאַזיע אין זיין פאַרברודיקטן צעריסענעם מונדיר, מיט דער פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט אויף דער פעטליע, אַ קוק געטאָן אויף דעם פינצטערן, פון רעגן אָפּגעשמיסענעם פראָנט פון דער געביידע, זיך צוגעשפּאַרט מיט דער געזונטער האַנט צום שטיינערנעם פאַרקאַן און, אַ פאַראיינזאַמטער, אַ באַליידיקטער אין זיין שטאָלץ, זיך צעוויינט. פּונקט אַזוי פאַרביסן און שטיל, אין זיך, האָט ער געוויינט אַמאָל קינדווייז, בשעת זיינע פיינדלעכע חברים פון דער רוסישער גימנאַזיע, קליינע שקצימלעך אין גרויסע גימנאַזיסטישע היטלען, מיט שלעכטע ברוטאַלע וואַסערדיקע אייגלעך, האָבן אים פאַרצוואַלעוועט מיט שטיינער ווי אַ בלודנעם הונט,

אין אַ ווינקל, זיך אויסגעשטעלט אַנטקעגן אים פון דער ווייטן און געזונגען אין כאָר אַ מיאוס לידל: „זשיד, זשיד, כאַלעמיד!"...

דאָס איז שוין געווען זיין לעצטער יוגנט־געוויין. אויך איצט האָט אין אים געגליט דאָס אַלטע פייער פון שנאה, ווי אַמאָל אין די קינדער־יאָרן, אָבער שוין ניט צו דער אייגענער יידישער געפאַלנקייט. ניין, ער האָט זיך איצט שוין ניט געפילט געפאַלן. ער האָט איצט געהאַט אַ פּאַטערלאַנד, וואָס קיינער האָט פון אים ניט געקאָנט אַוועקנעמען, פאַר וועלכן ער איז געגאַנגען אין מלחמה, פאַר וועלכן ער האָט שוין אַפילו זיין בלוט פאַרגאָסן. זיין שאַרפער כעס האָט געברענט קעגן די, וואָס ווילן דאָס ניט אָנערקענען, וואָס שפּאָטן דאָס אויס מיט קאַלטער פאַראַכטלעכער גלייכגילטיקייט, וואָס האָבן אים אָפּגענאַרט אין זיינע בעסטע יונגע האָפענונגען. דערהויפּט איז זיין צאָרן געשטיגן נאָך די ערשטע אַראַבישע פּאָגראָמען אין ירושלים און יפו, צו וועלכע די ענגלישע מיליטערישע מאַכט האָט זיך צוגעקוקט פון דער ווייטן, ווי מיט כיטרער שפּאָטישער הסכמה. פּאָגראָמען אין דעם יידישן לאַנד, פאַר וועלכן ער איז געגאַנגען אַוועקגעבן זיין יונג לעבן?... עס איז געווען אַ מאָמענט, וואָס האָט אים געהויבן צו עפּעס אַן אַקט פון נקמה. ער איז אָבער פון נאַטור ניט געווען קיין היץ־קאָפּ. דערצו האָט ער זיך שוין אָנגעהויבן רעכנען פאַר אַ דערוואַקסענעם, פאַראַנטוואָרטלעכן מענטשן — ער איז פאַר די עטלעכע יאָר מלחמה אויסגעוואַקסן, געוואָרן פון אַ יינגל אַ מאַנסביל. דאָס געפיל פון דערוואַקסנקייט איז ביי אים נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך דעם, וואָס דער פאָטער האָט פאַרן אַנטלויפן קיין אויסלאַנד פון דער באַלשעוויסטישער רעוואָלוציע אים אָנ־געטרויט דורך אַ שליח די גרעסטע רעשטן פון זיין פאַרמעגן, און אויך דאָס האָט אים אָפּגעהאַלטן פון היציקע, איבערגעאיילטע מעשים.

ער האָט זיין הייסן צאָרן געצאַמט אין קאַלטער, געלאַסענער אויסגע־רעכנטקייט — געצאַמט, נאָר ניט געלאָשן. ער האָט דערצו איבערגענומען די מאַניערן פון די ענגלענדער. ער האָט זיך אויסגעלערנט פון זיי אין דער מלחמה ניט נאָר ענגליש רעדן, נאָר אויך צו האַלטן זיך שטייף, גדלותדיק, מיט קאַלטער, געלאַסענער פאַראַכטונג צו דעם, וואָס איז אים פרעמד, אָדער ניט ליב. ער האָט ערגעץ טיף באַהאַלטן זיין לעגיאָנערישע אוני־פאָרם — אַן אָנדענק פון זיין אויסגעשפּעטער יוגנט — און זיך איבער־געטאָן ציוויל, אויסגעפּוצט זיך אין אַ רייכן ענגלישן ספּאָרט־קאָסטיום, מיט אַ שניי־ווייסן ענגלישן אָריענט־הוט, און מיט זיין שטאָלצן גאַנג

און זיין שטייפן פאַראַכטלעכן בליק געצווונגען די קליינע דאַרע ענגלישע סאָלדאַטלעך, וואָס האָבן דאָ געשפּאַצירט אויף די שמאָלע תל־אביבער טראָטואַרן גרופּנווייז, ווי אומבאַצווייפלטע עזותדיקע רעגירער, צו מאַכן פאַר אים אַ וואַרע, אָפּטרעטן אים דעם וועג. זיין בליק האָט פינצטער גערעדט: „ס'איז מיין לאַנד, מיין תל־אביב, מיינע טראָטואַרן — איך בין דאָ דער הערשער!"...

ער איז דאָ געווען ניט איינער מיט אַזעלכע געפילן. עס איז גע־וואַקסן אַ גאַנצע מחנה אומצופרידענע, דערצאָרנטע, וואָס האָט זיך אויס־געפורעמט אין אַ פּאַרטיי מיט אַ שאַרפן, עקסטרעמען, ווייטגייענדיקן פּראָ־גראַם. עס האָבן זיך דאָ געפונען אַזעלכע, וואָס זייער פאַרביטערטקייט קעגן דער אָרעמער, באַליידיקנדיקער נדבה, וואָס די ענגהאַרציקע ענג־לענדער האָבן צוגעוואָרפן דעם יידישן פאָלק אין דעם אַלטן לאַנד פון זיינע אָבות, איז געווען אַ טיפע, אַ שמערצלעכע; עס זענען אָבער אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן דאָס דאָזיקע געפיל אין זיך אויפגעבלאָזן מער צוליב טומלדיקן שפּיל, — ווייל צו שטילער, געדולדיקער, שאַפנדיקער אַרבעט זענען זיי ניט געווען פעאיק. עס האָבן זיך דאָ אויסגעמישט ערנסטע אַלטע ציוניסטן, וועלכע זענען געווען אומצופרידן מיט די פאַמעלעכע, פאַרזיכטיקע טריט פון דער ציוניסטישער פאַרוואַלטונג אין לאָנדאָן, מיט קליין־קעפּיקע יונגעלייטלעך, אַנטלאָפענע פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, וואָס האָבן אין קערענסקיס טעג זיך געשטופּט אין די פריי־געעפנטע רוסישע יונקער־שולעס, געחלומט פון אָפיצערישע מונדירן, און האָבן איצט זייערע צערונענע חלומות אַריבערגעבראַכט אַהער, אין דעם נייעם אומגעריכטן יידישן לאַנד, ווו זיי האָבן געפונען אַן אייגן פעלד פאַר פוסטן שפּיל אין דאָן־קיכאָטישן פּאַטריאָטיזם. די דאָזיקע בחורימלעך, קינדער פון דער געוועזענער רוסיש־יידישער בורזשואַזיע, וועלכע וואָלטן אין דעם אַלטן רוסלאַנד געגאָלטן אַלס באַלעבאַטישע פוסטעפּאַסניקעס, „ווייס־אונטערשלאַקער" („ביעלאָפּאָדקלאַדאָטשניקי"), צווישן זיי אויך סתם ווילדע יונגען, דורכאויס יידישע עם־הארצים, פרעמדע צום יידישן פאָלקס־גייסט, צום גאַנצן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע, האָבן אַריינ־געטראָגן אַ ווירוואַר אין דער מחנה פון די אומצופרידענע, צעטומלט די מוחות פון דער יוגנט, אָפּגעצויגן פעאיקע קינדער פון ערנסטן שאַפנדיקן געדאַנק צו וויסטע וועגן פון פּאַטריאָטישער פראַזעאָלאָגיע, צו לעוואַנ־טינישן שפּיל מיט זייפן־בלאָזן. עס האָט זיך דאָ אויך אַרויפגעשטופּט

אויבנאָן אַ קליינע גרופּע אינטעליגענטע היסטעריקער, צעדרייטע וואָרט־פירער, גייסטיקע שלים־מזלען, וואָס האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ גאַנצן אָרקעסטער פון פאַלשע, גרילצנדיקע פאָלקס־באַקלאָגער, וויי־שרייער און מוסר־זאָגער.

די באַציאונג פון דער ערנסטער ניכטערער באַפעלקערונג אינעם ייִשוב צו דער דאָזיקער יונגער פּאַרטיי איז פון סאַמע אָנהייב געווען אַ נעגאַטיווע, ווי צו טומלער און אומגליק־ברענגער, ווי צו היץ־קעפּ, וואָס שפּילן זיך מיט פייער. באַזונדער שאַרף האָט זיך צו זיי פאַרהאַלטן די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט מיט זיך געבראַכט אַ נאַטיר־לעך ווידערגעפיל צו פוסטע רייד, וואָס איז געקומען אין לאַנד ניט רעדן, נאָר שווער אַרבעטן, וואָס האָט מער פון אַלעמען באַגריפן, אַז ניט מיט הויכע שפּרוכן און ניט דורך פּאָליטישע ניסים איבער נאַכט קאָן דאָס לאַנד ווערן אייגנס, נאָר מיט ערלעכער האַרעפּאַשנער אַרבעט, דורך לאַנגן געדולדיקן פאַרפלאַנצן זיך, טריט ביי טריט. די טומלער האָבן אָבער וויפל מאָל פאַרט אַרויסגעזאָגט אָנגעווייטאָגטע אמתן, וואָס האָבן ביי אַלעמען געדריקט אויף דער נשמה, דערהויפּט אין מאָמענטן, ווען דער ייִשוב האָט איבערגעלעבט גראָבע, ברוטאַלע קריוודעס פון די הערשער אין לאַנד, — האָבן אַ סך פון די מיושבדיקע באַלעבאַטים אין האַרצן הנאה געהאַט פון די שאַרפע עזות־פּנימער, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט אָפן דאָס, וואָס האָט זיי אַליין טיף געקרענקט, — און האָבן דערמיט ווי באַרעכ־טיקט זייער עקזיסטענץ. אַז מע בויט אַ לאַנד, דאַרף מען אַזעלכע אויך האָבן...

דער יונגער גאָרדאָן איז בטבע ניט געווען קיין טומלער, נאָר, אדרבה, אַ רואיקער, אַ טיכטיקער, אַ בעל־תכלית, אַ מענטש וואָס גייט מיט באַ־דאַכטע טריט צו אַ זיכערן ציל. ער האָט אָבער לויט זיין דערציאונג און לויט זיין באַגרענעצטן גייסטיקן באַנעם ניט געקאָנט זיך אַזוי גוט צופּאַסן צו אַן אַנדער גרופּע אין תל־אביב, ווי צו דער דאָזיקער. פון דער תל־אביבער גימנאַזיע האָט ער אַרויסגעטראָגן אַן אויבערפלאַכיקן באַגריף וועגן יידישקייט. ער האָט גערעדט אַ פליסיק און מאָגער העברע־איש, ווי אַלע תל־אביבער קינדער, נאָר דאָס געדרוקטע העברעאישע וואָרט, דערהויפּט אַזעלכעס, וואָס שמעקט מיט אַלטער העברעאישער קולטור, וואָס איז פאַרוואָרצלט אינעם אַלטן פאָלקס־לעבן, איז אים געבליבן פרעמד — עס האָט אים כמעט ווי אָפּגעשטויסן, עס האָט געשמעקט מיט

„גלות״. אויסער די טעגלעכע נייעס אין דער העברעאישער צייטונג, האָט ער נאָך אַלץ געלייענט רוסיש. פון דער יידישער געשיכטע האָבן פאַר אים נאָר הייס געגליט די העראָאישע מאָמענטן פון יידישן קאַמף פאַר ערדישער מאַכט. פריער איז ער געווען פאַרכאַפּט פון אַזעלכע ביבלישע געשטאַלטן, ווי יהושוע און דויד, און איצט זענען זיי פאַרביטן געוואָרן מיט די ביטערע פיגורן פון די קנאים, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן די רוימער — זיי האָבן פונקט געשטימט מיט זיין פאַרביטערטקייט קעגן די ענגלישע הערשער.

די דאָזיקע פאַרביטערטקייט איז אָבער אויך וואָס ווייטער אַלץ מילדער געוואָרן, ווייל אינמיטן האָט ער חתונה געהאַט, גענומען זיינע אַ חברטע פון דער גימנאַזיע, אַ טאָכטער פון אַ רייכן פוילישן ציוניסט, וואָס האָט פאַרבראַכט די מלחמה־יאָרן אין פוילן און איז איצט צוריקגעקומען אַהער שוין מיט דער פאַמיליע. ער האָט באַקומען נדן, זיך אויסגעבויט אַ ווילע, באַזאָרגט זיך מיט עטלעכע בוי־פּלעצער אויף ספּעקולאַציע, געקויפט אַן אויטאָמאָביל, אַ טייערן הונט, טיכטיק פאַרוואַלטעט מיטן פאָטערס פּרדס, וואָס האָט זיך גערעכנט אַזוי גוט ווי זיין אייגענער, און געהאַלטן אָפן זיין הויז פאַר זיינע פאַרטיי־חברים. ער איז געווען פאַר זיי אַ געטרייער פרייגעביקער חבר, געשטיצט מיט אַן אָפענער האַנט זייערע פאַרטיי־אָרגאַנען, נאָר זיין הויפּט־ווערט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיי צוגעגעבן פּרעסטיזש מיט זיין רואיקן, געמעסיקטן, ערלעכן כאַראַקטער. דאָס, וואָס אַזאַ סאָלידער און טיכטיקער יונגערמאַן, ווי דניאל גאָרדאָן, חברט זיך מיט די היץ־קעפּ און איז איינער פון זיי, האָט אין תל־אביב געהאַט אַ סך צו זאָגן!

קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

# שיין זענען די נעכט אין כנען

דניאל גאָרדאָן האָט מיט זיין דערשיינען ביי די אישטובס צום „טיי״ היפּש פאַרחידושט די געסט. דער עולם איז געווען טשיקאַווע צו וויסן, ווי אַזוי קומט איינער פון יענער חברה אַהער, אין אַ געזעלשאַפט פון לויטער מיושבדיקע לייט, בכבודע כלל־טוער און אינטעליגענטן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אַפילו פאַרשטייער פון אַרבעטער? ס'איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט געווען, אַז די דאָזיקע געזעלשאַפט איז דאָ צונויפ־גערופן געוואָרן לכבוד דעם אַמעריקאַנער גאַסט דורך זיין פריינד ד״ר שיינין, און ד״ר שיינין איז געווען באַקאַנט ווי אַן אויסגעשפּראָכענער שונא פון די „טומלער״, וואָס האָט זיי שאַרף באַקעמפט אין דער עפנט־לעכקייט און איז נאָך פון זיי נאָך שאַרפער באַקעמפט געוואָרן, מיט אָנגענומענע און ניט־אָנגענומענע מיטלען, אין זייער פאַרטיי־צייטונג. דער הויפּט־חידוש איז דאָ אָבער געווען, וואָס דניאל גאָרדאָן האָט מיט זיך געבראַכט אַהער זיין שוועסטער, פון וועלכער מע האָט שוין אין תל־אביב געוווּסט, אַז זי איז ערשט היינט אָנגעקומען מיטן אַלטן פאָטער אין ארץ־ישׂראל. די פאַרזאַמלטע, דערהויפּט די דאַמען, האָבן דערביי ניט פאַרפעלט צו באַמערקן, ווי אַזוי ד״ר מנוחין, דער אַמעריקאַנער גאַסט אַליין, איז עפּעס שטאַרק אויפגערודערט געוואָרן, באַגעגנט דאָס אומבאַקאַנטע פריילין מיט אַ פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט אי פרייד, אי פאַרלעגנהייט. הייסט עס, אַז די מחותנתטע איז דאָ אפשר גאָר די שוועסטער, ניט דער ברודער. וויבאַלד אַזוי, פרעגט זיך אַ פראַגע: וואָס פאַר אַ מין מחותנתטע איז זי דאָ?...

די אויגן פון אַלע דאַמען זענען געווען געווענדט מיט פאַרשנדיקע בליקן צו דער באַלעבאָסטע. נאָר די באַלעבאָסטע, גברת אישטוב, האָט אַליין אויך לכתחילה זיך געפילט ווי פאַרלאָרן. זי האָט שוין געוווּסט פון איר טעכטערל רבקה, אַז דער ברודער איז היינט פאַרנאַכט ביי זיין האָטעל געשטאַנען געאָרעמט מיט עפּעס אַן אומבאַקאַנטער בילד־שיינער יונגער דאַמע, וועמען ער האָט אַרויפגעזעצט אויף אַ דראָזשקע און אָנגערופן

ביים ערשטן נאָמען „יהודית". איצט, אַז די זעלבע יהודית איז אַריינגעקומען אין איר הויז אַ ליכטיקע, אַן אויפגעלעבטע, און איז באַגעגנט געוואָרן פון איר ברודער מיט אַ באַזונדער אינטימער פרייד, וואָס נאָר אַ שוועסטערס אויג האָט עס געקאָנט אויפכאַפּן, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז די גאַנצע מי, וואָס זי האָט זיך דאָ געמיט צוצוגרייטן פאַר אים אַ פּאַסיקן שידוך מיט די רייכע סיראָטאַס, איז אַרויסגעוואָרפן — זי האָט שוין פאַרשפּעטיקט. מיטן פּראַקטישן חוש פון אַ שוועסטער אַ שדכנטע האָט זי דאָ גלייך אָפּגעשאַצט די לאַגע, אַ טראַכט געטאָן, אַז די גאָרדאָנס זענען אפשר פונקט אַזוי רייך, ווי די סיראָטאַס, דערצו איז דאָס איבערגעוואַקסענע, פאַרזעסענע פריילין סיראָטאַ גאָרניט צו פאַרגלייכן מיט אָט דער יונגער בליענדיקער שיינהייט — האָט זי יהודיתן אויפגענומען מיט אַזאַ ליכטיקן באַהאַרצטן פּנים, אין וועלכן עס האָט זיך שוין געלאָזט פילן אַ וואַרעמער אָנזאָג אויף קרובהשאַפט. זי האָט זי באַדאַנקט פאַר די צוגעשיקטע בלומען, די שענסטע צוויי בוקעטן, וואָס זי האָט היינט באַקומען, צוגעפירט זי אונטער דער האַנט צו די דאַמען און פאַרגעשטעלט מיט אַ צווײדײטיקן ליבלעכן שמייכל:

— דאָס איז מיין ברודערס שיף־שוועסטער. הייסט עס — מיינע אויך אַ קרובה...

און דעם ברודער האָט זי פאַרבייגייענדיק אַיינגערוימט אַ סוד אויפן אויער, מיט אַ חניפה פון אַ גליקלעך־פאַרפלאָמטער שוועסטער:

— אוי, איז זי שיין, סראָליקל, — אַן אמתע בת־מלכה!...

מנוחין האָט געפילט, אַז ער זעט־אויס אין דעם מאָמענט זייער נאַריש — ער איז אַזש רויט געוואָרן, ווי אַ חתן־בחור. אום ניט אַרויסצוגעבן זיך מיט זיין באַזונדערער לאַגע פאַר אַזויפיל אויגן, וואָס קוקן אים נאָך יעדע באַוועגונג, האָט ער יהודיתן איבערגעלאָזט מיט די דאַמען און אַליין זיך געהאַלטן מער ביי איר ברודער, וועלכער האָט אויף אים איצט געקוקט אַ סך מילדער ווי אינדערפרי — אַפּנים, ער האָט שוין אויך געוווּסט פונעם סוד צווישן אים און יהודיתן. מנוחין האָט אפילו באַמערקט, אַז אָט דער יונגער גאָרדאָן, מיט זיין אָנגעצויגענעם שטייפן אָפיצערישן פּנים, קאָן אַמאָל אַ שמייכל טאָן פונקט אַזוי פאַרטראַכט און קינדעריש־צוטרוילעך, ווי זיין שוועסטער יהודית, — און דאָס האָט אים מאָדנע דערפרייט, ווי עס וואָלט ביי אים אַראָפּ אַ שווערע משא פונעם האַרצן.

דעם יונגן גאָרדאָן איז דאָ אָבער ניט אויסגעקומען קיין סך צו שמייכלען. שוין ביי זיין אַריינקומען האָט ער געכאַפּט אַ קוק אויפן עולם און זיך אָנגעכמורעט, ווי ער וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַן אָרט, וווהין ער פּאַסט זיך ניט. ער האָט, ווייזט אויס, זיך ניט געריכט, אַז ער וועט דאָ טרעפן אַזאַ געזעלשאַפט פון לויטער סמעטענע. ער האָט אייגנטלעך צו יעדן איינעם פון די דאָזיקע לייט ניט געהאַט קיין באַזונדער פערזענלעך ווידערגעפיל. ער איז אָבער די לעצטע צייט אַזוי אַריינגעצויגן געוואָרן אין די אינטערעסן פון זיין פּאַרטיי, אין איר שאַרפער קריגערישער שטע־לונג קעגן אַלע אַנדערע פּאַרטייען, אַז ער האָט ניט־ווילנדיק זיך אָנגעהויבן באַציען צו אַלע פּאַרטייאישע קעגנער, ווי צו זיינע פערזענלעכע שונאים. ער האָט געוווסט, אַז זיין פּאַרטיי איז די גערודפטע, די סאַמע פּאַראַכטעטע אינעם ישוב, איז ער פּאַרלאָפן דעם וועג, געקוקט אויף יעדער פרעמדער געזעלשאַפט מיט קאַלטער שטאָלצער פּאַראַכטונג, ווי אויף באַשעפענישן, וואָס שטייען נידעריקער פון זיין ווערדע. אויף אַזעלכע מענטשן, ווי ד״ר שיינין און דער שוואַרץ־וואָנצעדיקער אַרבעטער־פירער, האָט ער זיך אַפילו ניט געוואָלט אומקוקן. נאָר מיט איינעם האָט ער זיך דאָ פריינדלעך געגריסט. דאָס איז געווען דער יונגער פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש. פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש, הגם לויט זיין געלערנטקייט און לויט זיין אָביעקטיוון קוק אויף דער וועלט האָט ער באַדאַרפט שטיין העכער פון אַלע פּאַרטייען, האָט די לעצטע צייט אָנגעהויבן אַרויסבאַווייזן סימפּאַטיע דווקא צו די יונגע פּאַרפּאַלגטע טרעגער פון דעם מלכות־ישראל־געדאַנק — מחמת פּאַרשיידענע טעמים. ערשטנס, האָט ער זיך אַליין גערעכנט אין אַ גע־וויסער מאָס פּאַר אַ פּאַרפּאָלגטן, וואָס איז ניט גענוג אָנערקענט געוואָרן לויט זיינע פּאַרדינסטן ביים יידישן פאָלק. צווייטנס, איז די העראָאישע עפּאָכע פון מלכות ישראל געווען זיין הויפּט־געביט אין דער ביבל־פאָרשונג. נאָר מער פון אַלץ האָט אים די יונגע היציקע פּאַרטיי צו־געטראָפן מיט איר פלאַם־פייערדיקער שנאה צום גלות, מיט איר שפּרינגען פון דער הויט צו זיין גלייך מיט אַלע גוייִשע פעלקער אויף דער ערד. און פאַר דער יונגער טומלדיקער באַוועגונג, וואָס איז געווען אַזוי אָרעם אין אינטעליגענטע כוחות, אַזש עס האָט געשלאָגן פון איר מיט גייסטיקן עלנט, איז די פריינדשאַפט פון ראַבינאָוויטשן געווען אַ קוואַל פון שטאָלץ און באַרימעריי. די חברה ווילדע יונגען און פּראָסטאַקעס האָבן זיך מיט אים אומגעטראָגן, ווי מיט אַן אבן טוב.

דער עולם האָט אויפגענומען דעם יונגן גאָרדאָן אויף פרעמדלעך, ווי איינעם, וואָס איז ניט שייך צו דער דאָזיקער געזעלשאַפט. ד״ר שייניןֹ, ד״ר באַרנבוים און דער שוואַרץ־וואָנצעדיקער אַרבעטער־פירער האָבן באַקומען אויף זייערע פנימער אַן אויסדרוק פון סאַרקאַזם. דער איינציקער, וואָס האָט אים באַגעגנט מיט אַ ליכטיקער, צוגעלאָזטער מינע, איז געווען דער וויצלדיקער אדון פדהצור מיט דער שיינער פּראָנצוויזישער באָרד. יענער איז צוליב אַ וויץ גרייט געווען צו חברן זיך מיט דער גאַנצער וועלט.

— שלום, דניאלטשיק! — האָט ער אים באַגריסט זייער פאַמיליער, כמעט פאָטערלעך. — ווי קומסטו אַהער, אויף דער זייט ירדן?... אַ שאָד, וואָס דו ביסט דאָ ניט געווען מיט איין מינוט פריער — וואָלסט דאָ געהערט עפּעס, וואָס פאַר דיר און פאַר דיינע חברים וואָלט עס זייער ניצלעך געווען... אדון אישטוב האָט דאָ ערשט אַרויסגעבראַכט אַן אויס־געצייכנטן אַראַבישן משל קעגן אייער חברה מלכות־ישראלניקעס... ווילסט הערן דעם משל? „איר, מלכות־ישראלניקעס, זאָגט ער, זענט געגליכן צו שאַקאַלן — נאָך איידער איר זענט אַריינגעקומען אין וויינגאָרטן, האָט איר שוין אָנגעהויבן צו וואָיען״...

צווישן עולם האָט מען אַ לאַך געטאָן. דניאל גאָרדאָן האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט. ער איז געשטאַנען אַן אָנגעכמורעטער, אַ פרעמדער, און פאַראַכטלעך געשמייכלט מיט זיין יונגן פאַרשטייפטן פּנים.

— נו, וואָס שווייגסטו? — האָט אים אדון פדהצור געזוכט צו פּראָוואָצירן. — איאָ, דער משל פּאַסט זיך צו אייך אויסגעצייכנט?

— יאָ, ער פּאַסט זיך! — האָט גאָרדאָן אַרויסגעזאָגט מיט פינצ־טערער גדלות. — מיר, שאַקאַלן, וועלן אַזוי לאַנג וואָיען ביים וויינגאָרטן, ביז מיר וועלן אַהין פאָרט אַריינקומען. איר אָבער, ציטעריקע שעפּעלעך, זענט אַזעלכע טרוסן, אַז איר האָט גאָר מורא אפילו צו טראַכטן פונעם וויינגאָרטן!...

— בראַוואָ, אדון גאָרדאָן! — האָט אים פּראָפעסאָר ראַבינאָטשיק אַפּלאָדירט מיט ענטוזיאַסטיש־שיינענדיקע ברילן. — וווּנדערבאַר גע־ענטפערט!...

— און אויב איר ווילט אונדז איבערשרעקן מיט משלים, — האָט גאָרדאָן ווייטער גערעדט, אַן אויפגעמונטערטער פונעם פּראָפעסאָרס הסכמה, — וועל איך אייך דערציילן אַן אַנדער משל, פון קרילאָווס

פאַבלען, וואָס איז שוין צוגעפּאַסט צו אײך: וועגן דעם פוקס, וואָס איז געשטאַנען ביים ווײנגאָרטן און האָט ניט געקענט דערלאַנגען צו די ווײנטרויבן, און האָט דעריבער געזאָגט, אַז די ווײנטרויבן טויגן ניט.

— בראַוואָ! בראַוויסימאָ! — האָט ראַבינטשיק ווידער אַפּלאָדירט מיט וואַקסנדיקער התפּעלות.

— וואָס בראַוואָט איר, פּראָפעסאָר? און נאָך בראַוויסימאָ!... — האָט אדון פדהצור זיך אָנגערופן מיט איראָניע, שוין אויף ייִדיש. — ס'איז אַ משל קעגן אַ טאָרבע פלעקער!... ווער פון אונדז אויפן גאַנצן יישוב זאָגט דען, אַז די ווײנטרויבן טויגן ניט?...

— איר זוכט ביי די לייט לאָגיק? — האָט שוין ד״ר באַרנבוים ניט געקאָנט זיך אײנהאַלטן און זיך געווענדט ניט גלייך צו גאָרדאָנען, נאָר צו פדהצורן, ווי צו אַ פּאַרמיטלער. — לערנט פריער מיט די דאָזיקע ייִנגלעך אלף־בית, דערציילט זיי, אַז מיר זענען געקומען אַהער אין לאַנד ניט ווי שאַקאַלן, ניט ווי פוקסן און ניט ווי אַנדערע ווילדע חיות, נאָר ווי מענטשן. מיר ווילן דאָ ניט חרוב מאַכן ווײנגערטנער, נאָר שווער און ערלעך אַרבעטן, פלאַנצן אונדזער אייגענעם ווײנגאָרטן!...

— געוויס! — האָט גאָרדאָן אָפּגעענטפערט בייז, אויך געקוקט ניט אויף ד״ר באַרנבוימען, נאָר אויף אדון פדהצורן. — איר וועט פלאַנצן ווײנגערטנער, וועט קומען אײער חבר לאָרד פּאַספילד, דער ניי־געקרוינטער לאָרד פון אײער הייליקער „לייבאָר פּאַרטיי״, מיט וועמען איר גייט אַזוי קנעכטיש אונטער איין רויטער פאָן, און וועט זיי צעטרעטן...

— אַהאַ, די רויטע פאָן! — איז ד״ר באַרנבוים שוין געוואָרן אָנגעצונדן. — פריער פון אַלץ וועט די אָקסן אויפגעקאָכט, אַז זיי דערזעען רויט...

עס האָט זיך צעברענט אַ הייסער, אַ העפטיקער וויכוח, אין וועלכן דער יונגער גאָרדאָן מיטן פּראָפעסאָר ראַבינטשיק זענען געשטאַנען קעגן דעם שאַרפן צאָרן פון אַ גאַנצן עולם. מע האָט דאָ געטענהט וועגן אַ שפּיל אין ייִדישע סאָלדאַטלעך מיט הילצערנע שווערדלעך און וועגן אַ פּאָס פולווער, אַרום וועלכן עס דרייען זיך אום מיט פייער אין די הענט אומפאַראַנטוואָרטלעכע, לייכטזיניקע יונגעלייט, וועגן בוזער און וועגן צעשטערער... פאַר מנוחינען איז דאָס געווען אַ נייעס, כמעט

אַ גאַנצע איבעראַשונג. שטייענדיק יאָרן־לאַנג אין אַמעריקע ווייט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, האָט ער אויפגעכאַפּט פון דער לופטן נאָר שוואַכע אָפּקלאַנגען פון די פּאַרטייאישע שפּאַלטונגען און רייבענישן, וואָס קומען־פאָר אין דעם יונגן ארץ־ישראלדיקן יישוב. עפּעס האָט ער יאָ געהערט פון אַן אומגעדולדיקער שטרעמונג ביי דער דאָרטיקער יוגנט, וואָס ראַדיקאַלע און אויך עלטערע געמעסיקטע לייט האָבן זי באַצייכנט ווי אַ מין יידישן פאַשיזם. ער האָט זיך אָבער פאָרגעשטעלט, אַז פונקט ווי די שטרעמונג אַליין איז אַ געמאַכטע, אַזוי איז אויך איר באַצייכענונג אַן איבערגעטריבענע: דאָס מאָדערנע, נאָכמאַכערישע יידנטום האָט זיך ליב צו שפּילן דאָן־קיכאָטיש מיט פרעמדע, געליִענע ווערטער און באַגריפן. איצט האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז ס'איז עפּעס מער פון אַ קינדער־שפּיל. דער וויכוח האָט דאָ געקלונגען ניט ווי אַ געוויינלעכער טעאָרעטישער פּילפּול, וואָס מע הערט אָפט אין אַ יידישן געזעמל, נאָר מיט הייסע, דראָענדיקע טענער פון אַן אָנגעהויבענעם ברודער־קריג. מנוחינען האָט דאָס אי טיף פאַראינטערעסירט, אי געלייגט זיך שווער אויפן האַרצן.

דערווייל איז געוואָרן שפּעט, און די ווייבער האָבן אָנגעהויבן רופן די מענער אַהיים. די ערשטע אויף אַוועקצוגיין זענען געווען די סיראָטאָס, די גווידערדיקע מוטער מיט דער טאָכטער. פריער האָבן זיי ביידע לאַנג געקוקט דורך די גאָלדענע לאָרנעטן אויף יהודיתן, נאָר וואָס מער זיי האָבן זי באַטראַכט, אַלץ ווייניקער נחת האָבן זיי געהאַט. דערנאָך האָט די אַלטע גבירטע מיט אַ באַפעלערישן ווונק צוגערופן צו זיך די מאַדאַם אישטוב און מיט אַ ברוגזן פּנים זי גענומען אויף אַ שטילן, נאָר שטרענגן פאַרהער:

— ווער איז זי? — האָט זי געפרעגט, ווייזנדיק אַן צערעמאָניעס מיטן לאָרנעט אויף יהודיתן, וועלכע איז דאָ געזעסן אין אַ ווינקל און עפּעס גערעדט מיט שולמיתן און איר מוטער.

— זי איז אַט דעם גאַרדאָנס אַ שוועסטער. — האָט די מאַדאַם אישטוב געענטפערט שטיל, מיט אַ פאַרשולדיקטן פּנים. — ערשט היינט געקומען אין ארץ־ישראל.

— איך ווייס, איך האָב געהערט!... איך פרעג — אַ מיידל, צי אַ ווייבל?

— דאָס קאָן איך אייך אַקוראַט ניט זאָגן. ווייזט אויס, אַ מיידל...

— און ווי קומט זי צו אייער ברודער? — האָט די אַלטע דורכגע־נומען די פאַרווירטע מאַדאַם אישטוב מיט אַ פּראָקוראָרישן בליק.

— זיי האָבן זיך, דאַכט זיך, באַקענט פאָרנדיק אויף דער שיף.

— אַזוי? דאָס איז פון יענע מיידלעך, מיט וועלכע מע באַקענט זיך פאָרנדיק אויף שיפן?... נו, טאָכטער, — האָט זי פּלוצים זיך אַ הייב געטאָן מיט דער גאַנצער שווערקייט פון איר רייכן, שפּעדיקן, באַזיידנטן גוף, — מיר וועלן שוין גיין. מיר זענען דאָ צופיל געזעסן!...

מנוחין אַליין איז אַוועק מיט די לעצטע געסט, וועלכע זענען גע־גאַנגען אים באַגלייטן ביז צום האָטעל. נאָך די הייסע שמועסן אין דעם אָנגעפּאַקטן און אָנגערויכערטן עס־צימער איז ער פּלוצים אַריינגעפאַלן אין אַן אַנדער וועלט — אַ פרישע, אַ קילע און אַ וווּנדערלעך שטילע, אַ ליכטיק־פאַרחלומטע. ס'איז געשטאַנען אַ זעלטענע ארץ־ישראלדיקע ווינטער־נאַכט, וואָס האָט שטיל געגליווערט אין ווייכן, קלאָרן, בלוילעך־ווייסן, כמעט טאָגלעכן ליכט פון דער גרויסער פולער לבנה. די יונגע שטאָט האָט איצט באַקומען אַ נײַ צויבערלעך אויסזען מיט אירע אָפּגע־ליידיקטע שלאָפנדיקע גאַסן, מיט אירע פאַרחלומטע הייזער אין טיפן שאָטן, מיט אירע העל־באַשטראַלטע דעכער און ווייס־באַזילבערטע זאַמד־פּלעצער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס קלאָרע לבנה־ליכט גיסט זיך דאָ ניט נאָר פון הימל נאָר אויך פון אַלע זייטן, פון יעדן אָפענעם גאַס־ווינקל, פון יעדן ניט־פאַרבויטן זאַמד־פּלאַץ, אַפילו פון מענטשלעכע פּנימער און פון דעם גלאַנץ פון זייערע אויגן. מנוחינס באַגלייטער, וואָס האָבן זיך ערשט געריסן אין שאַרפן ברודער־קריג, זענען איצט אַנטשוויגן געוואָרן, געגאַנגען שטיל, ווי פאַרכאַפּטע פון איין געמיינזאַמען חלום, ווי פאַרשעמטע און צוריק פאַרברידערטע דורך דער פּראַכט פון זייער אַלעמענס געליבטער שטאָט.

— אַך, ווי שיין!... — האָט ענדלעך פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש, ווי אַ געטרייער שליח־ציבור, אויסגעדריקט אַלעמענס געפילן הויך אויף אַ קול. — ווי שיין איז אונדזער לאַנד ביינאַכט!...

— יפים הלילות בכנען (שיין זענען די נעכט אין לאַנד כנען)! — האָט מיסטער צעדערבוים, וואָס איז דאָ געגאַנגען מיט זיין פרוי און מיט שולמיתן, אים אונטערגעהאַלטן און זיך צעזונגען אויף אַ דינעם טענאָרל. — דו געדענקסט, שולמית, ווי אַזוי מיר ביידע פלעגן אָט דאָס לידל זינגען מיט גרויס בענקשאַפט זומער ביינאַכט אין קעמפּ אויף די

קעטסקיל־בערג ?... איצט גייען מיר און זינגען דאָס זעלבע ליד אין אונדזער לאַנד, אויף די תל־אביבער גאַסן... פילסטו כאָטש, טאָכטער מיינע, אַז דו גייסט איצט איבער די גאַסן פון תל־אביב ?...

— איך פיל, טאַטע... — האָט שולמית געזאָגט מאָדנע שטיל און געדריקט, ווייל די שיינע ליכטיקע תל־אביבער נאַכט האָט איר נאָך שאַרפער דערמאָנט אָן איר טרויער, וואָס זי איז פלוצים געבליבן אַזוי איינזאַם אויף דער וועלט, אָן עמוסן. זי איז נאָכגעגאַנגען די עלטערן אַ מידע, אַן אָפּגעשוואַכטע, און דאָס האַרץ האָט אין איר שטיל געוויינט: „אָט גייט יהודית האַנט ביי האַנט מיט דאָקטאָר מנוחינען. זי האָט זיך באַקענט מיט אים אויף דער שיף, פונקט אַזוי ווי איך מיט עמוסן. נאָר זי איז גליקלעכער פון מיר — זי שפּאַצירט אין תל־אביב מיט איר פריינד, און איך שפּאַציר דאָ איינע אַליין, נאָר מיטן טאַטן און נאָר מיט דער מאַמען"...

קאַפּיטל ניין און צוואַנציק

## ביים טויער פונעם האָטעל

מנוחין איז געבליבן שטיין אינדרויסן, ביים טויער פונעם האָטעל, נאָכדעם ווי זיינע באַגלייטער זענען זיך צעגאַנגען. ער האָט זיך ניט געקאָנט שיידן מיט דער זעלטענער לבנה־נאַכט, וואָס האָט דאָ, ביים סאַמע ברעג ים, איבער דער פרייער זאַמדיקער פּליאַזשע, געגליוועט נאָך טיפער און שטילער, ווי אין שטאָט, זיך צעשטראַלט נאָך ליכטיקער און ברייטער, ווי עפּעס מיט אַ ווונדערלעכער פּאַרטראַכטער העלקייט פון אַ פאַרדרעמלטן צויבער־לאַנד, פאַרזונקען אין איינזאַמער קלאַנגלאָזער שטילקייט פון עק־וועלט. דער שפּיגלדיקער גלאַטער ים האָט זיך קוים באַוועגט, געפאַלדעוועט זיך ווייט פונעם ברעג, דאָ אונטער גרויע שאָטנס, דאָ אין צעשמאָלצענעם בלענדנדיקן זילבער, און צוריקגעקומען איז ער צום זאַמד, ווי פון ערגעץ אַ ווייטן חלום, פאַמעלעך און זעלטן, מיט אַ שטילן, פאַרשלאָפענעם, קוים געהערטן פּלעסק. און דער זאַמד אַליין, אַ דורכגעוואַשענער, אַ לויטערער, האָט געשימערט פון אַלע זייטן ווייס און קלאָר, ווי ערשט־געפאַלענער אומבאַרירטער שניי, און ס'איז נאָר געווען

אַ חידוש, וואָס אָט דער שניי גיט־אַרויס פון זיך נים אַ שאַרפע ווינטער־דיקע פראָסטיקייט, נאָר אַ זיסע צאַרטע קילקייט, וועלכע פאַלט־אַריין כמעט אין וואַרעמקייט פון פרילינג. מנוחין האָט אויף אַ מאָמענט צוגע־מאַכט די אויגן — די אילוזיע פון שניי איז געוואָרן נאָך שאַרפער, ווירקלעכער. ער האָט ווידער צוגעמאַכט די אויגן, געשטאַנען אַזוי אַ היפּשע ווײַלע ווי אין דרעמל, ווי אין היגהערפּלעט, און אַז ער האָט דערנאָך די אויגן געעפנט, האָט ער זיך אומגעקוקט ווי געפלעפט, ווי אויפגעוואַכט פון ערגעץ אַן אַנדער וועלט. עס איז אים מיט אַ מאָל באַ־פאַלן אַ גרויסער ווונדער: ווי קומט ער אַהער נאָך יענעם ווייטן, גרויען, אומעטיקן לעבן, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען אין משך פון צענדליקער יאָרן? נאָך גרעסער איז געווען דער ווונדער: ווי קומט אַהער, אויפן ברעג פון דער דאָזיקער פּראַכט, אַ יידישע שטאָט, אַ יונגע, אַ ליכטיקע, וואָס רוט הינטער אים אין נאַכטיקער שטילקייט מיט באַשטראַלטע גאַסן, מיט באַחנטע הייזער, מיט אַ זיכערער, ציל־באַוווסטער, האָפערדיקער באַפעלקערונג, וואָס וועט מאָרגן פרי זיך אויפכאַפּן צו אַ פרישן לעבן, צו מונטערער טעטיקייט, אויפן וועג צו אַ נייער, רייצנדיקער צוקונפט?... ווי אַזוי איז דאָס פּלוצים געשען?... פאַרן געדאַנק האָט אים בליציק אַ שוועב געטאָן די טויזנט־יאָריקע יידישע געשיכטע, דער לאַנגער פינצ־טערער גלות, פול מיט פּיין, מיט דערנידערונג, מיט ביטערן עלנט, און ס'איז אים געוואָרן מאָדנע אומגלויבלעך, אַז דאָס גערודפטע, פאַרהוקעטע וואַנדער־פאָלק, דאָס פאַריאָגטע אין ענגע געטאָס, אין פינצטערן קלעם, אין אייביקן וויי־געשריי קעגן גאָט און מענטשן, איז פּלוצים צוריק־געקומען צו אַזאַ ליכטיקן ברעג, צו אַזאַ געהויבענער באַרוטקייט, צו אַזאַ געטלעכער שטילקייט... עס האָט אויסגעזען אַזוי אומרעאַל, ווי אין אַ חלום, און וועלנדיק דאָס טיפער באַגרייפן, איז אים דאָס האַרץ פאַר־חלשט געוואָרן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט זיך אויפכאַפּן פון דעם דאָזיקן חלום... נאָר אָט האָט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, פון ערגעץ אַ נאָענטן ווינקל, מיט אַ מאָל זיך אַריינגעריסן אַ יאָמערלעך גרילצנדיק רעווען, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די פאַרגליווערטע לופט: דאָס האָט פון שלאָף זיך צעיאָכמערט אַן אייזל מיט טיף־פאַרבענקטע מידבר־טענער, וואָס זענען פון אָנהייב געגאַנגען העכער און העכער, געשפּאָלטן דעם הימל, נאָר באַלד האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן און אַראָפּ־געלאָזט נידעריקער און נידעריקער, ווי אין מאַכטלאָזן געבעט, ביז זיי

זענען אָפּגעשטאָרבן, פאַרשלונגען געוואָרן אין דער טיפער ליכטיקער שטילקייט. מנוחין האָט אויפגעציטערט: ווי קאַמיש דאָס איז ניט געווען פאַר אים אַליין, האָט ער אין דעם נאַכטיקן געוויין פונעם אייזל ווי דערהערט אַן אָפּקלאַנג פון זיין אייגענער אויפגערודערטער נשמה, פון זיין אַלטן יידישן טרויער, וואָס קלאַמערט זיך דאָ אין האָפענונג ביים ניי געפונענעם ברעג...

— ווי געפעלט אייך אונדזער נאַכט־מוזיק אין ארץ־ישראל, דאָקטאָר מנוחין? — האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ פריש מונטער קול אין ברייטלעך־שפּאַטישן טאָן.

מנוחין האָט זיך אומגעקוקט. פון האָטעל, וואָס איז געשלאָפן מיט אַלע זיינע פאַרמאַכטע לאָדנס און איז געווען שוואַך באַלויכטן נאָר אונטן, ביים אַריינגאַנג, האָט זיך צו אים דערנעענט דער באַלעבאָס, אדון שדה־לבן. ער איז געגאַנגען מיט אַן אָפּגעדעקטן שטראַלנדיקן שאַרבן אונטערן ליכט פון דער לבנה און מיט אַ פאַרטיקן שמייכל, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן מיט אַ זילבערנעם גלאַנץ פון די עטלעכע גאָלדענע ציין ביי אים אין מויל. הינטער אים, אַ ביסל אָפּגעטראָטן אָן דער זייט פון דרך־ארץ ווענן, האָט זיך שטיל געגנבעט, ווי אַ שאָטן, דאָס תימנער בחורל סעדיה, וואָס האָט איצט, אין זיין ווייסן רעקל מיט די שוואַרצע הויזן, אויסגעזען ניט ווי ער גייט, נאָר ווי ער שווימט.

— מעג איך אייך דאָ איבערשלאָגן אינמיטן שמונה־עשרה, דאָקטאָר? — האָט שדה־לבן, צוקומענדיק, אַ פרעג געטאָן פאַמיליער, שוין ווי אַן אַלטער באַקאַנטער, דערצו מיט אַ באַזונדערער אויפגעלייגטקייט פון אַ וואַכיקן נאַכט־מענטשן, וואָס איז גערן אַ ביסל צו שמועסן. — איך זע, איר שטייט דאָ און באַוווּנדערט אונדזער נאַטור, אונדזערע שיינע נעכט אין ארץ־ישראל. איר קלייבט התפעלות, אַיאָ?... די ערשטע צייט, אַז איך בין אַהער אָנגעקומען, בין איך אויך געווען אַזוי נאַאיוו ווי איר, שיר ניט אַראָפּ פונעם זינען פון אַזאַ יופי... איך האָב געמיינט — איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטן... נאָר איצט בין איך קליגער געוואָרן. איך האָב מיך אַרומגעזען, אַז ס'איז נאַרישקייט, מיר דאַרפן דאָס ניט...

— וואָס הייסט, מיר דאַרפן דאָס ניט? — האָט מנוחין געפרעגט, אַ ביסל אומצופרידן פון דעם בעל־אכסניהס צו־פאַמיליערן טאָן, און אַ ביסל ווערנדיק טשיקאַווע אויף זיינע רייד.

— מיר דאַרפן דאָס ניט! — האָט שדה־לבן איבערגעחזרט זיינע

ווערטער שאַרפער. — מיר, יידן, דאַרפן ניט קיין שיינקייט! מיר פאַר־שטייען דאָס אפשר מיטן שׂכל, נאָר דאַרפן באַדאַרפן מיר דאָס אויף ניין־און־ניינציק כּפּרות — מיר קאָנען, ברוך־השם, אויסלעבן אונדזער וועלטל אָן דעם אויך!... רעדן פון שיינקייט וועלן מיר אייך רעדן וויפל איר ווילט, אויף דעם זענען מיר די גרעסטע ספּעציאַליסטן, נאָר עפּעס טאָן פאַר דעם, צולייגן אַ האַנט — חלילה!... איר ווילט אַ ביישפּיל? אָט האָט איר אַ ביישפּיל אונטער דער נאָז. נעמט טאַקע אונדזער ברעג ים, ווו איר שטייט שוין אפשר אַ האַלבע שעה ביחידות און קאָנט פון אים ניט אָפּרייסן די אויגן — איך האָב געזען, איך בין אַ גוטער שפּיאָן... איז וויפל, מיינט איר, האָט מען שוין גערעדט ביי אונדז, געפּלאַפּלט מיט די צינגער, געסקריפּעט מיט די פּענעס, געשריבן אין אַלע בלעטער, באַרימט זיך פאַר אויסלאַנד, פאַר יידן און פאַר גויִים, אַז מיר וועלן דאָ איבערקערן וועלטן, מאַכן פון תּל־אביב אַ צאַצקע, אַ צווייטע ניצע, אַ יידישע ריוויערע, אויסבויען אַ פּראָמענאַדע, מיט האָטעלן, מיט סאַ־נאַטאָריעס, מיט גרינע אַלייעס, מיט שפּיל־פּלעצער פאַר טעניס — עפּעס אַ קלייניקייט? וואָסי, מיר ווייסן דען ניט, וואָס שיינקייט איז, וואָס הייסט אַ שיינע שטאָט ביים ים, מיט גרינע פּאַרקן, מיט שפּריצנדיקע פאָנטאַנען? מיר ווייסן!... מיר רעדן דערפון שוין צען יאָר זייער גע־שמאַק!... נו? לאָמיך שוין זען אַמאָל כאָטש אָן אָנהייב פון גרינע אַלייעס, כאָטש אַ פּיצל שאָטן אונטער דער ברענענדיקער זון — עס קומען דאָך צו פאָרן אַהער נאַאיווע אַמעריקאַנער טוריסטן, וואָס האָבן ליב די שיינקייט פון נאַטור!... ווען איך בוי דאָ ניט אויס אָט דאָס האָטעלעכל, און פאַר־פלאַנץ ניט ביי מיר אין הויף אָט די פּאַלמעס, און לייג דאָ ניט אויס אָט דעם טראָטואַר, וואָלטן תּל־אביבער חתנים מיט כּלות נאָך עד־היום שבת אויפן שפּאַציר געקראָכן ביז די קני אין זאַמד...

— אַזאַ מעשׂה? — האָט מנוחין אַ זאָג געטאָן ווי אַנטוישט פון דער ווענדונג, וועלכע דאָס געשפּרעך נעמט־אָן. — ס'איז שוין מסתּמא שפּעט?

— באַלד צוויי, — האָט שׂדה־לבן געזאָגט מיט פּאַרדראָס, וואָס זיין צוהערער האָט אים איבערגעשלאָגן מיט אַ זייטיקן, אומוויכטיקן ענין.

— און איר ווילט גאָרניט שלאָפן?

— איך שלאָפן? — האָט שׂדה־לבן זיך אָנגערופן מיט שפּאָט. — איך שלאָף ניט! איידער איך בין זיכער, אַז אַלע מיינע געסט געפינען זיך ביי זיך אין די צימערן, גיי איך ניט אַרויף אויף מיין געלעגער!...

— אויב אַזוי, — האָט מנוחין געזאָגט, — בין איך אפשר אַייער לעצטער גאַסט, וואָס לאָזט אַייך ניט גיין שלאָפן?

— גאָט באַהיט, איך טראַכט גאָרניט פון שלאָפן גיין! ווער קאָן שלאָפן, ווען אינדרויסן איז אַזאַ נאַכט?... אדרבה, איך בין העכסט צו־פרידן צו שטיין דאָ מיט אַזאַ מענטשן ווי איר און אַ ביסל רעדן... איר פאַרשטייט? — האָט ער זיך אומגעקערט צו דעם אָנגעהויבענעם גע־שפּרעך. — ביי אונדז, יידן, איז מען גרויסע בעריעס נאָר אויף רעדן!... אָט האָט מען אַייך מסתמא אָנגערעדט היינטיקן אָוונט אויף אַייער באַנקעט פולע אויערן מיט רייד, געהאַלטן שיינע דרשות... איר מיינט, איך בין אויף אַייער באַנקעט ניט געווען געלאַדן גלייך מיט אַלעמען? דאָקטאָר שיינין האָט מיר אָנגעטאָן דעם כבוד און מיך אויך איינגע־לאַדן — איך בין פונקט אַזאַ שיינער באַלעבאָס, ווי אַלע תל־אביבער באַלעבאַטים, און העלף בויען דאָס לאַנד אפשר מער פון אַנדערע. נאָר איך גיי ניט אויף באַנקעטן. איך גיי ניט אַהין, וווּ מען רעדט! שיקן בלומען אַייער שוועסטער — אָך, מיטן גרעסטן כבוד! אָבער גיין הערן, ווי אַזוי חבר דאָקטאָר באַרנבוים דרשנט פּראָלעטאַריש־בורזשואַזע דרשות, און ווי אַזוי אדון פּדהצור מיט דער אויסגעפּוצטער פראַנצויזישער באָרד זאָגט וויצן — דאָס וועט איר ביי מיר ניט פּועלן! איך קאָן אַליין זאָגן וויצן!...

— איך זע שוין, — האָט מנוחין באַמערקט מיט אַ שמייכל, — אַז איר קאָנט זאָגן וויצן.

— מיינע וויצן, ליבער פריינד, — האָט צו אים שדה־לבן שטרענג אַ מאַך געטאָן מיטן פינגער, — זענען ניט סתם וויצן — זיי קאָסטן מיך בלוט!... איר ווילט הערן מיינעם אַ וויץ? אַז די געסט ביי מיר אין האָטעל שטייען צו מיר צו, איך זאָל זיי וויזן די תל־אביבער פּראָ־מענאַדע, פיר איך זיי צו ביי דער האַנט אָט אַהערצו אָ... גיט אַקאָרשט אַייער האַנט — האָט קיין מורא ניט, גיט, גיט!... איר זעט אָט דאָס דאָזיקע געלע מרחצל מיטן שוואַרצן פאַרקאָפּטשעטן קוימענדל, וואָס פאַר־שטעלט אונדז די ליכטיקע וועלט? דאָס האָט מען אונדז דערווייל אויס־געבויט אַ מוסטער פון דער צוקינפטיקער תל־אביבער ריוויערע. אם ירצה השם, מאָרגן פרי, וועט מען אַיינהייצן דעם אויוון אין מרחץ, וועט איר זען, ווי אַזוי דאָס שוואַרצע קוימענדל וועט נעמען רויכערן, שיסן מיט סאַזשע פונקט אויף די ווייסע זיידענע קאָפּטלעך פון מיינע אַמעריקאַנער טוריסטקעס.

— איר ווייסט, אדון שדה־לבן? — האָט מנוחין געזאָגט. — מיר דאַכט, אַז איר זענט אַ שלעכטער בעל־אכסניה.

— פאַרוואָס דאָקטאָר?

— איר רעדט שלעכטס אויף ארץ־ישראל און וועט דערמיט פאַר־טרייבן אַייערע געסט פונעם לאַנד.

— איך רעד שלעכטס אויף ארץ־ישראל? — האָט שדה־לבן אויס־געררופן מיט האַרץ. — זאָל מיך גאָט שטראָפן, אויב איך האָב דערביי אַ שלעכטע כוונה!... וואָס הייסט, איך רעד שלעכטס? קאָן מען דען רעדן שלעכטס אויף אַזאַ טייער, איין־און־איינציק לאַנד ביי יידן? איר האָט דען פאַר אונדז עפּעס אַ סך לענדער אַזעלכע? איר האָט שוין ערגעץ געזען אויף דער גאַנצער וועלט אָט אַזאַ נאַכט, מיט אַזאַ ים, מיט אַזאַ לבנה, מיט אַזאַ פּראָמענאַדע אין דער צוקונפט, פון וועלכע מע קאָן משוגע ווערן?... וואָס טוסטו דאָ? — האָט ער זיך פלוצים צעשריען אויף סעדיהן, וועלכער איז געשטאַנען הינטער אים אַ פאַרטאַיעטער און זיך געהויקערט אין זיין ווייסן לאַקעיאישן רעקל.

— גאָרנישט, אדון. איך שטיי און הער ווי דו רעדסט... — האָט סעדיה געזאָגט מיט אַ שמייכל, דערביי פרום־כיטרע אַ בליץ געטאָן אויף מנוחינען אין דער נאַכטיקער לבנה־שיין מיט אַ בלווילעכן פייערל פון די גרויסע שוואַרצע אויגן.

— ער פאַרשטייט דען יידיש? — האָט זיך מנוחין געוווּנדערט.

— ער לערנט זיך פון מיר! — האָט שדה־לבן געזאָגט. — ער לערנט זיך, ווי אַזוי צו זיין אַ בעל־אכסניה אין תל־אביב... ער היט מיר די טריט, וואַקסט נאָך מיר אַ קאָנקורענט!... גיי שלאָפן, ס'איז שוין צוויי אַזייגער!... האָסט שוין אָפּגעפּוצט אַלע שיך פון די געסט?

— אַלע, אדון, ביז איינעם!

— ניט פאַרביטן ביי די טירן קיין מאַנסבילשע שיך אויף ווייבערשע?

— חלילה, אדון, וואָס רעדסטו? — האָט סעדיה אַ בליץ געטאָן מיטן נאַכטיקן בלווילעכן פייערל פון זיינע אויגן. — איך פאַרבייט שוין מער ניט קיין שיך! זאָל מיך גאָט היטן!...

— אויב אַזוי, קאָנסטו שוין גיין שלאָפן... ניין, וואַרט! וועסט פריער אָפּפּוצן דעם דאָקטאָרס שיך!

— ס'איז ניט נייטיק. איך האָב שוין היינט מיינע שיך געפּוצט, — האָט מנוחין זיך אָנגערופן, דערמאָנט זיך דערביי מיט אַ ליכטיקן געפיל

אָן יענעם תימנער שטיוול־פּוצער, מיט וועמען ער האָט זיך באַקענט אין שטאָט.

— נו ביסטו פריי. זאָג „שלום" און גיי שלאָפן. מאַרש! — האָט שדה־לבן אַ קאָמאַנדעווע געטאָן.

סעדיה האָט געפאָלגט, געזאָגט „שלום" און זיך געלאָזט לויפן לעבעדיק, ווי אַ יונג לאָשעקל, צום האָטעל.

— העי, דו! — האָט אים דער באַלעבאָס נאָכגעשריען. — פאַרגעס דאָרטן ניט צו לייענען קריאת־שמע!

— חלילה, אדון! איך וועל אַזאַ זאַך ניט פאַרגעסן! זאָל מיך גאָט היטן!... — האָט אים סעדיה צוריקגעשריען זייער פריילעך.

— אַלצדינג דאַרף איך טראָגן אויף מיין קאָפּ! — האָט שדה־לבן געזאָגט צו מנוחינען מיט אַ צופרידענעם זיפץ פון אַ מענטשן, וואָס איז יוצא קעגן דער גאַנצער וועלט. — איך אַליין האָב שוין לאַנג פאַרגעסן אפילו, ווי אַזוי קריאת־שמע הייבט זיך אָן, נאָר סעדיהס קריאת־שמע לייענען מוז איך אָפּהיטן אַלע נאַכט. איר מיינט, איך טו דאָס, חלילה, פון מצוה וועגן? ס'איז ביי אונדז אַזאַ פּונקט אין קאָנטראַקט! דער פאָטער זיינער, איידער ער האָט אים באַשטעלט ביי מיר פאַר אַ משרת, האָט מיט מיר אויסגענומען אַ בפירושן תנאי, אַז איך מוז השגחה געבן, סעדיה זאָל דריי מאָל אַ טאָג דאַווענען, זאָגן אַלע אינדערפרי נאָך שחרית אַ פּרשה „זוהר", און ביינאַכט פאַרן שלאָף לייענען קריאת־שמע. איר וואָלט זיך געמאָגט פאַרגינען אָנקוקן סעדיהס טאַטן, אַ קליין יידעלע מיט אַ צאַפּן־בערדעלע! אַליין איז ער אַ פּראָסטער טרעגער, האָרעוועט נעבאַך ווי אַן אייזל, דאַרף צושטעלן ברויט צו אַ געזינד פון ניין קליינע קינדער, קיין עין־הרע, איינס קלענער פונעם אַנדערן. נאָר אַ פּנים האָט ער אָן אויסגעשפּילטס, אַ פרומס און אַ פאַרטראַכטס, און שטרענג, די ערלעכקייט אַליין, זעט־אויס ווי אַ פאַרצייטיקער תלמיד־חכם פון פומ־בדיתא, ווי אַ רבי יוחנן הסנדלר, צי אַ רבי יצחק נפחא, אַ טייער יידעלע, אַ ברכה צו מאַכן אויף אים... צוליב אַזעלכע יידן אַליין טאָר מען שוין קיין שלעכטס ניט רעדן אויף ארץ־ישראל!...

קאַפּיטל דרייסיק

## דין־וחשבון

ווי מיד מנוחין איז ניט געווען, האָט ער די ערשטע נאַכט אין ארץ־ישראל לאַנג ניט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן. אַרויפגייענדיק אויפן געלעגער, האָט ער, ווי אַלע מאָל ביי אויסערגעוויינלעכע איבערלעבונגען, זיך געפּרוּווט אָפּגעבן דין־וחשבון פון דעם פאַרגאַנגענעם טאָג. דאָס איז ביי אים געווען אַן אַלטע געוואוינהייט, וועלכע ער האָט איבערגענומען בירושה, דורך דעם פאַטערס הדרכה, פון זיין זיידן דעם רב, דעם באַרימטן בעל־מידות און מוסרניק. היינט זענען אָבער די איבערלעבונגען פאַרן טאָג געווען אַזוי פיל און אַזוי ניי, אַזוי שאַרף אָפּגעטיילט פון זיין פריערדיקן לעבן, און יעדע איינע פון זיי איז געווען פאַרוויקלט אין אַזעלכע אומ־געריכטע קאָמפּליצירטע פילונגען און פאָרשטעלונגען, אַז ער האָט זיי בשום אופן ניט געקאָנט ברענגען צו אַ קלאָרן, באַשטימטן סך־הכל. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט היינט דורכגעלעבט ניט אַ טאָג, נאָר אַ שטיק לעבן, אַן אָנהייב פון אַ נייעם ווונדערלעכן לעבן, וואָס האָט זיך גלייך צעשטראַלט מיט אַזאַ יונגן און שטאַרקן ליכט, אַז עס האָט אינגאַנצן פאַרטונקלט די אַלטע אָפּגעלעבטע פאַרגאַנגענהייט, פאַר־שטופּט זי אין אַ ווייטן פאַרשאָטנטן ווינקל, ווי אַן אָפּגעניצטע, אומ־נייטיקע זאַך. איינס האָט מנוחין געוווּסט קלאָר: אַז ער וועט צוריק קיין ניו־יאָרק, צו דער גרויער וואָכעדיקייט פון זיין ביז־אַהעריקער עקזיסטענץ, זיך ניט קאָנען אומקערן מער. ער וועט שוין דאָ בלייבן. „פה תהיה קבורתי" (דאָ וועט זיין מיין קבר), — האָט ער אַ טראַכט געטאָן שוין אויף העברעאיש מיט אַ שמייכל. נאָר באַלד נאָכן שמייכל האָט אים אַ ציטער געטאָן דאָס האַרץ: ער האָט זיך דערמאָנט אַן זיין חלום אויף דער שיף, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער בשורה וועגן זיין טויט. ער האָט אָבער דערפון איצט ניט געוואָלט טראַכטן. עס האָט זיך אים בעסער געוואָלט טראַכטן פון דעם, ווי אַזוי זיין ניי לעבן וועט דאָ איינגעאָרדנט ווערן: צי וועט ער ווייטער אָנגיין מיט זיין מעדיציני־שער פּראַקטיק, אָדער ער וועט זיך אפשר איינפלאַנצן אויפן לאַנד, אויף

דער נחלה, וואָס ער האָט געקויפט דורך שייניס פּאַרמיטלונג, און דאָרט זיך ווידער פאַרקניפּן מיט די איבערגעריסענע ליטעראַרישע חלומות פון זיין יוגנט, וואָס ווען איצט באַקומען אַ נייע באַפּרוכפּערטע ווענדונג? געצויגן האָט אים מער צו דער צווייטער מעגלעכקייט, און ער האָט זיך שוין פאָרגעשטעלט אין געדאַנק, ווי אַזוי ער וועט זיינע קומענדיקע יאָרן פאַרברענגען אין פּאַרטיפּטער גייסטיקער אַרבעט, אין אַ שטילן זוניקן ווינקל, באַגרינט מיט פּאָמעראַנצן־ביימער, ערגעץ אין אַ שאָטנדיקן געסל פון דער יונגער קאָלאָניע שאננה. ער האָט זיך דאָרט געזען צוזאַמען מיט יהודיתן, זיין צוקינפטיק ווייב. דער געדאַנק, אַז יהודית האָט זיך אַזוי פּלוצים אָנגעצונדן מיט באַגייסטערונג פאַר ארץ־ישראל, האָט באַרוישט זיין האַרץ מיט נייעם גליק, פאַרטריבן אַלע ספקות, צוגעגעבן זייער פאַרשטייענדיקן צוזאַמענלעבן אַ נייעם טיפן זינען, נייע גוטע דערוואַרטונגען. „הכלל, — האָט ער איראָניזירט וועגן זיך — דאָס וועט זיין די אמתע אידיליע, אַ מאַטעריעלע און אַ גייסטיקע צוזאַמען"... פון דעסטוועגן האָט ער די אידיליע ניט אָפּגעלאָזט און געקוויקט זיך מיט איר אַ היפּשע ווײַלע.

ער האָט אָבער פאָרט געוואָלט ברענגען אין אָרדענונג זיינע מחשבות, אויסקלייבן פון דעם ווירוואַר פון זיינע היינטיקע איינדרוקן דאָס סאַמע וויכטיקע, וואָס האָט ביי אים אויפגעוועקט אַזאַ פריידיקע שטימונג, וואָס האָט אים גלייך אָוועקגעשטעלט אויף אַ ליכטיקן וועג און געמאַכט זיינע טריט אַזוי לייכט און האָפערדיק. מיט וואָס, אייגנטלעך, האָט זיך עס אָנגעהויבן?... אָנגעהויבן האָט זיך עס דערמיט, וואָס ער איז היינט פאַרטאָג, נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט אין דער שיף־קאַבינע, אַרויף אויפן דעק און געטראָפן אין דער פינצטער דעם איינזאַמען עמוסן... אַך, עמוס! אָט דאָס טשיקאַווע אַמעריקאַנער בחורל מיטן בלייכן אָנגעכמורעטן פנים איז פאַר אים געוואָרן ווי אַ מין וועג־ווייזער, נאָך וועמען ער פאָלגט־נאָך מיט אַן אומרואיקן האַרצן, פונקט ווי ער וואָלט אין אים וועלן איבערלעבן אַ צווייטן מאָל זיין יוגנט ביי אַזעלכע נייע, פאַרכאַפּנדיקע אומשטענדן... און ווי רירנד ער איז היינט געווען אין זיין טרויעריקער ייִנגלשער איינזאַמקייט, אין זיין שטיין מיטן פנים צו די וויסטע פינצטערע בערג פון ארץ־ישראל, ווי אַ יונגער אומזיכערער משיח!... דער לערער צעדערבוים האָט אים שוין דערציילט בסוד, אַז אָט דער עמוס טראָגט זיך אום מיט „הייליקע" קינדערשע חלומות וועגן

יידישער אויסלייזונג... ווי אַזוי אַזעלכע חלומות האָבן פאַרבלאָנזעט צו אַן אויסגעוואָרצלטן יידישן יינגל ערגעץ אין דער ווייטער פרעמדער וועסט פון די פאַראייניקטע שטאַטן — אָט דאָס איז דער ווונדער פון היינטיקע צייטן!... עס שרעקט אים נאָר דאָס האַרץ, צי וועט ער דאָרט אין עמק, אינעם שווערן און באַגרענעצטן חלוצים־לעבן, ניט אַנטוישט ווערן? די חלוצים, מיט זייער גאַנצן געהויבענעם אידעאַליזם, שיינען צו זיין אַ ניכטער פאָלק, וואָס גייען צו דער גאולה פּאַמעלעך, פּויעריש, טריט ביי טריט, ווי דער אַרבעטער־פירער האָט זיך היינט אינאָוונט אויסגעדריקט. ווי אַזוי־זשע וועט דאָרט עמוס פליען אין די הויכע הימ־לען? צי וועט ער ניט גיך אַראָפּפאַלן?... ער איז אָבער נאָך זייער יונג און לייכט — ער וועט פאַלן און אויפשטיין, און וועט געפינען אַנדערע וועגן, וואָס זענען דאָ פאַר אים אַלע אָפן, פירן צו איין ליכטיקן פּונקט. ניט אַזוי ווי ער, וואָס איז שוין אַ שווערער פאַרשוין, באַלאָדן מיט יאָרן, מיט צווייפל, מיט אַלטע געשטרויכלטע אַמביציעס. ער טאָר שוין מער ניט פאַלן. אויב ער וועט דאָ פאַלן, וועט ער ברעכן האַלדז־און־נאַקן... איז ער טאַקע שוין אַזוי אַלט? ער האָט דאָך, אייגנטלעך, נאָך גאָרניט געלעבט!... אַנומלטן איז יהודית אויף אים שטאַרק אויפגעבראַכט גע־וואָרן, למאַי ער האָט זיך אַליין אָנגערופן „אַלטער בחור"... וואָס פאַר אַ רייץ האָט אין אים יהודית געפונען, וואָס זי איז גרייט אַזוי גערן צו באַהעפטן איר יונג לעבן מיט זיינעם?... זי איז נאָך אַלץ פאַר אים אַ פיינלעכע רעטעניש. ער ווייסט נאָך אַלץ ניט, פון וואַנען זי קומט, וואָס פאַר אַ וועג זי איז ביז אַהער דורכגעגאַנגען; צי האָט זי געהאַט אַן אַנדערן פאַר אים?... ער האָט מורא דערפון צו טראַכטן, נאָר ער טראַכט פאָרט. ניין, מע דאַרף דערווייל דערפון ניט טראַכטן!... ער איז מאָרגן איינגעלאַדן צו איר ברודער אויף מיטאָג. דאָס וועט זיין אַ מין אָפיציעלער חתן־וויזיט. מע וועט אפשר אינגיכן אָנהייבן רעדן פון דער חתונה — וועט די זאַך מוזן פריער אָדער שפּעטער קלאָר ווערן... און עס וועט זיך מסתמא אַרויסווייזן, אַז ס'איז ניט אַזוי שרעקלעך, ווי זיין פאַרדאַרבענע פאַנטאַזיע מאָלט אים... יהודית ווייסט נאָך ניט, ווי פאַרדאָרבן ער איז אין די געדאַנקען... זי האָט ערשט נעכטן אים אַ זאָג געטאָן, אַז זי האָט ליב צו קוקן אויף אים בשעת ער איז פאַרטראַכט — ער זעט דעמאָלט אויס אַזוי יונג און אומשולדיק, ווי אַ קינד... אפשר איז דאָס דער רייץ, וואָס זי האָט אין אים געפונען?... אויב אַזוי, איז דאָך

עס אַ טעות!... ס'איז ביי אים נאָר אַזאַ מאַסקע. די מאַסקע איז ניט קיין אַרויפגעצוואונגענע — זי איז כמעט ווי געבוירן מיט אים. מענטשן פון זיין מין, וואָס באַהערשן זייערע אינסטינקטן, ווערן, אַפּנים, געבוירן מיט אַ מאַסקע. אָבער אונטער דער מאַסקע ברענען די אינסטינקטן אין אַ העליש פייער...

נאָר וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם ווייטערדיקן גאַנג פונעם טאָג? — האָט זיך מנוחין דערמאָנט, אַז ער וויל מאַכן אַ סך־הכל פון דעם, וואָס ער האָט היינט דורכגעלעבט. — ווייטער איז אויפגעגאַנגען די זון פון הינטער די כרמל־בערג און האָט באַגאָסן דעם גאַנצן טאָג מיט ליכט און מיט פרייד... „אונדזער זון איז אויפגעגאַנגען!" — האָט דער נאַאיווער צעדערבוים באַצייכנט דעם הערלעכן מאָמענט און זיך צעוויינט פון גליק. מערקווירדיק, ווי אַזוי די גוטע, גלויביקע פאָלקס־מענטשן געפינען גלייך דעם ריכטיקן אויסדרוק פאַר די סאַמע פאַר־וויקלטע געפילן. איינפאַך און געטלעך!... ער איז אַזוי אמתדיק און באַגלויבט, דער ליבער, נאַאיווער „ארז הלבנון", אין זיין אומדערשעפּ־לעכער באַגייסטערונג, אַז ער פּילט־אָן יעדע פּוסטע פראַזע און יעדע אויסגעדראָשענע מליצה מיט טיפזיניקן אינהאַלט, און ווי פּאַטערלעך־האַר־ציק ער טיילט זיך דערמיט חלק כחלק מיט זיין קליינער טאָכטער שולמית! ער וועט זיין דער גליקלעכסטער מענטש דאָ אין לאַנד... אויב ארץ־ישראל און די העברעאישע שפּראַך זענען אויפגעריכט געוואָרן נאָר פאַר אַזעלכע ווי ער, איז שוין דיינו! זיי זענען די בעסטע טרעגער און די געטרייסטע אַפּהיטער פון דעם פאָלקס אינטימע געפילן און בענק־שאַפטן. זייער נאַאיוויטעט איז ליב און זייער נאַרישקייט איז פול מיט חכמה. דערצו זענען זיי מילד און ברייטהאַרציק — אַ זעלטענע מעלה ביי די קינדער פון דעם איבערגעשפּיצטן, פאַרביטערטן פאָלק... ער אַליין קאָן ראַבינאָטשיקן ניט פאַרגינען אַפילו זיין נאַרישקייט, און פאַר צעדער־בוימען איז יענער אַ גרויסער לערער. ראַבינאָטשיקס באַנאַלע תורה באַ־קומט אין זיין מילדן ערלעכן האַרצן אַ געטלעכן אָפּקלאַנג... און דעם אָרעמען אישטוב, שוין דערפאַר אַליין, וואָס ער זיצט אין ארץ־ישראל און הייסט „אישטוב", האָט ער גלייך פּראָקלאַמירט פאַר אַ גוטן מענ־טשן — „כשמו כן הוא" (אַזוי ווי זיין נאָמען, אַזוי איז ער)... און ס'איז, דאַכט זיך, ניט ווייט פונעם אמת. אישטוב איז אפשר גאָרניט אַזוי שלעכט, ווי ער ווייזט זיך אויס. ער איז אויך פון די, וואָס זענען געבוירן גע־

וואָרן מיט אַ מאַסקע אויפן פּנים — נאָר מיט אַ פּאַרקערטער. די מאַסקע ביי אים איז ניט קיין אָנגענעמע, נאָר אונטער איר באַוועגן זיך געוויס גוטע, אָנגענעמע געפילן, וואָס אויף זיין שפּראַך הייסן זיי „פּרינציפּן״. ער האָט דעם גאַנצן אָונט אויסגעזען זייער קאָמיש, אָבער אויך מאָדנע רירנד אין זיין באַשיידענער, צוריקגעצויגענער האַלטונג, אין זיין שמאָלן, אָפּגעניצטן, נאָר ריין־אויסגעבערשטלטן שבתדיקן סורדוט... מע טאָר אַ מענטשן ניט פאַרמשפּטן פון דעם ערשטן קוק... ער איז שוין נייגעריק צו הערן זיין פּלאַן, מיט וועלכן ער וויל פאַרבינדן דעם נאָמען פון דעם אומגעקומענעם זון. אויב עס גייט נאָר אין געלט, וועט ער אים, לויט זיין מעגלעכקייט, ניט אָפּזאָגן. הגם איצט איז ער שוין מער ניט דער איינציקער באַלעבאָס אויף זיין געלט — עס געהערט אויך צו יהודיתן, וועמען ער וויל פאַרשאַפן אַ רואיק באַקוועם לעבן... נאָר אָט האָט איינער פון די געסט, דער פּדהצור, אים ערשט געזאָגט, אַז ער מעג זיך דאָ רעכענען אין ארץ־ישראל פאַר אַ היפּשן קאַפּיטאַליסט — די נחלה, וואָס ער האָט געקויפט דורך שייניגען, איז איצט ווערט צוויי מאָל אַזויפיל, ווי ער האָט פאַר איר באַצאָלט. הייסט עס, אַז ער איז אין ארץ־ישראל גאָר רייך געוואָרן, ניט ווילנדיק געוואָרן איינער פון די היגע ספּעקולאַנטן!... ווי זי האָט זיך עס איבערגעשראָקן, די שוועסטער נעבאַך, פון דעם נאָמען „ספּעקולאַנט״, וואָס האָט זיך ביי איר אַרויסגעכאַפּט פון כעס אויפן מאַן!... נאָר איצט דאַכט זיך אים שוין אויס, אַז די אמתע סוחרטע, די ספּעקולאַנטין, איז דווקא זי, די שוועסטער, ניט דער שוואָגער... זי איז, דאַכט זיך, די באַהאַלטענע טרייב־קראַפט פון זיינע געשעפטן... עס האָבן זיך ביי איר אַזוי ניט־שיין צעפלאַמט די באַקן, בשעת זי האָט דערהערט, אַז ער וועט ביי איר צוריק דעם חוב ניט נעמען!... און דווקא ער, דער שוואָגער אישטוב, האָט זיך צו דעם פאַרהאַלטן רואיק, מיט אמתער ווערדע, וועלכע ער האָט פאַרמאַסקירט מיט אַ פּרינציפּ פונעם פּרק... אויך צו די געסט האָט זיך דער אישטוב באַצויגן מיט אַ פיינער רואיקייט, כמעט מיט שטילער איראָניע, בעת זי, די שוועסטער, האָט געברענט, ווי אַ קליינשטעטלדיקע באַלעבאָסטע, געשמייכלט צו אַלעמען מיט חניפה, מיט הכנעה, געווען דאַנקבאַר די פיינע לייט פאַרן כבוד, וואָס מע האָט איר אָנגעטאָן... אין וועמען איז זי געראָטן?... ניט אין דעם פאָטערס רבנישער משפחה, וואָס האָט זיך געלייטערט אין אָרעמקייט, אין עניוות, אין הויכע מידות, נאָר מסתמא אין דער מוטערס קרובים,

די רייכע הענדלער, וואָס האָבן זיך דורות־לאַנג געדרייט אַרום די פּרי־ציזשע הויפן... זי האָט אים דאָ הינטער די אויגן שיר ניט פאַרקויפט פאַר אַן אײדעם צו אָט דער רייכער ײדענע מיטן גאָלדענעם לאָרנעט. קיין העכערע השגחה האָט זי פאַר אים ניט געהאַט, נאָר אַן איבערגעוואַקסענע כלה מיט פעטע פליישיקע פּלייצעס, וואָס רעדט נאָך, צו אַלע גליקן, אינעם הייליקן לאַנד ענגליש מיט פאַרגעניגן. „וואַי נאָט״?... וואָס וועט זי שוין נעבאָך זאָגן, אסתרל, אַז ער וועט פלוצים חתונה האָבן מיט אַזאַ יונגער פּראַכט, ווי יהודית, צו וועלכער אין תל־אביב איז געוויס קיין גלייכן ניט פאַראַן?... פון דעסטוועגן דאַרף ער וועגן זיין שוועס־טער ניט טראַכטן אַזוי שלעכט — זי איז זיין איינציקע שוועסטער, מער האָט ער ניט אויף דער וועלט קיינעם, וואָס זאָל אים אַזוי נאָענט זיין דורך בלוט... פון די קינדערשע יאָרן איז ביי אים פאַרט פאַרבליבן צו איר די סאַמע צערטלעכע געפילן, פון וועלכע עס ווערט אים אָפט ליכטיק אויף דער נשמה... און זי איז צו אים עד היום צערטלעך און שוועסטערלעך געטריי, זי איז אַזוי גליקלעך אויפגערודערט פון זיין קומען. זי איז בעסער פון אים... — זיצנדיק היינט אין וואַגאָן, האָט זי אויף אים אויפגעהויבן אויגן פול מיט טרערן, אין וועלכע ס׳איז געווען אי פאַרוואָרף פאַר די פאַרגעסענע גליקלעכע קינדער־יאָרן, אי טיפע ליבשאַפט און פאַרגעבונג פון אַ געטרייער אונטערטעניקער שוועס־טער... ווי האַרציק ווייך עס קלינגט ביי איר זיין קינדערשער נאָמען „סראָליקל״, בעת איר נאָמען „אסתרל״ רעדט ער אַרויס אומנאַטירלעך, ווי געצוווּנגען... און זי איז דאָך אַ מוטער פון קינדער — זי האָט, אַן אים, געענוג אויף איר וועלט... און דערצו אַ ליידנדיקע מוטער — דער טראַגישער טויט פון איר זון האָט זי געלייטערט און דערהויבן... וואָס ווייסט ער פון אַזעלכע פיינלעכע געפילן — ער, דער אַלטער פאַרטרי־קנטער בחור, דער אָפּגעפרעמדטער פון משפחה, וואָס האָט נאָר צו טאָן מיט זיך אַליין, גריבלט זיך נאָר אין זיין ענגן, פאַרשלאָסענעם, עגאָאיס־טישן וועלטל?... אָט האָט ער אירע קינדער אפילו קיין מתנות ניט גע־בראַכט. ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז אַן אַמעריקאַנער פעטער דאַרף ברענגען מתנות. אַפילו ניט דעם קליינעם שאָר־ישובלען... געקומען פון אַמעריקע אַ פעטער, פון וועלכן מע האָט אַזויפיל חידושים דערציילט, זיך געזעצט גלייך צום טיש עסן — און מער גאָרנישט!... ניט אומזיסט האָט אויף אים דער קליינער שטעכיקער „צאַבראַ״ געקוקט מיט אַזעלכע

אומפריינדלעכע אויגן... ניין, ער מוז מאַכן אַ סוף צו זיין פּאַרטריקנטער אַלט־בחורשער עקזיסטענץ, וואָס גיכער חתונה האָבן מיט יהודיתן, זיך צעפּענען ברייטער, האַרציקער, ליכטיקער, האָבן קינדער, זיך צעשפּראָצן דורך זיי מיט יונגע גרינע צווייגן אין דעם דאָזיקן נייעם לעבן, וואָס שפּראָצט אַזוי יונג און גרין אויפן אַלטן פּאַרטריקנטן ווונדערלעכן באָדן...

נו, און דאָס איז שוין אַלץ? — האָט מנוחין זיך ווייטער געפרעגט, פילנדיק, אַז עפּעס פעלט אים פון דעם פאַרגאַנגענעם טאָג — אַ זיסע ראָזינקע, וואָס ער האָט באַהאַלטן אין געדאַנק פאַרן שטילן נאַכטיקן גענוס. ער האָט גענומען זוכן אין זכרון, גענורעט דאָס פּנים אין קישן און זיך פלוצים דערמאָנט: דער תימנער שטיוול־פּוצער!... איצט האָט ער אים באַטראַכט פון דער נאָענט, זיך לאַנג געשפּיגלט אין זיין ריינעם, ערלעכן, רירנדן געשטאַלט, וואָס שטאַמט ערגעץ פון דער ווייט, פון פאַרצייטיקע כשרע דורות — פון פומבדיתא, ווי דער בעל־אכסניה האָט געזאָגט... און וואָס מער ער האָט פון אים געטראַכט, אַלץ טיפער איז געוואָרן זיין באַוווּנדערונג. אַפוואַלגערן זיך אין משך פון לאַנגע דורות ערגעץ אין אַ ווייטן אַזיאַטישן העק, „אין אַ הייל פון ווילדע חיות״, צווישן האַרדעס פינצטערע, אומוויסנדיקע, פאַנאַטישע פּראָים, אויסשטיין פון זיי אַלערליי געבראַטענע לייד, ביטערע פאַרפאַלגונגען און דערני־דערונגען, פירן אַ שווערן אוממענטשלעכן קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ, אַ שווערן געפּייניקטן אָרעמען לעבן, און דאָך אָפּהיטן אַזאַ פיין, אַלט־אַריסטאָקראַטיש פּנים, אַזאַ שטילע, איידעלע פאַרטראַכטקייט אין די טרויעריק־שמייכלענדיקע אויגן, אַזאַ גוטסקייט און אַזאַ האַרציקע ליבּ־שאַפט צו פאָלק און לאַנד — וויפל גייסטיקע גבורה, וויפל טיפע אמונה אין מענטשלעכער און געטלעכער גערעכטיקייט עס דאַרף ליגן באַ־האַלטן אין די טיפענישן פון דער דאָזיקער אויסגעלאַכטער און פאַר־שעמטער ראַסע! וויפל מוט מע קאָן דאָ שעפּן אין ביטערע טעג! אָט וווּ עס שטעקט דער „נצח ישראל״!...

— שלאָפן, שלאָפן! — האָט מנוחין זיך גענומען מונטערן, אַ דער־פרייטער און אַ באַרואיקטער, ווי ער וואָלט ענדלעך געפונען אַ שפּור צום גרויסן אוצר, נאָך וועלכן ער יאָגט זיך אַזוי לאַנג. ער האָט שוין צוויי נעכט ניט געשלאָפן, און מאָרגן דאַרף ער אויפשטיין אַ פרישער, אַ יונגער, צום ווונדערלעכן נייעם לעבן, וואָס ווערט זיך ליכטיק צעגיסן

פונעם הימל פון סאַמע באַגינען. ער איז געוועז מיד, אַלע איברים האָבן גענאָגט און געלעכצט נאָך רו, די אויגן האָבן זיך ווייטאָגדיק געקלעפּט נאָך דער זוניקער שפּע אין פאַרלויף פונעם טאָג. נאָר דער געדאַנק האָט זיך נאָך אַלץ געשפּיצט, געצונדן זיך, זיך ניט געלאָזט פאַרוויגן. אפשר זאָל ער גאָר לייענען קריאת־שמע, ווי דער תימנער סעדיה?... אָפּלייענען קריאת־שמע, ווי אין די ווייטע קינדער־יאָרן, און גלייך אַנשלאָפן ווערן... ער געדענקט דווקא יאָ, ווי אַזוי קריאת־שמע הייבט זיך אָן: „המפּיל חבלי שינה על עיני״... וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכע קינדערשע תפילה! וואָס פאַר אַ געטלעכע שפּראַך העברעאיש איז! „חבלי שינה״ — פעדים פון שלאָף, און אויך ווייען פון שלאָף... אָט קומען זיי, די זיידענע פעדים פון שלאָף, פאַרבינדן די מידע אויגן, פאַרוועבן זיי אין זיסע ווייען... שטאַרקער, שטאַרקער... זיסער, זיסער... „המפּיל חבלי שינה על עיני״... און אָט האָט די מאַמע שוין אויסגעלאָשן די לאָמפּ, אין חדר איז געוואָרן פינצטער, אַ געדיכטע, וואַרעמע, זיכערע פינצטערניש, און אַלץ איז פאַרזונקען אין טיפער רו.

נאָר ערגעץ גאָר אין דער ווייט, פון אַן אַנדער וועלט, האָט זיך ווידער געלאָזט טראָגן אַן אָפּקלאַנג פון צעיאָכמערטע, טיף־פאַרבענקטע מידבר־טענער, וואָס האָבן נאָך אַלץ ניט געפונען קיין טרייסט און קיין באַרואיקונג — דער אייזל האָט געוויינט זיין עלנט געוויין אין דער שטילקייט פון דער נאַכט...

קאַפּיטל איין און דרייסיק

## דער „סטאַראָסטאַ״ פון שאַננה

אויפן צווייטן טאָג האָט מנוחין געהאַט ביי זיך אין האָטעל אַן אָנפּלייץ פון באַזוכער, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן גלייך נאָך פרישטיק און ביסלעכווייז צוזאַמענגעשטעלט אַ גאַנץ געזעמל. דאָס איז געווען אַ געמיש פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, צווישן זיי גרויע און גרוי־ווערנדיקע קעפּ, אין וועלכע מנוחין האָט קוים דערקענט אַמאָליקע יונגעלייט, ישיבה־בחורים און משכּילים פון דעם היימישן ליטווישן ווינקל. זיי האָבן אַלע אויף אים געקוקט מיט פּראָווינציעלער באַוווּנ־

דערונג, אין וועלכער עס האָט זיך אָבער אויך געלאָזט פילן אַ גליק־זעליקער אויסדרוק פון דער אייגענער געהויבענער לאַגע: וואָס אָט קומען אַהער אַלע — אַפילו אַזאַ מענטש, ווי מנוחין, איז נאָך לאַנגע וואָגלענישן איבער דער גרויסער וועלט אויך צוגעקומען צו זייער ליכ־טיקן ברעג. מנוחינען איז באַזונדערס אָנגענעם געווען צו באַטראַכטן צווישן זיינע געסט די אָפּגעברענטע און דורכגעוואָרעמטע פּנימער, די באַשטעמפּלטע מיטן זוניקן שטעמפּל פונעם לאַנד. עס האָט פון זיי גע־אָטעמט מיט אַקלימאַטיזירטער באַרוטקייט, מיט פאַרוואָרצלטן גלויבן.

עס האָבן זיך דאָ אויך געפונען עטלעכע פון זיינע נעכטיקע נייע באַקאַנטע, אַזעלכע באַזאָרגטע לייט, ווי אדון פּדהצור און ד״ר באַרנבוים, וואָס האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען צו מאַכן אינמיטן וואָך אַ פרימאָרגנדיקן שפּאַציר צום ים. זייער לעצטע זאָרג איז איצט געווען — צו באַקומען ד״ר מנוחינען צו זיך אין די הייזער אויף אַ „טיי״. ד״ר באַרנבוים האָט דערצו נאָך געהאַט אַ ספּעציעלע שליחות: ער האָט געפּלאַנט מיטן גאַסט אַ נסיעה איבער די אַרבעטער־קבוצות אינעם „עמק״. אָט וועט זיך באַלד ענדיקן ביי אים אין פּרדס דער „קטיף״, וועט ער זיין גאָר אַ פרייער מענטש. צוויי עלטערע דאָקטוירים האָבן דאָ איינגעטענהט מיטן אַמעריקאַנער קאָלעגע אויף אַ פיינעם רוסיש, ער זאָל זיך לאָזן מאַכן אַ באַנקעט פון דעם תל־אביבער דאָקטוירים־פאַרבאַנד, וואָס וויל אים צוטיילן כבוד. צווישן די אַלע באַזוכער, וועלכע דער אויפגעראַמ־טער, גאַסטפריינדלעכער שדה־לבן האָט אויסגעזעצט אינדרויסן, אויף דער זוניקער ניי־געפּלאַסטערטער טעראַסע פונעם האָטעל, זענען אויך געווען אישטוב מיט זיין פרוי. ווי סאַמע נאָענטע מחותנים, מיט באַ־זונדערע קרובישע פּריווילעגיעס, האָבן זיי זיך געהאַלטן אַ ביסל דער־ווייטערט פון אַלעמען, מער געשוויגן ווי גערעדט, געהאַט עפּעס זייערס אין זינען, דערביי האָט ביי דער מאַדאַם אישטוב געברענט אַן אומגע־דולדיק פייערל אין די אויגן, און אויף אישטובס אומעטיקע באַקן האָט געבליט אַ שיטערע רויטקייט.

ס׳איז געשטאַנען אַ פרישער, קלאָרער, דורכזיכטיקער פרימאָרגן, וואָס האָט זיך צעשטראַלט און צעוואָרעמט נאָך מער ווי נעכטן, גע־שוועבט אום ווינטער צווישן פרילינג און זומער, געבלענדט די אויגן מיט זון און מיט ים. די צעקרישלטע ברוינע בייטן אינעם הויף האָבן, ווי איבער נאַכט, גענומען גרינען מיט אַן אויסשיט פון צאַרטן אויפ־

גייענדיקן גראָז, און די יונגע פאַרזעצטע פּאַלמעס האָבן דאַרשטיק געטרונקען פון זייערע פול־אָנגעגאָסענע גריבלעך מיט וואַסער. מנוחין אַליין, אַן אָפּגעפרעמדטער פאַר לאַנגע יאָרן פון געמיטלעכער געזעל־שאַפט, האָט זיך געפילט אומבאַקוועם און ניט איבעריק געשיקט אין דער ראָל פון אַ מענטשן, וואָס דאַרף אויפנעמען געסט. ער איז אָבער נאָך אַלץ געווען אין דער שטימונג פון יום־טובדיקער באַרוישטקייט. דאָ, אין ליכטיקן דרויסן, אונטערן הויכן פרילינג־הימל, ביים אָנזען פון יונגן שפּראָצנדיקן גראָז אויף צעאַקערטע בייטן, און אַרומגערינגלט פון אַ נייער וואַרעמער יידישער סביבה, האָט ער געהאַט דאָס זעלבע פריי־דיקע געפיל, ווי אַמאָל, אין די קינדער־יאָרן, — אַז דער יום־טוב הייבט זיך ערשט אָן, אַז נאָכן נעכטיקן סדר האָט אויפגעשיינט דער ערשטער טאָג פּסח.

אַז דער עולם האָט געהאַלטן אינמיטן געשפּרעך, האָט זיך באַוויזן אויף מיסטער צעדערבוים. ער איז געקומען ניט אַליין, נאָר מיט עפּעס אַן אומבאַקאַנטן פאַרשוין אין אַן אָפּגעריבענעם לעדערנעם זשאַקעט און אין טיפע גומענע שטיוול, אַ באַלאָדענער מיט פּעקלעך. דאָס איז געווען אַ זקן שוין אין די זיבעציקער, אַ קליינגעוויקסיקער, אַן אויסגעדאַרטער, ווייס ווי אַ טויב, נאָר געהאַלטן האָט ער זיך יונג, מיט פלינקע פריילעכע באַוועגונגען, און די קלאָרע, עטוואָס פאַרחידושטע אויגן ביי אים האָבן אויך געשמייכלט יונג און גליקלעך, ווי ביי אַ טשיקאַווען יינגל. ער האָט אָפּגעלייגט די פּעקלעך אויף אַ זייטיקן טישל און זיך אומגעקוקט אויפן פרעמדן געזעמל ליכטיק און וואַרעם, ווי איינער זאָגט: „כאָטש מיר זענען נאָך ניט באַקענט, קאָנען מיר אָט באַלד ווערן גוטע פריינד, אויב איר ווילט“...

— אָה, דאַכט זיך, חבר חנינא? — האָט אים ד״ר באַרנבוים דער־קענט. — שלום! ווי קומט איר אַהער?

— דאָס איז אונדזער ליבער און טייערער אדון חנינא! — האָט מיסטער צעדערבוים פאַרגעשטעלט דעם אַלטן מאַן פאַר מנוחינען גלייך אין הויכן, באַגייסטערטן טאָן. — דער ראש המועצה פון אונדזער קאָ־לאָניע, דער סיטי־מעיאָר פון שאַננה...

— דער סיטי מעיאָר! — האָט דער אַלטער ביטולדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, נאָר פון דעסטוועגן געשמייכלט פריילעך, ווי אַ יינגל בשעת מע לויבט אים פאַר אַ געראָטענעם איינפאַל. — אַ פּראָסטער דאַר־

פישער סטאַראָסטאַ !... און ניט אַזוי אַ סטאַראָסטאַ, ווי אַליין אַ „חקלאי״, אַ פאַרמער הייסט עס... דאָס בין איך געקומען נעמען אַט דעם יידן, מיסטער ארז־הלבנונען הייסט עס, צו אונדז אין דאָרף אַריין, ווייזן אים זיין פרדס. ביקאָוז ער איז דאָך נאָך אַ גרינהאָרן, וועט ער אַליין ניט טרעפן דעם וועג, זאָגט ער מיר, אַז דאָקטאָר מנוחין איז אויך דאָ. דאָקטאָר מנוחין? הערט אַ מעשה! מיר וואַרטן דאָך אויף אים שוין יאָרן !... וועל, דאַרף מען אַריינגיין אַייך זאָגן „העלאָו״, „שלום״ הייסט עס. עפּעס אַ קלייניקייט — אַ שכן! איר זענט דאָך ביי אונדז אין שאננה פון די גרעסטע לענד־לאָרדס !...

— עס פרייט מיך צו באַקענען זיך מיט מיינע שכנים פון שאננה, כאָטש אַפילו שאננה אַליין האָב איך נאָך ניט געזען, — האָט מנוחין געזאָגט, באַטראַכטנדיק זיין אומגעריכטן שכן. — איך פאַרשטיי פון אייערע רייד, אַז איר זענט אַן אַמעריקאַנער?

— אָלץ הייסט אַן אַמעריקאַנער! — האָט דער אַלטער גליקלעך געשמייכלט. — אַ ברוקלינער !...

— שוין לאַנג אין ארץ־ישראל?

— ניט אַזוי לאַנג. סך־הכל אַ יאָר צען. דאָס הייסט, אַז מע וויל זאָגן, בין איך אַרויסגעפאָרן קיין ארץ־ישראל פון פאָלטאַווער גובערניע — איך בין אַליין פון אַ קליין שטעטל אין פאָלטאַווער גובערניע בין איך — פונקט מיט פופציק יאָר צוריק, גלייך נאָך די באַרימטע פאַגראָמען, די „סופות בנגב״. נאָר אַזוי ווי איך האָב מיך אויפן וועג אַראָפּגעכאַפּט קיין אַמעריקע מאַכן אַ ביסל געלט, געעפנט דאָרט אַ פאָטאָגראַפישע סטודיאָ און געוואָרן ניט קיין שלעכטער פאָטאָגראַף, האָב איך מיך שוין דאָרט פאַרזעסן וואָסערע פערציק יאָר. ביז ס׳איז געקומען לאָרד באַלפור, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, און מאַכט צו מיר: „וועל, מיסטער העריס, עד אָנה בכיה בציון? דאָס הייסט, ביז וואַנען איז דער שיעור צו זיצן אין ברוקלין און פאַרנעמען זיך מיט נאַרישקייטן, מיט פיקטשעס? דו האָסט דאָך עפּעס אַמאָל אויף זיך גענומען אַ נדר צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל און זיין אַ ,חקלאי׳, אַ פאַרמער הייסט עס!״...

— וואַרט אַקאָרשט, — האָט מנוחין געזאָגט, שוין אַריינפאַלנדיק אין זיין שפּאַסיקן טאָן, — ווי אַזוי איז אייער נאָמען: מיסטער העריס, צי אדון חנינא?

— איך האָב, ברוך השם, יתרוס נעמען! — האָט דער אַלטער אַ מאַך

געטאָן מיט דער האַנט, און אַלץ מיטן זעלבן גליקלעכן שמייכל. — ווי אַזוי גייט דאָרט די געשיכטע ביי שלום־עליכמען? — אַלטער איז יצחק, יצחק איז איציק, און איציק איז אייזיק... פון דער היים איז מיין נאָמען לכתחילה געווען גאָר חנהלעס, נאָך דער באָבע חנהלע, עליה השלום, געווען אַ יידענע אַ צדיקית, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן. דערנאָך, אַז איך בין געקומען קיין אַמעריקע, איז פון חנהלעס במילא געוואָרן טשאַנעלעס. איז מיר די זאַך ניט אָנגעשטאַנען: וואָס פאַר אַ טשאַנעלעס בין איך אַייך? און פאַרוואָס זאָל איך פאַרדרייען דער באָבע חנהס נאָמען? ס׳איז דאָך שענד, אַ חילול השם!... האָב איך געטראַכט און געטראַכט — און זיך דערטראַכט צום נאָמען העריס. פאַרוואָס העריס? טויזנטער יידן אין ברוקלין הייסן העריס — וועט זיין נאָך אַ ייד מיטן נאָמען העריס! ס׳איז דאָך אַמעריקע — וואָס וועל איך דאָ גיין איבער־קלייבן, זיך אויספיינען מיט אַ נאָמען?... געקומען אָבער אַהער אין ארץ־ישראל, איז מיר ווידער געוואָרן שלעכט. דער נאָמען העריס מיט ארץ־ישראל און מיט האַלטן אַ גראָבאייזן אין האַנט קלעפט זיך עפּעס ניט, ס׳איז ניט קיין פּאַר קליידער! שטעלט אַייך פאָר: מיסטער הע־ריס — אַ יידישער „חקלאי”, אַ פאַרמער הייסט עס! קלינגט דאָס ניט מעשה חוזק?... און חנהלעס ווידער שמעקט שוין מיט גלות, ס׳איז פאָרט ניט העברעאיש — איז ווייטער ניט גוט!... בין איך עטלעכע יאָר אַרומ־געגאַנגען גאָר אָן אַ נאָמען. מע זיצט דאָך אין אַ דאָרף, מע אַרבעט טאָג ווי נאַכט אין פּרדס — ווער דאַרף אַ נאָמען? און אַז מע קומט אין תל־אביב איין מאָל אין אַ יובל, ווי אַן אמתער „חקלאי”, איינקויפן צוקער, רעטשענע קאַשע, שיהע, פּיהע — נעמט מען ביי אַייך צו די פּאָר פּיאַסטערס אָן אַ נאָמען אויך!... נאָר אַז איך האָב מיך דאָ נאַטו־ראַליזירט פאַר אַ היגן בירגער, געוואָרן, גאָט צו דאַנקען, אַן אמתער, כשרער אזרח ארץ־ישראלי, האָב איך מיך מיישב געווען — שאַ, איך וועל אויף דער עלטער גאָר הייסן חנינא! מחמת אַ סך טעמים: ערשטנס, וועל איך דאָ יוצא זיין כאָטש מיט עפּעס קעגן דער באבע חנה, עליה השלום, — זי האָט דאָס ערלעך פאַרדינט! צווייטנס, איז מיר דער נאָמען חנינא גלאַט געפעלן — ס׳איז עפּעס חנינאדיק יו נאָו... — והשלישית — מחמת „חנינא בני”... איר געדענקט דאָך מסתמא די גמרא, ווי אַזוי רבי חנינא בן דוסא פלעגט אויסקומען מיט אַ טאָפּ באָקסערן פון ערב שבת ביז ערב שבת, און הקדוש־ברוך־הוא האָט אים דערפאַר אָנגערופן

„חנינא בני", אַנגעקוואַלן פון אים, אַז ער איז גאָר אַן אַנטיקל — די גאַנצע וועלט האַלט זיך אויף אים!... איז מיר די גמרא אַריין אין נאָז נאָך בשעת איך בין געווען אַ חדר־ייִנגל. און שפּעטער, אַז איך האָב מיך באַקענט מיט דער שיטה פון טאָלסטאָי, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, האָב איך אויף זיך גענומען אַ נדר צו זיין אַ וועגעטאַריער, אויס־קומען דאָס גאַנצע לעבן אויב ניט מיט אַ טאָפּ באָקסערן, איז מיט אַ טאָפּ קאַשע מיט מילך פון ערב שבת ביז ערב שבת, ביקאָוז איר דאַרפט וויסן, אַז איך בין כל ימי געווען ביידע זאַכן: אי אַ חובב־ציון, אי אַ טאָל־סטאָוויעץ...

— איר זיצט דאָ אין שאננה מיט דער פאַמיליע? — האָט מנוחין וואָס ווייטער אַלץ מער פאַראינטערעסירט זיך מיטן דאַזיקן טשיקאַווען און באַרעדעוודיקן „חנינא".

— ווו פאַמיליע! — האָט חנינא אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און די ליכטיקע אויגן זענען ביי אים אויף אַ ווײַלע פאַרטונקלט געוואָרן. — פון דער פאַמיליע לאָמיר בעסער שווייגן!... די אַלטע מיינע האָט נעבאָך ניט דערלעבט דעם נחת צו זיין מיט מיר אינאיינעם אַ „חקלאית" אין ארץ־ישראל. נו, און קינדער האָב איך דווקא פיינע, גאָר פיינע, נאָר איר ווייסט דאָך — פרעמדע, אַמעריקאַנער, ווילן ניט גיין אין דעם טאַטנס וועגן. ארץ־ישראל איז פאַר זיי האָטענטאָטן־לאַנד, עפּעס אַ וויל־דער אַראַבישער העק, און פון עסן קאַשע מיט מילך איז שוין לאַנג אָפּגערעדט!... אַ זון האָב איך, איז ער אַ פּראָפעסאָר אין אַן אַמעריקאַנער קאָלעדזש, און דווקא אַ פּראָפעסאָר פון שפּאַניש, פון טאָרקוועמאַדעס שפּראַך. און די טאָכטער איז דאָך ניט מער ווי אַ טאָכטער — זי געהערט ניט צו מיר, נאָר צו איר מאַן. האָב איך אָוועקגעשריבן דעם זון אַ בריוול: „זון מיינער, אַזוי און אַזוי, איך בין שוין ניט קיין יונגערמאַן, מע דאַרף שוין אַ טראַכט טאָן פון תכלית, שרייבן אַ צוואה, זאָגן די קינדער דאָס לעצטע וואָרט — אַ קשיה אויף אַ מעשה, טאָמער קלאַפּט מען אַן אין פענצטער און מע טוט אַ רוף... הכלל, ווילסטו זיין אַ ייִד און לעבן ווי גאָט האָט געבאָטן, און ווי טאָלסטאָי האָט אויך מסכים געווען, — וואַרף אַוועק דיין קאָלעדזש מיטן וויסטן שפּאַניש און קום אַהערצוצו, באַזעץ זיך דאָ מיט מיר ביים פּרדס, ווער אַ ייִדישער „חקלאי", לעב בצימצום, סקראָמנע, שטיל, וועסטו מיך איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר ירשענען. אַלא ניט — וועל איך דאָ מוזן זוכן אַן אַנדערן יורש. ביקאָוז

דערלאָזן, אַז דו זאָלסט נאָך מיין טויט פאַרקויפן דעם פּרדס, וואָס איך האָב אויף דער עלטער געפלאַנצט מיט מיינע הענט, און נעמען דאָס געלט און פאָרן צוריק קיין אַמעריקע לערנען מיט אַמעריקאַנער שקצים שפּאַניש, — דאָס קאָן איך ניט. דאָס וועט מיר זיין אַ פּאַטש אין פּנים!"...
און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. קומט מיר אָן פון אים אַן ענטפער: „טאַטע, שרייבט ער מיר, איך וועל מיט פאַרגעניגן דיך קומען זען ביי דער ערשטער מעגלעכקייט, ווען איך וועל האָבן וואַקעישאָן, און צו וואַקעישאָן נאָך עפּעס — די פּאָר פּיאַסטערס, יו נאָו... נאָר איין זאַך, שרייבט ער, זאָלסטו פון מיר ניט פאַרלאַנגען — בלייבן אין דיין לאַנד קאָן איך ניט, ביקאָוז ס'איז ניט מיין לאַנד. מיין לאַנד איז אַמעריקע און מיין קאַריערע איז שפּאַניש. מיר זענען געבוירן אין צוויי באַזונדערע וועלטן"... און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. וויבאַלד אַזוי, העלפן דאָך ניט קיין טענות — וועל איך שוין מיין שטעטל אַליין באַשטיין. איך האָב שוין, גאָט צו דאַנקען, אַ יורש — אַזאַ, וואָס וועט מיין פּרדס פאַר קיין שום געלט ניט קאָנען פאַרקויפן. איך בין שוין, גאָט צו דאַנקען, אַ באַזאָרגטער...

מנוחינס באַזוכער האָבן זיך צוגעהערט צו דער דערציילונג פון דעם אַלטן חנינא מיט פאַרגאַפטע פּנימער. נאָר מער פון אַלעמען איז געווען פון אים אַנציקט מיסטער צעדערבוים. יענער האָט זיך פאַרהאַלטן צו זיין צוקינפטיקן שכן ניט מיט באַגייסטערונג, נאָר מיט פאַרגעטערונג — ער האָט אים געקוקט מיט עקזאַלטירטע אויגן גלייך אין מויל אַריין און געשלונגען יעדעס וואָרט. דער איינציקער, וואָס האָט דאָ באַטראַכט דעם שאַנגהער קאָלאָניסט מיט אַ שמייכל פון אַ קליגערן מענטשן איז געווען אדון פדהצור. ער האָט זיך געגלעט מיט דער האַנט די שיינע פראַנצויזישע באָרד און זיך געקליבן זאָגן אַ וויץ.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, אדון חנינא בני! — האָט ער זיך אָנגערופן אין זיין געלאַסענעם גביריש־שפּאָטישן טאָן. — ס'איז טאַקע אַלצדינג שיין און פיין, וואָס איר דערציילט דאָ. הלוואי האָבן מיר אַ סך אַזעלכע „חקלאים", ווי איר, וואָלט שוין אפשר לאַנג געקומען משיח!... נאָר צו וואָס, אַשטייגער, דאַרפט איר נאָך טראָגן אין אַזאַ שיינעם טרוקענעם וועטער אָט די טיפע גומענע שטיוול — עס שטעקט אין דעם אויך עפּעס אַ גמרא?...

— צו וואָס איך טראָג די שטיוול? — האָט אים חנינא איבערגע־

פרעגט ערנסט, קוקנדיק אויף אים מיט זיינע קלאָרע שמייכלענדיקע אויגן. — אָט וועל איך אייך זאָגן נאָר כדי איר זאָלט פרעגן... און ניט איר אַליין זאָלט פרעגן, נאָר גאַנץ תל־אביב זאָל פרעגן, קינדער אין די וויגן זאָלן פרעגן ביי זייערע מאַמעס: ווער איז דאָס דער ייד, וואָס טראָגט ניט קיין לאַקירטע שיך, נאָר טיפע שטיול? און דער ענטפער וועט זיין: דער ייד איז אַ „חקלאי”, אַ פּראָסטער כשרער ערד־אַרבעטער, וואָס איז געקומען פון דאָרף אין שטאָט אַריין איינקויפן צוקער מיט רעטשענער קאַשע. ווען מע זאָל דאָ קאָנען באַקומען היימישע פּויערשע פּאָסטעלעס, וואָלט איך געטראָגן פּאָסטעלעס. ניט אַזוי ווי איר, און פדהצור, — איר מיינט, איך ווייס ניט, ווער איר זענט? איך ווייס! איך קען אַפילו אייער פּרדס! איך קען אַלע פּרדסים ביי אונדז אין שרון!... איר האָט אַ פיינעם פּרדס, אדון פדהצור, נאָר אייער פּרדס, זייט מיר מוחל, האָט ניט קיין פיינעם באַלעבאָס. דער באַלעבאָס פון אייער פּרדס פירט זיך אין ארץ־ישראל מעשה גביר, גייט אויסגעסטראָצלט אין אַ רייכן ענגלישן סוט, טראָגט אַ טייערן שטעקן מיט אַ זילבערנעם הענטל, לעבט מסתמא אין לוקסוס, ווי אַ פּריץ, ווי די אַמאָליקע פּעאַדאַלן, וואָס ס'איז, האָט אויף מיר קיין פּאַראיבל ניט, אַ גרויסע עבירה פאַר גאָט און פאַרן לאַנד. אונדזער אידעאַל איז געווען צו קומען קיין ארץ־ישראל זיין יידישע „חקלאים”, ניט יידישע פּריצים. אָט איז טאָלסטאָי אויך געווען אַ פּריץ, און נאָך אַ גראַף דערצו. האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז ער איז איינגעטונקען אין זינד, און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון לוקסוס און געלעבט ווי אַ „חקלאי”, געגאַנגען אַפילו באָרוועס. איך וואָלט מיט פאַרגעניגן אויך געגאַנגען באָרוועס, האָב איך אָבער געבראַכט פון ברוקלין, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַן אַלטן רעמאַטיס אין די פיס — מוז איך טראָגן גומענע שטיול. נאָר מילא... לאָמיר אַוועקוואַרפן די בת־מלכה און זיך בעסער נעמען צום בן־מלך, — האָט ער זיך געווענדט מיטן זעלבן ליכטיקן פּנים צו מנוחינען. — וועל, דאָקטאָר, עד אָנה בכיה בציון?

— וואָס הייסט? — האָט מנוחין אויך ליכטיק געשמייכלט.

— ביז וואַנען וועלן מיר אויף אייך וואַרטן, ביי אונדז אין שאננה? עס פוסטעוועט דאָך אייער ערד, בעט זיך רחמים, מע זאָל זי פאַרפלאַנצן — ס'איז אַ גאָטס רחמנות!... ווען שטעלט איר זיך טאַקע, אם ירצה השם, פלאַנצן? קומט צו אונדז, וועלן מיר אייך אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, צושטעלן אַרבעטער, אויסהעלפן מיט וואָס מיר קאָנען נאָר.

מיר זענען גוטע שכנים... שאַ, איר ווייסט גאָר וואָס? אָט פאָרן מיר מיט ארז־הלבנונען אין דאָרף אַריין. קומט אויך, וועלן מיר נעמען זיין ווייב מיטן טעכטערל און פאָרן אַלע בחברותא. איר וועט כאָטש אָנקוקן וואָס איר פאַרמאָגט ביי אונדז, זען מיט די אויגן, אַז ס'איז ניט קיין לעגענדע...

— איר זעט דאָך, — האָט מנוחין געזאָגט, — איך האָב איצט געסט. איך וועל נאָך קומען. איך וועל שוין פון אייערע הענט זיך ניט אַרויס־דרייען.

— געדענקט זשע, לאָזט זיך ניט בעטן! קומט, מיסטער ארז־הלבנון, מיר וועלן פאַרשפּעטיקן דעם באָס... זעט איר, אים מעגט איר מקנא זיין! — האָט ער אָנגעוויזן מנוחינען אויף צעדערבוימען. — ער איז שוין אַ פאַרפלאָנצטער. מיר האָבן אים אויסגעהאָדעוועט אַ פּרדס — אַ ברכה צו מאַכן! און מיר דאַכט, ער וועט זיין ניט קיין שלעכטער „חקלאי". איך זע דאָס אַרויס פון דעם ברען, מיט וועלכן ער ברענט...

— וואָס הייסט, איך ברען? — האָט מיסטער צעדערבוים זיך אָנגע־רופן מיט אַ הייסן הייזעריקן קול. — איך גיי־אויס, איך חלש, טייע־רינקער מיינער! איך ווייס גאָרניט, ווי אַזוי איך וועל היינט דערפּאָרן צום ערשטן מאָל אין מיין פּרדס!...

— וועל, גוד־באַי, שלום הייסט עס! — האָט זיך דער אַלטער חנינא אָפּגעזעגנט. גענומען די פּעקלעך און געלאָזט זיך גיין. ער האָט זיך אָבער באַלד אומגעקערט.

— יאָ, עיקר שכחתי! — האָט ער געזאָגט צו מנוחינען. — אפשר האָט איר געבראַכט פון אַמעריקע איבערגעלייענטע צייטונגען?

— וואָס פאַר אַ צייטונגען? — האָט מנוחין ניט פאַרשטאַנען.

— אַלע מינים צייטונגען, יידישע, העברעאישע, אפילו ענגלישע. איך בין דאָך, ניט פאַר אַייך געדאַכט, אַ סטאַראָסטאַ אין שאננה, און מיר האָבן ניט־לאַנג אויסגעבויט אַ „בית־עם", אַ קלוב הייסט עס, מיט אַ שטיקל לייברערי, מיט אַ לעזע־צימער, — קלייב איך ביי דער וועלט צייטונגען מיט ביכער, מזון רוחני פאַר אונדזערע אַרבעטער, גייסטיקע שפּייז הייסט עס. איך שנאָר ווי ווייט איך קאָן. ניט, חלילה, ביי פרעמדע, נאָר ביי די אייגענע שכנים...

— ניין, קיין צייטונגען, האָב איך גראָד ניט, — האָט מנוחין געזאָגט

מיט באַדויער. — נאָר איך וועל מסתמא ברעגנגען אַהער מײַנע ביכער, וועל איך מיט פאַרגעניגן עפּעס אָפּקלײַבן פאַר אײַך.

— טאַקע באמת? — האָט זיך חנינא דערפרייט. — זעט איר, דער־פאַר וועל איך אײַך ערשט ליב האָבן!...

אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט אַדון פּדהצור גענומען שאָקלען נאָך אים מיטן קאָפּ.

— ער איז נעבאַך גוט משוגע, דער סטאַראָסטאַ פון שאננה! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ ניגון.

— ביי אײַך, פאַרשטייט זיך, הייסט דאָס משוגע, ווי דען? — האָט זיך ד"ר באַרנבוים אָנגערופן אויפגעבראַכט. איר ווייסט, ווי אַזוי אַט דער משוגענער האָט באַוואָרנט זײַן פּרדס? ער האָט אויסגעזוכט אַ יונגן אַרבעטער מיט אַ ווייב און מיט אַ קינד, אַדאָפּטירט אים פאַר אַ זון און אָפּגעשריבן אים אין דער צוואה דעם גאַנצן פּרדס מיט אַלץ מיט אַנאַנדער. נאָר אַ תנאי האָט ער אויסגענומען, אַז דער יורש מיט זײַנע קינדער און מיט קינדס קינדער מוזן בלייבן אין שאננה ביי דער נחלה. ווען זיי פאַרלאָזן די מושבה און גייען־אַריבער אין שטאָט, ווערן זיי אויס יורשים, און די נחלה גייט־איבער צום קרן קיימת, אַלס אייגנטום פונעם פאָלק. אָט וואָס פאַר אַ משוגענער ער איז!...

— יאָ, — האָט אישטוב אָפּגעזיפצט שטיל און באַשיידן אין זײַן ווינקל. — מע זעט, אַז ס'איז אַן אָדם חשוב! נאָר ניט יעדער איינער קאָן זײַן ווי ער...

קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

## „מקור חיים"

די גאַנצע צייט, וואָס די באַזוכער האָבן פאַרבראַכט מיט דאָקטאָר מנוחינען אויף דער טעראַסע פונעם האָטעל, איז די מאַדאַם אישטוב גע־זעסן ווי אויף הייסע קוילן. זי האָט זיך אַלץ געווישט מיט צוויי פינגער די טרוקענע פאַרשנורעוועטע ליפּן, און די אויגן ביי איר האָבן געברענט מיט אַ פאַרטאַיעטן פייערל, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז זי איז דאָ ווייט אָפּגעשיידט פון די דאָזיקע מענטשן מיט זייערע שמועסן. ערשט אַז דער

לעצטער באַזוכער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זי פּריי אָפּגעזיפצט, אַ קוק געטאָן אויפן מאַן מיט אַן אַנטשלאָסענעם ענערגישן בליק, ווי געבנדיק אים דערמיט אַ סיגנאַל, זיך אויפגעהויבן פונעם אָרט, אַ דריי געטאָן זיך הנעוודיק פאַרן ברודער מיט איר דיקער צעשוואָמענער פיגור, וואָס האָט איצט באַדאַרפט אויסדריקן די לאַנג־פאַרגעסענע געפּיסטעטקייט פון אַ געבאַלעוועטער איינציקער שוועסטער, און האָט זיך אָנגערופן צו אים מיט אַ ווייך־פאַרגנבעטן קול:

— סראָליקל, וועסט אפשר האָבן פאַר אונדז אַ פרייע האַלבע שעה? מנשה וויל מיט דיר זיך אַן עצה האַלטן וועגן דעם, וואָס מיר האָבן נעכטן גערעדט.

— אָה, וועגן דעם? — האָט מנוחין געזאָגט מיט אַ מין פלייסיקער קרובישער גרייטקייט, וואָס האָט אים אַליין אויסגעוויזן איבערגעטריבן, מחמת דער שעווסטערס תנועות האָבן ביי אים גלייך אַרויסגערופן אַ ווידערגעפיל. — גוט, לאָמיר אַרויפגיין צו מיר אין צימער, וועלן מיר דאָרט קאָנען רעדן אומגעשטערט.

אַרויפגעקומען אויבן, צו זיך אין האָטעל־צימער, און באַזעצט די געסט, האָט זיך מנוחין אַוועקגעשטעלט אַקעגן זיי אין שטומער קרובי־שער דערוואַרטונג.

— נו, מנשה, דו קאָנסט אָנהייבן! — האָט די מאַדאַם אישטוב, אַ צעפּלאָמטע פון גוטע פאַרגעפילן, ווידער געגעבן דעם מאַן אַ סיגנאַל.

— יאָ, מע קאָן אָנהייבן! — האָט מנשה באַשיידן אַ הוסט געטאָן און פון זיכערקייט וועגן באַטאַפּט אויף זיך די קנעפּלעך פון זיין געלב־לעכן אָפּגעבליאַקעוועטן מאַנטל, צי זיי זענען אַלע פאַרשפּיליעט. — מיר וועלן אָנהייבן, ווי מע זאָגט דאָס ביי אונדז, פון בראשית, ס׳איז אַזוי די מעשה: דער ענין, וואָס איך וויל דאָ פאַרלייגן פאַר ישראלן, איז אַ וויכטיקער ענין. עס האָט אַ שייכות, ווי אסתרל האָט זיך נעכטן אין וואַגאָן אויסגעדריקט, מיטן נאָמען פון אונדזער זון, עליו השלום, נאָר אַחוץ דעם איז דאָס אויך אַ ראַיעלע זאַך, אַ ביזנעס, ווי מע רופט דאָס אין אַמעריקע. ס׳איז אַזאַ מין ענין, וואָס פאַראייניקט אין זיך, ווי מע זאָגט דאָס אין רוסיש, פּריאַטנאָיע איס פּאָליעזנים [אָנגענעמס מיט נוצלעכן]...

די מאַדאַם אישטוב, וואָס האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פונעם מאַן בשעת ער האָט גערעדט, דערביי אויסגעמאַרקירט אויך צו כאַפּן

דעם איינדרוק, וואָס זיינע רייד מאַכן אויפן ברודער, האָט זיך דאָ גלייך אָנגעצונדן.

— מנשה, — האָט זי צו אים געזאָגט אין איינגעהאַלטענעם שטראָפנ־דיקן טאָן, — זע נאָר, ווי דו האָסט שוין שלעכט אָנגעהויבן!... דו רעדסט מיט סראָליקן פון אַזאַ בראָך, פון דעם בעסטן קינד וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן, — הייסט דאָס ביי דיר „פּריאַטנע״!... דו הערסט כאָטש וואָס דו רעדסט, מנשה?...

— איך הער, איך הער וואָס איך רעד! — האָט אישטוב זיך צוריק אָפּגעבייזערט מיט געלאַסענעם, נאָר טיף־פאַראַכטלעכן שטאָלץ, וואָס מנוחין האָט ביי אים שוין עטלעכע מאָל באַמערקט. — אַלץ וואָס איך רעד הער איך, איך באַטראַכט איטלעכס וואָרט פריער!... דאָס, וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן אַ קינד, איז אונדזער זאַך. פון דעם דאַרף מען קיין סך ניט רעדן, ישראל פאַרשטייט דאָס אַליין... דאָ רעדן מיר פון אַ וויכטיקן ענין, וואָס וועט זיין אַ כבוד פאַר אונדזער זון און אויך אַ נוצן פאַרן לאַנד, — איז דאָס בפירוש פּריאַטנע!...

— נו, מילא, רעד שוין ווי דו פאַרשטייסט! — האָט דאָס ווייב אויף אים אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — סראָליק איז דאָך אַן אייגענער ברודער — זאָל ער אויך זען, וואָס פאַר אַ פּרא־אדם אַ מאַן איך האָב!...

— דו ווייסט, אסתרל? — האָט מנוחין זיך אַריינגעמישט — לאָמיר זיך דאָ ניט פאַרנעמען מיט אומזיסטע וויכוחים צווישן מאַן און ווייב, נאָר בעסער צוגיין גלייך צו דער זאַך.

— אָט דאָס וויל איך דאָך! — האָט זיך אישטוב דערפילט מונ־טערער. — גלייך צו דער זאַך!... און איך מיין, אַז דעריבער וועט אויף מיר ישראל קיין פאַראיבל ניט האָבן, וואָס איך וועל אים דאָ גלייך שטעלן אפשר ניט קיין סקראָמנע פראַגע, נאָר עס האָט טאַקע אַ שייכות מיט דער זאַך: ווי אַזוי שטייט עס ביי ישראלן מיט פרייען קאַפּיטאַל? איך מיין קעש, מיין איך...

— אָ, קעש? וועלכער אַמעריקאַנער האָט עס ניט קיין קעש? — האָט מנוחין געזאָגט מיט אַ שמייכל. איז אים אויסגעקומען טשיקאַווע זיין שוואָגערס „ניט־סקראָמנע פראַגע״, ווי אויך זיין עקשנותדיקער שטייגער צו רעדן מיט אים דווקא אין דריטער פּערזאָן — עס האָט גע־קלונגען ווי אַ באַזונדער קרובישער אויסדרוק אין דעליקאַטער פאָרעם.

— הייסט עס, אַז קעש איז פאַראַן, — האָט אישטוב ווי באַשטעטיקט

דעם פאַקט. — און אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד געפינט זיך דער קאַפּיטאַל, אויב איך מעג עס פרעגן? איך מיין, אין וואָס איז ער פאַרווענדט — אין ווערט־פּאַפּירן?

— ווי קום איך צו ווערט־פּאַפּירן? — האָט מנוחין געזאָגט. — איך בין אין די זאַכן אַ גרויסער עם־הארץ!

— וויבאַלד אַזוי, — האָט אישטוב געפּרוווט טרעפן, — ליגט מסתמא דאָס געלט פּשוט אין אַ באַנק?

— פּשוט אין אַ באַנק!

— אין אַזאַ אומרואיקער צייט, בעת גרויסע אַמעריקאַנער בענק גייען געבראָכן? — האָט אישטוב געשאָקלט פאַרדראָסיק מיטן קאָפּ.

— וואָס דען, איך זאָל אומפירן דאָס געלט מיט זיך? דאָס וואָלט געווען צופיל זאָרג פאַר מיר.

— אָט וועסטו הערן, סראַליקל, וואָס מנשה וועט דיר אָן עצה געבן, — האָט די מאַדאַם אישטוב זיך אָנגערופן שוין אַ צופרידענע דערפון, ווי אַזוי דער מאַן פירט דאָס געשפּרעך צום געווינטשטן ציל. — מנשה איז אין די זאַכן זייער אַ געניטער מענטש!

— איך ווייס ניט, צי בין איך יאָ אַ געניטער, צי ניט קיין געניטער, — האָט אישטוב קאָלט אָוועקגעמאַכט פון זיך זיין ווייבס קאָמפּלימענט. — נאָר לויט מיין שכל הישר קומט אויס, אַז אין אַזעלכע שלעכטע צייטן טאָר מען די אַמעריקאַנער בענק קיין גרויסע געלטער ניט אָנטרויען. איך וואָלט שוין מיין געלט בעסער געהאַלטן אין ענגלאַנד.

— און די ענגלישע בענק זענען דען אין אַזעלכע שלעכטע צייטן באַוואָרנט פון באַנקראָט?

— אַז די ענגלענדער ווען דערלאָזן, זייערע בענק זאָלן גיין באַנקראָט, וועט שוין דעמאָלט בכלל זיין אויס וועלט און אויס געלט... ווי ביי אונדזערע בחורימלעך אין די קבוצות... — האָט אישטוב אַ שמייכל געטאָן, פאַרגינענדיק זיך איין מאָל אין אַ נאָווינע אַ וויץ. — נאָר ביי אונדז אין ארץ־ישראל האָבן מיר אונדזער אייגענע באַוואָרעניש, וואָס איז אפשר נאָך זיכערער פון די ענגלישע בענק.

— למשל? — האָט מנוחין געפרעגט.

— דאָ ביי אונדז אין לאַנד דאַרפן מיר פאָלגן וואָס די גמרא האָט אונדז געלערנט: „כספים אין להם שמירה אלא בקרקע" [געלט קאָן אָפּגעהיט ווערן נאָר אין באָדן]...

— ס'איז אָבער פֿאַראַן ביי אונדז נאָך אַ גמרא, וואָס רעדט נאָר פֿון אַ „שליש בקרקע" [פֿאַרוועגדן אַ דריטל פֿונעם געלט אין באָדן], און יענע גמרא האָב איך שוין לאַנג געפֿאָלגט, — איך האָב זיך געקויפֿט די נחלה אין שאננה.

— די נחלה אין שאננה איז געוויס ניט קיין שלעכטער אינוועסט־מענט, ווי מע זאָגט דאָס אין אַמעריקע, — האָט אישטוב מסכים געווען. — און דאָקטאָר שייבינען, וואָס איז געווען דער גורם דערצו, קומט טאַקע אַ דאַנק דערפֿאַר. נאָר וואָס דען? צו אַזאַ נחלה אין דעם פּרדסים־ראַיאָן דאַרף מען ערשט האָבן קאַפּיטאַל: צוגרייטן די ערד, פֿלאַנצן, באַוואַסערן, האַלטן אַרבעטער, האָבן צו טאָן דערמיט וואָסערע פֿינף־זעקס יאָר, ביז מע דערלעבט זען די אמתע פּרוכט. איך האָב מורא, אַז ס'איז ניט קיין עסק פֿאַר ישראלן. ישראל איז אַ דאָקטאָר, ניט קיין „חקלאי", ווי דער אַלטער חנינא האָט זיך ערשט אויסגעדריקט. ניט יעדער איינער קאָן זיך פֿירן ווי אַ חנינא, וואָס לעבט נאָר פֿון התפּעלות.

— וואָס זשע וואָלט איך דאָ באַדאַרפֿט טאָן, לויט אייער שכל הישר? — האָט מנוחין געפֿרעגט שוין ערנסט. — אַדרבה, איך בין דאָס זייער נייגעריק צו הערן פֿון אײַך.

— וואָס ישראל וואָלט דאָ באַדאַרפֿט טאָן — איז ניט פֿאַר מיר צו באַשטימען. — האָט אישטוב באַשיידן געזאָגט. — ישראל איז אַ דאָק־טאָר, און ווי מיר האָבן געהערט — אַ גוטער דאָקטאָר, און גוטע דאָק־טוירים דאַרפֿן מיר האָבן אויך אין ארץ־ישראל. נאָר מיר שמועסן דאָ ניט פֿון דעם — ישראל איז שוין, גאָט צו דאַנקען, אַ באַזאָרגטער. מיר שמועסן איצט פֿונעם קאַפּיטאַל, ווי אַזוי צו באַוואָרענען אים אַמבעסטן, און דאָ קומען מיר צום עצם־ענין...

און אישטוב האָט אויף זיין געלאַסענעם שטייגער, קאַלט און לאָגיש, גענומען אויסלייגן זיין פּלאַן, וואָס איז באַשטאַנען אין אָפּקויפֿן פֿון אַראַבער, אין דער סביבה פֿון תל־אביב, אַ שטיק לאַנד, אויף וועלכן עס זאָל געבויט ווערן אַ נייע „שכונה", אַ קליין גאָרטן־שטעטל פֿאַר פֿאַרמעגלעכע לייט. די שכונה וועט זיך גרינדן צום אָנדענק פֿון זיין אומגעקומענעם זון, נאָר צו דער זעלבער צייט וועט דאָס אויך זיין אַ ראַיעל געשעפֿט. ווייל תל־אביב וואַקסט און האָט ניט ווו צו וואַקסן, אין עטלעכע יאָר אַרום וועט זי מוזן פֿאַרוואַרפֿן אירע נייע בוי־פּלענער ווייט אין דער סביבה אַריין, און דעמאָלט וועט די ווערט פֿון יעדן

שטיקל לאַנד אויסער דער שטאָט זיין ניט אָפּצושאַצן. דאָס איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט. אַלע זוכן באָדן אַרום תל־אביב, נאָר די אַראַבער אײַלן זיך ניט צו פאַרקויפן — זיי וואַרטן אויף אַ הויכן אויפשטייג אין די פרייזן, וואָס וועט זיכער קומען. און דאָס, וואָס אַלע זוכן, האָט ער געפונען. ער האָט אַ באַקאַנטע אַראַבישע משפחה, וועלכע באַזיצט שטיקער לאַנד, וואָס שניידן זיך אַריין אין תל־אביב. ער האָט שוין ביי יענער משפחה די לעצטע יאָרן געמאַכט פאַרשיידענע קליינע קניות, און איצט איז זי וויליק אים אָפּצוטרעטן עטלעכע הונדערט דונאָם מיט אַ מאָל פאַר אַ מעסיקן פּרייז. נאָר אים וועט זי עס טאָן, ניט קיין אַנדערן. ווייל ער ווייסט, ווי אַזוי צו האַנדלען מיט אַראַבער. ער היצט זיך ניט מיט זיי, ווייזט זיי ניט אַרויס, אַז ער איז קליגער אָדער העכער פון זיי, וויל זיי ניט אָפּנאַרן, נאָר לאָזט זיך אויך ניט אָפּנאַרן פון זיי. דערצו רעדט ער מיט זיי אַליין זייער שפּראַך, דאַרף ניט אָנקומען צו קיין איבערזעצער, ווייסט ווו און ווען אַריינצושטעלן אין געשפּרעך אַ ווערטל, צי אַ פּאַסיקן משל פון מדרש — און דאָס איז ביי זיי ווערט דאָס גאַנצע געלט!...

— דו ווייסט נאָך ניט, סראָליקל, וואָס פאַר אַ משוגענער ער איז! — האָט די מאַדאַם אישטוב אונטערגעהאַלטן דעם מאַן, קוקנדיק אויף אים שוין מיט גוטע ליכטיקע אויגן. — ער לערנט דאָך גאַנצע נעכט אַראַביש, לייענט זייערע צייטונגען, בלענדט זיך די אויגן מיט זייערע קאָטשערעס און לאָפּעטעס... און מיינסט, נאָר דאָס? מיט ענגליש אויך אַזוי!...

— מיר זענען דאָ געבענטשט אין לאַנד מיט דריי אָפיציעלע שפּראַכן,— האָט דאָס אישטוב דערקלערט אויף זיין זאַכלעכן שטייגער, — דאַרפן מיר זיי אַלע קענען, וויסן, מיט וועמען מיר האָבן דאָ צו טאָן.

„דאָס איז אפשר אַלץ זייער פיין, — האָט מנוחין אַ טראַכט געטאָן מיט אַן אומרואיקן געמיט, — נאָר מיר דאַכט, אַז די צוויי ווילן מיך דאָ אַריינציִען אין זייערע געשעפטן, מיך מאַכן אין תל־אביב פאַר אַ ספּעקולאַנט"...

און ווי צוטרעפנדיק צו מנוחינס געדאַנקען, האָט אישטוב אַ קוק געטאָן אויף אים און געזאָגט:

— איך פאַרשטיי, אַז פאַר ישראלן איז דאָס ניט קיין געשעפט — ס'איז ניט זיין פאַך... איך האָב מיך דעריבער געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל איך דאָס אים אינגאַנצן אָנמוטען, בפרט אַז איך האָב נאָך דעם

אַלטן חוב ניט אָנגעהויבן צו צאָלן... נאָר איך ווייס אויך, אַז קיין זיכער־רערן אָרט פאַר קאַפּיטאַל און קיין גרעסערע דיווידענדן וועט ישראל איצט ניט געפינען. און אסתרל האָט מיך אויך צוגערעדט. זי איז דאָך פאָרט אַ שוועסטער — עס ווילט זיך איר ניט צולאָזן צו אַזאַ זאַך קיין פרעמדע שותפים...

— דו האָסט מיר געשריבן, סראַליקל, אַז דו קומסט צו אונדז צוליב חיימלס ליכטיקן אָנדענק, — האָט די מאַדאַם אישטוב זיך אָנגערופן און אירע אויגן זענען גלייך פול געוואָרן מיט טרערן, — בין איך געווען זיכער, אַז אַזאַ זאַך וועט דיר זיין צום האַרצן...

— ווי אַזוי, אייגנטלעך, ווילט איר פאַרבינדן זיין נאָמען מיט אָט דעם געשעפט? — האָט מנוחין אַ פרעג געטאָן מיט אַן אָנגעכמורעטן פנים.

— גאַנץ פשוט, — האָט אישטוב געזאָגט, — מיר וועלן די שכונה אָנרופן אויף זיין נאָמען. איך לייג פאָר — „מקור חיים". אפשר וועט ישראל געפינען אַ בעסערן נאָמען?... לכתחילה האָב איך געטראַכט, עס זאָל הייסן „תל חיים", ווייל דער באָדן ליגט אויף אַ בערגל. נאָר מיר האָבן שוין אין ארץ־ישראל צופיל ערטער מיטן נאָמען „תל". אַחוץ דעם, דערמאָנט דאָס וואָרט „תל" אָן אַ קבר. און איך וויל, אַז זיין זכר זאָל דינען ווי אַ „מקור חיים" — אַ קוואַל פון לעבן פאַר די קומענדיקע דורות. וואָרים דאָס איז דאָך געווען זיין גאַנצע כוונה, ווען ער האָט אַוועקגעגעבן זיין יונג לעבן פאַרן לאַנד. און ס'איז דאָ אין תנ"ך אַ פסוק אויך דערויף...

— יאָ, — האָט מנוחין געזאָגט, זיך געחידושט אויף דעם סענטי־מענטאַלן קלאַנג אינעם טרוקענעם קול פון אָט דעם טרוקענעם מענ־טשן, — „מקור חיים" קלינגט זייער שיין...

— פאַרגעס ניט סראַליקל, נאָך אַ זאַך, — האָט די שוועסטער צוגעגעבן שוין אַ צוואַרעמטע, — אַז דער טאַטע, עליו השלום, האָט אויך געהייסן חיים, וועט דאָס שוין זיין אַ זכר אויך פאַר אים... ער איז געווען אַזאַ הייסער חובב־ציון — אפילו דער פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש האָט עס נעכטן דערמאָנט אין זיין רעדע — און האָט ניט דערלעבט צו זען דאָס, וואָס מיר זעען...

מנוחין האָט אויף איר אַ קוק געטאָן פאַרגאַפט. אין געדאַנק איז אים דורכגעלאָפן זיין חלום, ווי אַזוי די שוועסטער האָט אים גערופן זאָגן

קדיש נאָךביידן — נאָכן פאָטער און נאָכן זון, וואָס טראָגן איין נאָמען...

— יאָ, אסתרל, — האָט ער אַ זאָג געטאָן מאָדנע ווייך, — דו ביסט גערעכט... ס'איז מיר גאָרניט איינגעפאַלן... נאָר איין זאַך פאַרשטיי איך דאָ ניט: ווי אַזוי וועט מען דאָס פאַרבינדן מיט געשעפט? דאָס וועט דאָך אויסקומען, אַז מע נוצט־אויס די ליכטיקע נעמען פאַר... פאַר ספּעקולאַציע!...

אישטובס גרויע אומעטיקע באַקן האָבן זיך מיט אַ מאָל אָנגעצונדן מיט רויטע פלעקן.

— ישראל קען מיך ניט, אויב ער איז מיך חושד אין אַזעלכע מח־שבות! — האָט ער אַרויסגערעדט כמעט שאַרף. — ישראל האָט מסתמא געהערט, וואָס די תל־אביבער טיפּשים פּלאַפּלען וועגן מיר. אַפילו אסתרל האָט נעכטן פון כעס זיך באַנאַרישט מיט אַ וואָרט... נאָר איך וועל דערפון ניט נתפעל!... איך טו מיין זאַך ריכטיק, ווי מיין יושר לערנט מיך, און דאַרף קיינעם ניט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון. איך האָב מיר מיינע פּרינציפּן און דין ארץ־ישראל ניט ווייניקער פון די אַלע צדיקים, וואָס האָבן נעכטן פיין געדרשנט ביי מיר אין שטוב. דורך מיין ספּעקולאַציע איז תל־אביב רייכער געוואָרן מיט אַ סך מגרשים, וואָס דורך אַנדערע הענט וואָלטן זיי געקאָסט צוויי מאָל אַזוי פיל, אָדער מע וואָלט זיי גאָר־ניט געקאָנט אַרויסרייסן פון די אַראַבער. און איצט, אַז איך וועל דורכ־פירן דעם ענין פון „מקור חיים״, מעג ישראל זיין זיכער, אַז איך וועל אָפּשפּאָרן יידיש געלט אין שווערע טויזנטער פונטן. ס'איז קלאָר ווי דער טאָג: אויב מע קויפט ניט אויס דאָס שטיקל לאַנד הײַנטיקס יאָר פון די אַראַבער, וועט מען זיי איבער אַ יאָר דאַרפן צאָלן טאָפּל! איר מעגט דאָס רופן ספּעקולאַציע, פּאַראַזיטיזם — עס אַרט מיך ווי די וואַנט!...

— ווי אַזוי אָבער וועט איר די ערד דערנאָך פאַרקויפן צו יחידים — ניט מיט פּאַרדינסט?

— געוויס מיט פּאַרדינסט! מע וועט דאָך אין דעם אַריינלייגן געלט, און טירחה, און שכל — דאָס גייט ניט באָרוועס!... קיינער וויל ניט אַרבעטן אומזיסט. אפילו ישראל אַליין, מיין איך, נעמט אויך ביי זיינע פּאַציענטן שכר־טירחה...

— מע רעדט דאָ ניט פון שכר־טירחה, — האָט מנוחין געזאָגט אומ־צופרידן, — מע רעדט פון עפּעס אַנדערש...

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן? — האָט אישטוב אַ מאַך געטאָן

מיט דער האַנט. — וויבאַלד ישראל געטרויט מיר ניט, איז ניט! איז אויס שידוך! איך האָב צו קיינעם, חלילה, קיין טענות ניט!

אישטוב האָט זיך אויפגעהויבן פונעם בענקל און פון אויפרעגונג זיך אַזש צעשפּיליעט די קנעפּלעך פונעם מאַנטל. מנוחין האָט אים באַטראַכט מיט אַ פאַרווירטן שמייכל.

— ניין, מנשה, — האָט ער אים פּלוצים אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל. — פאַרוואָס זאָל איך אייך ניט געטרויען? איך האָב צו אייך דעם גרעסטן צוטרוי!... און דער געדאַנק פון „מקור חיים" איז מיר אויך צום האַרצן... איך וועל זיך וועגן דעם באַטראַכטן...

— געוויס דאַרפט איר זיך פריער גוט באַטראַכטן, ישראל! — האָט מנשה אַ זאָג געטאָן און זיינע באַקן זענען נאָך רויטער געוואָרן — איצטיקס מאָל פון מנוחינס פריינדלעכן באַריר מיט דער האַנט, און נאָך מער פון דעם, וואָס ער אַליין האָט זיך צו מנוחינען געווענדט צום ערשטן מאָל אין צווייטער פּערזאָן.

— איך וועל איבעררעדן וועגן דעם מיט שיינינען, — האָט מנוחין צוגעגעבן. — איך בין נאָך בכלל דאָ זייער צעטראָגן, ווייס ניט אויף וואָסער וועלט איך בין.

דערווייל האָט סעדיה אָנגעקלאַפּט אין טיר און, ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, אַריינגעקוקט אין צימער מיט זיינע שוואַרצע נייגעריקע אויגן.

— אדון, — האָט ער געזאָגט סודותדיק־שטיל, — די בחורה פון נעכטן פרעגט דאָרט אויף דיר.

— וועלכע בחורה, סעדיה? — האָט מנוחין לכתחילה ניט פאַר־שטאַנען.

— יענע, די הויכע, די שיינע... — האָט זיך סעדיהס שוואַרץ־חנעוודיק פּנים ליכטיק, צעשמייכלט. — זי וואַרט דאָרט אויף דירביים טויער אין אַן אויטאָ, זי מיט נאָך אַ יונגן אדון...

— אַ, דאָס זענען די גאָרדאָנס! — האָט מנוחין זיך אויפגערו־דערט. — איך בין צו זיי איינגעלאַדן אויף מיטאָג. איר וועט מיר מוזן אַנטשולדיקן...

— וואָס דאַרפסטו זיך אַנטשולדיקן, סראַליקל? מיר פאַרשטייען דען אַליין ניט?... —האָט די מאַדאַם אישטוב געזאָגט מיט אַ שיינענדיקן פּנים, ווי נאָך אַ גוט־געשלאָסענעם געשעפט.

זי האָט זיך אַ דריי געטאָן פאַרן ברודער מיט איר צעשוווּמענער פיגור און ביים אַרויסגיין פון צימער אַריינגעקוקט אים טיף אין די אויגן מיט אַ זיס־צערטלעכער מינע.

— סראָליקל, — האָט זי געפרעגט, — נעכטן אויף דער שיף האָב איך עפּעס געוואָלט טרעפן וועגן דער שיינער פריילין גאַרדאַן. האָב איך געטראָפן, צי ניין?

— אפשר געטראָפן? — האָט מנוחין געזאָגט מיט אַ שמייכל.

קאַפּיטל דריי און דרייסיק

## שמעון בר־גיורא און יוחנן איש גוש־חלב

ביי די גאַרדאָנס אין הויז האָט מען דערוואַרט מנוחינס וויזיט, ווי אַ פאַמיליע־געשעעניש. מע האָט פון דעם דערווייל נאָך ניט גערעדט אָפן, ווייל די זאַך אַליין האָט נאָך ניט געהאַט קיין באַשטימטן קאָנקרעטן גאַנג, נאָר אין דער אַלגעמיינער פריילעכער אויפרודערונג, וואָס איז אַריינגעטראָטן אין שטוב מיטן אָנפאָר פון דעם פאָטער און דער שוועס־טער, האָט מנוחינס צוקינפטיקע שייכות מיט דער משפחה באַקומען אַ באַזונדער רייצנדיקע באַדייטונג, ווי אַ גוטע בשורה אין יום־טובדיקע טעג.

דערביי האָט יעדער איינער זיך באַצויגן צו דער דאָזיקער געשעעניש אויף זיין שטייגער. דער אַלטער גאַרדאַן האָט דאָס אויפגענומען ווי אַן אומגעריכטע גליקלעכע פּאַסירונג, וואָס וועט באַרואיקן זיין צעטרייסלטע עלטער און לייכטער מאַכן זיינע לעצטע טריט אין דעם צוקונפט־לאַנד פון זיינע קינדער. פאַר די עטלעכע וואָכן, וואָס ער האָט אויף דער שיף זיך צוגעקוקט צו מנוחינען, האָט ער אין אים דערקענט אַ געהויבענעם אידעאַלן מענטשן, דערצו אַזאַ, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט די איידלסטע באַגריפן פון יידישקייט, און באַמערקנדיק, אַז צווישן אים מיט דער טאָכטער קומט פאַר אַ דערנענטערונג, האָט ער כמעט מורא געהאַט צו טראַכטן פון ערנסטע רעזולטאַטן — ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ צו־גוטן אויסגאַנג, וואָס ער וואָלט געקאָנט ווינטשן זיין טאָכטער די לעצטע יאָרן. ער האָט אויך ניט געגלייבט, אַז זיין טאָכטער, לויט איר כאַראַקטער

און דערציאונג, איז מסוגל צו באַגייסטערן זיך מיט אַ מענטשן פון מנוחינס שניט. איצט, אַז יהודית האָט דורך דער שוועגערין אַרויסגעגעבן, אין האַלב־ערנסטן און האַלב־שפּאַסיקן טאָן, איר גליקלעכן סוד, האָט דעם פּאָטערס קרענקלעך פּנים אויפגעשיינט, הגם פון זיינע אויגן האָט נאָך אַלץ אַרויסגעקוקט אַ טיפע באַהאַלטענע זאָרג, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויך אין יהודיתס פאַרנעבלטע אויגן מיט אַן אויפבליץ פון אומרואיקייט.

דער ברודער ווידער, דער יונגער דניאל גאָרדאָן, האָט דאָ פּשוט געזען פאַר דער שוועסטער אַ גוטן, פּאַסיקן שידוך. ווי דער איינציקער סאָלידער מיטגליד אין דער משפּחה, אויף וועמען דעם פּאָטערס הויז האַלט זיך איצט, האָט ער קודם־כל אָפּגעשאַצט מנוחינס פּראַקטישע מעלות: אַ באַרימטער דאָקטאָר מיט אַ רייכער פּראַקטיק אין ניו־יאָרק, אַ באַזיצער פון אַ היפּשן שטיק־לאַנד אינעם שרון, וואָס קאָן גיך פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויסאַרטיקן פּרדס, דערצו אויפן אָנזען אַ שיינער, אַנגענעמער מענטש, און שטאַמט פון אַ יחוסדיקן אָרט, ווי דער פּאָטער זאָגט — וואָס דאַרף מען מער? אמת, ער איז עלטער פון דער שוועסטער, אָבער אויך די שוועסטער איז שוין דורכגעגאַנגען איר ערשטע יוגנט, און אויף אַזאַ אַן אופן וואָס האָט דעם פּאָטער, און אַפילו אים אַליין, קיין גרויס פאַרגעניגן ניט פאַרשאַפט. עס איז אַ גליקלעכער צופאַל, וואָס די שוועסטער האָט זיך באַקענט מיט אָט דעם דאָקטאָר נאָך איידער זי איז אָנגעקומען אין לאַנד — דאָס וועט פאַרמיידן אַ סך שטרויכלונגען אויף איר וועג אין דעם היגן פּראָווינציעלן לעבן און וועט אַלעמען פאַרשפּאָרן איבעריקע זאָרג.

די איינציקע, וואָס האָט אין יהודיתס בונד מיט מנוחינען, אַחוץ אַלע זאַכן, געזען אויך די שיינע ראָמאַנטישע זייט, איז געווען די יונגע לאָטאַ גאָרדאָן. די קליינגעוויקסיקע בלאָנדע ליאַלקע, די געוועזענע שילערין פון דער קליינשטעטלדיקער תל־אביבער גימנאַזיע, וואָס האָט כמעט איר גאַנצע יוגנט פאַרבראַכט אין פּוצן זיך פאַר זיך אַליין, אין האַלטן זויבער איר הויז און ווייס אירע ציין, — איז געווען באַצויבערט פון דער שיינער אויסטערלישער שוועגערין, וועלכע איז אַראָפּגעקומען פון דער גרויסער פרעמדער וועלט, אַן אַנדערע ווי אַלע, אַ הויכע, אַ שלאַנקע, אַ וווּנדערלעכע. זי האָט נאָכגעקוקט מיט נייגעריקע פאַרליבטע אויגן אַלע אירע באַוועגונגען, ווי אַזוי זי רייכערט נאַטירלעך

אירע סיגאַרעטן, טרייסלט אָפּ גראַציעז, מיט שיינע לאַנגע פינגער, די אַש אינעם אַש־בעכער, ווי אַזוי עס באַמבלען זיך ביי איר די גרויסע אַנטיקענע אויריגגלעך מיט אַ באַזונדער רייץ פון אַ ציגיינער־פּרינ־צעסין, ווי אַזוי זי שמייכלט מיט אירע שיינע פאַרנעבלטע אויגן אין קלוגער, ערנסטער פאַרטראַכטקייט. פון דעם אַלעם האָט אָפּגעגעבן מיטן אומבאַקנטן צויבער פון די ווייטע גרויסע שטעט אין אייראָפּע און אַמעריקע, ווו יהודית האָט פאַרבראַכט און האָט שוין אויך דורכגעלעבט אַ שטיק טראַגיש און פיקאַנט לעבן. אַ פאַרליבטע אין איר מאַן, און די לעצטע צייט שוין אַ ביסל אַן אָפּגעקילטע פון דער דאַזיקער פאַרליבט־קייט, האָט לאָטאַ איצט אָפּגעפרישט אירע געפילן אויפן מאַנס שוועס־טער. אַלצדינג, וואָס האָט אַרומגערינגלט די שיינע שוועגערין, האָט ביי איר אַרויסגערופן צערטלעכע באַוווּנדערונג. נאָר מער פון אַלץ האָט זי באַוווּנדערט איר שוועגערינס קראַפט, וואָס אונטערוועגנס, פאַרנדיק אויפן ים, האָט זי געפאַנגען דאָס האַרץ פון אַ הויך־אינטערעסאַנטער פערזאָן, אַ רייכן אַמעריקאַנער דזשענטלמאַן, אַ באַרימטן דאָקטאָר, וואָס איז פונקט אַזוי רייצנד, אַזוי שלאַנק און שיין, ווי זי. אַז זיי זענען ביידע נעכטן געשטאַנען אויף דער אַלענבי־גאַס, האָבן זיי אויף זיך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרבייגייער. און היינט רעדט מען שוין פון זיי אין אַלע בעסטע הייזער אין תל־אביב. די יונגע לאָטאַ גאָרדאָן איז געווען שטאָלץ, וואָס איר איז אויסגעפאַלן צו זיין די סאַמע נאָענטע מחותנתטע פון אַזאַ ווונדערלעכן פּאָר.

פון דעסטוועגן האָבן די יונגע גאָרדאָנס זיך אַ ביסל געשראָקן פאַר מנוחינס ערשטן וויזיט ביי זיי אין הויז. עס האָט זיי הויפּטזעכלעך באַאומרואיקט זיין הויכע געלערנטקייט, זיין אָפּגעזונדערטע הויכע גייס־טיקייט, וועלכע דער פאָטער האָט אַזוי געלויבט און וועלכע איז פאַר זיי ביידן געווען אַ פרעמדע ספערע. אום לייכטער צו מאַכן די לאַגע, זיי זאָלן זיך ניט פילן ביים טיש, ביי דער ערשטער קרובישער דערנענטערונג, צופיל אָנגעשטרענגט, האָט דניאל גאָרדאָן אײַנגעלאַדן צו מיטאָג צוויי פון זיינע נאָענטע מענטשן — די בעסטע צוויי אינטעליגענטע כוחות צווישן זיינע פאַרטיי־חברים. ביידע זענען געווען באַקאַנטע יונגע שריפט־שטעלער, וואָס האָבן מיט זייערע נעמען און מיט זייערע פעדערס באַשיינט און באַרייכערט דעם אָרעמען פאַרטיי־אָרגאַן פון די „מלכות־ישראל־ניקעס", און זענען בכלל צווישן די יונגע עם־הארצים פון דער פאַרטיי

געווען פאַררעכנט ווי שיינדעלעך. גאָרדאָן האָט נאָך דערביי געהאַט אויך אַ פּאַרטייאישע כוונה: פון דער שוועסטערס רייד איז אויסגעקומען, אַז ד״ר מנוחין איז ניט פאַרבונדן מיט קיין שום פּאַרטיי און שטרעמונג אין דעם ציוניזם — ער איז טאַקע איבערגעגעבן מיט אַלע זיינע געדאַנקען צו דער אויפלעבונג פון ארץ־ישראל, נאָר אויף זיין אייגענעם שטייגער, לויט זיין אייגענער שיטה. וויבאַלד אַזוי, דאַרף מען ניט דערלאָזן, ער זאָל דאָ אַרונטערפאַלן אונטער דעם שעדלעכן איינפלוס פון די פּאַרטייאישע שונאים — פון אַ ד״ר שיינין מיט אַ ד״ר באַרנבוים. אַזאַ איידעלע אויפגאַבע וועלן בעסער פון אַלעמען קאָנען דורכפירן די דאָזיקע צוויי אינטעליגענטע חברים, וואָס זענען אַליין פון מנוחינס שניט — מענטשן מיט העברעאישער בילדונג, דיכטער און פילאָזאָפן.

איינער, דער סאַמע וויכטיקער פון די צוויי, האָט געהייסן שמעון העלער, נאָר אין דער פּאַרטיי איז ער לעצטנס באַרימט געוואָרן אונטערן נאָמען שמעון בר־גיורא. דער צווייטער, יוחנן מייזל, האָט אין דער פּאַרטיי אויך געטראָגן אַ הערלעכן היסטאָרישן נאָמען: יוחנן איש גוש־חלב. די דאָזיקע צוויי נעמען האָבן שוין אַליין באַדאַרפט עדות זאָגן אויפן פּאָליטישן כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט פון זייערע טרעגער — זיי זענען פשוט אַנטליִען געוואָרן פון צוויי פאַרצייטיקע יידישע העלדן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט גבורה אין דער מלחמה פון די יידן מיט די רוימער ביים חורבן בית שני.

שמעון העלער האָט געשטאַמט פון גאַליציע, ווו ער האָט די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה אַרויסגעשפּראָצט פון דער דאָרטיקער ציוניסטישער יוגנט, זיך אומגעטראָגן מיט ליטעראַרישע אַמביציעס, אָנגעהויבן מיט סקאַרבאָווע ציוניסטישע לידער אויף דריי שפּראַכן מיט אַ מאָל: אויף פּויליש, יידיש און העברעאיש. אינמיטן איז אויסגעבראָכן די מלחמה, און ער איז גענומען געוואָרן אַלס יונגער זעלנער צום עסטרייכיש־רוסישן פראָנט. עס האָט אים אָבער אָפּגעגליקט — ער איז גיך אַריינגעפאַלן אין רוסישער געפאַנגענשאַפט, פון וועלכער ער איז באַפרייט געוואָרן, מיט באַזונדערע פּריווילעגיעס, דורך דער באַמיאונג פון די רוסישע ציוניסטן. עס האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ נייע פּיקאַנטע וועלט: ער האָט זיך אומגעדרייט אין אַ גרויסער יידישער שטאָט אין דרום־רוסלאַנד ווי אַ העלד, ווי אַ דיכטער אין געפאַנגענשאַפט, ניט געהאַט וואָס צו טאָן און ניט באַדאַרפט גאָרנישט טאָן, געווען אַ קעסטניק אויף פרעמדע

טישן, אויסגענומען ביי ווייבער מיט זיין באַזונדערער העלדישער לאַגע, געשפּילט פאַר זיי דעם האַלב־גייסטיקן און האַלב־מיליטערישן בראַוואַדאַ־יונג אין דער פרעמד, אין פריילעך־צעטומלטע טעג פון מלחמה. דערוויייל איז אָנגעשטאַנען די רוסישע רעוואָלוציע, מיט די פּאָגראָמען אין אוקראַ־אינע, און צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע אַנטרונענע איז ער מגולגל געוואָרן אין בערלין, אַריינגעפאַלן אין דעם טומלדיקן קאַפע־לעבן פון אַנגעלאָפענע יידישע זשורנאַליסטן, באַהעמע־מענטשן און אינפלאַציע־הענדלער, געלעבט פון גמילות־חסדים, גערעדט ביי די קאַפע־טישלעך מיט אַ פעסטן מענערשן קול פון אַ נאַטוראַליזירטן רוסישן יידן (וואָס האָט אים, דעם ווייבלעכן גאַליציאַנער, באַזונדער אימפּאָנירט), דערציילט חידושים פון דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען אין רוסלאַנד, פון זיינע זעלנערשע טעג אויפן פראָנט, ווו ער איז געווען פאַררעכנט כמעט ווי אַן אָפיצער, זיך אומגעפירט מיט פרעמדע ווייבער און זיך צוריק אַ נעם געטאָן צו זיינע דיכטערישע אַמביציעס. איצט זענען שוין די לידער ביי אים געווען ניט קיין סקאַרבאָווע־ציוניסטישע, נאָר מאָדערן־באַהעמישע — אויף מאָטיוון פון וועלט־חורבן, אונטערגאַנג און הפקרות. עס זענען אָבער געווען נאָך אַזעלכע ווי ער, האָט ער אין דעם פרעמדן אַנגעלאָפענעם טומל קיין באַזונדערן איינדרוק ניט געקאָנט מאַכן. דערצו איז אויף דער נשמה ביי אים געווען וויסט און לער — ער האָט ניט געוווּסט, וואָס ער וויל און וווהין ער פירט. ער האָט נאָר געוואָלט זיך אויסצייכענען, זיין אָנגעזען אויף דער וועלט, נאָר דערויף האָט אים געפעלט עפּעס אַן עיקר. האָט ער געוואָרפן אַן אומחן אויף זיין פוסטן לעבן אין בערלין און איז אַוועק קיין ארץ־ישראל מיטן געדאַנק דאָרט צו ווערן אַ בעל־תכלית, און ניט נאָר אַ בעל־תכלית, נאָר אויך אַ בעל־תשובה, זיך לייטערן אין די געבוירט־ווייען פון דעם צוקינפטיקן יידישן לאַנד און דורך דעם זיך אָנצינדן מיט פייער — ווערן דער גרויסער זינגער פון זיין פאָלק. עס איז דעמאָלט גראָד געווען די רעכטע צייט פון דער חלוצישער גלאָ־ריפיקאַציע, האָט ער זיך צוגעטוליעט צו די חלוצים, גענומען גלייך ביים אַראָפּגיין פון שיף אַ הייסן טאָן פון גאָר אַ נאָענטן, וואָס ווייטאָגט זייער ווייטאָג, זיך צוואָרעמט אין נביאיש־טערערנדיקן סטיל וועגן זייער שווערער פראַצע אונטער דער ברענענדיקער זון, וואָס איז זיין פראַצע, וועגן זייער פאַרגאָסענעם שווייס אויף דעם טרוקענעם וויסטן באָדן, וואָס איז זיין שווייס, וועגן זייער העלדישן לעבן אין הונגער־נויט און מאַ־

לאַריע־קראַנקייט, וואָס איז זיין לעבן, אויפגעהויבן זיין קול קעגן „די באַרוטע אין ציון", די רייכע און זאַטע, די ליידיק־גייער און גאַר־נישט־טוער — זיך געריסן מיט אַלע כוחות צו זיין דער נביא און שטראָ־פער פון דעם קליינעם אָרעמען יישוב. אויף באַאיווע לייט און שוואַכע איבערקלייבער האָט ער לכתחילה געמאַכט אַן איינדרוק — מע דאַרף דאָך האָבן אַ יונגן נביא אין לאַנד, עס אַרבעט זיך גאָר געשמאַקער, ווען יענער שטייט דערביי און פויקט אין אַ פויק. נאָר די ערנסטע און שטרענגע אין יישוב, די וואָס האָבן אַליין אויסגעקרענקט זייער יוגנט אין שווערער פראַצע און מאַלאַריע, האָבן דאָ דערפילט דעם וואַנדערנדיקן אַקטיאָר, דעם חזן, וואָס זינגט ביי אַ פרעמדן טיש. מע האָט זיך צוגע־הערט צו אים אַ ביסל פון טשיקאַוועס וועגן, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — און מער ניט געוואָלט הערן.

איז שמעון העלער אויף אַ צייט אַנשוויגן געוואָרן, אַ פאַרווירטער און פאַרטאַיעטער, ווי אַ מענטש, וואָס אַכט פאַר זיך אַן אויסגאַנג דורך פאַרשטעלטע וועגן. און פלוצים האָט ער זיך באַוויזן פון אַן אומגעריכטן ווינקל, אין אַ נייער ראָל, ביי אַ שפּאָגל־נייעם שטענדער: ער האָט זיך אַנטפּלעקט פון זיין באַהעלטעניש אין דער בונטאַרישער געשטאַלט פון בר־גיורא, געוואָרן אַ פלאַמענדיקער פויקער און פירער אין די שורות פון די יונגע יידישע גיבורים, וואָס שפרינגען אין פייער. ער האָט זיך אַן צערעמאָניעס אויסגעדרייט מיטן רוקן צו די באַזונגענע און באַ־וויינטע אָרעמע חלוצים, צו די אַקערער און זייער, וואָס בויען דאָס לאַנד אין שווייס און מאַלאַריע, און האָט מיטן זעלבן קול, אין דעם זעלבן נביאיש־טרערנדיקן סטיל, גענומען זינגען און וויינען וועגן עפּעס אַנ־דערש: געזונגען וועגן דעם אויפקום פון מלכות ישראל, וואָס וועט געשען נאָר דורך גרוואַגטע העלדישע מעשים, דורך בלאָזן אין דעם אמתן שופר של משיח, און געוויינט אויף חורבן ירושלים, אויף דער פאַרוואָרפענער קרוין פון מלכות בית דויד, אויפן פאַרשוועכטן כבוד פון בר־כוכבא, און מער פון אַלץ — אויף די קליינע מענטשעלעך פון איצטיקן געפאַלענעם דור, אויף די שרעקעדיקע אויסלייזער פונעם לאַנד, די קריכער, וואָס ווילן ברענגען די גאולה פּאַמעלעך, טריט ביי טריט, מיט אַקער און גראַבאייזן. זיין פערזענלעכע ביטערע איינזאַמע לאַגע אינעם דאָזיקן קליינעם וויסטן לאַנד האָט אים צוגעגעבן פייער — האָט ער זיך צעיאַכמערט ווי אַן אמתער מעלאָדראַמאַטישער נביא, ובפרט אַז

ער האָט איצט געהאַט פאַר זיך אַ דאַנקבאַר פּובליקום, אַ גאַליאַרקע מיט יונגע עם־הארצים, וואָס האָבן אים אויפגענומען מיט פרייד און מיט שטאָלץ, ווי דעם איינציקן שײַנענדיקן שטערן, וואָס איז אויפגעגאַנגען אויף זייער פוסטן הימל. דאָ האָט ער שוין געשווימען, ווי אַ פיש אין וואַסער. אַ הויכער, אַ דאַרער, אַ געוועזענער עסטרייכישער זעלנער, כמעט אַן אָפיצער, אַ בלאָנד־האָריקער, וואָס זיין בלאָנדקייט פאַלט־אַריין אין יידיש־חסידישער געלקייט, מיט ווייסע כיטרע ברעמען, מיט פאַר־וואַסערטע עזותדיקע אויגן, מיט אַ היפשער גלאַנציקער נאָז, וואָס שמייכלט אי קלוג, אי נאַריש, איז ער איצט אומגעגאַנגען איבער די תל־אביבער גאַסן אין פראַנטיש־געפּרעסטע פלאַנעלענע הויזן, מיט ברייטע שוועבנדיקע טריט, ווי אַ גיבור וואָס איילט זיך צום שלאַכט־פעלד. דערביי איז ער אַצינד שוין געווען ניט איינזאַם ווי פריער — ער איז געגאַנגען ניט אַליין, נאָר מיט אים איז תמיד מיטגעלאָפן, אונטער־טאַנצנדיק מיט דריבנע געהאָרכזאַמע טריטלעך, זיין געטרייער לײַב־וועכטער און וואָפנטרעגער, יוחנן איש גוש־חלב.

יוחנן איש גוש־חלב איז געווען דער היפך פון בר־גיורא: ניט קיין גאַליציאַנער, נאָר אַ ליטוואַק. ניט קיין הויכער און קיין בלאָנדער, נאָר אַ קליינגעוויקסיקער און אַ שוואַרצער, אַ געגרייזלטער ווי אַ שעפּס. דערצו אַ שטילער, אַ שעמעוודיקער און אַ פאַרטראַכטער, אַ צעטראָגענער מלאך. ער איז אויך געווען אַ שרייבער — ער האָט זיך געגריבלט אין יידישער געשיכטע, אין מדרש, אין חב״ד־חסידות, אין פילאָזאָפיע. ער האָט געקענט שפּראַכן און האָט געצויגן זיין אָרעמע חיונה פון איבער־זעצונגען אויף העברעאיש. ער האָט געהערט צו דעם טיפּ גייסטיקע שלים־מזלען: אַ סך געלייענט, אַ סך געוווסט און געטראַכט, נאָר עס האָט אים געפעלט עפּעס אַרויסצוברענגען דאָס, וואָס ער ווייסט, ווי עס באַדאַרף צו זיין. אין די רעדאַקציעס פון די צייט־שריפטן האָט מען זיינע שרייבעכצן אָנגענומען ניט־גערן, אָפט זיי אומגעקערט אים צוריק. האָט דאָס אים שטאַרק פאַרביטערט, און ער האָט זיך געפילט אַן איינ־זאַמער און אַ געקריוודעטער אין לעבן. ער האָט געוווסט, אַז ער האָט געלערנט און פאַרשטייט מער פון זיינע חברים, אַפילו מער פון די רעדאַקטאָרן, נאָר וואָס קאָן מען מאַכן, אַז זיי זענען די באַלעבאַטים פון דער וועלט! איז ער אַרומגעגאַנגען איבער תל־אביבער גאַסן אין אַלטע אָפּגעטראָגענע הויזן, אָן אַ היטל, געלאָזט בליאַקעווען די געדיכטע גע־

גרייזלטע שוואַרצע האָר אונטער דער הייסער זון, געקוקט ערגעץ אין דער לופטן מיט אַ פאַרווירטן פנים פון אַ ניט־היגן און אַלץ געמאַכט פאַר זיך אַליין מיט די הענט פון אויבן אַרונטער, ווי איינער זאָגט: „די וועלט טויג אויף כפּרות!”... ביז ער האָט איינמאָל, אַרומגייענדיק מיט זיינע מאַנוסקריפּטן איבער די רעדאַקציעס, פאַרבלאָנזעט אויך אין דער רעדאַקציע פון בר־גיוראס נייעם פּאַרטיי־אָרגאַן. בר־גיורא, וואָס איז דעמאָלט שוין געווען די וויכטיקסטע ליטעראַרישע קראַפט אין דער ציישונג, האָט דעם פאַרבלאָנזעטן שרייבער אויפגענומען זייער פריינד־לעך — אין דער יונגער גערודפטער פּאַרטיי איז מען זשעדנע געווען אויף נעמען פון אומפּאַרטייאישע שרייבער, בפרט אויף אַזעלכע, וואָס קענען זיך אויס אין די שוואַרצע פינטעלעך. מע האָט אין דער רע־דאַקציע אויך באַדאַרפט האָבן אַ ריכטיקן איבערזעצער פון רוסיש, ווייל כמעט אַלע פּאַרטיי־פירער האָבן נאָך געשריבן זייערע אַרטיקלען אין רוסיש, און בר־גיורא אַליין איז געווען אַ גאַליציאַנער. צערעדט זיך און אויסגעהערט די פאַרביטערטע רייד פון דעם געקריוודעטן קאָלעגע קעגן די גייסטיקע פאַרוואַלטער פון דעם ישוב, איז בר־גיוראן איינגע־פאַלן, אַז מע וועט פון אָט דעם שלים־מזל קאָנען מאַכן אַ נוצלעכע כלי. ער האָט אים אָנגעבאָטן שטענדיקע אַרבעט, אָנגעהויבן שטאַרק מקרב צו זיין, און אַזוי ביסלעכווייז אים אַריינגעצויגן אונטער זיין איינפלוס.

פון דאַנקבאַרקייט צו בר־גיוראס האַרציקער באַנעמונג, און אויך פון פּראָטעסט קעגן די שלעכטע סדרים אין לאַנד, ווו אַזאַ מענטש ווי ער איז אויסגעשטעלט צו אַ הונגער־לעבן, האָט יוחנן מייזל גערן זיך געלאָזט באַהערשן פון דעם מלכות־ישראל־געדאַנק, וואָס וועט ברענגען דעם יידישן פאָלק די אמתע גאולה. ביז אַהער האָט ער זיך ווייניק אינטערע־סירט מיט פּאָליטיק, נאָר בר־גיורא האָט אים געעפנט די אויגן. ער האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער צוגעקלעפּט צו זיין נייעם פריינד, זיך אָנגעצונדן מיט זיין פייער, זיך באַפליגלט מיט זיין שווונג, זיך פאַר־ליבט אין זיין גאַנצן וועזן, אין זיין טאָן, אין זיין נביאיש־טרערנדיקן סטיל. ער האָט אים שוין איצט געהאַלטן פאַר דעם גרעסטן דיכטער ביי יידן — פאַרן דיכטער פון יידישן אויפקום, פון משיחס צייטן, פון דער גאולה שלימה — ער איז אַריינגעטראָטן אין דער פּאַרטיי און זיך געלאָזט דיקטירן פון אים, געשריבן שאַרפע פּאָלעמישע אַרטיקלען קעגן די פּאַרטייאישע קעגנער, פול מיט זידלערייען, מיט גראָבקייטן, וואָס

קיינער וואָלט עס פריער ניט געגלייבט אויפן שטילן שעמעוודיקן מענטשל. אויך דעם נייעם נאָמען „איש גוש חלב" האָט ער באַקומען פון זיין פּאָליטישן וועגוווייזער. ביי בר־גיוראן איז דאָס געווען אַן איינפאַל פון אַ לץ, אַז דער שטילער פּאַרטראַכטער ליטווישער ישיבה־בחור, וואָס קאָן ניט אָנרירן אַ פליג אויף דער וואַנט, זאָל טראָגן דעם נאָמען פון דעם פּאַרצייטיקן פלאַמענדיקן קנאי פונעם גליל. נאָר יוחנן מייזל האָט דאָס אָנגענומען בתמימות, ווי אַ צייכן און אַ רוף צו בונטאַרישן קאַמף. אין תל־אביב האָט מען פון די צוויי, פון דעם הויכן בר־גיורא מיטן קליינעם איש גוש־חלב, וואָס מע האָט זיי איצט געזען אומעטום אינאיינעם, געגנוג שפּאַס געהאַט. מע האָט זיי אויפגענומען ווי אַ מין דאָן קיכאָט מיט זיין קנעכט סאַנטשאָ פּאַנסאַ. דאָן קיכאָט איז דאָ אָבער געווען אַ סך פּראַקטישער און אויסגערעכנטער פון דעם נאַאיוון סאַנטשאָ פּאַנסאַ.

דניאל גאָרדאָן האָט די צוויי אינטעליגענטן פון זיין פּאַרטיי אין האַרצן ניט ליב געהאַט. זיי האָבן אים אויסגעוויזן צו פּאַרשפּיצט, אָפּגעגעבן מיט „גלות", געשמעקט מיט פאַרלעגענעם ריח פון בית־מדרש. ער האָט ניט געפילט קיין באַזונדערן טעם אין בר־גיוראס קלאָג־לידער אויף חורבן ירושלים, און די זידלערייען פון איש גוש־חלב קעגן די פיינדלעכע פּאַרטייען זענען אים געווען דערווידער. ער האָט מער געגלייבט אין געלאַסענער קאָנסטרוקטיווער טעטיקייט איידער אין היציקע געשרייען און ווילדע דעמאָנסטראַציעס. נאָר די צוויי זענען געווען די אויטאָריטעטע תלמידי־חכמים אין דער יונגער פּאַרטיי, איר שיינדלעלע פאַר דער אויסערער וועלט, און שטיצנדיק מיט אַן אָפענער האַנט די אָרעמע פּאַרטיי־צייטונג, האָט ער געעפנט ברייט זיין הויז אויך פאַר אירע שרייבער. איצט, ווען לנדיק אָנגענעם מאַכן ד"ר מנוחינען זיין ערשטן וויזיט ביי זיך אין הויז, האָט ער ניט געפונען פאַר אים קיין מער פּאַסיקע געזעלשאַפט ווי דעם דיכטער בר־גיורא מיטן פילאָזאָף איש גוש־חלב.

קאַפּיטל פיר און דרייסיק

## ביי די גאָרדאָנס

דניאל גאָרדאָנס צוויי־גאָרנדיקע ווילע, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ זייטיקער שטילער גאַס, אין דעם פּאַרמעגלעכן, אַזוי־גערופענעם „לב תל־אביב" (תל־אביבער האַרץ), האָט געמאַכט דעם זעלבן איינדרוק ווי איר יונגער באַלעבאָס — סאָליד און שטייף פון דרויסן, און טיכטיק גע־אָרדנט פון אינווייניק. געבויט ניט אויפן הוילן זאַמד, נאָר אויף אַ הויכן געפּרעסטן אָנשיט פון שטיינער מיט זאַפּטיקער שוואַרצערד, אַרומ־געצאַמט מיט שטאַרקע אייזערנע גרין־געפאַרבטע שטאַכעטן, אַרומגעוואַקסן מיט געדיכטן קריכנדיקן גראָז און מיט יונגע בלעטערדיקע ביימער, דערצו באַפּוצט אין פראָנט מיט אַ ספּעציעל צוגעטראַכטן באַרעליעף, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם צאַרנדיקן לייב פון יהודה אין דעם יאָך פון אַ מגן־דויד, — האָט דאָס העל־ברוינע טורעם־אַרטיקע מויערל מיט די טונקל־בלויע לאָדנס אויסגעקוקט צווישן די אַרומיקע אַפּאַרטמענט־הייזער פון דער גאַס ווי אַ קליינע פּריצישע פעסטונג, ווי אַ מין מאָדערניזירטע אָפּדאַכטונג פון אַן אַלט־העברעאישן געזיכערטן געצעלט, פון די „משכנות־מבטחים". דער גרויסער וואָלפישער הונט ביים טויערל, וואָס האָט מיט דרעסירטן גאַסט־פריינדלעכן דרך־ארץ אַרומגעשמעקט יעדן אַריינגייער, האָט באַדאַרפט באַשטעטיקן דעם דאָזיקן איינדרוק.

אַרויפגעקומען מיט דעם יונגן גאָרדאָן און מיט יהודיתן צום הויז, האָט מנוחין מיט אַ באַזונדער גוטן געפיל זיך אומגעקוקט אויפן רחבות־דיקן ציכטיקן הויף, וואָס האָט זיך געליכטיקט אונטער דער מיטאָג־זון אַ באַשאָטענער מיט ים־שטיינדלעך, אַ צוגעקליבענער מיט בייטן בלומען, מיט קוסטעס קאַקטוסן און יונגע פּאַלמעס, מיט געפלאָכטענע שאָטנדיקע ביידלעך אין די ווינקלען פון דעם פּאַרקאַן, אפילו מיט אַ טעניס־פּלאַץ און מיט אַ געבויטער הוידע פאַר די קינדער — פון אַלע זייטן האָט אַרויס־געקוקט וואַרעמע באַרוטקייט פון אייביקן זומער, באַוואָרנט דורך גוט־איינגעשטעלטער באַלעבאַטישקייט, וואָס האָט זיך דאָ פאַרפלאָנצט אויף זיכער. ווי אַ סך אַנדערע פון זיין געמיט און שטימונג־גאַנג, וואָס פילן

זיך אין תל־אביב באַלד ביים אָנקומען ניט ווי פרעמדע געסט, נאָר ווי אייגענע, ווי פאַראינטערעסירטע און פאַראַנטוואָרטלעכע בירגער פון דער ערשטער יידישער שטאָט, האָט אויך מנוחין שוין אויפן צווייטן טאָג זיך אָנגעהויבן דאָ צוקוקן צו זאַכן, וואָס אין ניו־יאָרק וואָלט ער אַזעלכעס קיינמאָל ניט באַמערקט. ער האָט שוין געהאַט עגמת־נפש פון תל־אביבער צעבראָכענע און צעפאָרענע טראָטואַרן, פון דעם קליינשטעטלדיקן אויס־געקרימטן און געלאַטעוועטן ברוק אויף די הויפּט־גאַסן, פון אָפּגעלאָ־זענע, ניט־דערבויטע און ניט־דערטינקעוועטע הייזער, — און אַקעגן דעם האָט ער זיך געפרייט און געשעפּט נחת פון יעדן מוסטערהאַפטן בנין און פון יעדן באַגרינטן הויף, וואָס האָט צוגעגעבן כאַראַקטער און קאָליר דעם ווירטשאַפטלעכן פאַרמעגן פון דער יידישער שטאָט.

אויך אינווייניק אין שטוב ביי די גאָרדאָנס האָט געשמעקט מיט פרישקייט, מיט זויבערקייט און מיט גוטער אָרדענונג. דאָ האָט זיך, אַפּנים, געלאָזט מערקן די האַנט פון דער קליינער אויפגעראַמטער באַלעבאָסטע, וועלכע האָט באַגעגנט די אַריינגעקומענע אין אַ ווייסן פאַרטיכל, ווי אַ קאָ־קעטיש שטוב־מיידל, מיט אַ ליכטיקן שמייכל אויפן צוגעפּאַרבטן ליאַלקע־פּנים. די הויכע פענצטער זענען דאָ געשטאַנען אָפן צום זוניקן דרויסן, פון די ברייט־צעעפנטע טירן און געוועלבטע אַרקעס האָבן זיך געזען ליכטיקע דורכגעלופטערטע ווינקלען, שווערע זיידענע גאַרדינעס, פאַר־ביקע טעפּיכער אויפן קאַלטן מירמל־שטיינערנעם דיל, אַ ווייס־געדעקטער יום־טובדיקער טיש אין עס־צימער. אין גאָרדאָנס קאַבינעט, וווהין מע האָט אַריינגעפירט מנוחינען און באַזעצט אויף איינעם פון די באַקוועמע לעדערנע פאָטעלן, האָט צווישן די מאָדערנע גראַוויורעס אויף די ווענט, פון סאָמע אויבן אָן, אַראָפּגעקוקט אַ פאַרגרעסערט בילד פון יוסף טרומ־פּעלדאָר, אין אָפיצערישער קליידונג, — דער נאַציאָנאַלער העלד און וועגווייזער פון דעם יונגן באַלעבאָס.

— ווו איז דער פּאַפּאַ, לאָטאָטשקאָ? — האָט געפרעגט יהודית, אַ ביסל אַ צערודערטע פון מנוחינס ערשטן באַזוך ביי איר משפחה, אומ־גייענדיק נאָך אַן אָנגעטאָנענע אין וועג־מאַנטל פון איין חדר אינעם אַנדערן.

— אַלץ ביי די קינדער, — האָט די שוועגערין געזאָגט מיט אַ שמייכל. — ער קאָן זיך מיט זיי גאָרניט שיידן!

— בר־גיורא מיט איש גוש־חלבן זענען נאָך ניט געקומען? — האָט זיך גאָרדאָן געוווּנדערט.

— זיי זענען אויך אין קינדער־צימער. דו הערסט דען ניט וואָס דאָרט טוט זיך? — האָט געזאָגט לאָטאָ, ווייזנדיק אויף יענער זייט קאָרידאָר, פון וואַנען עס האָט זיך געלאָזט הערן אַ הילכיקער טומל, אַ געזאַנג מיט אַ קלאַפּעריי און מיט פריילעכע געלעכטערן פון קינדער. — דאָס ווייזט פאַר זיי עמיהוד קונצן. מע האָט דאָ געבראַכט דעם באַגאַזש פון חיפה, האָט דער זיידע אויסגעפּאַקט פאַר ימימהן אַ פּיאַנאָ און פאַר עמיהודן אַן אַמעריקאַנער אויטאָמאָביל — איז געוואָרן ששון ושמחה!

— קום, וועסטו זען די קינדער, די קליינע אַלט־העברעערלעך! — האָט יהודית פריילעך אַ נעם געטאָן מנוחינען ביי דער האַנט און אים אויפגעהויבן פונעם פאָטעל.

אַלע פיר האָבן זיך געלאָזט גיין אינעם קינדער־צימער, ווו זיי האָבן געטראָפן אַ גאַנצן ספּעקטאַקל: ביי אַ קינדערשן שפּיל־פּיאַנאָ איז געזעסן ימימה, אַ שוואַרץ־לאָקיק מיידעלע פון אַ יאָר זעקס, מיט גרויסע ברענענ־דיקע שוואַרצע אויגן, און אויסגעפּויקט איבער די קלאַווישן מיט אַלע כוחות עפּעס אַ קינדערשן מאַרש. דערביי איז געשטאַנען דער הויכער דאַרער בר־גיורא אין געפּרעסטע גרויע פלאַנעלענע הויזן, געמאַכט מיט די לאַנגע הענט ווי אַ דירידזשאָר און מיט אַ לאַכנדיקן געל־געשפּרענקלטן פּנים עפּעס געזונגען פאַרן מיידעלע מיט ווערטער צום טאַקט. אויך איש גוש־חלב האָט גענומען אָנטייל אין דעם קאָנצערט: שטייענדיק פון דער זייט, פאַררוקט אין אַ ווינקל, מיט צוגעמאַכטע אויגן און מיט אַ זיס־פאַרדבקהטן פּנים, האָט ער שטום צוגעשאָקלט צו זיין חברס געזאַנג מיטן שוואַרצן געגרייזלטן שעפּסן־קאָפּ, ווי אַ פרומער ייד צו שמונה־עשרה. נאָר מער פון אַלעמען האָט דאָ געקערט אַ וועלט עמיהוד, אַ בלאָנד־האָריק יונגעלע פון אַ יאָר אַכט, אַ שלאַנקס און אַ בייגעוודיקס, וואָס האָט אויס־געזען מער שייגעצל ווי יידיש קינד מיט זיין שטייפן, ערנסטן, זעלטן־שיינעם פּנימל. ער איז געזעסן אין דעם שפּאָגל־נייעם רויטן קינדערשן אויטאָמאָביל, אַ פאַרפלאָמטער, אַ פאַרשוויצטער, אַן ערנסט־צעקאָכטער, כמעט אַ צעיושעטער, געיאָגט זיך משוגענערווייז איבערן צימער הין און צוריק, ווי אין אַ וויכער, אַלע ווילע אָנגעפאָרן אויפן זיידן, אויפן אַלטן גאָרדאָנען, וועלכער איז יעדן מאָל אָפּגעשפּרונגען צו דער וואַנט אַ גליק־לעך־דערשראָקענער, מיט אַ ליכטיקער באַהאַרצטער פאַרב אויפן קרענק־לעכן פּנים.

— סבא, הסתלק! — האָט דאָס בלאָנדע שייגעצל געשריען צום זיידן

מיט פאַרלאָפּענע אויגן. — הסתלק, לעזאזל! (זיידע, טראָג זיך אָפּ! טראָג זיך אָפּ, צום טייוול!)...

— עמי! — האָט די מוטער, אַ פאַרשעמטע פאַר מנוחינען, זיך אָנגעבייזערט אויפן ייִנגל. — ווי אַזוי שרייסטו צום זיידן?

— הסתלקו! — האָט דאָס ייִנגל, ניט זעענדיק און ניט הערנדיק קיינעם, זיך נאָך מער צעקאָכט, אָניאָגנדיק דעם אויטאָמאָביל אויף די ניי־איינגעקומענע — הסתלקו כולם, כולם, לעזאזל! (טראָגט זיך אָפּ אַלע, אַלע, צום טייוול!)...

— עמיהוד! — האָט שוין דער פאָטער זיך אויף אים צעשריען. — די מינוט זאָלסטו אָפּשטעלן די מאַשין!

ערשט דאָ האָט עמיהוד דערהערט, ווער עס רעדט צו אים. ער האָט אָפּגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל און איז אַראָפּ אַ פאַרשעמטער, אַ סטאַטעטשנער, מיט די אויגן צו דער ערד.

— איך האָב מיך געשפּילט אַזוי, — האָט ער זיך שטיל פאַרענטפערט, אָנקוקנדיק נייגעריק, פון אונטערן שטערן, דעם פרעמדן מנוחינען.

— אָבער אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך שפּילסטו זיך? — האָט צו אים דער פאָטער געזאָגט שטרענג. — איך זאָל מער פון דיר דאָס וואָרט „לעזאזל” ניט הערן! עס איז ניט קיין שפּראַך פאַר אָנשטענדיקע קינדער!

— וואָס ווילסטו פון זיין שפּראַך? — האָט זיך דער זיידע איינגעשטעלט פאַרן אייניקל אויף רוסיש. — די בעסטע שפּראַך אין דער וועלט! גמרא־לשון!... „הסתלק!”... און „לעזאזל” איז אויך ניט קיין וואָכעדיק וואָרט — ס'איז פון חומש!... פון אַלע נסים איז דאָס ביי מיר דער גרעסטער נס! — האָט ער זיך געווענדט צו מנוחינען מיט אַ שיינענדיקן פּנים. — איך האָב דערלעבט, אַז מיינע אייניקלעך, אַזעלכע פּיצלעך קינדער, רעדן די שפּראַך פון אונדזערע אַלטע נביאים און תנאים, ווי זייער מוטער־שפּראַך! ס'איז דאָך תחית־המתים! איצט ווילט זיך שוין ניט שטאַרבן, דאָקטאָר!... אַ שאָד נאָר, וואָס איך בין אַהער אַזוי שפּעט געקומען!...

דער יונגער גאָרדאָן האָט פאַר מנוחינען פאָרגעשטעלט זיינע חברים בר־גיורא מיט איש גוש־חלבן. מנוחין האָט זיך שטאַרק פאַרחידושט אויף די דאָזיקע צוויי נעמען, נאָר ער האָט גאָרנישט געזאָגט. עס איז אָבער געווען צו זען, אַז די צוויי זענען פאַר אים פּוסטע נעמען — ער האָט פון אַזעלכע שריפטשטעלער ביז אַהער ניט געוווּסט. בר־גיורא, וואָס האָט

דאָס גלייך דערפילט, האָט אים מיט פּראַכטלעכער נאַכלעסיקייט דער־לאַנגט די לינקע האַנט. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן און זיך אָנגערופן צו דניאלן אין ווילערישן לייכטן טאָן פון אַ חברה־מאַן, וואָס איז מבטל אַלע אַרומיקע:

— דניאליק, גזלן! וואָס האָסטו אונדז אַזוי לאַנג געלאָזט וואַרטן? איך בין הונגעריק, ווי אַ הונט!

— איך האָב מיך פאַרזאַמט מיט דער שוועסטער אין פּרדס, — האָט זיך דניאל פאַרענטפערט, — און נאָכדעם זענען מיר פאַרפאַרן נעמען אונדזער גאַסט.

— וועלכן גאַסט? — האָט בר־גיורא געפרעגט גרינגשעציק, ווי ער וואָלט כלומרשט אויף אַ ווײַל פאַרגעסן אָן מנוחינען. — אַ, אָט דעם אַמעריקאַנער?... מיינסטו אפשר, אַז איך בין דאָ געזעסן ליידיק? איך האָב עפּעס אויפגעטאָן! איך האָב דאָ דערווייל געמאַכט פאַר דיין ימימהלען אַ לידל — כפתור ופרח! צוגעפּאַסט צו איר פּיאַנאָ, וואָס דיין פאָטער האָט איר געבראַכט פון אַמעריקע. אַ לידל אין אונדזער גייסט — מע וועט דאָס קאָנען געבן זינגען אונדזערע קינדער...

— עקספּראָמט! — האָט צוגעגעבן איש גוש־חלב מיט אַ גליקלעכן שמייכל — עס האָט ביי אים גענומען ניט מער ווי צען מינוט!

— צען מינוט? — האָט בר־גיורא זיך באַליידיקט. — דריי מינוט!

— מיין איך טאַקע דריי מינוט! — האָט איש גוש־חלב גלייך נאָכ־געגעבן.

— באמת? אַ לידל פאַר ימימהן? — איז די מוטער געוואָרן ביי־גערעט. — איך וואָלט עס וועלן הערן!

— איך שטאַרב אָבער עסן, לאָטעלע, איך בין הונגעריק ווי אַ הונט! — האָט בר־גיורא זיך געפּיעסטעט פאַר דער יונגער באַלעבאָסטע מעשה היי־מישער מענטש און פּריווילעגירטער חבר, דערביי זי אַרומגענומען שטי־פעריש, נאָר פאַראייניווגס שוין צוגעדריקט זי שטאַרק צו זיך, און לסוף זי אויפגעהויבן מיט ביידע הענט הויך איבער דער ערד.

— לאָזט אָפּ, ווילדער פּאַעט! — האָט לאָטאַ זיך אַרויסגעמאַכט פון זיינע הענט אַ פאַררויטלטע, קוקנדיק פאַרשעמט אויפן אָנגעכמורעטן מאַן און אויף מנוחינען, וועלכער האָט אָפּגעווענדט פאַרדראָסיק די אויגן פון אַזאַ אומגעלומפּערטער און ניט־אומשולדיקער פאַיאַצנמאַכעריי. — לאָמיר שוין הערן דאָס ליד!

— ימימה, קלאַפּ אויפן פּיאַנאָ! — האָט דער ווילדער פּאָעט אַ קאָ־מאַנדעווע געטאָן צום שוואַרץ־חנעוודיקן מיידעלע און זיך אויפגעשויבערט מיט דער געל־געשפּרענקלטער האַנט די געלע פּאָעטישע לאָקן.

ימימה האָט קאָקעטיש אַ בליץ געטאָן אויפן עולם מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן און ווי אַן עכטע פּיאַניסטין זיך צוגעזעצט צום קינדערשן שפּיל־אינסטרומענט. בר־גיורא האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער פּאָזע פון אַן אָפּערע־זינגער, און קוקענדיק מיט די פאַרוואָסערטע שעלמישע אויגן דאָ אויף לאָטאַן, דאָ אויף יהודיתן, האָט ער מיט אַ טרערנדיקן מע־לאָדראַמאַטישן קול אָפּדעקלאַמירט זיין עקספּראָמט־לידל צום טאַקט פון ימימהס קינדערשן מאַרש:

קדימה, קדימה,
אחותנו ימימה,
ילדת לפידות!
הרעישי הפסנתר,
שונאינו לקנתר,
להצית לפיד־אות
למרד וזעם,
חזיזים ורעם!...

(פאָרוועטס, פאָרוועטס, שוועסטערל ימימה, פלאַם־פייערדיק קינד! מאַך שטורעמען דאָס פּיאַנאָ, אונדזערע שונאים אויף צורייצן, אויף אָנצינדן אַ פאַקל־צייכן צו בונט און צו צאָרן, בליצן מיט דונער!...)

— בראַוואָ! — האָט לאָטאַ אַפּלאָדירט. — אַן אויסגעצייכנט לידל פאַר ימימהלען! קדימה, ימימה,

— באמת אַ פיין לידל! — האָט מסכים געווען דער אַלטער גאָרדאָן, וואָס אַלצדינג האָט זיך אים דאָ געוויזן אין גוטן, פריידיקן ליכט. — דערהויפּט די שפּראַך — אַ פיינע, לייכטע שפּראַך!...

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו רעדן — ס'איז אַ געניאַל קינדער־ליד! — האָט איש גוש־חלב אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום פענצטער, ווי געבנדיק דערמיט צו פילן, אַז קיין וויכוחים קאָנען דאָ וועגן דעם ניט זיין.

— וואָס זאָגסטו בעסער, מייזעלע, צום גראַם „לפידות" מיט „לפיד־אות"? — האָט בר־גיורא, אַ צעוואָרעמטער פון ערפאָלג, שוין אַליין אָנ־

געקוואָלן פון זיין אַרבעט, און די לאַנגע נאַז האָט זיך ביי אים צעגלאַנצט אין דיכטערישן זעלבסט־עקסטאַז.

— אַ גענילער גראַם! — האָט איש גוש־חלב אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, קוקנדיק אין פענצטער.

— נו, און אונדזער אַמעריקאַנער גאַסט וויל גאָר קיין מיינונג ניט זאָגן? — האָט בר־גיורא זיך אָנגערופן צו מנוחינען שוין אין אַ פריינד־לעכן טאָן, ווי אַ מענטש אַ באַגליקטער, וואָס וויל זיין גוט צו אַלעמען. — איר זענט, דאַכט זיך, אַ גוטער קענער פון העברעאיש, ווי איך האָב געהערט?...

— מיינע ידיעות אין העברעאיש — האָט מנוחין ניט־גערן געענט־פערט — קלעקן מיר נאָר אויף דעם, איך זאָל צווייפלען, אויב אַזעלכע לידער זענען פאַסיק פאַר קליינע קינדער. עס איז נאָך פרי צו רופן ימימהן צו בונט און צאָרן!...

— אַזוי גאָר? איר זענט פון די שרעקעדיקע ווייך־האַרציקע יידן? — האָט בר־גיורא אויף אים אָנגעשפיזט זיינע פאַרוואָסערטע אויגן. — איר האָט מורא אָנצורירן די קנעכטישע מאָראַל פון יידישע קינדער?... דויד מלך ישראל איז געווען ניט ווייניקער מאָראַליסט פון אייך, פון דעסטוועגן האָט ער ניט מורא געהאַט אַרויסצוגעבן אַ לאָזונג, אויב איר געדענקט נאָך תנ״ך: „ללמד בני יהודה קשת“ (לערנען יידישע קינדער שיסן)... געדענקט איר דעם פייערדיקן פסוק, מיין אָפּגעהיטער אַמעריקאַנער דאָק־טאָר?...

מנוחין האָט אָפּגעשוויגן. ער האָט נאָר פאַר זיך אַ טראַכט געטאָן:

„וואָס איז דאָס פאַר אַ מין נפש — אַ פּאַיאַץ, אַ נאַר, צי סתם אַ פּלוידערזאַק?“...

זיין גוטע שטימונג, מיט וועלכער ער איז אַריינגעקומען צו די גאָר־דאָנס אין הויז, איז שוין צעשטערט געוואָרן.

קאַפּיטל פינף און דרייסיק

## שאַקאַלן

ביים טיש איז די שטימונג ביי מנוחינען נאָך מער געפאַלן. די קליינע אויפגעראַמטע לאַטאַ גאַרדאַן, וואָס האָט ליב געהאַט, אַז אַלצדינג ביי איר זאָל זיין אין געהעריקער אָרדענונג, האָט אַוועקגעזעצט יהודיתן צווישן די צוויי חברים, בר־גיוראַן און איש גוש־חלבן, און מנוחינען האָט זי געזעצט פון דער צווייטער זייט טיש אַקעגן זיי, צווישן איר מאַן און די קינדער, בעת דעם אויבנאָן האָט פאַרנומען דער אַלטער גאַרדאַן. זי האָט דאָס אויסגעפּלאַנט אַזוי, אַז חתן־כלה (ווי זי האָט מנוחינען מיט יהודיתן שוין גערופן אין געדאַנק) זאָלן ניט זיצן איינס לעם אַנדערן, ווי די טאַקען. מנוחין האָט איצט געהאַט די מעגלעכקייט גוט צו באַטראַכטן בר־גיוראַס פיזיאָנאָמיע, צו וועלכער ער האָט שוין אָנגעהויבן פילן אַן אומרואיקע, דריקנדיקע שנאה. דאָס פּנים ביי בר־גיוראַן איז, אייגנטלעך, געווען ניט קיין מיאוס, און געוויס ניט פון די טריוויאַלע, וואָכעדיקע פּנימער. אין אַנפּאַס האָט עס אויסגעקוקט דווקא אָריגינעל, אַפילו צוציענד, און מאָמענטנווייז, ווען ער האָט זיך פאַרגעסן, אָדער זיך פאַרטראַכט, האָבן ביי אים די דיקלעכע יצר־הרעדיקע ליפּן זיך צוזאַמענגעלייגט אין אַ ווייכן גוטמוטיקן שמייכל, די פאַרוואַסערטע אויגן האָבן זיך פאַרטיפט, אַרויסגעשטראַלט פון זיך אַ באַהאַרצטע וואַרעמקייט, און דאָס גאַנצע בלאַנדע געשפּרענקלטע פּנים האָט באַקומען דעם אויסדרוק פון אַ פאַרשטיפטן יינגל, אַזאַ וואָס ניט דאָס שטיפן איז ביי אים דער עיקר, נאָר דער באַגייסטערטער בראַוועט צושטאַנד ביים שטיפן. דאָס פלעגט אָבער געדויערן נאָר אַ מאָמענט. עס איז געווען גענוג, אַז בר־גיורא זאָל אויף זיך דערפילן די אויפמערקזאַמקייט פון אַנדערע, אָדער נעמען אויפן געדאַנק זיין באַזונדערע לאַגע אין דער וועלט, אַז זיין נאָז זאָל זיך צעגלאַנצן נאַריש־באַרימעריש, די אויגן זאָלן זיך אַרומקוקן מיט חוצפּהדיקער זיכערקייט, וואָס ווייסט קיין בושה ניט, און דאָס גאַנצע פּנים זאָל אויסדריקן ווילעריש דראַנג פון אַ הפקר־מענטש, וואָס זוכט אין לעבן נאָר פאַרצוקונג. און אַז ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּראָפיל און באַוויזן זיינע אָפּ־

געשטאַנענע דורכזיכטיק־רויטע אויערן, מיט די עטוואָס געגרייזלטע חסי־דיש־געלע פּאות און מיטן געשפּרענקלטן מאָגערן נאַקן, האָט ער מנוחינען אויסגעזען פּשוט הינטיש. עפּעס הינטישעס איז געווען אויך אין זיין עסן, אין זיין ניט־געשטילטן הונגעריקן שלינגען מיטן רויטן טרוקענעם האַלדז. ער האָט זיך געהאַלטן ביים טיש אומגעצווונגען, מיט דער נאַכלעסיקער פרייקייט און פאַראַכטונג פון אַ דורכגעטריבענעם היימלאָזן פּאָעט און פרעמדן קעסטניק צו רייכן מעצענאַטישן ברויט־און־זאַלץ. ער האָט בלינד אָנגעטאַפּט אויפן טיש מיט די לאַנגע הענט, ווי מיט גוטע הראַבליעס, אַלצדינג וואָס ער האָט באַדאַרפט, געשיקט געאַרבעט מיט מעסער און גאָפּל, זיך אַליין אָנגעגאָסן ווייַן, דערביי ניט פאַרגעסן צו וואַרפן פון דער זייט אַ געטריי שעלמיש אויג אויף זיין חבר איש גוש־חלב, וואָס האָט זיך שטיל און שעמעוודיק געפּאַרעט ביי זיין טעלער, אַ פאַרלאָרענער אין דער פרעמדער שפע, ווייניק געגעסן און אַלץ געשמייכלט פאַר זיך מיט ישיבה־בחורשן ביטול איבער דעם גאַנצן ענין פון גבירישער, ראַ־פינירטער אכילה.

— מייזעלע, — האָט בר־גיורא צו אים געזאָגט מיט באַרוישטער צערטלעכקייט פון אַ שטאַרקערן און פלינקערן עסער, — טראַכט ניט קיין סך, נאַרעלע. ס׳איז ניט קיין פילאָזאָפיע — ס׳איז אַ געבראָטענער אינדיק מיט זיסן איינגעמאַכטס, מחיה נפשות. אונדזער לאָטאַ גאַרדאָן איז ניט נאָר אַ ווילע חברטע, נאָר אויך אַן אויסגעצייכנטע קעכין — פּערווי סאָרט!... לאָטעלע, טייבעלע, גיט אויף אים אַכטונג, ער איז אַ גרויסער שלים־מזל!...

— מיט פאַרגעניגן! — האָט לאָטאַ געזאָגט, אַ צופרידענע פון דעם צווייענדיקן קאָמפּלימענט, און האָט צוגעלייגט איש גוש חלבן נאָך אַ חלק, פון וואָס יענער האָט אָנגעהויבן שוויצן, זיך אָפּגעמאַכט מיט ביידע הענט.

נאָר מער פון אַלץ האָט מנוחינען דאָ ניט געלאָזט רוען, וואָס בר־גיורא איז געזעסן אַזוי נאָענט צו יהודיתן. עס האָט אים שטאַרק פאַר־דראָסן, וואָס איבער דער דאָזיקער נאָענטקייט פון ביידן איז ער די גאַנצע צייט געצוווּנגען צו האַלטן אַן אויג אויף בר־גיוראס באַוועגונגען, נאָכ־צושפּיאָנירן, ווי אַזוי יענער מאַניפּולירט אַלץ אַזוי, ער זאָל קאָנען אָנרירן יהודיתן דאָ מיטן עלנבויגן און דאָ מיטן אַקסל. ער האָט שוין אפילו עטלעכע מאָל געוואַגט אַרויפצולייגן זיין געלע געשפּרענקלטע האַנט אויף איר צאַרטער גראַציעזער פּלייצע, דערביי פאַרהאַלטן די האַנט אַ ביסל

לענגער ווי עס פּאַסט, און זיינע פּאַרוואַסערטע אויגן האָבן זיך אים צע־גלאַנצט מיט אַן אומריינעם מוטנעם פייערל. דער גאַנצער אַנטיק איז דאָ באַשטאַנען אין דעם, וואָס פירן מיט יהודיתן אַ געלויפיק געשפּרעך האָט יענער ניט געקאָנט — יהודית האָט ניט פאַרשטאַנען קיין העברעאיש און גערעדט זייער שלעכט יידיש. האָט ער גערעדט מיט איר, דער גאַליציאַנער, אויף אַ שוידערלעכן געבראָכענעם רוסיש, וועלכן ער האָט זיך אויסגע־לערנט אין די טעג פון זיין געפאַנגענשאַפט אין רוסלאַנד. ער האָט איר שוין פאַראייניוועגס דערציילט אַ פּאָר עפּיזאָדן פון יענע פריילעכע טעג, ווען ער איז געווען אַ געפאַנגענער עסטרייכישער זעלנער, כמעט אַן אָפיצער, אין רוסלאַנד — און דאָס האָט ביי יהודיתן אַרויסגערופן אַ באַ־זונדער אינטערעס. זי האָט טאַקע געלאַכט פון זיין קאָמישער רוסישער שפּראַך, נאָר מיט זיין געוועזענער לאַגע פון אַ געפאַנגענעם אָפיצער האָט ער פּאָרט געפאַנגען איר האַרץ. „וואָס ווערט זי אַזוי נתפעל פון אָפי־צערן?" — האָט מנוחין געטראַכט פון יהודיתן מיט טיפן פאַרדראָס, דער־מאָנענדיק זיך אָן דעם ענגלישן שיף־אָפיצער, מיט וועמען זי האָט זיך אויך לייכט באַקענט אויפן דעק און זיך צוגעהערט צו זיינע אַנעקדאָטן מיטן זעלבן ליכטיקן פּנים, ווי זי הערט איצט אויס דאָס פּלוידערן פון דעם דאָזיקן באַרימער. „שוין זשע פילט זי ניט קיין עקל צו אָט דעם צווייפלהאַפטן פּאַרשוין מיט זיינע וווּלגאַרע, גראָב־יונגישע כוונות?"... עס איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער רופט זי ביים ערשטן נאָמען „יהודית"!... מנוחין איז געוואָרן אויפגעבראַכט. ער האָט אַ טראַכט געטאָן צאָרנדיק, אַז ער אַליין קאָן נאָך אַלץ ניט פּועלן ביי זיך אַרויסצורעדן פריי דעם נאָמען „יהודית", וואָס איז ביי אים פאַרבונדן מיט די סאַמע צערט־לעכע פאַרשטעלונגען, און דאָ איז געקומען עפּעס אַ וואַגאַבונד, אַ שלעפּער איבער פרעמדע הייזער, וואָס קוקט אַרויס נאָר אויף פרעמדע טישן און אויף פרעמדע ווייבער, וועלכער באַגעגנט אַפילו אָט די יונגע שיינע, שטוב־מיידל, וואָס דערלאַנגט דאָ צום טיש, מיט דעם זעלבן אומריינעם חוצפּהדיקן שמייכל, — און שוין דעם ערשטן טאָג איז זי פאַר אים גע־וואָרן „יהודית"!... איצט פעלט מער ניט, ער זאָל נאָך יהודיתן אַרומנעמען און מיטביידע הענט זי אויפהייבן אין דער לופטן, ווי ער האָט ערשט אַזאַ קונץ באַוויזן מיט דער קליינער לאָטאַ גאָרדאָן. פאַרשטעלנדיק זיך די מעגלעכקייט פון אַזאַ סצענע, האָט מנוחין געפילט, ווי עס ווערט אים פינצטער פאַר די אויגן. ווען אַזעלכעס פאַסירט, וואָלט ער פעאיק געווען

אויף עפּעס, וואָס ער האָט קיינמאָל אין זיין לעבן ניט געפּרווט טאָן — ער וואָלט אים געפּאַטשט. ער וואָלט אים, דעם געלן פּאַטישן סמערד־יאַקאָוו, קיין איין וואָרט ניט געזאָגט, נאָר שטום אויסגעפּאַטשט און אַרויס־געוואָרפן אין דרויסן!...

— וואָס קוקט איר, דאָקטאָר, אַזוי פינצטער אין אונדזער ליכטיקן לאַנד? — האָט אים בר־גיורא פּלוצים געפרעגט שפּאָטיש, ווי ער וואָלט געוווסט זיינע געדאַנקען און געהאַט אַ כוונה מיט אים זיך אַ רייץ צו טאָן.

מנוחין האָט זיך געמאַכט ווי ער הערט ניט. ער האָט אים אַפילו ניט באַשענקט מיט אַ קוק.

— מע האָט מיר דערציילט, אַז איר זענט דאָ פון אונדזער ארץ־ישמעאל גאָר באַגייסטערט! — האָט בר־גיורא ווייטער גערעדט אינעם זעלבן שפּאָטישן טאָן, האָבנדיק שוין אין זינען די פּאַרטייאישע שליחות, וועלכע דניאל גאָרדאָן האָט אויף אים אַרויפגעלייגט בנוגע מנוחינען. — דערהויפּט, זאָגט מען, האָבן אייך דאָ פאַרכאַפּט די געוואַלדיקע אויפטו־עכצן פון אונדזערע צוויי גרויסע דאָקטוירים — דעם געוועזענעם פילאָזאָף דאָקטאָר שיינין און דעם געוועזענעם אַמעריקאַנער ציינרייסער דאָקטאָר באַרנבוים. וויבאַלד אַזוי, איז אַ ווונדער, וואָס איר זעט עפּעס אויס מרה־שחורהדיק. זיי האָבן נעכטן אויפן ערשטן תל־אביבער „טיי" וואָס זיי האָבן אייך געגעבן, גאָרניט דערפרייט אייער האַרץ?...

אַזוי ווי מנוחין האָט נאָך אַלץ עקשנותדיק געשוויגן, און אַלע ביים טיש האָבן זיך דערפון דערפילט מאָדנע אומבאַקוועם, האָט דער אַלטער גאָרדאָן געפונען פאַר בייטיק צו נעמען דאָס וואָרט.

— ווער זענען עס דאָקטאָר שיינין און דאָקטאָר באַרנבוים? — האָט ער געפרעגט.

— איר ווילט וויסן, ווער זיי זענען? אָט וועל איך אייך געבן זייער כאַראַקטעריסטיק קורץ און שאַרף, — איז בר־גיורא געוואָרן ערנסט, אַריינטרעטנדיק אין זיין ראָלע. — פון סנבלטן האָט איר אַמאָל געהערט?

— פון וועלכן סנבלטן?

— פון דעם אַלטן סנבלטן, דעם באַרימטן פאַררעטער... דער וואָס האָט געשטערט נחמיה בן חכליהן בויען דעם צווייטן בית־המקדש און צוריק אויפשטעלן די חרובע פעסטונג פון ירושלים.

— אַ, יענער פון תנ"ך?... נו?

— נו־נו! האָבן מיר דאָ, ברוך השם, ביי אונדז, אין ארץ־ישמעאל, אַ גאַנצע באַנדע קליינע סנבלטלעך... די געשיכטע חזרט זיך איבער...

— איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז איר זענט פון מיין דניאלס חברה, — האָט דער אַלטער גאָרדאָן געזאָגט מיט אַ שמייכל, — אָפּאָזיציאָנערן...

— ניין, ליבער אדון גאָרדאָן, איר האָט אַ טעות, מיר זענען דאָ ניט קיין אָפּאָזיציאָנערן! — האָט בר־גיורא זיך שוין צעוואַרעמט און איז אַריין אין זיין הויכן נביאיש־טרערנדיקן סטיל. — אָפּאָזיציאָנערן קאָנען גע־מאָלט זיין, ווען עס איז דאָ אַ לאַנד, מיט אַ מלוכה, מיט אַ מלוכה־אָרדע־נונג, מיט ערנסטע מלוכה־מענטשן, וואָס מיינען, אַז זיי פירן גוט דאָס לאַנד, נאָר די אָפּאָזיציע זאָגט, אַז זיי פירן שלעכט. אָבער וואָס איז שייך אָפּאָזיציע אין אַזאַ וויסטעניש, ווי אונדזער ארץ־ישמעאל, ווו דאָס ליכט פון מלכות בית דויד איז אויסגעלאָשן פון אייגענע פאַררעטער, ס׳איז אַ תוהו־ובוהו, נאַרישע חלוצים האָפּקען זיך אין אַ „האָראַ״, און פוקסן גייען אום איבער די חורבות?... אַנשטאָט מלוכה־מענטשן האָבן זיך אַריינ־געכאַפּט אין זאָטל קליינע משרתימלעך, דערשראָקענע יידעלעך, טעלער־לעקער ביי דער שלעכטער קאָרגער מומע גרויס־בריטאַניע... סנבלטימלעך, אַ רוח אין זייער עלטער־עלטער־זיידן!... און טאָמער קומט אַמאָל צו אונדז אַ מענטש פון הויכן גייסט, ווי אַ דאָקטאָר מנוחין, צום ביישפּיל, — האָט ער זיך פלוצים צעפלאַקערט מיט ערנסט און חניפהדיק אַ גלאַנץ געטאָן מיט די פאַרוואָסערטע אויגן אויף מנוחינען, — ווער כאַפּט אים דאָ איבער אין דער וויסטעניש? די שייגעצים מיט די באַרנבוימס, די וואָס רייבן זיך דאָ מיט די איבערגעפרעסענע בייכלעך אַרום דעם פעטן קהלשן טאָפּ, די וואָס האָבן זיך אָנגעקלעצעט מיט די שווערע פליישיקע הינטנס אויפן ליידיקן פאַרטרויערטן שטול פון דויד מלך ישראל... פון זיי וועט דאָקטאָר מנוחין וויסן דעם אמת, וואָס קומט דאָ פאָר אין לאַנד!... ניין, ליבער אדון גאָרדאָן, איר פאַרשטייט אונדז זייער שלעכט! מיר זענען ניט קיין צעקראָכענע פאַרלאַמענטאַרישע אָפּאָזיציאָנערן — מיר זענען די איינציקע באַרעכטיקטע באַלעבאַטים אויף אונדזער אומגליקלעכן לאַנד, די איינציקע ביטערע יורשים פון מלכות בית דויד, וואָס קאָנען ניט רוען און ניט שלאָפן און ניט וויל־באַקומען זייער מאָלצייט, כל זמן דוידס קעניגלעכע קרוין וואַלגערט זיך אין שטויב!... מיר זענען אויך די מוטיקע אָפּיצערן און זעלנער, די שופר־בלאָזער און אָנזאָגער פון דעם מלך המשיח! נאָר קודם־כל זענען מיר געשיקט געוואָרן אַהער צו זיין די צאָרנדיקע בני־

נביאים אין דער דאָזיקער וויסטעניש, די פייערדיקע שטראָפּער און ריכ־טער פונעם אומגליקלעכן יישוב, אויפצוהייבן אַ שטעקן פון גרימצאָרן אויף די קעפּ פון אָט די אַלע סנבלטים, די שייניגס מיט די באַרנבוימס, וואָס האָבן זיך אויסגעבויט רייכע דריי־גאָרנדיקע הייזער און זיך אויס־געהאָדעוועט קיילעכדיקע בייכלעך אויפן חשבון פון אונדזער דערשלאָ־גענעם פאָלק. מיר וועלן זיך ערשט צו זיי אַ נעם טאָן... דו ווייסט, דניאליק? — האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו זיין חבר און איז גלייך אַריבער פון טעאָריע צו פּראַקטיק. — קומענדיקע וואָך הייבן מיר שוין אָן דרוקן די באָמבע, איש גוש־חלבס נייע סעריע אַרטיקלען, פון וועלכע מיר האָבן גערעדט. טרעף, ווי אַזוי מיר וועלן די סעריע אַ נאָמען געבן?

— ווי אַזוי? — האָט דניאל גאָרדאָן געפרעגט פינצטערלעך, ניט שטאַרק צופרידן דערפון, וואָס זיין חבר האָט זיך דאָ צעדרשנט מיט אַלע זיינע מליצות פאַר אַ פרעמדן קלוגן מענטשן.

— „אוכלי עמי" [די וואָס עסן מיין פאָלק], — האָט זיך אָפּגערופן דער מחבר אַליין, יוחנן איש גוש־חלב, מיט אַ באַשיידענעם שמייכל, גריזענדיק פאַמעלעך און פאַרטראַכט אַן אַרומגעגריזעט פאַרגעסןביינדל ביי אים אין האַנט, הגם דער איבעריקער עולם ביים טיש האָט שוין געהאַלטן נאָכן קאָמפּאָט.

— אוכלי עמי — שוין איין מאָל אַ נאָמען, האַ? דאָס וועט זיין די אמתע באָמבע! — האָט בר־גיורא אָנגעקוואָלן. — וואָס זאָגט איר, דאָקטאָר מנוחין, אויף אַזאַ נביאישן קעפּל? אין אייערע אַמעריקאַנער צייטונגען איז מען דאָך גרויסע מזיקים אויף סענסאַציאָנעלע קעפּלעך... נאָר דאָק־טאָר מנוחין איז עפּעס ברוגז, האָט אָנגענומען אַ פּול מויל מיט וואַסער... זאָגט מיר, — האָט ער זיך פּלוצים אָנגעצונדן מיט באַליידיקטן שטאָלץ, — וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר אַ טבע ניט צו ענטפערן, אַז אַ דיכטער פרעגט אייך? עס שטייט אייך ניט אָן מיט מיר צו רעדן, אָדער איר האָט פּשוט ניט וואָס צו זאָגן?

— ביידע זאַכן, האָט מנוחין געזאָגט איינגעהאַלטן. — איך בין מיט אייך באַקאַנט נאָך ניט קיין גאַנצע שעה, איז מיר שווער זיך צוגעוויינען צו אייער לשון און צו אייער באַציאונג צו מענטשן. און וואָס צו זאָגן אייך האָב איך אויך ניט. וואָס קאָן איך אייך זאָגן? פאַר אייך איז דאָקטאָר שיינין אַ ווילדער שונא, דערפאַר וואָס ער האָט ביי אייך אָוועקגענומען, ווי איר באַקלאָגט זיך, עפּעס אַ פעטן טאָפּ. פאַר מיר איז ער אַן אַלטער

חבר, מיט וועמען איך בין אַמאָל געזעסן אין אוניווערסיטעט אויף איין באַנק. איך קען אים נאָר ווי אַ מענטשן פון איידעלן גייסט.

— אייער איידעלער גייסט — האָט בר־גיורא געזאָגט מיט שאַרפן שפּאָט — איז דריי מאָל געווען אַ משולח אין אַמעריקע, און נאָך יעדן מאָל האָט ער זיך צוגעבויט אַ נייעם שטאָק אויף זיין הויז!

— הער שוין אויף, שמעון! — האָט דניאל גאָרדאָן זיך אויף אים אָנגעבייזערט. — זאָל זיין גענוג מיט תל־אביבער רכילות!...

— העי, דניאליק! — האָט בר־גיורא געהעכערט דאָס קול. — פון ווען אָן ביסטו דאָס ביי מיר געוואָרן אַ מליץ־יושר פאַר די סנבלטים, דו בורזשוק איינער?...

גאָרדאָן האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. ער האָט שוין חרטה געהאַט אויפן גאַנצן ענין, למאַי ער האָט אויסגעקליבן בר־גיוראן, ער זאָל זיין מנוחינס אויפקלערער. אַנשטאָט אויפצוקלערן, האָט ער אים מיט זיין פּאָטישער פּלוידעריי גאָר אָפּגעשטויסן. אונטער דער ווירקונג פון מנוחינס איראָנישן שווייגן האָט דניאל גאָרדאָן טיף אין האַרצן זיך אָנגעהויבן שעמען ניט נאָר מיט זיין חברס רייד, נאָר כמעט מיט דער גאַנצער פּאַר־טייאישער אידעאָלאָגיע, פון וואַנען די רייד האָבן געקוועלט...

בר־גיורא איז אָבער ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן. נאָכדעם ווי ער האָט ביי מנוחינען אַליין ניט אויסגענומען, איז אים נאָך אַלץ געבליבן מנוחינס כלה, ביי וועמען ער האָט בלינדערהייט געפּרוווט זיין מזל אויף אַן אַנדער שטייגער.

— נו, און איר, יהודית? — האָט ער זי געפרעגט פאַמיליער אויף זיין געבראָכענעם רוסיש. — וואָס זאָגט איר וועגן אונדזער דעבאַטע?

— איך? — האָט יהודית געלאַכט. — איך בין דאָך ערשט נעכטן אַראָפּ פון שיף!

— אַך, וואָס פאַר אַ שיינעם רינג איר טראָגט! — האָט ער זיך פּלוצים אָנגעבויגן מיטן גאַנצן קערפּער צו איר האַנט און מיט די פּאַר־וואָסערטע אויגן אונטער די כיטרע־שמייכלענדיקע ווייסע ברעמען גענומען באַטראַכטן אויף איר ווייז־פינגער אַ היפּשן רינג מיט אַן איינגעפּאַסטן אָוואַלן פיאָלעט־שטיין. — ס׳איז אַ סאַפּיר?

— ניין, אַ פּראָסטער קוואַרץ, אַן אַמעטיסט, — האָט יהודית געזאָגט און געוואָלט אַוועקנעמען איר האַנט.

— אַן אַמעטיסט? — האָט בר־גיורא זיך כלומרשט געוווּנדערט און

צוגעטראָגן איר האַנט נאָענט צו זיין נאָז, ווי וועלנדיק זי אַ קוש טאָן. — אַן אַמעטיסט איז דאָך אַ... אַ... מייזעלע! ווי אַזוי זאָגט מען אויף רוסיש „אַ סגולה״?

— סרעדסטוואָ! — האָט איש גוש־חלב געזאָגט, צוקוקנדיק פון דער זייט מיט אַ גליקלעכן גלאַנץ אין די שעמעוודיקע אויגן זיין חברס פלירט מיטן שיינעם מיידל פון דער גרויסער וועלט.

— אמת, סערעד סטוואָ! אַן אַמעטיסט איז דאָך ביי די אַלטע פעלקער געווען אַ סערעדסטוואָ קעגן שיכרות, — האָט בר־גיורא אַרויסבאַוויזן זיין געניטשאַפט אין שטיינער. — איר טרינקט, יהודית?

— נאָר שאַמפּאַניער! — האָט יהודית געזאָגט, קוקנדיק מיט אַ שמייכל צו מנוחינען. — און נאָר אין מאַנטע קאַרלאָ, מיט דאָקטאָר מנוחינען.

— און אַ האַנט איז ביי אייך אויך אַ שיינע, — האָט בר־גיורא נאָך אַלץ ניט געוואָלט אַרויסלאָזן יהודיתעס האַנט פון זיינער. — קראַסיווענקאַ רוטשקאַ!...

„איך וועל אים געבן מיטן שטעקן, דעם געלן הונט! — האָט זיך מנוחין געקאָכט אין האַרצן. — מיטן שטעקן פון גרימצאָרן!״...

לסוף, אַז מען איז אויפגעשטאַנען פונעם טיש און דניאל גאָרדאָן איז אַריבערגעגאַנגען מיט זיינע צוויי חברים צו זיך אין קאַבינעט, האָט מנוחין זיך אָפּגעזונדערט מיט יהודיתן אין אַ ווינקל און געזאָגט צו איר אין שטילער אויפרעגונג:

— וואָס פאַר אַ שווידערלעכער סוביעקט! איך בין קוים אײַנגעזעסן ביים טיש!

— פאַרוואָס נעמסטו אים אַזוי ערנסט? — האָט יהודית אים אָנגעקוקט מיט אַ פאַרוווּנדערטן שמייכל. — אַ געוויינלעכער קליינשטעטלדיקער נאַר!

— אַ נאַר איז ער געוויס, — האָט מנוחין געזאָגט, — נאָר ניט קיין געוויינלעכער. אַזאַ נאַר ביי אונדזער שלעכט־אָרגאַניזירטן פאָלק, און דאָ ביים אָנהייב פון אַ נייעם לעבן, איז אַן אומגליק!...

אַ ביסל באַרואיקט פון יהודיתעס מיינונג וועגן בר־גיוראן, איז מנוחין עטלעכע מאָל זיך דורכגעגאַנגען פאַרטראַכט פון איין חדר אינעם אַנדערן. פאַרבייגייענדיק גאָרדאָנס קאַבינעט, האָט ער ניט ווילנדיק זיך אָפּגעשטעלט און געכאַפּט אַהין אַ קוק. גאָרדאָן איז געזעסן ביי זיין שרייב־טיש אַ ברוגזער, אַן אָנגעכמורעטער, און בר־גיורא האָט אומגעשפּאַנט הין און

צוריק מיט אַ סיגאַרעט אין האַנט אַ צעקאַכטער, עטלעכע מאָל צוגעלאָפן צום טיש און עפּעס אַריינגעזאָגט זיין חבר שטיל, מיט אַ פאַרשטיקטן כעסדיקן קוויטש. זיין אויפגערייצטער מאָגערער קאַרק מיט די רויטע אויערן און זיין אָנפאַלן אויפן שווייגנדיקן גאָרדאָנען מיט אַ גרילציקן קול האָבן ווידער אַ מאָל ביי מנוחינען אַרויסגערופן דעם איינדרוק פון אַ הונט. און איש גוש־חלב, וואָס איז דערביי געשטאַנען אָנגעשפאַרט מיט די אויסגעריבענע עלנבויגנס אויפן ווענטל פון אַ שטול, דאָס שעפּסן־קעפּל געבויגן אויף אַ זייט, און אין די אויגן אַ פאַרטראַכט, שעמעוודיק רחמנות־שמייכל, — האָט אויך געהאַט דעם אָנבליק פון אַ הינטל, נאָר אַ היימיש, אַ שטילס און אַ דערשלאָגנס.

„שאַקאַלן!" — האָט מנוחין אַ טראַכט געטאָן מיט אַ ביטערן געפיל, דערמאָנענדיק זיך אָן דעם אַראַבישן משל, וואָס זיין שוואָגער אישטוב האָט נעכטן דערציילט.

קאַפּיטל זעקס און דרייסיק

## מנוחין נעמט זיך צו תכלית

פון זיין באַגעגעניש מיט דניאל גאָרדאָנס פאַרטיי־חברים איז ביי מנוחינען איבערגעבליבן אַ שלעכטער באַכגעשמאַק, אַ מין זויערער טראָפּן, וואָס האָט זיך אים איינגעגעסן אין דער נשמה און באַטריבט זיינע ערשטע גוטע טעג אין תל־אביב. עס האָט אים דאָ מער פון אַלץ ניט געלאָזט רוען דער געדאַנק, וואָס יהודית איז גלייך ביים אָנקומען אין ארץ־ישראל אַריינגעפאַלן אין אַן אומגעווינטשטער סביבה, ווו זי וועט זיין אויסגעשטעלט צו דער אומפאַרמיידלעכער געזעלשאַפט פון אַזאַ פאַרשוין, ווי בר־גיורא, און אפשר אויך צום איינפלוס פון זיין אומגעלומפּערטן „בונטאַרישן" פּאַטריאָטיזם. דאָס, וואָס יהודית אַליין האָט בר־גיוראן באַצייכנט ווי אַ קליינשטעטלדיקן נאַר, איז פאַר אים געווען אַ קנאַפּע טרייסט: ער האָט געוווּסט, אַז מאַנסבילשע נאַרישקייט איז פאַר אַזעלכע ייִגעריקע און צוגעלאָזטע פרויען־נאַטורן, ווי יהודיתעס, ניט אַלע מאָל אַן אָפּשטויסנדיקע אייגנשאַפט, בפרט אַז דאָ גילט די נאַרישקייט אונטער דער מאַסקע פון וואַגנדיקער „פּאַטעטישער" חוצפּה. אָט איז די קליינע לאָטאַ גאָרדאָן אויך

אַ פרוי מיט זעלבסטשטענדיקן פאַרשטאַנד און אינערלעכן טאַקט, פון דעסטוועגן האָט זי מיט פאַרגעניגן זיך פאַררויטלט, ווען דער „ווילדער פּאָעט" האָט איר אַרויסבאַוויזן זיינע חברשע געפילן און זי אויפגעהויבן אין דער לופטן אויף זיינע זעלנערשע הענט. און אַפילו יהודית האָט זיך ניט געפילט שאָקירט פון אַזאַ ווולגאַרער באַנעמונג, וואָס איז דע־מאָנסטרירט געוואָרן פאַר די אויגן פון פרעמדע צושויער. אַדרבה, זי האָט דעם קליינשטעטלדיקן נאַר בשעת־מעשה באַטראַכט מיט אַ טשיקאַוון, כמעט באַוווּנדערנדיקן שמייכל. אַ פרוי בלייבט אַ פרוי!... און ווער קאָן זאָגן אויף זיכער, אַז צוליב איר צוגעבונדנקייט צום ברודער און צו דער שווערגערין ווערט דאָ יהודית, אין איר ערשטער נאַאיווער באַגייסטערונג פאַר ארץ־ישראל, זיך ניט אָנשטעקן מיט זייערע פּאַרטייאישע גלויבונגען און אַספּיראַציעס, פון וועלכע בר־גיורא איז דער פאַלשער נביא און פּוסטער גלאָק?...

נאָך מער אומרואיק איז מנוחין געוואָרן, אַז ער האָט זיך באַקענט מיטן ביסל פּראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון דער דאָזיקער פּאַרטיי. אין דעם זעלבן אָוונט נאָך זיין ערשטן באַזוך ביי די גאַרדאַנס האָט ער זיך גענומען לייענען דעם מאָגערן פּאַרטיי־אָרגאַן מיט די פּאַלעמישע בראָשורעס פון די „מלכות־ישראלניקעס", וואָס דניאל גאַר־דאָן האָט אים אויף זיין פאַרלאַנג איינגעטיילט מיט אַ באַזונדערער מי־סיאָנערישער גרייטקייט. קיין סך שטודירן און פאַרטיפן זיך אין דעם דאָ־זיקן שטאָף האָט מנוחין ניט באַדאַרפט. עס האָט אים גלייך אַ שלאָג גע־געבן פון דעם מיט קלעגלעכן, מינדערווערטיקן גייסט. אַזאַ אָרעמקייט אין געדאַנק און געפיל, אַזאַ בלינדע לייכטזיניקייט צו שווערע פּראָבלעמען, אַזאַ קולטורלאָזע אומגעצאַמטקייט אין סטיל און טאָן האָט ער ניט דער־וואַרט אַפילו איצט, נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט אַ צוגעגרייטע פאָרשטעלונג וועגן די „טומלער". אין דעם פּאַרטיי־אָרגאַן האָט איבער אַלץ געהערשט דער פאַלשער טרערנדיקער פּאַטאָס פון בר־גיוראן, וועלכער האָט דאָ געשפּאַנט מיט ברייטע טריט פון אַ גרימירטן פאָלקס־שטראָפער און תוכחה־לייגער, און נאָך אים האָט דריבנע נאָכגעטאַנצט איש גוש־חלב אין דער פרום־פאַרגלאָצטער ראָל פון אַ היימישן צדיק און חטאים־זוכער, וואָס האָט זיך דאָ געקוויקט מיט האַלב־אָפענע און האַלב־פאַר־שטעלטע אָנפאַלן אויף די טוער און פאַרזאָרגער פונעם ייִשוב, אַריינגע־קוקט מיט קנאה פון אַ פאַרהונגערטן און באַליידיקטן שלים־מזל ניט נאָר

אין זייער עפנטלעכער טעטיקייט, נאָר אויך אין זייער פריוואַטן לעבן, אין זייערע קיכן און אין זייערע שלאָף־צימערן. לייענענדיק די דאָזיקע ליטעראַטור אין בעט, פאַרן שלאָף, האָט מנוחין אויפגעשווידערט: וואָס איז דאָס פאַר אַן אומגליקלעך פאָלק? ביי אַזאַ ליכטיקן אָנהייב, אונטער אַ ניי־אַנטפּלעקטער געבענטשטער זון, שוין אַזאַ פינצטערע שנאה צווישן ברידער, אַזאַ אומווירדיקע קריגעריי, אַזעלכע קריכער און בייסער מיט אַן אומ־ריינעם ריח!... ער האָט אַ שמיץ געטאָן פון זיך די בלעטלעך, אויסגע־לאָשן דאָס ליכט און זיך ביטער פאַרטראַכט.

ער האָט געטראַכט פון אַ סך ניט־פריילעכע זאַכן אין פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער דערשיינונג, נאָר מער פון אַלץ האָט אים ניט געלאָזט שלאָפן יהודיתעס לאַגע ביי איר ברודער אין הויז. ליגנדיק מיט פאַר־מאַכטע אויגן, האָט ער אַלץ געזען פאַר זיך איר ליב שמייכלענדיק ברונעט פנים אין דער נאָענטקייט פון בר־גיוראס געל־געשפּרענקלטער פיזיאָנאָמיע, אונטער דעם חוצפּהדיקן בליק פון זיינע פאַרוואַסערטע אויגן... וואָס־זשע פאַר אַ מיטל קאָן מען אָנווענדן, אום צו דערווייטערן זי באַצייטנס פון דער דאָזיקער אַטמאָספער? נאָר איין מיטל איז דאָ פאַראַן: ער דאַרף מיט יהודיתן חתונה האָבן וואָס פריער, אָוועקנעמען זי אינגאַנצן אין זיין רשות, אַרומרינגלען זי פון אַלע זייטן מיט זיין פיזישער און גייס־טיקער השפּעה, אַזוי אַז קיין פרעמדער און אומגעווינטשטער זאָל צו איר ניט האָבן קיין צוטריט. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם געדאַנק מיט באַהאַלטענער פרייד — דאָס איז געווען פאַר אים דער בעסטער מאָטיוו, ער זאָל ניט אָפּלייגן זיין פאַראייניקונג מיט יהודיתן אויף אַן אומבאַ־שטימטער צייט אין דער צוקונפט. און צו וואָס זאָל ער עס בכלל אָפּ־לייגן? אויף וואָס האָט ער נאָך צו וואַרטן? ס'איז אַלצדינג קלאָר און באַשלאָסן, קיין ענדערונג קאָן שוין דאָ ניט זיין. יהודית איז זיין באַ־שערטע, צו וועלכער דער גורל האָט אים געבראַכט דורך לאַנגע יאָרן און פאַרבאָרגענע וועגן. ער האָט אַזוי פיל פרויען באַגעגנט זינט זיין יוגנט, אַזוי פיל מעגלעכקייטן געהאַט צו פאַרבינדן זיין לעבן מיט זיי, נאָר קיין איינע האָט ניט אַרויסגערופן ביי אים אין האַרצן אַזאַ טיפע אויפ־רודערונג, ניט געפונען ביי אים אַזאַ זיכערן באַשליסנדיקן אָפּקלאַנג, ווי יהודית. און דאָס, וואָס ער האָט זיך געטראָפן מיט איר גראָד אין אַזאַ מאָמענט, בעת ער איז גרייט אָנצוהייבן אַ ניי לעבן, האָט דען ניט פאַר אים קיין באַזונדערן טיפן זין?... וואָס־זשע דאַרף ער נאָך קווייקלען?

חתונה האָבן, חתונה האָבן טאַקע באַלד — און זאָל נעמען אַ סוף צו אַלע אומרואיקע טראַכטונגען, צו אַלע זיינע צווייפלונגען!...

נאָר קומענדיק צו אַזאַ באַשלוס, איז מנוחין אַריינגעפאַלן אין אַ נעץ פון אַנדערע מחשבות, שוין פּראַקטישע, וואָס האָבן צו טאָן מיט דירעקטן תכלית. אויב באַלד חתונה האָבן מיט יהודיתן, מוז ער פריער צוגרייטן די נייטיקע באַדינגונגען, וואָס זאָלן איר פאַרזיכערן אַן אָנגענעם באַקוועם לעבן. ער קאָן דאָך עס ניט דורכפירן אין זיין איצטיקער אומבאַשטימטער לאַגע, שטייענדיק דאָ אין האָטעל ווי אַ טוריסט, מיט די ניט־אויסגעפּאַקטע וואַליזעס!... ער דאַרף פריער פון אַלץ זיך דורכשרייבן מיט זיין ניו־יאָר־קער קאָלעגע, וועמען ער האָט צייטווייליק איבערגעגעבן זיין דאָקטאָר־אָפיס, באַשטימען וואָס צו טאָן דערמיט, אַרויספאָדערן זיין ביבליאָטעק, אפשר אויך זיין מעדיצינישן קאַבינעט, איינאָרדענען דאָ אַ דירה... נאָר דאָס איז אפשר נאָך ניט אַזוי וויכטיק, ווי אַרויסבאַקומען זיין פאַרמעגן פון דער ניו־יאָרקער באַנק. זיין שוואָגער אישטוב האָט אַ באַזונדער חוש־הריח פאַר אַזעלכע זאַכן: אין אַזאַ אומרואיקער צייט קאָן יעדן טאָג פּאַסירן אַ קאַטאַסטראָפע מיט זיין אָפּגעשפּאָרטן קאַפּיטאַל, וועלכער איז אים איצט נייטיקער ווי אַלע מאָל. וואָס־זשע וועט דעמאָלט זיין? דעמאָלט וועט ער זיין אויסגעשטעלט, ער וועט אַריינפאַלן אין אַ שווערער לאַגע, וואָס וועט צעשטערן זיינע בעסטע פּלענער... נאָר מסתמא וועט דאָס געלט זיין גאַנץ, שומר פּתאים השם [גאָט היט די נאַראָנים], — האָט מנוחין זיך אַליין באַרואיקט אויף זיין איראָנישן שטייגער. — אָבער וואָס זאָל ער ענטפערן זיין שוואָגער אישטוב אויפן פאַרשלאַג וועגן „מקור חיים”? אָפּזאָגן זיך דערפון קאָן ער בשום אופן ניט. עס איז פאַרבונדן מיט אַ טיפן סענטימענט, מיטן הויפּט־מאָטיוו, וואָס האָט אים געבראַכט אַהער קיין ארץ־ישראל. אַחוץ דעם, ווילט זיך אים ניט צעשטערן דעם פּלאַן פון דעם שטילן, באַשיידענעם אישטוב, וואָס מיט זיין גאַנצער קוריאָזער נאַטור געפעלט ער אים וואָס ווייטער אַלץ מער. און מיט זיין נחלה אין שאַנגה איז ביי אים נאָך אויך ניט באַשטימט, צי וועט ער דאַרט פּלאַנצן אַ פּרדס, צי ניט? ער דאַרף נאָר קלאָר מאַכן פאַר זיך אַליין, וואָס וויל ער זיין אין ארץ־ישראל: פאַרבלייבן אַ מעדיקער, אָדער ווערן אַ פּלאַנטאַטאָר, דאָס הייסט, אַרויפקומען אויף בר־גיוראַס צעטל צווישן די געוועזענע גרויסע דאָקטוירים?... ס'איז אַ גאַנצער פּלאָנטער, פון וועלכן ער מוז וואָס גיכער זיך אויספּלאָנטען, אום צו קומען צו אַ טאַלק...

אויפן צווייטן טאָג האָט מנוחין זיך גענומען ענערגיש צו דער אַרבעט — ברענגען אין אָרדענונג זיינע ענינים. ער האָט קודם־כל געשיקט זאָגן זיין שוועסטער, אַז אַזוי ווי ער וויל זיך מיישב זיין מיט איר מאַן וועגן עפּעס אַן ענין, וועט ער היינט ביי איר זיין צו מיטאָג. דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט מיט זיין בעל־אכסניה שדה־לבן איבער די קלייטן און איינגעקויפט פאַר דער שוועסטערס קינדער אַ גאַנצן טראַנספּאָרט מיט מתנות, וואָס ער האָט גלייך איבערגעשיקט דורך צוויי תימנער טרעגער. דערביי האָט ער אָבער שוין חרטה געהאַט, וואָס ער האָט זיך געלאָזט באַנוצן מיט שדה־לבנס גאַסטפריינדלעכקייט, מחמת שדה־לבן האָט זיך שטאַרק צעווערטלט מיט איינעם אַ תל־אביבער קרעמער, למאי יענער האָט אַ מיאוסע טבע, וואָס ווי נאָר ער דערזעט אַן אַמעריקאַנער טוריסט, אַזוי הייבן זיך אָן ביי אים די פּרייזן צו טאָפּלען אין די אויגן. ער האָט דעם קרעמער בפירוש געזאָגט, אַז ווען ער איז דאָ האַי־קאָמישאָנער, וואָלט ער אים אָן צערעמאָניעס אַרויסגעשיקט פונעם לאַנד. מיר דאַרפן אין ארץ־ישראל אַזעלכע יידן ניט האָבן! עס שטייט געשריבן אין דער תורה: „והיה מחנך קדוש” — ריינע קעפּ, ניט קיין פאַרכעס!...

די שוועסטער איז אַרויסגעקומען צו מנוחינען מיט אַ גליקלעך־פאַר־פלאַמטן פּנים גלייך פון דער קיך.

— אָט אַזוי, סראַליקל, אַז דו וועסט זיך פירן, וועל איך וויסן, אַז ביי מיר איז דאָ פאַראַן אַ ברודער! — האָט זי אים באַגעגנט מיט אמתער מוטערלעכער פרייד. — אַליין זיך אָנגעשלאָגן צו דער שוועסטער אויף מיטאָג, ניט געוואַרט אויף איינלאַדונגען. דאָס איז ביי מיר טייערער פון אַלץ!...

אויך אישטובס אומעטיק פּנים האָט געלויכטן מיט אַ בלאַסן ליכט. פון נעכטן אָן, זינט מנוחין האָט אים אַרויפגעלייגט אַ צוטרוילעכע האַנט אויפן אַקסל, איז ער געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש.

— קומט אַריין, ישראל, צו מיר אין קאַבינעט, — האָט ער אים אויפגענומען זייער האָפערדיק, ווענדנדיק זיך צו אים שוין גלייך אין צווייטער פּערזאָן, — ביי מיר איז קילער. איך זע, ס׳איז אייך וואַרעם ביי אונדז אין ארץ־ישראל. אסתרל, אפשר וואָלסטו גאָר געשיקט נאָך אַ קאַלטן סיפאָן גאַזאַז?...

נאָר גליקלעכער פון אַלעמען איז דאָ געווען דער קליינער רויטער שאָר־ישובל. ער האָט ערשט מיט אַ האַלבער שעה צוריק באַקומען דעם

אַמעריקאַנער פעטערס מתנה, אַ וווּנדערלעכן צוויי־רעדלדיקן וועלאָסיפּעד, וואָס האָט דאָ געגלאַנצט אין עס־צימער מיט זיין גאַנצער נייער מעטאַ־לענער פּראַכט, — די גרעסטע איבערראַשונג אין זיין לעבן! דערזען מנוחינען פון פענצטער, האָט דער צעטומלטער חברה־מאַן, אַ באַנומענער פון געפילן, געמאַכט פּליטה און זיך ערגעץ באַהאַלטן. די עלטערע שוועס־טער רבקה, האָט אים אויפגעזוכט אין זיין באַהעלטעניש און מיט גוואַלד געבראַכט צו פירן צו מנוחינען.

— פראַ־אדם, — האָט זי צו אים געזאָגט מיט אַ געלעכטער, — זאָג דעם פעטער אַ דאַנק. זיי ניט קיין „צאַבראַ״!

— אַ דאַנק, — האָט דער קליינער „צאַבראַ״ קוים אַרויסגערעדט מיט אַן איבערגעטריקנטן האַלדז, דערביי פאַרזיכטיק אויפגעהויבן צום פעטער דאָס העליש־רויטע קלייַנדיקע פּנים און אים אָפּגעבריט מיט אַזאַ פייער־דיק־עקזאַלטירטן בליק, פונקט ווי ער וואָלט פאַר זיך געזען ניט אַ גע־ווינלעכן ערדישן פעטער, נאָר עפּעס אַן אומבאַגרייפלעכע געטלעכע קראַפט, וואָס קאָן אַזוי גליקלעך מאַכן מענטשן.

— דו ווייסט גאָרניט, ווי ווייט דו האָסט אים צוגעטראָפן מיט דער מתנה! — האָט די מאַדאַם אישטוב זיך אָנגערופן צום ברודער מיט אַ ליכ־טיקן דאַנקבאַרן פּנים. — דאָס איז ביי אים געווען אַ חלום, פון וועלכן ער האָט גאָר מורא געהאַט צו טראַכטן. וואָרים ביי מיין מנשהן וואָלט ער זיך צו אַ וועלאָסיפּעד קיינמאָל ניט דערוואַרט. מנשה האַלט ניט פון וועלאָסיפּעדן...

— אויף וואָס דאַרף מען וועלאָסיפּעדן אין תל־אביב? — האָט מנשה דערקלערט זיין שטאַנדפּונקט. — מע קאָן צופוס ניט גיין? אַבי אויס־ברענגען געלט און מאַכן אַ תל פון קינדער! זיי מזיקן דאָך מענטשן אין די גאַסן, מזיקן זיי דאָך!...

— נו, געוויס, — איז דאָס ווייב אים ניט געבליבן שולדיק קיין ענטפער, — דו ווילסט דאָך נאָר, אַז קינדער זאָלן לעבן לויט דיין שכל־הישר און לויט דיינע פּרינציפּן! אַ שיין פּנים וואָלט די וועלט דעמאָלט געהאַט!... וויפיל דאַרף ביי דיר ווערט זיין, וואָס דיין קינד איז היינט אַזוי גליקלעך?... דו וועסט מיר גלייבן, צי ניין? — האָט זי זיך געווענדט צום ברודער מיט אַ שמייכל. — אַז די תימנער האָבן געבראַכט דעם וועלאָ־סיפּעד, האָט ער זיך נעבאַך אַזוי דערפרייט, אַז ער האָט מיר געגעבן

די האַנט און געשוואָרן, אַז פון היינט אָן נעמט ער זיך צום לערנען און וועט ווערן אַ גרויסער דאָקטאָר, פונקט ווי דער פעטער סראָליק...

— געדענק־זשע, שאָר־ישובל, האַלט וואָרט! — האָט אים מנוחין אַ גלעט געטאָן איבערן רויטן געשווירענעם קעפּל, דערפילנדיק אַ צופלוס פון קרובישער צערטלעכקייט צום דאָזיקן פרעמדן, ווילדן נפשל וואָס איז געשטאַנען פאַר אים אַ באַזיגטער פון דאַנקבאַרקייט. — נו, און דו, עזרא? — האָט ער זיך געווענדט צום שווייגנדיקן עזרא, וואָס האָט דאָ צוגעקוקט די סצענע פון דער זייט מיט אַ פינצטערלעך־פאַרטראַכטן שמייכל. — אפשר האָב איך דיר אויך באַדאַרפט שיקן אַ וועלאָסיפּעד? ס'איז מיר גאָר פון זינען אַרויס!

— אָ, עזרא האָט פון אייך שוין באַקומען די בעסטע מתנה, — האָט זיך אָנגערופן רבקה אין שפּאַסיקן טאָן, וועלכן זי האָט איינגעשטעלט צווישן זיך און דעם פעטער, — די אַמעריקאַנער שולמית... זי איז דאָ נעכטן געווען ביי אונדז מיט דער מוטער, פאַרבראַכט דעם גאַנצן אָוונט. האָט זי עזרא ניט אָפּגעלאָזט פון זיך, גערעדט מיט איר פון די קבוצות, געפּרעדיקט סאָציאַליזם... דערנאָך האָט ער זי באַגלייט מיט דער מוטער אין האָטעל ווי אַן עכטער חלוץ...

— און דו — נאָר דו חכמהסט זיך! — האָט איר עזרא אָפּגעשניטן מיט פינצטערער מאַנסבילשער פאַראַכטונג און איז רויט געוואָרן מיט אַ געדיכטער רויטקייט ביז איבער די אויערן.

נאָך מיטאָג איז מען אַריבער אין אישטובס קאַבינעט, און מנוחין האָט דערציילט פאַרן שוואָגער מיט דער שוועסטער, וואָס עס האָט אים געבראַכט אַהער: אַזוי ווי ס'איז ביי אים שוין באַשטימט, אַז ער בלייבט אַ היגער, און ער דאַרף שוין טראַכטן פון איינאָרדענען זיך, וויל ער פאָלגן דעם שוואָגערס עצה און אַרויסציִען זיין געלט פון דער ניו־יאָרקער באַנק. אויב מעגלעך — נאָך היינט. די פראַגע איז נאָר: ווי אַזוי מאַכט מען דאָס, און צי ס'איז דאָ אין תל־אביב אַ זיכערע באַנק?

— עפּעס אַ סך געלט? — האָט די שוועסטער, אינגאַנצן אָן אָנגעשפּיצטע פון נייגעריקייט, זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ פראַגע.

— עס ווענדט זיך, וואָס הייסט דאָ אין תל־אביב אַ סך, — האָט מנוחין געשמייכלט און אָנגערופן די סומע.

די מאַדאַם אישטוב איז אַזש רויט געוואָרן פון פאַרגעניגן. זי האָט

אַ קוק געטאָן אויפן ברודער מיט אַ באַגייסטערטן בליק און באַלד אַרונ־טערגעלאָזט די אויגן, ווי פון צופיל ליכט.

— נו, מנשה? — האָט זי זיך אָנגערופן פייערלעך צום מאַן. — וואָס טראַכסטו?

— איך טראַכט, — האָט אישטוב געזאָגט דווקא מיט אַ פאַרזאָרגטן אויסדרוק אויף די עטוואָס פאַררויטלטע טרוקענע באַקן, — וועלכע באַנק? ס'איז דאָך ניט קיין קינדער־שפיל — ס'איז, קיין עין־הרע, אַזויפיל געלט!... בקיצור, מיר וועלן מוזן טאָן דאָס, וואָס עס לאָזט זיך... איר ווילט דווקא היינט?

— פאַרוואָס ניט היינט? — האָט מנוחין געזאָגט. — וואָס וועל איך וואַרטן?

— ווייל איך האָב ליב, אַז אַ זאַך זאָל ביי מיר איבערנעכטיקן כאָטש איין נאַכט. איך האָב מיר מיין פּרינציפּ, אַז דער מאָרגן איז קליגער פונעם היינט — ער איז מיט אַ טאָג עלטער... נאָר אויב איר ווילט דווקא היינט, וועל איך זיך מיט אייך ניט שפּאַרן, וואָרים קיינער ווייסט ניט, וואָס אין ניו־יאָרק קאָן פּאַר איין טאָג פאָרקומען... וועלן מיר גיין אין מיין באַנק, ווו איך אַליין האַלט מיין ביסל קעש...

מיט אַ שעה שפּעטער האָט מנוחין אין אַ תל־אביבער באַנק אונטער־געשריבן אַ טשעק, דורך וועלכן ער האָט אַרויסגעפאָדערט פון ניו־יאָרק זיין גאַנצן קאַפּיטאַל. דערביי האָט ער געהאַט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט דערמיט אָפּגעשלאָסן פון זיך די דורכגעלעבטע, שוין דערווייטערטע פאַר־גאַנגענהייט און אַריינגעטראָטן אין אַ ניי לעבן, פול מיט נייע זאָרגן, פאָר־שטעלונגען און דערוואַרטונגען.

קאַפּיטל זיבן און דרייסיק

# „אוכלי עמי"

איצט איז מנוחינען פאַרגעשטאַנען צו באַשליסן וועגן זיין נחלה אין שאננה און וועגן זיין שוואָגערס פּלאַן פון „מקור חיים". ער האָט וועגןביידע ענינים געוואָלט זיך אַן עצה האַלטן מיט ד"ר שיינינען און האָט אים אָפּגעשטאַט אַן אומגעריכטן וויזיט אויסערן פּראָגראַם, — ווייל נאָכן פּראָגראַם האָט אים זיין חבר שיינין געגרייט צום קומענדיקן שבת־צו־נאַכטס אַ גאַנצן קבלת־פּנים, אַ „טיי", לויטן נוסח פון די תל־אביבער „טייען", וואָס ווערן געגעבן פאַר חשובע געסט.

ד"ר שיינין האָט געוווינט אויף איינער פון די ערשטע, אַלטע תל־אביבער גאַסן, וואָס טיילן זיך אויס פון די איבעריקע נייע שטאָט־קוואַרטאַלן מיט אַ באַזונדערער אַטמאָספער פון אַלטגעזעסענער אַריסטאָ־קראַטישער צוריקגעצויגנקייט. די דאָזיקע אַטמאָספער לאָזט זיך פילן פון די אַלטמאָדישע, רהבותדיקע, שוין אָפּגעלאָזענע, רוסיש־אַרטיקע הייזער און ווילעס, פון די באַוואַקסענע און באַשאָטנטע הויפן, ווו אַלערליי ביימער, צעצווייגטע געוויקסן מיט אַלטע קוסטעס בלומען מישן זיך אויס אין איין געדיכטעניש, פון די פאַרעלטערטע אויסגעקרימטע טראָטואַרן, און דער־הויפּט — פון די הויכע, שלאַנקע, שוין פון יאָרן פאַרשטויבטע קיפּאַריסן, וואָס רינגלען דאָ אַרום די הייזער מיט געטריישאַפט פון אַלטע שומרים, קוקן הויך איבער די אָפּגעבליאַקעוועטע רויטע ציגל־דעכער גלייך אין בלויען הימל אַריין, ווי פאַרריסענע אַלטזיצער פון דער יונגער שטאָט, געציילטע שטאָלצע עדות פון אירע ערשטע לעגענדאַרישע טעג.

צוגעקומען צו שיינינס הויז, וואָס האָט זיך אָנגעזען צווישן די איבע־ריקע פאַרעלטערטע הייזער פון דער גאַס מיט אַ באַזונדער יונגן, שטאַרקן, פריש־געפאַרבטן גלאַנץ, האָט מנוחין געוואָרפן אַ בליק אויף די דריי פעסט־געבויטע הויכע גאָרנס, וואָס האָבן געהאַט פון ביידע זייטן זעקס היפשע דירות, און האָט ניט ווילנדיק אַ שמייכל געטאָן — ער האָט זיך דערמאָנט, וואָס בר־גיורא האָט געזאָגט וועגן אָט דעם הויז און וועגן זיין באַזיצער. דער דאָזיקער געדאַנק איז צוגעשטאַנען צו אים ווי אַ קלעק

און שוין ניט אָפּגעלאָזט אים אויך נאָכדעם, אַז ער איז אַריינגעקומען אין שיינינס פּיינער ווינונג, וואָס איז געווען גוט מעבלירט, אויסגעשטאַט און צוגעקליבן מיט אַ פאַרמעגלעכער זיכערער האַנט און מיט באַלעבאַטיש־אינטעליגענטישן געשמאַק פאַר באַרוטקייט און געמיטלעכן קאָמפאָרט. באַזונדער אימפּאָזאַנט האָט אויסגעזען דאָס גרויסע געראַמע אַרבעטס־צימער פון דעם באַלעבאָס, ווו די ווענט זענען געווען פאַרשטעלט מיט הויכע מאַסיווע טונקל־געפאַרבטע פּאָליצעס מיט ביכער, אַלע אין פּינקט־לעכער אָרדענונג, אין גוטן איינבונד, מיט פיל־פאַרביקע רוקנס — אַ רייכע פּראָפעסאָרישע ביבליאָטעק.ביים גרויסן דעמבענעם שרייב־טיש, איבער אַ טאַץ מיט טיי און פאַרבייסן, מיט אַ צייטונג אין דער האַנט, איז געזעסן דער באַלעבאָס אַליין, ד״ר שיינין, אָן אַ רעקל, אַ צעשויבערטער, מיט אַ זויערן פּנים — ס׳איז געווען פונקט די צייט נאָכן בייטאָגעדיקן שלאָף.

„אוכלי עמי״ (די וואָס עסן מיין פאָלק), — האָט מנוחין ווידער אַ מאָל מיט אַ שמייכל זיך דערמאָנט אָן בר־גיוראס ווערטל, וואַרפנדיק אַ קוק אויף דער טאַץ מיטן טיי. ער האָט דאָס ווערטל געיאָגט פון זיך מיט טיפן פאַרדראָס און האָט עס ניט געקאָנט פאַריאָגן. דער פאַרדראָס איז געווען אַ צווייענדיקער: אי אויף זיין ניט־חברשער באַציאונג צו אַן אַלטן פריינד, אי אויף דעם פאַקט, וואָס ער האָט זיך פּלוצים אָנגעשטעקט מיט בר־גיוראס אומווירדיקן גייסט און קאָן פון אים ניט פּטור ווערן.

— דו וועסט מיר אַנטשולדיקן, וואָס איך בין צו דיר אַריינגעקומען ווי אַן אומגעבעטענער גאַסט, אויפן שטייגער פון אונדזערע אַמאָליקע סטודענטישע יאָרן, — האָט מנוחין זיך גלייך גענומען פאַרענטפערן פאַר זיין חבר. — איך האָב ביי דיר עפּעס צו פרעגן, און קיין טעלעפאָנען אין אייערע תל־אביבער הייזער זענען נאָך, גאָט צו דאַנקען, ניט איינגעפירט.

— וואָס פאַרענטפערסטו זיך? — האָט שיינין זיך אָנגערופן אין אויפ־געלעבטן טאָן. — אַדרבה, אַזוי ביסטו ביי מיר נאָך מער אָנגעלייגטער גאַסט. טאַקע ווי אין די אַמאָליקע גוטע יאָרן!...

פון דעסטוועגן, ניט געקוקט אויף זיין אויפגעלעבטקייט, איז ער גע־שטאַנען פאַר מנוחינען עפּעס ווי צעטראָגן, עטלעכע מאָל געוואָרפן אויפן טיש אַן אומרואיקן בליק, פונקט ווי זיין חבר וואָלט אים דאָ געטראָפן ביי עפּעס אַ ניט־שיינער זאַך. לסוף האָט ער פאַמעלעך גענומען די צייטונג און זי אומבאַמערקט פאַררוקט הינטער דעם בערגל מיט ביכער, וואָס איז דאָ געלעגן אויפן טיש.

— אפשר וועלן מיר אַריבערגיין אין עס־צימער און אויפנעמען אונ־דזער גאַסט, ווי עס באַדאַרף צו זיין? — האָט געפרעגט מאַדאַם שיינין, מיט וועמען מנוחין איז שוין געווען באַקאַנט פון דעם ערשטן אָוונט ביי זיין שוועסטער אין שטוב. זי איז געווען יינגער און פרישער פון איר מאַן, געהאַט אַ פרומען שעמעוודיקן שמייכל אין די לעבעדיקע שוואַרצע אויגן און האָט געהערט צו יענע ווילגעלערנטע העברעאישע דאַמען, וואָס האָבן זיך פרום פאַרליבט אין מנוחינען פון דעם ערשטן מאָמענט. איצט האָט זי זיך שטאַרק געראָיטלט אונטער זיין בליק.

— ניין, איך בעט אייך, צערעמאָניעט זיך ניט מיט מיר! — האָט מנוחין צו איר געזאָגט. — איך בין אַריין צו אייער מאַן נאָר אויף אַ קורצער ווייַלע, „פאַר ביזנעס", ווי מיר זאָגן אין אַמעריקע. רעכנט דאָס ניט פאַר אַ וויזיט — מיין ערשטער וויזיט צו אייך קומט נאָך!

— וויבאַלד אַזוי, — האָט שיינין מסכים געווען, — וועסטו אַזוי גוט זיין, מירעלע, דערלאַנגען מנוחינען אַ גלאָז טיי אַהער, וועלן מיר דאָ ביידע שמועסן.

מאַדאַם שיינין האָט שטיל אַ גלאַנץ געטאָן אויף מנוחינען מיט אירע שוואַרצע פרום־פאַרליבטע אויגן און מיט געהאָרכזאַמע טריט אַרויס פון צימער, איבערלאָזנדיק די מאַנסבילן אַליין.

— אַ פראַכטפולע ביבליאָטעק ביי דיר! — האָט מנוחין געזאָגט, אַרומקוקנדיק זיך אין צימער. — ווו האָסטו זי צוזאַמענגעשטעלט — דאָ אין ארץ־ישראל?

— אַ ביסל האָב איך אַרויסגעראַטעוועט פון רוסלאַנד, נאָר דעם גרעסטן טייל האָב איך געבראַכט פון מיינע נסיעות איבער דער וועלט. פאַרשטייט זיך, ביסלעכווייז — אַ פאָליצע נאָך אַ פאָליצע.

„דאָס אייגענע, אַפּנים, וואָס מיטן הויז — אַ גאָרן נאָך אַ גאָרן"... — האָט מנוחין ווידער זיך געלאָזט באַהערשן פון בר־גיוראס זלידנעם גע־דאַנק, און האָט תיכף אַנגעכמורעט די ברעמען: וואָס פאַר אַ דיבוק איז דאָס אין אים היינט אַריין?...

— נו, און דו? וואָס האָסטו דאָ אויפגעטאָן ביי אונדז אין תל־אביב פאַר די עטלעכע טעג? — האָט שיינין געפרעגט. — איך האָב דיר ניט געוואָלט שטערן. איך האָב געהערט, אַז דו האָסט זיך דאָ שטאַרק פאַר־אינטערעסירט מיט יענער חברה, מיט די שאַקאַלן, ווי אָט דער פּדהצור האָט זיי אָנגערופן.

ער האָט דאָס אַרויסגערעדט מיט אַ ברוגזלעכן שמייכל, דערביי אָנגע־קוקט מנוחינען פון דער זייט פאַרשנדיק. מנוחינס נאָענטקייט מיט גאָרדאָנס שוועסטער און זיין מעגלעכע קרובהשאַפט מיט גאָרדאָנען אַליין איז פאַר אים געווען אַן אומאָנגענעמע איבערראַשונג. בפרט, אַז אין שטאָט האָבן זיך וועגן דעם שוין אומגעטראָגן אַלערליי קלאַנגען און סברות. מע האָט שוין אַפילו געשמועסט, אַז גאָרדאָן וויל זיין צוקינפטיקן שוואָגער, וועלכער איז אַן אויסגעצייכנטער העברעער און אַ מענטש מיט גרויסן ליטעראַ־רישן וויסן, מאַכן פאַרן הויפט־רעדאַקטאָר פון זיין פאַרטיי־אָרגאַן. שייניו האָט אין אַזעלכע בבא־מעשיות ניט געוואָלט גלייבן, נאָר פון דעסטוועגן האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס אַזאַ מענטש ווי מנוחין, זיין בעסטער יוגנט־חבר, איז גלייך ביי זיין אָנקומען אין ארץ־ישראל אַריינגעפאַלן צו די דאָזיקע לייט. ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ פאַרשטעלונג ער וועט פון זיי באַקומען וועגן דעם יישוב?... מנוחין האָט דערפילט שייניס אומצופרי־דענעם טאָן, און כדי אים צו באַרואיקן, האָט ער גלייך אָנגעהויבן דער־ציילן פון זיין באַגעגעניש מיט בר־גיוראן און איש גוש־חלבן, פון דעם אָפּשטויסנדיקן אײַנדרוק, וואָס די ביידע האָבן אויף אים געמאַכט, איבער־הויפט — דער ערשטער.

— דאָס זענען פשוטע פּאַיאַצן, מאַרכלאָזע נאָכקרימער פון דער אַל־טער געשיכטע, וועלכע זיי זענען ניט פעאיק צו פאַרשטיין, דעגענערירטע קינדער פון אַן אומגליקלעכער, טיף־געפאַלענער ראַסע! — האָט מנוחין גערעדט אויפגעבראַכט, מיט שאַרפן ווייטאָג. — זיי שפּילן דאָ דאָס טרויע־ריקע שפּיל פון חורבן ירושלים נאָך איידער ירושלים האָט זיך אָנגעהויבן בויען! דערצו זייער קולטורעלער ניוואָ! איך האָב אַריינגעקוקט אין זייערע שריפטן — וואָס פאַר אַ שוידער!...

— דער שוידער הייבט זיך ערשט אָן! — האָט שייניו געזאָגט, שטאַרק דערפרייט פון מנוחינס ווערטער. — אָט איז דער לעצטער נומער פון זייער צייטונג... — ער האָט אַרויסבאַקומען פון הינטערן בערגל מיט ביכער די צייטונג, וועלכע ער האָט ערשט באַהאַלטן; נאָר אַזוי ווי אין דער מינוט האָט זיין ווייב אַריינגעטראָגן פאַרן גאַסט אַ צווייטע טאַץ מיט טיי און פאַרבייסן, האָט ער אָפּגעוואַרט ביז זי וועט אַרויסגיין. — נאַ לייען, וועסטו הנאה האָבן...

„אוכלי עמי", — האָט מנוחין, צו זיין איבערראַשונג, דערזען אין דער פריש־געדרוקטער צייטונג אַ היפשן קאָפּ איבער איש גוש־חלבס

נייער סעריע אַרטיקלען. אונטערן קאָפּ איז געגאַנגען דער ערשטער אַר־טיקל, באַטיטלט אויך מיט אַ מליצהדיקן קעפּל, שוין מיט אַ גאַנצן פּסוק פון תנ"ך: „הוי, בונה ביתו בלא צדק ועליותיו בלא משפט" [ווי געשריען, דער וואָס בויט זיין הויז אָן גערעכטיקייט און זיינע גאָרנס אָן געזעץ]... ער האָט געוואָלט אַ שמייכל טאָן פון דעם אָפּגעזוכטן פּסוק, נאָר אַנשטאָט דעם איז ער שטאַרק רויט געוואָרן, פּונקט ווי ער אַליין וואָלט דאָ געהאַט אַ באַהאַלטענעם חלק אין דעם שענדלעכן אויפטו. ער האָט אָפּגערוקט פון זיך די צייטונג מיט אַן אויסדרוק פון עקל.

— דו פאַרשטייסט וואָס דאָ קומט פאָר? — האָט שיינין געזאָגט מיט ביטערער איראָניע, אויפשטייענדיק פון טיש אַן אויפגערעגטער. — „אוכלי עמי" — דאָס זענען מיר, די באַצאָלטע דינער פון ציוניזם, די טוער, די משולחים און די געלט־זאַמלער, די וואָס האָבן געהאָלפן אויסלייזן דעם „עמק", אויסטריקענען די זומפּן, שאַפן די קבוצות. און אונדזער שטרענ־גער ריכטער, דער צאָרנדיקער נביא, איז דער לאַ־יוצלח, איש גוש־חלב, דער פּויליאַק און טויגעניכטס, וואָס מאַכט נאָר קאַליע אַן אָרט אין אונדזער קליינעם לאַנד, וואָס טויג אַ קאַץ אַן עק ניט צו פאַרבינדן, וואָס איז אַליין ניט פעאיק אַפילו אָנצושרייבן אַט די מיאוסע פּאַסקווילן, ווען היגטער אים זאָל ניט שטיין און דיקטירן דער אויסוווּרף בר־גיורא!... און וועמען האָבן זיי גענומען דעם ערשטן אויפן צימבל? מיך! דאָס בין איך „דער וואָס בויט זיין הויז אָן גערעכטיקייט און זיינע גאָרנס אָן געזעץ"! דאָס קלאָגט דער נביא טאַקע אויף אַט דעם הויז, ווו דו זיצסט אַצינד... מע האָט דאָ געמאַכט אַ חשבון פון אַלע מיינע דריי גאָרנס, ווי אַזוי און פון וואָס פאַר אַ קוואַל איך האָב זיי געבויט... און דאָס, וואָס צוזאַמען מיט מיין הויז האָב איך געהאָלפן יידן אויסבויען און פאַרפלאַנצן אַזאַ ליכטיקע, בליִענדיקע קאָלאָניע, ווי שאננה, — דאָס האָבן די אויסוווּרפן פאַרגעסן אַריינצושטעלן אין צעטל... פע! פע! מיר זענען באמת אַ נידעריקע, טיף־געפאַלענע ראַסע, ווי דו האָסט ערשט געזאָגט!...

— איך זע, אַז דו נעמסט דאָס שטאַרק צום האַרצן, — האָט מנוחין באַמערקט מיט באַדויער. — דו וואָלסט באַדאַרפט זיך שטעלן העכער דערפון.

— דיר איז לייכט צו רעדן — דו ביסט אַ גליקלעכער, אומאָפּהענגיקער מענטש, דו לעבסט פון דיין פּראָפעסיע! — האָט שיינין געזאָגט נאָך מיט מער ביטערניש. — איך בין אָבער אַ קנעכט ביים פאָלק, איך לעב פון

דער קהלשער שיסל, איך עס מיין פּאַלק... אַט וועסטו היינט אַרויסגיין אין תל־אביב, וועסטו זען, ווי אַזוי דער עולם וועט זיך קוויקן מיט איש גוש־חלבס נביאישער אויפדעקונג, אפילו מיינע בעסטע פריינד וועלן דאָס אין דער שטיל פּאַסמאַקעווען... אַזאַ פּיקאַנטער פּסוק — „אוכלי עמי״!... און ווער איז שולדיק אין דעם? נאָר איך אַליין! מיין אָרט האָט באַדאַרפט זיין אַט דאָ! — האָט ער אָנגעוויזן אויף די פּאַליצעס מיט ביכער. — איך האָב מיט דיר אינאיינעם אַמאָל געחלומט פון עפּעס אַנדערש... האָט אָבער פּאַסירט אַן אומגליק — באַלפור האָט אַרויסגעלאָזט זיין דעקלאַראַציע. האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין: איצט איז ניט קיין צייט צו פאַרנעמען זיך מיט פילאָזאָפיע — מע דאַרף עפּעס טאָן. בטלנים האָבן מיר אַ סך, נאָר טוער זייער ווייניק... בין איך געגאַנגען און זיך פאַרשריבן אין דער חברה „אוכלי עמי״... נאָר האָב אויף מיר קיין פאַראיבל ניט, וואָס איך האָב מיך דאָ פאַר דיר צעדרשנט. דו האָסט דאָך געוואָלט עפּעס רעדן פון אַן ענין?

— ס׳איז מיר שוין אָפּגעפאַלן דער חשק, — האָט מנוחין אַ זאָג געטאָן ווי אין פאַרלעגנהייט.

— ניין, דערצייל, וואָס האָט דיך געבראַכט צו מיר. איך בין גרייט מיט פאַרגעניגן...

— דו וועסט מסתמא זיין ניט איבעריק צופרידן פון דעם, — האָט מנוחין אַרויסגערעדט מיט אַ מאָדנעם שמייכל. — איך בין געקומען דיך איינלאַדן, דו זאָלסט זיין מיין אונטערפירער. איך קלייב מיך די צייטן חתונה האָבן.

— טאָקע באמת? — האָט שייניו כלומרשט זיך געחידושט, ניט וויסנדיק ווי אַזוי די זאַך אויפצונעמען. — קומט דאָך דיר אַ מזל־טוב! מיט גאָרדאָנס שוועסטער?

— מיט גאָרדאָנס שוועסטער, — האָט מנוחין געזאָגט שטיל און איז שטאַרק רויט געוואָרן.

— פאַרוואָס מיינסטו, אַז איך וועל זיין ניט צופרידן? זי איז אַ זעלטענע שיינהייט. אין שטאָט שמועסט מען שוין, אַז זי איז די איינציקע, וואָס איז ווערט, מע זאָל זי אויסקלייבן פּורים צום קאַרניוואַל אַלס אסתר המלכה... און, ווי מיר דאַכט, איז זי אויך אַ ווױלע...

— יאָ, זי איז זייער אַ ווױלע, — האָט מנוחין פּלוצים אויפגעשיינט. —

דער פאָטער אירער איז גאָר אַ פיינער מענטש, אַן אַלטער ציוניסט און אַ תּלמיד־חכם... איך קען די משפּחה, מיר זענען כמעט קרובים... און דו ווייסט? מיר שיינט, אַז אַפילו איר ברודער איז אַ ביסל אַנדערש פון זיינע חברים...

— וועגן דעם ברודער קאָן איך שוין ניט זיין אַזוי אָביעקטיוו, ווי־באַלד ער געהערט צו יענער חברה... — האָט שייניו זיך מודה געווען. — נאָר דער אמת איז, אַז ער איז צווישן זיי דער בעסטער. ער איז, לכל הפּחות, ניט קיין משוגענער היץ־קאָפּ, און געוויס ניט אַזאַ אויסוואורף, ווי זייערע אינטעליגענטן, די פירער פון דער צייטונג... און נאָך אַלע זאַכן, ווייסטו דאָך חתונה האָבן ניט מיט אים, נאָר מיט דער שוועסטער... אָט האָב איך אויך אַ שוואָגער, וואָס טאַנצט־נאָך דער דאָזיקער חברה — מיין ווייבס אַן עלטערער ברודער. יענער איז נאָך, צו אַלע צרות, אַ פּרומאַק, אַ מזרחיסט...

— אויב אַזוי, — האָט זיך מנוחין דערפרייט, — זענען מיר דאָך גלייכע יחסנים!... נאָר ניט דאָס איז נאָך דער עיקר, וואָס האָט מיך געבראַכט צו דיר. דאָס איז נאָר געווען אַ מין הקדמה צו דעם עצם ענין. דער עצם ענין איז אָט וואָס...

און מנוחין האָט דערציילט זיין חבר פון אישטובס פּלאַן וועגן „מקור חיים" און פון זיין אומבאַשלאָסנקייט וועגן פּלאַנצן אַ פּרדס אין שאָננה. שייניו האָט אים אויפמערקזאַם אויסגעהערט.

— דו ווייסט, — האָט ער געזאָגט מיט אַן אויפגעשיינטן פּנים, — איך בין דאָך פון דעם טשודאַק אישטוב אַנטציקט! איך זאָג שוין לאַנג, אַז אָט דער טרוקענער נפש וועט אונדז מיט עפּעס איבערראַשן. „מקור חיים" איז אַ גרויסאַרטיקע אידעיע! אָט דאָס דאַרפן מיר דאָך איצט האָבן! תּל־אביב לעכצט נאָך נייעם באָדן!... וואָס הייסט, דו האָסט מורא פאַר ספּעקולאַציע? אויסקויפן ארץ־ישראל פון אַראַבישע הענט איז דען ספּע־קולאַציע? ביי אונדז מישט מען צונויף די באַגריפן. ספּעקולאַציע הייסט, ווען מיר רייסן אונדזערע אייגענע „מגרשים" איינס ביים אַנדערן פון די הענט. אָבער דאָ וויל אַ ייִד רייכער מאַכן אונדזער באָדן מיט עטלעכע הונדערט דונאַם, וואָס זענען אונדז נייטיק ווי לעבן — דאַרף מען אים העלפן. און דיין שוואָגער האָט דערביי געוויס ריינע כוונות, און אַזאַ פיינעם מאָטיוו — מעגסטו אים גלייבן. ער איז אַן ערלעכער מענטש. ער איז אויך אַ גוטער געשעפטסמאַן, אַן אויסגערעכנטער — ער וועט

שטענדיק קויפן ביליקער און ראַיעלער ווי אַן אַנדערער. הכלל, איך בין מסכים! — האָט שיינין געשלאָסן זיין מיינונג אין לעבעדיקן טאָן. — זעסטו, וועגן שאנגהה קאָן איך דיר קיין עצה ניט געבן. מיין זאַך האָב איך דאָ שוין אָפּגעטאָן — איך האָב דיך פאַרנאַרט אַהער, דו זאָלסט אויסלייזן פאַר ארץ־ישראל אַ שטיק לאַנד. ווייטער, צי עס לוינט זיך דיר ווערן אַ פלאַנטאַטאָר — דאָס ווייס איך ניט. וועגן דעם דאַרפסטו זיך דורכרעדן מיט אַ פאַכמאַן. און דו האָסט איצט מיט וועמען צו רעדן — טאַקע מיט דיין אייגענעם גאָרדאָנען. ער איז דאָ פאַררעכנט ביי אונדז צווישן די בעסטע פרדסנים. פאָר זיך דורך מיט אים אָנקוקען דיין נחלה, וועסטו הערן, וואָס ער וועט דיר זאָגן.

— אפשר וועסטו זיך אויך דורכפאָרן מיט אונדז? — האָט מנוחין פאָרגעלייגט. — איך וועל נעמען אַן אויטאָמאָביל און וועל אייך ביידן איינלאַדן, ווי מיינע ראַטגעבער.

— ניין, חביבי, — האָט שיינין געזאָגט שאַרף, — מיט גאָרדאָנען אין איין אויטאָמאָביל פאָר איך ניט! דאָס איז ביי אייך אין אַמעריקע אַזוי איינגעפירט, אַז פאַרטייאישע שונאים זידלען זיך פריער גוט אָן אין זייערע צייטונגען, דערנאָך טרינקט מען צוזאַמען טיי אין קאַפע ביי איין טישל. דאָ אין ארץ־ישראל זענען מיר ביטערע יונגען, מיר מיינען די זאַך ערנסט. דאָ איז ער דער געזעצלעכער יורש־עצר פון מלכות בית־דויד, און איך... איך געהער צו דער חברה „אוכלי עמי"... ניין, איך זע, אַז דו פאַרשטייסט נאָך אַלץ ניט דעם וויץ, וואָס דאָ שטעקט! — איז שיינין וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ מער צערייצט. — איך בין אויסגעפאָרן אַ וועלט, זיך אויסגעוואַלגערט אין אַלע בלאָטיקע שטעטלעך אין פוילן און ליטע, אָנגעשלאָגן קיין בראַזיליע, קיין דרום־אַפריקע, קיין שאַנכאַי, אויף יענער זייט סמבטיון, פאַרקראָכן ביי אייך אין אַמעריקע אַזש אין ווילדן העק מיטן נאָמען „סיר סיטי", און אַפילו דאָרט געוועקט אינטערעס פאַר די קבוצות אין „עמק", — און לסוף קומט היינט צו גיין איש גוש־חלב און רופט אָן מיין מי און מיין פלייס פאַרן לאַנד מיטן אמתן נאָמען: איך עס מיין פאָלק!... מירעלע! — איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר און אַ רוף געטאָן זיין ווייב. — קום אַהער, איך דאַרף דיר זאָגן עפּעס אַ וויכ־טיקע זאַך!

— וואָס פאַר אַ וויכטיקע זאַך? — האָט מאַדאַם שיינין געפרעגט, באַ־ווייזנדיק זיך אין טיר מיט אַ שמייכל.

— דו הערסט, מירעלע? — האָט שיינין צו איר אויסגערופן אין אַ מין פייערלעכן שפּאַס. — דו זאָלסט היינט ניט קאָכן קיין וועטשערע!

— וואָס עפּעס פּלוצים וועטשערע? — האָט מאַדאַם שיינין געפרעגט פאַרוווּנדערט און אַ קוק געטאָן אויף מנוחינען מיט אַ פרום־קאָקעטישן גלאַנץ אין די שוואַרצע לעבעדיקע אויגן.

— אַזוי! איך טאָר ניט עסן קיין וועטשערע, און איך וויל ניט עסן קיין וועטשערע! איך וויל ניט עסן מיין פאָלק!... — האָט שיינין געטענהט נאָך אַלץ אין שפּאַס, נאָר טרערן זענען אים שוין געשטאַנען אין די אויגן.

— דאָס קאָכסטו זיך אַלץ איבער יענעם פעליעטאָן פון דעם אָפּגע־ריסענעם נאַר איש גוש־חלב? — האָט מאַדאַם שיינין געזאָגט מיט פאַר־וווּרף. — שעם זיך כאָטש פאַר אונדזער גאַסט! פון וועמען דו ווערסט דאָ נתפעל!...

— ניין, מירעלע, ער איז גאָרניט אַזאַ נאַר, ווי דו מיינסט! ער איז בפירוש גערעכט!... און די שטוב וועל איך אויך פאַרברענען! פאַרברענען אַלע דריי גאָרנס, און זאָל עס נעמען אַ סוף! ס'איז מיר נמאס געוואָרן דער גאַנצער עסק!...

מנוחין איז אַוועק פון שיינינען אַ באַטריבטער מיט געמישטע געפילן. דאָס סאַמע שווערע געפיל איז געווען, וואָס ניט נאָר איש גוש־חלב, נאָר אויך ער אַליין האָט אין געדאַנק היינט פאַרשעמט זיין חבר. און נאָך אַ זאַך האָט אים איצט געאַרט: וואָס ער האָט שיינינען דערציילט וועגן זיין חתונה מיט יהודיתן. ער האָט דערמיט געמיינט צו באַפעסטיקן פאַר זיך אַליין זיין באַשלוס, נאָר צי האָט ער זיך דאָ אַ ביסל ניט צוגעאײַלט?...

קאַפּיטל אַכט און דרייסיק

# אויפן וועג קיין שאננה

דעם זעלבן פאַרנאַכט, נאָך זיין באַזוך ביי שײנינען, האָט מנוחין זיך געלאָזט שפּאַצירן מיט יהודיתן, צווישן אַנדערע תל־אביבער שפּאַצי־רער, ביים ברעג ים, אויפן פייכטן האַרטן זאַמד, און דאָרט פאַרפירט מיט איר אַ שמועס וועגן זיין באַשלוס גלייך חתונה צו האָבן און וועגן די איבעריקע פּלענער, וואָס זענען דערמיט פאַרבונדן. יהודיתעס געזיכט האָט פון דער דאָזיקער בשורה, ביים רויטלעכן שיין פון דער פאַרגייענדיקער זון, זיך אָנגעצונדן מיט טיפער צוטרוילעכער פרייד, נאָר פון דעסטוועגן האָט מנוחין ניט פאַרפעלט צו באַמערקן, אַז גלייך נאָכדעם זענען אירע אויגן באַצויגן געוואָרן ווי מיט אַ שאָטן פון זאָרג, אויסגעדריקט כמעט פאַרבאָרגענע פּיין. נאָך מער חידוש איז פאַר אים געווען, וואָס זי האָט דערביי אים פאָרזיכטיק אַ זאָג געטאָן, אַז זי וואָלט וועלן, ער זאָל וועגן דעם זיך דורכרעדן אויך מיט איר פאָטער. דער חידוש איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ערשט ניט לאַנג, אויף דער שיף, האָט יהודית פאַר אים איינמאָל זיך אויסגעדריקט, אַז זי איז פון איר פאָטערס אָפּיעקע שוין לאַנג אַרויס, אַזוי אַז וועגן זייער בונד וועט מען דעם פאָטער קאָנען געבן צו וויסן נאָר פאַסט פאַקטום, ווי וועגן אַ געשעענער זאַך. וואָס־זשע פאַר אַן ענדערונג איז דאָ פּלוצים פאָרגעקומען ?...

דערווייל האָבן זיי צווישן זיך אָפּגערעדט, אַז פריער פון אַלץ וועלן זיי ביידע, צוזאַמען מיט איר ברודער, זיך דורכפאָרן אָנקוקן שאננה. און אויפן צווייטן טאָג, גאַנץ פרי, איז דניאל גאָרדאָן צוגעפאָרן אין זיין שטענדיק־אָפּגעפּוצטן אויטאָמאָביל צו מנוחינס האָטעל. די קליינע לאָטאַ גאָרדאָן איז דאָ אויך געווען אין קאָמפּאַניע, אַזוי אַז מנוחין האָט זיך געזעצט אין פראָנט, לעם דניאלן, וואָס האָט געפירט די מאַשין. זיי זענען אַרויסגעפאָרן אויפן גלאַטן, גלאַנציקן פתח־תקוה־שאָסיי, וואָס איז געלאָפן הינטער תל־אביב צווישן אַלטע גרין־בלעטערדיקע פּרדסים, אָפּגעשאָטענע מיט צייטיקע גאָלדענע פּירות. ס'איז געשטאַנען, ווי אין אַלע פריערדיקע טעג, זינט מנוחין האָט באַטראַכטן דאָס לאַנד, אַ פרישער ליכטיקער פרי־

מאָרגן, וואָס האָט זיך יעדן באַגינען צעשטראַלט ווי פונדאָסניי מיט אומגעריכטער פּראַכט, שעפּנדיק זון און פרייד פון נייע, ערשט־געעפנטע קוואַלן. מנוחין איז היינט צום ערשטן מאָל אַרויסגעפאָרן אויסער דער שטאָט און האָט דאָרשטיק אויפגענומען די אַרומיקע בלעטערדיקע גריני־קייט, וואָס האָט געגלעט און געקילט די אויגן נאָכן גליִענדיקן שימער פון די תל־אביבער זאַמדן, אויך געפרייט דאָס האַרץ מיטן נייעם מונטערן באַוווּסטזיין, אַז דאָ גייט־אויף פון דער ערד אַ ניי יידיש לעבן — זיכערע, וואָרצלדיקע שפּראָצן פון אַ ניי־פאַרפלאַנצטן פאָטערלאַנד.

ער האָט זיך אָבער לאַנג ניט פאַרהאַלטן אויף דעם. דניאל גאָרדאָן, וואָס האָט געטריבן פאַמעלעך די מאַשין מיט אַ שטייפן שווייגנדיקן פּנים אונטערן קיילעכיקן ספּאָרטישן בערעט, האָט אים פּלוצים אַ פרעג געטאָן, וואָס פאַר אַן איינדרוק ער האָט אַרויסגעטראָגן פון זיין פּאַרטיי־צייטונג, וועלכע ער האָט אים די טעג געגעבן צו לייענען? כדי אויסצומיידן אַ שאַרפן אורטייל, וואָס קאָן קאַליע מאַכן די גוטע שטימונג פון דער נסיעה, האָט מנוחין לכתחילה געפּרוּווט ענטפערן געלאַסן, אַז ער איז צו אַזאַ מין ליטעראַטור ניט געוווינט — ס'איז פאַר אים אַ פרעמדער ענין. דערויף האָט גאָרדאָן זיך מודה געווען, אַז זייער פּאַרטיי איז נאָך אַ יונגע, עס פעלן איר אויס אינטעליגענטע כוחות, דערהויפּט שרייבער מיט „ציווי־ליזירטע" מאַניערן, — הגם אָט דער זעלבער בר־גיורא איז פאַררעכנט ביי אַלעמען פאַר אַ טאַלאַנטפולן פּאָעט. האָט שוין מנוחין געפונען פאַר נייטיק צו באַמערקן, אַז אינטעליגענטע כוחות און טאַלאַנטפולע פּאָעטן קאָנען דאָ, לויט זיין מיינונג, קיין סך ניט אויפטאָן, וויבאַלד די אידעיע אַליין איז אַ קינדערשע. אַן אידעיע, וואָס ווערט ניט געבויט אויף פרוכט־באַרן שאַפן, נאָר שטיצט זיך אויף אויפגעבלאָזענע היסטאָרישע פראַזעס און אויסגעשרייען, און ווערט געטריבן דורך פּרוכטלאָזער שנאה צו די אמתע טוער און שאַפער, — אַזאַ אידעיע וועט קיין גוטס דעם ישוב ניט ברענגען!... דאָס האָט שוין גאָרדאָנען פאַרברענט. ער האָט גענומען טרייבן די מאַשין האַסטיקער און האָט מנוחינען שאַרף דערקלערט, אַז ער איז סך־הכל אַ קאַרגע וואָך אין לאַנד און ווייסט ניט, וואָס דאָ קומט פאָר!

— מיר האַלטן דאָ נאָך ניט ביי דער פראַגע פון שאַפן, נאָר ביי דער פראַגע פון באַקומען דעם באָדן, אויף וועלכן מיר זאָלן קאָנען פריי שאַפן! — האָט ער געזאָגט האַרט, מיט טיפער פאַראַכטונג. — ביי אייערע טוער און שאַפער איז דאָס נאָר אַ פּראָבלעם פון נאָך אַ דונאַם לאַנד און

נאָך אַ ציג אין דער באַלעבאַטישקייט און פאַר אונדז, מילאָסטיוועי גאָ־סודאַר (ער האָט גערעדט מיט מנוחינען רוסיש), איז דאָס אַ פראַגע פון לעבן און טויט! טו בי, אָר נאָט טו בי!... אונדזער פּראָבלעם איז דאָ — צי וועט מען אונדז לאָזן צוריק אויפבויען אונדזער פאָטערלאַנד און אויפשטעלן אונדזער אַלטן כבוד, מיר זאָלן מער ניט זיין ווי פאַרוואָגלטע הינט אויף דער ערד, אָדער מע וועט אונדז נאָר דערלויבן צונויפקלאַפּן נאָך איין שטיקל געטאָ אונטער דער שרעק פון אַראַבישע פּאַגראָמען און אונטער דער צווייפלהאַפטער גרויס־בריטאַנישער השגחה? אויב נאָך אַ געטאָ — צו וואָס טויג אונדז דער גאַנצער טאַרעראַם? מיר האָבן גרעסערע און רייכערע געטאָס אין ניו־יאָרק, אין לאָנדאָן, אין וואַרשע!...

ער איז אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן, ווי זוכנדיק אַ שאַרפערן אויסדרוק פאַר דעם, וואָס האָט אין אים געקאָכט.

— פּרוכטלאָזע שנאה! — האָט ער ווייטער גערעדט אינעם זעלבן פאַראַכטלעכן טאָן, טרייבנדיק פעסט די מאַשין. — איר פאַרשטייט, פון וואַנען עס שטאַמט ביי אונדז די דאָזיקע שנאה צו אייערע טוער און שאַפער? צוויי טויזנט יאָר, ביטערע צוויי טויזנט יאָר האָבן מיר געוואַרט אויף דעם מאָמענט — איז געקומען ענגלאַנד און האָט זיך גענומען די היסטאָרישע פּריווילעגיע אונדזער גרויסע דערוואַרטונג צו פאַרווירקלעכן. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז זי האָט זיך נאָר מיט אונדז אַ רייץ געטאָן, ווי דער פריץ מיט מאָשקען, און געמאַכט פון אונדז געלעכטער. אייערע טוער, די שייַנינס מיט די באַרנבוימס, די אַלע פינסקער און באַרדיטשעווער דיפּלאָמאַטן, וואָס האָבן זוכה געווען צוגעלאָזט צו ווערן צום פּריץ אין הויף אַריין, האָבן אָנגעבויגן די קנעכטישע קעפּ און דעם ענגלענדער זיין ווייץ מוחל געווען. זיי זענען קלוגע, פּראַקטישע גלות־יידן און ווייסן פון דערפאַרונג, אַז מיט אַ פּריץ טאָר מען זיך ניט איינ־רייסן — אַ פּריץ מעג זיך דערלויבן אַ שפּאַס. מיר ווילן אָבער מער קיין קלוגע גלות־יידן ניט זיין — עס שטייט אונדז בעסער אָן צו זיין אַזוי נאַריש, ווי די גוֹיִים, כאָטש ווי די ענגלענדער אַליין, און מיר וועלן קיין באַליידיקונג מער ניט מוחל זיין. דו ביסט אַ דזשענטלמאַן — האַלט וואָרט!... מיר פאָדערן דאָס, וואָס מע האָט אונדז הייליק צוגעזאָגט, וואָס די וועלט האָט פון אונדז אַוועקגערויבט — מיר פאָדערן אונדזער ווינקל אונטער דער זון! און מיר וועלן דאָס באַקומען, מיר מוזן דאָס באַקומען — ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג פאַר אונדז! נאָך דעם ווי מיר האָבן דאָ שוין

פאַרזוכט דעם טעם פון אַ פאָטערלאַנד, קאָנען מיר מער קיין פאַרוואָגלטע הינט אויף דער ערד ניט זיין... אָט דאָס איז מיין קינדערשע אידעיע און מיינע אויפגעבלאָזענע פראַזעס, דאָקטאָר מנוחין! איך ווייס ניט, צי דאָס שטימט פונקט מיט דער אידעיע און מיט די פראַזעס פון מיינע חברים בר־גיורא און איש גוש־חלב, נאָר מיט דער גלות־פּאָליטיק פון אונדזערע באַרדיטשעווער דיפּלאָמאַטן און ציוניסטישע טשינאָווניקעס שטימט עס געוויס ניט!...

— בראַוואָ, דאַנטשיק! איך האָב גאָרניט געוווסט, אַז דו קאָנסט אַזוי שיין רעדן! — האָט יהודית זיך אָנגערופן מיט אמתער באַגייסטערונג, זיך אָנגעבויגן צום ברודער פון הינטן און צערטלעך אַ גלעט געטאָן אים איבערן קיילעכיקן ספּאָרט־היטל. — נאָר זע, דו זאָלסט אונדז פון גרויס התפעלות פאַר דיין קינדערשער אידעיע ניט איבערקערן ערגעץ אין אַ גרוב!

— דערווייל איז נאָך קיין גריבער ניטאָ, — האָט דניאל געזאָגט מיט אַ שמייכל און פאַרקלענערט דעם גאַנג פונעם אויטאָמאָביל. — די גריבער וועלן ערשט קומען!

מנוחין האָט זיך אומגעקוקט אַהינטער אויף יהודיתן, דערזען איר אויפגעלעבט שיינענדיק פּנים און ניט־ווילנדיק דערפילט אַ שאַרפע קנאה צו איר ברודער, וואָס האָט ביי איר אַזוי אויסגענומען מיט זיינע רייד. דאָס געפיל פון קנאה איז נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן דערפון, וואָס ער אַליין האָט אויך ניט דערוואַרט, אַז דניאלס רייד זאָלן קלינגען אַזוי אויפריכטיק און איבערצייגנד. הייסט עס, אַז ניט אומזיסט האָט ער מורא, יהודית זאָל דאָ ניט אַרונטערפאַלן אונטערן איינפלוס פון דער דאָזיקער חברה, ווו עס הערשט דער גייסט פון בר־גיוראן. אָט הייבט זיך עס אָן!... ער האָט נאָך אַמאָל געכאַפּט אַ קוק אַהינטער, געזען ווי יהודית זיצט צוגעטוליעט מיט קרובישן צוטרוי צו דער קליינער שמייכלענדיקער לאָטאַ גאָרדאָן, און ס'איז אים געוואָרן מאָדנע שווער אויפן האַרצן, פּונקט ווי די צוויי וואָלטן זיך דאָ פאַרטאַיעט אין אַ שטומער פאַרשווערונג קעגן אים און זיין גערדאַנקען־גאַנג מיט זיין צעטראָגענעם געמיט.

די גריבער, וועגן וועלכע גאָרדאָן האָט דערמאָנט, האָבן זיך באַלד באַוויזן. דורכגעשניטן די אַלטע קאָלאָניע פּתח־תקוה, וואָס האָט מנוחינען אויסגעזען ווי אַ היימיש ליטוויש שטעטל, סיי מיט די פאַרעלטערטע אָפּ־

געלאָזענע קלייטלעך און שטעלכלעך אויפֿן מאַרק, סיי מיט די באָרועסע אַראַבער, וועלכע האָבן דאָ, אויפֿן שטייגער פֿון די היימישע פּויערים, זיך געטוליעט אַרום די יידישע הייזער, געזעסן קופּקעסווייז אויף דער ערד, אין שאָטן פֿון די גאַניקעס, און געבאַלאַקעט, און פֿאַרבייגעלאָפֿן נאָך עטלעכע יידישע דאָרפס־יישובים, וואָס האָבן געשפּראָצט פֿון ביידע זייטן שאָסיי מיט נייע מויערלעך און יונגע גערטלעך, — האָט דער אויטאָמאָביל פֿאַרקערעוועט אויף אַ זייטיקן זאַמדיקן און שטיינערנעם שליאַך, אַ צע־פֿאָרענעם און אַ צעאַקערטן אין בערגלעך און אויסגעטריקנטע קאַנאַוועס, און זיך גענומען שטאַרק טרייסלען אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ שיפֿל אין אַ צעכוואַליעטן וואַסער.

— אָט דאָס איז דער אַריינפֿאָר צו אונדזער פּרדסים־ראַיאָן אין שרון, דער טויער פֿון אונדזער גן־עדן! — האָט דניאל זיך אָנגערופֿן איראָניש, אַרבעטנדיק אָנגעשטרענגט מיטן רעדל, אום אויסצומיידן די שטיינערנע בערגלעך מיט די אויסגעפֿאָרענע גריבער. — ווערדליק דעם גן־עדן, וואָס מיר האָבן דאָרט אין דער הייך פֿאַרפּלאַנצט, וואָלט דער טויער געמעגט זיין אַ ביסל שענער. אַ גליק, וואָס מיר האָבן היינטיקן סעזאָן ווייניק רעגן. אין אַ רעגנדיקן ווינטער וואָלט דאָ איצט געשטאַנען אַ טיפֿע בלאָטע. דאָס איז אויך איינער פֿון די שפּאַסן, וואָס אונדזער פֿריינד, דער ענגלישער דזשענטלמאַן, פֿאַרגינט זיך דאָ צו פּראַווען מיט אונדז אין אונדזער פֿאָטער־לאַנד. ווען מע זאָל דאָס דערציילן אין דער קאָמערציעלער וועלט, אַשטייגער, אין דער לאָנדאָנער „סיטי״, וואָלט דאָס קיינער ניט געגלייבט. מיר האָבן אָט דעם מידבר פֿאַרוואַנדלט אין אַ גן־עדן, פֿאַרפּלאַנצט מיט בליענ־דיקע פּרדסים, פֿאַרבויט מיט פיינע קאָלאָניעס, באַוואַסערט מיט ברונעמער, נאָר איין זאַך פֿעלט אונדז דאָ — אַ צופֿאָר צום גן־עדן, אַ געוויינלעכער שאָסיי, מיט וועלכן יעדע אָנשטענדיקע רעגירונג באַזאָרגט אַזאַ היפּשע באַפֿעלקערונג. טענהן מיר מיט אונדזער דזשענטלמאַן: מיר לעבן דאָ פֿונעם ציטרוס, וועלכער איז דער איינציקער אַרטיקל, וואָס מיר לאָזן אַרויס אויף דער וועלט און באַקומען דערפֿאַר ברויט און צאָלן דיר דערפֿון שטייערן. פֿון די שטייערן גיסטו אונדז צוריק גאָרנישט — ניט קיין שולעס פֿאַר אונדזערע קינדער, ניט קיין האָספּיטעלער פֿאַר אונדזערע קראַנקע. דאָס דאַרפֿן מיר אַליין בויען און אויסהאַלטן. גיב זשע אונדז כאָטש דאָס סאַמע עלעמענטאַרע — אַ וועג, אויף וועלכן מיר זאָלן קאָנען אָנגיין מיט אונדזער אַרבעט, אַרויספֿירן אונדזערע פּרוכט אין צייט צו די שיפֿן, ביז

מיר זאָלן דאַרפֿן מיט די פּיס אויסטרעטן שטעגלעך אין זאַמד, שלעפּן די קאַסטנס איבער ווינטערדיקע בלאָטעס און לוזשעס אויף שמוציקע קעמלען! און פֿאַרוואָס זאָלן אונדזערע קאָלאָניעס, וואָס מיר האָבן דאָ אויסגעבויט מיט מי און מסירות־נפש, ליגן אָפּגעשניטן איינס פֿונעם אַנדערן, ווי אינדזלען אויפֿן ים, אין טיפֿן זאַמד, צווישן גריבער און שטיינער, אויס־געשטעלט צו דער סכנה פֿון איינזאַמקייט? און פֿאַרוואָס זאָל איך דאָ דאַרפֿן ברעכן און קאַליע מאַכן מיין קאַסטבאַרן אויטאָמאָביל?... וואָס־זשע ענטפֿערט דערויף אונדזער דזשענטלמאַן, וואָס האָט אונדז צוגע־זאָגט ניט נאָר אַ שאָסיי, נאָר אַ נאַציאָנאַל היימלאַנד? ער ענטפֿערט גאָרנישט. ער הערט אויס אונדזערע ביטערע פּראָטעסטן און שווייגט מיט טיפֿער פֿאַראַכטונג. ער ווייסט, אַז אונדזער טענה איז אַ גערעכטע, און ער וועט אונדז דעם שאָסיי מוזן מאַכן, אָבער ניט איצט, ווען מיר ווילן, נאָר מיט צען יאָר שפּעטער, ווען ער וועט וועלן. דווקא ווייל מיר קאָכן זיך, איז ער אויף צו־להכעיס קאַלט און פֿאַראַכטלעך! ער האָט פֿיינט אונדזער יידישע העזה, למאַי מיר פֿאַרשטייען דאָס אייגענע וואָס ער פֿאַרשטייט. יידן טאָרן קיין העזה ניט האָבן — זיי זענען ניט קיין ענגלענדער. זיי דאַרפֿן זיך האַלטן נידעריקער פֿון גראָז און שטילער פֿון וואַסער. דאָס אייגענע זאָגן דאָך אויך אונדזערע קלוגע דיפּלאָמאַטן — די שייגינס, די באַרנבוימס, די פּדהצורס. מיר, די וואָס פֿאָדערן צוריק אונדזער אָוועקגערויבטן כבוד, זענען פּאַר זיי שאַקאַלן. מיר וואָיען צו הויך אין די שטילע נעכט, בשעת ביי זיי קלעפּן זיך די אויגן און זיי ווילן נעבאַך שלאָפֿן...

— יאָ, — האָט מנוחין ווי צוגעגעבן, — וועגן דעם שאָסיי זענט איר געוויס גערעכט. נאָר איין זאַך פֿאַרשטיי איך דאָ ניט: וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט דאָס אַלץ מיט שייגינס דריי־גאָרנדיקן הויז, וואָס מע מוז עס פֿאַר־וואַרפֿן מיט בלאָטע? איז דען דאָס דער וועג, וואָס פֿירט אונדז צוריק צום אָוועקגערויבטן כבוד? איך זע, אַז איר זענט אין דער שטיל אַ גרויסער אָנהענגער פֿון די ענגלענדער, ווערמען איר זענט שטאַרק מקנא. וואָלטן ענגלענדער אויך אַזוי געהאַנדלט צווישן זיך, ברידער מיט ברידער?...

— אָ, איר האָט שוין געלייענט איש גוש־חלבס נאַרישקייט? — האָט גאָרדאָן אַ זאָג געטאָן ווי פֿאַרשעמט. — ער איז פּשוט אַ ישיבה־בחור, דער איש גוש־חלב. ער קאָן ניט שרייבן, ווי אַ ציוויליזירטער מענטש. איך האָב דאָך אַייך געזאָגט, אַז מיר האָבן ניט די ריכטיקע מענטשן. מיר

זענען נאָך אַ יונגע פּאַרטיי, און אונדזערע שרייבער פּאַרפּירן אונדז אָפּט אין אַ בלאָטע... נאָר דאַנקען גאָט, מיר זענען שוין אַרויס פון דער בלאָטע... אָט איז שאננה!

קאַפּיטל ניין און דרייסיק

## חנינא

דער אויטאָמאָביל איז אַרויפגעפאָרן אויף אַ ברייטן ניט־געפּלאַסטערטן ליימיק־רויטלעכן וועג, וואָס איז געלאָפן באַרג־אַרויף און האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די הויפּט־גאַס פון שאננה. דער ערשטער איינדרוק איז געווען ניט קיין געהויבענער: פון ביידע זייטן גאַס האָבן געשימערט אונטער דער העלער זון, ווי אין אַ ברייטער ווילדעניש, שיטער צעוואָר־פענע הייזער און געביידעס, צום מיינסטן נייע, נאָך ניט פאַרענדיקטע, אַלע אויסגעשטעלט ווי צופעליק, אין אומאָרדענונג, אָן אַ פּלאַן און אָן אָן איינהייטלעכן סטיל. עס האָבן זיך געזען היפּשע שטאָטישע בנינים צוזאַמען מיט קליינע צונויפגעקלאַפּטע בלעכענע ביידלעך, נייע אויסגע־פוצטע קאָטעדזשעס זענען דאָ געשטאַנען אין שכנות מיט שוין פאַר־עלטערטע אומעטיקע קליינשטעטלדיקע מויערלעך, געבויטע פון נאַקעטע גרויע בעטאָנענע באַלאָטעס. אַ טייל הייזער האָבן געהאַט אין פראָנט גרינע גערטלעך מיט יונגע לעבעדיקע ביימלעך, נאָר דער גרעסטער טייל איז נאָך געשטאַנען אין דרויסן, פאַרזונקען אינעם טרוקענעם רויטלעכן זאַמד.

— עס זעט אויס ווי אָן אָנהייב פון עפּעס, וואָס מע ווייסט נאָך ניט וואָס דערפון וועט אויסוואַקסן, — האָט מנוחין אַ זאָג געטאָן ווי אַנטוישט נאָך די שבחים, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט וועגן דער דאָזיקער בליענ־דיקער קאָלאָניע.

— אָ, מע ווייסט יאָ וואָס דערפון וועט אויסוואַקסן! — האָט גאָרדאָן באַמערקט אין זיכערן, פאַכמענישן טאָן. — שאננה וואַקסט אַ פּרעכטיקע קאָלאָניע! זי ליגט אויסערגעוויינלעך שיין און האָט אַ גאָלדענעם באָדן. איר גאַנצע פּראַכט שטעקט אָן דאָרט! — האָט ער באַוויזן מיט דער האַנט ווייט הינטער די געביידעס פון דער גאַס, וווּ עס האָט געגרינט באַרג־אַרויף אַ געדיכטער נידעריקער וואַלד פון יונגע פּרדסים.

ער האָט אָפּגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל ביי אַ ווינקל, וואָס האָט געשיינט צו זיין דער האַנדלס־צענטער פון שאננה. דאָ האָט זיך געפונען די איינציקע באַקאַליי־קראָם און בענזין־סטאַנציע פון דער קאָלאָניע, אויך אַ רעסטאָראַן פאַר די אָרטיקע יונגע אַרבעטער, וואָס האָט איבערן גאַניקל געטראָגן אַן אָפּגעבליאַקעוועטן שילד מיט גאָר אַ גרויסאַרטיקן נאָמען פון שיר השירים: „חבצלת השרון" — די ליליע פונעם שרון. די ליליע פונעם שרון איז איצט, אין דער פרימאָרגנדיקער שעה, געשטאַנען פוסט. עס האָט זיך נאָר געלאָזט הערן דורך דער אָפענער טיר אַ פלייסיק גע־קלאַפּעריי פון אַ האַקמעסער אין אַ הילצערנער כלי. דאָס האָט מען, אַפּנים, געהאַקט קאָטלעטן אויף מיטאָג, און די פריילעכע בשורה האָט אָפּגעהילכט מיט אַן עכאָ פון אַלע שטילע ווינקלען אין דער פאַרדרעמלטער קאָלאָניע, אַפילו פון די נאָענטע זוניקע בערגלעך, וואָס האָבן זיך געהויבן איבער דער קאָלאָניע. צעפרעגט זיך ביים באַלעבאָס פונעם רעסטאָראַן, ווו געפינט זיך דאָ דער אַלטער חנינא, דער ראש המועצה פון דער קאָ־לאָניע, און באַקומען אַן ענטפער, אַז אַ מינדסט קינד אין שאננה ווייסט ווו ער געפינט זיך: ער איז אָדער ביי זיך אין פרדס, אָדער אין „בית־עם", — האָט גאָרדאָן זיך געלאָזט פאָרן ביז צום עק דאָרף און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ ווייס־געקאַלכטן שטיבל, וואָס האָט ליכטיק אַרויסגעקוקט מיט קליינע דאָרפישע פענצטערלעך פון אַן אַרומגעצאַמטן גרין־באַוואַקסענעם הויפל. ער האָט גענומען טרובען מיטן האָרן, דערביי איבערגעשראָקן עטלעכע הינער, וואָס האָבן זיך דאָ איינזאַם געפּיטערט אונטער דער זון, געזוכט און געפּיקט אינעם הייסן רויטלעכן זאַמד. ביים טויערל פונעם הויף האָט זיך גלייך באַוויזן אַ הויך־געוואַקסיקע, ברייט־פּלייציקע יונגע פרוי, אַ רויט־האָריקע, מיט אַ רויטן געשפּרענקלטן פאַרשוויצטן פנים, מיט נאַסע טריי־פנדיקע רויטע הענט און מיט שטאַרקע מאַנסביליש־באַוואַקסענע נאַקעטע פיס אונטער די קורצע שוואַרצע הויזן. זי האָט פאַרזשמורעט די ווייס־באַברעמטע קליינע אויגן, מיטן נאַסן אָרעם אָפּגעשאַרט די צוגעקלעפּטע האָר פונעם פאַרשוויצטן בידעריקן שטערן און אַ פרעג געטאָן טעמפּ, מיט אַ ברוגזער מינע פון אַ האָרעפּאַשנעם מענטשן, וואָס איז געשטערט געוואָרן אינמיטן דער אַרבעט:

— מה יש?

— דאָ וווינט אדון חנינא? — האָט גאָרדאָן געפרעגט.

— דאָ. איר דאַרפט אים האָבן? אָט וועל איך גיין זען, ווו ער איז, —

האָט די פּרוי געזאָגט, זיך אויסגעדרייט אין הויף אַריין מיט אַ געפּלאַצטן קאָפּטל אויף די ברייטע געזונטע פּלייצעס און גענומען רופן מיט אַ גע־דיכטן מאַנסבילשן קול, וואָס האָט געמאַכט ציטערן די שטילע דורכזיכ־טיקע לופט: — אבא חנינא [טאַטע חנינא]! אבא חנינא!

— וואָס הייסט אבא חנינא? — האָט גאָרדאָן זיך געוווּנדערט. — דאָס רופט זי איר פאָטער מיט אַזאַ אָפיציעלן נאָמען?

— אַ היפּשע בחורה, קיין עין־הרע! — האָט די קליינע לאָטאַ גאָרדאָן באַמערקט. — זיי וואַקסן דאָ אין שאַנגה, ווי די עקאַליפּטוס־ביימער!

— אַ פּנים האָט זי פון אַן עכטער רוסישער „דיעוואָקאַ" — און רעדט אַלט־העברעאיש!... — האָט יהודית זיך געחידושט.

— דאָס איז מסתמא זיין אַדאָפּטירטע טאָכטער, — האָט מנוחין אַרויס־געזאָגט אַ השערה, און אין קורצן דערציילט זיינע מיטפאָרער, וואָס פאַר אַ מענטש דער אַלטער חנינא איז.

אינדעם האָט זיך באַוויזן חנינא אַליין. ער איז אַרויסגעקומען אין זיינע טיפע גומענע שטיוול, אין אַן אַלטן צעקנייטשטן שטרויענעם קאַ־פּעליוש און אין אַ ברייטן לייוונטענעם העמד איבער די הויזן, אַ מין „טאָלסטאָווקע", פון וועלכער ער האָט אָבער אַרויסגעקוקט מיט זיין קליי־נער מאָגערער פיגור און מיטן אַסקעטיש־באַגייסטערטן ווייסן פּנים ניט פּויעריש־וואָכעדיק, נאָר יידיש־יום־טובדיק, הייליק־פייערלעך, ווי פון אַ יום־כיפּורדיקן קיטל. ער האָט זיך געשטעלט אין טויערל פונעם הויף, געמאַכט אַ דעכל איבער די אויגן, פריילעך אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און מיט פלינקע טריט, ווי אַ יינגל, צוגעלאָפן צום אויטאָמאָביל.

— זע נאָר, וואָס פאַר אַ גאַסט! איך טראַכט אָבער: גוואַלד, רבונו של עולם, ווער טרובעט דאָס דאָרטן אינמיטן מיטוואָך? ערשט ס'איז איר, דאָקטאָר מנוחין!... האַו דו יו דו, שלום, שלום! ברוך הבא, וועלקאָם, וועלקאָם!... — האָט ער זיך גלייך צערעדט אָן אַן אָפּשטעל, אַריינגע־נומען מנוחינס האַנט אין זיינעביידע קליינע טרוקענע הענטלעך און זי לאַנג געטרייסלט. — און אָט דער דזשענטלמאַן איז, דאַכט זיך, אויב איך האָב קיין טעות ניט, אדון גאָרדאָן? — האָט ער זיך געווענדט צו גאָרדאָנען מיט אַ ליכטיקן פּנים. — איך קען אייך, וואָדען? און נאָך מער פון אייך קען איך אייער פּרדס!... דאָס הייסט, אייגנטלעך, אַז מע זאָל זיך וועלן גוט אויסרעכענען, זענען מיר ביידע גאָר שונאים, מענטשן פון צוויי פיינדלעכע לאַגערן, הייסט עס. איך בין אַ סאָציאַליסט, אַ כשרער

חבר פון דער „הסתדרות״, און איר זענט, ניט פאַר קיין שום יידן געדאַכט, גאָר ווייס איך וואָס!... נאָר עס מאַכט ניט אויס, איך בין ניט גאָטס סטראָפּטשע, מיר זענען אַלע קינדער פון איין לאַנד, און דערצו נאָך מענטשן פון איין פאַך,ביידע „חקלאים״, פויערים הייסט עס... מעג איך דאָך אײַך זאָגן „אָחינו אתה״, און נאָט אײַך שלום!

— צו וואָס אַזאַ לאַנגע הקדמה? — האָט גאָרדאָן געזאָגט מיט אַ פּינצ־טערלעכן שמייכל. — איר וואָלט דאָס געקאָנט מאַכן אַ סך קירצער!

— זענט איר אפשר אויך גערעכט: — האָט חנינא גלייך מסכים געווען. — און אייערע יידיש האָט איר אויך געבראַכט מיט זיך — איז דאָך גאָר גוט!... ווי אַזוי רעדט מען צו זיי? ענגליש? רוסיש? לשון־קודש? ניין, בעסער יידיש!... קומט, מיינע טייערע געסט, — האָט ער געהאָלפן די דאַמען אַרויסקריכן פונעם אויטאָמאָביל מיט דער געשיקט־קייט פון אַ יונגן עלעגאַנטן קאַוואַליער, — קומט, וועט איר אָפּרוען אונ־טערן שאָטן פון מיין באַלקן און וועט אונטערלענען אייער האַרץ מיט פרישע אָרענדזשעס, ווי אונדזערע עלטער־זיידעס פלעגן דאָ אַמאָל זאָגן...

— אייער הויז קוקט־אויס עפּעס אַנדערש, ניט ווי די איבעריקע הייזער דאָ אין שאננה, — האָט מנוחין זיך אָנגערופן צו אים, אַריינ־קומענדיק אין הויף.

— אַ פויערשע כאַטקע, ווי ביי אונדז אין מאַלאָראָסיע, איאָ? — האָט חנינא געזאָגט מיט אַ גליקלעכן פּנים. — הערסטו, אָט דאָס האָב איך דאָך ליב, און דאָס האָב איך געוואָלט! מיין גאַנץ לעבן האָב איך מיר אַזוי פאָרגעשטעלט ארץ־ישראל!... אַ ווייס פויערש שטיבל מיט קליינע פענצ־טערלעך, ווי ביי אַן אמתן חקלאי... און אַ הויפל אויך אַ פויערש, מיט אַ פאָרטקעלע און מיט אַ בענקעלע ביים טויער, איר זעט?... וואָדען — אַזוי ווי זיי בויען דאָ אין דאָרף פריצישע הייזער מיט גרויסע שטאָטישע פענצטער, די טיפשים? וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס?... נאָר איר ווייסט, וואָס דאָ פעלט נאָך? — האָט ער זיס צוגעמאַכט די אויגן און אַרויסגע־רעדט שטיל, ווי פאַרטרויענדיק אַ האַרציקן סוד. — וויינשל־ביימער אונטער די פענצטער! עי, ווען מען קאָן דאָ נאָך פאַרפלאַנצן אויף אונדזער פרדסים־באָדן אמתע וויינשל־ביימער, וואָס זאָלן זיך אין מאַי צעבליען מיט ווייסן זיסן צוויט!... און בכלל, ווען מע קאָן ברענגען אַהער דעם פרישן, קילן, מחיהדיקן ריח פון אונדזער היימישער וועסנע אין דעם טייערן פאַרפלוכטן פאַגראַמען־לאַנד, ניט געדאַכט זאָל עס ווערן!... נאָר

שאַ! דערציילט דאָס קיינעם ניט ביי אַייך אין תל־אביב — מע וועט מיך פאַרשטיינען!...

דער טונקעלער קאָרידאָר, וואָס האָט צעטיילט די שטוב אויף צוויי העלפט, האָט אויך געמאַכט דעם אָנבליק פון אַ רוסיש־פּויערשן פּירהויז. חנינא האָט דורכגעפירט די געסט דורך אַ גאַנצער באַריקאַדע פון אַמע־ריקאַנער טראָנקס און הילצערנע קאַסטנס, אויף וועלכע ס'איז געווען אָנגעשריבן מיט גרויסע שוואַרצע אותיות דאָס ענגלישע וואָרט „בוקס״.

— דאָס זענען מסתמא ביכער פאַר אַייער ביבליאָטעק אין דעם „בית־עם״? — האָט מנוחין געוואָלט טרעפן, דערמאָנענדיק זיך וועגן חנינאס ספּעציעלער טעטיקייט פאַר די קולטורעלע באַדערפעניש פון שאננה.

— חס ושלום! — האָט זיך חנינא אָפּגעשאָקלט מיט ביידע הענט. — ווי קומט צו אונדז אַזאַ פאַרמעגן? ווען איך האָב אַזויפיל ביכער פאַר אונדזער לאַיברערי, וואָלט מיר גאָרניט אָנגעשטאַנען מיט אַייך דאָ צו ריידן!... די ביכער געהערן סך־הכל אונדזער ארז־הלבנון — דער וואָס איז מיט אַייך געקומען אויף איין שיף. ער האָט דאָ נעבאַך גרויסע צרות מיט אַ דירה, ניטאָ פאַר אים קיין דירה אין שאננה. וואָלגערט ער זיך דערווייל אין אַ תל־אביבער האָטעל, און זיין באַלעבאַטישקייט מיט די ביכער האָט ער אַריינגעפירט צו מיר. אַ ייד קלייבט זיך צו זיין אַ חקלאי, פאַרגינט ער זיך צו ברענגען אין דאָרף אַריין אַ גאַנצע פּאָבליק לאַיב־רערי! נאָר האָט קיין יסורים ניט — איך וועל שוין ביי אים אַראָפּנעמען „מעשר״ פאַר אונדזער בית־עם... ער איז טאַקע היינט דאָ, געקומען גאַנץ פרי פון תל־אביב מיטן ווייב און מיטן טעכטערל אַרבעטן ביי זיך אין פּרדס, לערנען זיך די מלאכה פון שניידן אָרענדזשעס, אַ טייערער ייד, זאָג איך אַייך, כאָטש אַ ליטוואַק, רייסט זיך צו זיין אַ חקלאי בלב ונפש. איך האָף, אַז איך וועל פון אים דאָ, אם ירצה השם, אַ סך נחת האָבן... נו, מיינע ליבע געסט, וואָס זשע שטייט איר? זעצט זיך, רוט זיך אָפּ אונטערן שאָטן פון מיין באַלקן...

אויף וואָס צו זעצן זיך איז דאָ, אייגנטלעך, ניט געווען. דאָס גאַנצע מעבל אין דער האַלבער שטוב, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו דער גאַס, איז באַשטאַנען פון אַן אייזערנעם בעטל, אַן אַלמער מיט ספרים, אַ טישל, אַ בענקל, און אויפן טישל אַ לייכטער מיט אַ ליכט. די ווענט ווייס אויס־געקאַלכט, זענען געווען הוילע. נאָר אויף דער וואַנט איבערן טישל זענען

געהאָנגען דריי פאַרגרעסערטע פאָטאָגראַפישע בילדער: פון אויבן אַן עלטערע פרוי, און נידעריקער, פון ביידע זייטן, אַ יונגע פרוי מיט אַ קינד אויף די הענט און אַ מיטליאָריקער מאַן פון אַמעריקאַנישן אויסזען, מיט אַ שמייכלענדיקן באַגייסטערטן בליק אין די אויגן, ווי ביים אַלטן חנינא.

— דאָס איז ביי מיר אַ זכר פון יענער וועלט, — האָט דער אַלטער געזאָגט מיט אַ מאָדנעם, כמעט פאַרשולדיקטן שמייכל צו מנוחינען, וועל־כער האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט די בילדער. — מילא זי, די אַלטע מיינע, עליה השלום, איז דאָך שוין טאַקע אויף דער אמתער וועלט — פאַרפאַלן, צוריק קומט מען ניט פון דאָרטן אפילו קיין ארץ־ישראל... אָבער די קינדער... איך זיץ דאָ אַמאָל אײנער אַליין ביים טישל, קוק אויף זיי און טראַכט מיר: „עך, קינדער, קינדער! איר האָט ניט געוואָלט ירשענען דעם טאַטן! שיין, האַ?... ביי וועלכער אומה ולשון פירט זיך דאָס אַזוי?"...

— אפשר וואָלטן מיר בעסער צוגעפאָרן צו די פרדסים? — האָט זיך אַריינגעמישט גאָרדאָן, וועלכער האָט דאָ ביים אַלטן אין שטוב קיין באַ־זונדער אינטערעס ניט געזען. — דאָקטאָר מנוחין איז ספּעציעל געקומען אַהער אָנקוקן זיין ערד.

— איך ווייס, איך ווייס! — האָט חנינא אָפּגעענטפערט. — איך אַליין האָב דאָקטאָר מנוחינען איינגעלאַדן אַהער. מיר וועלן אים באַלד פירן אָנקוקן זיין ערד, און מיר וועלן אים נאָך, מיט גאָטס הילף, דאָ פאַר־פלאַנצן! נאָר פריער פון אַלץ לאָזט מיך כאָטש מקיים זיין די מצווה פון הכנסת־אורחים — מיר זענען דאָך עפּעס אברהם אבינוס אייניקלעך!... פערל! מיין איך פנינה! — האָט ער אַ רוף געטאָן דורכן טונקעלן פירהויז. — קום אַהער, מיין קינד, זיי זיך מטריח!

דאָס הויכע ברייט־פּלייציקע „קינד" האָט זיך גלייך באַוויזן מיט די נאַסע טריפנדיקע הענט און אָנגעקוקט דעם אַלטן מיט אַ ברוגזלעכן פנים.

— מה יש? — האָט זי טעמפּ געפרעגט און איז רויט געוואָרן נאָך מער ווי זי איז.

— פערעלע, מיין איך פנינהלע, — האָט צו איר חנינא געזאָגט פאָטערלעך־צאַרט, — לייג אַוועק אויף אַ ווײַלע דאָס גרעט־וואַשן, טו אַ שפּרונג אין פרדס אַריין און ברענג פאַר די געסט אַ צענדליק פיינע תפוחי־זהב, דו ווייסט דאָך פון וועלכע — פון די עלטערע ביימער!

פערל האָט זיך אַ שמיר געטאָן מיטן נאַסן אָרעם דאָס פאַרשוויצטע פנים, שטום אויסגעדרייט זיך און איז ניט געוואָרן.

— ווי געפעלט אייך מיין פערל... טפו, מיין איך מיין פנינה? — האָט דער אַלטער געפרעגט מנוחינען מיט אַ הומאָריסטישן אויפבליץ אין די ליכטיקע אויגן. — דאָס האָב איך איר אַליין משנה שם געווען, געביטן, הייסט עס, איר נאָמען, און אַליין פאַרבייט איך יעדן מאָל די יוצרות... אָבער איִאָ, אַ קאָזאַק, קיין עין־הרע? דאָס איז דאָך טאַקע מיין יורשטע, דאָס הייסט, דאָס ווייב פון מיין יורש, פון וועלכן איך האָב אייך שוין, דאַכט זיך, אַנומעלטן דערציילט... ער אַליין, דער מאַן אירער, איז אויך ניט חלילה קיין שיפּע זיבעלע... איר וועט אים באַלד זען — ער איז מיט ארז הלבנונען אין פּרדס, לערנט אים ווי צו שניידן אָראַנזשעס. און אַ בן־יחידל האָבן זיי — פונעם זעלבן טייג געקנאָטן, גייט שוין אין „גן", אין קינדער־גאָרטן הייסט עס. זיצן זיי דאָ מיט מיר אין דער צווייטער האַלבער שטוב, און איך האָב, גאָט צו דאַנקען, ווי שלום־עליכם זאָגט, נחת פון קינדער... איר פאַרשטייט דעם שכל? אַליין בין איך, ווי איר קוקט מיך אָן, ניט אַזאַ גרויסער גיבור. איין גוטן בלאָז אויף מיר — פאַל איך.

האָב איך זיך מיישב געווען: מילא, אַז מע האָט אייגענע קינדער, איז ווי גאָט גיט — איבערמאַכן זיי קאָן מען ניט. אָבער דאָ, אַז איך גיי שוין יאָ אויסקלייבן יורשים, לאָמיך כאָטש אויסקלייבן עפּעס רעכטס, עס זאָל זיין וואָס אָנצוקוקן, אמתע חקלאים!... און איך האָב מיט זיי, גאָט צו דאַנקען, ניט שלעכט געטראָפן: ערלעכע לייט — פּראָסטע, נאָר ערלעכע, עכטע פאָלקס־קינדער. אמת, ניט קיין פאַרשפּיצטע — בין איך אָבער דערפאַר זיכער, אַז זיי וועלן בלייבן אין דאָרף, ניט מאַכן קיין מאָנקעי־ביזנעס, זיך אַיינוואָרצלען ווי די דעמבעס... איין זאַך נאָר — וואָס זיי זענען אַ ביסל שטומפּיק אויף דער עברי, דאָס הייסט, לשון־קודש רעדן זיי, ווי אַלע אונדזערע אַרבעטער דאָ, נאָר דאָס רעדן אַליין זייערס האָט עפּעס גאָר קיין טעם ניט... לערן איך מיט זיי אַלע שבת צו ביסלעך... נאָר קיין גרויסע תלמידי־חכמים, ווייזט אויס, וועט שוין פון זיי ניט זיין... און אפשר איז דאָס גאָר ניט קיין חסרון, נאָר דווקא אַ מעלה? — האָט ער געפרעגט מיט אַ שמייכל, ווענדנדיק זיך אַלץ צו מנוחינען. — ביי וועלכער אומה ולשון וועט איר געפינען, אַז אַ חקלאי, אַ פּראָסטער פּויער, צי אַפילו אַ פאַרמער, וועט זיך פאַרגינען האָבן אַזויפיל קאָסטנס מיט ביכער, ווי אונדזער ארז הלבנון? ס'איז דאָך קעגן דער נאַטור!... אַן אמתער חקלאי דאַרף קוים קאָנען אונטערשרייבן אַ וועקסל אין אַ שלעכ־

טער צייט, ווען ס'איז אַ ניט־געדעטעניש... האַ, וואָס זאָגט איר, דאָקטאָר מנוחין, ניט אַזוי?...

דערווייל האָט פערל געבראַכט אַ קאָרב מיט גרויסע שמעקנדיקע מאַראַנצן, און די געסט, וואָס האָבן זיך אויסגעזעצט אויפן אייזערנעם בעטל, האָבן צוליב געטאָן דעם באַלעבאָס און פאַרזוכט יעדערער אַ מאַ־ראַנץ. דער אַלטער חנינא איז דערביי געשטאַנען אינעם לייוונטענעם קיטל מיט אַ פאַרטראַכטן שמייכל אויף זיין אַסקעטיש־ליכטיקן פנים.

— זאָגט אייך, רבותי, וואָס איר ווילט, — האָט ער צו זיי גערעדט, ווי זוכנדיק אַן אויסדרוק צו זיין באַהאַלטענעם געדאַנק, — נאָר ס'איז פאָרט עפּעס!... שוין צען יאָר, אַז איך בין דאָ אין ארץ־ישראל אַ חקלאי, און עד היום קאָן איך נאָך אַלץ צו זיך ניט קומען פון דעם זעלטענעם געפיל, אַז דאָס האָב איך, איך מיט מיינע הענט, געהאָלפן אַרויסברענגען פון דער ערד אַזאַ טייערע ליכטיקע פרי, געוואָרן אַ פאַרטנער מיטן רבונו־של־עולם... אַז אַ פרומער ייד מאַכט איבער דעם אַ ברכה „בורא פרי העץ”, מיינט ער דאָך דערמיט מיך אויך אַ ביסל... הכלל, קינדער, איר האָט שוין אונטערגעלענט אייער הארץ? קאָנען מיר אַצינד גיין אַייך ווייזן אונדזערע פרדסים!

קאַפּיטל פערציק

## דאָרט ווו מאַראַנצן בליִען

הגם ס'איז געווען אַ היפשער מהלך ביז מנוחינס נחלה, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט צעדערבוימס פרדס, איז ביי די דאַמען געבליבן, אַז זיי וועלן בעסער גיין אַהין צופוס, איידער טרייסלען זיך אין אויטאָמאָביל דורך די גריבערדיקע וועגן. דער אַלטער חנינא האָט געהאַט פאָרגעשלאָגן פאַר דער באַקוועמלעכקייט פון די געסט זיין אייזעלע, וועלכעס ער האָט פון ערגעץ אַרויסגעפירט. נאָר אַזוי ווי געסט זענען דאָ געווען פיר, און דאָס אייזעלע איז בסך־הכל געווען איינס, איז זיין פאָרשלאַג ממילא אָפּ־געפאַלן. דערפאַר האָט ער באַוויזן צו דעמאָנסטרירן פאַר די געסט, ווי אַזוי ער אַליין זיצט רייטנדיק אויף זיין אייזל: זיין באַגייסטערט בלאַס־פאַר־מעטיק פנים האָט געשטראַלט פון גליק, ווי ביי אַ געראָטענעם יינגל, וואָס

וואַרפט אַרויס אַ קונץ, און די גאַנצע קליינע רירעוודיקע פיגור זיינע מיט די טיפע גומענע שטיוול, וואָס האָבן זיך געבאָמבלט אויפן קליינעם דאַרן אייזעלע אונטער דעם ווייסן יום־כיפּורדיקן קיטל, האָבן געהאַט דעם זיבעטן חן. יהודית איז געווען פון אים אַזוי אַנציקט, אַז זי האָט אים אין דער דאָזיקער פּאָזע אַראָפּגעכאַפּט אויף איר פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, וואָס זי האָט מיטגענומען אין וועג.

— אַ טיפּ פון אַן אמתן יידישן חקלאי, איאָ? — האָט דער אַלטער אַנגעקוואָלן פון דעם, וואָס מע פאָטאָגראַפירט אים.

— איר זעט אויס כמעט ווי משיח, — האָט מנוחין באַמערקט מיט אַ שמייכל: — עני ורוכב על חמור [אַן אָרעמאַן וואָס רייט אויף אַן אייזל]...

— נאָך ניט אַזוי ווי משיח, ווי, להבדיל באלף אלפי הבדלות, ווייסט איר ווי ווער? ווי בלעם!... — האָט חנינא פריילעך געזאָגט און זיך אַראָפּגעגליטשט פלינק פונעם אייזל, ווי אַ שטיפעריש יינגל, וואָס האָט זיינס אָפּגעטאָן. — איר וועט מיר גלייבן, צי ניין? אַז איך פאָר מיך דורך אויף דעם דאָזיקן פאַרשוין אין אַ פרימאָרגן אַן דאָרט צווישן די פרדסים, אויף די שמאָלע זאַמדיקע שטעגלעך, ווי אין דער פרשה „בלק" שטייט געשריבן: „במשעול הכרמים" [אויפן שטעג פון ווייַנגערטנער], — טרעפט אַמאָל, אַז מיין חברה־מאַן איז זיך מיישב, שפּאַרט זיך איין פון דער העלער הויט און וויל ניט גיין, כאָטש טו אים עפּעס. איך טרייב אים מיטן שטעקעלע, און ער דריגעט מיט די דינע פיסלעך, דרייט זיך אויף איין אָרט הין און צוריק, מאַכט מיט די גרויסע אויערן אויף ניין — ער וועט ניט גיין! באַפאַלט מיך דעמאָלט אַ פחד, ווי איר זעט מיך אַ יידן, אַז אָט־אָט, אין דער סומנער שטילקייט, אונטער גאָטס ברענענדיקער זון, וועט ער פלוצים אויסדרייען צו מיר זיין קלוגע טרויערדיקע מאָרדע און וועט אויף מיר עפענען אַ פּיסק, פונקט ווי זיין עלטער־זיידע, בלעמס אייזל: „חנינא ברודער, וואָס פאַר אַ שטייגער איז דאָס? וואָס האָסטו זיך אָוועקגעזעצט אויף מיר ווי אַ פריץ און טרייבסט מיך מיט אַ שטעקן? האָסט פאַרגעסן, אַז דו ביסט אין ארץ־ישראל, ווו גאָטס אויגן קוקן אויף אונדז ביידן אַזוי נאָענט, ווו מיר ביידע זענען פאַר אים גלייכע באַ־שעפענישן?"...

רעדנדיק אַזוי, האָט ער זיך געלאָזט גיין מיט די געסט אויסער דער קאָלאָניע און האָט זיי באַלד געבראַכט צו די שמאָלע זאַמדיקע שטעגן, פון

וועלכע ער האָט דערציילט. זיי זענען אַריינגעפאַלן אין קילן שאָטן פון דעם יונגן פּרדסים־וואַלד, וואָס האָט זיך ווייט געשפּרייט פאַר זייערע אויגן אויף רעכטס און אויף לינקס, אויף בערגלעך און טאָלן, ווי אַ גרינער בלעטערדיקער טעפּיך, באַשפּרענקלט מיט ליכטיקע, גאָלדיק־רויטע פּינ־טעלעך. די זון, וואָס האָט ערשט אויף די אָפענע נאַקעטע פעלדער, ניט קוקנדיק אויף ווינטער־צייט, הייס געגליט פונעם ריינעם בלויען הימל, האָט דאָ, אַרום די פּרדסים, געמילדערט איר היץ, אַרויסגערופן צאַרטע וואַרעמע פרילינג־ריחות, ווייך אָפּגעשטראַלט מיט פרילינג־שיין פון די נידעריקע ווייס־געוואָפּנעטע שטאַמען פון דיביימער, פון דער גלאַנציקער גרינקייט פון די בלעטער, פון דער פרישער זאַפטיקער ליכטיקייט פון די מאַראַנצן. אום צו פאַרקירצן דעם וועג, האָט חנינא געפירט זיינע געסט דורך פרעמדע פּרדסים, וווּהין ער איז אַריינגעקומען ווי אַן אייגענער מענטש, פריילעך געגריסט זיך מיט וועמען ער האָט זיך נאָר באַגעגנט, מיט באַלעבאַטים און מיט אַרבעטער, זיך אָפּגעשטעלט רעדן, געפּאַטשט עלטערע און ייִנגערע אין די פּלייצעס, דערמאָנט יעדן איינעם, אַז קומענ־דיקן שבת־צו־נאַכטס וועט זיין אינעם „בית־עם" אַ וויכטיקע פאַרזאַמלונג וועגן דער פאַלקסשול און וועגן דער טראַנספּאָרט־פראַגע. דער „קטיף" (מאַראַנצן־שניט), וואָס האָט זיך שוין געצויגן היפּשע עטלעכע חדשים, האָט דאָ נאָך געהאַלטן אין פולן גאַנג. יונגע אַרבעטער, מיט באַוואַקסענע אָפּגעברענטע פּנימער, אין ברייטע שטרויענע קאַפּעליושן און אין קורצע הויזלעך, זענען געשטאַנען אַרום די נידעריקע ביימער, שטיל געקנאַקט מיט די קורצע שערלעך, פאַרזיכטיק אַראָפּגעלאָזט די אָפּגעשניטענע פרוכט אין די דערבייאיקע קערב. אייניקע האָבן געטאָן זייער אַרבעט פלייסיק און פאַרטראַכט, אַנדערע האָבן זיך לוסטיק געמאַכט מיט געזאַנג, אויסגעפייפט בחברותא, אַרום עטלעכע ביימער מיט אַ מאָל, אַ הילכיקן פריילעכן ניגון. באַזונדער האָבן זיך דאָ אָנגעזען די מיידלעך, צום מיינסטן מיט פאַרבונדענע טיכלעך אויף די קעפּ, וואָס האָט זיי צוגעגעבן אַ קאָקעטישן רייץ פון יידיש־ווייבלעכער פרומקייט, און האָט ביי מנוחינען ערגעץ טיף אין האַרצן אָנגעצונדן אַ פאַרבאָרגענע, לאַנג־אויסגעלאָשענע בענקשאַפט נאָך פאַרגעסענע ליבע מיידלשע געשטאַלטן פון דער ווייטער יוגנט. דער חידוש איז דאָ געווען, וואָס די דאָזיקע פרום־באַטיכלטע יידישע מיידלעך זענען אומגעגאַנגען צווישן די ביימער אין ניט־פרומע קורצע הויזן, מיט נאַקעטע אָפּגעברענטע קני, געטראָגן אויף די קעפּ, אויפן

שטייגער פון די אַראַבישע טעכטער, פולע קערב מיט מאַראַנצן, און גע־רעדט האָבן זיי צווישן זיך, פונקט ווי די בחורים, אַן דער מינדסטער אָנשטרענגונג, אַ לעבעדיקן העברעאיש — און דאָס אַלץ אינאיינעם האָט אויסגעזען מנוחינען מאָדנע אומגלויבלעך, ווי אַ חלום, ווי דער גאַנצער אומגלייבלעכער נס, וואָס וואַקסט דאָ און גרינט און ליכטיקט זיך אַרום און אַרום.

— וואָס פאַר אַ וווּנדערלעך לאַנד! — האָט יהודית זיך אָנגערופן, בלייבנדיק מיט מנוחינען הינטער זייערע באַגלייטער אין אַן אָפּגעזונדערטן שטילן ווינקל, ווו עטלעכע שורות העכערע און שטאַרקערעביימער זענען געשטאַנען שווער באַלאָדן מיט גרויסע ליכטיקע גרייפּ־פרוכט, וואָס האָבן זיך געבויגן מיט די אַראָפּגעהאַנגענע צווייגן צו דער ערד, זיך קוים געהאַלטן אויף די פריש־געשניצטע פעסטע „אונטערשפּאַרערס". — וואָס ווייטער, אַלץ מער פאַרליב איך מיך דאָ אין די פּרדסים. אַ געטלעך לאַנד, וואָס גיט געטלעכע פרוכט!...

מנוחין האָט זי אָנגענומען ביי די הענט און טיף אַריינגעקוקט אין אירע שיינע פאַרנעבלטע אויגן, וואָס האָבן אויפגעלויכטן ווי מיט אַ נייעם גלאַנץ. אירע ווערטער האָבן ביי אים אַרויסגערופן אַ נייע כוואַליע פון ליבשאַפט מיט אַ נייעם שטאַרקן באַגער צו איר. ביים אָנזען פון די גרויסע ליכטיקע צייטיקע פּירות, אַ באַרוישטער פון דער גאַנצער זאַפטיקער פרוכטבאַרקייט, וואָס שלאָגט דאָ פון דער ערד, האָט ער איצט ניט־ווילנדיק אַ טראַכט געטאָן פון קינדער — פון שיינע ליכטיקע קינדער, אַ יונגן פרישן דור, וואָס ער וועט אין דער נאָענטער צוקונפט אַרויסבאַקומען פון אָט דעם שיינעם שלאַנקן הייס־געליבטן בוים. ער האָט זיך אָבער גלייך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין פון אַזאַ געוואַגטן ברוטאַלן געדאַנק און האָט זי אַ פרעג געטאָן מיט שטילער איינגעהאַלטענער צערטלעכקייט:

— ווען איך וועל דאָ פלאַנצן אַ פּרדס, וועסטו זיך דאָ וועלן באַזעצן, טייערע?

— זיך דאָ באַזעצן? — האָט יהודית געזאָגט מיט אַ פאַרטראַכטן שמייכל. — מיר דאַכט, אַז יאָ. געוויס יאָ!...

— פאַר מיר וואָלט דאָס געווען די גרעסטע פרייד, — האָט מנוחין הייס אַרויסגעזאָגט. — איך חלום דערפון גאַנצע נעכט... זיצן דאָ אינצווייען, פאַרוואָרצלט אין דער ערד, ווי אָט די ביימער...

יהודית האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט. זי האָט זיך געלאָזט גיין

אַ פאַרטראַכטע, ווי עטוואָס באַטריבט, און פּלוצים שטיל אַ זאָג געטאָן:

— יאָ... ווּעסט היינט רעדן מיט מיין פאָטער... ער אַליין וויל מיט דיר רעדן...

„ער אַליין וויל מיט מיר רעדן? — האָט מנוחין אַ טראַכט געטאָן פאַרוווּנדערט און איז געוואָרן אומרואיק. — וואָס, אַשטייגער, וועט ער מיר זאָגן?"...

דערווייל זענען זיי צוגעקומען צו צעדערבוימס פּרדס, זיך צעפרעגט ביי די אַרבעטער און געטראָפן דעם נייעם גליקלעכן פּלאַנטאַטאָר אין אַ ווייטן ווינקל פאַרטיפט אין דער אַרבעט. ער איז געשטאַנען ביי אַ האַלב־אָראָפּגענומענעם בוים איינער אַליין, אין זיין ווייסן סוועטער און אין דעם אַרויפגעשאַרטן וואָלענעם היטל איבערן הויכן לומדישן שטערן, באַוואָפנט מיט אַ שער און מיט אַ קאָרב ביי די פיס, און האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט דאָ מיט דעם בוים זיך מתייחד געווען ביי עפּעס אַ הייליקן, סודותדיקן, רעליגיעזן ריטואַל. די שער האָט ער געהאַלטן אין מויל, צווישן די ציין, ווי אַ שוחט דעם חלף, און מיטביידע הענט האָט ער אָנגענומען דעם מאַראַנץ אויפן צווייגל, ווי דאָס קעפּל פון אַ געבונדענעם עוף, באַטראַכט אים אַ היפּשע ווײַלע מיט אַן אָנגעשטרענגטן פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט אי באַוווּנדערונג, אי אַ מין רחמנות, באַטאַפּט דאָס „העלדזל", פאָרזיכטיק אַרויסגענומען די שער פונעם מויל און מיט מורא און ציטער אין די קינבאַקן דורכגעפירט די אָפּעראַציע. דערביי האָט ער נאָך יעדן שניט אַוועקגעכאַפּט די שער, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס אָפּגעבריט, און אַרויסגעלאָזט אַ דערשראָקענעם, פאַרדראָסיקן קלאַנג: „נצאַ־אַי!"...

— איר זעט? איר זעט? — האָט חנינא, צוקומענדיק מיט דער קאָמפּאַניע צו צעדערבוימען, אַ זאָג געטאָן שטיל. — אָט אַזוי לערנט מען זיך ביי אונדז צו זיין אַ חקלאי!

ער האָט שטיפעריש, ווי אַ יינגל, זיך צוגעגנבעט צום פאַרטיפטן צעדערבוימען אויף די שפּיץ גומענע שטיוול און הויך אויסגערופן פון הינטן:

— אַ גאָט העלף! באָך נאָ פאָמאָשטש! אַדוֹנָי עמכם!...

— אַך! — האָט צעדערבוים אַ ציטער געטאָן און אַיינגעשניטן מיטן שערל אין דער שאָלעכץ פונעם מאַראַנץ, אויף וועלכן ער האָט זיך ערשט פאַרמאָסטן. — געהרגעט נאָך אָן אַרענדזש!...

דערזען אָבער, ווער ס'איז צו אים געקומען, האָט ער אינגאַנצן אויפגעשיינט.

— אָה, געסט, געסט! טייערע געסט! ברוכים הבאים!

— נו? ווי גייט עס אייך מיט דער אַרבעט? — האָט אים חנינא געפרעגט. — עפעס אַ סך פּיטומס קאַליע געמאַכט?

— איך ווייס? דאַכט זיך, זיי זענען אַלע געהרגעטע, — האָט צעדער־בוים געזאָגט און אַראָפּגעקוקט אין קאָרב אַריין ווי פאַרשעמט. — עס קאָסט רבי־געלט, וואָס פרעגט איר? ס'איז אָבער ווערט!... אַפּנים, ס'איז ניט אַזוי גרינג צו ווערן אין איין טאָג אַ חקלאי, טייערער אבא חנינא!... ווייסט איר, ווער ס'איז אויף דעם אַ מייסטער? מיין שולמית. גאָלדענע הענטלעך ביי איר! אָט שטייט זי דאָרט און אַרבעט ווי אַ מזיק. שולמית! — האָט ער אַ רוף געטאָן הויך אויף העברעאיש. — טו אַ קוק, טאָכטער מיינע, ווער ס'איז דאָ! אונדזער דאָקטער מנוחין מיט דער גברת יהודית זענען געקומען זען, ווי אַזוי דו בויסט דאָס לאַנד!...

שולמית, אַ רויט־אָנגעברענטע פון דער זון, שוין אויך אין אַ קאָפּ־טיכל, פון וועלכן זי האָט אַרויסגעקוקט ווי אַ קליין צניעותדיק יידיש ווייבעלע, פול מיט חן, האָט זיך באַוויזן מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל פון ערגעץ אַ באַהאַלטענעם ווינקל.

— אַך, שולמית! ווי שיין דו זעסט אויס אין דעם טיכל, דאַרלינג! — האָט יהודית זי באַגעגנט אויף ענגליש און ליבלעך זי אַרומגענומען, ווי אַן אַלטע פריינדין.

— אַ יידיש שיקסעלע, אַן אמתע חקלאית! — האָט חנינא פון איר אויך אָנגעקוואָלן. — און ווו איז דער רבי אייערער, מיין לייזער־וועלוול, מיין איך — אלעזר־זאב? — האָט ער געפרעגט צעדערבוימען.

— דער רבי קנעלט דאָרט ערגעץ מיט מיין יידענע. שולמית טאָכטער, רוף אַהער די מאַמע!

שולמית האָט זיך געלאָזט לויפן און איז באַלד צוריקגעקומען מיט דער מוטער און מיטן „רבין" — אַ ברייטער, געזעצטער, קלאָציקער בחור, אַ שוואַרץ־באַוואַקסענער מיט אַ געדיכטער, שטעכיקער, שוין לאַנג ניט־געגאָלטער באָרד.

— אדון, — האָט דער בחור געזאָגט צו צעדערבוימען, שמייכלענדיק גוטמוטיק מיט גרויסע געלע ציין, — אייער גברת, זאָל געזונט זיין, איז מער אשת־חילטע פון אייך! אויף אַ גאַנצן סל האָט זי איזבאַוועט סך־הכל

חמש תפוחי־זהב. זי ראַבאָטעוועט, קיין עין־הרע, מיט די מספריים מצוין!...

— ווי געפעלט אײַך, קיין עין־הרע, זיין לשון־קודש? — האָט חנינא הומאָריסטיש אַ פינטל געטאָן מיט איין אויג צו מנוחינען. — דאָס איז מיין קדיש, מיין פערלס מאַן, מיין איך מיין פנינהס... הער נאָר, אלעזר־זאב, שיינער בחור, — האָט ער זיך געווענדט צום יונגנמאַן, — דו „ראַבאָטע־ וועסט" דאָ גאָר מיט פרעמדע ווייבלעך, זע איך? וואָס־זשע וועט דערויף זאָגן פנינה?... שוין צייט גיין אַהיים — איך האָב דאָרט איבערגעלאָזט דעם פרדס אויף לויטער לערן־יינגלעך, גרינהאָרנס, מיט וועלכע מיינע חברים פון דער „הסתדרות" זענען מיך תמיד מזכה... און פאַרגעס ניט דאָרטן געבן דעם אייזעלע אַ ביסל „תלתן" [קלעוועך־גראָז]! — האָט ער אים נאָכגעשריען. — ער האָט נאָך היינט ניט געהאַט קיין ברעק־ פעסט!...

— אַזוי גאָר, שולמית, ביסטו שוין געוואָרן ביי אונדז גלייך אַ חלוצה! — האָט מנוחין געזאָגט, באַטראַכטנדיק שולמיתן מיט אַ וואַ־ רעמען שמייכל.

— וואָס דען זאָל זי נעבאַך טאָן? — האָט די מוטער זי ווי פאַר־ ענטפערט. — זי וואָלט שוין באַדאַרפט אָנהייבן גיין אין דער תל־אביבער גימנאַזיע, מיר האָבן זי שוין דאָרט פאַרשריבן — קאָנען מיר אָבער ניט געפינען קיין דירה, ניט אין תל־אביב, ניט דאָ אין שאננה. מיר מוזן זיך נאָך אַלץ וואַלגערן אין האָטעל, אין שמוץ און אין ענגשאַפט...

— זהבה! — האָט דער מאַן צו איר שטרענג געזאָגט, רופנדיק זי מיט גרויס כוונה ביי איר נייעם העברעאישן נאָמען. — רעד ניט קיין שלעכטס אויף ארץ־ישראל!

— איך רעד דען שלעכטס, אויף ארץ־ישראל? איך רעד שלעכטס אויפן האָטעל. דער האָטעל איז דאָך ניט הייליק!... אַ האָטעל משטיינס געזאָגט — אַ הקדש! ביי אונדז אין ניו־יאָרק וואָלט אַ נעגער זיך געמיאוסט דאָרט צו נעכטיקן. דער סינק איז פאַרשטאָפּט, די באַטה־רום, עקסיוז מי, פאַר־ חזירט...

— עך, ווייבער, ווייבער! — האָט מיסטער צעדערבוים געשאָקלט מיטן קאָפּ. — דו ביסט געקומען קיין אַרץ־ישראל, אין דיין אייגענעם לאַנד, אין אַזאַ שיינער מחיהדיקער יידישער שטאָט ווי תל־אביב, אין אַזאַ גע־ בענטשטן ווינקל ווי שאננה, ווו אַלץ בליט, אַלץ פרייט זיך, ווו מע האָט דיר צוגעגרייט אַ פאַרטיקן פרדס, אין וועלכן דו קאָנסט שטיין, ווי די

מוטער חוה אין גן־עדן, און טרייסלען גאָלדענע עפּל פונעם עץ־החיים!... — איז ער פון באַגייסטערונג שוין אַריינגעפאַלן אין מגידות. — ניין, איז דיר נאָך אַלץ ניט געפעלן! עפּעס אַ שלאַנג האָט דיך אָנגערעדט, אַז דיר איז דאָ שלעכט! וואָסי? דער סינק איז פאַרשטאָפּט!... גיי זשע הער וואָס מיר האָט ערשט נעכטן דערציילט, פאַרנדיק אין באָס, אַן אַלטער קאָלאָניסט פון עקרון, ווי אַזוי זיי האָבן דאָ מיט פערציק יאָר צוריק ניט נאָר פון קיין סינק ניט געוווסט — זיי האָבן סך־הכל געטרונקען וואַסער מיט פּיאַווקעס. אָנגעשעפּט אַ קרוג וואַסער, איז אַ העלפט באַשטאַנען פון פּיאַווקעס... נו, פּרוּוו אַקאָרשט איצט געבן אין תל־אביב אַ מיליאָן פאַר אַ קרוג וואַסער מיט פּיאַווקעס — וועסטו געפינען?...

נאָך אַזאַ דרשה האָט מיסעס צעדערבוים ניט געהאַט וואָס צו ענט־פערן.

— איך האָב געהערט, — האָט מנוחין ווידער אַריבערגעטראָגן דאָס געשפּרעך צו שולמיתן, — אַז דו האָסט זיך דאָ באַפריינדט מיט מיין שוועסטערס זון, מיט עזראָן?

— אָה, עזרא איז אַ טייערער באָי! — האָט מיסעס צעדערבוים געזאָגט צו מנוחינען מיט חניפה. — אַזאַ קלוגער, און אַן איידעלער. שולמית איז פאַר אים באַגייסטערט. זיי ווערן ביידע זיין אין גימנאַזיע אין איין קלאַס.

— אַזוי גאָר? און עמוס? — האָט מנוחין ניט־ווילנדיק אַ שמייכל געטאָן.

שולמיתן איז דאָס גאַנצע בלוט פלוצים אַריין אין פּנים, אַזוי אַז טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן.

— איך האָב פון אים געהאַט אַ בריוו, — האָט זי שטיל געזאָגט, קוקנדיק צו דער ערד.

— אַזוי גיך אַ בריוו? וואָס שרייבט ער? — האָט מנוחין געפרעגט פאַראינטערעסירט.

— ער שרייבט...

— ער שרייבט אויסגעצייכנט ענגליש! — האָט מיסטער צעדערבוים זיך אַריינגעמישט. — ער באַזיצט אַ זעלטענע שפּראַך, דער עמוס! עס גיסט זיך ביי אים פּאָעזיע מיט הומאָר אינאיינעם, די ביבל מיט טשאַרלז דיקענס... דו האָסט דאָ דעם בריוו, טאָכטער? מעגסט אים ווייזן דאָקטער מנוחינען, ער וועט פון אים אויך הנאה האָבן. ער שרייבט דאָרט אַ שיינע געשיכטע: דער טאָטע זיינער, דער פּרא־אָדם דובראָוו, האָט גלייך גע־

וואָרפן אַן אומחן אויפן „עמק" און קלייבט זיך שוין קומען צו אונדז קיין תל־אביב.

פאַר דער צייט, וואָס זיי האָבן דאָ געשמועסט, איז דניאל גאָרדאָן ערגעץ פאַרשוווּנדן געוואָרן, זיך היפּשלעך געזאַמט און איז צוריקגעקומען מיט אַ צופרידענעם פּנים פון אַ מענטשן, וואָס האָט געבראַכט גוטע נייעס.

— הכלל, — האָט ער זיך געווענדט צו מנוחינען, — איך האָב שוין געזען אייער ערד. פּראַכטפולער באָדן, קיין בעסערן פאַר ציטראָס קאָן מען זיך ניט ווינטשן.

— באמת? — האָט זיך מנוחין דערפרייט. — מעג איך אויף דעם אויך אַ קוק טאָן?

— מיטן גרעסטן כבוד! — האָט חנינא זיך אָנגערופן לעבעדיק. — קומט, וועל איך אייך אַ ווייזן, ס'איז דאָ ניט ווייט. קומט אַלע, קינדער!

אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך חנינאן און זענען אַרויסגעקומען צו אַ ברייטן נאַקעטן רויטלעך־ברוינעם פעלד, באַדעקט דאָ און דאָרט מיט שיטערן מאָך און באַוואַקסן מיט שטעכלקעס. דאָס פעלד, וואָס האָט זיך אַוועקגעצויגן אין דער ברייט ביז צו אַ ווייטן פּרדס, איז געלעגן וויסט־פאַרדרעמלט אונטער דער זון מיט ליכטיקע קיילעכיקע בערגלעך און מיט ווייך־געבויגענע ניט־טיפע נידערן. נאָר אויף איין העכערן בערגל האָט איינזאַם געשימערט אַן אַלטער פאַרגעסענער איילבירטבוים, אַ נידע־ריקער, אַ ברייט־פאַרצווייגטער, וואָס זיין שאַרפן שאָטן אויפן ליכטיקן רויטלעכן זאַמד האָט מען דייטלעך געזען אַפילו פון דער ווייטן.

— אָט דאָס איז אייער נחלה, דאָקטאָר, — איך האָב דעם כבוד פאָר־צושטעלן! — האָט דער אַלטער חנינא אַ ווייז געטאָן מנוחינען מיט ביידע הענט און פריילעך־ערנסט זיך פאַרנייגט פאַר אים. — פאַרפלאַנצט זיך געזונטערהייט צווישן אונדז און — ווי זאָגט דאָרטן דער פּסוק — בויט אַ הויז אין ישראל!...

ווי קאָמיש דעם אַלטן חנינאס ווערטער האָבן מנוחינען ניט גע־קלונגען, איז ער פון זיי דאָך באַרוישט געוואָרן. ער האָט אַ קוק געטאָן פון דער זייט אויף יהודיתן, וועלכע איז דאָ געשטאַנען מיט אַ פאַרטראַכטן שמייכל אויפן קינדערש־פאַרחידושטן פּנים, און ווידער איז ער באַהערשט געוואָרן פון דעם זעלבן שטאַרקן באַגער, וואָס איז אים באַפאַלן פריער ביי די גרייפּ־פרוכט־ביימער.

אויפן וועג צוריק קיין תל־אביב האָט מנוחין, נאָך אַ לאַנגן שטיל־שווייגן, אַ פרעג געטאָן גאָרדאָנען:

— ווען, מיינט איר, קאָן מען זיך שטעלן פלאַנצן?

— מע קאָן אָנהייבן גלייך נאָכן „מלקוש" (דער לעצטער פרילינג־רעגן). — האָט גאָרדאָן געזאָגט. — פאַרשטייט זיך, מע מוז פריער דעם באָדן צוגרייטן, צעאַקערן, אויסגלייכן, באַזאָרגן די באַוואַסערונג.

— און איר מיינט, איך זאָל באַפלאַנצן אַלע הונדערט דונאַם?

— פאַרוואָס ניט? — האָט גאָרדאָן געפרעגט און אַ קוק געטאָן אויף אים ווי פאַרשנדיק.

— ס'איז ביי מיר אַ פראַגע פון קאַפּיטאַל, — האָט מנוחין דער־קלערט. — איך וועל אַ טייל פון מיין געלט אפשר דאַרפן פאַרווענדן אויף עפּעס אַנדערש. נאָר וועגן דעם וועל איך מיט אייך זיך נאָך מיישב זיין...

— אויב ס'איז אַ פראַגע פון געלט, וועט מען זיך קאָנען אַן עצה געבן, — האָט גאָרדאָן אַרויסגעזאָגט אָפן, אין צוגעלאָזטן קרובישן טאָן. — איך וועל זיך דורכרעדן מיט מיין פאָטער.

— וואָס הייסט?... — האָט מנוחין געפרעגט פאַרווירט און איז פּלוצים שטאַרק רויט געוואָרן. ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „דאָס איז אַ ווונק אויף נדן? נאָר דאָס האָט מיר געפעלט!... אַפּנים, דעריבער וויל יהודית, איך זאָל רעדן מיטן אַלטן?"...

אַ צערודערטער און אַ באַליידיקטער פון אַזאַ השערה, איז ער אַנשוויגן געוואָרן. און אַז דער אויטאָמאָביל איז צוגעפאָרן צו גאָרדאָנס הויז, האָט ער זיך גענומען געזעגענען אויף אַוועקצוגיין צו זיך אין האָטעל.

— ניין דאָקטאָר, דאָס גייט ניט! — האָט די קליינע לאָטאַ פּראָטעס־טירט און אים גענומען אונטערן אָרעם. — איר עסט היינט מיטאָג מיט אונדז. איך האָב זיך אויף אייך געריכט.

— איך האָב זיך אָבער ניט געריכט! — האָט מנוחין געקווייַנקלט.

— קומט, קומט. האָט קיין מורא ניט. בר־גיורא און איש גוש־חלב וועלן היינט ניט זיין... — האָט לאָטאַ געזאָגט, אַ קוק געבנדיק אויף יהודיתן מיט אַ שמייכל.

— יאָ, קום, — האָט צו אים יהודית אַ זאָג געטאָן שטיל. — דער פּאַפּאַ וויל דיך היינט זען.

קאַפּיטל איין און פערציק

# דער הימל פאַרוואָלקנט זיך

דער אַלטער גאָרדאָן האָט ביי זיין אָנקומען אין תל־אביב גלייך גע־
פונען זיין אייגענע געזעלשאַפט, וואָס האָט אים אויפגענומען ווי אַ גאָר
אָנגעלייגטן גאַסט. דאָס זענען געווען מענטשן פון זיין עלטער און שטאַנד,
מיט וועמען ער איז אין משך פון יאָרן געשטאַנען אין ווייטלעכן, אומ־
פּערזענלעכן בונד, געטראָפן זיך, צום מיינסטן, אויף די ציוניסטישע קאָנ־
גרעסן, דורכגעמאַכט אינאייגעם נאָר די יום־טובדיקע מאָמענטן פונעם
לעבן. איצט איז זיין בונד מיט זיי געוואָרן נעענטער, קאָנקרעטער, באַ־
קומען אַ ממשותדיקן זינען, און דער יום־טוב האָט אָנגעפילט אַלע טעג
פון דער וואָך. דער גרעסטער טייל פון זיי איז באַשטאַנען פון פאַרמעגלעכע
לייט, וואָס האָבן, פונקט אַזוי ווי ער, באַוויזן אַרויסצופירן פון רוסלאַנד
רעשטן פון זייער פאַרמעגן און זיך דאָ באַזאָרגט אויף דער עלטער ווער
מיט אַ הויז, וואָס ברענגט הכנסה, ווער מיט אַ פּרדס און ווער מיט אַ נייער
געשעפטלעכער אונטערנעמונג. נאָר אַפילו די, וואָס האָבן אַלץ פאַרלאָרן
דורך דער רוסישער רעוואָלוציע און זענען דאָ אומגעגאַנגען שטילע און
פאַראומערטע, ווי אבלים אויף אַן אייגענער חתונה, — אויך זיי האָבן
געטראָגן אין די אַלטע אויגן אַ באַזונדערע לויטערקייט, אַ מין שיינענדיקע
באַרוטקייט, ווי מענטשן, וואָס זענען אין סוף פון זייערע טעג צוגעקומען
צום געגאַרטן ברעג. פאַר זיי איז תל־אביב אַליין, די ליכטיקע יידישע
שטאָט, וואָס שטראַלט אין העברעאישן גייסט, ווי אַ ווונדער אין אַ ווונדער,
שוין געווען די פאַרווירקלעכונג פון זייער לעבנס־חלום, די פולע דער־
גרייכונג פון דער יידישער גאולה — מער פון דעם האָבן זיי ניט באַ־
דאַרפט. און יעדן איינעם פון זייער קרייז, וואָס האָט אַ ביסל פאַרשפּעטיקט
צום ברעג, האָבן זיי באַגגנט מיט דערפרייטע פּנימער, וואָס האָבן דייטלעך
גערעדט: „גוט, וואָס דו ביסט אויך געקומען צו דער שמחה — וועסט
נאָך פאַרכאַפּן צוזאַמען מיט אונדז אַ ביסל נחת אויף דער עלטער“...
אויף גאָרדאָנען האָבן זיי געקוקט מיט אַ באַזונדערן אָפּשיי, דערפאַר
וואָס ער איז אַהער געקומען אויף אַלעם גרייטן, אין אַן אייגן הויז און אין

אַ צעבליטן רייכן פּרדס, און האָט נאָך דערצו געבראַכט דעם זון, ווי מע רעדט אין שטאָט, פרישן קאַפּיטאַל אויף צו פאַרברייטערן זיינע פּלענער, — אַזוי אַז מע האָט אים גלייך געקאָנט אויפנעמען, אַן דער מינדסטער קווינקלעניש, פאַר אַ געווינטשטן מיטבירגער. זיי האָבן אים מיט גרויס חשק באַזוכט אין דער היים, אָדער געטרונקען מיט אים טיי אין דער תל־אביבער „קאַסינאָ", וואָס שטייט ביים ברעג ים, סאַמע איבערן וואַסער, אַ פאַרפלייצטע דורך אַלע אירע פענצטער מיט אַ שפע פון זונשיין.

אויך גאָרדאָן איז דאָ גלייך באַהערשט געוואָרן פון דער דאָזיקער יום־טובדיקער באַרוטקייט, וואָס ער האָט סוף־כל־סוף דערגרייכט נאָך שווערע וואָגלענישן פאַר די לעצטע יאָרן איבער דער פרעמדער וועלט. ער האָט פאַמעלעך געשפּאַצירט איבער די תל־אביבער גאַסן, ווי אין אַ געפונענעם גן־עדן, שטיל און צערטלעך באַרירט מיטן שטעקן די ליכ־טיקע זומערדיקע טראָטואַרן, זיך באַוועגט אַ פאַרחלומטער, אַ צוטרוילעכער, אַ דערקוויקטער אין זיין פיזישער שוואַכקייט פון דער וואַרעמער היילנ־דיקער זון אינמיטן ווינטער. פון אַלע זייטן האָבן אים באַגעגנט, ווי אים האָט זיך געדאַכט, נאָר גוטע, פריינדלעכע, נייגעריקע בליקן פון אייגענע ברידער, וואָס האָבן ווי שטום באַגריסט זיין אָנקומען, באַוואונדערט זיין ציכטיקע עלעגאַנטע עלטער, זיינע שטילע פאַרטראַכטע טריט, זיין פאַר־חידושט באַהאַרצט פּנים. דער נאָגנדיקער ווייטאָג נאָך דער פאַרשוווּנדענער געשטאַלט פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי האָט אָפּגעלאָזט, געמילדערט געוואָרן דורך דער זיסער טרייסט, וואָס ער האָט דאָ געפונען אין זיין קליינער משפּחה, ביי זיין זון מיט די אייניקלעך, וועלכע זענען דאָ גע־וואַקסן זיכער און שיין, פאַרוואָרצלטע אין אַן אייגענעם באָדן, באַשטראַלטע פון אַן אייגענעם הימל, מיט יונגע דרייסטע אויגן געווענדט צו אַ וווּנ־דערלעכער צוקונפט. זיין איינזאַמע קאַלטע עלטער איז דערוואַרעמט געוואָרן אין דעם גוטן היימלעכן נעסט, וואָס זיין זון האָט טיכטיק אויס־געפלאָכטן, האָבנדיק אים אויך אין זינען.

אַלצדינג איז דאָ געווען אַזוי גוט און מילד צום קראַנקן אָפּגעשוואַכטן האַרצן, איבער־געענוג פאַר די געציילטע יאָרן, וואָס זענען אים נאָך פאַר־בליבן צו פאַרברענגען אויף דער ערד. נאָר איין זאָרג האָט אים געפּייניקט, ניט געלאָזט רוען, אויף יעדער ליכטיקער מחשבה זיך אָנגערוקט ווי אַ פינצטערע כמאַרע — די זאָרג וועגן דער טאָכטער. זיין טאָכטער האָט אים שוין גענוג יסורים פאַרשאַפט אין לעבן, נאָר וואָס טיפער די יסורים

זענען געווען, אַלץ טיפער איז געוואַקסן זיין פּאָטערלעכע צוגעבונדנקייט צו איר — אַ פאַרבאָרגענע, אַ שמערצלעכע, אַן אומרואיקע, פול מיט צערטלעכער רחמנות צו איר אומזיכערן צערודערטן לעבן, צו איר ווייבערשן עלנט, צו איר אומבאַהאָלפנקייט אין דער טונקעלער צוקונפט. נאָר אָט האָט פּאַסירט אַזוי, — ווי עס פּאַסירט אָפט מיט מענטשן, וואָס דאָס גליק קומט צו זיי מיט אַ מאָל פון אַלע זייטן, — אַז זיין טאָכטער האָט גראָד איצט, אין די ליכטיקע טעג, באַגעגנט ד״ר מנוחינען, אַ פּערזאָן, וועמען ער קאָן זי אָנגעטרויען מיטן גאַנצן האַרצן. דאָס גליק איז גע־קומען אַזוי אומגעריכט, אַז דער פּאָטער האָט איבער דעם געציטערט, מורא געהאַט, עס זאָל פּלוצים ניט פאַרשווינדן, ווי אַ גוטער חלום. און די מורא איז ניט געווען סתם אַ פּוסטע — זי האָט געהאַט איר מאָטיוו, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ דראָענדיקע שטרויכלונג אויף זיין טאָכטערס וועג. ער האָט געזוכט עצות, ווי אַזוי די שטרויכלונג אָפּצוראַמען, פילנדיק, אַז די טאָכטער אַליין וועט ניט זיין בכוח דאָס צו טאָן. ער האָט זיך אַלץ געקליבן רעדן מיט מנוחינען, עפּעס אים קלאָר מאַכן, און דאָס האָט אים פאַרטונקלט די פרייד פון זיינע ערשטע טעג אין תל־אביב.

דערהויפּט איז ער געווען צערודערט היינטיקן פרימאָרגן, נאָכדעם ווי די קינדער זענען אַוועקגעפאָרן מיט מנוחינען קיין שאננה. יהודית האָט אים פאַרן אַרויסגיין, ווי פאַרבייגייענדיק, דערציילט פון מנוחינס באַשלוס וועגן זייער באַלדיקער חתונה, דערביי האָט זי אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ פאַרשולדיקטן קינדערשן שמייכל, וואָס איז ביי איר זעלטן געווען צו זען אין אירע באַציאונגען צום פאָטער, און וואָס האָט איצט אַרויסגע־געבן איר אומרואיקע קינדערשע האָפענונג אויף זיין פּאָטערלעכער הילף, — אַז אויב ער וויל מיט מנוחינען עפּעס רעדן, קאָן ער דאָס טאָן היינט, נאָכ־מיטאָג. דער אַלטער פּאָטער איז געבליבן אַליין ביי זיך אין חדר, אויפן צווייטן שטאָק, ניט געגאַנגען אין דער קאַסינאָ טרינקען טיי מיט זיינע נייע תל־אביבער פריינד. ער איז געזעסן אין ווייכן פאָטעל אַ פאַרצאָגטער, מיט פאַרמאַכטע אויגן און אָנגעשפּיצטע גרויע ברעמען, און זיך אָפּט געריבן דעם ברייטן געקנייטשטן שטערן, אויף וועלכן עס האָבן זיך געצונדן רויטע פלעקן.

שפּעטער, אַז די קינדער זענען צוריקגעקומען מיט מנוחינען פון דער נסיעה און מע האָט זיך געזעצט צו מיטאָג, זענען זיי אַלע ווי באַהערשט געוואָרן פון דעם פאָטערס ערנסטן, פאַרטראַכטן אויסזען, וואָס איז פאַר

אַלע דריי געווען פאַרשטעגדלעך, און דאָס געשפּרעך ביים טיש האָט זיך ניט געבונדן. דניאל גאָרדאָן האָט זיך געפּלייסט דערציילן דעם פּאָטער וועגן שאננה, וואָס פאַר אַ געבענטשטער ווינקל דאָס איז פאַר פּרדסים, נאָר דער פּאָטער האָט אים אויסגעהערט צעשטרויט. לאָטאַ ווידער, האָט געפּרוווט אויפהייבן די שטימונג דורך די קינדער: זי האָט זיי גענומען אויספרעגן, וואָס פאַר קאָסטיומען זיי ווילן האָבן צום נאָענטן פּורים־קאַרניוואַל. אָבער אויך דאָס האָט ניט געהאָלפן: ניט דער אַלטער זיידע, ניט דער גאַסט מנוחין האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דער אויפגעלעב־טער פריילעכער גערעדעריי פון עמיהודן מיט ימימהן. מנוחין האָט געקוקט אויף יהודיתעס אויפגערעגטן פּנים, געזען אירע פאַרווירטע בליקן, און זיך אַליין אומרואיק געפרעגט: וואָס קומט דאָ פאָר?...

ענדלעך איז מען אויפגעשטאַנען פונעם טיש. יהודית איז צוגעגאַנגען צו מנוחינען, און ווענדנדיק זיך צו אים אין דעם פּאָטערס אָנוועזנהייט אויף „איר", האָט זי אים אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל, נאָר מיטן זעלבן פאַרווירטן גלאַנץ אין די אויגן:

— איר ווילט זען, וואָס פאַר אַ פיינע וווינונג לאָטאַ האָט פאַר אונדז צוגעגרייט אויבן? גייט־אַרויף מיטן פּאַפּאַ, וועל איך אַייך אַהין ברענגען טיי.

— יאָ, דאָקטאָר, — האָט דער אַלטער גאָרדאָן ווי צוגעשטימט, — קומט אַרויף צו מיר אַ ביסל. זינט מיר זענען אין תל־אביב זע איך אַייך אַזוי זעלטן!

מנוחין, וואָס האָט געוווסט אויף וואָס מע רופט אים, האָט זיך גע־לאָזט גיין פּאַמעלעך אויף די טרעפּ נאָכן קראַנקן מאַן מיט אַ שווער־געוואָרענעם געמיט. צו דעם שווערן געמיט האָט זיך אָבער אויך צוגע־מישט אַ לייכטער איראָנישער געדאַנק וועגן זיין אייגענער קאָמישער לאַגע: וואָס ער, אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש, אַ באַוווסטער ניו־יאָרקער מעדיקער, אַ זוכער פון „נצח ישראל", גייט דאָ נאָך געהאָרכזאַם, ווי אַ נאַאיוו חתן־בחורל, נאָך אַן אַלטן שוואַכן מחותן, וואָס וועט מיט אים באַלד מסתמא מאַכן אַ שמועס וועגן נדן און וועגן קעסט נאָך דער חתונה... ער האָט דערויף שוין געהאַט צוגעגרייט זיין ענטפער.

זיי זענען אַרויפגעקומען אויבן, אין אַ באַקוועמען רייך אויסגעשטעלטן קאַבינעט מיט נייעם מעבל. די לאַדן צו דער זוניקער זייט זענען געווען צוגעמאַכט, נאָר מיט אָפענע פאָרטקעס פון אונטן, אַזוי אַז דאָס שטאַרקע

מיטאָג־ליכט, וואָס האָט געשלאָגן אין די פענצטער דורך אַלע שפּאַלטן, האָט זיך אין צימער געמישט מיט ווייכע שאָטנס. דער אַלטער האָט זיך געזעצט ביי זיין טיש און אָנגעוויזן מנוחינען אויפן ווייכן פאָטעל. אַ היפּשע ווײַלע האָבן זיי ביידע אָנגעשטרענגט געשוויגן. אום מיט עפּעס אָנצוהייבן, האָט דער אַלטער גאָרדאָן פּלוצים אַ זאָג געטאָן מיט אַן אויפגעשײַנטן שמייכל אויפן ערנסט־פאַרטראַכטן פּנים, — וואָס מנוחין האָט באַזונדער ליב באַקומען סיי ביי אים, סיי ביי זיין טאָכטער, און אַפילו ביי זיין זון:

— איך זע, דאָקטאָר, אַז איר האָט זיך צוליב מיין משפּחה שוין צוגעוווינט רעדן רוסיש אין תל־אביב. איך האָב מורא, אַז אויף יענער וועלט וועט מען ביי מיר פאָדערן דין־וחשבון דערפאַר, און זיי וועלן זיין גערעכט!...

דערווייל האָט יהודית אַריינגעבראַכט טיי. אָוועקגעשטעלט אויפן טיש די טאַץ, האָבן די הענט ביי איר אַ ציטער געטאָן, און אַ לעפעלע איז ווייך אַראָפּגעפאַלן אויפן טעפּיך. זי האָט זיך אָנגעבויגן צו דער ערד אין איין צייט מיט מנוחינען, און דאָרט, ביי די משופּעדיקע שטראַלן פון דער זון, וואָס זענען געפאַלן פון די אָפענע פאָרטקעס, זיך באַגעגנט מיט זיינע אויגן. זי האָט אויף אים מאָדנע אַ קוק געטאָן מיט שמייכלענ־דיקע ציטערדיקע ליפּן: אירע פאַרנעבלטע שוואַרצאַפּלען אין די לויטערע בלוילעכע ווייסלען האָבן הייס אויפגעשײַנט אי מיט באַגייסטערטער ליבשאַפט, אי מיט עפּעס אַ רירנדן קינדערשן געבעט, פון וואָס מנוחינען האָט פאַרכאַפּט ביים אָטעם, ווי ער וואָלט אין איין מאָמענט דערבליקט דעם טיפסטן רייץ פון איר נשמה. זי האָט זיך אָבער שנעל אויסגעגלייכט און איז אַרויס פון צימער, ניט צו זאָגן אַ וואָרט.

— יאָ, דאָקטאָר מנוחין, — האָט דער אַלטער גאָרדאָן זיך אומגעקערט צו זיין אָנגעהויבענעם געשפּרעך, קוקנדיק אויף מנוחינען מיט ערנסטער אַנטשלאָסנקייט, — איך וועל אײַך איצט אויך מוזן באַלעסטיקן מיט דער רוסישער שפּראַך. איך וויל מיט אײַך רעדן פון אַן ענין, וואָס לאָזט זיך ניט אַרויסזאָגן אויף מיין אָרעמען יידישן זשאַרגאָן... נאָר מסתמא וועט מיר אויסקומען צו רעדן מער פון אײַך, אַזוי אַז אײַך וועט דאָס ניט פאַלן צו שווער... הגם איך האָב אַלץ געוואַרט, אַז איר וועט זיין דער ערשטער אָנצוהייבן מיט דעם דאָזיקן ענין...

— ס'איז מיין שולד, — האָט מנוחין געזאָגט ווי פאַרשעמט, אײַלנדיק זיך אַליין אָנצורופן דעם „ענין" ביים נאָמען. — איך האָב שוין לאַנג גע־

וואָלט רעדן מיט אײַך וועגן אײַער טאָכטער... וועגן יהודיתן... נאָר אין די זאַכן בין איך זייער אומדערפאַרן... ניט געהאַט קיין פּראַקטיק... איך האָב געהאָפט, אַז דאָס וועט פון זיך אַליין קלאָר ווערן, אָן איבעריקע רייד...

— ניין, — האָט גאָרדאָן געזאָגט פינצטערלעך, — עס זענען פאַראַן זאַכן, פון וועלכע מע מוז פריער רעדן אָפן און ערלעך, אַלצדינג קלאָר מאַכן... איר ווייסט, ווי אַלט מיין טאָכטער איז? — האָט ער פּלוצים אַ פרעג געטאָן.

— איך ווייס, — האָט מנוחין געשמייכלט, אַ ביסל פאַרוואונדערט פון דער טשיקאַווער פראַגע, — אַכט און צוואַנציק. איך קאָן נאָר באַ־דויערן, וואָס איך בין אַ סך עלטער.

— איך באַדויער דאָס ניט, — האָט דער אַלטער גאָרדאָן געזאָגט מיט דער זעלבער ערנסטקייט. — איך בין צופרידן מיט אײַך, אַזוי ווי איר זענט. איך דאַרף אײַך זאָגן, — איך פיל, אַז אײַך מעג איך דאָס זאָגן אָפן, — אַז איך בין גליקלעך, וואָס מיין טאָכטער האָט אײַך געפונען. אַזוי גליקלעך, אַז איצט קאָן איך שוין רואיק שטאַרבן. און דערפאַר, וואָס איך בין מיט אײַך אַזוי זיכער, וויל איך, און מיין טאָכטער פאַרלאַנגט דאָס אויך, אַז אַלצדינג זאָל פאַר אײַך קלאָר זיין, קיין זאַך זאָל אײַך ניט שטערן אויף אײַערביידנס וועג...

„אַהאַ! — האָט מנוחין אַ טראַכט געטאָן. — אָט דאָ קומט דער נדן! נאָר פאַרוואָס עפּעס אַזוי ערנסט?"...

— איך האָב אײַך געפרעגט, צי איר ווייסט מיין טאָכטערס יאָרן, — האָט דער אַלטער ווייטער גערעדט, רייבנדיק זיך דעם שטערן, ווי ער וואָלט געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי צו קומען צום עצם ענין. — איצט וועל איך אײַך פרעגן נאָך עפּעס: צי מיינט איר, אַז מיין טאָכטער איז אַ פאַר־זעסן מיידל?...

— וואָס הייסט? — האָט מנוחין ניט פאַרשטאַנען.

— צי ווייסט איר, אַז זי האָט פאַר אײַך שוין געהאַט אַן אַנדערן?

— אַן אַנדערן?... — האָט מנוחין איבערגעפרעגט שטאַרק צעטומלט, פילנדיק, אַז דער באָדן האָט זיך פּלוצים אַ וואַקל געטאָן אונטער אים.

— אַן אַנדערן, אַ מאַן... חתונה געהאַט אָן מיין ידיעה, באַגאַנגען אַ קינדערשן פעלער...

— ניין, דאָס האָב איך ניט געוווּסט... — האָט מנוחין שטיל גע־זאָגט. — שוין לאַנג?

— גאָר לאַנג, יענער איז שוין טויט... געפאַלן אין שלאַכט מיט די באָלשעוויקעס, אין פעטראָגראַד...

מנוחין, אַ בלייכער, אַן אויפגעטרייסלטער, האָט ווילד אָנגעקוקט דאָס דערשלאָגענע פּנים פונעם אַלטן פאָטער.

— ווער איז ער געווען? — האָט ער געפרעגט הייזעריק, מיט אַן איבערגעטריקנטן האַלדז. — אַן אָפיצער?...

— יאָ, און צו מיין גרויסן אומגליק — ניט קיין ייד...

— אַזוי!... — האָט מנוחין, ווי איבערראַשט, מיט צעקרימטע ליפּן, ביטער אַ שמייכל געטאָן און באַלד באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט.

— איך האָב געוווּסט, אַז דאָס וועט אויף אייך מאַכן אַ שווערן איינ־דרוק, — האָט דער אַלטער גאָרדאָן געזאָגט שטיל, ווי מיט טיפן באַ־דויער, — נאָר באַהאַלטן דאָס פון אייך טאָר מען ניט. ניט איך, ניט מיין טאָכטער ווילן עס... כאָטש די זאַך איז שוין לאַנג פאַרגעסן, אָפּגעמעקט, אַחוץ מיין משפּחה ווייסט דערפון כמעט קיינער ניט... אָבער איר דאַרפט דאָס וויסן, איר מוזט אַלץ וויסן, אַלץ פאַרשטיין און מוחל זיין...

און דער אַלטער פאָטער האָט דערציילט פאַר מנוחינען, וועלכער איז געזעסן אין פאָטעל אומבאַוועגלעך, מיטן פּנים באַגראָבן אין די הענט, זיין טרויעריקע געשיכטע, וואָס האָט צעבראָכן זיין לעבן, אים פאַר דער צייט אַלט און קראַנק געמאַכט: ווי אַזוי זיין טאָכטער איז דערצויגן גע־וואָרן, נאָכדעם ווי די מוטער האָט זי צוריקגעבראַכט פון תל־אביב, אין אַ פּראָווינציעלער רוסישער סביבה, ווו דאָס ביסל יידן איז אויך געווען שטאַרק רוסיפיצירט, מער גוייִש ווי יידיש; ווי אַזוי זי האָט געלערנט אין אַ רוסישער גימנאַזיע, געוואַקסן צווישן רוסישע חברים און חברטעס, געווען אָפּגעפרעמדט פון איר פאָלק, זיך געפילט באַלעסטיקט פון דעם העברעאישן לערער, געוווּסט נאָר פון דער רוסישער ליטעראַטור, פון רוסישע קלאַסיקער, פון רוסישן טעאַטער; ווי אַזוי זי האָט אין דער שטיל, שוין ביים ענדיקן די גימנאַזיע, זיך פאַרליבט אין אַ רוסישן סטודענט, אַ זון פון זייערן אַ פריינד, אַן אינטעליגענטן פּראָגרעסיוון אינזשיניער, אַנטלאָפן מיט אים אין די פרייע טעג פון דער רעוואָלוציע קיין פעטראָ־גראַד, דאָרט חתונה געהאַט אָן דער ידיעה פון די עלטערן, אָפּגעלעבט מיט אים סך־הכל דריי חדשים, ביז ס'איז אויסגעבראָכן די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש, דער יונגער סטודענט האָט זיך אָנגעשלאָסן אַלס וואָ־לונטיר אָן דער פּאַטריאָטישער אַרמיי, געווען צווישן די יונקערס, וואָס

האָבן געקעמפּט קעגן די סאָוויעטן, און איז געפאַלן אין שלאַכט אויף די פּעטראָגראַדער גאַסן...

— מיר האָבן זי מיט גרויס מי אָפּגעזוכט, איך און די מוטער, — האָט דער אַלטער גאָרדאָן פאָרענדיקט זיין דערציילונג, — געפונען ערגעץ אין אַן אָרעמען קוואַרטאַל אין פּעטראָגראַד, אין סאַמע מיטן פון דעם באָלשעוויסטישן חורבן, אַ דערשלאָגענע, אַן עלענטע, אַ פאַרהונגערטע. מיר האָבן זי קוים איינגעבעטן, זי זאָל פאָרן מיט אונדז קיין אויסלאַנד, וואָרים איר דאַרפט וויסן, דאָקטאָר, אַז זי איז ניט קיין געוויינלעכע נאַטור — אַ שטאָלצע, אַ גלייכע. ווייבאַלד זי האָט אונדז אַזוי פיל יסורים פאַרשאַפט, איז איר ניט אָנגעשטאַנען אונדזער גוטסקייט, דאָס וואָס מיר האָבן איר אַזוי לייכט מוחל געווען... דערצו איז זי נאָך דעמאָלט געווען גאָר אַ קינד, סך־הכל זיבעצן יאָר אַלט... און שולדיק אין דעם זענען געווען נאָר מיר, די עלטערן. מיין פרוי האָט דערפון געצאַנקט ווי אַ ליכט, זיך אויפגעגעסן אַ לעבעדיקע, למאי זי האָט דאָס קינד אַוועקגענומען פון ארץ־ישראל. הגם זי האָט ארץ־ישראל ניט ליב געהאַט — זי האָט אָבער ניט געקאָנט זען מיין צער... זי איז אויך געווען אַ זעלטענע נאַטור, אַן ערלעכע, אַ שטאָלצע, אַ זעלבסטשטענדיקע, ווי די טאָכטער...

ס׳איז אָנגעשטאַנען אַ לאַנג דריקנדיק שטילשווייגן. מנוחין האָט זיך פּלוצים ווי אויסגעטשוכעט, זיך אויפגעהויבן פונעם פאָטעל מיט אַ פיינלעכן פּנים און ווילד זיך אַרומגעקוקט.

— איר גייט אַוועק? — האָט דער אַלטער געפרעגט אין געפאַלענעם טאָן.

— יאָ, איך וועל שוין גיין, איך דאַרף גיין... — האָט מנוחין אַרויסגעמורמלט.

— איר ווילט ניט זען מיין טאָכטער?

— ניין, ניט איצט... אַנטשולדיקט, איצט קאָן איך ניט... איך מוז גיין צו זיך אין האָטעל...

ער האָט מיט וואַקלענדיקע טריט זיך געלאָזט אַראָפּ פון די טרעפּ, שיִר ניט אומגעפאַלן. אין טונקעלן קאָרידאָר האָט ער בלינד אָנגעטאַפּט זיין הוט מיטן מאַנטל, און ניט אומקוקנדיק זיך, איז ער אַרויסגעלאָפן אין דרויסן.

יהודית איז שטיל אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ און אַריינגעקוקט צום פאָטער.

— ער איז אָוועק? — האָט זי געפרעגט מיט אַ דערשראָקענעם פּנים.

— ער איז אָוועק! — האָט דער פֿאָטער געזאָגט טרויעריק און טיף אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ צום טיש.

קאַפּיטל צוויי און פֿערציק

## „דזשעסיקאַ"

אַרויסגעלאָפֿן פֿון גאַרדאָנס הויז אין דרויסן, האָט מנוחין אײַלנדיק זיך געלאָזט גיין איבער די גאַסן, וואָס פֿירן צו זײַן האָטעל, געגאַנגען בלינד, צערודערט, ניט פֿילנדיק די ערד אונטער די פֿיס. ער האָט נאָר געפֿילט איין זאַך: אַז אים האָט געטראָפֿן אַן אומגליק, אַז עפּעס טײַערס איז בײַ אים חרוב געוואָרן, אַז ער איז פּלוצים אַרײַנגעפֿאַלן פֿון אַ גרויסער ליכטיקייט אין אַ פֿינצטערניש, אין אַן אומגעריכטן תהום, וווּ ער זינקט, וווּ ער קאָן פֿאַרלאָרן גיין. ער מוז זוכן אַן אויסוועג, געפֿינען אַן אָנהאַלט. ער מוז קומען צו זיך אין האָטעל, זײַן מיט זיך אַליין, באַטראַכטן זײַן לאַגע, צו עפּעס דערטראַכטן זיך... איצט האָט אים אויף די תל־אביבער גאַסן אַלצדינג אויפֿגערעגט, געוואָרן מיט אַ מאָל דערווידער: די הײַזער מיט די לופֿטיקע באַלקאָנען, וועלכע רעדן פֿון פּוסטער, זינלאָזער גע־מיטלעכקייט, דער פּראָווינציעלער, זעלבסטצופֿרידענער הילוך פֿון די פֿאַרבײַגייער, דאָס עזותדיקע קלינגען פֿון די וועלאָסיפּעד־רײַטער, די יונגע מוטערס מיט די קינדער־וועגעלעך, וואָס שטופּן זיך אינמיטן דעם שפּאַצירנדיקן עולם מיט די סקריפּענדיקע ניט־געשמירטע רעדלעך, פּונקט ווי די ענגע גאַרישע וועלט געהערט נאָר צו זיי... אויף וואָס האָט ער דאָס אַלץ באַדאַרפֿט? וואָס האָט ער דאָ אַזעלכעס דערזען, וואָס ער האָט זיך געיאָגט אַהער אַזש פֿון דער ווײַטער אַמעריקע?... דערהויפּט האָט אים געררייצט די העלע נאָכמיטאָגדיקע זון, וואָס האָט מיט אירע שאַרפֿע משופּע־דיקע שטראַלן אָן רחמנות אַרײַנגעקוקט אים גלײַך אין פּנים אַרײַן, גע־בלענדט די אויגן, מיט איר דרויסנדיקער ליכטיקייט ווי פֿאַרגרעסערט זײַן אינעווייניקסטע פֿינצטערניש. „אַ מאָדנע לאַנד! — האָט ער געטראַכט מיט טיפֿן פֿאַרדראָס. — אייביק ברענט דאָ די זון, לאָזט גאָר ניט אָפּ, מען קאָן זיך פֿון איר ניט אויסבאַהאַלטן!"... בײַם טויער פֿונעם האָטעל

האָט אים באַגעגנט, ווי אַלע מאָל, דער שמייכלענדיקער, גוט־אויפגע־לייגטער שדה־לבן, וועלכער האָט אים געפרעגט אין לייכטן טאָן, אָן צערעמאָניעס, שוין ווי אַן אַלטער גוטער ברודער: „נו? וואָס פאַר פריי־לעכע נייעס האָט איר אונדז געבראַכט פון שאננה?״ דערזען אָבער, אַז זיין גאַסט קוקט־אויס גאָרניט פריילעך, מאַכט זיך אַרויס פון אים און גייט אָן ווערטער צום אַריינגאַנג, — האָט ער גלייך געביטן דעם טאָן:

— שטאַרק ביזי, דאָקטאָר?

— יאָ, — האָט מנוחין אַרויסגעמורמלט, — און... זייט אַזוי פריינד־לעך... טאָמער פרעגט ווער אויף מיר, זאָגט אים...

— אַז איר זענט ניטאָ אין דער היים? — האָט אים שדה־לבן דינסט־פאַרטיק אַרויסגעהאָלפן. — אויך געפועלט... אָלראַיט, סער!

מנוחין איז אַרויפגעקומען צו זיך אין צימער און איז געבליבן שטיין ביי דער טיר פאַרווירט, ווי אַ געיאָגטע חיה, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דער אייגענער נאָרע און פילט זיך נאָך אַלץ ניט געשיצט פון געפאַר. דאָס צימער איז געווען פאַרפלייצט פון זון, פון דער זעלבער דערעסנדיקער זון, וואָס אין דרויסן, און פון די נאַקעטע העלע ווענט, פון דעם שטייענ־דיקן אָפענעם קליידער־טראַנק, פון דעם גלאַנציקן גלעזערנעם צודעק אויפן טישל האָט אויף אים גלייך אַ טראַג געטאָן מיט שטומען האָטעל־אומעט, מיט ענדלאָזער איינזאַמקייט. ער האָט צוגעמאַכט די לאָדן, זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף דער שמאָלער פליושענער סאָפקע, פאַרגראָבן דאָס פנים אין די הענט, און איז אַזוי פאַרזונקען אין צעטראָגענע מחשבות, געזעסן אין דער האַלב־פינצטערניש אַ פאַרגליוווערטער.

ער האָט שוין לאַנג ניט דורכגעלעבט אַזאַ זעלישע צעטרייסלונג, ווי איצט. זינט ער האָט אַמאָל אין בערלין אַליין צעשטערט זיין יוגנט־בנין, זיין אָנגעהויבן ווערק וועגן „נצח ישראל״, און האָט ניט געזען פאַר זיך מער קיין תכלית אין לעבן, — האָט זיך זיין לעבן דווקא איינגעשטילט, אַריין אין אַ שמאָלער רינע און גענומען פליסן פאַמעלעך, באַרואיקט, כמעט אָן זאָרגן און אָן שטרויכלונגען, אָן באַזונדערן צער, ווי אויך אָן באַזונדערער פרייד. די שטילע גייסטיקע אויפרעגונגען, וואָס פלעגן אים פון צייט צו צייט באַזוכן, זענען געווען פון דעם מין, וואָס האָבן נאָר געהאָלפן דורכלופטערן זיין גערדאַנק, באַרייכערן אים מיט עפּעס, וועקן אים פון פאַרדרעמלטקייט. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט די גאַנצע צייט געשפּאָרט קרעפטן, געגרייט זיך אַלץ צו אַ גרויסן וויכטיקן עיקר,

וואָס וועט אַמאָל פאָרט קומען, וואָס וועט אים ענדלעך דערהייבן. און אָט איז דער עיקר פּלוצים געקומען, אַ פלאַקער געטאָן הייס און ליכטיק, געוואָרפן אַ ווונדערלעכן העלן שיין אויף זיין ווייטערדיקן לעבנסוועג — נאָר פונקט אַזוי פּלוצים איז ער אויסגעלאָשן געוואָרן, איבערגעלאָזט אים אין נאָך אַ גרעסערער איינזאַמקייט, אין אַ געדיכטער פינצטערניש, פון וועלכער עס איז שוין ניט צו זען קיין שטראַל פון האָפענונג...

— אָבער וואָס? וואָס האָט דאָ פּאַסירט? — האָט ער אַ פרעג געטאָן זיך אַליין כמעט הויך אויפן קול, וועלנדיק זיך אַרויסרייסן פון דעם פאַרגליווערטן צושטאַנד, אַיינשפּאַנען זיינע צעטראָגענע, פאַרווירטע מחשבות, אַרויספירן זיי אויף אַ גראָדן, לאָגישן וועג. ער האָט זיך געשטעלט אַ קלאָרע, ניכטערע פראַגע: וואָס אַזעלכעס האָט ער זיך ערשט דערוווּסט, וואָס האָט אים אַזוי אומגליקלעך געמאַכט, אַזוי איבערראַשט ביז דער טיפעניש פון דער נשמה? דערוווּסט האָט ער זיך בסך־הכל, אַז יהודית האָט שוין אַמאָל געהאַט אַ מאַן, אַז מיט עלף יאָר צוריק, בשעת זי איז נאָך געווען כמעט אַ קינד, בשעת זי האָט נאָך קיין שום פאַרשטעלונג ניט געהאַט, אַז זי וועט זיך אַמאָל באַגעגענען מיט איינעם אַ ישראל מנוחין, האָט זי זיך פאַרליבט אין אַ יונגן מענטשן, אַזוי יונג ווי זי, חתונה געהאַט און געלעבט מיט אים ניט מער ווי דריי חדשים... זי איז באַגאַנגען אַ קינדערשן פעלער, וואָס איז שוין לאַנג אָפּגעמעקט געוואָרן, ווי איר פאָטער האָט געזאָגט... נו, דעריבער איז וואָס? דעריבער איז שוין חרוב געוואָרן זיין וועלט?... האָט ער דען געגלייבט ביז אַהער, אַז יהודית, אַזאַ אויסערגעוויינלעכע, אַ לעבנסלוסטיקע, אַ טעמפּעראַמענטפולע, אַ רייצנדיקע, איז ביז אַכט־און־צוואַנציק יאָר פאַרזעסן אַ מיידל, געזעסן און געוואַרט, אָפּגעהיט איר יוגנט נאָר פאַר אים אַליין, פאַר דעם אַלטן בחור?... האָט ער דען וויפל מאָל שוין ניט געטראַכט פון דעם, געפּייניקט זיך, געמאַכט וועגן איר פאַרגאַנגענהייט פאַרשידענע השערות, נאָך ערגער דערפון, און איז געווען גרייט אויף אַלצדינג?... אלא אין וואָס באַשטייט דאָ די בייסנדיקע ביטערקייט פון דער נייער אַנטפּלעקונג? נאָר אין דעם, וואָס יענער איז געווען אַ גוי... און אַז ער וואָלט געווען אַ ייד, וואָלט די זאַך דען געוואָרן אַנדערש?... מאַכט ער דען באמת אַ חילוק צווישן ייד און גוי אין די טיפענישן פון זיין געדאַנק, דאָרט ווו ער איז פריי פון יעדער קאָנווענציאָנעלער לאַסט, דאָרט, ווו עס הערט אויף די מאַכט פון דער אָנגעוואַקסענער טראַדיציע, פון ירושה, פון סענטימענטן, און עס

הערשט נאָר דער ריינער, לויטערער מענטשלעכער פאַרשטאַנד?... מיט וואָס, אַשטייגער, וואָלט אים שוין געוועזן זיסער, ווען יהודית ווערט אויס־געבוצט אין איר יוגנט ניט פון אַ גוי, נאָר פון אַ יידן, און אפשר פון אַזאַ מין יידן, וואָס ער אַליין האָט אין האַרצן מער פיינט פון אַ גוי?...

נאָר ניין! — האָט מנוחין אָפּגעשטעלט דעם דאָזיקן געדאַנקען־גאַנג, וואָס האָט אים אויסגעזען צו לייכטזיניק, אויך צו טריוויאַל. — עס גייט דאָ ניט אין אָפּענע סענטימענטן, אין געוויינלעכע טראַדיציאָנעלע מאָ־טיוון — עס גייט דאָ גאָר אין עפּעס אַנדערש... דזשעסיקאַ! — האָט אים אַ שטאָך געטאָן אין מוח, ווי מיט אַן אָנגעגליטער נאָדל, יענער נאָמען, וועלכער איז פון אים די לעצטע וואָכן אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. — דזשעסיקאַ — אָט וואָס עס האָט אים אַזוי געטראָפן!... די יידישע יונגפרוי וואָס האָט פאַרשוועכט דאָס צניעות פון איר איידעלער ראַסישער שוואַכ־קייט דורך דער פיזישער באַהערשונג פון אַ שטאַרקערן ניט־יידן. די אָפּ־געהיטע טאָכטער פון דער שוואַכער, שרעקעדיקער, בלוט־געאיידלטער, און דערפאַר אויסגעשפּעטער, טיף־באַליידיקטער ראַסע, וואָס האָט איבערגע־געבן איר פאַרבאָרגענע ראַסישע צניעות צום אינטימסטן געגוס פון אַ פרעמד־בלוטיקן, אַ זון פון אַ שטאַרקער, זיכערער, ברוטאַלער און פאַרצוקנדיקער ראַסע, דערביי אַליין נידעריק געלעכצט נאָך דעם דאָזיקן פרעמדן געגוס, נאָך דער דאָזיקער ניט־גלייכער, אומווירדיקער, פּיקאַנטער באַהעפטונג. אַנשטאָט דעם אָפּענעם, נאַטירלעכן אונטערגעבן זיך פון דער פרוי צום מאַן, איז דאָ געקומען די באַהאַלטענע, שענדלעכע אונטער־טעניקייט פון דער יידישקע צום גוי... עס איז ניט געווען קיין גאָט־געבענטשטער בונד פון צוויי גלייכע מינים, וואָס דערפרייען איינס דאָס אַנדערע דורך אַן אויסבייט פון גלייכן גליק, נאָר געגנבעטע, אומווירדיקע בלוט־מישונג, וואָס איז געגליכן צו זנות, צו תבל... יהודית האָט אין איר פריער יוגנט אפשר קיין סך ניט געוווסט פון איר פאָלק — זי האָט אָבער אינסטינקטיוו געפילט איר יידישע געפאַלנקייט, מיט וועלכער זי האָט אָוועקגעגעבן איר מיידלשע פראַכט דעם שווער־בלוטיקן קעמפערישן יונ־קער. זי איז געלאָפן פון איר פאָטערס הויז נאָך דער פרעמדער פאַר־באָטענער פרוכט, פונקט ווי דזשעסיקאַ, שיילאָקס טאָכטער, געפילט איר שאַנד, זיך אויסבאַהאַלטן מיט איר געגנבעטן פּיקאַנטן יידישן גליק. און דאָס איז אַ זאַך, וואָס וועט פאַרבלייבן, וואָס קאָן ניט אָפּגעמעקט ווערן, קאָן ניט פאַרגעסן ווערן. עס גליט נאָך אין איר בלוט, עס לעבט נאָך

אין איר ווייבערשן זכרון יענע ערשטע פרעמדע מענערשע באַרירונג, וואָס וועט מיט פאַרטאַיעטער בענקשאַפט נאָך שטאַרקער אויפוואַכן, ווען ער, אַ זון פון איר פאָלק, וועט מיט איר זיך צוזאַמענקומען...

מנוחין האָט ביי דעם געדאַנק אויפגעשוידערט. ער האָט טיפער איינ־געגראָבן דאָס פנים אין די הענט און האָט מיט ביטערניש זיך דערמאָנט, ווי אַזוי ערשט היינט אינדערפרי, דאָרט אין די שאָנהער פרדסים, האָט ער נאַאיוו געטראַכט פון אַ ליכטיקן, ריינעם דור, וואָס ער וועט אַרויס־באַקומען פון דעם פיינעם בוים. ווי אַזוי קאָן שוין דער דור אַרויסקומען ריין, אַז דער בוים איז פאַרשוועכט, זיין זאַפט איז פאַרסמט און זיין האַרץ איז אויפגעפרעסן פון אַ פרעמדן פאַרצוקער?... און צו וואָס דאַרף ער איצט דעם גאַנצן דור נאָך זיך? צו וואָס זאָל ער צו דער גאָלדענער קייט פון זיינע אַלטע געלייטערטע טאַטעס און זיידעס אָנטשעפען אַ רינג פון פסולת?...

ס'איז שוין געווען פינצטערלעך אין צימער, די שפּאַלטן פון די לאָדן האָבן אָפּגעשיינט מיט רויטלעכן ליכט פון דער פאַרגייענדיקער זון, ווען די טיר האָט זיך שטיל געעפנט און יהודית האָט זיך באַוויזן. זי איז געבליבן שטיין ביי דער טיר אומאַנטשלאָסן, ווי אַן אומרואיקער שאָטן, געמאַכט עטלעכע וואַקלדיקע טריט און צוגעקומען פּאַמעלעך צו מנוחינען, געשטאַנען אַ ווײַלע פאַר אים אָן ווערטער. און מיט אַ מאָל האָט זי זיך צוגעזעצט צו אים אויף דער סאָפקע, אַרומגעוויקלט איר אָרעם אַרום זיין קאָפּ און געזאָגט שטיל, מיט אַ פאַרשולדיקטן קול, אין וועלכן מנוחין האָט דאָך געפילט אין דער האַלב־פינצטערניש אַ לייכטן איראָנישן קלאַנג:

— נו, דו האָסט דאָך דאָ מסתמא געטראַכט פון דזשעסיקאַן.... איז דזשעסיקאַ צו דיר געקומען!

מנוחין האָט ניט געענטפערט. פון איר נאָענטקייט האָט אויף אים אַ וויי געטאָן מיט עפּעס אַ נייער ליידנדיקער, מוטערלעכער צערטלעכקייט, וואָס האָט ווי פאַרביטן דעם פריערדיקן מיידלשן רייץ, נאָר האָט נאָך מער געררייצט ווי פריער. אויך איר ריח האָט זיך אים אויסגעדאַכט ניי, אַנדערש ווי געווען — דער קילער פאַרפום פון אירע קליידער האָט זיך געמישט מיט אַ נערוועזער וואַרעמקייט פון איר לייב. און איר צאַרטע, עטוואָס פייכטע, נערוועזע האַנט האָט ווי מיט רחמנות געגלעט זיין שטערן, דערביי אַליין אויך שטום געבעטן רחמנות. מנוחין האָט זיך דערפילט מאָדנע פאַרלאָרן, ניט געוווּסט, ווי אַזוי צו האַלטן זיך. ער האָט פאַר־

זיכטיק, ווייך, ניט צו באַליידיקן זי מיט דער מינדסטער באַוועגונג, זיך באַפרייט פון איר אָרעם און זיך אָפּגערוקט צום ווינקל פון דער סאָפקע, באַהאַלטנדיק ווידער דאָס פּנים אין די הענט.

— וואָס איז, טייערער? פאַרוואָס דערווייטערסטו זיך פון מיר? — האָט זי נאָך אַלץ שטיל, אין פאַרשולדיקטן טאָן, גערעדט. — און פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן? דו האָסט חרטה?...

— איך האָב אַנדערש ניט געקאָנט, — האָט מנוחין געוואָלט ענטפערן ווייך, נאָר זיין קול איז אַרויסגעקומען הייזעריק און קאַלט.

— וואָס איז געשען? — האָט יהודית געפרעגט מיט ציטערדיקע ליפּן, געטראָפן פון זיין קאַלטקייט. — מיט וואָס בין איך פאַר דיר איצט געוואָרן ערגער ווי פריער?...

— ניט ערגער, נאָר... איך האָב זיך אויף דעם ניט געריכט. ס'איז פאַר מיר אַ שווערע איבערראַשונג... אַ קאַטאַסטראָפע...

— אָבער פאַרוואָס? פאַרוואָס?... — האָט זי געפרעגט אין פאַר־צווייפלונג. — דו האָסט דאָך געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז איך בין שוין מער קיין קינד ניט... איך אַליין האָב דיר וועגן דעם געגעבן אָנצוהערן איינמאָל ביי דיר אין קאַבינע — האָסטו געזאָגט, אַז דו ווילסט פון קיין זאַך ניט וויסן...

— יאָ, — האָט מנוחין אַרויסגערעדט פאַרווירט, — נאָר איך האָב זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז איר... אַז דו האָסט געהאַט אַזאַ...

— דו ווייסט שוין ניט, ווי אַזוי צו רעדן מיט מיר, אויף „איר", צי אויף „דו"... אַזוי ווייט האַלט דאָס שוין! — האָט אים יהודית איבערגע־שלאָגן מיט ביטערניש. — און וואָס האָסטו זיך ניט פאָרגעשטעלט? אַז איך האָב געקאָנט חתונה האָבן פאַר ניט קיין יידן?... איך בין דעמאָלט געווען נאָך צו יונג, איך זאָל מיך אָפּגעבן מיט נאַציאָנאַלע פראַגעס וועגן ייד און גוי... און אַפילו איצט נעם איך דאָס אויך ניט אַזוי טראַגיש, ווי דו...

— פאַר מיר איז דאָס מער ווי טראַגיש! — האָט מנוחין געזאָגט געדריקט, פילנדיק, אַז זיי וועלן זיך ביידע ניט צוזאַמענרעדן, אַז ניט אַלץ וועט ער איר קאָנען אַרויסזאָגן אין אָפענע ווערטער. — איך האָב ניט געוווסט, אַז ביי דיר אין זכרון לעבט אַזאַ... פרעמד געשטאַלט... אַז נאָכדעם ווי דו האָסט ליב געהאַט... דו האָסט דאָך יענעם ליב געהאַט?...

— צו וואָס פרעגסטו אַזאַ פאַרשטענדלעכע זאַך?... — האָט יהודית

אויסגערופן ווי מיט פאַרדראָס. — מיר זענען ביידע געווען יונג, האָבן מיר זיך געוויס איינס דאָס אַנדערע ליב געהאַט... נאָר דאָס איז שוין געווען לאַנג, אין אַן אַנדער וועלט, און איך וויל דערפון מער ניט רעדן.

— דו ווילסט ניט רעדן, אָבער דו טראַכסט דערפון, דו געדענקסט דאָס!

— ניין, איך האָב אַלץ פאַרגעסן! ער איז שוין לאַנג טויט, און איך לעב... און איך וויל קיין זאַך ניט געדענקען!... אַז איך בין מיט דיר, טייערער, געדענק איך קיינעם ניט... — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט און זיך צוגעטוליעט צו זיין אָרעם.

— דווקא בשעת דו ביסט מיט מיר, געדענקסטו אים!... — האָט מנוחין געזאָגט פרעמד און ווידער געמאַכט אַ באַוועגונג צו באַפרייען זיך פון איר.

יהודית האָט זיך באַליידיקט און איז גלייך אויפגעשטאַנען פון דער סאָפקע.

— פאַרוואָס מיינסטו אַזוי? — האָט זי אַ זאָג געטאָן צערייצט, און פלוצים געפרעגט אים שאַרף: — נו און דו? דו געדענקסט קיינעם ניט?

— איך?... — האָט מנוחין געזאָגט ווי דערשראָקן.

— דו האָסט גאָר קיינעם ניט באַגעגנט אויף דיין לעבן?

— יאָ, איך האָב באַגעגנט... צופעליק... — האָט מנוחין שטיל זיך מודה געווען און געפילט, ווי עס האָט אים אַ שלאָג געטאָן אַ מאָדנע היץ אין פּנים.

— איינע?

— מער ווי איינע... אָן כוונות פאַר אַן ערנסטן בונד...

— יידישע?

— געווען אויך ניט קיין יידישע... — האָט מנוחין וואָס ווייטער אַלץ מער געפילט, ווי ער טרינקט זיך, ניט האָבנדיק פאַר זיך קיין אָנהאַלט.

ביידע זענען אַנטשוויגן געוואָרן. יהודית האָט אים באַטראַכט אין דעם טונקעלן שיין פון די פאַרמאַכטע לאָדן טשיקאַווע, פאַרוווּנדערט, ווי מיט נייעם אינטערעס.

— נו, ווי אַזוי דאַרף איך דאָס אויפנעמען? — האָט זי געפרעגט מיט שטילן שפּאָט. — ווי אַ שווערע איבעררַאַשונג? ווי אַ קאַטאַסטראָפע?...

— וויבאַלד דו רעדסט דערפון אַזוי לייכט, איז דאָס פאַר דיר מסתמא ניט קיין קאַטאַסטראָפע...

— יאָ, איך זאָג דעם אמת — קיין קאַטאַסטראָפע ניט, אָבער אַ נייעס

איז דאָס... נאָר אויב אַזוי, פאַרוואָס האָלטסטו זיך בעסער און ריינער פון מיר? — האָט זי זיך פּלוצים אָנגעצונדן. — מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו מיך היינט אַזוי באַליידיקט?... איך האָב די לעצטע טעג געלעבט אין איין שרעק, מורא געהאַט פאַר דיין ריינקייט, פאַר דיין שטרענגער מאָראַל... אַזוי מורא געהאַט, אַז איך אַליין האָב זיך ניט באַשלאָסן מיט דיר צו רעדן דערפון, געבעטן דעם פאָטער, ער זאָל דאָס טאָן — ער ווייסט מער פון מיר, וואָס דער תלמוד פאָדערט פון אַזאַ זינדיקער פּערזאָן, ווי איך... און מיין פאָטער איז אויך געווען אין גרויסער אויפרעגונג... האָסטו אים אויסגעהערט און ביסט אַנטלאָפן... און האָסט מיך געבראַכט צו אַזאַ דערנידערונג, איך זאָל קומען צו דיר זיך פאַרענטפערן... שוין דאָס צווייטע מאָל, אַז דו דערנידעריקסט מיך! — האָט זי אַרויסגערעדט מיט ביטערן צאָרן. — פריער, אויף דער שיף, נאָך איידער דו האָסט מיך גוט געקענט, איז דיר ניט געפעלן געוואָרן, וואָס איך האָב אַ שמייכל געטאָן צו אַ פרעמדן אָפיצער... איך שמייכל שטענדיק צו די, וואָס שמייכלען צו מיר — זיי מעגן זיין יידן, צי גויים, צי אַפילו אַזאַ, ווי דער נאַרישער בר־גיורא... האָסטו מיך דעמאָלט באַהאַנדלט ווי אַ שטרענגער ריכטער, ווי אַ מאָראַל־פּרעדיקער, אַ וואָרף געטאָן מיר אין פּנים אַריין דעם נאָמען דזשעסיקאַ, שיילאָקס טאָכטער!... האָסט נאָך אפילו ניט געוווּסט, וואָס דזשעסיקאַ האָט שוין דורכגעמאַכט אין איר לעבן!... — האָט זי פאַרענדיקט מיט טרערן אין קול.

מנוחין איז געזעסן אומבאַוועגלעך, אַ טיף־דערשלאָגענער. לסוף איז ער אויפגעשטאַנען, אַ קוק געטאָן אויף יהודיתעס אָנגעצונדענעם פּנים ביים פאַרנאַכטלעכן ליכט וואָס האָט זיך געלאָשן אין די שפּאַלטן פון די לאָדנס, און זי ווייך אָנגענומען ביי די הענט.

— יהודית, — האָט ער שטיל געזאָגט, — איך ווייס, אַז דו ביסט גערעכט, מער גערעכט פון מיר... איך בין דאָ אינגאַנצן שולדיק... און מיטן האַרצן בין איך צו דיר צוגעבונדן, ווי פריער... מיין לעבן איז נאָך אַלץ אין דיינע הענט... נאָר וואָס זאָל איך טאָן? איך בין זייער צערודערט... איך בין אַ שווערער מענטש, איך לעב איבער אַלצדינג שווער. קאָך איבער יעדע באַוועגונג, יעדן טראָט מיט טיפע יסורים... איך האָב דיר שוין איין מאָל געזאָגט — איך בין אַן איינזאַמער נודנער מענטש, אַן אַלטער בחור... עס קאָן זיין, אַז ס'איז געווען אַ טעות, אַז אונדזער בונד איז ניט קיין גלייכער...

— עס קאָן זיין! — האָט יהודית געזאָגט באַטריבט.

— אויב אַזוי, לאָז מיך אויף אַ ביסל צייט אַליין. איך מוז די זאַך איבערקאָכן. איך מוז גרייט זיין פאַר דיר מיטן גאַנצן האַרצן. אָן דעם וועט ביי אונדז קיין פרייד ניט זיין אין לעבן...

— גוט, גוט, — האָט יהודית געזאָגט נערוועז, אין שאַרפן, גיכן טאָן, — איך וועל דיך לאָזן אַליין. טו וואָס דו ווילסט, קאָך מיך איבער... אָבער דו זאָלסט וויסן, נודנער מענטש, אַז מער וועט פאַר דיר דזשעסיקאַ זיך ניט דערנידעריקן. גענוג! מער וועל איך צו דיר ניט קומען! עס האָט מיר שוין דערעסן, דערעסן!...

די לעצטע ווערטער האָט זי כמעט אויסגעשריען, מיט פאַרשטיקטע טרערן, שאַרף אויסגעדרייט זיך און איז אַרויס פון צימער, איבערלאָזנדיק מנוחינען אין דער פּלוצים־אַנגערוקטער נאַכטיקער פינצטערניש.

קאַפּיטל דריי און פערציק

## אין ירושלים

אויפן צווייטן טאָג גאַנץ פרי איז מנוחין אַוועקגעפאָרן קיין ירושלים, איבערלאָזנדיק זיינע תל־אביבער פריינד און נייע באַקאַנטע אין גרויסער פאַרוווּנדערונג. ס'איז געווען פרייטאָג, אַ טאָג פאַר דעם קבלת־פּנים, וואָס ד"ר שיינין האָט געזאָלט געבן דעם אַמעריקאַנער גאַסט, פון וועמען מע האָט שוין געשמועסט אין שטאָט ווי פון אַ ניי־צוגעקומענעם אינטערע־סאַנטן און רייכן תושב (מע האָט דאָס דערשמעקט דורך דער באַנק), — און דאָ האָט שיינין פּלוצים באַקומען פון מנוחינען אַ קורץ בריוועלע, צוגעשיקט מיטן תימנער סעדיה, אַז ער קאָן,ליידער, אין תל־אביב ניט פאַרבלייבן ביז שבת־צו־נאַכטס — ער מוז גלייך אָפּפאָרן. מער פון אַלעמען איז דערפון אויפגערודערט געוואָרן די מאַדאַם אישטוב: אַחוץ וואָס זי האָט זיך געריכט צו האָבן דעם ברודער פאַר אַ גאַסט אויפן ערשטן שבת, איז דאָ געבליבן הענגען אין דער לופטן דער ענין פון „מקור חיים", אויף וועלכן זי האָט נאָך פון אים קיין קלאָרע תשובה ניט באַקומען.

— וואָס הייסט, ער איז אינמיטן דערינען אַוועקגעפאָרן? — האָט זי געפאָרשט ביי שדה־לבנען מיט אַ רויט־אויפגערעגטן פּנים. — ווי אַזוי?

— אַט אַזוי. אויפגעשטאַנען אינדערפרי אויף דער לינקער זייט, באַשטעלט אַן אויטאָ און זיך געהייסן פירן קיין ירושלים.

— און מיר ניט איבערגעלאָזט גאָרנישט? קיין וואָרט ניט?

— קיין איינגעטונקטע פען!

— איך קאָן דאָס גאָרניט פאַרשטיין... נו, און די גאָרדאָנס?

— וועלכע גאָרדאָנס? — האָט שדה־לבן געפרעגט ווי פאַרחידושט און אָנגעצויגן פרעמד זיין נאַקעטן גלאַנציקן שאַרבן, האַלטנדיק, אַז ער איז ניט מחויב צו וויסן אַלע משפחה־סודות פון זיינע געסט.

— די וואָס זענען געקומען מיט אים פון אַמעריקע. דעם דניאל גאָר־דאָנס שוועסטער.

— אַך, דאָס דאָזיקע פריילין?... יענע איז, דאַכט זיך, נעכטן אין אָוונט געווען ביי אים אַ קורצע צייט. דערנאָך איז ער שוין ניט אַראָפּ אין זאַל צו אָוונט־ברויט, געשיקט זאָגן, אַז ער פילט זיך ניט גוט.

— אַזוי?... און איז פלוצים אַוועקגעפאָרן? — האָט מאַדאַם אישטוב געזאָגט און טיפּזיניק אַ בליק געטאָן מיט די אויגן, ווי עס וואָלט זי מיט אַ מאָל באַפאַלן אַ העל ליכט. מיט איר שוועסטערלעכן חוש האָט זי גלייך דערפילט, אַז דאָס פריילין גאָרדאָן האָט דאָ עפּעס אַ שייכות מיט דעם, וואָס איר ברודער איז אַזוי אומגעריכט אַנטלאָפן פון תל־אביב, און זי האָט זיך אין דער שטיל דערפרייט. דער שידוך מיט דער דאָזיקער אַוואַנטור־ריסטישער „קראַסאַוויצע", וועלכע האָט אין זיך איינגעליבט איר ברודער, פאַרנדיק מיט אים אויף איין שיף, און וועגן וועלכער זי האָט שוין פאַר די עטלעכע טעג צייט געהאַט צו הערן אין תל־אביב אַלערליי אומקלאָרע געשיכטעס, איז איר ניט געווען שטאַרק צום האַרצן, בפרט אַז דער טיכ־טיקער דניאל גאָרדאָן האָט דאָ געקאָנט ווערן אַ שטער צו איר מאַנס פּלאַן וועגן „מקור חיים". וויבאַלד אָבער די פאַרליבטע האָבן אַזוי גיך אָנגעהויבן לויפן איינס פונעם אַנדערן, קאָן שוין ווידער זיין גוט!...

די נסיעה קיין ירושלים האָט מנוחינען אַ ביסל אויסגעניכטערט פון דעם טשאַד, באַפרייט פון דער ענגער קלעם, אין וועלכער ער האָט פאַר־בראַכט אַ שלאָפלאָזע נאַכט, נאָכדעם ווי יהודית איז פון אים אַוועק־געגאַנגען. ער איז געפאָרן קיין ירושלים אָן קיין שום צוועק, אַפילו אָן דעם חשק צו זען די אַלטע ווונדערלעכע שטאָט, צו וואָס ער האָט זיך פריער געהאַט געגרייט ווי צו אַן אויסערגעוויינלעכער איבערלעבונג. ער האָט איצט געהאַט נאָר איין ווונטש: זיין מיט זיך אַליין, אָפּגעשלאָסן

פון מענטשן, ווייט פון זייערע אויפמערקזאַמע פּנימער, פון זייערע ניי־געריקע בליקן, אַליין זינקען אין פינצטערניש, אין דעם געדיכטן אומעט, וואָס האָט אַרומגענומען זיין נשמה. נאָר וואָס ווייטער דער אויטאָמאָביל איז געלאָפן איבערן גלאַטן שאָסיי, צווישן אָפענע פעלדער, דאָ ווינטערדיק פאַרטריקנטע, דאָ פריש צעאַקערטע — אַלץ מער האָט אָפּגעלאָזט דער טעמפּער דרוק פונעם האַרצן, אָפּגעטראָטן זיין אָרט דער מילדער מחשבה, דער באַרואיקנדיקער פאַרטראַכטקייט. און אָט האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן, איינס נאָכן אַנדערן, איינס איבערן אַנדערן, די בערג פון יהודה. דער אויטאָמאָביל האָט גענומען קלעטערן פאַמעלעך העכער און העכער, און פאַר די אויגן האָט זיך צעוויקלט אויף רעכטס און אויף לינקס אַן אויסטערלישע פּאַנאָראַמע פון וויסטע נאַקעטע קיילעכיקע בערג, וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי אַלט־פאַרטראַכטע קעפּ, באַדעקטע מיט גרויען שימל, פאַרזונקען אין טיפן שווייגן, באַלויכטענע פון דער איינזאַמען גליענדיקער זון ווי מיט אַ שטומען געטלעכן טרויער, וואָס איז דאָ פאַרגליווערט געוואָרן אין דער ווייטקייט פון דורות. און שטיינער, אָנגעהאָגלטע ווייסע שטיינער, אויך ווי שטומע עדות פון אַ לאַנג־געשעענער געטלעכער צעשטערונג, זענען געלעגן אויסגעשאָטן אויף די בערג — אויף זייערע באַלויכטענע הויכע קעפּ, אויף די באַשאָטנטע משופּעדיקע נידערן און אין די ברייטע טיפע ווייך־געבויגענע טאָלן. פון דעם שאָפערס אָפענעם פענצטערל האָט אַריינגעבלאָזן אַ שטאַרקער פראָסטיקער ווינט, נאָר די לופט איז געשטאַנען אַ קלאָרע, אַ זוניקע, אַ זומערדיק־שטילע, און דאָס האָט נאָך מער פאַרטיפט דעם צויבער פון דער דאָזיקער הויך־אָפּגעשיידטער אַלטער וועלט. מנוחין האָט אַרויסגעקוקט פוןביידע פענצטער אַ פאַרגאַפטער. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דאָס וואָס ער זעט דאָ פאַר די אויגן האָט ער שוין איינמאָל ערגעץ געזען — ווו? אין דער ווייטער קינדהייט? אין דמיון? אין חלום?... ער האָט שוין דאָס אָבער געזען — געזען קלאָר די קיילעכיקע פאַרטריקנטע אַלטע בערג, דאָס שטילע טרויעריקע ליכט, וואָס שימערט איינזאַם איבער זייערע נאַקעטע קעפּ, דעם האָגל פון שטיינער... און ניט נאָר ער האָט דאָס געזען — ער האָט שוין אַמאָל אויך געפילט דעם זעלבן נאָגנדיקן זיסן טרויער, וואָס איז אים דאָ פּלוצים באַפאַלן. און ניט איין מאָל האָט ער דאָס געפילט, נאָר אַ סך מאָל, אין פאַרשיידענע צייטן, אין די בעסטע מאָמענטן פון זיין גייסטיקער דערהויבונג, פון זיינע פאַרטיפטע טראַכטונגען און זעאונגען. אָט אַזוי, אין אַזאַ פאַרשטומטן

געטלעכן טרויער, אין אַזאַ איינזאַם־געהויבענער ליכטיקייט, האָט ער תמיד, פון די סאַמע חדר־יאָרן, געזען דעם חורבן, די צעשטערטע פּראַכט פון זיין פאָלק, וואָס לעבט אייביק אין איר צעשטערונג, די פאַראייניזאַמטע יידישע שכינה, דעם גליענדיקן נצח ישראל... „ווי וויסט, ווי פאַרטרויערט און ווי פאַרטאַיעט־וואַכיק דאָס איז! גאָטס לעבעדיק אויג דרעמלט דאָ ניט, קוקט נאָך אַלץ אויף דעם מיט רחמנות און מיט האָפענונג!"... — האָט מנוחין איצט מער געפילט ווי געטראַכט, און פון אַזעלכע וואַרעמע מחשבות האָט זיין אייגענער, פּערזענלעכער קאַלטער אומעט זיך אָנגעהויבן אויס־וועפּן, זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט, געוואָרן קליין און אומוויכטיק.

אויך ביים אַריינפאָר אין ירושלים, דורכשניידנדיק אין אויטאָמאָביל די ערשטע עטלעכע גאַסן, האָט זיך מנוחינען אַלץ געדאַכט, אַז ער זעט פאַר זיך שוין אַ לאַנג־געזעענע וועלט: גרוי־געלבלעכע שטיינערנע הייזער מיט בית־מדרשדיקע פענצטער, טונקעלע יידישע געטאָ־קלייטלעך, הויך־געמויערטע מיטלאַלטערלעכע שטיינערנע פּאַרקאַנס, אויסגעווייקטע פּנימער פון חסידישע יונגעלייטלעך אין לאַנגע שמאָלע געשטרייפטע כאַלאַטן, אַ געדרענג פון יידן מיט אַראַבער, מיט אייזלען און מיט קעמלען, אין שמאָלע געסלעך, אין פינצטערע געוועלבטע פּאַסאַזשן, אויף שמאָלינקע שטיינערנע טראָטואַרן — פון אַלצדינג האָט אָפּגעגעבן מיט עפּעס, וואָס איז זייער אַלט און נאָענט צום האַרצן פון פאַרגאַנגענע יאָרן, פון פאַר־געסענע זעאונגען און חלומות. אַפילו די קילע ווינטערדיקע לופט אונטער דער הויכער זון, וואָס האָט זיך דאָ גלייך געלאָזט מערקן, ווי אַ שאַרפער איבערבייט נאָך דער תל־אביבער זומערדיקער וואַרעמקייט, האָט עפּעס צוגעגעבן צום דאָזיקן געפיל: עס האָט אַ שמעק געטאָן מיט אַ היימיש־ליטווישן פרעסטלדיקן פרימאָרגן אום סליחות־צייט אין די קינדער־יאָרן.

אויף שדה־לבנס עצה און טעלעפאָנישער באַשטעלונג, איז מנוחין פאַר־פאָרן אין אַ קליינעם שטילן פּאַנסיאָן, וואָס ווערט אויפגעהאַלטן פון אַן אַלמנה מיטן נאָמען בר־כהן — „דאָרט ווו עס שטייען־איין אונדזערע פּראָפעסאָרן, ציוניסטישע גדולים און גלאַט אייגענע מענטשן", ווי שדה־לבן האָט רעקאָמענדירט. פון „אייגענע מענטשן" האָט מנוחין, אין זיין איצ־טיקער שטימונג, זיך געהיט, נאָר אַזוי ווי אין ירושלים האָט ער קיין באַקאַנטע ניט געהאַט, איז די סכנה ניט געווען אַזוי גרויס. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן שאָפער אין דער טיפעניש פון אַן אויסטערלישן אַלטן הויף, אַ הויף־פאַרמויערטן פון אַלע זייטן, ווי אַ פעסטונג, אַן אויסגע־

פלאַסטערטן מיט אַלטע קנאַכיקע גליטשיקע ירושלימער שטיינער, דאָרט אַרויפגעשטיגן אויף הויכע טרעפּ, געבויטע פון די זעלבע גליטשיקע שטיינער, און אַריינגעפאַלן אין אַ לאַנגן פינצטערלעכן קאָרידאָר, וואָס האָט מיט זיין הויכקייט און גראַמטקייט און מיט די קאַלטע שטיינערנע ווענט געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ „פּאַליש״ אין אַ פּאַרצייטיקער קאַלטער שול. די באַלעבאָסטע פונעם פּאַנסיאָן, גברת בר־כהן, אַ מיטליאָריקע דאַמע, אַ שלאַנקע, אַ בלאָנדע, שוין מיט גרויע פּאַסמעס אין די האָר און מיט ווייך־פאַרזאָרגטע אויגן, האָט אים באַגעגנט אויף אַ גוטן מאַנסבילשן העברעאיש, מיט אַ באַזונדערער פריינדלעכקייט, מיט וועלכער מע באַגעגנט אַ מענטשן פון דעם אייגענעם קרייז:

— מסתמא דאָקטאָר מנוחין פון תל־אביב? ברוך בואך לירושלים! שדה־לבן האָט מיר טעלעפאָנירט וועגן אייך.

זי האָט אים אַריינגעפירט אין אַ גרויסן רחבותדיקן עס־זאַל, אויך אַ פינצטערלעכן, און אים באַקענט מיט איר אַלטער שוויגער, אַ בכבודיקע יידענע אין שוואַרצן, אין אַ שייטל און אין אַ הייבל, וואָס איז געזעסן איינע אַליין ביים לאַנגן עס־טיש איבער אַ גראָבן „קרבן־מנחה״. מפסיק זיין אינמיטן דאַוונען האָט די אַלטע ניט געקאָנט — האָט זי דעם גאַסט נאָר אָנגעקוקט דורך די ברילן מיט וואַרעמע, לעבעדיקע אויגן און זיך צע־שמייכלט מיט פרום־שעפּטשענדיקע ליפּן און מיט אַלע גוטע קנייטשן אויפן אַלטן פנים, פון וואָס מנוחין האָט זיך דערפילט מאָדנע גערירט.

— פּאַטמאַ! — האָט אַ זאָג געטאָן די יינגערע באַלעבאָסטע.

פּאַטמאַ, אַן אַראַביש דינסטמיידל, האָט דאָ געוואַשן דעם שטיינערנעם דיל. זי איז פלינק אומגעקראָכן אויף די קני מיט אַ נאַסער שמאַטע, געצויגן זיך צו אַלע ווינקלען אין דעם ברייטן הויך־פאַרשטעקטן קליידל איבער די לאַנגע הויזן, פון וועלכע עס האָבן זיך נאָר אַרויסגעזען די גרויסע פלאַכע מאַנסבילשע פּיאַטעס פון אירע באָרוועסע פיס. דערזען, ווי די צוויי באַלעבאָסטעס האָבן מיט אַ באַזונדער פריינדלעכן רעספּעקט אויפגענומען דעם נייעם, שיינעם גאַסט, האָט זי, ווי אַ געטרייע שטוב־חיה, גוטמוטיק אַ גלאַנץ געטאָן אויף אים פון אונטן אַרויף מיט די הייסע שוואַרצע מאַנדל־אויגן, שנעל זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס, אַפּגעלאָזט דאָס ברייט־געפאַלדעוועטע קלייד, וואָס האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי אַ קרי־נאָלינע, און אַ כאַפּ געטאָן פון זיין האַנט די שווערע לעדערנע וואַליזע. מנוחין האָט זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן. קיין פּראָפעסאָרן האָט מען

דערווייל ניט געזען. ס'איז שוין געווען נאָך פרישטיק, און די הויכע ווייסע טירן, וואָס האָבן געפירט אין די נומערן פונעם פּאַנסיאָן, זענען געשטאַנען אַלע פאַרמאַכט. עס האָט אויסגעזען ווי אַן אַלטע גוטע היימישע אַכסניה, און די בשותפותדיקע פריינדלעכקייט פון די דריי פאַרשיידענע פרויען האָט באַרואיקט זיין אויפגערעגט געמיט.

געבליבן אַליין אין אַ גרויסן צימער, אַ קאַרג מעבלירטן, נאָר אַ ריין־צוגעקליבענעם, מיט צוויי ווייס־געדעקטע בעטן, האָט ער זיך אַוועקגע־שטעלט אין אַ פאַראייניזאַמטער פּאָזע, פינצטער אַ שמייכל געטאָן און זיך געפרעגט מיט שפּאָט:

— נו, וואָס טוט מען ווייטער, נודנער מענטש?...

ער האָט זיך מיט אַ מאָל דערפילט אויסגעליידיקט פון געדאַנקען, פון פאַרלאַנגען, פון אַ וועלכן־עס־איז תכלית, אפילו פון דעם שאַרפן ווייטאָג, וואָס האָט אים געטריבן אַהער פון תל־אביב און איז אויפן וועג ווי אויסגערונען. ער האָט זיך אויף דעם טיף פאַרחידושט און אָנגעהויבן חושד זיין זיך אַליין, אַז ער איז געלאָפן אַהער ניט פון ווייטאָג, נאָר פון עפּעס אַנדערש. ער וויל זיך פּשוט באַפרייען פון זיין בונד מיט יהודיתן, ווי פון אַ פרעמדן פּלאָנטער, און ער האָט זיך דערפרייט מיט דער געלעגנהייט פון דעם ערשטן סיכסוך צווישן זיי ביידן. ער האָט זיך דערפרייט און אויך דערשראָקן — דערשראָקן זיך פאַר דער פוסטקייט, וואָס וועט קומען דערנאָך...

וואָס־זשע טוט מען ווייטער? נאָך וואָס איז ער געקומען אַהער?... ער האָט אומגעשפּרייזט איבערן צימער, אַרויסגעקוקט פונעם פענצטער אויף די ירושלימער דעכער און שפּיציקע טורעמס, וואָס האָבן זיך אים פּלוצים באַוויזן ווילד־פרעמד, ווייט פון הארץ, גאַרניט אַזוי, ווי ער האָט עס ערשט געזען ביים אַריינפאָר, אַ בלעטער געטאָן אויפן טיש עפּעס אַ העב־רעאיש בוך, וואָס האָט ביי אים גלייך אַרויסגערופן אַ ווידערגעפיל מיט דעם ניימאָדישן, האַרטן, אומנאַטירלעכן לשון. לסוף האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט ביי דער וואַנט און גענומען באַטראַכטן אַ סערטיפיקאַט פון דעם נאַציאָנאַל־פאָנד, פון דעם „גאָלדענעם בוך”, וואָס איז געהאָנגען איינ־געפאַסט אין אַ געגילטער ראַם. דאָס איז געווען אַ געשאַנק פון אַ פּראָ־ווינציעלן ציוניסטישן פאַראיין אין רוסלאַנד, אין די יאָרן וואָס פאַר דער מלחמה, צו איינעם מיטן נאָמען יצחק בר־כהן — ווייזט אויס, דער פאַר־שטאָרבענער מאַן פון דער בלאָנדער דאַמע. דער דאָזיקער נאָמען האָט אין

מנוחינס פאַרשטעלונג אַרויסגערופן דאָס געשטאַלט פון אַ יונגנמאַן מיט אַ שוואַרצן זיידענעם בערדל, מיט אַ פרום־האַרציקן פנים און לעבעדיקע, גוטע אויגן, ווי ביי דער אַלטער באַלעבאָסטע, אַ הייסן גלויביקן טוער פאַרן ציוניזם, וואָס אויס אָנערקענונג צו זיין אַרבעט האָט אַן אָרעם יידיש שטעטל זיך צונויפגעלייגט מיט גראָשנס און אים פאַראייביקט אין דעם „גאָלדענעם בוך״ פון זיין פאָלק. אַ מענטש האָט עפּעס אויפגעטאָן אויף זיין לעבן, איז נאָך אים געבליבן אַן אָנדענק... און ער וואָס טוט? ער טוט נאָר און טראַכט, גריבלט זיך אין ספקות, אַנטלויפט פון לעבן. אָט איז ער געקומען קיין ארץ־ישראל און זיך אָנגעצונדן מיט חשק צו אַ נייעם וווּנדערלעכן לעבן, געגרייט זיך חתונה האָבן, פלאַנצן אַ פרדס, בויען אַ „מקור חיים״ — האָט ער זיך פלוצים דערשראָקן און איז אַנטלאָפן דערפון, און ווייסט שוין ווידער ניט וואָס צו טאָן מיט זיך, שטייט און לייענט פרעמדע פאַפירן וועגן פרעמדע גוטע מעשים...

די באַלעבאָסטע האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און איז אַריינגעקומען.

— אַנטשולדיקט, דאָקטאָר מנוחין, — האָט זי זיך געווענדט צו אים אין פריינדלעך־נייגעריקן טאָן, ווי צו אַ מענטשן פון דעם אייגענעם קרייז, — פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש ווייסט, אַז איר זענט אין ירושלים?

— פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש? וואָס הייסט? האָט מנוחין געפרעגט פאַרוווּנדערט.

— ער איז, דאַכט זיך, אייערער אַן אַלטער חבר. ער האָט דאָ די טעג דערציילט פון אייך פאַר אונדזערע פּראָפעסאָרן... אויב איר ווילט, קאָן איך אים טעלעפאָנירן אין אוניווערסיטעט, וועט ער קומען...

— חלילה! — האָט זיך מנוחין דערשראָקן. — מע דאַרף אים ניט מטריח זיין... און איך אַליין בין אויך באַשעפטיקט...

— עס גייט דאָך אָבער צו שבת!

— ניין, לאָזט אים בעסער צורו. איך האָב ניט ליב צו באַמיען אַרום זיך פּראָפעסאָרן אין אַ פרעמדן אָרט... יאָ, זאָגט מיר, ווער איז דאָ ביי אייך פאַרשריבן אינעם „גאָלדענעם בוך״? — האָט מנוחין אַ פרעג געטאָן, כדי אָפּצווענדן זי פון דעם געדאַנק וועגן ראַבינאָוויטשן.

— דאָס איז מיין זעליגער מאַן, עליו השלום, — האָט די באַלעבאָסטע געזאָגט, אָנקוקנדיק מנוחינען מיט ערנסטע, ווייך־פאַרזאָרגטע אויגן.

— ער איז געווען אַ ציוניסטישער טוער?

— צי ער איז געווען אַ ציוניסטישער טוער? איר וועט פרעגן פראַ־

פּעסאָר ראַבינאָטשיקן, וועט ער אייך דערציילן. ער האָט אים גוט געקענט... נאָר וואָס איז דאָ צו רעדן? ס'איז אים ניט באַשערט געווען צו דערלעבן דאָס, פאַר וואָס ער האָט זיין לעבן אַוועקגעגעבן... אַוודאי האָט ער זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז זיין ווייב וועט דאַרפן האַלטן אין דער הייליקער שטאָט ירושלים אַ פּאַנסיאָן... פון דעסטוועגן, דאָקטאָר, — האָט זי זיך אומגעקערט צום פריערדיקן, — וועל איך דאָך טעלעפאָנירן צום פּראָפע־סאָר. אַז ער וועט זיך דערוויסן, וועט זיך טאָן מעשים — ער וועט דאָס מיר קיינמאָל ניט מוחל זיין...

מנוחין האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט פאַרצווייפלט, ווי איינער זאָגט: „זאָל עס גיין ווי עס גייט — איך בין סיי ווי אַ פאַרפאַלענער מענטש!"...

קאַפּיטל פיר און פערציק

## עולם התוהו

דעם גאַנצן פרייטאָגדיקן טאָג אין ירושלים האָט מנוחין פאַרבראַכט אין אַ נעבלדיקן צושטאַנד, אין איינזאַמער פאַרלאָרנקייט, געהאַט דאָס געפיל פון איינעם, וואָס זיין שיף איז געבליבן אָן אַ רודער און שווימט ערגעץ אָן אַ ציל, אויף גאָטס באַראָט.

ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן מיט זיך אין זיין גרויסן פּוסטן האָטעל־צימער, איז ער אַרויס אין גאַס, אַריינגעזעצט זיך אין אַ טעקסי און געהייסן זיך פירן סתם איבער דער שטאָט, צו די צוואָרפענע ירושלימער קוואַרטאַלן, אַלטע און נייע, אין דער הויך און אין דער נידער, ווו עס האָבן זיך געמישט פאַר זיינע אויגן אַלערליי זעאונגען און געשטאַלטן, גע־ווינלעכע און אויסטערלישע, יידן און אַראַבער; אייראָפּעער און מידבר־מענטשן, באַוואָקסענע אַרמענישע גלחים און ענגלישע סאָלדאַטן, ווו עס האָבן אָפּט פאַרשטעלט דעם וועג לאַנגע קאַראַוואַנען פון קעמלען, און געיאָגטע טשערעדעס ציגן האָבן מיט זייערע איילנדיקע פיסלעך אויפ־געהויבן אין דער דורכזיכטיקער זוניקער לופט וואָלקנס מיט דינעם ווייסן שטויב. דער יונגער יידישער שאָפער האָט בשום אופן ניט געקאָנט תופס זיין דעם כאַראַקטער פון זיין פּאַסאַזשיר, וואָס האָט געמאַכט

דעם אײַנדרוק פֿון אַ רײַכן אַמעריקאַנער טוריסט און האָט פֿון דעסט־וועגן געדעדט העברעאיש אָן דער מינדסטער אָנשטרענגונג. ער האָט חושד געווען, אַז דאָס דאַרף זײַן אַ „ראַבאַי", פֿון יענעם מין אַמעריקאַנער „ראַבאַיס", וואָס זעען־אויס מער גויאיש ווי יידיש, און ער האָט אים דעריבער געוואָלט פֿירן אויפֿן הר־הצופים, צו דער העברעאישער אוניווער־סיטעט, וווהין אַלע „ראַבאַיס" מאַכן זייער ערשטן וויזיט אין ירושלים, נאָר מנוחין האָט צעשטרויט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. האָט אים דער שאָפער אויף זײַן אייגענער אחריות געבראַכט צו דער מוטער רחלס קבר, וואָס אויפֿן וועג צו בית־לחם, פֿון דאָרט געפֿירט אים צו נאָך פֿאַרשיידענע אַלטע קברים און געמויערטע היילן, צום פֿאַרשאָטנטן פֿינצטערלעכן „יד אבשלום" און צום אָפֿענעם ליכטיקן „הר־הזיתים", ווו מנוחין האָט געקלעטערט אונטער דער שטאַרקער הייסער זון איבער אַלטע גליטשיקע שטיינערנע טרעפּלעך, געבלאָנזשעט צווישן פֿאַר־טריקנטע, פֿאַרבאַקטע קברים מיט האַלב־אָפּגעמעקטע קרומע פֿאַרזונקענע מצבות. ער איז געשטאַנען אויפֿן שפּיץ באַרג אײנער אַליין, אין טיפֿער אײנזאַמקייט, געקוקט פֿאַרווירט אויף דער פּראַכט פֿון ירושלים, וואָס האָט זיך דאָ אַנטפּלעקט אינגאַנצן מיט אירע זוניקע הויכקייטן און חושכדיקע נידערן, מיט אירע הימלדיק־פֿאַרטראַכטע שלאַנקע טורעמס און מיט די פֿינצטערלעך־באַלויכטענע משופּעדיקע פֿעלדזן־ווענט, באַוויזן זיך פֿון אַלע זייטן מאָדנע נאָענט און דייטלעך, און דאָך ווייט און אומבאַגרייפֿלעך, ווי אין אַ חלום. דאָס אַלץ האָט אויסגעזען ווונדערלעך פֿאַרן אויג, אויך אַנרעגנד פֿאַרן געדאַנק, נאָר פֿרעמד און וויסט פֿאַרן עלנטן האַרצן, וואָס איז איצט געווען צערודערט פֿון עפּעס אַנדערש. ער האָט זיך אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט, לויט זײַן געוווינהייט אין אײנזאַמע מינוטן צוגעמאַכט די אויגן, ווי ער וואָלט וועלן באַגרייפֿן זײַן אייגענע לאַגע אין דער דאָזיקער אומגעבונג, אַרײַנגעפֿאַלן אין פֿאַרגעסנקייט, און אַז ער האָט צוריק געעפֿנט די אויגן, האָט ער זיך אומגעקוקט ווילד און האָט אויפֿגעשוידערט: וואָס טוט ער דאָ, אויף אָן אַלטן פֿאַרטריקנטן בית־עולם, נאָך די לעצטע צוויבערלעכע וואָכן, וואָס ער האָט דורכגעלעבט מיט יהודיתן? וואָס יאָגט ער זיך אום אַ גאַנצן טאָג צווישן קברים, לויפֿט פֿון די לעבעדיקע צו די טויטע?... ער האָט איראָניש־באַטריבט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף זיך אַליין, אַראָפּגעלאָזט זיך פֿונעם באַרג צום אויטאָמאָביל און גע־הייסן זיך פֿירן צוריק אין פּאַנסיאָן.

אין פּאַנסיאָן האָט דער עולם שוין אָנגעהויבן זיך אויסזעצן אַרום דעם לאַנגן עס־טיש צו מיטאָג. גבֿרת בר־כהן, וואָס האָט אַליין דערלאַנגט צום טיש, האָט מנוחינען באַקענט מיט די סאַמע חשובֿע פֿון אירע פּאַנסיאָנערן, צווישן זיי אַן אַלט פּאָרפּאָלק פֿון דרום־אַפֿריקע, וואָס האָבן גערעדט צווישן זיך ענגליש מיט דער ליטווישער „סין", און סך־הכּל איין פּראָ־פֿעסאָר. דערביי האָט גבֿרת בר־כהן געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו אינפֿאָרמירן איר נייעם גאַסט, אַז זי האָט ביי זיך אין פּאַנסיאָן נאָך צוויי פּראָפֿעסאָרן, נאָר אַזוי ווי יענע זענען יונגעלייט, זענען זיי אַוועקגעפֿאָרן אויף שבת קיין תּל־אָבֿיבֿ — דאָרט איז פֿריילעכער. מנוחין האָט ניט־ווילנדיק אַ טראַכט געטאָן מיט פֿיינלעכער קנאה פֿון יענע צוויי אומבאַקאַנטע, נאָר גליקלעכע יונגעלייט, וואָס זענען מיט פֿריילעכע הערצער געפֿאָרן אויף שבת אין דער ליכטיקער וואַרעמער תּל־אָבֿיבֿ, אין דער צייט וואָס ער איז מיט אַ שווערן האַרצן געקומען אויף שבת אין דער קאַלטער און פֿרעמדער ירושלים, זיצט דאָ, ווי אַן עלנטער נאַר, אין דעם אומגעלומ־פּערטן, לאַנגן, קאַלטן עס־זאַל, צווישן ווילד־פֿרעמדע פּאַרשוינען, מוז אויס־הערן פֿון דעם אַלטן אַפֿריקאַנער פּאָרפּאָלק אַ שווידערלעכן ענגליש, וואָס גרילצט אים איבער דער נשמה ביז צום חלשן.

מער פֿון אַלץ האָט אים אויפֿגערעגט ביים טיש דער איין־און־איינ־ציקער פּראָפֿעסאָר. דאָס איז דווקא געווען אַ באַוווּסטער פֿאָרשער אויפֿן געביט פֿון „חכמת־ישׂראל", נאָר מנוחין האָט איצט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין ווי אַזוי קאָן דאָס היינטיקע צייטן אַ פּראָפֿעסאָר, אַ וויסנשאַפֿטסמאַן, זיין אַ פֿרומער ייד אין אַ סאַמעטענער יאַרמלקע מיט אַ קנאָפּ, וואָס גייט זיך וואַשן צום עסן מיט אַ קופּערנער כּלי, טונקט דאָס ברויט אין זאַלץ און מאַכט „המוציא" מיט פֿאַרמאַכטע אויגן? אַליין אויפֿגעוואַקסן אין אַ האַלב־רבנישער שטוב, און אין האַרצן נאָך שטאַרק פֿאַרבונדן דורך טיף־פֿאַר־וואָרצלטע סענטימענטן מיט דער אַלטער פֿרומער וועלט, איז אים איצט די דאָזיקע וועלט פֿלוצים געוואָרן מאָדנע פֿרעמד, פּשוט פֿריקרע. דאָס איז זי דאָך, די דאָזיקע פֿאַרשימלטע, האַלב־טויטע וועלט, אין אַלץ שולדיק — זי האָט אויסגעפֿורעמט זיין בודנעם, אומגליקלעכן, צום לעבן אומפּעאיקן כאַראַקטער!... ניט אומזיסט חלומט זיך אים אָפֿט אין זיינע נאַכט־קאָשמאַרן, ווען אויפֿן האַרצן איז אים באַזונדער שווער, אַז ער געפֿינט זיך אין דער אַלטער היימישער שול, צווישן יידן אין טליתים, אָן אַ היטל. עס ליגט אים עד היום אינעם בלוט. אָט זיצט ער איצט אויך אַקעגן דעם פּראָפֿעסאָר־

אין דער יאַרמלקע און פּילט מיט אַלע חושים, אַז ביי אים איז דער קאָפּ נאַקעט, אַזש אַ קעלט גייט אים אַריבער. שיין וועט זיין, ווען דער דאָזיקער שוואַרץ־באָרדיקער פינצטערער תלמיד־חכם, וואָס רעדט מיט אַזאַ ביטול וועגן די אַמעריקאַנער יידישע געלערנטע, וועט צו אים מיט אַ מאָל אַ ווונק טאָן, ער זאָל נעמען אויפן קאָפּ דעם הוט און צוזאַמען מיטן אַפּ־ריקאַנער יידן בענטשן זאַלבעדריט מזומן... ער איז אַנטלאָפן פון יהודיתן אין דער הייליקער שטאָט ירושלים, נאָר כדי צו בענטשן מיט אַ מזומן!...

ס׳איז אָבער דערצו ניט דערגאַנגען. נאָך איידער מע האָט געענדיקט דעם מאָלצייט, איז אַריינגעלאָפן אין עס־זאַל, ווי אַ פרישער ווינט פון דרויסן, פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש — אַ ליכטיקער, אַ פריילעך־איבער־ראַשטער, מיט פאַררויטלטע באַקן. ער האָט אויסגעשפּרייט די הענט צו מנוחינען, פונקט ווי ער וואָלט אים ערשט איצט באַגעגנט אויפן רעכטן אמת נאָך זייער לאַנגער צעשיידונג זינט די סטודענטישע יאָרן. ער איז אויף אים אָנגעפאַלן מיט אַ וואַרעמען חברשן פאַרוואורף, למאי ער האָט אים ניט געגעבן צו וויסן אויפן טעלעפאָן גלייך אין אוניווערסיטעט, אַז ער קומט קיין ירושלים, און למאי ער איז ניט פאַרפאָרן פראָסט צו אים, ווי צו אַן אַלטן גוטן חבר, הגם — האָט ער אויסגעדרייט דאָס ליכטיקע פּנים צו דער מאַדאַם בר־כהן — ער מיינט חלילה דערמיט ניט צו קאָנ־קורירן מיט דער ליבער גברת בר־כהן און אָוועקנעמען פון איר אַזאַ חשובן גאַסט, ווי דאָקטאָר מנוחין. אָבער זיין ביי אים אַן אורח אויף שבת האָט ער דאָך געוויס געמעגט! איצט, צום באַדויערן, איז שוין צו שפּעט. וואָרים זיין ווייב, גברת ראַבינאָוויטש, איז זייער אַ פּינקטלעכע ווירטין, זי האָט ליב אויפצונעמען געסט מיט אַלע נייטיקע הכנות, בפרט אַזאַ גאַסט ווי מנוחין, וואָס זי איז געווען זיינע אַ באַהאַלטענע חסידה נאָך אַמאָל, אין די בערלינער יאָרן...

מנוחין, ווי מאָדנע ס׳איז פאַר אים אַליין ניט געווען, האָט זיך דערפרייט מיט ראַבינאָוויטשן. אין זיין איינזאַמער געפאַלנקייט האָט זיך אים באַוויזן עפּעס אַן אָנשפּאַר, אַ באַקאַנטער פריינדלעכער מענטש, וואָס רעדט צו אים וואַרעמע ווערטער.

— איך מוז מיך מודה זיין, צו מיין גרויסער חרפה, — האָט ער זיך אָנגערופן שוין מיט אויפגעלעבטן מוט, — אַז איך האָב גאָרניט געוווּסט, אַז איר האָט פאַר דער צייט חתונה געהאַט און ס׳איז שוין דאָ אויף דער

װעלט אַ גברת ראַבינאַטשיק. װער זשע איז אײַער גליקלעכע פּרוי, װאָס איז דערצו נאָך מײַנע אַ געװעזענע חסידה?

— אַהאַ, טרעפֿט! — האָט ראַבינאַטשיק געזאָגט מיט פֿרײלעכער שפּי־לעװדיקייט. — גברת בר־כהן, למען השם, זאָגט ניט אױס! איך װיל אים מאַכן אַ סורפּריז, אַז ער װעט קומען צו מיר!...

ער איז געװען שטאַרק אױפֿגעלײגט און זײער צוגעלאָזט צו מנוחינען, גאָרניט װי בײַ דער ערשטער באַגעגעניש אין תל־אביב, װען ער האָט מיט אים געפֿירט אַ שטילן קאַמף פֿאַר דער אױפֿמערקזאַמקייט פֿונעם עולם. דאָ, אין זײַן אײגענער שטאָט ירושלים, װוּ ער איז אַן אָנגעזעענער מענטש, אַ זיכערער אין זײַן לאַגע, שױן אַ פּראָפֿעסאָר, האָט ער זיך באמת דערפֿילט גליקלעך מיט זײַן אַמאָליקן חבר, װאָס איז אױך אַן אָנגעזעענער מענטש אױף זײַן געביט און אין זײַן לאַנד, געװאָלט אים אַרױסװײַזן די גרעסטע מאָס גאַסטפֿרײַנדלעכקייט, דעם פֿײַנסטן אױפֿריכטיקן חברשן טאָן, און זאָל יענער זען, װאָס פֿאַר געהױבענע מענטשן די ירושלימער פּראָפֿעסאָרן זענען! ס'איז אָבער געװען ערב שבת, ער האָט נאָך געהאַט זײער װיכטיקע בריװ צו שרײַבן, ענטפֿערן אױף די אומצאָליקע ברכות, װאָס הערן ניט אױף צו קומען פֿון אַלע עקן לאַנד צו זײַן התמנות אַלס פּראָפֿעסאָר אין דער העברעאישער אוניװערסיטעט, — האָט ער זיך געאײַלט אַהײם.

— הכלל, חביבי, — האָט ער אָפּגערעדט מיט מנוחינען, פּאַטשנדיק אים חבריש, מיט אַ שפּרונג־אונטער, אױף זײַן הױכער פּלײצע, — הײַנט אין אָװנט קומט איר צו מיר אױף טײ, װעל איך אײַך באַקענען מיט אונדזער גײַסטיקער משפּחה, מיט מײַנע חברים־פּראָפֿעסאָרן. גברת בר־כהן װעט אײַך שױן ברענגען צו אונדז. ס'איז ניט װײַט פֿון דאַנען. איך זיץ אין אונדזער נײַעם קװאַרטאַל „רחביה" — דרך אגב, אַ װוּנדערלעכע פּרעכטיקע געגנט. אָדער נאָך בעסער — איך װעל שיקן מײַן זון אײַך נעמען!

— איך זע, — האָט מנוחין זיך אָנגערופֿן, — אַז איר האָט זיך גענומען הײַנט מיך צו איבעררעשן אײנס נאָך דאָס אַנדערע. — האָט איר שױן, הײסט עס, אױך אַ דערװאַקסענעם זון.

— צװײ זין, מײַן ליבער פֿרײַנד! — האָט ראַבינאַטשיק געזאָגט מיט פֿאָטערלעכן שטאָלץ. — צװײ בחורים װי די צעדער, בײדע גימנאַזיסטן, מײַנע אײגענע תלמידים. דער עלטערער איז מיט אַ קאָפּ העכער פֿון מיר!...

— טײַערע קינדער, קײן עין־הרע, אַ ברכה צו מאַכן אױף זײ! —

האָט גברת בר־כהן צוגעגעבן מיט אַ קרובישן שמייכל אין די ווייך־פאַר־זאָרגטע אויגן. — עפּעס אַ קלייניקייט, אלעזר ואיתמר!

— אלעזר ואיתמר? — האָט זיך מנוחין נאָך מער געחידושט. — אַ נאָמען נאָך אהרן הכוהנס זין?

— אַ ביסל יאָ און אַ ביסל ניט, — האָט ראַבינטשיק דערקלערט מיט אַ ליכטיקן פּנים. — דער עלטערער איז אַ נאָמען נאָך מיין פאָטער רבי אלעזר, זכרונו לברכה, — געווען אַ דיין ומורה־צדק ביי אונדז אין שטאָט, אַ גרויסער למדן און אויך אַ גרויסער בעל־דיקדוק, כמעט אַ משׂכיל... דורך אַגב, — האָט ער זיך געווענדט צו אַלע, וואָס זיצן ביים טיש, ווי באַטאָנענדיק אַ זאַך, וואָס פאַרדינט אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט — איך האָב פון אים אַ סך געירשנט — פאַרשטייט זיך, איך האָב עס איבערגע־קאָכט אויף מיין שטייגער, אין מיין אייגענער מאָדערנער לאַבאָראַטאָריע... יאָ, — איז וויבאַלד מיין עלטערער זון הייסט אלעזר, האָב איך שוין דעם יינגערן אַ נאָמען געגעבן איתמר, בפרט אַז מיר זענען טאַקע כוהנים, דירעקטע אור־אייניקלעך פון אלעזר ואיתמר, וואָרעם נדב ואביהוא זענען דאָך פאַרברענט געוואָרן... אַ גליקלעכער צופאַל, ניט אַזוי? עס ליגט אָבער אין דעם אויך אַ טיפע כוונה. מיר זענען געקומען קיין ארץ־ישׂראל איבערצוחזרן נאָך אַ מאָל אונדזער אַלטע העראָאישע געשיכטע מיט אַלע אירע אַטריבוטן, אויך מיט די גרויסע גלאָררייכע נעמען פון דער ביבל. איך, אַלס ביבל־פאַרשער, פיל די דאָזיקע פליכט מער, ווי יעדער אַנדערער.

איצט האָט מנוחין געהאַט פאַר זיך עפּעס אַ ציל אין ירושלים: ער האָט געוואָרט אויפן אָוונט, ווען ער וועט זיך באַקענען מיט ראַבינטשיקס פאַמיליע. בלאָנזענדיק אין דער קאַלטער קלאָרער פאַרנאַכטיקער לופט איבער די ירושלימער גאַסן, ווו יידישע קלייטן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו שליסן און יידן אין לאַנגע פאַרביקע כאַלאַטן, מיט אויסגעצוואָגענע בערד און פּיאות, האָבן ווי פייערלעכע העראָלדן פון שבת זיך דורכגע־שלייכט דורך דעם יונגן שפּאַצירנדיקן עולם, האָט ער נאָך טיפער דער־פילט זיין עלנט. עס האָט אים אַלץ ניט אָפּגעלאָזט דער געדאַנק, אַז אָט אפילו ראַבינטשיק האָט שוין צוויי דערוואַקסענע זין, צוויי גימנאַזיסטן, דורך וועלכע ער חזרט איבער די אַלטע געשיכטע פון זיין פאָלק, און נאָר ער, דער אַמאָליקער טרוימער פון „נצח ישׂראל", דרייט זיך נאָך אַלץ אום איינער אַליין אין עולם־התוהו...

פרייטאָג־צו־נאַכטס, ביים פריש־געדעקטן טיש מיט די צוויי גרויסע

חלות, האָט מנוחין שוין געמוזט אָנטאָן דעם הוט. דער שוואַרץ־באָרדיקער פּראָפעסאָר אין דער יאַרמלקע האָט געמאַכט קידוש, און ביידע באַלע־באָסטעס, די אַלטע און די יונגע, אויסגעפּוצטע לכבוד שבת, אויך דער אַפריקאַנער ייד, מיט אַן אַרויפגעכאַפּטן סערוועטל אויפן קאָפּ, האָבן פרום געענטפערט אָמן. נאָכן מאָלצייט, פּונקט צו דער מינוט, האָט זיך אין עס־זאַל באַוויזן אַ יונג בחורל פון אַ יאָר פופצן, אַ הויכגעוויקסיקער, אַ שוואַרץ־חנעוודיקער, מיט אַן ערנסטן אויסדרוק אויפן פּנים ניט נאָך די יאָרן, אָנגעטאָן און פאַרגאַרטלט פּינקלעך אין אַ העלן רעגן־מאַנטל, ווי מע גייט ווינטער אין ארץ־ישראל. גברת בר־כהן האָט אים צוגעפירט און פאַרגעשטעלט פאַר מנוחינען, אַז ס'איז פּראָפעסאָר ראַבינאָטשיקס עלטערער זון.

— אלעזר, צי איתמר? — האָט מנוחין געפרעגט אין שפּאַס.

— אויב דער עלטערער, מוז איך הייסן אלעזר, — האָט דאָס בחורל געזאָגט מיט אַן ערנסטן, עטוואָס שעמעוודיקן שמייכל אין די אויגן, קוקנדיק אויף מנוחינען פון דער זייט נייגעריק פאַרשנדיק. אויך מנוחין האָט נייגעריק באַטראַכט ראַבינאָטשיקס זון, וועלכער איז אים גלייך געפעלן געוואָרן מיטן זויבערן ערנסטן קוק פון זיינע אויגן. אין זיין יינגלשן פּנים זענען געווען דייטלעכע שטריכן פונעם פאָטער, דערהויפּט האָט זיך זיין ענלעכקייט מיטן פאָטער שטאַרק אַרויסגעזען פונעם גרויסן זשעדנעם מויל, נאָר די דאָזיקע שטריכן האָבן זיך באַוויזן אונטערן ריינעם, גע־לייטערטן שיין פון די ערנסטע אויגן פיינער און צאַרטער ווי ביים פאָטער, אָנגענעם פאַראיידלט דורך אַ צומיש פון אַנדערן בלוט. אויך אין זיין האַלטונג און אין די באַוועגונגען האָט אינגאַנצן געפעלט דעם פאָטערס איבערגעטריבענער, ישיבה־בחורשער ענטוזיאַזם. ראַבינאָטשיקס צווייטער דור איז קולטיווירט און פאַרפיינערט געוואָרן.

גברת בר־כהן מיטן פרומען פּראָפעסאָר האָבן צוגעזאָגט קומען שפּע־טער, אַזוי אַז מנוחין האָט זיך געלאָזט גיין נאָר מיטן יונגן ראַבינאָטשיק. אַרויסגעקומען אין דרויסן פונעם הויך־באַפעסטיקטן טיפן הויף, האָט זיי אַרומגעכאַפּט אַ קאַלטער שניידנדיקער נאַכטיקער ווינט.

—„רחביה" איז ווייט פון דאַנען? — האָט מנוחין געפרעגט זיין יונגן באַגלייטער.

— ניט ווייט, אַ מינוט צוואַנציק צו גיין.

— אפשר וועלן מיר נעמען אַ טעקסי? — האָט מנוחין פאַרגעלייגט,

פֿאַרגעסן אינגאַנצן, אַז ער האָט ערשט אויסגעהערט אין הוט דעם שבתדיקן קידוש.

— איך, צום באַדויערן, קאָן דאָס ניט טאָן, — האָט דאָס ייִנגל געזאָגט מיט ערנסטער געלאַסנקייט, ווי אַ דערוואַקסענער. — ביי מיין פאָטער אין שטוב היטן מיר אָפּ די הייליקייט פונעם שבת מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פונעם דין... ניט מחמת רעליגיעזער פרומקייט, — האָט ער צוגעגעבן נאָך אַ קליינער באַדאַכטונג, — נאָר מחמת נאַציאָנאַלע מאָטיוון. מיין פאָטער באַציט זיך צום שבת, ווי צו אַ הויכער נאַציאָנאַלער אינ־סטיטוציע, ווי צו דער שענסטער און שטאַרקסטער פעסטונג פון אונדזער באַזונדערן פאָלקס־גייסט...

— און ווי אַזוי באַציסטו זיך צו רעליגיעזער פרומקייט? — האָט מנוחין זיך אינטערעסירט צו וויסן, באַוווּנדערנדיק דעם ייִנגלס רייפן טאָן און זיין גוטן אינטעליגענטן העברעאיש. — דו דאַוונסט?

— ניין, איך דאַוון ניט, — האָט דאָס ייִנגל געענטפערט אינעם זעלבן ערנסטן טאָן, — הגם מיר האָבן וווּנדערבאַרע תפילות... צו מיין בר־מצוה האָט מיר דער פאָטער געקויפט אַ פּאָר תפילין, האָב איך זיי אָנגעטאָן נאָר איין מאָל. ס׳איז מיר אויסגעקומען ווילד צו דינען גאָט אויף אַזאַ מגושמדיקן שטייגער, מיט אַן אַרומגעבונדענער האַנט און רצועות. מיר זענען דאָך שוין מער ניט קיין ווילד מידבר־פאָלק, ניט געגליכן צו די בעדואינער... מיין פאָטער האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס איך וועל ניט דורכלעבן די זעלבע רעליגיעז־פּאָעטישע מאָמענטן, וואָס ער האָט דורכ־געלעבט אין זיין יוגנט, נאָר צווינגען מיך דערצו האָט ער ניט געוואָלט, וויבאַלד ער אַליין דאַוונט אויך נאָר איין מאָל אין וואָך, ווען ער גייט שבת אינדערפרי אין שול. און אויך דאָס טוט ער מחמת נאַציאָנאַלע געפילן...

— ס׳איז זייער אינטערעסאַנט, — האָט מנוחין געזאָגט ווי פאַר זיך. — האָסטו אויך אַ פּאָליטישע שטעלונג דאָ ביי אונדז אין לאַנד, אויב איך מעג דיך אַזאַ זאַך פרעגן?

— פאַרוואָס מעגט איר ניט פרעגן? — האָט דאָס ייִנגל זיך גע־וווּנדערט. — איך באַהאַלט פון קיינעם ניט מיין פּאָליטישע מיינונג!... אין דעם גיי איך האַנט ביי האַנט מיט מיין פאָטער: איך פאָדער אונדזער גאַנצע גאולה אויף ביידע זייטן ירדן!... און ווי אַזוי האַלט איר, דאָק־

טאָר? — האָט ער פּלוצים אַ פרעג געטאָן דעם גאַסט שטאַרק בייגעריק, הגם מיט פאַרזיכטיקן יינגלשן דרך־ארץ.

— אָ, איך? — האָט מנוחין אַ שמייכל געטאָן, נאָר זיין קול האָט גע־קלונגען אויפריכטיק און טרויעריק. — איך, חביבי, בלאָנזע נאָך אין עולם התוהו, ווייס נאָך אַליין ניט, וואָס איך זאָל פאָדערן... נאָר זאָג מיר בעסער: ביסטו צופרידן פון דיין לערנען אין גימנאַזיע?

— מיר האָבן דאָ אין ירושלים ניט קיין שלעכטע גימנאַזיע, — האָט דאָס יינגל געזאָגט אַלץ אין ערנסטן, אָביעקטיוון שטייגער, ווי אַ גרוי־סער. — מיר האָבן איבערגעגעבענע לערער, אייניקע פון זיי באַוווּסטע שריפטשטעלער. נאָר מיין אמתע באַפרידיקונג געפין איך אין לייענען ביכער. צום באַדויערן, איז אונדזער העברעאישע ליטעראַטור ניט רייך גענוג, ווי די ענגלישע, צום ביישפּיל. און וואָס ס'איז שייך ספּעציעל אונדזער גימנאַזיע, האָט זי ערשט פאַריקע וואָך געליטן אַ גרויסן שאָדן... איר ווייסט מסתמא וואָס איך מיין...

— ניין, איך ווייס ניט, — האָט זיך מנוחין מודה געווען. — וואָס פאַר אַ שאָדן?

— איך מיין, — האָט אלעזר דערקלערט, — וואָס אונדזער גימנאַזיע האָט פאַרלאָרן דעם בעסטן לערער פון תנ"ך און יידישער געשיכטע — מיין פאָטער... דערפאַר אָבער האָט אונדזער אוניווערסיטעט געוווּנען אַ גוטן פּראָפעסאָר... אַזוי אַז מיר קאָנען אויף אונדזער ישוב זאָגן דעם פּסוק: „יצא הפסדו בשכרו" [זיין שאָדן איז אויסגעביטן געוואָרן אויף אַ געווינס]...

„נו, דאָ לאָזט זיך שוין, דאַכט זיך, הערן ראַבינאָטשיקס שטים! — האָט מנוחין אַ טראַכט געטאָן מיט אַ שמייכל. — ס'איז אָבער זייער ליב און רירנד"...

קאַפּיטל פינף און פערציק

## ראַבינטשיקס הויז

דער „סורפּריז", וואָס פּראָפעסאָר ראַבינטשיק האָט צוגעגרייט ביי זיך אין הויז פאַר מנוחינען, האָט ניט געהאַט דעם געוווּנטשטן עפעקט. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז גברת ראַבינטשיק איז אַמאָל, אין אירע מיידלשע יאָרן, טאַקע געווען באַקאַנט מיט מנוחינען, נאָר די באַקאַנטשאַפט האָט געטראָגן אַזאַ בלייכן, צעשוווּמענעם כאַראַקטער, וואָס האָט ביי מנוחינען איבערגעלאָזט אַ גאַנץ שוואַכע געדעכעניש וועגן איר. ער האָט איצט, דערזעענדיק זי, אַפילו ניט געקאָנט גלייך דערמאָנען זיך, ווי אַזוי איז געווען איר מיידלשער נאָמען. ער האָט נאָר געדענקט, אַז זי האָט געהערט צו דעם קליינעם קרייז רוסיש־יידישע סטודענטקעס אין בערלין און האָט זיך אויסגעצייכנט פון אירע חברטעס דערמיט, וואָס זי איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ „העברעאיש פריילין", דאָס הייסט, אַ פּראָווינציעלע באַלעבאַטישע טאָכטער, וואָס האָט באַקומען אַ גרינטלעכע העברעאישע דערציאונג, געווען אויסגעוויקט אין יידישקייט און געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ „חצי־זכר". אויף די צוזאַמענקונפטן פון דער בערלינער רוסיש־יידישער שטודירנדיקער יוגנט, וווּ מנוחין האָט פאַרקערט, דערהויפּט ביי די אוּונטיקע שמועסן אין די קאַפע־הייזער, פלעגט מען זי אָפּט זען, ווי זי זיצט אַ שטילע, אַ פאַרטאַיעטע, מיט גלאַנציקע פאַרבענקטע אויגן, און הערט זיך צו מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו די הייסע וויכוחים, וואָס די מאַנסביל פירן אויף הויכע יידישע טעמעס. מנוחינס חברים פלעגן מאַכן שפּאַס פון אים, אַז אַט דער „חצי־זכר" לעכצט נאָך אים אין דער שטיל, גייט־אויס נאָך זיינע טריט. נאָר מנוחין האָט זיך אויף איר כמעט ניט אומגעקוקט. אַחוץ וואָס אין איר אומעטיק־פאַרבענקטן ברונעטן גע־זיכט מיט די פייכטע שוואַרצע אויגן האָט געפעלט דער באַזונדערער ווייבלעכער רייץ, וואָס זאָל צוציִען צו זיך מאַנסבילשע הערצער, איז מנוחין דעמאָלט געווען אַזוי פאַרשלונגען פון זיין אָנגעהויבענעם ווערק „נצח ישראל", אַז דאָס גאַנצע וועזן אירס איז פאַרבייגעשוווּמען פאַר זיינע

אויגן ווי אַ שאָטן, ניט איבערגעלאָזט ביי אים קיין שום אײַנדרוק, ניט צום גוטן, ניט צום שלעכטן.

לאָזט זיך אויס, אַז זי האָט שפּעטער אַ ביסל, נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה, געפינענדיק זיך אין דער שווייץ, חתונה געהאַט פאַר ראַבינ־טשיקן און איז געוואָרן זיין געטרייע לעבנס־באַגלייטערין. איצט, אַז ראַ־בינטשיק האָט געגומען מנוחינען אויף אַ שפּילעוודיקן עקזאַמען, ער זאָל דערקענען זיין אַמאָליקע „חסידה", און מנוחין האָט דעם עקזאַמען קוים אויסגעהאַלטן, איז זי טאַקע שוין ניט געווען צו דערקענען: פון יענעם מאָגערן, פאַראומערטן, לעכצנדיקן „העברעאישן מיידל" האָט זיך אויס־געפורעמט אַ שוואַרץ־חנעוודיקע היפּשע דאַמע, אַ געזעצטע, אַ באַרוטע. זי האָט אָנגעקוקט דעם גאַסט מיט אַ שמייכל פון באַשיידענער זעלבסט־ווערדע, וואָס האָט ווי אָפּגעלייקנט די ערנסטע באַדייטונג פון אירע אַמאָליקע „חסידישע" געפילן צו אים, הגם אירע באַקן האָבן זיך אויף אַ מאָמענט פאַררויטלט און אין די רואיקע, שוין לאַנג דערפאַרענע, מו־טערלעכע, שוואַרצע אויגן האָט זיך דאָך אַ צונד געטאָן אַ פייכטער גלאַנץ פון דער אַמאָליקער „לעכצונג" — אַ צונד געטאָן און איז גלייך פאַרשטיקט געוואָרן. ביי מנוחינען האָט ראַבינטשיקס פרוי שטאַרק אויס־געגומען, אַזוי ווי עס האָט ביי אים אויסגענומען אויך זיין עלטערער זון אלעזר, וואָס האָט מיט זיין הויכער וווקס און מיט זיינע רואיקע, באַ־דאַכטע באַוועגונגען איצט אויסגעזען מער ענלעך אויף דער מוטער, ווי אויפן פאָטער. אים איז נאָר געווען טשיקאַווע צו באַטראַכטן ראַבינטשיקס אייגענע האַלטונג דערביי: יענער איז פאַר אים געשטאַנען מיט זיין פרוי אַ העכסט־גליקלעכער, אַ שיינענדיקער, געקוקט אויף איר פאַרליבט און זיך געטוליעט צו איר סטאַטנער צעוואַקסענער פרויען־פיגור מיט אַן אויס־דרוק פון נצחון אויפן פנים, פונקט ווי מנוחין וואָלט דאָווירקלעך געווען זיין באַזיגטער קאָנקורענט פון אַמאָליקע יאָרן. טשיקאַווע האָט מנוחינען אויסגעזען אויך ראַבינטשיקס קלענערער זון, דער צוועלף־יאָריקער איתמר, וועלכער איז שוין געווען אינגאַנצן ענלעך אויפן פאָטער. מחמת שעמעוו־דיקייט האָט דער קליינגעוויקסיקער מיזיניק כמעט גאָרניט גערעדט, נאָר מיטן אויסזען אַליין, מיט די רירעוודיקע באַוועגונגען און מיט די ענטוז־יאַסטיש־גלאַנצנדיקע אייגלעך, איז דאָס געווען אַ פולשטענדיקע קאָפּיע פון ראַבינטשיקן. פון דעסטוועגן האָט אויך דער זיך באַוויזן מנוחינען מאָדנע ליב און רירנד, ווי רירנד עס זעט־אויס אַ יונג קעלבל, וואָס האָט

געירשנט אויף דעם חנעוודיקן צאַרטן מאָרדעלע אַלע פלעקן פון דער אַלטער מוטער־קו.

מנוחין האָט זיך אומגעקוקט ווי ער געפינט זיך. דאָס איז געווען אַ געוויינלעכע באַלעבאַטיש־אינטעליגענטישע דירה, אָרעמלעך מעבלירט, נאָר צוגעקליבן מיט אַ באַזונדערער כוונה צו שאַפן די אילוזיע פון קאָמ־פאָרט אָן אָנצוהאַלטן דעם העכערן פּאַסאָן. די ווענט און די ווינקל־טישלעך זענען געווען באַפּוצט מיט גראַוויורעס און קונסט־קליינקייטן, צום מיינסטן פון נאַציאָנאַל־יידישן כאַראַקטער, צווישן זיי אויך דריי גיפּסענע סטאַטו־עטקעס, אויסגעשטעלט איינס לעבן אַנדערן, פון מיקעל אַנדזשעלאָס משה, פון שפּינאָזאַ און פון הערצל — די דריי גייסטער, וואָס האָבן באַדאַרפט סימבאָליזירן דעם נאַציאָנאַל־פילאָזאָפישן וועלט־באַנעם פון דעם בעל־הבית. נאָר די הויפּט־אַטראַקציע פון דער דירה האָט זיך געפונען אין ראַבינאָוויטשיקס ענגן אַרבעטס־צימער. דאָרט זענען ניט נאָר אַלע ווענט געווען פאַרשטעלט מיט אָנגעפּראָפּטע פּאָליצעס מיט ביכער, נאָר ביכער, דאָס רוב אָפענע, זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אומעטום, אין אַלע ווינקלען — אויפן דיוואַן, אויף די שטולן, אויף די פענצטער־ברעטלעך און דערהויפּט אויפן שרייבטיש, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גאַנצע ביכערדיקע פעסטונג. אַריינגעפירט מנוחינען אין דעם דאָזיקן גייסטיקן תוהו־ובוהו, האָט ראַבינאָוויטשיק באַמערקט מיט אַ באַדויערנדיקן שמייכל פון קריטישער זעלבסט־כאַראַקטעריסטיק:

— מיין קומענדיקער ביאָגראַף — אויב איך וועל אַזאַ פאַרדינען — וועט דאַרפן באַצייכענען דעם מערקווירדיקן פאַקט, אַז נאָך איידער איך האָב זוכה געווען צו באַקומען אַ פּראָפעסאָר־קאַטעדרע אין אונדזער העברעאישער אוניווערסיטעט אויפן „הר־הצופים", האָב איך זיך שוין אויסגעצייכנט מיט דער אַלטער קלאַסישער פּראָפעסאָרישער אומאָרדענונג. ס'איז זייער טרויעריק, און גברת ראַבינאָוויטשיק, וואָס איז אַ זעלטענע ווירטין, די בעסטע אין ירושלים, ליידט שרעקלעך דערפון. נאָר פאַרפאַלן — אָט דאָס איז מיין גורל!...

דאָ, אין זיין אייגענעם קדשי־קדשים, האָט ראַבינאָוויטשיק גענומען זיין חבר אויף אַ צווייטן עקזאַמען, אַ סך אַ שווערערן פון דעם ערשטן: ער האָט געוואָלט וויסן, ווי ווייט עס גייט מנוחינס בקיאות אין זיין ליטע־ראַריש־וויסנשאַפטלעכער פּראָדוקציע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז הגם מנוחין האָט אין אַמעריקע נאָכגעפאָלגט די אַנטוויקלונג פון דער העברע־

אישער ליטעראַטור אין ארץ־ישראל, איז ער אָבער בנוגע ראַבינאָוויטשיקס ברייט־פאַרצווייגטער אַרבעט געבליבן ווייט הינטערשטעליק. ראַבינטשיק איז ניט געווען פויל אויסצורעכענען פאַר אים אַ היפּש צעטל פון זיינע פאַרשיידענע וויסנשאַפטלעכע אָפּהאַנדלונגען און פאָרשונגען, דערביי האָבן אים זיינע צוויי יונגע זין, אלעזר ואיתמר, געדינט ווי געטרייע אַסיס־טענטן: זיי האָבן זיך ביידע אַ וואָרף געטאָן צו די פּאָליצעס און גענומען טראָגן זשורנאַלן, זאַמלביכער און בראָשורן, פלינק געבלעטערט אין זיי און אויפגעמישט פאַר מנוחינען די אָנגעגעבענע אַרטיקלען פון דעם גליק־לעך־שיינענדיקן פאָטער. מנוחין האָט מיט אַ פאַרחידושטן שמייכל צוגע־קוקט די שטומע קאָנקורענץ צווישן די צוויי ברידערלעך, ווי אַזוי זיי פלייסן זיך איבערצויאָגן איינס דאָס אַנדערע אין זייער ביבליאָגראַפישער אויפגאַבע. אין דעם מאָמענט איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, וואָס האָט אים אַליין אויסגעזען מאָדנע קאָמיש: ווען ער זאָל, אַשטייגער, זיך געווען אומקוקן אין די בערלינער יאָרן אויף ראַבינטשיקס אויסדערווײלטער און זי אויסגעכאַפּט פון אים, וואָלט ער אַצינד געהאַט אַזעלכע צוויי געטרייע יונגע נאָכפאָלגער... דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים אָבער גלייך אַריבער־געטראָגן צו יהודיתן, און דאָס האַרץ איז אים פאַרקלעמט געוואָרן אין איינזאַמער פּיין.

דערווייל האָבן אָנגעהויבן קומען געסט, אַלץ ראַבינטשיקס קאָלעגן פון דער גימנאַזיע און פון דער אוניווערסיטעט, צווישן זיי באַקאַנטע וויסנשאַפטלייט, אויך עטלעכע יינגערע שריפטשטעלער מיט זייערע פרויען. עס איז אויך געקומען גברת בר־כהן אין דער באַגלייטונג פון איר פאַנסיאָנער, דעם שוואַרץ־באָרדיקן פּראָפעסאָר — דער איינציקער פּראָ־פעסאָר, וואָס האָט דאָ געטראָגן אַ יאַרמלקע. אייניקע פון די אַריינגעע־קומענע האָבן באַטראַכט דעם אַמעריקאַנער גאַסט, לכבוד וועמען מע האָט זיי אַהער אַיינגעלאַדן, מיט אָפענער פּראָווינציעלער נייגעריקייט; אַנדערע האָבן פון זיך פּראָפעסאָריש געבלאָזן, זיך בעסער געשטעלט שטודירן די גראַוויורעס אויף די ווענט, ניט געווען זיכער ביי זיך, צי האָט דער דאָ־זיקער אַמעריקאַנער דאָקטאָר, נאָר דערפאַר וואָס ער איז ראַבינטשיקס אַן אַלטער חבר, פאַרדינט ביי זיי אַזאַ כבוד. אום אַוועקצונעמען ביי זיינע קאָלעגן דעם מינדסטן ספק וועגן דער חשיבות פונעם גאַסט, האָט פּראָ־פעסאָר ראַבינטשיק מיט זיין שטענדיק גרייטן ענטוזיאַזם גענומען דער־ציילן פון זיין אַלטער פריינדשאַפט מיט מנוחינען און פון מנוחינען אַליין,

וועלכער האָט אין זיינע יונגע יאָרן געצילט גאָר הויך, פאַרטראַכט צו שרייבן אַ ווערק וועגן „נצח ישראל”, וואָס כאָטש עס האָט אין זיך גע־טראָגן אַ קעגנזעצלעכן געדאַנק צו אַלץ, וואָס אונדז אַלעמען איז הייליק, וואָלט עס אָבער זיכער אָנגעמאַכט אַ רעש אין אונדזער גייסטיקער וועלט, וועלכע איז, צום טיפן באַדויערן, די לעצטע יאָרן אַזוי פאַרגליווערט געוואָרן אין שפּעדישן זינען... ליידער, האָט פּראָפעסאָר מנוחין (ראַבינ־טשיק האָט דאָ מיט אַ כיוון געמאַכט אַן אָנגענומען טעות אין מנוחינס טיטל, וואָס האָט אָבער פאַר מנוחינען אַליין אַ בליץ געטאָן קאָמיש־אומ־אָנגענעם, דערמאָנט אים זיין שווערן חלום אויף דער שיף) זיין ווערק ניט פאַרענדיקט און זיך פאַרנומען אויף אַן אַנדער וויסנשאַפטלעכן וועג, געוואָרן אין אַמעריקע אַ באַרימטער מעדיקער...

— אַלטע ליבע אָבער ראָסטעט ניט, — האָט ראַבינטשיק פאַרענדיקט זיין דערציילונג, וואָס איז פון זיך אַליין אויסגעוואָקסן אין אַ גאַנצער אימפּראָוויזירטער רעדע, — און אָט איז אונדזער ליבער גאַסט ענדלעך געקומען צו אונדז אין לאַנד און וויל זיך באַהעפטן אַן אונדזערע הויכע אידעאַלן. קאָנען מיר אים נאָר ווינטשן פון טיפן האַרצן, ער זאָל זיך דאָ אומקערן אויך צו זיינע ליטעראַרישע יוגנט־חלומות, און דווקא אין אונדזער נאַציאָנאַלער שפּראַך, וועלכע ער באַהערשט אַזוי פריי, כאָטש ער קומט פון אַמעריקע. — ווי איר קאָנט זיך אַלע איבערצייגן פון זיין ווונדערלעכן העברעאיש־רעדן, וואָס האָט אין זיך די לעבעדיקע זאַפטיקייט פון מענדעלע מוכר־ספרימס פאָלקסטימלעכער שפּראַך...

—פאַר וועלכער איר האָט מיך פון דעסטוועגן דאָ ניט לאַנג אין תל־אביב אַ ביסל אויסגעמוסרט, פּראָפעסאָר ראַבינטשיק! — האָט מנוחין אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל.

— אויסגעמוסרט? חס ושלום, חביבי! — האָט ראַבינטשיק הייס פּראָטעסטירט. — איר האָט מיך אין תל־אביב פּשוט ניט פאַרשטאַנען! איך האָב דאָרט נאָר געזאָגט, אַז פאַר מיר פערזענלעך, וואָס איך בין פאַרזונקען מיט מיין קאָפּ און מיטן רוב גוף אין אונדזער תנ״ך, קלינגט מענדעלעס שפּראַך צו גלותדיק, שמעקט צופיל מיט זשאַרגאָן... אָבער אָביעקטיוו גערעדט, קאָן קיינער ניט פאַרלייקענען מענדעלעס געוויסע פאַרדינסטן פאַר דער אויפלעבונג פון דעם העברעאישן סטיל...

— יואל יונה! — האָט זיך אַריינגעמישט גברת ראַבינטשיק מיט אַ ליכטיק־צעפלאַמטן פּנים פון אַ באַלעבאָסטע, טראָגנדיק צום טיש

אַ פּריש־אויפגעשניטענעם טאָרט. — אפשר וועסטו מיר דערלויבן, צוזאַמען מיט דיין מזון רוחני [גייסטיקע שפּייז], פאַרלייגן די געסט אויך מיינע פּשוטע ווייבערשע מזונות?

— אָך, מיטן גרעסטן כבוד, טייער ווייב מיינס! — האָט ראַבינעטשיק זיך אָנגערופן שפּילעוודיק־צערטלעך, איבערנעמענדיק פון אירע הענט דעם טאָרט מיט אַ פאַרזיכטיקער פייערלעכער מינע, ווי דער סנדק נעמט־איבער פונעם קוואַטער דאָס ברית־קינד. — איך בין כמעט ווי זיכער, אַז דיינע פּשוטע ווייבערשע מזונות זענען ניט ווייניקער אָריגינעל פון מיין מזון רוחני... איר דאַרפט וויסן, רבותי, — האָט ער זיך געווענדט צום עולם מיט אַ גליקלעכן פּנים פון אַ גליקלעכן מאַן, — אַז דאָס איז ניט סתם אַ טאָרט, וואָס אַ פרוי גייט אין קלייט און קויפט פאַר געלט, נאָר ס'איז אַ קונסט־ווערק, מעשה ידיה להתפאר [איר אייגענע וווּנדער־לעכע האַנט־אַרבעט]...

ביים טיי־טרינקען האָבן די פּראָפעסאָרן זיך אַ ביסל צעוואַרעמט און שוין געשמועסט מיט מנוחינען, ווי מיט זייערן אַ גלייכן. מנוחין אַליין האָט אָבער ווייניק גערעדט, און נאָך ווייניקער געהערט וואָס מע רעדט צו אים. צווישן די דאַמען, וואָס האָבן זיך פאַרקליבן באַזונדער אויף דער סאָפע און געוואָרפן אויף אים פונדערווייטן מאַטע בליקן, האָט זיך געפונען איינע אַ יונגע, אַ באַחנטע, וואָס האָט מיט איר צאַרטן פּראָפיל דערמאָנט עטוואָס פון יהודיתן. מנוחין האָט אויף איר פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ קוק און אַלץ געטראַכט מיט אַ פאַרקלעמטן האַרצן: „ניין, ס'איז אָבער ניט זי, ניט זי!"... עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די יונגע דאַמע האָט אַ שם אין ירושלים פאַר אַ זינגערין פון פאָלקס־לידער. פּראָפעסאָר ראַבינ־טשיק צוזאַמען מיט גברת בר־כהן זענען צוגעשטאַנען צו איר, זי זאָל עפּעס זינגען לכבוד דעם גאַסט. די דאַמע האָט אַ ביסל געקווינקלט, זיך געלאָזט בעטן און לסוף נאָכגעגעבן. זי איז אויפגעשטאַנען, אַ גלאַנץ געטאָן שעמעוודיק מיט די אויגן אויף מנוחינען און אָנגעהויבן זינגען. קעגן מנוחינס דערוואַרטונג, האָט זי דווקא געהאַט אַן אָנגענעמע האַרציקע שטים, אַ לירישע סאָפּראַנאָ, און געזונגען האָט זי ביאַליקס פאָלקס־לידער, צווישן זיי אויך זיין עלעגישן ראָמאַנס „הכניסיני": „נעם מיך אונטער דיינע פליגל, און זיי מיר אַ מוטער און אַ שוועסטער, און זאָל דיין שויס זיין אַ שוץ־פּלאַץ פאַר מיין קאָפּ, אַ נעסט פאַר מיינע פאַרשטויסענע תפילות"...

מנוחין האָט אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף די הענט און געהאָרכט. דער

גאַנצער ענין האָט אויסגעזען געמיטלעך־פּראָווינציעל, דערמאָנט אָן דער גוטער פאַרגאַנגענער יוגנט אין דער ווייטער אַלטער היים. נאָר די ווערטער מיט די קלאַנגען האָבן זיך געגאָסן פון דעם יונגן פרויען־האַלדז זיס און טרויעריק און אָנגערירט טיף אין דער נשמה, סאַמע דאָרט, ווו עס טוט אַזוי וויי. „די שטערן האָבן מיך אָפּגענאַרט, — האָט געוויינט דאָס האַרץ צוזאַמען מיט די טיפע עלעגישע קלאַנגען פון דער יונגער חנעוודיקער דאַמע, וואָס האָט איצט באַקומען נאָך מער ענלעכקייט מיט יהודיתן, — געוועזן אַ חלום — איז ער אויך פאַרגאַנגען; איצט האָב איך גאָרנישט אויף דער וועלט — קיין זאַך האָב איך ניט"...

ראַבינטשיק האָט ענטוזיאַסטיש אַפּלאָדירט דער פאַררויטלטער זינגערין. מנוחין האָט טיפער אָנגעבויגן דעם קאָפּ. ער האָט געפילט, אַז נאָך איין מאָמענט — און טרערן וועלן אים אָנלויפן אין די אויגן.

געקומען צוריק אויף דער אכסניה מיט גברת בר־כהן און מיטן פרומען פּראָפעסאָר און געבליבן ווידער אַליין אין דעם גרויסן פוסטן קאַלטן צימער, איז מנוחין מיט אַ מאָל באַהערשט געוואָרן פון אַ הייסער, שאַרפער בענקשאַפט נאָך יהודיתן. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אַזוי זי האָט נעכטן, ביי איר פאָטער אין צימער, זיך אָנגעבויגן צו דער ערד אויפצוהייבן דאָס אַראָפּגעפאַלענע לעפעלע און אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ בעטנדיקן בליק, פול מיט רירנדיקער ליבשאַפט, — און דאָס האַרץ איז אים פאַרלאָפן מיט ברענענדיקער חרטה. ווי אַזוי האָט ער געקאָנט פאַרגעסן אַזאַ בליק? ווי אַזוי האָט ער אַזאַ טייער, נאָענט וועזן, וואָס האָט אויפגעלויכטן אויף זיין לעבן ווי אַ יונגער פרילינג, געקאָנט אַזוי באַליידיקן, אָפּשטויסן, פאַרלאָזן?... די גאַנצע ביטערקייט פון איר פאַרגאַנגענהייט איז פּלוצים אויסגעוועפּט געוואָרן, פאַרלאָרן איר שאַרפקייט, זיך באַוויזן פוסט, זינלאָז. ער האָט זיך אויך דערמאָנט, ווי אַזוי דער אַלטער קראַנקער פאָטער איז געזעסן ביי זיין טיש אַ צערודערטער, מיט רויטע פלעקן אויפן פיינעם, ערלעכן שטערן, און ער האָט אַ טראַכט געטאָן מיט שרעק: „ער האָט דאָך אַ קראַנק האַרץ — ווער ווייסט, צי ער וועט דאָס אויסהאַלטן?"... זיין שרעק איז געוואַקסן, געוואָרן אַזוי גרויס, אַז ער האָט גלייך געוואָלט אַרויסלויפן טעלעפאָנירן צו די גאָרדאָנס, געבן צו וויסן יהודיתן, אַז מאָרגן קומט ער צוריק קיין תל־אביב. ער האָט אָבער אַ קוק געטאָן אויפן זייגער: ס'איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. וואָס וועט ער די מענטשן אינמיטן נאַכט אויפרודערן? ער וועט זיך נאָר דערמיט מאַכן ביי זיי

לעכערלעך!... ער האָט געגומען שפּרייזן איבערן צימער און האָט זיך ביסלעכווייז באַרואיקט: עס וועט קיין בייז ניט געשען; קיין בייז געשעט קיינמאָל ניט, ווען מע האָט דערפֿאַר מורא!... דערהויפּט האָט אים באַרואיקט די אויפֿגעוואַכטע האָפֿענונג, אַז זיין לעבן איז נאָך ניט פֿאַרשפּילט, אַז ער האָט ווידער אויף וואָס אַרויסצוקוקן.

ער האָט זיך אויסגעטאָן, אַרויף אויפֿן קאַלטן ווינטערדיקן געלעגער, זיך איינגעדעקט מיטן ווייכן לייכטן פּוכענעם צודעק. ער האָט געטראַכט פֿון יהודיתן, פֿון דער חנעוודיקער דאַמע, וואָס איר געזאַנג האָט אים נאָך אַלץ געקלונגען אין די אויערן, פֿון ראַבינאָטשיקן, וואָס האָט אין דער געזעלשאַפֿט פֿון זיינע קינדער זיך איצט באַוויזן אין אַ נייעם, אַנגענעמען ליכט. וויבאַלד ער האָט אַרויסגעבראַכט אויף דער וועלט אַזעלכע צוויי פֿיינע קינדער, ליגט אין אים מסתמא באַהאַלטן אַ סך גוטעס!... „ניין, — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט, — אין ארץ־ישׂראל מוז מען זיך פֿאַרפֿלאַנצן דורך קינדער, אין דעם דאָזיקן יונגן לעבן טאָר מען ניט זיין קיין אַלטער בחור!“... זיין מידער געדאַנק האָט געגומען בלאָנזשען איבער די גאַסן און וועגן פֿון ירושלים, וואָס ער איז היינטיקן טאָג דורכגעפֿאָרן, און איינדרעמלענדיק אונטער דער זיסער וואַרעמקייט פֿון דעם פּוכענעם צודעק, האָט ער שוין איצט געזען די אַלטע הייליקע שטאָט אין איר גאַנצער וווּנדערלעכער פּראַכט...

קאַפּיטל זעקס און פֿערציק

## אין קלעם

אויפֿגעכאַפּט זיך שבת פֿאַרטאָג, נאָך אַן אומרואיקן שלאָף מיט שווערע חלומות, אין דעם גרויסן אומהיימלעכן האָטעל־צימער און דערזען פֿאַר זיך דאָס צווייטע אומבאַריירטע ווייס־פֿאַרבעטע בעט, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן אין דעם בלייכן באַגינענדיקן ליכט מיט דעם זעלבן ניט־געענדערטן אומעט פֿון נעכטן, האָט מנוחין זיך גלייך דערמאָנט, ווו ער איז און ווי אַזוי ער קומט אַהער, און האָט מיט מער שאַרפֿקייט דערפֿילט זיין פֿאַרפֿלאָנטעטע לאַגע.

ער האָט אומזיסט געזוכט אין זיך דעם אויפֿגעגליטן פֿונק פֿון מוט,

וואָס האָט אים נעכטן ביינאַכט, פאַרן שלאָף, באַרויקט — יענער ליכ־
טיקער פונק איז אויסגעלאָשן געוואָרן אין דער קאַלטער גרויער לופט.
זיינע געדאַנקען האָבן זיך איצט פאַרנומען אויף אַ נייעם וועג: אַנשטאָט
צו טרייסטן זיך דערמיט, וואָס ער איז מיט זיך שוין פאַרטיק, ער האָט
שוין מיטן האַרצן זיך אומגעקערט צו יהודיתן, איז אים באַפאַלן אַ צווייפל,
צי האָט ער אַצינד, נאָך דעם וואָס האָט פּאַסירט, בכלל אַ רעכט צו טראַכטן
פון איר? אין גרונט, איז ער דאָך דער שולדיקער, ניט זי! ער האָט זי
אַזוי ברוטאַל באַליידיקט!... ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אַזוי זי האָט ביי
אים אין צימער, אַ צאַרנדיקע, מיט אַן אַנגעצונדענעם פנים פון די רויט־
באַשטראַלטע לאָדן, אויסגעשריען: „עס האָט מיך שוין דערעסן, דער־
עסן!" — און עס האָט אים גענומען פייניקן אַ ברענענדיקע חרטה, אויס־
געמישט מיט אַ קאַלטן פּחד, צי איז שוין אַלץ ניט פאַרלאָרן, צי זענען
דאָס ניט געווען די לעצטע ווערטער, וואָס ער האָט געהערט פון איר?...
ער האָט זיך ווידער אַ מאָל געפרעגט די אַלטע פראַגע, וועלכע איז איצט
נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן: וואָס האָט דען יהודית געפונען אין אים
אַזעלכעס, זי זאָל אים קאָנען מוחל זיין אַזאַ באַליידיקונג? אפשר זיין
מאָראַלישע ריינקייט, וואָס זי האָט דערמאָנט מיט ביטערניש? ווייסט זי
דאָך שוין איצט, אַז ער איז גאָרניט אַזוי הייליק, ווי זי האָט זיך פאַר־
געשטעלט. זי האָט אים אָנגעקוקט אַזוי טשיקאַווע, מיט אַ טרויעריקן
שמייכל, בשעת ער האָט זיך פאַר איר אין דעם מודה געווען. אויף דער
הייסער מינוט, אויס טראַציקן געפיל, האָט זי אים געמעגט זאָגן, אַז פאַר
איר איז דאָס ניט קיין קאַטאַסטראָפע, אָבער שפּעטער, קומענדיק צו זיך,
האָט זי זיך געוויס אַרומגעזען, אַז ער האָט שוין מער פאַר איר קיין
באַזונדערן רייץ ניט, אַז ער איז פּונקט אַזוי וווּלגאַר און געמיין, ווי אַלע
מאַנסביל, — צו וואָס זשע זאָל זי אויסשטיין פון אים אָט די אַלע אומ־
זיסטע דערנידערונגען?... און צי האָט ער טאַקע באמת געהאַט דאָס
מינדסטע רעכט צו האַלטן זיך העכער און לויטערער פון איר? צי איז
דען ניט געווען נידעריק פון אים, נידעריק און פאַלש, צו זאָגן איר,
אַז ער האָט ביז אַהער געהאַט נאָר צופעליקע באַגעגענישן מיט פרויען,
אָן ערנסטע כוונות? וואָס האָט ער דערמיט, אייגנטלעך, געמיינט? צי איז
דען מעגלעך בכלל אַן אינטימע פאַרבינדונג צווישן מאַן און פרוי צופעליק,
אָן ערנסטע כוונות? וואָס קאָן שוין זיין ערנסטער און פאַטאַלער דערפון,
ווען איין מין באַגרייפט דעם צווייטן אין פיזישער און פסיכישער באַ־

גייסטערונג? גליִען דען ניט ביי אים אין זכרון זיינע דערנענטערונגען מיט די געציילטע צופעליקע פרויען, ווי די סאַמע וווּנדערלעכע מאָמענטן אין זיין אָפּגעשלאָסענעם עלנטן לעבן, ווי די זעלטענע אויפשאַלנדיקע יוגנט־קלאַנגען פון זיין דערדריקטן שטאַרק־שלאָגנדיקן בלוט?... ער האָט איצט געטראַכט פון איינער אַזאַ „צופעליקער", וואָס בלויז דער אָנדענק פון אירע ווייך־פאַלנדיקע שוואַרצע האָר אויף די ווייסע נאַכגיביקע אַקסלען רופט ביי אים אַרויס עד היום אַ טיפע צערטלעכע בענקשאַפט, ווי נאָך דעם פאַרשווונדענעם געשטאַלט פון אַ געליבטער כלה און ווייב. און פון נאָך איינער האָט ער געטראַכט — פון אַ פרעמדער, ניט קיין ייִדישער. ער האָט זיך לעבעדיק דערמאָנט, מיט דער גאַנצער אינטימער שאַרפקייט פון די חושים, מיט וואָס פאַר אַ באַרוישנדיקן געפיל פון בייגער און שרעק ער האָט צום ערשטן מאָל אויפגענומען די פרעמדע רייצנדיקע געשענקטע פראַכט, דעם פרעמדן, ניט־ יידישן, זיכערן גלאַנץ פון די גרויע פאַרליבטע אויגן... וואָס פאַר אַ געפיל איז דאָס געווען: עקסטאַז, צי זעלבסט־דערנידערונג? גיכער זעלבסט־דערנידערונג — דאָס אייגענע אומווירדיק־פּיקאַנטע געפיל פון יידישער געפאַלנקייט פאַר אַ פרעמד־ ראַסישן מין, מיט וואָס ער האָט אַזוי בייז באַשולדיקט יהודיתן. און יהודית איז דאָך שענער און געהויבענער פון אים. זי איז אַזוי רירנד מיט איר נאַאיווער, ערלעכער אָפנהאַרציקייט, בעת ער באַוויַזט זיך פאַר איר אַ פאַרשלאָסענער, אונטער דער מאַסקע פון ציכטיקער מאָראַל, פון אומבאַ־ רירטער צניעות...

ער איז אויפגעשטאַנען נאָך מער צערודערט ווי אין די לעצטע צוויי טעג. פון פאָרן צוריק קיין תל־אביב האָט ער שוין ניט געקאָנט טראַכטן — נאָך וואָס און צו וועמען וועט ער אַהין זיך אומקערן? דער בעסטער גלייכער וועג פאַר אים וואָלט געווען, ער זאָל קומען צו יהודיתן, ווי אַ פאַרשולדיקט יינגל, און בעטן ביי איר פאַרגעבונג. נאָר אַחוץ וואָס דערמיט וועט ער ביי איר פאַרלירן דאָס לעצטע ביסל פון זיין ווערדע, דאַרף ער פריער זיך אַליין פאַרגעבן, געפינען ביי זיך אַליין באַרואיקונג. ווי אַזוי זשע געפינט מען די דאָזיקע באַרואיקונג? און וואָס וועט ער דאָ ווייטער טאָן אין דער וויסטער הייליקער שטאָט ירושלים, ווו אַחוץ ראַבינאָוויטשן האָט ער דאָ קיינעם ניט, קיין איין פריינדלעך פנים? ער האָט זיך דערמאָנט, אַז היינט איז שבת און יידן גייען דאַווענען צום כותל מערבי. דער נאָמען „כותל מערבי" האָט אים אַ ברען געטאָן אין געדאַנק

ווי עפּעס טיף־טרויעריקס, וואָס לאָזט ניט צו קיין טרייסט, ווי דער העכ־סטער פּונקט פון פאַרלאָרענעם מענטשלעכן גליק, ווו אַ פאַלק יאָמערט ביטער אויף זיין אייביקן עלנט. זאָל ער אפשר גיין אַהין זוכן באַרואיקונג, באַפרייען זיך פון דעם פערזענלעכן, קליינמוטיקן, דערעסנעם טרויער?...

ער האָט אויף דער גיך אַראָפּגעשלונגען אין עס־זאַל אַ טאָס קאַפע, אַרויס אין דרויסן, אין דער קילער פרימאָרגן־לופט, ווו די אויפגייענדיקע זון האָט זיך געשניטן אַ וועג דורך העל־גרויע וואָלקנס, דערפרעגט זיך צום טויער פון דער אַלטער שטאָט, אַריינגעפאַלן אין אַ פינצטערן לאַבי־רינט פון מיטלאַלטערלעכע ענגע, בלאָטיקע, גליטשיקע געסלעך, אין אַ געדיכטעניש און שטופּעניש פון מענטשן, קעמלען און אייזלען, אין אַ פאַרטויבנדיקן מאַרק־געפּילדער פון אַראַבישע קרעמער, טרעגער, ליידיק־גייער, שוואַרץ־פאַרשלייערטע פרויען, גלחים און פאַליסלייט, קויפער און פאַרקויפער. וווהין דאָס אויג איז געפאַלן האָבן זיך געשוואַרצט אַלטע געוועלבטע חורבות, הויקערדיקע צעפוילטע שטעלכלעך, פינצטערע לע־כער, פאַרהאַנגענע מיט זייטלעך שאָפן־פלייש, פאַרלייגטע מיט אַלערליי מינים סחורה, מיט גרינס, קאַרטאָפל, אָפענע זעק מיט געטרוקנטע אַרבעס און לינזן, קופּעס קליינע פישלעך, טעפּיכער, ליימענע קריג. שטאָטישע אַראַבער אין רויטע פעסקעס און אָנגעפאָרענע בעדואינער אין שמוציקע טורבאַנעס, פאַרוויקלטע אין בערג מיט שמאַטעס, אין שווערע כאַלאַטן, אין געלאַטעטע זעק, האָבן געגוואַלדעוועט, זיך איבערגעשריען מיט גראָבע גאָרגלדיקע קולות, געזידלט זיך, געחוזקט איינס פונעם אַנדערן, כיטרע געשמייכלט מיט רויטע נאַקעטע טראַכאָמעדיקע אויגן. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אָפּגעזונדערטער אַלט־פאַרפוילטער ־חושכדיקער וועלט, וואָס ציט בלינד איר לעבנסגאַנג, ווי אין אַ נעבלדיקן קאָשמאַר, פון לאַנג־פאַרגעסענע פינצטערע צייטן. און מנוחין, זוכנדיק פאַר זיך אַ וועג אין דעם ווילדן געדרענג און געפּילדער, האָט מיט שווערן צווייפל געטראַכט, ווי אַזוי וועט דאָ די מאָדערנע יידישע גאולה זיין בכוח צו פאַרפלאַנצן זיך אין שכנות מיט דעם דאָזיקן שוידער?...

ער האָט מיט גרויס מי זיך אַרויסגעקליבן צו די ווייטערע שטילערע געסלעך, ווו עס האָט זיך שוין געזען אַן אָפענער בלויער הימל און די איינגעוואָרעמטע זון האָט זומערדיק־שטיל געבאַקט אויף אַלטע מויערלעך מיט ווייס־געקאַלכטע קופּאָלן און אויף האַלב־איינגעפאַלענע שטיינערנע פאַרקאַנס. דאָ האָבן זיך שוין אָנגעהויבן באַווייזן שבתדיקע יידן אין

געשטרייפטע כאַלאַטן. זיי האָבן זיך פֿאַמעלעך געגליטשט מיט באַדאַכטע טריט און געלייטערטע באַרוטע פּנימער, איבער די קרומע שטיינערנע טרעפּלעך, וואָס פֿירן פֿון איין געסל צום אַנדערן ערגעץ אין דער נידער. אייניקע פֿון די דאָזיקע יידן, פֿון חשובן אויסזען, האָבן אים בנעימותדיק־עַרנסט באַגריסט: „שבת־שלום!" נאָכגייענדיק נאָך זיי אַלץ טיפֿער אַראָפּ, איז ער לסוף צוגעקומען צו אַ ליכטיקן אָפּגעצאַמטן ווינקל, פֿון וואַנען עס האָט זיך געלאָזט הערן אַן אַלט־באַקאַנטער הילך פֿון שבתדיקע תפילות. ביים אַריינגאַנג, וואָס האָט געהאַט דעם אָנבליק פֿון אַ פּאַליש אין אַ קליינ־שטעטלדיקער שול אום זומער, זענען געזעסן אויף דער ערד אַלטע ווייבער אין ווייסן שבתדיקן אָנטאָן און פֿרום געשעפּטשעט מיט די פֿאַרדאַרטע ליפּן פֿון גראָבע קרבן־מנחהס. און ווייטער פֿון דאָרטן, אין אַ מין אָפּגע־זונדערטן שמאָלן שאָטנדיקן געסל, האָט זיך אַנטפּלעקט, אין איר גאַנצער הויך און בית־עולמדיקן פּחד, די אַלטע געקאַרבטע גרוי־געלבלעכע וואַנט, אַ באַלאַגערטע פֿון היפּשע עטלעכע מנינים יידן, וואָס האָבן זיך געשאָקלט, געקלאַמערט זיך מיט די הענט אָן די אַלטע, גרויסע, מיט אויפֿשריפֿטן צעקריצטע שטיינער און טומלדיק געדאַוונט אויף פֿאַרשיידענע קולות, פֿאַרשיידענע נוסחאות און מיט פֿאַרשיידענע ניגונים. ס'איז געווען אַ קליי־נער קיבוץ־גלויות פֿון אַן אַלטער אונטערגייענדיקער יידישער וועלט, אַ געמיש פֿון אַלערליי פֿאַרעלטערטע רעשטלעך יידן, אַשכנזים, פֿראַנקען, תימנער און בוכאַרער, פֿון אַלערליי פּנימער, בערד, טליתים, פּעסקעס און יאַרמלקעס. באַזונדער האָבן זיך אויסגעטיילט עטלעכע אַסקעטישע געשטאַלטן אין אָרעמע, פֿאַרגעלטע, צעפֿליקטע טליתים, מיט גרויע און שוואַרצע צאַפּן־בערדלעך, מיט עקזאַלטירטע פֿאַרגלאַצטע אויגן, וואָס האָבן זיי צוגעגעבן דאָס אויסזען פֿון גליקלעך־שמייכלענדיקע מתים. און דאָס אַלץ האָט זיך געמישט און געקנוילט אין אַ ווילדן ווירוואַר פֿון תפילות, שאָקלענישן, געזאַנגען און אויסגעשרייען — זיך געמישט, אָבער אויך זיך צעטיילט, צעשיידט, צעפֿאַלן געוואָרן אויף באַזונדערע חלקים אויף קידער־ווידערדיקע קלייזלעך. דאָ האָט מען ערשט אָנגעהויבן „ברוך־שאָמר", און דאָרט האָט מען שוין געזונגען „ישתבח", פֿון פֿאָרנט איז מען געשפּרונגען „קדוש", און אין אַ ווייטן ווינקל האָט שוין אַ בעל־קורא זיך געשאָקלט און געציקלט איבער אַ צעוויקלטער ספֿר־תורה אויף אַן אָרעם־איבערגעדעקטן עמודל. און אין דער דאָזיקער פֿרעמד־געטלעכער אומאָרדענונג האָט געהאַלטן אָרדענונג

אַן אָפּגעפּוצטער יונגער בריטישער פּאָליסמאַן, וואָס האָט מיט שטומער פּאַראַכטלעכער גויאישער העפלעכקייט אָפּגעווענדט עטלעכע יונגע בייגע־ריקע טוריסטקעס, זיי זאָלן זיך ניט דערנענטערן צו די פרומע דאַוונער. מנוחין איז געשטאַנען פאַררוקט אין אַ ווינקל און געקוקט פאַרווירט אויף דעם דאָזיקן ווילדן ספּעקטאַקל. ס'איז געווען אַ שווערע טרויעריקע זעונג; עס האָט אָבער ניט געהאַט אין זיך גאָרנישט פון יענעם הייסן טרויער, וואָס האָט געגליט ביי אים אין האַרצן זינט די ווייטע קינדער־יאָרן...

אומגעקערט זיך צוריק אין פּאַנסיאָן ווי פון יענער וועלט, האָט מנוחין געטראָפן דעם שוואַרץ־באָרדיקן פּראָפעסאָר ווידער מיט אַ בעכער וויין אויף דער האַנט ביים קורצן פרימאָרגנדיקן קידוש. ער האָט שוין געוואָלט דורכגיין צו זיך אין צימער, אָפּזאָגן זיך אינגאַנצן פון מיטאָג, מיט אַן אויסרייד, אַז דער קאָפּ טוט אים וויי, נאָר אין דער מינוט האָט זיך דער־הערט אַ קלונג אין טיר און אין עס־זאַל האָט זיך באַוויזן אַ פריש באַקאַנט פּנים פון תּל־אביב — ד"ר באַרנבוים. ער איז אַריינגעקומען מיט אַ קליי־נעם רענצל אין האַנט און זיך גלייך געווענדט צו דער באַלעבאָסטע מיט אַ ליכטיקן שמייכל פון אַן אייגענעם מענטשן, וואָס ווייסט פאָראויס, אַז ער וועט זיין אַן אָנגעלייגטער גאַסט:

— שבת־שלום, גברת בר־כהן! שבת־שלום, אַלע מסובים! עס וועט נאָך זיין פאַר מיר אַ חלק טשאָלנט? איך קום ערשט פון תּל־אביב.

— געפאָרן אום שבת קיין ירושלים עסן טשאָלנט? — האָט גברת בר־כהן אויפגענומען דעם גאַסט אויך מיט ליכטיקער פריינדלעכקייט. — ניין, אַזאַ מחלל־שבתניק וועל איך קיין טשאָלנט ניט געבן!

— מאָלט אַייך, איר וועט יאָ געבן! איך בין טויט־הונגעריק, און אַ יידענע אַ למדן ווי איר ווייסט, אַז „פּיקוח נפש דוחה שבת"! — האָט באַרנבוים זיך געוויצלט, געזוכט אַן אָרט ווו אַוועקצושטעלן דאָס רענצל און פּלוצים דערזען מנוחינען. — אַך, דאָקטאָר מנוחין, איר זענט אויך דאָ? דאָס האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז איך וועל אַייך טרעפן אין ירושלים!... וואָס זענט איר אינמיטן דערינען אַנטלאָפן פון תּל־אביב? אַזויפיל באַנקעטן איבערגעלאָזט! שיינין איז אויסער זיך!...

— בין איך טאַקע פון די באַנקעטן אַנטלאָפן! — האָט מנוחין געזאָגט מיט אַ פאַרווירטן שמייכל.

— אַזוי גאָר? פון די באַנקעטן? — האָט באַרנבוים ווי זיך גע־

וווּנדערס, אַנקוקנדיק אים מיט אַזאַ מינע, וואָס האָט דייטלעך געזאָגט, אַז אין תל־אביב איז מען זיך משער עפּעס אַנדערש.

— יאָ, פון די באַנקעטן! — האָט מנוחין געזאָגט, שוין רויט ווערנדיק, און באַלד אַ טראַכט געטאָן: „ווי אַזוי ווערט מען געוואָר פון אים עפּעס וועגן יהודיתן?"...

דער דאָזיקער פאַרלאַנג האָט אים ניט אָפּגעלאָזט די גאַנצע צייט ביים טיש. נאָכן מאָלצייט האָט באַרנבוים אַרויסגענומען אַ סיגאַרעט, נאָר גבֿרת בר־כּהן האָט צו אים דערשראָקן אַ מאַך געטאָן מיטן פינגער, ווינקענדיק מיט די אויגן אויפן שוואַרץ־באָרדיקן פּראָפעסאָר, וואָס האָט שטיל געבענטשט אין פרומער פאַרטראַכטקייט.

— אַך יאָ! — האָט באַרנבוים זיך אַ כאַפּ געטאָן און איז אויפגעשטאַנען פונעם טיש. — דאָקטאָר מנוחין, מע קאָן אַריין צו אייך אין צימער?

— מיטן גרעסטן כּבֿוד! — האָט מנוחין געזאָגט אויפגעלעבט, געעפנט די טיר פון זיין צימער און אַריין אַהין מיט באַרנבוימען. — דאָ וועט איך קיינער ניט שטערן רויכערן אַ סיגאַרעט אין דער הייליקער שטאָט ירושלים נאָכן שבתדיקן טשאָלנט. דאָס איז, דאַכט זיך, דער העכסטער אידעאַל ביי אַזעלכע נאַציאָנאַליסטישע אַפּיקורסים, ווי איר. יאָ, איז שיינין, זאָגט איר, ניט צופרידן, וואָס איך האָב אים צעשלאָגן דעם באַנקעט? — האָט ער אַ פרעג געטאָן מיט אַ שמייכל, האָבנדיק דערביי אַ כּוונה אַרויפצוקומען אויף דעם, וואָס לאָזט אים ניט רוען.

— שייך זאָגן ניט צופרידן? איר האָט דעם מענטשן געקוילעט אָן אַ מעסער! דערהויפּט — גבֿרת שיינין. אַזופיל טאָרטן צוגעגרייט!...

— און ווי אַזוי פילט ער זיך נאָכן אָנפאַל פון די „שאַקאַלן"?

— אָ, איר מיינט דעם פּאַסקוויל „אוכלי עמי"? נאַרישקייטן! ווער קוקט זיך אום אויף באַד־יונגען!...

איך גלייב ניט, — האָט מנוחין זיך געצויגן בעענטער צו זיין ציל, — אַז גאָרדאָן האָט אין דעם אַרטיקל געהאַט אַ האַנט.

— ניין, גאָרדאָן געוויס ניט. אַדרבה, איך ווייס פון אַ זיכערן קוואַל, אַז גאָרדאָן איז געווען קעגן דעם. ער האָט אַפילו געסטראַשעט, אַז ער וועט מער ניט שטיצן זייער בלעטל. ער איז טאַקע אַ פוסטער בחור, האָט אויף מיר קיין פאַראיבל ניט, אָבער ער פאַרמאָגט נאָך אין זיך אַ ביסל טאַקט.

— איר האָט אים אפשר נעכטן געזען? — האָט מנוחין פּלוצים אַ פרעג געטאָן און באַלד חרטה געהאַט, פילנדיק, אַז ער פירט זיך אויף היינט עפּעס זייער נאַריש.

— ווען? גאַרדאָנען? וואָס האָב איך אים צו זען? — האָט באַרנ־בוים זיך געוווּנדערט. — מיר רעדן אַפילו ניט איינס מיטן אַנדערן!

— איך מיין פּשוט, צי האָט איר אים ניט צופעליק ערגעץ גע־טראָפן? — איז שוין מנוחין אַרויס מיט אַן אָפענער פראַגע, ווי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך און האָט ניט וואָס צו פאַרלירן.

— אַך, דאָס כרעגט איר? וואַרט אַ ווײַלע — דאַכט זיך, אַז יאָ. יאָ, געוויס! ער האָט נעכטן פאַרנאַכט געשפּאַצירט מיטן פּאָטער אויפן ברעג ים.

„דאַנקען גאָט"! — האָט מנוחין פריי אָפּגעאָטעמט און איז מיט אַ מאָל געוואָרן פריילעך. — „און יהודית, די טייערע, איז מסתמא געבליבן זיצן אין שטוב אַ פאַרטרויערטע"... — האָט ער אַ טראַכט געטאָן מיט טיפער צערטלעכקייט.

ד"ר באַרנבוים האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט טשיקאַווע, ווי פאַרשנדיק.

— הערט נאָר, דאָקטאָר מנוחין! — האָט ער אָנגעהויבן רעדן אין ערנסטן, עטוואָס פייערלעכן טאָן. — מילא, אייערע פּריוואַטע ענינים גע־הערן זיך אַן נאָר מיט אייך אַליין. נאָר אויב איר וועט זיך דאָ לאָזן אַרײַנציִען אין דער נעץ פון די שאַקאַלן, וועט דאָס זיין אַ גרויסער שאָדן!

— פאַר וועמען אַ שאָדן? — האָט מנוחין שוין געשמייכלט אין פריילעכן מוט.

— פאַר אונדז אַלעמען. דער ישוב בייטיקט זיך אין גוטע, ערלעכע לייט, ווי איר.

— שרעקט אייך ניט, ליבער מענטש! — האָט מנוחין געזאָגט, אַרויפ־לייגנדיק אים די האַנט אויפן אַקסל. — איך בין ניט פון די, וואָס לאָזן זיך אַרײַנציִען אין אַ פרעמדער נעץ. איך בין פאַרפּלאָנטעט אין מיין אייגענער נעץ...

— איר ווייסט, וואָס איר דאַרפט טאָן, אום אַרויסצופּלאָנטן זיך? — האָט אים באַרנבוים געגעבן אַ פּשוטע עצה. — איר דאַרפט זען דעם עמק! איר מוזט קודם כל אַליין זען, וואָס מיר טוען און ווי אַזוי יענע פּלאָפּלען.

— איך וויל דאָס טאַקע זען!

— שאַ, איך האָב אַ גאָלדענעם פּלאַן! — האָט באַרנבוים לעבעדיק זיך אַ פּאַטש געטאָן אין שטערן. — אויב איר ווילט און אויב איר האָט

צייט, קאָנען מיר ביידע מאָרגן אַרויספאָרן אויף עטלעכע טעג צום עמק. איך ווער דאָ היינט פאַרטיק מיט אַ פּאָר פּאַרטיי־ענינים און מאָרגן בין איך אַ פרייער פויגל. מיין פּרדס וועט דאָרט ניט אַנטלויפן... נו, גייט עס?

— גאַנץ גערן! — האָט מנוחין זיך אָנגעכאַפּט.

— פאָרן מיר, הייסט עס, מאָרגן פרי, אם ירצה השם, בלי נדר?

— פאָרן מיר מאָרגן פרי, אם ירצה השם, בלי נדר! — האָט אים מנוחין נאָכגעזאָגט פריילעך, אַ דערמוטיקטער פון דער גוטער בשורה, וואָס דער דאָזיקער לעבעדיקער, ענערגישער מענטש האָט אים געבראַכט פון תל־אביב, — ניט ווייסנדיק נאָך אַליין רעכט, מיט וואָס די בשורה איז פאַר אים אַזוי גוט.

קאַפּיטל זיבן און פערציק

## צום עמק

אויף מאָרגן, זונטאָג פרי, האָט מנוחין געדונגען אַן אויטאָמאָביל אויף עטלעכע טעג און איז צוזאַמען מיט ד״ר באַרנבוימען אַרויסגעפאָרן צום עמק. ער האָט זיך דערביי ניט אָפּגעגעבן קיין קלאָרן חשבון, למאַי ער מאַכט די דאָזיקע נסיעה צו אַזאַ אויסערגעוויינלעכן ווינקל דווקא איצט, בשעת ער געפינט זיך אין אַ פאַרנעבלטן, באַטריבטן צושטאַנד און איז ניט פעאיק אויפצונעמען נייע זאַכן אין זייער פולן ליכט און פולער באַדייטונג. גיכער פון אַלץ האָט ער דאָ געהאַט נאָר איין כוונה: צו באַפרייען זיך פון זיינע שווערע מחשבות אין דער געזעלשאַפט פון אַ לייכטן באַרעדעוודיקן מענטשן, וואָס זיין באַרעדעוודיקייט דערעסט ניט, נאָר, אַדרבה, וועקט וואָס ווייטער אַלץ מער אינטערעס. אויפן וועג האָט מנוחין געהאַט די מעגלעכקייט נעענטער זיך צוקוקן צו ד״ר באַרנבוימען, און ער האָט אים אין דער שטיל באַוווּנדערט. דאָס איז געווען אַ מיטל־יאָריקער מענטש מיט שיטערע, קורץ־געשוירענע, שוין גרוי־ווערנדיקע האָר, נאָר אַ באַוועגלעכער, אַ שטיק קוועק־זילבער, מיט יונגע לעבעדיקע אויגן, וואָס אָט לאַכן זיי, שפּריצן מיט פריילעכע פונקען, און אָט פאַרציִען זיי זיך מיט אַ ווייכן טרויעריקן הייטל און פאַלן־אַריין אין ערנסטער פאַרטראַכטקייט. אויך אין זיינע שמועסן איז ער לייכט געשפּרונגען פון איין ענין צום

אַנדערן: אָט האָט ער זיך געוועדטלט, זיך געמאַכט לוסטיק, און באַלד איז ער איבערגעגאַנגען צו די ערנסטע אויפגאַבעס פונעם יישוב, צו אַר־בעטער־פּראַגעס, געוואָרן פייערלעך, געהויבן, גערעדט פונעם האַרצן, מיט טיפן פאַרשטאַנד, — און פלוצים האָט ער זיך גאָר צעשאָקלט, מעשה חסידישער פליאַסקעדריגע, און גענומען זינגען פאַרדבקהט, מיט צוגע־מאַכטע אויגן, יידישע פאָלקס־לידער, חסידישע ניגונים, חלוצישע געזאַנגען, אויך מייסטעריש אויסגעשטעלטע חזנישע שטיקלעך. און פון דעסטוועגן האָט זיך געדאַכט, אַז אָט די אַלע איבערשפּרונגען זיינע פון איין שטימונג צו דער אַנדערער האָבן צווישן זיך אַ נאָענטע שייכות, שטאַמען פון איין זעלישן קוואַל.

אַרויספאָרנדיק צום עמק, האָט מנוחין זיך דערמאָנט אָן עמוסן און פאַרגעלייגט באַרנבוימען, אַז זייער ערשטע סטאַנציע זאָל זיין אין יעזר. דערביי האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז באַרנבוים קען פיניע דובֿראָוון מיט זיין פרוי נאָך פון אַמאָליקע יאָרן אין ניו־יאָרק — זיי זענען ביידע געווען זיינע חברים אין דער פּאַרטיי פון די „פּועלי־ציון". און וויבאַלד באַרנבוים האָט געהאַלטן ביי די יונגע יאָרן, האָט ער שוין דערציילט פאַר מנוחינען אין לייכטן הומאָריסטישן טאָן אַ ביסל פון זיין אייגענער ביאָגראַפיע: ווי אַזוי ער איז גלייך פון דער ישיבה אַריינגעפאַלן אין דער פּועלי־ציוניס־טישער באַוועגונג, געקערט וועלטן, זיך פאַרלאָזט אַ בערדל, געלערנט גרינטלעך קאַרל מאַרקס מיט מהרש"א און מיט מהר"ם שיף, געפירט דיס־קוסיעס מיטן „בונד", געפּשטלט דעם „סטיכישן פּראָצעס". דערנאָך איז ער אַריינגעפאַלן אינעם ניו־יאָרקער תהום, געוואָרן אַ שאַפּ־אַרבעטער, אָפּגעגאָלט דאָס בערדל שוין צוזאַמען מיט די וואָנצעס, ווידער געקערט וועלטן, געהאַלטן רעדעס, געהאָלפן גרינדן דעם פּאַרטיי־אָרגאַן, געקליבן סובסקרייבערס, און פון דעסטוועגן ניט פאַרגעסן שטילערהייט צו לערנען אַ תכלית, אַריין אין קאַלעדזש און אויסגעשטודירט אויף ציין־דאָקטאָר. פאַרוואָס אויף ציין־דאָקטאָר און ניט אויף אַ גאַנצן דאָקטאָר? ווייל ער האָט אויף זיך ניט געוואָלט נעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מענטש־לעכע לעבנס. מיט ציין איז דער ענין אַ סך לייכטער: אויסגעריסן אַ צאָן, צי פאַרשטאָפּט אַ לאָך אין אַ צאָן — און אַראָפּ פון שטול, גיי זיך גע־זונטערהייט! פון אַן אויסגעריסענעם צאָן איז נאָך ביי אים קיין מענטש ניט געשטאָרבן!... און גראָד האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז ער האָט צו דער אַרבעט געהאַט דווקא אַ לייכטע האַנט, שטאַרק אויסגענומען ביי ווייבער,

באַקומען אַ נאָמען פון אַ גוטן דענטיסט, און ס'איז אַוועק אַ גאַנג. אָפּגע־אַרבעט געשמאַק אַכט יאָר, צען יאָר, צוועלף יאָר — ביז וואַנען איז דער שיעור צו קלייבן געלט? איז ער אויפגעשטאַנען אין אַ שיינעם פרימאָרגן, פאַרקויפט האַק און פּאַק, גענומען דאָס ווייב מיטן טעכטערל און איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. וועט מען דאָך פרעגן: ס'טייטש, ווי קומט צו אים, אַ דענטיסט מיט אַ נאָמען, מיט אַ פיינער פּראַקטיק און מיט אַלע זיבן זאַכן, אַזאַ משוגעת? נאָר פון אַמביציע! זיינע פּאַרטיי־חברים פון די יונגע יאָרן פלעגן אים אַלץ קיבעצן, אַז ס'איז שוין אויס מיט באַרנ־בוימען — אויס יוגנט, אויס פּלאַם־פייער, אויס „סטיכישער פּראָצעס"... באַרנבוים איז אַריין אין די פעדערן, אָנגעהויבן מאַכן געלט פון ריעל־עסטייט, און אַחוץ אַ דאָניישאָן פאַרן „קרן היסוד", אָדער פּאָר אַנדערע פּאַרטיי־צוועקן, וועט מען פון אים שוין מער ניט דערלעבן. בקיצור — עליו השלום!... ווייבאַלד אַזוי, האָט ער זיי אָפּגעטאָן אויף טערקיש: זיי זענען טאַקע געבליבן שטעקן נאָך אַלץ דאָרט, אינעם ניו־יאָרקער תהום, און ער איז, גאָט צו דאַנקען, אין תל־אביב, אין דער רעכטער אַרבעט... און נאָך מער: ער האָט דאָ אַפילו אויפגעגעבן זיין פּראַקטיק. ער האָט זיך מיישב געווען: וואָס וועט ער דאָ שטיין גאַנצע טעג פאַרשלאָסן אין פיר ווענט, אַ צוגעבונדענער צום דענטיסטן־שטול, קריכן אין פרעמדע מיילער, רייסן פרעמדע ציין, — אַז ער קאָן זיך בעסער פאַרגינען צו האָבן אַן אייגענעם פּרדס, ווו עס אַרבעטן אייגענע חברים, און דער הימל איז אַנ־דרויסן איז בלוי, די לופט איז מחיהדיק ריין, און אין לאַנד וואַקסט אַ שיינע, פרייע, שטאָלצע יידישע אַרבעטערשאַפט, מיט אַ פעסטער, ברייט־פאַר־צווייגטער קאָאָפּעראַטיווער טעטיקייט, מיט אַ וווּנדערלעכן „עמק", ווו עס גייט־אויף פון דער ערד עפּעס גאָר אַ נייער מין ייד, אַזאַ ייד, אשר לא ידעו אבותינו במצרים!...

— און אייך, ליבער דאָקטאָר מנוחין, — האָט באַרנבוים צוגעגעבן, אַ צעוואָרעמטער פון זיינע אייגענע רייד, — וואָלט איך אויך געוווּנטשן דאָס אייגענע: פאַרגעסט אייער רייכע פּראַקטיק אין אַמעריקע, באַזעצט זיך דאָ מיט אונדז אַלעמען, און דער עיקר — דערנענטערט זיך צו אונדזער אַרבעטער, וואָרים נאָר פון אים, הערט איר, וועט דאָ געבויט ווערן אַ שטיקל יידיש פאָלק... מע דערציילט אין תל־אביב, אַז איר גייט פלאַנצן ביי אונדז אין שרון גאַנצע הונדערט דונאַם — הערט אַ מעשה, איר קאָנט דאָך אויפריכטן אַרום זיך צענדליקער יידישע אַרבעטער!... און פאַרן

נאָמען „אַרבעט־געבער", צי „בורזשוי", צי נאָך אַזעלכע זאַכן, זאָלט איר זיך גאָר ניט איבערשרעקן. אַבי איר וועט נאָר פֿאַרשטיין אונדזער אויפֿגאַבע אין לאַנד און וועט אין האַרצן ניט זיין קיין בורזשוי, וועלן מיר אייך אַלץ מוחל זיין... און נאָך עפּעס האָב איך געהערט וועגן אייך פֿון שייבינען — אַז איר גייט אינגיכן חתונה האָבן. דאָס איז גאָר אַ גוטער געדאַנק! האָט חתונה, און סטאַרעט זיך טאַקע האָבן קינדער, וואָרים דאָס איז ביי אונדז אַ גרויסער עיקר, די אמתע „מצוה התלויה בארץ"... אָט האָב איך סך־הכל איין טעכטערל, זאָל געזונט זיין, וואָס ענדיקט באַלד גימנאַזיע, וואָרט איך שוין מיט אומגעדולד צו דערלעבן פֿון איר אייניקלעך, צו־קינפּטיקע בויער פֿונעם לאַנד. איך קאָן מיר ניט מוחל זיין, ווי איר זעט מיך אַ יידן, וואָס איך האָב אין די יונגע יאָרן קיין שכל ניט געהאַט זיך פֿאַרזאָרגן אויך מיט אַ זון, אַן אמתן חלוץ. אין אַמעריקע האָט מען דאָס ניט באַדאַרפֿט אַזוי בייטיק האָבן, דערצו איז מען נאָך, צו אַלע צרות, געוווּען מאָדערן. דאָ בין איך קליגער געוואָרן, איז שוין אָבער אַ ביסל שפּעטלעך... נאָר דאַנקען גאָט, וואָס איך בין כאָטש אין ארץ־ישראל ניט קיין בעזדיעטניק!...

„פֿון וואַנען ווייסט דער מענטש וואָס מיך קוועטשט אַזוי?"... — האָט מנוחין זיך געוווּנדערט.

— נאָר מילא, ס'איז אַלץ נאַרישקייטן! — איז באַרנבוים גלייך איבער־געשפּרונגען אויף עפּעס אַנדערש. — איר קוקט זיך בעסער צו, ווו מיר זענען דאָ אין דער וועלט. מיר פֿאָרן איצט אַריין אין דער אַלטער שטאָט שכם, צווישן די צוויי באַרימטע בערג, הר גריזים און הר עיבל... חבר שאָפֿער! וועלכער איז דאָ דער הר גריזים און וועלכער איז דאָ דער הר עיבל? איר ווייסט אויך ניט? וואָס זשע טויגט איר אויף דער וועלט?... בקיצור, אַ מיאוסע שטאָט שכם, אַ בייזע, אַ פֿינצטערע, מיט בייזע, פֿינצ־טערע אַראַבער, וואָס וואָלטן אונדז דערטרינקען אין אַ לעפֿל וואַסער. נאָר מיר הערן זיי פֿאַר אַ פֿיאַסטער! מיר זענען שטאַרקער פֿון זיי. אונדזער ליכטיקייט איז שטאַרקער פֿון זייער פֿינצטערניש — ס'איז אַן אַל־טער כלל!...

און מיט אַ מאָל האָט ער אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און זיי גענומען רייבן מיט טיפֿער כוונה איינע אָן דער אַנדערער, זיך צעשאָקלט און צעיאַכמערט צווישן די צוויי גרויע וויסטע בערג מיט אַ טרויעריקן ימים־נוראימדיקן ניגון, אויפֿן עכטן חזנישן שטייגער:

— אוי, רבונו של עולם, טאַטע־פאָטער, האַרציקער, געטרייער! ועל־ידי, זאָגט ער, עבדיך הנביאיאיאים כתוב לאמר: הלוך וקראת באָזני ירושלים לאמר: כה אָמר אדוני: זכרתי לך חסד נעוריך, אַהבת כלולותיך, לכתך אַחרי במדבר, בארץ לא זרועה!... און דאָ קומט דער אמתער זיסער פסוק, וואָס אַ גאַנצע וועלט מיט יידן קוויקט זיך מיט אים, גייט־אויס פון מתיקות: ונאָאָמר! אוי, הבן יקיר לי אפרים, אפרים לי יקיר, יקיר אפרים לי!...

דער וועג האָט זיך געשלענגלט אַרויף און אַראָפּ, און דער אויטאָמאָביל האָט זיך לאַנג געדרייט אַרום פאַרטרוקנטע פעלזיקע און קאַלכיקע בערג, וואָס האָבן אַראָפּגעקוקט אין נאַקעטע, מאָכיקע, מיט שטיינער באַשאָטענע טאָלן — דאָס זעלבע וויסטע בילד, באַהערשט פון דער זעלבער איינזאַמער זוניקער שטילקייט, ווי אין די ירושלימער בערג. נאָר איצט האָט מנוחינען זיך שוין געדאַכט, אַז די דאָזיקע וויסטעניש ווערט אים וואָס ווייטער אַלץ אייגענער, אינטימער, פונקט ווי פאַר די עטלעכע טעג איז צווישן אים מיט דער ארץ־ישראלדיקער לאַנדשאַפט באַנייט געוואָרן אַן אַלטער ירושה־בונד, אַ בונד פון צער, פון רחמנות און ווייטאָגדיקער ליבשאַפט. איצט האָט ער שוין געזען די ירושלימער געסלעך אַרום דעם כותל מערבי, וואָס נעכטן האָבן זיי ביי אים אַרויסגערופן אַ געפיל פון שוידער, אין וווּנדערלעכן שבתדיקן ליכט, געטראַכט מיט פאַרקלעמטער בענקשאַפט פון דעם כותל מערבי אַליין, וואָס שטייט פעסט אין זיין וואַרעמען ווינקל, בייגט די הויכע אַלטע פאַרטרויערטע פאָטערלעכע פלייצעס צו די אָרעמע פאַרוואָגלטע קינדער, וואָס טוליען זיך צו אים אין צעפליקטע טליתים, מיט באַגייסטערטע אַסקעטישע פנימער, ווי שמייכלענדיקע מתים... עפּעס שוועבט איבער דעם דאָזיקן קליינעם לאַנד אַן אומבאַגרייפלעכער האַרץ־נאָגנדיקער צויבער, אַ הימל־הויכער טרויער, וואָס לאָזט זיך ניט אַרויסזאָגן מיט ווערטער, וואָס קאָן נאָר אויסגעשריען ווערן דורכן אַלטן יידישן ימים־נוראים־געזאַנג, ווי באַרנבוים טוט עס...

אין יעזור זענען זיי אָנגעקומען שוין ווייט נאָך האַלבן טאָג, נאָכדעם ווי זיי האָבן, אויף באַרנבוימס פּראַקטישער עצה, אונטערגעלענט דאָס האַרץ אין עפולה. דורכגעלאָפן די ברייטע שטויביקע הויפּט־גאַס פונעם דאָרף, ווו עס האָבן זיך נאָך אָנגעזען די פאַרבליבענע אויסגעפּאַרענע פאַרטרוקנטע בלאָטעס נאָך די לעצטע רעגנס, האָט דער אויטאָמאָביל פאַרקערעוועט אין אַ ווינקל און זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קליינעם שטיבל, אַ צו־

נויפגעקלאַפּטן פון ברעטער און בלעך, וואָס האָט אַרויסגעקוקט גלייך צום אָפענעם פעלד. דאָ, האָבן די דאָרפישע קינדער זיי אַנגעוויזן, האַלטן זיך אויף בערל שמשיס קרובים, די ניי־אַנגעקומענע אַמעריקאַנער. אויפן קליינעם נידעריקן גאַניקל האָט זיך באַלד באַוויזן מיסעס דובראָוו, און נאָך איר — פּיניע דובראָוו, אַ פאַרשלאָפענער, מיט אַ זויערן פּנים און מיט אַן אַמעריקאַנער יידישער צייטונג אין האַנט.

— אוי, דאָקטאָר מנוחין! — האָט זיך מיסעס דובראָוו דערפרייט און איז אַראָפּגעלאָפן פונעם גאַניק. פּיניע דובראָוו איז איר אויף נאָכגעגאַנגען, נאָר ניט אַזוי געאיילט, ווי אַ מענטש, וואָס וועט גאָרנישט ניט פאַר־שפּעטיקן.

— אָט דאָס דאַרף זיין אַזוי גרויס ווי חבר פּיניע, וואָלט איך געמעגט שווערן! — האָט פריילעך אויסגערופן באַרנבוים, אַרויסקריכנדיק נאָך מנוחינען פונעם אויטאָמאָביל. — קיין עין־הרע, קיין בייז אויג, ווי מע וואַקסט דאָס אויס אין אַמעריקע אין דער ברייט!... וואָס קוקסטו מיך אָן? אַן אַלטער פּועלי־ציון, חבר ניסל באַרנבוים, אָדער בעסער געזאָגט — ניסל קוועק־זילבער, ווי מע האָט פאַרצויגן מיין נאָמען אויף איסט בראָדוויי און דער סביבה!... — האָט ער זיך אַליין פאַרגעשטעלט.

דובראָוו האָט געקוקט פאַרחידושט דאָ אויף באַרנבוימען און דאָ אויפן ווייב.

— ניסל קוועק־זילבער? — האָט ער געזאָגט שוין מיט אַ וואַרעמען באַהאַרצטן שמייכל און געגעבן אים די האַנט. — דו זעסט, טייבל? ניסל קוועק־זילבער!... יאָ, ס'איז ער, כ'לעבן!...

— געוויס ער! — האָט באַרנבוים פריילעך באַשטעטיקט.

— מיין ברודער בערל האָט טאַקע דערציילט, אַז איר זענט אויך דאָ! — האָט מיסעס דובראָוו געזאָגט, באַטראַכטנדיק דעם אַמאָליקן חבר מיט ווייכע גלעטנדיקע אויגן.

— „אויך דאָ" איז גוט געזאָגט! ווער דען וועט דאָ זיין, אַז ניט איך?... הכלל, קינדערלעך מיינע טייערע, — האָט באַרנבוים גלייך געמאַכט דער־פון אַ באַגייסטערטן סך־הכל, — ווו טרעפן זיך צוואָרפענע יידן נאָך אַ קיימאַ־לן פון וואָסערע צוואַנציק יאָר? ניט אין ניו־יאָרק און ניט אין שיקאַגאָ, נאָר דווקא אין דעם אַלטן עמק יזרעאל! אַלע קומען אַהער אויפן גרויסן רוף!

— אויף וועלכן רוף? — האָט דובראָוו שוין געפונען פאַר נייטיק

אָפּצוקילן אַ ביסל זיין צעהיצטן אַלטן חבר. — מיך האָט קיינער אַהער ניט גערופן. איך בין מיר אַליין געקומען...

— איז נאָך בעסער! — האָט באַרנבוים געזאָגט נאָך אַלץ אין שטייגנ־דיקער התפעלות.

— איך ווייס ניט, צי בעסער, צי ערגער, — האָט דובראָוו אָפּגע־ענטפערט מיט אַ זויערער מינע.

דאָ איז באַרנבוים אַ ווײַלע אַנשוויגן געוואָרן, אַנגעקוקט דובראָוון פרעגנדיק, און זיינע פריילעכע אויגן זענען פאַרצויגן געוואָרן ווי מיט אַ פאַרזאָרגטן הייטל.

— אַזוי גאָר? — האָט ער זיך געוווּנדערט. — וואָס איז? עפּעס ניט צופרידן חלילה מיט ארץ־ישראל?...

— וועל!... — האָט דובראָוו אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אומ־באַשטימט.

— ווו זשע איז עמוס? — האָט געפרעגט מנוחין, וואָס איז געשטאַנען ביים אויטאָמאָביל און זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן, באַטראַכט די גרויע דאַרפישע שטיבלעך מיט די הויפן און שטאַלן פון הינטן, די גרינ־שפּראָצנדיקע גערטנער מיט די שוואַרצע צעאַקערטע פעלדער אין דער ווייט.

— עמוס דרייט זיך אום מסתמא ערגעץ אין פעלד, — האָט דובראָוו געזאָגט ווי אומצופרידן. — ער האָט דאָ אויך ניט וואָס צו טאָן אין עמק יזרעאל!...

— אָט וועל איך גיין זען ווו ער איז, — האָט זיך אָנגערופן מיסעס דובראָוו, וועלכע איז געווען אַריינגעפאַלן אויף אַ מאָמענט אין אומעטיקער פאַרטראַכטקייט. — ער וועט זיך אַזוי דערפרייען, עמוסל!...

דובראָוו האָט אַרויסגעטראָגן עטלעכע בענקלעך אויפן גאַניק, פאַר־ענטפערט זיך, אַז אינווייניק אין שטוב קאָן ער קיין געסט ניט אויפנעמען — דאָס גאַנצע שטיבל איז גרויס ווי אַ גענעץ און איז איבערגעפּאַקט מיטן געבראַכטן באַגאַזש פון אַמעריקע.

— דאָס איז, דאַכט זיך, ראובניס „צריף"? — האָט באַרנבוים געזאָגט און דערציילט מנוחינען, אַז ראובני, אַ יונגער מענטש, איינער פון די בעסטע אין דאָרף, איז דאָ מיט עטלעכע חדשים צוריק געפאַלן אַ קרבן אין אַ פינצטערער נאַכט פון אַ באַהאַלטענער אַראַבישער קויל. ס'איז געבליבן נאָך אים אַ יונגע אַלמנה, נאָר יענע איז אַזוי צעטרייסלט פון דעם

אומגליק, אַז זי איז אַוועק קיין תל־אביב און געלאָזט דעם „משק” (ווירט־שאַפט) אויף גאָטס באַראָט.

— שאַ! — האָט ער זיך אַ פּאַטש געטאָן אין שטערן, וועגדנדיק זיך ווידער צו דובראָוון. — אפשר נעמסטו איבער דעם „משק” פון דער אלמנה? ס'איז אַ גאָלדענער פּלאַן!

— דעם גאָלדענעם פּלאַן האָב איך שוין דאָ געהערט פון אַנדערע, — האָט דובראָוו געזאָגט, שאָקלענדיק שפּאָטיש מיטן קאָפּ, — נאָר איך האָב מיר מיינע אייגענע גאָלדענע פּלענער. איך פאָר אַריבער קיין תל־אביב.

— עפּעס אַ קלייטל? — האָט זיך באַרנבוים פאַרקרימט.

— איך וועל שוין אַליין וויסן וואָס דאָרט צו עפּענען!

דערוויל איז צוגעקומען בערל שמשי. ער איז געבליבן שטיין פון דערווייטן קווייקלענדיק, ווי אַנגעכמורעט, געוואָרפן אויף מנוחינען אַ פאַרעמדלעכן בליק. נאָר באַרנבוים האָט אים גלייך אַרויסגעהאָלפן.

— שלום, בערל! — האָט ער אים פריילעך באַגעגנט, מיט אַ פּאַטש אין פּלייצע, אַרומנעמענדיק אים מיט איין האַנט. — איך האָב אייך גע־בראַכט אין עמק אַ חשובן גאַסט. אָבער גאָר־גאָר אַ חשובן!

— פון דאָקטאָר מנוחינען האָב איך שוין געהערט, — האָט שמשי געזאָגט, באַגריסנדיק דעם גאַסט מיט אַן אויפגעלויכטענעם שמייכל אויפן אָפּגעברענטן ערנסטן פּנים. — עמוס האָט מיר דערציילט.

— פאַרוואָס זשע זעט מען נאָך ניט עמוסן? — האָט זיך מנוחין געוווּנדערט.

— ער קומט באַלד, תיכף ומיד. ער איז דאָ ניט ווייט אין פעלד מיטן עדר, מיט די בהמות הייסט עס. עס געפעלט אים דער ענין צו זיין אַ פּאַס־טוך אין ארץ־ישראל.

— ניט קיין שלעכטער ענין, — האָט באַרנבוים באַמערקט. — דער ערשטער עמוס איז אויך געווען אַ פּאַסטוך. און וואָס מאַכט זי?

— ווער זי? — האָט שמשי ניט פאַרשטאַנען.

— ער ווייסט שוין גאָרניט, ווער זי? זי — די האָלענדערין דיינע, ראומה זאָל געזונט זיין!

— אָ, ראומה? — האָט שמשי געזאָגט מיט אַ שמייכל. — וואָס זאָל זי מאַכן? זי טוט איר פליכט.

— בויט דאָס לאַנד?

— בויט דאָס לאַנד.

— ווען קעלבט זי זיך למזל?... איך דאַרפט וויסן, דאָקטאָר, — האָט באַרנבוים דערקלערט מנוחינען, שפּריצנדיק פון די אויגן מיט פרייילעכע פונקען, — אַז ער האָט זיין פּאַרמעגנס אַ „ראומה", איז דאָס גאָר אַ צאַצ־קע! די בעסטע האַלענדישע קו אין עמק!... דער נאָמען „ראומה" אַליין איז שוין ווערט אַ מיליאָן! אַן אמתער בהמהשער נאָמען, ווי געשאַפן משׁשת ימי בראשית... ררראואו—מממה! — האָט ער זיך פּלוצים צע־מעקעט ווי אַ קו, און גלייך נאָכדעם זיך צעזונגען מיטן ניגון פון מעביר־סדרה־זיין: — ופילגשו ושמה ראומה, ותלד גם היא את טבח ואת גחם ואת תחש ואת מעכה!... הער נאָר, בערל! — איז ער ווידער געוואָרן ערנסט. — פאַרוואָס לאָזט דיין פּיניען אָוועקפאָרן פון דאַנען קיין תל־אביב? קאָרג גאַזאָזניקעס האָבן מיר דאָרט?... פאַרוואָס זאָל ער בעסער ניט איבערנעמען ראובניס „משק"?

— נו, אַדרבה, רעד דו מיט אים! — האָט שמשי אַ זאָג געטאָן ברוגז־לעך. — איך האָב שוין גענוג גערעדט!

— דַבֵר אל העצים ואל האבנים, הייסט עס? — האָט באַרנבוים געפרעגט.

— דַבֵר, דַבֵר, דַבֵר! דער גאַנצער כוח ביי אייך איז אין דַבְרן, מלמדים וואָס איר זענט, העברעאיש־קוועטשער! — איז פּיניע דובראָוו געוואָרן אָנגעצונדן, זיך געלאָזט גיין פון גאַניק און זיך אָפּגעשטעלט. — שאַ, אָט איז דער פאַסטוך פון עמק יזרעאל!...

קאַפּיטל אַכט און פערציק

## פון חלום צו וואָר

פּיניע דובראָוו האָט גלייך ביי זיין אָנקומען אין יעזר זיך דערפילט אַנטוישט. און ניט נאָר אַנטוישט, נאָר כמעט ווי באַליידיקט, הגם זיין גדלותדיקע, אומאָפּהענגיקע שטעלונג קעגן דער וועלט האָט ניט דערלאָזט דעם געדאַנק, אַז ער קאָן זיך פון איר פילן באַליידיקט.

אין פלוג, האָט ער זיך ניט אָפּגעגעבן קיין גענויע רעכענונג, אין וואָס זיין אַנטוישונג באַשטייט דאָ, ווייל ער האָט לכתחילה זיך ניט געשאַפן

קיין קלאָרן באַגריף פון דעם, וואָס ער דערוואַרט פאַר זיך אין ארץ־ישראל. ער האָט נאָר געהאַט אַ טונקעלע פאָרשטעלונג, אַז ער פאָרט אין דעם יידישן היימלאַנד ווי אַ פּיאָנער — אויפּצוטאָן זאַכן, באַווייזן וואָס ער קאָן. ער האָט זיך פאַרלאָזט אויף זיין מוט און ענערגיע, אַז ער וועט זיך שוין דורכשלאָגן אַ וועג אין דעם אָפּגעשטאַנענעם, האַלב־וויסטן לענדל, ווו מע וויסט נאָך זייער ווייניק פון אַמעריקאַנער אונטערנעמונגס־גייסט און אַמעריקאַנער געוואַגטע מעטאָדן. האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז ער איז געקומען אַהער כמעט אויף גרייטן. די פּיאָנערן זענען שוין דאָ געוועזן לאַנג פאַר אים און האָבן די הויפּט־זאַך שוין אָפּגעטאָן. דער אמתער פּיאָנער איז דאָ גאָר געוועזן זיין שוואָגער בערל שמשי, וועלכער האָט, צוזאַמען מיט אַנדערע חברים זיינע, דורכגעווייטאָגט און דורכגעפּיבערט דאָס לאַנד פון דער סאַמע יוגנט, אויסגעשטאַנען פאַרשיידענע ביטערע צייטן, אַלערליי שוועריקייטן און שטרויכלונגען, ביז ער האָט מיט אַ יאָר צען צוריק זיך פאַרוואָרצלט אינעם עמק און דערלעבט, אַז יעזר זאָל איצט גרינען אויף טויזנטער דונאַם מיט גוט־באַאַרבעטע פעלדער און גערטנער, מיט יונגע פּרדסים און לאַנקעס פאַר פּאַשע, און אַפילו מיט אַ היפּשן עקאַליפּטוס־וועלדל, וואָס זיינע שלאַנקע געדיכט־בלעטערדיקעביימער קוקן שוין הויך אין הימל אַריין. ער האָט געהאַט מיט וואָס שטאָלץ צו זיין, אָט דער פרעמדלעך פאַרטראַכטער שוואָגער זיינער, הגם דער שטאָלץ איז ביי אים געווען אַ שטילער, אַן איינגעהאַלטענער, געלעגן פאַרבאָרגן אין די ערנסטע קנייטשן פון זיין אָפּגעברענטן פּנים און אין די קאַרבן פון זיין אויסגעהאָרעוועטן, אויסגעדאַרטן האַלדז. פּיניע דובראָוו וואָלט אים דעם דאָזיקן שטאָלץ פאַרגונען מיטן גאַנצן האַרצן. עס האָט אים נאָר פאַרדראָסן, וואָס זיין שוואָגער האָט דאָ געהאַט אַ השגה צו וועלן אויך אים מזכה זיין מיט זיין שטאָלצן אויפּטו און האָט פאַר אים צוגעגרייט אַ פאַרטיקן פּלאַן נאָך איידער ער איז אַהער געקומען. ער האָט אים צוגעטראָגן אַן אָפּגעשיילט איי גלייך אין מויל אַריין — די איבערגעבליבענע ווירטשאַפט פון דעם אומגעקומענעם ראובני, וואָס דובראָוו האָט מיט זיין ביסל קאַפּיטאַל לייכט געקאָנט איבערנעמען פון דער אַלמנה.

דאָס איז דובראָוון באַלד ניט געפעלן געוואָרן. דער געדאַנק, אַז ער איז געקומען אין ארץ־ישראל ירשענען עפּעס אַ פרעמדן חלוץ, וואָס האָט פאַר זיין חלוצישער אַרבעט באַצאָלט מיטן לעבן, איז אים שטאַרק ניט אָנגעשטאַנען. דערצו איז דער גאַנצער ענין דאָ אין דאָרף ניט געווען לויט

זיין געשמאַק. יעזר האָט זיך אַרויסבאַוויזן צו זיין אַ „מושב", אַ קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע, וואָס זיצט אויפן לאַנד פון דעם „קרן קימת" און אירע וויכטיקע פונקציעס ווערן צום מיינסטן דורכגעפירט דורך אַ בשותפותדיקער פאַרוואַלטונג. יעדער איינער פון די דאָרפסלייט האָט זיך טאַקע זיין אייגענעם ווינקל און איז אַ באַלעבאָס פאַר זיך, באַאַרבעט אַליין זיין ערד און מעלקט אַליין זיין קו, נאָר פאַרקויפן זיין שטיקל ערד קאָן ער ניט, און אום צו געניסן די פּרוכט פון זיין אַרבעט, מוז ער אָנקומען צום כלל, ווערן אַ שותף צו אַלעמען. און כאָטש פיניע דובראָוו איז די לעצטע יאָרן אין שיקאַגאָ געווען פאַרקאָכט אין קאָמוניזם און פלעגט אין זיין היימישן זונטאָגדיקן קלוב זיך הייס איינשטעלן פאַר די „קאָלכאָזן" אין סאָוויעט־רוסלאַנד, איז דאָס אָבער געווען נאָר אין טעאָריע; אין דער פּראַקטיק, פאַר זיך אַליין, האָט ער ניט געקאָנט דערלאָזן, אַז די וועלט זאָל האַלטן השגחה אויף זיינע טועכצן, קאָנטראָלירן זיינע טריט. „וואָס הייסט, — האָט ער געטענהט אַן אויפגעבראַכטער פאַר זיין ווייב, — איך וועל דאַרפן אָפּטראָגן מיין קאָן מילך אין זייער „מחלבה" (מילכעריי), אָדער ווי עס הייסט דאָרט ביי זיי אויף לשון־קודש? און טאָמער פאַלט מיר איין צו מאַכן גאָמלקעס, אָדער גאָר אויסגיסן די מילך אינדרויסן, — וועט מיר ווער אַ דעה זאָגן?... און ווי קום איך נעמען אומזיסטע ערד פון די ציוניסטן — וואָס פאַר אַ מחותן בין איך מיט זיי?"...

נאָך מער איז אים דער ענין געוואָרן פריקרע, ווען זיין שוואָגער האָט אים געוואָלט באַקענען מיט די דאָרפסלייט און האָט אים גענומען צו זייערן אַ מיטינג אינעם „בית־עם", ווו אַ צוגעשיקטער אַגראָנאָם פון תל־אביב האָט זיך דורכגעשמועסט מיטן עולם וועגן דאָרפישע זאַכן — וועגן זריעה, וועגן מיסטיקן די ערד, וועגן אָפּהיטן די יונג־פאַרפלאַנצטע מאַראַנצן־ביימער פון ווערים. יעדער איינער האָט געהאַט עפּעס צו פרעגן, צו באַמערקן, צו דערציילן פון זיינע טאָג־טעגלעכע דערפאַרונגען. נאָר גערעדט האָבן זיי אַלע העברעאיש, פון וואָס דובראָוו האָט קוים געכאַפּט אָפּגעריסענע ווערטער. ער איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט אין אַ ווינקל, מיט די הענט אין די קעשענעס און מיט אַ קאַלטן שפּאָטישן אויסדרוק אויפן פנים, און געטראַכט פאַר זיך, אַז זיין שוואָגער איז זיך נעבאַך אומזיסט מטריח — ער וועט דאָ ניט רעדן קיין לשון־קודש, אַפילו מע זאָל אים געבן גאָלד. ער איז אַ ראַדיקאַל און אַ פאַלקסמענטש און וועט זיך קיינמאָל ניט אויסמישן מיט אָט די ישיבה־לייט, וואָס מאַכן דעם

אָנשטעל פון פויערים, רעדן וועגן מיסטיקן פעלדער אויף דעם לשון פון רבנים און כלי־קודש. עס גייט זיי נאָר אָפּ, זיי זאָלן דערביי שמעקן טאַ־באַק... וויבאַלד אַזוי, וואָס האָט ער דאָ צו טאָן?... וואָס וועט ער זיי דאָ נאָכגיין, ווי אַ שטומע קאַלב, ניט האָבנדיק אַפילו דאָס פאַרגעניגן אַרייַנצור־זאָגן זיי ווי עס באַדאַרף צו זיין, באַווייזן זיי, ווער ער איז און ווער זיי זענען?... ניין, ס'איז ניט פאַר אים קיין עסק!...

שוין אויפן דריטן טאָג האָט ער געוואָלט זיך אויפהייבן מיטן הויז־געזינד און מיטן באַגאַזש און זיך לאָזן קיין תל־אביב, זוכן דאָרט זיין אייגענעם וועג. ער האָט דאָס אָבער ניט געקאָנט טאָן אַזוי ראַשיק צוליב זיין ווייב, וואָס האָט זיך דערפון געפילט זייער געקרענקט. מיסעס דובראָוו, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן געשאַנעוועט איר מאַן, פרום און געדולדיק אויסגעשטאַנען אַלע זיינע פאַנטאַזיעס און קאַפּריזן, האָט זיך איצטיקס מאָל ווי אָנגענומען מיט שטאַרקייט און געשטעלט זיך אים אַנטקעגן. איר איז יעזר דווקא געפעלן געוואָרן, געוועזן שטאַרק צום האַרצן. עס האָט זיך אַרויסבאַוויזן פונקט אַזוי, ווי זי האָט זיך עס פאַרגעשטעלט נאָך מיידלווייז, בשעת זי האָט אונטער דעם ברודערס איינפלוס אויפגענומען דעם ציוניס־טישן אידעאַל: אַ יידיש דאָרף, מיט שטילע, ערלעכע, אידעלע יידישע ערד־אַרבעטער, מיט פעלדער, מיט גרינס, מיט אַ טשערעדע קי און שאָף... עס האָט אין זיך דעם אַלטן ליבן חן פון דעם היימישן קליינשטעטל, מיט נאָך עפּעס, וואָס איז באַרוישנד־ניי: מיט דער נאָענטקייט צו הימל און ערד, מיט דער שטילער ליכטיקייט, וואָס שלאָגט פונעם הימל, און מיט די פרישע קרעפטיקע ריחות, וואָס שלאָגן פון דער ערד. און מענטשן לעבן דאָ אַזוי אידעאַליסטיש פיין, אין גוטער, מילדער שכנות, ווי איין געהויבענע משפחה, העלפן זיך אויס איינס דעם אַנדערן, ווייסן ניט פון קנאה, פון ביטערקייט, פון ניט־פאַרגינען. און אינדרויסן איז אינמיטן דער וואָך אַזוי שטיל, ווי אין דער אַלטער היים אום שבת, ניטאָ דער רעש פון אויטאָ־מאָבילן, ניטאָ דער אייביקער שרעק פאַר די קינדער. און וואָס פאַר ליבע קינדער עס וואַקסן דאָ — געזונטע, רואיקע, מיט ליכטיקע פּנימער. דאָר־פישע קינדער, אָרעם געקליידטע, אַ סך פון זיי פאַרהאָרעוועטע אינאיינעם מיט די עלטערן — נאָר פיין־דערצויגענע, געהויבענע, רעדן פון סאַמע געבורט אויף דער אַלטער געהויבענער העברעאישער שפּראַך. דערצו האָט זי דאָ אַזוי נאָענט דעם ברודער בערל, וואָס ווייזט זיך צו איר אַרויס האַרציק־געטריי, ווי אין די יונגע יאָרן, און אויך דעם ברודערס ווייב, די

ניי־באַקאַנטע שוועגערין, ווען זי האָט ליב באַקומען פון דער ערשטער מינוט, ווי אַן אייגענע שוועסטער. ביידע זאָרגן זיך פאַר איר מיטן גאַנצן האַרצן, האָבן צוגעגרייט פאַר איר מאַן אַ פּאַרטיקע זאַך, אַ זיכערע, אַ רואיקע, אַן קאָפּדרייעניש, אָן ריזיקע, גאָרניט צו פאַרגלייכן מיט די אומגליקלעכע, אומגעלומפּערטע געשעפטן דאָרט אין שיקאַגאָ. וואָס זשע קאָן זי ווינטשן פאַר די קינדער בעסערס דערפון?... זי איז גרייט געווען זיך גלייך איינשפּאַנען אין יאָך, גיין אַרבעטן אין גאָרטן, זיך אָפּגעבן מיט די קי, אָנהייבן אַ ניי לעבן מיט פרייד, מיט נייער האָפענונג. נאָר צו איר גרויסן פאַרדראָס, האָט זיך איר פיניע פאַרעקשנט, זיך געשטעלט פּאָפּעריק, אַרויסבאַוויזן זיין קרומען כאַראַקטער. זי האָט אפשר צום ערשטן מאָל אין איר לעבן אַ טראַכט געטאָן פון אים אין שאַרפן, ביטערן שטייגער: „וואָס וויל ער, דער משוגענער? וואָס האָט אים דאָ אַזוי פאַרדרייט דער קאָלטן?"... זי האָט מיט אים גענומען ווייך איינטענהן, געבעטן זיך, גע־ווײנט, גערופן צו הילף דעם ברודער מיט דער שוועגערין. אַזאַ ווידער־שטאַנד מצד זיין שטילער נאָכגעביקער טייבלען איז פאַר פיניע דובראָוון געווען אַ נייעס. דערהויפּט האָט אים אויפגערעגט, וואָס זיין שוואָגער האָט זיך דאָ אַריינגעמישט, גענומען אָקעגן אים אַן איראָניש־געלאַסענעם, ביטולדיקן טאָן, ווי אַ מענטש אַ בר־דעת וואָס רעדט צו אַ פּרא־אָדם. אפשר איז דאָס דערפאַר, ווייל יענער ווייסט, אַז ער איז געקומען צו פאָרן קיין ארץ־ישראל אויף זיין אַלטן פאָטערס געלט?... דאָס האָט דובראָוון אַזוי פאַרברענט, אַז ער האָט באַשלאָסן צו ווייזן די שימשעלעוויטשעס, ווער עס איז דאָ שטאַרקער!...

עמוס האָט זיך דערווייל געפונען צווישן צוויי פייערן. ווי אַלע מאָל, איז ער אויך איצט גרייט געווען צו האַלטן מער מיט דער מוטער, ווי מיטן פאָטער. נאָר ער אַליין האָט זיך דערפילט אין יעזר מאָדנע פאַרווירט און געפאַלן. דיווירקלעכקייט, פאַר וועלכער ער האָט די לעצטע טעג אויף דער שיף זיך געשראָקן, געהאַט אַ שווער פאַרגעפיל, האָט זיך דאָ אַרויס־באַוויזן אַזוי דייטלעך קליין, ערדיש־געווײנלעך, אַזוי נידעריק אַראָפּגע־פאַלן פון זיינע הויך־פליענדיקע פאַנטאַזיעס. דעם ערשטן טאָג איז ער נאָך געווען ווי באַרוישט מיט דער נייקייט פון דעם יידישע דאָרף, ווו אַלצדינג איז דורכאויס יידיש: די מענטשן, די נעמען פון די געסלעך, דאָס צוגע־קלאַפּטע בלעכל אויפן דאָרפישן טראַק, די שילד פון דעם מילך־הויז — אַפילו די קי און די הינט טראָגן דאָ אַלט־ביבלישע נעמען. עס האָט אים

אויך געמונטערט דעם פעטער בערלס בליק, וואָס האָט זיך אָפּט אָפּגע־שטעלט אויף אים מיט אַ באַזונדער קרובישער וואַרעמקייט. ער האָט זיך אָפּגעגנבעט פון די נייע קרובים, אַרויס אַליין אין אָפענעם פעלד, גע־שטאַנען צווישן שוואַרץ־צעאַקערטע בייטן, ווו די יונגע זריעה איז אויפ־געגאַנגען מיט צאַרטע גרינע שפּראָצן, זיך צוגעהערט צו דער גרויסער טיפער שטילקייט אַרום און אַרום, וואָס איז געווען באַהערשט פון זון און דורכזיכטיקער קילער ווינטערדיקער לופט, געקוקט ווייט צו די בלוי־לעכע סילועטן פון די נידעריקע בערג, וואָס האָבן אַרומגערינגלט ווי אַ זוים דאָס רחבותדיקע פלאַכלאַנד פון דעם עמק, און האָט פּלוצים אויס־געשריען פאַר זיך אַליין מיטן לשון פון דער ענגלישער ביבל, וואָס איז אים געקומען אויפן זכרון:

— און דו, מענטשנקינד, זאָג נביאות אויף די בערג פון ישראל, און זאָלסט זאָגן: איר בערג פון ישראל, הערט דאָס וואָרט פון גאָט!...

ער איז אָבער גיך אויסגעניכטערט געוואָרן פון דער לייכטער באַ־רוישונג. אויפן דריטן טאָג איז ער שוין אויפגעשטאַנען מיט אַ קאַלטער פּוסטקייט אין האַרצן. ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „גוט, — וואָס־זשע וועל איך דאָ טאָן אין דאָרף?"... ער האָט זיך געהאָט פאַרגעשטעלט דעם עמק אין אַ גאַנץ אַנדערן אויסזען — ווי אַ מין צעגראָבענער און צעאַקערטער תוהו־ובוהו אויף באַרג און אויף טאָל, ווו מחנות יונגע חלוצים, נאַקעטע ביזן גאַרטל, אַרבעטן מיט ברעכאייזנס אין פעלדז, שאַפן פונעם תוהו־ובוהו אַ נייע וועלט, פאַרהילכן די באַגינענדיקע בראשית־לופט מיט שאַלנדיקן ביבלישן געזאַנג... און דאָ איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ שטילן געמיטלעכן דערפל, מיט שטילע פאַרדרעמלטע הייזלעך און הויפן, ווו עס פאָרען זיך שטיל ביי זייער טעגלעכער אַרבעט פרידלעכע פאַרמערס, צווישן זיי אַ סך עלטערע מענטשן, שוין מיט גרויע שלייפן, אַזוי ווי דער פעטער בערל. ס'איז כמעט דאָס אייגענע, וואָס דאָרט אין דער ווייטער אַמעריקאַנער וועסט, ביי די סקאַנדינאַווישע פאַרמערס, צווישן וועלכע ער איז אויפגע־האָדעוועט געוואָרן — דאָס אייגענע, נאָר אַ ביסל אָרעמער, אָפּגעלאָזענער... ער האָט שוין געוווּסט פון דעם פעטער בערלס פּלאַן, אַז דער טאַטע דאַרף אָפּקויפן אָט דאָס קליינע, ענגע שטיבל, וווהין זיי זענען פאַרפאָרן, איבער־נעמען אַ שטיק פעלד מיט אַ גאָרטן, מיט צוויי קי און מיט אַ הינער־שטייג, ווערן אַ פּויער, און ער, עמוס, וועט אים אַרויסהעלפן אין דער אַרבעט. ער וועט פאָרן מיטן טאַטן אין פעלד אַריין אויף אַן אַלטן וואָגן,

צוגעשפּאַנט צו אַ מויל־אייזל, ווי אַלע דערוואַקסענע ייִנגלעך טוען דאָ, וועט אַקערן, זייען, גראָבן קאַרטאָפל... און וואָס ווייטער? ווו וועט ער אַהינטאָן דאָס העלישע פייער, וואָס האָט ביי אים אויפגעפלאַקערט די לעצטע צייט און העל באַלויכטן זיין וועג אין לעבן? ווו וועט ער דאָ קאָנען זיך מוסר־נפש זיין פאַרן ייִדישן לאַנד, גרויס מאַכן דעם נאָמען פון זיין פאָלק אויף דער וועלט?... די פאַנטאַסטישע חלומות, מיט וועלכע ער איז דאָ ניט לאַנג אומגעלאָפן אין די ווינטיקע פאַרנאַכטן איבערן „באָרדוואָק” אין קוני־איילאַנד, האָבן איצט ערגעץ ווייט פון אים געווי־כערט, ווי אויסגעלאָשענע האָלעוועשקעס נאָך אַ הערלעכער שריפה. ער האָט דערמאָנט מיט חרפּה, ווי אַזוי ער האָט צו יענע קינדערשע חלומות צו־געצויגן אין געדאַנק אַפילו דעם פעטער בערלען, באַשטימט אים פאַר זיין אַרויסהעלפער אין דער ווונדערלעכער אַקציע פון גאולה. ווען דער פעטער בערל ווייסט דאָס! ער וואָלט געמאַכט דערפון דאָס גרעסטע געלעכטער. דער פעטער בערל, זיין אויסגעחלומטער העלדישער חלוץ אויף די בערג פון ישראל, פאַרנעמט זיך דאָ מיט ערנסטערע זאַכן, ווי אַרומפליען אין דער קינדערשער ווונדערמאַשין פון זיין אַמעריקאַנער פּלימעניק אויסצו־לייזן דאָס פאָלק — ער האָדעוועט דאָ אַ האָלענדישע קו מיט גרויסע געשוואָלענע אַייטער, וואָס טראָגט דעם ביבלישן נאָמען „ראומה”... און ווי אַזוי וועט ער איצט קאָנען ווייזן דאָס פּנים פאַר דער טייערער קליינער שולמית, וועלכע ער האָט שוין פאַרקנסט אויף אייביק מיטן ערשטן הייליקן קוש?... ער וועט קומען צו איר, ווי אַ געוויינלעך דאָרפיש פאַר־מער־ייִנגל, פון וועלכן עס שמעקט מיט מיסט... צו וואָס האָט ער איר באַדאַרפט פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט זיינע נאַרישע באַרימערישע פאַנ־טאַזיעס, זיך אַרויסשטעלן פאַר איר ווי אַ ווונדערלעכער העלד, ווי אַ גאַנ־צער משיח? אָך, וואָס פאַר אַן אומגעלומפּערט נאַריש ייִנגל ער איז, ניט קוקנדיק אויף זיינע אַכצן יאָר כמעט!...

ער האָט זיך אומגעדרייט איבערן דאָרף און איבער די פעלדער אַרום דעם דאָרף אין באַטריבטער איינזאַמקייט, ווי אַ פרעמדער, „ווי אַ שווייגנ־דיקער אויסלענדער” — ווי ער אַליין האָט זיך כאַראַקטעריזירט אין גע־דאַנק, פאַרשטעלנדיק זיך, ווי אַזוי עס טראַכטן וועגן אים די יעזר׳ער איינוווינער, בשעת זיי קוקן אים נאָך פון די הויפן. געשוויגן האָט ער פּשוט דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין שפּראַך, אויף וועלכער ער זאָל זיך דאָ קאָנען פאַרשטענדיקן. רעדן מיט די יעזר׳ער ביבלישע

לייט יידיש, ווי זיין פאָטער טוט, איז אים ניט אָנגעשטאַנען. ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אומטאַקטיש סיי קעגן זיי, סיי קעגן זיך. קעגן זיך — דערפאַר, וואָס יענע רופן די שפּראַך פון זיינע עלטערן, פון זיין זיידן מיט זיין באָבען, מיטן באַליידיקנדיקן נאָמען „זשאַרגאָן". מחמת דעם האָט ער אויך געווייכט פון די דאָרפישע בחורימלעך, מיט וועלכע דעם פעטער בערלס עלטערער זון יאיר האָט אים געוואָלט צונויפפירן, הגם עס האָט אים צו זיי שטאַרק געצויגן. דערהויפּט האָבן אים פאַראינטערעסירט צוויי פון זיי, איינער אַ רויט־האָריקער און איינער מיט אַ שוואַרץ־געגרייזלטן קאָפּ און מיט שוואַרצע לאַכעדיקע אויגן, וואָס האָבן ביידע געהייסן, פּונקט ווי ער, עמוס. נאָר אַז ער, דער אמתער עמוס, זאָל זיך אַרויסשטעלן פאַר זיי ווי אַ וויסטער עם־הארץ — דאָס איז אים געווען ניט אָנגעשטאַנען. דער פעטער בערל, וואָס האָט זיך צו אים שטאַרק צוגעקוקט, האָט באַמערקט זיין געדריקטן געמיט־צושטאַנד און אַרויסבאַוויזן אַ באַזונדער מיטגעפיל צו אים.

— וואָס איז, עמוס? — האָט ער אים איינמאָל אַ פרעג געטאָן מיט אַ וואַרעמען שמייכל, טרעפנדיק אים אַליין אין פעלד, — וואָס ביסטו זיך אַזוי מתבודד? אַלץ חלומות?...

— ניין, פעטער בערל, — האָט אים עמוס געענטפערט אויך אין אַ וואַרעמען, קרובישן טאָן, אויף זיין לאַנגזאַמען, נאָר דייטלעכן אַמעריקאַ־נער יידיש. — איך בין שוין ווייט אַוועק פון חלומות. איך דענק, איך גיי ווערן אַ ניצלעכער מאַן צו מיין פאָלק. נאָר ווי אַזוי? — דאָס איז די פראַגע!...

— האַר־אויס אַ פאָר טעג, — האָט אים דער פעטער בערל געמונ־טערט. — מיר וועלן פריער פאַרטיק ווערן מיט דיין טאַטן, וועלן מיר דער־נאָך זיך נעמען צו דיר.

— אפשר וועסטו מיר דערלויבן, איך זאָל דערווייל זיין אַ פאַסטוך צו דיין אויסגעצייכנטער בהמה „ראומה"? — האָט עמוס געפרעגט דעם פעטער ווי מיט לייכטער איראָניע איבער זיין אייגענער געפאַלענער לאַגע.

— דו ווילסט זיין אַ פאַסטוך אין יעזר?

— אונדזערע אַלטע זיידעס, זינט דעם עלטער־זיידן אברהם, זענען דאָ אויך געווען פאַסטוכער...

— נו, געפועלט! — האָט דער פעטער בערל גלייך מסכים געווען. —

קום שוין, וועל איך דיך צופירן צו אונדזער ערד. מיר האָבן דאָרט עטלעכע פּאַסטוכער, וועסטו פון זיי לערנען די תורה...

די דאָרפישע טשערעדע, וואָס איז באַשטאַנען פון קי מיט ציגן, האָט זיך געפּאַשעט ניט ווייט פונעם עקאַליפּטוס־וועלדל, אונטער דער השגחה פון צוויי בחורימלעך מיט לאַנגע שטעקנס אין די הענט און מיט צוויי שטילע מאָגערע אַראַבישע הינט ביי זייערע פיס. די יונגע פּאַסטוכער האָבן אויפגענומען דעם אַמעריקאַנער גאַסט אין דעם ווייסן דיקן סוועטער מיט טשיקאַווע שמייכלענדיקע פּנימער. זיי האָבן געוווסט, אַז ער פאַרשטייט ניט קיין העברעאיש, האָבן זיי געפּרוווט רעדן צו אים יידיש, נאָר ס׳איז געווען אַזאַ געמוטשעטע לשון, געמישט מיט אַ היפּשער מאָס העברעאישע ווערטער, וואָס עמוס האָט קוים פאַרשטאַנען. צו זיין גרויסן פאַרדראָס, האָט ער אַליין, אויף זיי קוקנדיק, אויך אָנגעהויבן ברעכן די שפּראַך, געפּלאָנטערט מיט דער צונג, געשטאַמלט אומבאַהאָלפן, געמאַכט די אייגענע ווילדע גרייזן וואָס זיי, ווי אַן עכטע מאַלפּע!

וואָס צו לערנען זיך פון די יעזור׳ער פּאַסטוכער איז דאָ ניט געווען. די תורה פון זיין אַ פּאַסטוך האָט זיך אַרויסבאַוויזן זייער אַ פּשוטע און אַ לייכטע. מע דאַרף נאָר זיצן אין פעלד אויף אַ שטיין און אַכטונג געבן, די בהמות זאָלן זיך ניט צעקריכן. און טאָמער פאַרגלוסט זיך אַ ווילדער ציג אַוועקצוגיין ווייט, שיקט מען די הינט לבנען מיט סיסראָן, זיי זאָלן זיי ברענגען צוריק. מע קאָן אַזוי אַוועקזיצן אַ גאַנצן טאָג, ניט רירן זיך פונעם אָרט, זיצן און טראַכטן. אַזוי איז מסתמא געזעסן און געטראַכט אויך דער נביא עמוס. נאָר אַנשטאָט אַ סוועטער, האָט ער געטראָגן אויף די פּלייצעס אַ שאָפענע פעל. די הויפּט־זאַך איז דאָך אָבער, מע זאָל זיך אַמאָל צו עפּעס דערטראַכטן — צו גרויסע, אויסערגעוויינלעכע, געוואַגטע מעשים!...

פאַרנאַכט, קומענדיק צוריק מיט דער טשערעדע, איז עמוס אַריין אין שטיבל, געטראָפן די מוטער אַ פאַרפּלאָנטע ביי דער ספּירט־מאַשינקע און זיך אָנגערופן צו איר מיט אַ טרויעריקן שמייכל, אויף זיין פאַרשטעלטן שטייגער, מיטן ענגלישן נוסח פון דעם נביא עמוס:

— דו הערסט, מאַמע, וואָס איך בין דאָ דערגאַנגען אין יעזור? איך בין ניט קיין נביא און ניט דער זון פון אַ נביא, נאָר אַ פּאַסטוך בין איך און קלייבער פון סיקאָמאָר־פייגן... אפשר זאָלן מיר טאַקע אַריבערפאָרן פון דאַנען קיין תל־אביב?

די מוטער האָט אים אָנגעקוקט פאַרצווייפלט און פאַרבראָכן מיט די הענט.

— דו אויך, עמוסל? — האָט זי געזאָגט כמעט וויינענדיק. — דו אויך?... וואָס האָט איר זיך אַלע אָנגעזעצט אויף מיר, ווי צו מיינע יאָרן!...

קאַפּיטל ניין און פערציק

## איבער די קבוצות

עמוס האָט זיך מיט מנוחינס אומגעריכטן באַזוך אין יעזר אי דערפרייט, אי דערפילט אומבאַקוועם. נאָך זייער לעצטן געשפּרעך אויפן שיפדעק, אין דער פאַרטאָגיקער האַלב־פינצטערניש, ביים צוקומען צו די ברעגן פון ארץ־ישראל, ווען צווישן זיי ביידן איז כמעט געשלאָסן געוואָרן אַ פייערלעכער בונד פון פריינדשאַפט, איז מנוחין אים געוואָרן באַזונדער טייער, ווי אַן אייגענער, ווי אַ זעלטן־געהויבענער קרוב, וואָס האָט אים גענומען אונטער זיין איידעלער השגחה, צו באַוואַכן זיין אומזיכער יונג לעבן, צו שטאַרקן זיינע וואַקלדיקע יונגע טריט. ער האָט אין האַרצן זיך געגרויסט מיט זיין פריינדשאַפט, ניט געקאָנט פאַרגעסן די וואַרעמע חברשע באַרירונג פון מנוחינס גוטער שטאַרקער האַנט אויף זיינע מאָגערע ציטערדיקע פּלייצעס אין דער קילקייט פון יענער נאַכט, און אין זיין געפּאַלענער שטימונג אין יעזר האָט ער אָפט געטראַכט, אַז מנוחין איז דער איינציקער מענטש, וואָס וואָלט אים דאָ געקאָנט אויפמונטערן מיט זיין קלוגן האַרציקן וואָרט. נאָר אַז ער האָט אים איצט דערזען, איז אים באַפאַלן, צוזאַמען מיטן געפיל פון פרייד, אויך אַ פּיינלעכע שרעקעוודיקייט, פונקט ווי ער וואָלט אים דאָ באַדאַרפט אָפּגעבן דין־וחשבון פאַר זיין געדריקטן געמיט, וואָס באַרעכטיקט ניט די האָפענונגען, וועלכע מנוחין האָט אויף אים אַרויפגעלייגט.

זיי האָבן זיך ביידע געלאָזט אין פעלד אַריין שפּאַצירן, און דאָס האָט ווי באַשטעטיקט פאַר עמוסן זייער געהויבענע אינטימע פריינדשאַפט, וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט פון דער איבעריקער וועלט מיט אירע פרעמדע קליינלעכע אינטערעסן. באַרוישט און באַפליגלט דערפון, האָט ער גלייך באַשלאָסן, אַז ער וועט פאַר מנוחינען זיך ניט באַקלאָגן אויף זיין פאַר־

ווירטער לאַגע אין יעזר. ער טאָר ניט אַרויסווייזן פאַר זיין עלטערן פריינד זיין ניט־געשעטעלטן, קליינמוטיקן, יינגלשן כאַראַקטער. ער האָט אים נאָר דערציילט, אַז איבער דעם, וואָס זיין פאָטער זעט דאָ ניט פאַר זיך קיין אינטערעס אינעם עמק, וועט ער אויך מוזן מיטפאָרן מיט אים קיין תל־אביב, ווו ער האָפט צו געפינען דעם אמתן קוואַל פון באַגייסטערונג. מנוחינען איז אָבער אַזאַ אויסזיכט, ווייזט אויס, ניט געווען צום האַרצן, ווייל ער האָט מיט אַ פּאַרטראַכטער, עטוואָס סקעפּטישער מינע אויפן פּנים אַ פרעג געטאָן, וואָס פאַר אַ באַזונדערע אויפגאַבע עמוס שטעלט זיך פאַר אין תל־אביב, אויב ניט אַרויסצוהעלפן דעם פאָטער ביי עפּעס אַ באַשעפ־טיקונג, ביי אַ קלייטל, למשל?... סיידן ער טראַכט צו נעמען זיך ערנסט שטודירן, דערהויפּט העברעאישע לימודים, וואָס דאָס וואָלט געווען אַ גוטער געדאַנק, — איז אָבער דערויף ירושלים אַ מער פּאַסיקער פּלאַץ ווי תל־אביב, אין ירושלים איז דאָ אַ העברעאישע אוניווערסיטעט... דאָס האָט שוין עמוסן פּשוט באַליידיקט — ד״ר מנוחין האַלט אים, אַפּנים, נאָך אַלץ פאַר אַ לערן־יינגל!... ער האָט זיך אָנגעכמורעט און מיט אַ געפאַלענעם קול געענטפערט, אַז ער טראַכט איצט ניט פון אַוועקזעצן זיך ווידער אויף דער שול־באַנק. ער האָט שוין גענוג ביכער געלייענט און איז פון זיי ניט זאַט געוואָרן. ער וויל בעסער לערנען דירעקט פונעם לעבן. אויך העברעאיש וועט ער אַזוי לערנען. און דערהויפּט וויל ער זיך דאָ צובינדן מיטן גאַנצן האַרצן צום יידישן לאַנד, מקריב זיין זיך מיט לייב און זעל פאַרן אויפקום פון זיין פאָלק — צו דעם האָט ער זיך דאָך אַהער געצויגן פון דעם פּוסטן פרעמדן לעבן אין שיקאַגאָ!...

מנוחין האָט אים אויסגעהערט אויפמערקזאַם און ווי מיט שטילן באַדויער.

— מיינט איר, עמוס, אַז אין תל־אביב וועט איר דאָס בעסער קאָנען דורכפירן, ווי דאָ אינעם עמק? — האָט ער ווייך געפרעגט. — אין וואָס באַשטייט דען דער אמתער קוואַל פון באַגייסטערונג, וואָס איר מאָלט זיך דאָרט אויס?

עמוס האָט אָפּגעשוויגן. אין וואָס עס באַשטייט פאַר אים דער קוואַל פון באַגייסטערונג אין תל־אביב — האָט ער געוווּסט, נאָר דערציילן דאָס פאַר מנוחינען האָט ער ניט געקאָנט. ער האָט זיך אַפילו געשעמט פאַר זיך אַליין מודה צו זיין, אַז ער, אַזאַ דערוואַקסענער אַכצן־יאָריקער יונגער־מאַן, וועט דאָרט געפינען באַגייסטערונג אין דעם ליבן בלאָנדן געשטאַלט

פון דער קליינער פערצן־יאָריקער שולמית, נאָך וועלכער ער בענקט דאָ אַזוי שטאַרק, אַזש דאָס האַרץ ווערט אים אָפּט פאַרחלשט...

זיי זענען אַראָפּגעקומען מיט דער שטויביקער סטעזשקע אין דער נידער, צום עקאַליפּטוס־וועלדל, וואָס האָט זיך שוין געטונקלט מיט אַלע זיינע הויכעביימער אין דער פאַרנאַכטיקער לופט, נאָר אין דער זעלבער צייט איז עס אויך געשטאַנען דורכגעלויכטן מיט יעדן בוים באַזונדער אונטערן צאַרטן אָפּשיין פון די רויטלעך־באַפאַרבטע וואָלקנדלעך אויפן הימל. אַ לייכטער בלוילעך־גרויער דאַמף האָט זיך געצויגן פון דאַנען, געשפּרייט זיך אַרויף, צו די שוואַרץ־צעאַקערטע פעלדער אַרום און אַרום.

— אָט דאָ שפּיל איך די ראָל פון דעם אַלטן עמוס, — האָט עמוס זיך אָנגערופן אין לייכטן, איראָנישן טאָן, מעשה דערוואַקסענער. — איך פּאַשע דאָ די קי פון יעזר, ווי אַן אמתער יידישער „קאָובאָי״, אָן אַ פערד...

מנוחינען איז עמוסעס לייכטער טאָן ניט געפעלן געוואָרן. ער האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט ווי פאַרשנדיק.

— איר שפּילט דאָ נאָר די ראָל פון אַן עמוס, ניט מער? — האָט ער געזאָגט. — און איך האָב געמיינט, אַז אָט די פעלדער, ווידער צעאַקערטע און פאַרזייטע פון יידישע הענט נאָך אַן איבעררייס פון טויזנטער יאָרן, דאַרפן ביי אייך אַרויסרופן גאָר אַן אַנדער געפיל, ניט קיין לייכטזיניק שפּיל, מיט וואָס עס צייכענען זיך אויס אונדזערע קינדער אין אַמעריקע...

עמוס איז שטאַרק רויט געוואָרן פון מנוחינס פאָרוואורף, וועלכן ער האָט ניט פאַרדינט.

— איך וועל אייך זאָגן, דאָקטאָר מנוחין, — האָט ער אַרויסגערעדט ברוגזלעך, אַן אָנגעכמורעטער. — דעם ערשטן טאָג האָב איך דאָ געפילט כמעט דאָס אייגענע, פון וואָס איר רעדט. אויב איר וועט פון מיר ניט לאַכן, וועל איך אייך עפּעס דערציילן. איך בין דאָ געווען אַליין אין פעלד, האָט זיך מיר געוואָלט עפּעס אויסשרייען פונעם האַרצן — אָט דאָס געפיל, וואָס איר מיינט... האָב איך אויסגעשריען אַ פּסוק פון דער ביבל — אפשר ניט דעם ריכטיקן פּסוק, ווייל איך בין אין די זאַכן, ווי מע זאָגט עס אין יידיש, נאָך אַ גרויסער עם־הארץ... נאָר דערנאָך האָב איך געטראַכט, אַז דאָס איז געווען ריטאָריק...

— פאַרוואָס ריטאָריק? — האָט מנוחין געפרעגט מיט אַ ווייכן שמייכל, אָנקוקנדיק אים ווידער מיט ליבלעכע אויגן.

— ווייל איך האָב מיך אַרומגעזען, אַז דער העכסטער אידעאַל, וואָס

מיין פעטער דער חלוץ האָט דאָ דערגרייכט, איז אַ גרויסע פאַרמערשע קו, וועלכע גיט אים אַ פולן עמער מיט מילך...

— ניין, עמוס חביבי, — האָט מנוחין געזאָגט, אַרויפלייגנדיק אים די האַנט אויפן אַקסל און באַטאָנענדיק אין זיין ענגלישן געשפּרעך דעם „חביבי״ מיט באַזונדערער ליבשאַפט, — איר פאַרשטייט שלעכט די דאָזיקע מענטשן! איר ווייסט ניט דעם וועג, אויף וועלכן זיי זענען געקומען דערצו... די קו איז דאָ ביי זיי ניט אַ געוויינלעכער קליינער פאַרמערשער אידעאַל, נאָר אַ סימבאָל פון אַ באַנייטן געזונטן פאָלקס־לעבן, פון באַנייטער נוצ־לעכער פּרוכטבאַרקייט אויף דער אַלטער ערד. די קו — ווי זאָל איך עס אייך דערקלערן ?... זי העלפט זיי מאַכן דאָס אַלטע פאַרוויסטע פאָטערלאַנד ווידער פאַר אַ לאַנד, וואָס פליסט מיט מילך און האָניק... זיי האָבן דאָ ניט לאַנג, איידער איר זענט געקומען פון פעלד, גערעדט פאַר מיר אין שפּאַס וועגן דער זעלבער קו, פאַר וועלכער זיי האָבן אויסגעזוכט מיט פיינעם הומאָר דעם בעסטן נאָמען פון דער ביבל, אַז זי איז די בויערין פונעם לאַנד, — נאָר אונטער דעם שפּאַס האָב איך געהערט אַ גרויסן ערנסטן אמת. ווי איך פאַרשטיי, איז אייער פעטער אַ שטילער אויסגע־האַלטענער העלד, וועמען מיר אַלע דאַרפן מקנא זיין. ער האָט זיך מקריב געווען מיט זיין פּערזענלעכן לעבן, כדי צו שאַפן פון זיך דעם מוסטער פון יידישן צוריקקער צו דער ערד, צו דער פאַרגעסענער נאַטור, צו ער־לעכער פּויערשער פּראַצע. און די וואָס וועלן קומען נאָך אים, וועלן שוין פאָרזעצן די זאַך אויפן נאַטירלעכן וועג, אָן באַזונדערע כוונות...

עמוס האָט זיך פאַרטראַכט. ער איז געווען גערירט פון מנוחינס קלאָרע, ליכטיקע רייד, דורך וועלכע זיין פעטער, דער גוטער, האַרציקער ברודער פון זיין מוטער, איז אַרויסגעקומען ווידער געהויבן.

— איר זענט גערעכט, דאָקטאָר! — האָט ער זיך אָנגערופן מיט אַן אויפגעשיינטן פּנים. — איך האָב דאָס פריער גאָרניט פאַרשטאַנען!

— איך ווייס נאָך אַליין ניט, צי איך בין דאָ גערעכט, — האָט מנוחין באַמערקט. — איך בין ערשט היינט אַרויסגעפאָרן אָנקוקן דעם עמק און האָב נאָך כמעט גאָרנישט געזען. נאָר איך וואָלט ניט וועלן, עמוס, איר זאָלט אַזוי גיך בייטן אייערע חלומות. איר האָט דאָך ערשט ניט לאַנג געחלומט אָנצושליסן זיך אָן די קבוצות... איר ווייסט וואָס ? — האָט ער אים פּלוצים פאָרגעלייגט. — מיר פאָרן דאָ אום מיט דאָקטאָר באַרנבוימען

באַטראַכטן די קבוצות. אויב איר ווילט, פאָרט אויך מיט אונדז. אפשר וועט אייך אָננעמען אַ חשק דאָרט צו פאַרבלייבן?

עמוס איז געשטאַנען אין גרויסער פאַרלעגנהייט. דער פאָרשלאָג אַליין, דורכצופאָרן זיך איבער די קבוצות אין דער געזעלשאַפט פון דאָקטאָר מנוחינען, איז געווען אַ ווונדערלעכער. נאָר דאָס האָט געהייסן אַזוי גוט ווי אויפצוגעבן די האָפענונג צו זיין אין תל־אביב, צו זען שולמיתן. אַקעגן דעם האָט ער אָבער אויך ניט געוואָלט אַנטוישן מנוחינען, אַראָפּ־פאַלן ביי אים אין די אויגן, ווי איינער, וואָס בייט אַלע טאָג זיינע חלומות.

— גוט, — האָט ער אַרויסגערעדט שטיל, ווי קווייַנקלענדיק, — איך וועל אַזוי טאָן.

מנוחין האָט מיט באַרנבוימען איבערגענעכטיקט אין יעזר, אין דער קליינער דאָרפישער אַכסניה, וואָס האָט דורכן ווינטער־סעזאָן זעלטן אַנ־געזען אַ גאַסט. דעם אָוונט האָט ער פאַרבראַכט ביי בערל שמשין אין שטוב, ווו מע האָט געטרונקען טיי פון אַ קליינעם צעבויגענעם רוסישן סאַמאָ־וואַר און מענטשן זענען אַריינגעקומען אָנקוקן דעם חשובן דאָקטאָר פון אַמעריקע. די דאָרפסלייט, עלטערע און ייִנגערע, מיט אויסגעהאָרעוועטע פאַרגרעבטע הענט און מיט אָפּגעברענטע איידעלע פּנימער און פאַר־טראַכטע שטערנס, האָבן לכבוד דעם גאַסט גערעדט פון אַמעריקאַנער יידן, פון דער העברעאישער ליטעראַטור און פון דער לעצטער פאָרשטעלונג, וואָס די תל־אביבער טרופּע האָט דאָ געגעבן אינעם בית־עם. באַרנבוים, וואָס האָט זיך געלאַנגווייליקט פון אַזעלכע פּוסטע רייד, האָט אינמיטן אַ פּאַטש געטאָן אויפן טיש, זיך צעשאָקלט און פאַרצויגן אַ חסידישן ניגון. מנוחין האָט זיך פאַרקליבן מיט די דובראָווס אין אַ ווינקל און געמאַכט מיט זיי אַ שמועס וועגן עמוסן. מיסעס דובראָוו האָט זיך שטאַרק פאַר־רויטלט, געקוקט אויף מנוחינען מיט דאַנקבאַרע גלעטנדיקע אויגן און געזאָגט, אַז זי פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אויפן דאָקטאָר — זי ווייסט, אַז ער איז עמוסלס בעסטער פריינד. פיניע דובראָוו האָט אָבער ניט אַזוי געהאַלטן. ער האָט זיך לכתחילה געפּרוווט שפּאַרן: וואָס וועט עמוס, אַן אַמעריקאַנער באַי, דאָ טאָן אין אַזאַ העק, צווישן לויטער העברעאיסטן? ער וועט דאָך דאָ פאַרווילדעוועט ווערן, אויסוואַקסן אַ ישיבה־בחור!... נאָר ער האָט פאָרט געהאַט דרך־ארץ פאַר ד״ר מנוחינען, וועלכער האָט אים אויסגעהערט מיט אַ טשיקאַווען שמייכל, האָט ער לסוף נאָכגעגעבן, אַז

עמוס קאָן מאַכן אַ פראַבע עטלעכע וואָכן אין אַ קבוצה — ער וועט פון דאָרט שוין אַליין אַנטלויפן...

אויף מאָרגן פרי האָט עמוס צום ערשטן מאָל אויף זיין לעבן זיך אָפּגעזעגנט מיט זיינע עלטערן און מיט די קלענערע קינדער און זיך גע־לאָזט פאָרן אין דער פרעמד. די מאַמע האָט זיך מיט אים הייס צעקושט און אָבגעווישט אַ טרער. דער טאַטע האָט אים געפּאַטשט חבריש אין פּלייצע און געזאָגט: „זיי אַ ספּאָרט, עמוס!" און דאָס יינגערע ברודערל עמי, וואָס האָט יענעם פרימאָרגן דערגרייכט אין ארץ־ישראל די העכסטע מדרגה פון גליק: ער האָט דערטאַפּט אַ קעמל, אויף וועלכן אַראַבער האָבן גע־בראַכט מיסט אין דאָרף, און איז אויף אים אַרומגעפאָרן רייטנדיק מיט נאָך צוויי יעזר'ער יינגלעך, — איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם קעמל, זיך שיר ניט געבראָכן רוק־און־לענד און געשריען צום אָפּפאָרנדיקן ברודער פריי־לעך, שוין אין העברעאיש: „להתראות! להתראות!"... עמוס אַליין איז געזעסן אין פראָנט פונעם אויטאָמאָביל, לעבן שאָפער, אַ שטיל־אויפגע־רודערטער, דאָ געשמייכלט, דאָ געכמורעט דאָס פּנים, ווי אַ מענטש וואָס טרעט אַריין אין אַ ניי ערנסט לעבן.

דעם מאַרשרוט האָט אויסגעשטעלט באַרנבוים. זיי זענען דעם גאַנצן טאָג, ביז פאַרנאַכט, אַרומגעפאָרן איבער יענע קליינע שטילע קבוצות, פון וועלכע מע רעדט ווייניק און מע ווייסט ווייניק אויף דער וועלט — די „פּיסקליאַטעס", ווי באַרנבוים האָט זיי צערטלעך אָנגערופן. דאָס איז געווען אַ וווּנדערלעכע באַרוישנדיקע נסיעה אין דער לענג און אין דער ברייט פון דעם נייעם יידישן דאָרפלאַנד, איבער צעוואָרפענע איינזאַמע יונגע נעסטן, וואָס האָבן זיך ווי איבערגעוווּנקען איינס מיטן אַנדערן דורך ווייטע פעלדער מיט איין טיפער, אינהאַלטספולער כוונה, געררייצט דאָס האַרץ מיטן שטילן צויבער פון אָנהייב, מיט די ווייכע צאַרטע שטראַלן פון באַגינען, מיטן נאַאיוון חן פון ערלעכער גלייביקער יוגנט, מיט דעם פרישן אָטעם פון אויפגייענדיקע גרינע שפּראָצן. נאָך יעדער דורכגע־פאָרענער שטרעקע פון צען־פופצן מייל האָט אַרויסגעשפּראָצט אינמיטן פעלד, צי צופוסנס ביי אַ באַרג, אַ קליינער לעבעדיקער יישוב — אַ הויף מיט שטיבלעך, מיט שטאַלן, מיט שייערן, מיט ווייט־באַאַרבעטע פעלדער פון אַלע זייטן. עס האָבן זיך באַוויזן יונגע טשיקאַווע אָפּגעברענטע פּנימער פון פאַרהאָרעוועטע יידישע בחורים אין סוועטערס, אין אָפּגעריבענע לע־דערנע רעקלעך, פאַרעסקטע יונגע פרויען, אין קורצע הויזן און מיט

פאַרקאַטשערטע אַרבל, האָבן אַרויסגעקוקט מיט פרום־ערנסטע אויגן פון קליינשטעטלדיקע יידישע באַלעבאָסטעס. מע האָט אויפגענומען די אומ־גערינכטע ווינטער־געסט מיט אויפגעלעבטער נייגעריקייט פון פאַרוואָר־פענע דאָרפסלייט צו זייערע וויטע שטאָטישע קרובים, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה פון וויזן זיי דאָס געשאַפענע ביסל אָרעמקייט. מע האָט געפירט די געסט אין שטאַל אַריין צו די קי, צום שטייג מיט די עופות, צום אינקובאַטאָר, אַריינגעבראַכט אויך אין קינדער־הויז, וואָס איז אויך אַ טייל — דער וויכטיקסטער טייל — פון דער נאַציאָנאַלער פּראָ־דוקציע. אין דעם דאָזיקן פירן און באַווייזן אַט דאָס אַלץ האָט געשטעקט אַ מין שעמעוודיקע גדלות פון נאַציאָנאַלע אָנפאַנגער: „איר, שטאָטישע קינדער פון אונדזער פאָלק, ווערט מסתמא ניט נתפעל פון אַזעלכע זאַכן — איר גייט אַרויס אין מאַרק און קויפט הינער מיט אייער פאַר געלט; אָבער ווי אַזוי אונדזער פאָלק זאָל שאַפן הינער מיט אייער — דאָס וויסן מיר!"... מנוחין האָט זיך דערביי געפילט ווי שולדיק קעגן די דאָזיקע יונגע גליי־ביקע אויסטרעטער פון אַ נייעם וועג פאַרן פאָלק, צו וועמען ער, דער שטאָטישער לייכטער מענטש, איז געקומען ווי אַ מין רעוויזאָר, צו באַ־טראַכטן מיט אַ קריטישן בליק זייערע ערשטע שווערע טריט. נאָר אין דער זעלבער צייט האָבן אים די יונגע ערלעכע פּנימער גערירט מיט זייער קרובישן צוטרוי, מיט זייער נאַאיוון פאַרלאַנג באַטראַכט צו ווערן און באַוווּנדערט צו ווערן פון אים. זיי האָבן אים דערמיט ווי צוגעצויגן פאַר אַ נאָענטן שותף צו זייער שווערער, איינזאַמער אַרבעט.

באַרנבוים האָט זיך דעם גאַנצן טאָג געפונען אין אַ צושטאַנד פון געהויבענער פריילעכקייט. ער האָט זיך געקענט כמעט מיט אַלע יונגעלייט פון די קבוצות, גערופן זיי ביי די נעמען, אינטערעסירט זיך מיט זייערע נייע אויפטואונגען, געוווּרטלט זיך מיט די יונגע ווייבלעך, זיי אַרומגע־נומען ווי אַן אייגענער מענטש און געפרעגט, ווען וועט מען אים שוין רופן צו אַ ברית?... אויפן וועג האָט ער געזונגען חלוצישע לידער, געמונ־טערט דעם שווייגנדיקן עמוס, מיט וועמען ער איז גלייך געוואָרן צערטלעך־פאַמיליער, געלערנט אים העברעאישע ווערטער, און נאָך יעדן באַזוך אין אַ קבוצה, אַריינזעצנדיק זיך אין אויטאָמאָביל, האָט ער אים אַלץ געפרעגט די זעלבע פראַגע:

— נו, עמוס טייערער, ס'איז אָל־ראַיט?

— ס'איז אָלראַיט! — האָט עמוס געענטפערט מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל.

— ניין, אַלראַיט איז וויניק! — האָט באַרנבוים פּראָטעסטירט. — אַזאַ יונגערמאַן ווי דו, פון וועמען דאָקטאָר מנוחין לעקט די פינגער, האָט באַדאַרפט אַרויס פון די כלים, שרייען אין די גאַסן. דו פאַרשטייסט דען, באַיעלע, וואָס דאָ טוט זיך? ניין, דו פאַרשטייסט ניט!...

קאַפּיטל פופציק

## אין דער מעטראָפּאָליע פונעם עמק

אַרום פאַרנאַכט, מיט זונאונטערגאַנג, זענען די דריי אַרומפאָרער צו־געקומען צום גרויסן קיבוץ רמת גדעון, וועלכן באַרנבוים האָט באַצייכנט ווי „די מאַמע פון די קליינע פּיסקליאַטעס" — די מעטראָפּאָליע פונעם קבוצות־לאַנד, און האָט פאָרגעלייגט דאָ צו נעכטיקן. זיי זענען אַרויפגע־פאָרן באַרג־אַרויף אויף אַן אָפענעם רחבותדיקן הויף, וואָס האָט זיך אויסגעלייגט אין דער הייך און אין דער נידער מיט אַ היפשער צאָל גרויע און ווייס־געקאַלכטע געביידעס, געגאָסענע פון בעטאָן, מיט לאַנגע שורות קליינע וווינונגען, געמויערטע און הילצערנע, וואָס האָבן פאַרמירט איינ־זייטיקע געסלעך, מיט אַלערליי שטאַלן, שפּייכלערס און געווערק־הייזער, צעוואָרפענע אין פאַרשיידענע ווינקלען — אַ גאַנצער איינגעפונדעוועטער דאָרפישער יישוב, וואָס האָט נאָך געטראָגן אויף זיך פרישע צייכנס פון נייקייט. דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט אין צענטער פון אַ גרופּע גרעסערע געביידעס, ביי אַ פּירקאַנטיקן ווייסן מויער, וואָס האָט מיט זיינע מאָדערנע, קובישע אַרכיטעקטור־ליניעס אויסגעקוקט פּרעטענציעז־טעאַטראַליש, נאָר מיט דער ברייטער מאַסיווער געזעצטקייט אויך געשאַפן דעם איינדרוק פון אַ פעסטונג. דאָ איז באַרנבוים אַרויסגעשפּרונגען פונעם אויטאָמאָביל און איז ערגעץ נעלם געוואָרן.

עמוס איז געבליבן שטיין מיט מנוחינען ביים אויטאָמאָביל, אַרומ־געקוקט זיך נייגעריק אויף אַלע זייטן, ווי מיט אַ באַזונדערער כוונה. פון רמת־גדעון האָט ער געהערט נאָך אין אַמעריקע, געוווסט, אַז דאָס איז די גרעסטע און אינטערעסאַנטסטע אַרבעטער־קאָמונע אין עמק, געהאַט אַ פאָרשטעלונג פון דעם, ווי פון אַ נייעם געוואַגטן אויפּטו אויף אַלטע ביבלישע יסודות, ווו די יידישע גאולה ווערט געבויט אויף די הויכע

נביאישע באַגריפן פון ריינער, געלייטערטער סאָציאַלער מענטשלעכקייט. דערצו האָט אים מנוחין דערקלערט אויפן וועג, אַז ער שטעלט זיך פאָר די קבוצות אין עמק בכלל, און רמת־גדעון בפרט, ווי אַ מין צוריקקער צו דער פילאָזאָפיע און לעבנסשטייגער פון די אַלטע קאָמוניסטישע איסיים אין די לעצטע טעג פון דעם בית־שני, ווי זיי ווערן באַשריבן פון יאָזעפוסן. באַרנבוים, וואָס איז ניט געווען איבעריק באַקאַנט מיט דער פילאָזאָפיע פון די איסיים, האָט אויך צוגעגעבן, אַז די בחורים אין רמת־גדעון זענען ווילדע יונגען און גאַר־גאַר געהויבענע יידן! איצט האָט עמוס, שטייענדיק ביים אַריינגאַנג פונעם גרויסן ווייסן חלוצים־הויז, ווי פאַר די טויערן פון עפּעס אַן אַרטיקן בית־המקדש, געגאַפט אויףביידע אויגן, זיך צוגעהערט צום לעבעדיקן פאַרנאַכטיקן גערויש אין אַלע ווינקלען, ווי ער וואָלט דאָ געזוכט אויפצונעמען פאַרבאָרגענע אָפּקלאַנגען פון די אַלטע ווונדערלעכע צייטן.

קיין באַזונדערע סימנים פון אַלטע צייטן איז דאָ ניט געווען צו מערקן, נאָר פון דעסטוועגן האָט רמת־גדעון זיך באַוויזן עמוסן פונעם ערשטן בליק ווי אַן אומגעוויינלעכער ווינקל, פול מיט רייצנדיקן אינהאַלט, מיט רופנדיקע קלאַנגען און געשטאַלטן, מיט צוזאָג אויף אַ ווונדערלעכן ניט־געפּרוווטן לעבן. פון די פעלדער אין דער נידער האָבן געשטיגן באַרג־אַרויף, איבערן ברייטן צעפאָרענעם שליאַך, יונגע מענטשן, מאַנסביל און פרויען, וואָס זענען צוריקגעקומען פון דער אַרבעט — ווער צופוס, ווער רייטנדיק אויף אַ פערד, און ווער ס'איז אַריינגעפאָרן אין הויף אַריין מיט קאָמפּאַניע אויף אַ לאַנגן קלאַפּנדיקן וואָגן. די באַוועגונגען ביי די דאַזיקע מענטשן זענען געווען פאַמעלעכע, מידע, ווי אָנגעלאָדענע מיטן וואָגיקן אינהאַלט פון דעם אויסגעשעפּטן אַרבעטס־טאָג, נאָר די פּנימער האָבן אויסגעזען אין דער קילער טונקעלער לופט, אונטער דעם פאַרבלייבענעם רויטלעכן נאָכשיין פון דער פאַרגאַנגענער זון, אויסטערליש באַלויכטן, פריש און קרעפטיק, ווי ביי מענטשן, וואָס האָבן דורכגעפירט אין די ווייטע פעלדער אַ גרויסע בשותפותדיקע שליחות. און אָט האָט מען דורכגעטריבן דורכן הויף אַ טשערעדע ראַסעדיקע, געוויקסיקע קי מיט עטלעכע חנעוודיקע געפלעקטע קעלבלעך, יונגע בחורימלעך האָבן געטראָגן פולע עמערס וואַסער צו די אויסגעשפּאַנטע מויל־אייזלען, אַ גרופּע קינדער האָט זיך אויסגעשטעלט פון דער ווייטן, אַקעגן דעם אָנגעפאָרענעם פרעמדן אויטאָמאָביל, און מיט טשיקאַוון דרך־ארץ באַטראַכט די געסט, און דאָרט

שטייען שוין די צוריקגעקומענע פונעם פעלד ביי די טירן פון זייערע שטיבלעך און וואַשן זיך אַיין, מאַכן זיך ריין פאַרן אָוונטיקן אָפּרו, און אייניקע פון זיי, שוין אַיינגעוואַשענע, געריייניקטע, שפּאַצירן אום הין און צוריק אין דער טונקעלער לופט מיט זייערע קליינע קינדערלעך אויף די הענט, פאַמעלעך, פאַטערלעך־בנעימותדיק, ווי שיינענדיק־פאַרטראַכט...

„פּיוריטאַנער!" — פליט דורך ביי עמוסן אין געדאַנק די פאַרשטעלונג וועגן די פאַרצייטיקע געהויבענע אַמעריקאַנער קאָלאָניסטן, וואָס האָבן באַשיינט דעם גרונט פונעם מעכטיקן פרייען לאַנד, פון וואַנען ער קומט, און זיין האַרץ ווערט אים איבערגעפילט מיט נייער שטילער באַגייסטערונג. דערצו שלאָגט דאָ דורך די אָפענע טירן פון דעם ווייסן חלוצים־טעמפּל, ווו פאַרטראַגענע יונגע פרויען לויפן־דורך הין־און־הער, אַ וואַרעמער גע־שמאַקער ריח פון גוט־אַיינגעקאָכטע קאַרטאָפל מיט אַרבעס — דער ליבס־טער ריח, וואָס איז עמוסן פאַרבליבן אין זכרון פון דער באָבע שימשעלע־וויטשעס קיך אין באָראָ־פּאַרק. ער האָט אַראָפּגעשלונגען דאָס שפּייעכץ און געכאַפּט אַ קוק אויף מנוחינען: אויך מנוחין איז געשטאַנען שטיל־פאַרגאַפט, מיט אַ פאַרחידושטן שמייכל אויפן שיינעם פאַרטראַכטן אַריס־טאָקראַטישן פנים.

נאָר אָט האָט איינע פון די פאַרביילויפנדיקע פרויען זיך אומגעקוקט אויף מנוחינען, זיך אָפּגעשטעלט ווי איבערראַשט און פריילעך אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט:

— דאָקטאָר, איר זענט דאָ? איך האָב געוואַרט אויף אַייך די גאַנצע וואָך, געוווסט, אַז איר וועט ענדלעך אויך קומען צו אונדז!...

דאָס איז געווען מיס זאַקהיים — די זעלבע מיס זאַקהיים וואָס אויף דער שיף, נאָר אַנדערש געשליירט: אַנשטאָט דעם רויטן צעשפּילעטן מאַנטל האָט זי געטראָגן אַ ווייס זיידן קאָפּטל מיט שוואַרצע קורצע פּראָסטע חלוצה־הויזן, אונטער וועלכע עס האָבן נאָך פריש געבלאַנקט אירע שניי־ווייסע, פיין־געפורעמטע, געכאָוועטע פיס. אויך דער רייך־געקרויזטער קאָפּ איז געווען אַיינגעפּאַסט אין אַ ווייסן הייבל, וואָס האָט איר צוגעגעבן דעם אָנבליק פון אַ רחמנות־שוועסטער אויפן מלחמה־פראָנט, און אינגאַנצן האָט זי איצט אויסגעזען עפּעס קלענער, קינדישער, פּיקאַנטער. נאָר די שמייכלענדיקע קאַרשן־אויגן האָבן זיך גזשמורעט ליכטיק און גוטמוטיק, ווי פריער.

מנוחין האָט זי אָנגעקוקט אויך איבערראַשט.

— שוין אַן אמתע חלוצה? — האָט ער זיך געוואונדערט.

— אַן אמתע, אַ ריינע, הונדערט פּראָצענט! און שטעלט אַייך פאָר, דאָקטאָר, — אויף שטענדיק, פאָר גוד!...

— אַזוי גאָר? — האָט מנוחין געשמייכלט. — ניט ביז וואַנען די חלוצים־פּאָעמע וועט זיין אָנגעשריבן?

מיס זאַקהיים האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרזשמורעטע אויגן און זיך פריילעך צעלאַכט.

— אָ, איר זענט נאָך אַלץ זייער סאַרקאַסטיש!... ניין, איך טראַכט שוין מער ניט פון שרייבן פּאָעמעס. דאָס לעבן אַליין איז דאָ אַ וואונדערלעכע פּאָעמע. וואונדערלעכע מענטשן, יונגע, מוטיקע, באַגייסטערטע פאַר אַ הויכן אידעאַל — צו פאַרוואַנדלען אַ פאָלק פון באַנקירן, פון וואָל־סטריט־בראָקערס, אין אָרעמע ערלעכע פאַרמערס, וואָס שאַפן פאַר דער מענטשהייט דאָס נייטיקסטע — ברויט!... און זיי פרעדיקן דאָס ניט פאַר אַנדערע, זיי האָבן אָנגעהויבן פון זיך אַליין!... אָ, זיי זענען בראַווע לייט! זיי האָבן מיך דאָ אויפגענומען ווי אַ שוועסטער, גאָרניט געקוקט, וואָס איך שטאַם פון אַן אַנדער קלאַס, אַ טאָכטער פון באַנקירן און אינדוסטריאַליסטן. ס׳איז זיי אינגאַנצן פרעמד אונדזער מידה פון סנאָביזם... און גלייבט מיר, דאָקטאָר, ס׳איז מיר דאָ אינטערעסאַנטער, ווי ביי מיין פאָטער אין הויז. די טעג גייען אַוועק אין פריילעכן טומל, אין אַרבעט... און די העברעאישע שפּראַך שטערט מיר דאָ אויך ניט. איך האָב דאָ געפונען אַן אייגענעם מענטשן, אַ פיינעם אַמעריקאַנער באָי, סיימאָן בעלאָצערקאָווסקי, אָדער צו מאַכן עס קירצער — סיימאָן בעל, איז ער מיין איבערזעצער. און איך לערן די שפּראַך אויך פונעם לעבן. תפוחי־אדמה, בצלים, חצילים, עוד מעט מלח, ציפורה יקרה, בבקשה!... (קאַרטאָפל, ציבעלעס, ברינדזשינעס, נאָך אַ ביסל זאַלץ, טייערע ציפורה, ביטע!).

— וואָס הייסט דאָס? — האָט מנוחין געפרעגט ווי טשיקאַווע.

— אָ, איר ווייסט גאָרניט? — האָט מיס זאַקהיים זיך געחידושט און ניט אויפגעהערט צו שיטן מיט רייד. — איר זענט דאָך, דאַכט זיך, אַ קענער פון די אַלטע העברעאישע שריפטן... דאָס זענען ווערטער פון מיין נייער פּראָפעסיע — איך אַרבעט דאָ אין קיך, גרייט־צו עסן פאַר די ליבע בחורים... ס׳איז אַ זעלטן געפיל צו זיין אַ שפּייזערין פון אַזאַ בראַווער קאָמפּאַניע... דערווייל איז מיין ספּעציאַליטעט שיילן קאַרטאָפל... אַ שאָד, וואָס איך האָב ניט געבראַכט פון ניו־יאָרק עטלעכע טוץ גומענע הענטש־

קעס — די מיידלעך זענען דאָ זייער ניט פּאַרזיכטיק מיט זייערע הענט...
און ווייסט איר, דאָקטאָר, וואָס נאָך איך באַדויער? וואָס איך האָב אַייך
געפּאָלגט און ניט געוווּנען אין מאָנטע־קאַרלאָ אַ האַלבן מיליאָן פראַנק.
עס פעלן דאָ אַזוי פיל נייטיקע זאַכן!... איך האָב שוין געשריבן מיין
פאָטער דערפון. זאָל ער כאָטש איין מאָל אין לעבן בייטראָגן פון זיין
געלט צו אַזאַ גרויסן אידעאַל!... איך האָב אים אויך געבעטן, ער זאָל
מיר געבן צו וויסן, צי האָב איך אַ העברעאישן נאָמען...

— אויף וואָס טויג אַייך אַ העברעאישער נאָמען? — האָט מנוחין
געפרעגט אַלץ אין שפּאַסיקן טאָן, הגם אין האַרצן האָט ער באַוווּנדערט
די נאַאיווע גוטהאַרציקע לייכטקייט, מיט וועלכער די דאָזיקע צעדרייטע
געבאַלעוועטע באַנקירן־טאָכטער נעמט־אויף דאָס שווערע לעבן.

— אָ, איר זענט דאָך גאָר אַן אומוויסנדיקער מענטש, דאָקטאָר!... —
האָט מיס זאַקהיים זיך אָנגערופן פריילעך. — איר קענט נאָך ניט אונדזער
אויסערגעוויינלעך לעבן דאָ. אַלע מיידלעך מוזן דאָ האָבן העברעאישע
נעמען, נאָר איך איינע טראָג דעם אומגליקלעכן גויִשן נאָמען גערטרוד,
וואָס קלינגט דאָ זייער קוריאָז... רופן זיי מיך דערווייל גאָר אָן אַ נאָמען —
„די מיס". איז דאָס ניט אין אָרדענונג, אַ מענטש מוז דאָך האָבן עפּעס
אַ נאָמען, ניט אַזוי?... און איר, דאָקטאָר, זענט דאָ, ווי איך זע, אַליין,
נאָר מיט אייער יונגן פריינד? — האָט זי צום ערשטן מאָל זיך אומגעקוקט
אויף עמוסן, וועלכער האָט זיך שוין געפילט באַליידיקט, למאַי מע באַ־
מערקט אים ניט, געשטאַנען אַן דער זייט מיט אַ פרעמדן פאַראַכטלעכן
פּנים. — און ווו איז יענע... דאָס שיינע רוסישע פריילין?

ביי מנוחינען האָט אַ ציטער געטאָן דאָס האַרץ פון דער דאָזיקער
אומגעריכטער פראַגע. די פיינלעכע בענקשאַפט נאָך יהודיתעס געשטאַלט,
וואָס איז די לעצטע צוויי טעג פון זיין נסיעה איבערן עמק ווי פאַרצויגן
געוואָרן מיט אַ נעבל, האָט מיט אַ מאָל אויפגעגליט מיט אַ שאַרפן ווייטאָג.
עס האָט אים דורכגעבליצט דער געדאַנק, אַז אָט די זעלבע מיס זאַקהיים
האָט דאָך ניט־וויסנדיק געשפּילט פאַר יהודיתן די ראָל פון אַ קאָנקורענטין
און דערמיט לייכטער געמאַכט פאַר אים דעם וועג צו די ערשטע וווּנדער־
לעכע מאָמענטן פון זיין האַלב־פאַרלאָרענעם גליק. איצט שטייט ער דאָ
מיט דער דאָזיקער „מילכיקער כלה" און פלאַפּלט רויִק בעת זיין אמתע,
האַרציק־געליבטע כלה זיצט דאָרט ביי איר ברודער אין הויז איינע אַליין,
אַ פאַרלאָזטע, אַ פאַרשעמטע...

— מיס זאַקהיים! — האָט מנוחין פלוצים אַרויסגערעדט שטיל, ניט וויסנדיק אַליין, למאַי ער טוט דאָס. — דאָס שיינע רוסישע פריילין, מיס גאָרדאָן, וועט מסתמא אינגיכן זיין מיין ווייב.

— באמת? — האָט מיס זאַקהיים אויסגערופן ווי פאַרוווּנדערט, אָנ־קוקנדיק מנוחינען מיט פאַרזשמורעטע אויגן. — איך האָב עס אַזוי זיך פאָרגעשטעלט!... נאָר פאַרוואָס זאָגט איר „מסתמא״? ס'איז נאָך ניט באַשטימט?

— ס'איז באַשטימט, פון מיין זייט איז עס באַשטימט... — האָט מנוחין געזאָגט אַלץ שטיל, מיט אַ געפאַלענעם קול, פילנדיק, אַז ער באַגייט איין נאַרישקייט נאָך דער אַנדערער און קאָן זיי צוריק ניט כאַפּן.

דערוויל איז צוגעפאַלן דער אָוונט, די לופט איז מיט אַ מאָל פינצטער געוואָרן, איינצלנע פייערלעך האָבן זיך געצונדן אין די אַרומיקע געביידעס, און מענטשן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פון אַלע זייטן צו די טירן פונעם ווייסן הויז. אין דעם אויפגעלעבטן שטייגנדיקן געטומל ביים אַריינגאַנג האָט זיך אויך באַוויזן באַרנבוים, אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע על־טערע חלוצים, וואָס זענען צוגעקומען צו די געסט מיט אַ גרייטן גאַסט־פריינדלעכן שמייכל.

— קוים געפונען די „זקני העדה״ פון רמת־גדעון! — האָט באַרנבוים געזאָגט מיט אַ שיינענדיקן פּנים. — נו, חברה, באַקענט זיך גיכער און קומט עסן וועטשערע, וואָרים איך שטאַרב פון הונגער! דאָס איז אונדזער חשובער דאָקטאָר מנוחין, און דאָס איז עמוס דובראָוו, אַ זון פון אַן אַלטן פּועל־ציון און אַ פּלימעניק פון אונדזער בערל שמשי, אַן אַמעריקאַנער בחורל אַ שווייגער. נאָר פון די שטילע ווערים, וואָס גראָבן טיף...

זיי זענען אַריינגעקומען אינווייניק אינעם ווייסן הויז, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קאָלאָסאַלן עס־זאַל, קאַרגלעך באַלויכטן, אויס־געשטעלט מיט לאַנגע טישן און בענק, אַרום וועלכע עס האָט זיך שוין געקליבן אַ היפּשער הונדערט־קעפּיקער עולם, צום מיינסטן יונגוואַרג, בחורים און מיידלעך, אַלע מיט אָנגעהאַרעוועטע פּנימער, נאָר פריילעך־אויפגעלעבטע פונעם דערגרייכטן אָוונטיקן אָפּרו, פון דער אָפּגעטאָנענער חברותאדיקער אַרבעט און פון דער ברידערלעכער וואַרעמקייט, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון איינעם צום אַנדערן. מע האָט גערעדט, געלאַכט, געלייענט צייטונגען, אָדער געזעסן מיט אַרויפגעלייגטע אויסגעמידטע הענט אויף די נאַקעטע טישן און געוואַרט אויף דער סעודה. אינעם

רחבותדיקן חלל פונעם הויז איז געשטאַנען אַ באַרוישנדדיקער הילך, אויף די טונקל־באַלויכטענע ווענט האָבן זיך גערודערט באַוועגלעכע שאָטנס. מנוחין האָט זיך צוגעזעצט אין אַ ווייטן ליידיקן ווינקל און פון דאָרט באַטראַכט דעם רוישיקן עולם. ווי אומעטום, האָט ער אויך דאָ קודם־כל געשטודירט די געזיכטער. דאָס איז געווען אַ רייך געמיש פון פאַרשיידענע יידישע געשטאַלטן, אָפּשטאַמען און שאַרף־געשניצטע כאַראַקטערן: פנימער געאיידלטע, פאַרטראַכטע, קלוג־פאַרשפּיצטע, ליכטיק־פריילעכע, בייזלעך־פאַנאַטישע, פינצטערלעך־שטרענגע, מעלאַנכאָליש־פאַרבענקטע, און אויך פנימער המוניש־גראָבלעכע, פּראָסטאַקישע, ווילעריש־קוקנדיקע, ווולגאַר־לאַכנדיקע. נאָר איבער אַלע געזיכטער האָט געשוועבט עפּעס וואָס איז געווען העכער פון זייערע פּערזענלעכע כאַראַקטער־שטריכן, עפּעס וואָס האָט זיי אַלע פאַראייניקט אונטער איין גוטן גייסט — אַ מין געלייטערטע, דיסציפּלינירטע ערלעכקייט, דיסציפּלינירט ניט דורך אויסערלעכן צוואַנג, נאָר דורך אינערלעכן ווילן, דורך אַ באַגייסטערטן געדאַנק פאַר אַ שענערן, העכערן לעבן. און דאָס האָט באַרואיקט דאָס האַרץ, געוועקט צו זיי טיפן מענטשלעכן צוטרוי.

מע האָט דערלאַנגט צו די טישן אָנגעשניטן ברויט, שיסלען געקעכץ, קאַנען טיי, און דער הונגעריקער עולם האָט זיך פלייסיק גענומען צו דער סעודה. די גרויסע שיסלען זענען איבערגערוקט געוואָרן אויף די טישן פון איינעם צום אַנדערן, מע האָט געשעפּט פון זיי מיט גרויסע לעפל אין די טעלער אַריין, און דאָס פריילעכע גערעדעריי איז געוואַקסן אַלץ העכער. פאַר די דריי געסט האָט מען געמאַכט פּלאַץ אין סאַמע צענטער, און באַרנבוים האָט אין גרויסן טומל עפּעס הייס געטענהט מיט אַ יונגן סאַרווער, פון די וואָס דערלאַנגען צו די טישן. איינער פון די „זקני העדה" איז צוגעקומען מיט אַ ליכטיקן פּנים:

— וואָס איז, חבר באַרנבוים?

— איך וויל, מע זאָל אונדז געבן אַ פּראָלעטאַרישע וועטשערע, נאָר מיט אַ בורזשואַזן אונטערשלאַג... איך בין טויט־הונגעריק!

— איך פאַרשטיי ניט דעם פּשט דערפון! — האָט דער יונגער סאַרווער געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט, גראָבער קאָפּ? — האָט דער עלטסטער געשמייכלט. — ברענג אייער, פּוטער, קעז, אויב ס'איז פאַראַן... נו, און קאַרטאָפל מיט אַרבעס האָט מען דאָך געקאָכט פאַר אַלעמען!...

מע האָט געבראַכט אייער, פּוטער און קעז, און באַרנבוים האָט זיך נאָך מער צעוואַרעמט. ער האָט זיך געשאָקלט איבערן טיש, געריבן די הענט מיט גרויס כּוונה, און כּאַפּנדיק אַ קוק פון דער זייט אין עמוסעס טעלער מיט די געקאָכטע קאַרטאָפל און אַרבעס, האָט ער אים צערטלעך אַ פרעג געטאָן אַלץ די אַלטע פראַגע:

— נו, עמוס סערדצע? ס'איז אָלראַיט?

— אָלראַיט איז ניט גענוג! — האָט אים עמוס שוין אָפּגעענטפערט הומאָריסטיש, מיט זיין לשון. — ס'איז אויסגעצייכנט!

— בלייבסטו, הייסט עס, אין רמת־גדעון בויען דאָס לאַנד?

— יאָ, איך בלייב דאָ בויען דאָס לאַנד! — האָט עמוס געזאָגט פעסט, אַ באַרוישטער פון דער וואונדערלעכער אַטמאָספער, אין וועלכער ער איז היינטיקן אָוונט אַריינגעפאַלן.

קאַפּיטל איין און פופציק

## „וטהר לבנו"

נאָכן מאָלצייט האָט זיך דער עולם ניט געאיילט אויפצושטיין פון די טישן, און די וואָס זענען אויפגעשטאַנען האָבן זיך גענומען קלייבן אַרום דעם צענטער, דאָרט ווו עס זענען געזעסן די געסט. אין דעם פריילעכן טומל פון געזעטיקטע יונגע האַרעפּאַשניקעס, וואָס איז געשטאַנען אין אַלע ווינקלען פונעם גרויסן עס־זאַל, האָט זיך געפילט אַן איינגעהאַלטענע פייערלעכע דערוואַרטונג, און אַ סך אויגן זענען געווען געווענדט מיט באַוווּנדערונג צום שיינעם אימפּאַזאַנטן קאָפּ פון ד"ר מנוחינען, וואָס האָט דאָ, אין דער טונקעלער באַלייכטונג, אַרומגערינגלט פון פאַרהאָרעוועטע דאָרפישע פּנימער, אויסגעקוקט אי יום־טובדיק־געהויבן, אי צוטרוילעך־אייגן, ווי עפּעס אַן אַנגעפאַרענער געהויבענער קרוב פון אַ ווייטער וועלט. צווישן די נייגעריקע וואַרעמע בליקן, וואָס מנוחין האָט אויף זיך אין פאַרלעגנהייט געפילט, האָבן צו אים באַזונדער ליכטיק, ווי מונטערנדיק, געבליצט די שמייכלענדיקע קאַרשן־אויגן פון מיס זאַקהיים, וועלכע איז דאָ אומגעלאָפן הין און הער, אין איר ווייסן הייבל פון אַ רחמנות־שוועסטער, אַ פריילעך־צעטראָגענע אין דער באַגלייטונג פון אַ הויך־

געוויקסיקן שוואַרץ־חנעוודיקן בחור אין אַ שוואַרצן רוסישן העמדל, צו וועמען זי האָט זיך גליקלעך־פאַרליבט געטוליעט.

— דאָס איז סיימאָן בעלאָצערקאָווסקי! — האָט זי געשריען צו מנור־חינען, פאַרשטעלנדיק פאַר אים דעם יונגנמאַן איבער די קעפ פון דעם רוישנדיקן עולם. — אַן אמתער אַמעריקאַנער חלוץ, הונדערט פּראָצענט!...

איינער פון די עלטסטע, וואָס באַרנבוים האָט זיי אָנגערופן „זקני העדה”, איז צוגעקומען צו מנוחינס טיש.

— חברה ווילן דאָ אייך עקספּלואַטירן, חבר דאָקטאָר, — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ ליכטיקן פּנים פון אַ בעל־שמחה.

— וואָס הייסט עקספּלואַטירן? — האָט מנוחין געפרעגט.

— ס'איז דאָ אַזאַ מנהג אין רמת־גדעון, — האָט אים באַרנבוים דערקלערט, — אַז עס קומט אַ חשובער גאַסט, לאָזט מען אים פון דאַנען ניט אַרויס, ביז ער זאָגט ניט פאַרן עולם עפּעס תורה...

— איך ווייס אָבער ניט, מיט וואָס בין איך דאָ אַזאַ חשובער גאַסט! — האָט מנוחין געקוועטשט מיט די פּלייצעס אין גרויס פאַרלעגנהייט.

— אויב איר ווייסט דאָס ניט, ווייסן מיר! — האָט דער עלטסטער זיך אָנגערופן מיט אַ פּראָוואָצירנדיקן שמייכל. — עס זענען דאָ צווישן אונדז אַזעלכע, וואָס געדענקען נאָך דעם טעם פון אייערע אַמאָליקע בערלינער אַרטיקלען...

— הכלל, — האָט באַרנבוים גלייך געמאַכט אַ סך־הכל, — איר זענט דאָ אַריינגעפאַלן צו ביטערע יונגען מיט אַן אייזערנעם זכרון! עס וועט אייך גאָרנישט העלפן — עפּעס זאָגן וועט איר מוזן!

— גאָט באַהיט! — האָט זיך מנוחין דערשראָקן. — וואָס פאַר אַ זאָגער בין איך דאָ? אַדרבה, איך בין געקומען הערן וואָס מע וועט דאָ מיר זאָגן!... און צו וואָס טויג אייך דאָס גאַנצע זאָגעכץ? לאָמיר בעסער זיצן סתם אַזוי און אַ ביסל שמועסן...

— אויך ניט קיין שלעכטער פּלאַן! — איז באַרנבוים גיך איינגעגאַנגען אויף אַזאַ פּשרה און האָט הויך אַ קאָמאַנדע געטאָן: — קינדערלעך, ווערט צעזעצט! פאַרשטעלט ניט די ליכטיקע וועלט! און שאַט, שטיל זאָל זיין!...

מע האָט צונויפגערוקט טעלעכע בענק, און די עלטערע פונעם עולם, די מער געהעריקע צו גייסטיקע ענינים, האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום מנוחינען אין אַן ענגער אוידיטאָריע, גרייט צו האָרכן אַ פּריש וואָרט פון דער דרויסנדיקער וועלט. זיי איז אָבער אויסגעקומען מער אַליין צו רעדן,

איידער עפּעס צו הערן, ווייל מנוחין איז דאָ נאָר געווען דער פאַרזיכטיקער אויספרעגער און פאַרשער. ער האָט געוואָלט וויסן אַ סך זאַכן פון זייער נייעם עקספּערימענטאַלן קיבוץ־לעבן, נאָר בפרט האָט אים דאָ אינטע־רעסירט די זעלישע לאַגע פון דעם איינצלנעם מענטשן: צי פילט דאָ ניט אויף זיך דער יחיד צו־שווער דעם באַצווינגענדיקן יאָך פון דעם כלל? און צי איז דאָ דער יחיד בכוח אָנצוהאַלטן זיין אינדיווידועלע פער־זענלעכקייט אונטער אַזעלכע אומשטענדן, ווו כמעט אַלע זיינע פּריוואַטע באַוועגונגען און פונקציעס ווערן רעגולירט פונעם בלינדן קאָלעקטיוון מעכאַניזם, דערצו ווערן זיי נאָך דורכגעפירט אָפן, פאַר אַלעמענס אויגן, ווי אין קאַזאַרמע? ווען לעבט דאָ דער יחיד? ווען האָט ער די מעגלעכקייט זיך צוהערן צו דער פרייד און צום צער פון זיין אייגענעם האַרצן?... די דאָזיקע פראַגע, ווי ווייך מנוחין האָט זי ניט געשטעלט, האָט געקלונגען פאַרן עולם האַרבלעך, כמעט באַליידיקנד. דערהויפּט האָבן זיך עטלעכע באַליידיקט פונעם וואָרט „קאַזאַרמע”. נאָר איינער פון די עלטערע, אַ שאַר־פער מענטש, מיט געדיכטע שוואַרצע עקשנותדיקע ברעמען און מיט בייזלעכע קנייטשן אַרום מויל, האָט דערויף פינצטער געענטפערט:

— אויב איר ווילט, הער דאָקטאָר, איז דאָס טאַקע אַ קאַזאַרמע. ווייסט איר, פאַרוואָס? דערפאַר וואָס מיר שטייען נאָך דערווייל אין מלחמה — מיט דער דרויסנדיקער באַטור, פונקט אַזוי גוט ווי מיט אונדזער אינוויי־ניקסטער יידישער באַטור. מיר באַקעמפן דאָ ניט נאָר אונדזער פאַרוויסט פאָטערלאַנד, נאָר אויך אונדזער פאַרוויסטע, אָפּגעלאָזטע יידישע פיזיק, אונדזער יידישע קערפּערלעכע שוואַכקייט, די געאיידלטע שטאָטישע הענט, דעם געוירשנטן קרעמערשן פּחד און עקל פאַר שווערער פויערשער פראַצע... ס'איז אַ שווערע מלחמה, וואָס נאָר דורך קאַזאַרמע־לעבן קאָן מען זי בייקומען, הער דאָקטאָר!

— און אַז די מלחמה וועט זיך אַמאָל ענדיקן? — האָט מנוחין גע־פרעגט, נעמענדיק פאַר גוט דעם באַהאַלטענעם שטאָך, וואָס איז געלעגן אינעם „הער דאָקטאָר”. — אַז אייערע קינדער וועלן קומען נאָך אייך?

— פאַר אונדזערע קינדער וועט דער ענין שוין זיין אַ סך לייכטער. דעמאָלט, גלייבן מיר, וועט די קאַזאַרמע פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ בית־המקדש...

— אין אַ סאָציאַליסטישן בית־המקדש, וואָס וועט זיי זיין אַזוי הייליק און טייער, ווי דער אַלטער בית־המדרש, להבדיל, איז געווען אַמאָל פאַר

אונדז, בשעת מיר זענען געווען קינדער, — האָט באַרנבוים מסביר געווען אויף זיין שטייגער.

— און פון וועלכן יעדער איינער פון אונדז איז פון דעסטוועגן געלאָפן אין דער פרייער וועלט אַריין! — האָט מנוחין באַמערקט מיט אַ סקעפּטישן שמייכל.

— ניין, דאָקטאָר, ס'איז גאָר אַ טעות אין פּשט! — האָט זיך אַריינגעמישט נאָך איינער פון די עלטערע, וואָס איז געשטאַנען אַ ביסל אָן דער זייט און זיך צוגעהערט צום שמועס מיט אַ שטילן קלוגן פּנים און מיט אַראָפּגעהאָנגענע ווייך־שמייכלענדיקע וואָנצעס אויף די דיקלעכע גוטע ליפּן. — ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט, אַז מיר לעבן דאָ אין אַ קאַזאַרמע, און אַז דער יחיד איז זיך דאָ מקריב לטובת הכלל? ס'איז אַ ליגן די גאַנצע מעשה! מיר לעבן דאָ, דאָקטאָר, אַלס יחידים, אויסגעצייכנט, הלוואי אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן!... יעדער איינער פון אונדז דאַרף טאַקע אַרבעטן שווער, נאָר ער האָט צו זיך הונדערטער גלייכע אַרויסהעלפער, וואָס אַרבעטן פּונקט אַזוי שווער ווי ער. יעדער איינער איז אַ פאָלנער באַלעבאָס אויף אַזאַ גרויסער ווירטשאַפט, פון וועלכער ער איז באַרעכטיקט צו שעפּן נחת מיט דער פולער מאָס, הגם די צרות און די זאָרג פון דער ווירטשאַפט ליגן ניט אויף זיינע פּלייצעס אַליין, נאָר אויף די פּלייצעס פון הונדערטער חברים. דאַרף מען אַ בעסער לעבן דערפון?... פאַרשטייט זיך, מיר האָבן דאָס אויסגעקליבן ניט מחמת מיר יאָגן זיך נאָך געבראָטענע טייבעלעך, — מיר זענען געקומען דערצו דורך אונדזער שטרעבנגער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. נאָר אַפילו פון אייער בירגערלעךנאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, דאָקטאָר, טוען מיר ניט קיין שלעכטע זאַך: מיר לערנען זיך דאָ, ווי אַזוי צו זיין אַ שיין פאָלק, ווי אַזוי צו פירן אַ געמיינשאַפטלעך פּראָדוקטיוו נאַציאָנאַל לעבן אין בעסטן סאָציאַלן זינען. אין תל־אביב ביי די קליינטלעך, וועט אַ פאָלק אַזוי גיך ניט געשאַפן ווערן... און וואָס הייסט ביי אייך, אייגנטלעך, די פרייד פונעם יחיד? — האָט ער זיך שוין צעוואַרעמט און געוואָרן שאַרפער. — אַז דער יחיד פאַרשליסט זיך אין זיין פּריוואַטן ווינקל און נאָגט פּריוואַט זיין פּעטן ביין, וואָס ער האָט אַרויסגעריסן פונעם כלל?... אַזאַ פרייד איז לויט אונדזער באַגריף ניט קיין פרייד, נאָר אַ שווידערלעכער טרויער!... זעט, ווי פריילעך ביי אונדז איז דאָ נאָך אונדזער קאָלעקטיווער אָרעמער סעודה! מיר באַדאַרפן גאָר קיין שענקען ניט, ווי אַנדערע פּויערים ביי

אַנדערע פעלקער — מיר זענען קאָלעקטיוו באַרוישט איינער פונעם אַנדערן... הייסט אפשר דאָס ביי אייך קאַזאַרמע־לעבן, ליבער דאָקטאָר?...

— אַהאַ, גוט אַריינגעזאָגט? — האָט באַרנבוים אָנגעקוואָלן, קוקנדיק צו מנוחינען מיט ליכטיקן נצחון. — דאָס זענען אַלץ, פאַרשטייט איר מיך, געדויכערטע ליולקעס, שאַרפע דעבאַטאַנטן, פון אונדזער אַלטער פועלי־ציוניסטישער גוואַרדיע... בקיצור, קינדערלעך, אפשר וועלן מיר גאָר עפעס זינגען? — האָט ער זיך פלוצים געווענדט צום אַרומיקן עולם מיט פרישער ענערגיע. — מיט טרוקענע דיסקוסיעס אַליין איז אומעטיק צו לעבן!...

און ניט געוואַרט אויף אַ הסכמה, האָט ער אַ פּאַטש געטאָן אין טיש, צוגעמאַכט די אויגן און פאַרדבקהט זיך צעשאָקלט:

— הייבן מיר אָן... זאָגט זשע, קינדערלעך, מיט געבעט, און מיט האַרץ, און מיט אמתע ריינע יידישע געפילן... אוי, וטהר לבנו! וטהר לבנו! און נאָך אַ מאָל — וטאָאַהייר ליבייאיינו לעבדך באמת!...

עטלעכע יונגע בחורים און מיידלעך האָבן זיך פאַרקרימט און פּראָ־טעסטירט פון זייערע ערטער: „ס׳איז אַן אַלטער פּזמון פונעם סידור! לאָמיר זינגען עפעס נייעס, אַ ביי ליד! ניט חזנות״... נאָר באַרנבוים האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין און געמאַכט צו זיי מיטן פינגער און ווייטער געזונגען זיינס. ביסלעכווייז זענען צו אים צוגעשטאַנען אויך אַנדערע, עס איז אויסגעוואַקסן ביי די טישן אַ גאַנצער כאָר, און אַרום מנוחינען מיט עמוסן האָט זיך צעפלאַקערט אַ שאַלנדיקע תפילה, וואָס האָט אָפּגע־קלונגען אין דער לופט פון דעם פול־געפּאַקטן עס־זאַל מיט טיפער בענק־שאַפט, מיט הייסן געבעט אויף אַ נייער וועלט, אויף אַ ניי געלייטערט לעבן. עמוס איז געזעסן ווי אין אַ שטאַרקער זיסער קלעם, מיט רויט־פלאַמענדיקע אויערן. אויך מנוחין האָט זיך געפילט ווי געפאַנגען, באַזיגט מיט זיין איינזאַמען פאַרשלאָסענעם לעבן, מיט זיינע איינזאַמע טראַכטונגען און ספקות, פון דער דאָזיקער גלייביקער, וואַגנדיקער, הויך־שאַלנדיקער חברה, וואָס שלאָגט ווי איין מענטש, מיט אַ שטאַרקן פאַראייניקטן שטראָם, אין דער צוקונפט אַריין, רייסט זיך צו גרויסער טעטיקייט, איבערצושמידן דעם גורל פון אַ פאָלק, אויסצוטרעטן פאַר אים נייע וועגן. „ווער בין איך און וואָס פאַר אַן אָרט פאַרנעם איך צווישן אָט די מענטשן? — האָט ער זיך געפרעגט אין גרויס געפאַלנקייט. — איך, דער „הער דאָקטאָר״, וואָס האָב ניט גענוג מוט אַפילו אַ דאָקטאָר צו זיין, וואָס

קלייבט זיך שוין צו עטלעכע־און־פערציק יאָר אויף אָפּרו, ווערן אַ פּלאַנ־טאַטאָר צווישן די תל־אביבער גבירים"... ער האָט געקוקט אין זייערע אָפענע ערלעכע פאַרהאָרעוועטע פּנימער, וואָס האָבן איצט, אין עקסטאַז פון געזאַנג, באַזונדער יונג און מונטער געלויכטן, און ער האָט זיך געפילט אומבאַרעכטיקט צו דער ברידערלעכער וואַרעמקייט, וואָס האָט פון זיי אַרויסגעשטראַלט צו אים. וואָס האָבן זיי אין אים דערזען? זיי נאַרן זיך אין אים. די גאַנצע וועלט נאַרט זיך אין אים, אַפילו יהודית!...

דערווייל האָט באַרנבוים זיך אַלץ מער צעקאָטשעט מיטן כאָר, אויס־שטעלנדיק איין נומער נאָכן אַנדערן פון זיין רייכן רעפּערטואַר. נאָר אין סאַמע מיטן התלהבות האָט זיך געלאָזט הערן ערגעץ פון אַ ווינקל, פון דער עסטראַדע, וואָס אין עק זאַל, עפּעס אַ פרעמדער געדיכטער שטאַרקער באַס, באַגלייט פון מוזיק, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין די ווייַנענדיקע, בעטנ־דיקע טענער פונעם יידישן געזאַנג, מיט באַפעלערישער בייזער קראַפט, ווי פון אַ פרעמדער, הערשנדיקער וועלט, און האָט זיי גלייך פאַרדעקט. דאָס האָט מיס זאַקהיים פון גרויס שמחה אָנגעשטעלט איר גראַמאָפאָן, וואָס זי האָט דעם עמק געבראַכט אַ מתנה פון אַמעריקע.

— פע! וואָס איז דאָס? — איז באַרנבוים געוואָרן אויפגעבראַכט און האָט זיך שטאַרק פאַרקרימט. — ווער דאַרף דאָ דאָס גויאישע געזאַנג? ס'איז אַ חילול הקודש! שטעלט דאָס אָפּ! פאַרמאַכט דאָרט דעם גוייִשן שיכור דאָס מויל!

— דאָס איז אונדזער אַמעריקאַנער מיס, — האָט אים איינער פונעם עולם דערקלערט מיט אַ שמייכל.

— איך וויל ניט וויסן פון קיין אַמעריקאַנער מיס! פאַרמאַכט דאָרט דעם שיכור דאָס מויל! — האָט באַרנבוים ניט געוואָלט הערן, זיך אָפּגעשאָקלט מיטביידע הענט, ווי פון אַן אָנשיקעניש. און פּלוצים איז אים דאָס פּנים באַלויכטן געוואָרן ווי פון אַ בייעם שיין: — איר ווייסט גאָר וואָס, חברה? לאָמיר זיי אויף צו להכעיס פאַרבייסן מיט אַ האָראַ! אַ האָרעלע, קינדער, אָבער אַ קנאַקנדיקע, ווי איך האָב ליב!...

און ניט לאַנג געטראַכט, איז ער אַריבערגעשפּרונגען דעם טיש, נאָכ־שלעפּנדיק נאָך זיך חברה יונגוואַרג. מע האָט זיך אויסגעשטעלט אינמיטן זאַל, פאַרוואָרפן הענט אויף אַקסלען, פאַרפלאָכטן זיך אין אַ שטייפער דראָטיקער ראָד און זיך געלאָזט אין טאַנץ, אונטערן פריילעכן, וועקנדיקן האָראַ־געזאַנג, וואָס האָט גיך אויפגעפלאַמט ווי אַ העליש פייער. יונגע

פנימער און אויגן האָבן זיך געצונדן אין שטייגנדיקער התלהבות, מיידלשע קעפּ האָבן זיך געוואָרפן און געפלאַטערט מיט די געשווירענע האָר, שטאַרקע בחורשע פיס האָבן זיך געדרייט אין אַ הייסן וויכער און צוגעטופּעט מיט קראַפט. און איבער אַלעמען האָט געברענט און געוועלטיקט דער עלטערער באַרנבוים, ביי וועמען דער רויט־געוואָרענער שאַרבן אונטער די קורצע, שיטערע, גרוילעכע האָר, האָט געשוויצט אין העכסטן עקסטאַז. „שטאַרקער, קינדער, שטאַרקער!" — האָט ער געשריען שוין מיט אַ הייזעריקן קול. וואָס ווייטער איז די ראָד געוואָרן ברייטער און דער טאַנץ הייסער. מיס זאַקהיים האָט אַוועקגעוואָרפן איר גראַמאָפאָן און זיך איינגעפלאָכטן, צוזאַמען מיט איר שוואַרץ־חנעוודיקן אַמעריקאַנער חלוץ, אין דעם שווינדל־דיקן קאַראַהאָד. זי האָט זיך אַזוי לאַנג געדרייט מיט איר נאַאיוו־באַגייס־טערטן פּנים און אָרנטלעך געטופּעט מיט די פיס, ביז זי האָט פאַרלאָרן דאָס ווייסע שוועסטער־הייבל און איר רייך־געקרויזטער קאָפּ האָט זיך אויפגעשטעלט אינעם וויכער ווי אַ סנאָפּ מיט זאַנגען. נאָר איין עמוס האָט ניט געטאַנצט, ניט געקוקט דערויף, וואָס באַרנבוים האָט צו אים געשריען און געווונקען. ער איז געשטאַנען אָן דער זייט מיט די הענט אין די קע־שענעס, געשמייכלט און געכמורעט זיך מיט אַ פאַררויטלטן פּנים. טיף אין האַרצן האָט ער אפשר מקנא געווען די דאָזיקע יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס פלעכטן זיך מיט לייב און זעל אין פאַראייניקטער התלהבות פאַר דער גרויסער צוקונפט. נאָר ער האָט דאָס ניט געוואָלט צולאָזן צום געדאַנק. ער האָט זיך געמונטערט דערמיט, וואָס זיין התלהבות איז גאָר פון אַן אַנדער מין, אַ באַזונדערע, אַ העכערע, וואָס קאָן זיך מיט קיינעם ניט פאַראייניקן. מנוחין, וואָס איז אויך דערביי געשטאַנען, האָט געקוקט אויף אים מיט צערטלעכער רחמנות. ער האָט טיף באַדויערט, וואָס דאָס יינגל האָט זיך אויסגעקליבן פונקט אַזאַ איינזאַמען וועג, ווי ער...

קאַפּיטל צוויי און פופציק

# דער נס

שפּעטער, אַז דער מידער עולם האָט זיך אָנגעהויבן צעגיין, האָט מען מנוחינען מיט באַרנבוימען אָפּגעפירט דורכן פינצטערן הויף צו איינער פון די קליינע וווינונגען, וווּ מע האָט פאַר זיי צוגעגרייט נאַכט־לעגער. די וווינונג איז באַשטאַנען פון אַ שמאָלן, לאַנגלעכן חדר מיט צוויי אייזערנע בעטלעך און מיט אַ נאַפּט־לעמפּל אויף דער וואַנט. עס האָבן זיך דאָ אויך געפונען צוויי שטולן מיט אַ ווינקל־טישל, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ שפּיגעלע און עס זענען געלעגן עטלעכע העברעאישע ביכער. באַרנבוים האָט באַטראַכט די סטאַנציע מיט אַ קריטישן בליק און האָט אַ זאָג געטאָן:

— ננאַ, ס׳איז ניט שלעכט!... פאַרשטייט זיך, אין וואַלדאָרף אַסטאָריאַ זענען די בעטן אַ ביסל אַנדערש, נאָר ווו האָט איר אין וואַלדאָרף אַסטאָריאַ אַזעלכע טייערע בחורים, ווי דאָ?...

ער האָט זיך דער ערשטער אויסגעטאָן און זיך געלייגט אין בעטל, וואָס האָט זיך אונטער אים הויך צעסקריפּעט.

— שלאָפן, שלאָפן! — האָט ער געזאָגט, גענעצנדיק. — מאָרגן, אם ירצה השם, פאָרן מיר אין גליל אַריין. דאָרט איז שוין אַן אַנדער עולם, אַ שטילערער...

און נאָך איידער מנוחין האָט באַוויזן זיך אויסצוטאָן, איז באַרנבוים שוין אַנשלאָפן געוואָרן, געלאָזט הערן אינעם פינצטערן שטיבל אַן ענער־גיש, געשמאַק כראָפּען אויף פאַרשידענע שטאַרקע טענער, ווי אַ לעבעדי־קער רווישיקער פינאַל צו זיין ערשט־פאַרענדיקטן קאָנצערט אין עס־זאַל.

מנוחינען האָט קיין שלאָף ניט גענומען. ער האָט זיך געוואַלגערט אויפן האַרטן גראָזיקן מאַטראַץ, אונטער דער האַריקער שטעכעדיקער קאָלדרע, און אַלץ איבערגעקליבן אין געדאַנק דאָס, וואָס ער האָט געזען און געהערט פאַרן טאָג. דער סך־הכל דערפון איז געוועזן אַ שווער־דריקנ־דיק געפיל, פונקט ווי ער וואָלט צוגעקומען צו אַ נייעם וווּנדערלעכן ווינקל, צו וועלכן ער אַליין האָט שוין קיין צוטריט ניט. באַזונדערס האָט

אים איצט פֿאַרדראָסן, למאַי ער האָט ביים טיש אַזוי אומפּאַרזיכטיק, ווי אַ פרעמדער, באַרירט די פראַגע פון דעם יחיד אין דער קבוצה. צו וואָס האָט ער באַדאַרפט געברויכן אַזאַ שאַרפן, אומגערעכטן עפּיטעט, ווי „קאַ־זאַרמע"? וואָס האָט ער דערמיט באַצוועקט — צו באַווייזן די דאָזיקע געהויבענע מענטשן, אַז ער איז נאָך געהויבענער פון זיי?... אַז ער, דער איינזאַמער, דער ראַפינירטער, באַגרייפט טיפער די מענטשלעכע נשמה פון זיי, די חברה־לייט, וואָס גייען מיט דער טשערעדע?... און וואָס נעמט ער זיך אַזוי איבער דערמיט, וואָס ער איז איינזאַם? וואָס גיט ער מיט זיין איינזאַמקייט דער וועלט? גאָרנישט מיט גאָרנישט... „אַ חשובער גאַסט"... מיט וואָס איז ער חשוב? מיט דעם, וואָס ער האָט אַמאָל, אין דער יוגנט, עפּעס אָנגעהויבן און ניט געהאַט קיין כוח צו פאַרענדיקן?... און שפּעטער אין אַמעריקע האָט ער זיך גענומען צו מעדיצין און וויל דאָס אויך אַוועקוואַרפן, פאַרלירן זיין לעצט ביסל חשובקייט אַלס „הער דאָק־טאָר"... און דאָ, אויף זיין לעצטער סטאַנציע, אין דעם באַנייטן פאָטער־לאַנד, האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט צו באַנייען זיין לעבן, חתונה צו האָבן, און האָט זיך באַלד דערשראָקן... וואָס לויפט ער דאָ אַרום איבערן עמק, וואַלגערט זיך ביינאַכט אויף אַ פרעמדן חלוצישן בעטל, בעת זיין האַרץ גייט־אויס אין פּיין און אין בענקשאַפט נאָך יהודיתן?... און וואָס וועט מאַרגן זיין — ווידער אַרומפאָרן זען פרעמדע געהויבנקייט, אום צו פילן טיפער זיין אייגענע געפאַלנקייט?... פאַרוואָס האָט ער ניט אין זיך די שטאַרקייט אומצוקערן זיך צו יהודיתן און זאָגן איר דעם אמת, אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעווייטאָגט פאַר די לעצטע טעג? וואָס וואַרט ער אויף אַ נס?... ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אַזוי ער איז דאָ פאַרנאַכט געשטאַנען מיט דער נאַאיווער מיס זאַקהיים און זיך באַרימט פאַר איר, ווי אַ נאַר, אַז יהודית וועט מסתמא זיין אין גיכן זיין ווייב, — און ער האָט גענומען הויך קרעכצן פון שאַנד: אַך, אַך!...

לאַנג האָט זיך געצויגן די שטילע פינצטערע נאַכט אינעם עמק. אַ גאַנצע אייביקייט איז דורכגעגאַנגען ביז מנוחין איז אַריינגעפאַלן אין מידער פאַרגעסנקייט. איינדרעמלענדיק אויף אַ קורצער ווילע, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער זעט ווידער אַ מאָל דעם שווערן חלום, וואָס האָט זיך אים געחלומט אויף דער שיף, — אָבער איצטיקס מאָל ניט אינגאַנצן, נאָר אָפּגעריסענע שטיקער. אָט האָט זיך באַרנבוים אויפגעכאַפּט און גייט מיט אים אַריין אינעם אַלטן בית־המדרש, צווישן אַלטע יידן אין טליתים,

ביידע זינגען „וטהר לבנו״, זינגען אין טיפער בענקשאַפט, האַרצרייסנד, מיט טרערן, נאָר ער איז אָן אַ היטל, און עס בלאָזט אים אַ קעלט אין קאָפּ... און אָט לויפן פאַרביי דעם שטיבל מחנות חלוצים אין דער פינצטער, פליען ווי שוואַרצע שאָטנס, טופען מיט טויזנטער פּיס, מאַרשירן אַריין אין דער קאַזאַרמע, ווו עס שפּילט בייז דער אַמעריקאַנער גראַמאָפאָן און מיס זאַקהיים שטייט גרייט מיט אַ פּאַק ווייסע באַנדאַזשן... און אָט איז ענדלעך צוגעפאָרן דער אויטאָמאָביל צום תל־אביבער ברעג ים, יהודית ליגט אויפן הייסן זאַמד אַ נאַקעטע, מיט איר גאַנצער בלענדנדיקער פּראַכט, ווי אַ שיינער זאַפטיקער בוים, נאָר ער איז ווייט פון איר, קאָן זי ניט גרייכן — ער ליגט דאָ צוגעשמידט צום אייזערנעם חלוציש בעטל אין עמק, ליגט אין אַ קלעם, קאָן ניט רירן מיט קיין איבר... וויפיל מאָל האָט זיך אים דאָס דאָזיקע שוין געחלומט?... ער ווייסט, אַז אָט באַלד דאַרף זיך דער חלום ענדיקן, באַלד וועט קומען זיין פינצטערער סוף — ער וועט דערזען זיין נאָמען מיט שוואַרצע אותיות אין אַ שוואַרצער טרויער־ראַם. ער דערשרעקט זיך ווי פאַר אַן אַפּגרונט, צאַפּלט־אויף, עפנט די אויגן, טויט אַ קוק אין פענצטער — אין שטילן פינצטערלעכן הויף בלייכן זיך שוין די ווייסע שטיבלעך און העגער קרייען אין דער ווייט.

אינדערפרי האָט מנוחין איבערגעלאָזט באַרנבוימען נאָך אַ שלאָפנדיקן און איז שטיל אַרויס אין דעם ליכטיקן, פריש־צעשטראַלטן הויף, ווו מענטשן האָבן זיך שוין לאַנג באַוועגט מיט זייער וואָכעדיקער אַרבעט אַרום די ווייסע יום־טובדיקע געביידעס. ער האָט געוואָלט זיין אַליין, צו־נויפנעמען די צערודערטע געדאַנקען נאָך דער שלאָפלאָזער נאַכט, אויף עפּעס באַשליסן זיך, — האָט ער זיך געלאָזט גיין מיט אַ שטויביקער סטעזשקע באַרג־אַרויף, פון וואַנען עס האָט אַראָפּגעקוקט אין דער דורכ־זיכטיקער פרימאָרגנדיקער ליכטיקייט אַ פאַרטרוקנט אַראַביש דערפל מיט געלע ליימענע שטיבלעך. נאָר דאָ האָט אים געכאַפּט מיס זאַקהיים, וועלכע האָט אים אָנגעיאָגט אין דער באַגלייטונג פון איר הויך־געוויקסיקן אַמעריקאַנער חלוץ צוזאַמען מיט עמוסן.

— שלום דאָקטאָר! — האָט זי אים פריילעך באַגריסט. — ווהין אַנטלויפט איר פון אונדז?... גוט געשלאָפן?... אַך, ווי עס שלאָפט זיך גוט דאָ אין עמק!... איר ווייסט? אייער יונגער פריינד עמוס בלייבט דאָך אויך מיט אונדז. איר קאָנט אים גראַטולירן!...

— יאָ, — האָט עמוס געזאָגט אויפגעלעבט, — איך האָב באַשלאָסן

צו פאַרשרייבן זיך דאָ אין קיבוץ, און איך וויל בעטן דאָקטאָר באַרנבוימען, ער זאָל מיר אין דעם צוהעלפן.

— באַרנבוים שלאָפט נאָך, דאַכט זיך, — האָט מנוחין געזאָגט. — און אַייך, עמוס, גראַטוליר איך ווירקלעך פונעם גאַנצן האַרצן. איך בין זייער צופרידן!...

— אָ, מיר וועלן דאָ זאָלבעדריט שאַפן אין רמת־גדעון אַ באַזונ־דערע אַמעריקאַנער קבוצה! — האָט זיך אָנגערופן האָפערדיק דער שוואַרץ־חנעוודיקער אַמעריקאַנער חלוץ, קוקנדיק מיט שוואַרצע סאַמעטענע אויגן אויף דער שיינענדיקער מיס זאַקהיים.

— קומט, דאָקטאָר, — האָט מיס זאַקהיים גענומען מנוחינען אונטערן אָרעם, — מיר וועלן אַלע פיר אַמעריקאַנער עסן פרישטיק!

— ניין, אַ דאַנק, — האָט מנוחין פינצטערלעך זיך אַרויסגעמאַכט פון איר האַנט, — איך וויל נאָך ניט עסן... מיר וועלן זיך שפּעטער זען, עמוס! — האָט ער צוגעגעבן און געמאַכט אַ באַוועגונג צו גיין.

— אָבער פרישטיק וועל איך אַייך געבן, דאָקטאָר! — האָט אים מיס זאַקהיים נאָכגעשריען פריילעך. — איך וועל מאַכן פּענקעיקס! איך האָב געבראַכט פאַר די חלוצים ענט דזשעמאַימאַס מעל!...

מנוחין האָט זיך געלאָזט אַלץ ווייטער באַרג־אַרויף, אָפּגעזוכט אַ שטיין, זיך געזעצט אַקעגן דער מילדער ווייכער זון, פריי געלאָזט דעם מידן פאַרנעבלטן קאָפּ צו די פרישע וואַרעמע ווינטלעך, וואָס האָבן אים געגלעט פון אַלע זייטן. ס׳איז דאָ געווען מאָדנע שטיל און ליכטיק אין דער נאָענטקייט פון די זוניקע, משופּעדיקע, אייביק־שווייגנדיקע בערג, וואָס האָבן געהויערט לייכט, ווי אין אַ חלום, נאָר אויפן האַרצן האָבן נאָך אַלץ געגליווערט די רעשטן פון דעם שווערן, ווירקלעכן, נאַכטיקן חלום. מנוחין האָט איצט געטראַכט, אַז עס מוז נעמען אַ סוף — ער מוז באַלד פאָרן צוריק קיין תל־אביב, און האָט געזוכט אַ תירוץ פאַר באַרנבוימען, וואָס וויל אים היינט פירן צום גליל. ער האָט אויך געטראַכט פון זיין נאָענטער באַגעגעניש מיט יהודיתן, געוואָלט פאָרשטעלן זיך, ווי אַזוי וועט זי אים אויפנעמען, מיט וואָס וועט ער אָנהייבן, און צי וועט זי אים גאָר וועלן אויסהערן?... ס׳איז געווען אַ שווערער, פאַרפּלאָנטעטער, טונ־קעלער ענין...

זיצנדיק אַזוי פאַרטראַכט, האָט ער דערהערט, ווי מע לויפט צו אים

פון דעם הויף. עפּעס אַ בחורל פון די חלוצים האָט צו אים געמאַכט פון דער ווייטן מיט די הענט, און צוקומענדיק נאָענט האָט ער געזאָגט:

— אדון דאָקטאָר, — מע רופט אײַך... אַ בחורה וויל אײַך זען...

— וועלכע בחורה? — האָט מנוחין געפרעגט אומצופרידן. — די מיס?...

— ניט די מיס... אַ טוריסטין, ווייזט אויס..

— אַ טוריסטין?...

מנוחינען האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. ער איז אויפגעשפּרונגען און האָט זיך גלייך געלאָזט לויפן נאָכן בחורל, קוים געכאַפּט דעם אָטעם פון אומגעריכטער גרויסער פרייד, אַלץ געפרעגט זיך: „שוין זשע איז דאָס זי? שוין זשע איז געשען דער נס?"...

ער האָט געטראָפן יהודיתן אינמיטן הויף, שטייענדיק ביי אַן אויטאָ־מאָביל אין איר טוריסטן־מאַנטל. זי האָט צו אים געשמייכלט פון דער ווייטן מיט אַ ליכטיקן אויפגערעגטן פנים, און אַז ער איז צוגעקומען, האָט זי שטיל, ווי קינדעריש־פאַרשולדיקט, געזאָגט:

— נו, איך האָב ניט געהאַלטן וואָרט!...

ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט, אָפּגעפירט אָן אַ זייט, געדריקט איר האַנט צו זיך, ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן, קוים אַרויסגערעדט:

— טייערע טייערע מיינע... איך וועל דיין גוטסקייט ניט פאַרגעסן... דו ביסט אַזאַ פיינע, אַזאַ שטאַרקע!...

— אַ שטאַרקע? — האָט יהודית ביטערלעך געשמייכלט. — ניין, אַ שוואַכע...

— ווי אַזוי האָסטו געטראָפן אַהער, קינדעלע?

— אָ, דו ווילסט, איך זאָל דיר אַלץ אויסזאָגן? — האָט זי אויף אים אַ בליק געטאָן איראָניש־צערטלעך מיט די פאַרנעבלטע אויגן. — דאָ אין פּאַלעסטינע איז ניט שווער אויפצווזוכן אַן אַנטלאָפענעם חתן... איך בין נעכטן געווען אין ירושלים, אין דיין האָטעל, האָט מען מיר געזאָגט, אַז דו ביסט אַרויסגעפאָרן אויף אַ לוסט־רייזע אין עמק מיט דאָקטאָר באַרנ־בוימען. בין איך דיר נאָכגעפאָרן אין עמק, גענעכטיקט אין עפולה, און היינט אינדערפרי דיך געפונען דורכן טעלעפאָן...

מנוחין האָט אויף איר געקוקט אין שטומער באַגייסטערונג. איר פנים האָט אויסגעזען אָפּגעצערט, מיט טונקעלע רייפן אַרום די עטוואָס־

פאַרטרויערטע אויגן, נאָר דאָס האָט פאַרטיפט איר חן, צוגעגעבן איר אַ נייעם רייצנדיקן אויסדרוק פון זעלישער קראַפט.

— דו ביסט אַזאַ זעלטענע, אַ שטאַרקע... איך וועל דאָס אייביק ניט פאַרגעסן!... — האָט ער ווידער אַרויסגערעדט אין טיפער צערטלעכקייט און טרערן האָבן זיך אים באַוויזן אין די אויגן.

— נו, נו... — האָט זי שטיל געזאָגט, שמייכלענדיק אויך דורך טרערן. — אָט וועלן באַלד אַלע חלוצים זיך צונויפלויפן!...

זי האָט זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן. פונעם ווייסן הויז האָט זיך באַוויזן מיס זאַקהיים, געקוקט אַ ווײַלע פאַר זיך און גלייך געלאָזט זיך מיט גיכע טריט צום אויטאָמאָביל.

— אוי וויי! — האָט יהודית זיך דערשראָקן. — ווי קומט זי אַהער?

— ווער? — האָט מנוחין זיך אויך אומגעקוקט.

— זי, דיין געוועזענע מילכיקע כלה!

— אַ, די מילכיקע כלה? — האָט מנוחין שוין געזאָגט מיט אַ שמייכל. — פאַר איר דאַרפסטו זיך מער ניט שרעקן. זי האָט שוין דאָ, דאַכט זיך, געפונען אַן אַנדער חתן, אַ פליישיקן חתן...

קאַפּיטל דריי און פופציק

## קידושין

געקומען צוריק קיין תל־אביב מיט יהודיתן, האָט זיך מנוחין דער־פילט ווי אַ נייער מענטש. זיין הימל האָט זיך אויסגעלייטערט, ווי נאָך אַ פינצטערן געוויטער, און זיך צעשטראַלט העל און ברייט, העלער און ברייטער ווי ווען עס איז, ווי אין די בעסטע טעג פון זיין יוגנט. עס זענען פאַרשוווּנדן אַלע זיינע ספקות, אַלע איבערטראַכטונגען און קווינקלעניש — ער האָט זיי פאַרטריבן פון זיך, ווי בייזע גייסטער, אויסגעראָטן פון זיין געדאַנק, ווי שעדלעכע באַצילן. ער האָט איצט געהאַט פאַר זיך אַ שאַצ־באַרן מוסטער, אַ שטאַרקע ליכטיקע וועגווייזערין — יהודיתן, זיין האַרצ־געליבטע אויסגעפּרוּווטע כלה, וועלכע איז בייגעשטאַנען דעם פיינלעכן נסיון און האָט אַרויסבאַוויזן אַזויפיל ווונדערלעכן מוט, אַזאַ פיינע זעלישע קראַפט, געקומען צו אים אין זיין איינזאַמער פאַרווירטקייט און אַזוי לייכט

און פּשוט באַפרייט אים פון דער קלעם, באַגליקט זייער פּאַראייניקט לעבן אויף תמיד. זי האָט צוליב אים געבויגן איר שטאָלץ, געגאַנגען ערלעך נאָך איר האַרצן, און דערמיט דערהויבן אי זיך, אי אים. ער איז געווען פול מיט צערטלעכער דאַנקבאַרקייט צו איר, באַוווּנדערונג פאַר דער ביי־אַנטפּלעקטער פּראַכט אין איר נשמה, און ער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז ער וועט איר פון היינט אָן און ווייטער אין אַלצדינג געטרויען. ער וועט מער ניט טראַכטן פון שלעכטס, ער וועט אַלץ וואָס איז געווען פאַרגעסן, אויסמעקן פונעם זכרון. זי איז פאַר אים אַצינד אַ געלייטערטע, אַן אַ שפּרענקעלע, אַ ביי־געבוירענע, פּונקט ווי ער אַליין פילט זיך אין איר זכות געלייטערט און ביי־געבוירן.

און נאָך עפּעס האָט איצט געהויבן און געקרעפּטיקט זיין געמיט: דאָס וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פונעם עמק. ער האָט זיך ניט אָפּגעגעבן קיין קלאָרע רעכענונג, אין וואָס דאָס דאָזיקע באַשטייט. ער האָט נאָר געפילט, אַז פאַר די עטלעכע טעג פון זיין נסיעה איבער די צעוואָרפענע נעסטן פון דעם אָפּגעזונדערטן, אין־זיך־פאַרטיפטן, פאַרהאָ־רעוועטן יידישן דאָרפלאַנד איז ביי אים אויפגעגאַנגען, צוזאַמען מיט דער יונגער גרינער זריעה אויף די דאָרטיקע שוואַרץ־צעאַקערטע פעלדער, אַ נייע וואַקסנדיקע זיכערקייט אין די פאַרבאָרגענע דויערנדיקע לעבנס־זאַפטן פון זיין אַלטן פאָלק. עס איז געווען אַ גרויסע פרייד צו טראַכטן, אַז דאָס אַלטע פאָלק האָט אין די שפּעטסטע טרויעריקע טעג פון זיין עלטער, אין טעג פון זעלבסט־פאַרניכטונג און צעפאַלנקייט, פונדאָסניי באַוויזן סימנים פון יוגנט — אַרויסגעבראַכט פון זיין שטאַם אַזעלכע שטאַרקע, גלייכע, ערלעכע קינדער, פול מיט שאַפנדיקער מאָראַלישער קראַפט, מיט יונגן באַרוישטן גלויבן אין ווידערגעבורט. ער האָט געפילט, אַז ווען ער זאָל איצט זיין יינגער, וואָלט ער געוויס געווען איינער פון זיי. ער האָט דעריבער ביי זיך פעסט באַשלאָסן, אַז וואָס פאַר אַן אויסער־לעכע פאָרם זיין לעבן אין ארץ־ישראל וועט איצט ניט אָננעמען, וועט עס אינערלעך זיין פאַרבונדן מיטן גייסט און מיט די מאָראַלישע יסודות, אויף וועלכע יענע געהויבענע גרופּעס באַנייען דאָס לעבן פונעם פאָלק. פאַר זיינע אויגן האָט אַלץ געשוועבט, אין פאַרגרעסערטער און פאַרטיפטער נאָכ־שפּיגלונג, דער אומגעוויינלעכער אָוונט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דעם גרויסן רוישיקן עס־זאַל אין רמת־גדעון: די געלייטערטע, ערלעכע, האָרעפּאַשנע פּנימער פון די בחורים אין דער טונקעלער באַלייכטונג, די

דורכגעטראַכטע, טיף־שלאָגנדיקע רייד פון די עלטערע חלוצים, דאָס יונגע שאַלנדיקע געזאַנג... און ס'איז מיט אים געשען אַ וווּנדער: ער אַליין האָט אָנגעהויבן זינגען. נאָך לאַנגע יאָרן פון איינזאַמקייט, פון טיפער עלנטער פאַרטראַכטקייט, ווען אַלע יוגנט־לידער זענען אין אים פאַרשטומט און פאַרגעסן געוואָרן, האָט איצט ביי אים אויפגעוואַכט אַ פאַרלאַנג צו זינגען, צו לאָזן הערן די פרייד פון זיין באַנייטן לעבן הויך אויף אַ קול. ער איז אויפגעשטאַנען אין די פרימאָרגנס אין זיין האָטעל־צימער, געעפנט די פענצטער צום ליכטיקן פריילעך־רוישנדיקן תל־אביבער ים, און געזונגען. ער איז געשטאַנען אין ווייסן באָד־צימער, אונטערן פרישן קאַלטן שטראָם פון דעם שפּריץ, גערייניקט און געקרעפטיקט דאָס לייב פאַר אַ ווונדער־לעכער צוקונפט און געזונגען אין גערויש פונעם לויפנדיקן וואַסער די באַנייטע תפילה פון דעם יונגען יידישן אַרבעטס־פאָלק: „וטהר לבנו לעבדך באמת״...

ער האָט זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון גליקלעכער באַרוישטקייט, פון ענערגישן אויפברויז. דער געדאַנק האָט געאַרבעט מוטיק און אַנט־שלאָסן, די באַוועגונגען זענען געוואָרן לייכט און געשיקט, ניט געוווּסט קיין אָפּשטעל און קיין שטרויכלונגען, זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין פריי־לעכן שטראָם, זיך געיאָגט צום ציל אין איין האַרמאָנישער באַגייסטערונג. ער האָט זיך געגרייט צום סאַמע גליקלעכן מאָמענט אין זיין לעבן, צו זיין חתונה מיט יהודיתן, צו וועלכער, ווי אים האָט זיך געדאַכט, ער האָט זיך געצויגן בלינד דורך יאָרן און יאָרן, זינט זיין ווייטער יוגנט. ער האָט געהאַט דורכצומאַכן פאַרשיידענע הכנות, גרעסערע און קלענערע, אָפּט באַדאַרפט אַריינגיין אין אַזעלכע קלייניקייטן, וואָס אַן אַנדערש מאָל וואָלטן זיי אים אויסגעזען נאַריש און באַליידיגנד, נאָר איצט האָט ער זיך געזאָגט, אַז ס'איז פאַר אים געקומען אַ צייט, ווען ער מעג זיך דערלויבן צו זיין אויך נאַריש, ווייל מיט קלוגאַשפּט אַליין קאָן אַ מענטש ניט גליק־לעך זיין. דערצו האָט ער די אַלע הכנות דורכגעפירט צוזאַמען מיט יהודיתן, און דאָס איז פאַר אים געווען אַ נייער קוואַל פון פרייד, געגעבן אים באַ־צייטנס צו פילן דעם רייצנדיקן טעם פון זייער פאַראייניקטן לעבן. זיי זענען ביידע געגאַנגען אָנקוקן דירות, באַשטעלן מעבל, פאָראויס באַזאָרגן אַלערליי באַקוועמלעכקייטן פאַר זייער צוקינפטיקער הויז־ווירטשאַפט. אין די אַלע זאַכן האָט זיי שטאַרק אַרויסגעהאָלפן די קליינע לאָטאַ גאָרדאָן, וועלכע האָט געלויכטן ווי אַן אמתע יונגע מחותנתטע, אַ פּראַקטישע,

אַ טיכטיקע, פול מיט פלענער און איינפאַלן, ווי אַזוי שענער און אָנגע־נעמער אויסצופלעכטן די נעסט פון דעם זעלטן־שיינעם פּאָרפאָלק, וואָס איז געווען איר שטאָלץ. אַ דירה האָט זי פאַר זיי אויסגעזוכט גאָר אַ פיינע, אין אַ שפּאָגל־נייעם הויז, וואָס האָט זיך ערשט אויסגעבויט אין אַ שטילן ווינקל, אויף איינער פון די נייע גאַסן אויסער דער שטאָט, אין שכנות פון אַן אַלטן שאָטנדיקן פּרדס, וועלכן מע האָט נאָך ניט באַוויזן אויסצוהאַקן פאַר בוי־צוועקן. „אַרום פּסח, ווען עס וועט אויספאַלן אייער האָניק־חודש, — האָט זי צו זיי אינטים געשמייכלט מיט אירע ווייסע ליכטיקע ציין, — וועלן די מאַראַנצן־ביימער זיך צעבליִען אונטער אייערע פענצטער מיט די זיסטע באַרוישנדיקע אַראָמאַטן"... מנוחין האָט אָבער ניט באַדאַרפט אַרויס־קוקן אויף פּסח — תל־אביב האָט שוין איצט פאַר אים געשטראַלט אין פריילעכן פּסחדיקן ליכט. עס זענען אָנגעשטאַנען די לעצטע וואַרעמע רעגנס, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך אין דער לופט פרישע, וועקנדיקע ריחות פון פרילינג. אַרום פאַרנאַכט פלעגן זיך נעמען קלייבן אויפן הימל קילע זילבער־גרויע וואָלקנס, אינמיטן דער שטילער נאַכט פלעגט פלוצים אַ גאָס טאָן אַ געדיכטער רעגן, וואָס איז געגאַנגען וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, און אינדערפרי האָט דער הימל ווידער געלויכטן ריין און בלוי, ווי אויסגעוואַשן, דער זאַמד האָט זיך געוואַרעמט אויף דער זון אַ פריש־קרוכלער, אַן אָנגעזאַפּטער מיט פייכטקייט, און די גרינע דורכ־גענעצטע פאַלמעס און נאָדל־ביימער האָבן געטריפט מיט זוניק־שטראַלנדיקע טראָפּנס. דאָס זענען געווען אומפאַרגעסלעכע טעג. שפּאַצירנדיק אין די פרימאָרגנס אויפן ליכטיק־צעשפּרייטן ברעג ים, איבערן שטייפן דורכ־געשווענקטן גאָלדיקן זאַמד, אַרומגענומען פון אַלע זייטן מיט שאַרפע וואַרעמע פרילינג־ווינטלעך, וואָס שווינדלען פאַר די אויגן מיט בלענדנ־דיקער זון, האָט זיך מנוחינען געדאַכט, אַז דאָס שפּאַנט ער ערגעץ צו אַ לאַנג־פאַרגעסענעם, ווידער־געפונענעם צויבערלאַנד פון דער יוגנט.

אויך די פאַמיליע גאָרדאָן, וואָס האָט אַרומגערינגלט מנוחינען מיט אָפענער וואַרעמער קרובהשאַפט, האָט פריילעך אויפגעלעבט. דער אַלטער גאָרדאָן האָט אויסגעקוקט אָפּגעשוואַכט־באַרואיקט, ווי נאָך אַן איבערגע־קומענער שווערער קרענק, דערביי האָט ער מנוחינען יעדן מאָל אויפגע־נומען מאָדנע צערטלעך, מיט אַ מין פאָטערלעכן דרך־ארץ. עס האָט אויס־געוויזן, אַז מנוחין איז אים איצט געוואָרן באַזונדער טייער ניט נאָר דער־פאַר, וואָס ער האָט מוחל געווען זיין טאָכטער איר פאַרגאַנגענהייט, נאָר

דערהויפּט דערפאַר, וואָס ער איז דורכדעם אויסגעשטאַנען שווערע, פּייני־
לעכע טעג, און איז דערמיט געוואָרן אַ שותף צו זיין אייגענעם פּאַטערלעכן
פּיין. דער יונגער דניאל גאָרדאָן ווידער האָט זיך גענומען פליסיק פאַר
אַ פּראַקטישן ענין — צוגרייטן מנוחינס נחלה אין שאננה פאַרן קומענדיקן
פרילינג צו פלאַנצן. אויף בארנבוימס און שייניגס עצה האָט מנוחין
געהאַט פאַרגעלייגט, אַז די צוגרייטונג פון זיין פּרדס זאָל איבערגעגעבן
ווערן צו אַ באַקאַנטער אַרבעטער־געזעלשאַפט. נאָר דער יונגער גאָרדאָן
האָט די עצה אָפּגעוואָרפן מיט טיפער פאַכמענישער פאַראַכטונג; ער אַליין
וועט דאָס מאַכן ניט ערגער פון די סאָציאַליסטן. איז מנוחין אָבער באַ־
שטאַנען דערויף, אַז אין זיין פּרדס זאָלן באַנוצט ווערן דורכאויס אָרגאַ־
ניזירטע יידישע אַרבעטער פון דער „הסתדרות". אויף דעם פונקט איז
דניאל גאָרדאָן איינגעגאַנגען מיט אַ פינצטערלעכן שמייכל: „גוט, איר וועט
איצט האָבן די מעגלעכקייט פערזענלעך צו באַקענען זיך מיט אונדזערע
רויטע פאָן־טרעגער!"...

נאָר איין מאַדאַם אישטוב האָט די ערשטע עטלעכע וואָכן נאָך איר
ברודערס צוריקקומען זיך געפילט צעטומלט. אַחוץ וואָס איר שוועסטערלעך
האַרץ האָט זיך ניט געקאָנט באַרואיקן פון די פאַרשיידענע רכילותן, וואָס
גייען אַרום אין שטאָט וועגן יהודיתעס פאַרגאַנגענהייט, האָט אין איר
איצט געברענט אַ באַזונדער פאַרדראָס, וואָס די גאָרדאָנס האָבן אַריינגע־
כאַפּט איר ברודער אינגאַנצן אין זייערע הענט, פונקט ווי דעם חתנס צד
האָט שוין אויף אים גאָר קיין דעה ניט!... מנוחין האָט זיך אויף דעם, ווייזט
אויס, אָנגעשטויסן און האָט זיין שוועסטער גיך איבערגעבעטן: ער האָט
צו יענער צייט באַקומען זיין געלט פון דער ניו־יאָרקער באַנק — האָט
ער קודם כל אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך מיטן שוואָגער וועגן „מקור
חיים" און אים אַרויסגעגעבן אַ טשעק אויף דער פולער סומע פון זיין
חלק אין דער קניה. דאָס אַייז איז צעשמאָלצן געוואָרן, און שוין צום
קומענדיקן שבת זענען די גאָרדאָנס געווען געלאַדן צו די אישטובס אויף
מיטאָג, ווו ס'איז אָפיציעל געשלאָסן געוואָרן מחותנעמשאַפט צווישןביידע
פאַמיליעס. דערביי האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער יונגער גאָרדאָן,
האָט ניט נאָר ניט געשטערט מנוחינען אין זיין שותפות צו „מקור חיים",
נאָר ער האַלט גאָר די זאַך פאַר אַ גרויסן אויפטו. דאָס איז געווען, לויט
זיין מיינונג, דער סאַמע געלונגענער לאַנד־קויף אין דער סביבה פון תל־
אביב פאַר די לעצטע יאָרן. אישטוב, ביי וועמען די גרויע באַקן האָבן זיך

אָנגעצונדן מיט רויטלעכע פלעקן, האָט באַשיידן געשמייכלט צו זיך אין טעלער אַריין, און מאַדאַם אישטוב האָט זיך אַזוי צעשטראַלט פון נחת, אַז זי איז גלייך אַריבער מיט יהודיתן אויף „דו״. איצט האָט זי זיך גענומען גרייטן צום ברודערס חתונה מיט אַ ריינעם געוויסן, אַריינטרעטנדיק אין איר ראָל ווי די ערשטע פולבאַרעכטיקטע מחותנתטע.

די חתונה האָט זיך אָבער אַ ביסל פאַרזאַמט איבער דעם, וואָס די דירה אין דעם בייעם הויז איז נאָך ניט געווען אינגאַנצן פאַרטיק, און אויך דאָס באַשטעלטע מעבל איז ניט געווען גרייט צום טערמין. דערווייל זענען צוגעקומען די טעג פון פורים, און תל־אביב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פריילעכן רוישיקן יום־טובדיקן יאַריד. די קלייטן האָבן זיך אויסגע־פוצט, אויסגעשטעלט אין די פענצטער פאַרביקע קאָסטיומען און מאַסקעס, די טעאַטערס און קאָנצערט־זאַלן זענען באַהאָנגען געוואָרן מיט שרייענ־דיקע לוסטיקע פלאַקאַטן און קאַריקאַטור־געמעלעכצן, נאָענט צום ברעג ים האָט מען אויסגעבויט אויף דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס אַ גרויסע הויכע עסטראַדע, באַצייכנט און באַמאָלט אין פורימדיקן סטיל, אין סאַמע צענטער שטאָט איז אויסגעוואַקסן אַ דעקאָרירטע טריאומף־אַרקע, באַ־האַנגען מיט עלקעטרישע לעמפלעך, צו אילומינירן די שמחה. עס האָט דערפון נאָך אָפגעגעבן מיט אָרעמער פראָווינציעלער אומבאַהאָלפנקייט; עס האָט אָבער אויף דעם געשוועבט דער נאַטירלעכער יונגער חן פון אָנהייב ווי פון אַ פיצל קינד, וואָס לערנט זיך גיין מיט זיינע קרומע שוואַכע פיסלעך. דערצו האָבן זיך אין דער לופט אויך געטראָגן פאַרצייטיקע קלאַנגען פון דעם אַמאָליקן עולה רגל זיין קיין ירושלים. עס זענען אָנגע־פאָרן געסט פון אַלע שטעט און קאָלאָניעס, פון די ווייטסטע מושבים און קבוצות, די גאַסן האָבן זיך גערודערט, די טראָטואַרן זענען געווען איבער־געפאַקט מיט אַ פריילעכן יום־טובדיק באַרוישטן עולם, צווישן וועלכן עס האָבן זיך אויך אויסגעמישט טשיקאַווע און פרעמד־גאַפנדיקע פנימער פון אַראַבער אין טורבאַנעס און רויטע פעסקעס. די אמתע בעלי־שמחה זענען דאָ אָבער געווען די קינדער: די האָבן אומגעשמייעט צווישן עולם מיט ערנסטע פאַרמאַסקירטע און אָנגעפאַרבטע פנימלעך, אין לאַנגע מאַטראָסן־הויזלעך, אין פאַרביקע ציצענע קאָסטיומען, געגראַגערט מיט המן־גראַגערס, געקנאַלט מיט פיסטאָלעטן, געשאָסן פון ביקסלעך. עס זענען אָנגעפאָרן אויך יידישע טוריסטן פון ווייטע לענדער, אָנגעפילט די האָטעלן, געשפאַצירט איבער די פרעמדע גאַסן מיט וואַרעמע פנימער פון נאָענטע קרובים,

פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם עפּנטלעכן יידישן יום־טוב, פון דער גרויסער טומלדיקער יידישער שמחה, פון דעם אויפגעבליטן אַלטן לאַנד, פון דער פריילעכער נייער יידישער וווּנדער־שטאָט — אַלצדינג האָט זיך פאַר זיי צונויפגעמישט אין איין צויבערלעכער זעאונג, אין אַן אומגלויבלעכן געשעענעם נס. אין שדה־לבנס האָטעל האָט געזשומעט, ווי אין אַ בינ־שטאָק. די צעוואַרעמטע, פריילעך־פאַרחידושטע געסט האָבן זיך גע־שטופּט אינעם ענגן וועסטיביול, אַרויסגעקוקט פונעם הויף צום רוישנדיקן יידישן ים, אָנגעפּילט דעם עס־זאַל, געזעסן ביים יום־טובדיקן מאָלצייט, ביי די זיסע המן־טאַשן מיט די שמעקנדיקע געפּילטע פיש מיט פרום־שיינענדיקע פנימער, ווי די צדיקים אין גן־עדן ביים לויתן, עפּעס הייס געשמועסט, געסודעט זיך, געפרעגט עצות, געמאַכט פּלענער. שדה־לבן, אַן אויפגעראַמטער, מיט אַ יום־טובדיק גלאַנציקן געגאָלטן שאַרבן, האָט פאַרטרויט מנוחינען אַ סוד אַז אין זיין האָטעל אַליין איז פאַרפאָרן פון ענגלאַנד און פון דרום־אַפריקע אַ מזומנער מיליאָן פונט, און ער וועט שוין מיט גאָטס הילף מאַכן אַזוי, אַז דער מיליאָן פונט זאָל פאַרבלייבן דאָ אין לאַנד, אַריינגעלייגט ווערן אין פרדסים און אין אינדוסטריעלע אונטער־נעמונגען.

מנוחין האָט אויפגענומען די פורימדיקע שמחה מיטן גאַנצן האַרצן. ער איז איצט געווען געניגט צו זען אין אַלץ נאָר די ליכטיקע זייט, און דאָ האָט זיך דאָס ליכט געגאָסן פון אַלע זייטן. ער איז געשטאַנען אינאָוונט מיט יהודיתן צווישן אַ געדיכטן עולם אויף דער אַלענבי־גאַס, אַקעגן דער גרויסער שול, און געהערט דאָס לייענען פון דער מגילה, וואָס איז פאַרגעקומען אינדרויסן, אַראָפּגעקלונגען ערגעץ פון דער הייך, דורכן מעגאַפאָן, פייערלעך־קלאָר און דייטלעך, מיט דעם טראַדיציאָנעלן טרויע־ריק־טרייסטנדיקן ניגון, געטראָגן זיך אין דער טונקעלער אָוונטיקער לופט, איבער טויזנטער שטיל־האָרכנדיקע קעפּ פון יונג און אַלט, ווי אַ ווונדער־געשיכטע פון אַן אַלטן ווונדערלעכן פאָלק, וועמען בייזע גייסטער האָבן געוואָלט פאַרטיליקן, אָפּווישן פון דער ערד, — און אָט שטייען מיט טויזנטער יאָרן שפּעטער די קינדער פון דעם זעלבן פאָלק, יונגע, מונטערע, גלייביק־עקזאַלטירטע, צוריקגעקומענע צו זייער אַלטן לאַנד, אונטער זייער אַלטן, וואַרעמען, נאַכטיקן הימל... אַ הייסער ציטער האָט מנוחינען דורכ־גענומען. ער האָט שטאַרק צוגעדריקט צו זיך יהודיתעס אָרעם, געוואָלט איר עפּעס זאָגן, נאָר זי האָט ווי צוגעטראָפן זיין געדאַנק און אַליין שטיל

אַרויסגעזאָגט: „וואָס פאַר אַ הערלעכער מאָמענט!"... זיי זענען דערנאָך אומגעגאַנגען דעם גאַנצן אָוונט, פון טשיקאָוועס וועגן, איבער די רוישיקע פורים־בעלער, צווישן דעם מאַסקירטן טאַנצנדיקן יונגוואַרג, געגאַנגען פון איין געפּאַקטן זאַל צום אַנדערן, זיך באַטייליקט אין דער אַלגעמיינער שמחה נאָר ווי גליקלעכע צושויער, ווי אָפּגעזונדערטע פון דער וועלט מיט זייער אייגענער אינטימער פרייד. און אַז זיי זענען אַרויסגעקומען שפּעט אין דער נאַכט אינדרויסן, האָט נאָך די יוגנט געיובלט אין די גאַסן, געמאַרשירט מיט העברעאישן געזאַנג, געדרייט זיך אויף יעדן באַלויכטענעם פּלאַץ אין הייסן האָראַ־טאַנץ. די קינדער פון דעם אייביק־גערודפטן פאַרצאָגטן פאָלק האָבן ענדלעך געפונען אַן אייגענעם ווינקל, פריי פון פרעמדע בייזע אויגן, און די פאַרשטאָפּטע קוואַלן פון פרייד האָבן זיך געעפנט, אַ שפּאַר געטאָן מיט קראַפט און געפּלייצט איבער די ברעגן.

מנוחין האָט אין דעם געזען אַ מין פּרעלודיע צו זיין חתונה, וואָס איז באַשטימט געוועזן אויף נאָך פורים. נאָר אַז ס'איז געקומען דער טאָג פון זיין חתונה, איז ער באַהערשט געוואָרן פון אַנדערע געפילן. עס איז אים באַפאַלן אַ שטילער טיפער טרויער, אַ פאַרלאַנג צו לייטערן די מחשבות, דערהייבן זיי איבער דער ערדישער, קורץ־דויערנדיקער פרייד. עס האָט זיך אין אים דערוועקט דער מוסרניק, דער אייניקל פון דעם אַלטן, שטרענגן, הויך־מאָראַלישן ייִדן, און ער האָט זיך געגרייט צו דער חופּה, ווי צו אַ געהויבענעם מיסטישן אַקט, ווו די טונקעלע מענטשלעכע פרייד איז פאַרוויקלט אין וועלט־שעפערישע כוונות. ער האָט איצט באַגריפן, למאי אין די אַלטע פרומע צייטן פלעגן חתנים פאַסטן און זיך לייטערן ערב זייער חופּה — ווי שיין און טיף די אַלטע וועלט האָט באַלויכטן דאָס רעטעניש פונעם מענטשלעכן לעבן!... ער איז אַרומגעגאַנגען פאַמעלעך ביי זיך אין האָטעל־צימער, און אינווייניק אין האַרצן האָט ביי אים אַלץ געזונגען די אַלטע שטילע פאַרבענקטע תפילה: „וטהר לבנו לעבדך באמת"...

אין דעם זעלבן זעלישן צושטאַנד איז ער אינאָוונט געשטאַנען מיט יהודיתן אונטער דער חופּה, אויפן דאַך פון דעם תל־אביבער קהילה־הויז, אונטערן אויסגעשטערנטן הימל, אַרומגערינגלט פון אַן ענגער גרופּע קרובים און אויסגעוויילטע פריינד. די שוועסטער האָט אים אָנגעבאָטן, אַז דער מסדר־קידושין ביי אים זאָל זיין איינער אַ באַקאַנטער רב פון זייער געבורט־שטאָט, דער זעלבער, וואָס האָט איר אַמאָל מסדר־קידושין געווען.

מנוחין האָט דאָ מיט אַ באַזונדער קרובישן געפיל באַגעגנט דאָס באַקאַנטע פאַרטראַכטע געזיכט פון דעם היימישן רב, וועלכער איז שוין אַלט און גרוי געוואָרן זינט יענע יאָרן. ער האָט אים אויפגענומען אין געדאַנק ווי אַ שליח פון זיין ווייטער קינדהייט, וואָס איז געקומען אים בענטשן צום נייעם לעבן. שוין ביי דער ערשטער ברכה איבערן וויין, וואָס האָט אָפּגעקלונגען אונטערן נאַכטיקן הימל, אין דער שטילקייט פונעם הויכן דאַך, מיטן אַלטן פייערלעכן, פראַקלאַמירנדיקן חופה־ניגון, האָט מנוחין וואַרעם אויפגע־ציטערט — ער האָט דערהערט אַ ווייטן זיסן קלאַנג פון זיינע יינגלשע יאָרן, וואָס האָט אים גלייך דערמאָנט אָן וואַרעמע זומערדיקע פרייטאָג־פאַרנאַכטן, בשעת ער פלעגט לויפן צום שול־הויף אויף פרעמדע חופות. די אַלטע שטים ביים רב איז נאָך געווען קלאָר און פאַטעטיש־אַנגענעם. ער האָט אויסגעזונגען דעם קורצן האַרבלעכן אַריינפיר, וואָס הייליקט דאָס פאָלק ישראל דורכן כשרן בונד פון מאַן און ווייב, אין דייטלעכע טיף־באַטאָנטע ווערטער, צוגעבנדיק זיי מיטן אַלטן געלייטערטן ניגון אַ באַזונדערע פייערלעכע באַדייטונג. מנוחין האָט מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ באַרירט יהודיתעס האַנט, וואָס האָט אים איצט אויסגעוויזן קליין און צאַרט, ווי די האַנט פון אַ קינד, אָנגעטאָן איר דאָס פינגערל, געזען איר שמייכלענדיקן דערשראָקענעם בליק, וואָס האָט פאַר אים אויפגעבליצט אויך ווי דער בליק פון אַ קינד. און אָט איז דער מסדר־קידושין דורכגע־לאָפן אין איילנדיקן רבנישן רעטשיטאַטיוו, ווי אַן אַלטבאַקאַנטן ענין, די טרוקענע געשעפטלעכע כתובה און איז צוגעקומען צו די יום־טובדיקע שבע־ברכות. מנוחין האָט זיך צוגעהערט מיט פאַרמאַכטע אויגן. ער האָט די דאָזיקע קורצע חתונה־ברכות ניט איין מאָל שוין געהערט אין דער יוגנט, נאָר ער האָט ביז אַהער ניט צוגעלייגט צו זיי קיין קאָפּ, ניט אַריינ־גענומען אין האַרצן זייער אמתן מיין, דעם זעלטענעם פאַטעטיש־פילאָזאָפישן זינען, וואָס איז איינגעפאַסט אין די געפרעסטע, אַלט־געשליפענע פסוקים.

— אשר יצר את האדם בצלמו, — האָט פייערלעך געקלונגען די צע־וואַרעמטע שטים פונעם אַלטן רב, — בצלם דמות תבניתו, והתקין לו ממנו בנין עדי עד, — ברוך אתה אדוני יוצר האדם!...

„וואָס פאַר אַ ווונדערלעכע, צוגעפּאַסטע ברכה! — האָט מנוחין גע־טראַכט, אַ פאַרחידושטער און אַ טיף־גערירטער. — וואָס פאַר גרויסע מייסטערס אונדזערע אַלטע זיידעס זענען געווען! אַזוי קורץ און אַזוי טיף פאָרמולירט דעם געטלעכן תכלית אינעם בונד פון מאַן און פרוי!"

ער האָט געעפנט די אויגן און ליכטיק אַ שמייכל געטאָן צו יהודיתן, ווי וועלנדיק איבערגעבן איר זיין באַגייסטערטן געדאַנק. זי האָט אים אָפּגעענטפערט מיטן זעלבן שמייכל. ער האָט אויך געכאַפּט אַ קוק אויף דער שוועסטער. יענע האָט אויף אים געקוקט מיט אַ פאַרעלטערטן מוטערלעכן פּנים און מיט צוקנדיקע ליפּן, און פון אירע אויגן האָבן געקאַפּעט טרערן. „וואָס ווייַנט זי, אסתרל? אויף אירע יונגע יאָרן, וואָס זענען אַוועק, צי אויף איר אומגעקומענעם ליכטיקן זון, וועמען איר איז ניט באַשערט געווען צו פירן צו דער חופּה?"... — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַ צענומענער, מיט צערטלעכן רחמנות, און זיינע אויגן זענען אויך פאַרלאָפן מיט טרערן. ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט, אַז ער האָט דערווייל פאַרהערט אַ גאַנצע ברכה, און ער האָט ווידער צוגעמאַכט די אויגן.

— שמח תשמח רעים האהובים, — האָט ער ווייטער געהערט דאָס קלינגענדיקע פּאַטעטישע קול פונעם מסדר־קידושין, — כשמחך יצירך בגן־עדן מקדם!... ברוך אתה אדוני משמח חתן וכלה!...

„וואָס פאַר פיינע, טיפזיניקע ווערטער די אַלטע לייט האָבן געהאַט פאַרן העכסטן אויסדרוק פונעם מענטשלעכן גליק!" — האָט מנוחין זיך ניט געקאָנט אָפּוווּנדערן.

נאָר די לעצטע ברכה האָט אים גאָר איבערראַשט:

— מהרה אדוני אלוהינו — האָט דער מסדר־קידושין פאַרענדיקט פייערלעך־געהויבן דעם חופּה־מאַניפעסט — ישמע בערי יהודה ובחוצות ירושלים קול ששון וקול שמחה, קול חתן וקול כלה, קול מצהלות חתנים מחופתם ונערים ממשתה נגינתם!

עס האָט אָפּגעקלונגען אין זיינע אויערן ווי אַ מונטערע, וועקנדיקע נבואה פאַר אייגענעם צוקינפטיקן לעבן, וואָס וועט פון היינט אָן און ווייטער זיך צוזאַמענגיסן אין איינס מיטן באַנייטן ליכטיקן לעבן פון זיין פאָלק אין די נייע, יונגע, שאַלנדיקע שטעט פון יהודה און אין די אַלטע גאַסן פון ירושלים